# װל. סט. רײמאָנט

# פ ױ ע ר ן

עפּאָפּײ אין פיר בענדער איבער-
זעצט מיט דער דערלױבעניש פון
מחבר: ש ל מ ה ר אָ ז ע נ ב ע ר ג

פ אַ ר ל אַ ג „אָ ר י ע נ ט"

וול. סט. ריימאנט

# פויערן

דריטער באַנד

## פרילינג

יידיש: שלמה ראָזענבערג

וואַרשע, אָגראָדאָווע 27.

הילע געצייכנט: י. טיקאָטשינסקי

געזעצט: פ. קרימער, פולאוו

געדרוקט: אין דרוקעריי „רעקאָרד“ ווארשע, דזיקע 18.

---

**Wł. St. REYMONT**

# CHŁOPI

Przeł. Sz. Rozenberg

---

**Drukarnia „Rekord“ Warszawa. Dzika N-18.**

# פ ר י ל י נ ג

## I

ס'איז געווען פרילינג־צייט. עס האָט אָנגעהויבן טאָגן.

אַ ניסן־טאָג האָט זיך פויל אויפגעהויבן פון געלעגער, פון פינסטערניש און נעפּל, פונקט ווי דער פּאַראָבעק, וואָס האָט זיך געלייגט שלאָפן אַן אָפּגעהאָרעוועטער, און נישט אויסגעשלאָפן זיך ווי עס באַדאַרף צו זיין, מוז ער זיך שוין אויפרייסן מיטן טאָג צוגלייך, כדי זיך באַלד צו נעמען צום אַקעראײַזן און אָנהייבן אַקערן.

ס'האָט אָנגעהויבן טאָגן.

אָבער ס'האָט נאָך געהערשט אַ שטאַרע שטילקייט. בלויז דער טוי האָט געדיכט געטריפט פון די ביימער, וואָס זענען ווי פאַרשלאָפן געווען אין דעם נישט דורכזיכטיקן נעפּל.

דער הימל, פונקט ווי אַ בלויע פּלאַכטע, אַדורכגענומען מיט פייכטקייט פון טוי, האָט שוין אָנגעהויבן אַ ביסל קלערער ווערן איבער דער שוואַרצער, טויבער ערד, וואָס איז אינגאַנצן אין דער פינסטערניש פאַרפאַלן געווען.

די נעפּלען האָבן מיט אַ גרויקייט די פייכטע לאָקעס און

בידעריקע פעלדער פאַרגאָסן. די הענער האָבן זיך ווי אַריף אַ געהעט צעקרייעט ערגעץ אין פאַרבאָרגענע דערפער.

די לעצטע שטערן האָבן זיך געלאָשן, פונקט ווי אויגן פון שלאָף באַפאַלענע.

אויף מזרח האָט זיך ווי אַ גליִענדע קויל, וואָס טליִעט פון אונטערן אָפּגעקילטן אַש אַפּער, צעגליט דער מאָרגן-רויט.

די נעפּלען האָבן זיך פלוצלינג אַ וואַקל געטון, זיך אָנגעבלאָזן, און שווער זיך באַוועגנדיק, פונקט ווי וואַסערן פון צעלאָזטע שנייען אין פרילינג, איבער די שוואַרצע פעלדער זיך געטראָגן, אָדער גאָר ווי קטורת-רויכן אין אַ בלוי געוועב צום הימל אויפגעגאַנגען.

דער טאָג האָט זיך שוין געשטעלט און זיך געראַנגלט מיט דער בלאַס ווערנדיקער נאַכט, וואָס האָט זיך צוגעדריקט צו דער ערד, ווי מיט אַ גראָבן, דורכגעווייקטן פעלץ.

דער הימל האָט זיך ביסלעכווייז מיט ליכטיקייט צעגאָסן און וואָס אַמאָל זיך מער איבער דער וועלט אַראָפּגעלאָזט, אַז דאָ און דאָרט האָבן זיך שוין שפּיצןביימער, אין נעפּל פאַרהילטע, אין דער העלקייט אַריין געריסן, און ערגעץ אויף די העכערע ערטער האָבן זיך גרויע פעלדער, דורכגעווייקטע מיט טוי, פון דער נאַכט אַרויסגעשיילט; סטאַוון האָבן אַ שימער געטון מיט בלענדנדיקע שפּיגלען, אָדער שטראָמען, ווי לענגלעכע, באַטויעטע געוועבן, האָבן זיך דורך די שוין שיטערע נעפּלען און דורך דער ליכטיקייט געצויגן.

דער טאָג איז געוואָרן וואָס אַמאָל אָפענער, דער מאָרגן-רויט האָט זיך צעטריפט איבער די טויטע בלויקייטן, אַז ער האָט אָנגעהויבן ברענען אויפן הימל, פונקט ווי בלוטיקע לאָנעס פון נאָך ניט דערזעענע שרפות, און ס׳איז אַזוי שטאַרק ליכטיק געוואָרן, אַז די וועלדער האָבן אַ וואַקס אַרויס געטון אַרום מיט אַ שוואַרצער רייף, און דער גרויסער וועג, אויסגעזעצט מיט שורות טאָפּאָלן, איינגעבויגענע, אָפּגעמאַטערטע, ווי פון שווערן גאַנג באַרג-אַרויף, האָט זיך וואָס אַמאָל העלער אויף דער ליכטיקייט אַרויסגערוקט; די דערפער, וואָס זענען פאַרטרונקען געווען אין דער ניני-

סטערניש און זענען נאָך האַרט צו דער ערד געווען צוגעדריקט, האָבן הויבישט-ווי אַרויסגעשטאַרט אונטער דעם מאָרגן-רויט, פונקט ווי שוואַרצע שטיינער פון אונטער צעשוימטע וואַסערן, און טייל ביימער, די נענטערע, האָבן זיך אינגאַנצן אין טוי און אין גרויען ליכט געזילבערט.

די זון איז נאָך נישט געווען. ס'האָט זיך נאָר געפילט, אַז אַ ייאַדע מינוט וועט זי זיך אַרויסשפּאַלטן פון דערדאָזיקער צעגליטער מאָרגן-רויטקייט און וועט אַ פאַל טון אויף דער וועלט אַרויף, וואָס האָט שוין די לעצטע מינוטן צוגעדרעמלט. זי האָט שווער געעפנט די בעפל-פאַרהילטע אויגן, אַ דזשעבע'ע זיך אַ ריר געטון, ביסלעכווייז אויפגעוואַכט, אָבער זיך נאָך געפוילט אין דעם זיסן אַפּרויעַנדיקן מאָרגן-שלאָף, וואָרן אַ שטילקייט איז אַראָפּגעפאַלן, וואָס האָט נאָך מער אין די אויערן געקלונגען, גלייך ווי די ערד וואָלט דעם אָטעם איינגעהאַלטן — נאָר אַ ווינט האָט, פונקט ווי אַ שטילעטשקע אָטעמען פון אַ קינד, פון די וועלדער אַ בלאָז געטון, אַז דער טוי האָט זיך אַוש פון די ביימער אָפּגעשאָקלט.

ביז פון דערדאָזיקער פאַרחלשטער דעמערונג-גרויקייט, פון די דאָזיקע נאָך פאַרשלאָפענע, טונקעלע פעלדער, פונקט ווי אין אַ צעתפילהטן און אויף אַ ווײַלע איינגעשטילטן קלויסטער, בשעת דער דאַבראַדזשעי האַלט באַם אויפהייבן די אַלערהייליקסטע האָסטיע — האָט פלוצלינג אַ לערכן-שטימע אָפּגעקלונגען...

זי האָט זיך אָפּגעריסן ערגעץ פון אַ פעלד, האָט אַ קלאַפּ געטון מיט די פליגל און אָנגעהויבן טשוויטשערן פונקט ווי דאָס ריין זילבערנע סיגנאַלן-גלעקל, פונקט ווי דער שמעקעדיקער פריילינג-קנאָספּ. זי האָט אין בלייכן הימל געשימערט, געטראָגן זיך אין דער הייך, געלאָזט זיך הערן, זיך אין דערדאָזיקער הייליקער שטילקייט פון זון-אויפגאַנג איבער דער גאַנצער וועלט צעקלונגען.

גלייכצייטיק האָבן אויך אַנדערע אָנגעהויבן אויפשטייגן, מיט די פליגעלעך קלאַפּן, אין הימל אַריין זיך רייסן און עקשנותדיק זינגען און צעטראָגן די בשורה פון פרימאָרגן יעדן פילנדיקן באַשעפעניש.

און באַלד נאָך זיי האָבן זיך אויך די טשייקעס יעמערלעך איך די נאַסע לאָנקעס צעזונגען.

די באַטשאַנעס האָבן אָנגעהויבן קלעקאָטשען אויפן הויכן קול, ערגעץ איבער די דערפער, וואָס מ'האָט נאָך פון דער גרדיקייט נישט אַרויסגעזען.

די זון איז שוין געווען אָט, אָט...

ביז אויך זי האָט זיך אַ באַוויז געטון פון הינטער די הייטע וועלדער אַפער, אַרויסגעבויגן זיך פון תהום, און גאָטס אומגעזעענע הענט האָבן זי איבער דער שלעפעריקער ערד ווי אַן אומגעהייערן גאָלדענעם און מיט פייערן צעגליטן האָסטיע-טעלער אַרויסגעטראָגן. און בענטשנדיק מיט ליכטיקייט די וועלט, לעבעדיקע און טויטע, נייגעבוירענע און פאַרשטאַרטע, האָט זי אָנגעהויבן דעם הייליקן אָפּער פון טאָג, אַז אַלץ איז ווי פלוצלינג אין שטויב געפאַלן פאַר איר מאַיעסטעטישקייט און אַנטשוויגן געוואָרן, צומאַכנדיק די פאַרשעמטע אויגן.

און אָט האָט זיך דער טאָג געשטעלט. אַן אומגעהייערע ליכטיקייט האָט זיך ווי אַ ים צעגאָסן.

די גרעפלען האָבן זיך, ווי שמעקעדיקע רויכן פון די לאָנקעס צום צעגאָלדעטן הימל צעטראָגן און די פייגל און אַלע באַשעפעניש האָבן אַ שאַל אַרויס געטון אין איין גרויסן געשריי פון געזאַנגען, פונקט ווי מיט אַ תפילה פון האַרציקער דאַנקבאַרקייט.

די זון איז כסדר געוואַקסן, האָט זיך געהויבן אַלץ העכער איבער די שוואַרצע וועלדער, איבער די צעוואָרפענע דערפער און אַ גרויסע, אַ ברענענדיקע, וואַרעמע, ווי גאָטס הייליקע אויג פון דער באַרעמדיקייט, האָט זי אין איר אַלמעכטיקער און זיסער קראַפט די הערשאַפט איבער דער וועלט זיך גענומען.

גראָד אין דער זעלבער צייט האָט זיך אויפן זאמדיקן בערגל הינטערן וואַלד פון הינטער די הויפישע סטויגן אַפער פון לובין, וואָס זענען געשטאַנען לעבן ברייטן און אויסגעפאָרענעם וועג, באַוויזן די אַלטע אַגאַטע, אַ קרובהטע, צי גאָר אַ נאָנטע פון די קלאַבים.

זי האָט זיך אומגעקערט פון בעטלען, פון יעזוסעס ברויט,

אויף וועלכן זי האָט זיך אין דער צייט פון קאַרטאָפליעס-קאָפּען אַוועקגעלאָזט, און אַצינד זיך קיין ליפּצע אומגעקערט, פּונקט ווי די פייגל, וואָס קערן זיך שטענדיק פרילינג-צייט צו זייערע נעסטן צוריק.

אַן אַלט מענטש איז דאָס געווען, אַן איינגעשרומפּענע, אַ שוואַכע, וואָס האָט קוים געאָטעמט. זי האָט אויסגעזען ווי אַ ווערבע באַם וועג אויסגעקרומט, צעקרישלט, וואָס טליעט נאָך קוים און שטאַרבט אָפּ אין די זאַמדן; זי איז געווען אָנגעטון אין שמאַטעס, מיט אַ דזשאַדישן שטעקן אין דער האַנט, מיט טלומקעס אויף די פּלייצעס, באַהאָנגען מיט בייטשן שוואַרצע קרעלן.

זי איז אַרויסגעקראָכן פון הינטער די סטויגן אַפּער אין סאַמע זון-אויפגאַנג און, דרעפּטשענדיק מיט איילעניש, דאָס גרויע און אויסגעטרוקנטע פּנים צו דער זון אויפגעהויבן, ווי אַ פּאַריאָריק אומפּרוכטבאַר ליידיק שטיק פעלד; נאָר אירע גרויע, פאַרויטלטע אויגן האָבן זיך צעגלאַנצט מיט פרייד.

ווי דען!... זי האָט נאָך אַזאַ לאַנגן און שווערן ווינטער זיך אין איר אייגענעם דאָרף אריין אומגעקערט, איז זי טאַקע געלאָפן מיט אימפּעט, אַז די טאָרבעלעך האָבן איר נאָר איבער די זייטן געטאַנצט און די בייטשן קרעלן האָבן געקלונגען. אָבער ווייל דער אָטעם האָט איר געשטיקט און אַ הוסט האָט זי אַלעמאָל אָנגעכאַפּט אין דער ווייטיקלעכער ברוסט, האָט זי זיך געמוזט אָפּשטעלן, איינהאַלטן דעם טריט און שוין גיין שווער, מיט מאַטערניש. זי האָט די הונגעריקע אויגן איבער דער וועלט געפירט און געשמייכלט צו די גרויע פעלדער, וואָס זענען אין גריגלעכע נעפּלען איינגעהילט געווען, צו די דערפער, וואָס האָבן זיך פּאַמעלעך פון די נעפּלען אַרויסגעוויזן, צו די נאָך נאַקעטע ביימער, וואָס האָבן בא די וועגן געוואַקסט, אָדער צו די איינזאַמע שומרים, וואָס וואַקסן אויף די פעלדער, צו דער גאַנצער וועלט!

די זון האָט זיך שוין געהאַט אויפגעהויבן אויף אַ פּאָר פּויערן די הייך, אַז מ'האָט שוין געקענט זען אפילו די ווייטסטע פעלדער-ראַנדן; אַלץ האָט געבלישטשעט מיט אַ ראָזן טוי, די שוואַרצע אַקער-פעלדער האָבן געגלאַנצט אויף דער זון, די וואַסערן האָבן

געשעמערירט אין די ראָוועס, לערכן-שטימען האָבן געקלונגען אין דער קילער לופט, ערגעץ-ווו אונטער די קושאַקעס האָבן נאָך די לעצטע פליטעס שניי געטליעט, געלע קערשעלעך האָבן זיך געטרייסלט אויף טייל ביימער פונקט ווי בורשטינענע פּאַטשערקעס; אויף די אָפּגעלעגענע איינזאַמע פעלדער און אונטער די אָנגעוואַרעמטע קאַלוזשעס האָבן זיך פון צווישן די זשאַווערנדיקע, פאַריאָריקע בלעטער געלבלעכע זאַנגען פון די יונגע גרעזעלעך אַדורכגעריסן, דאָ און דאָרט האָבן זיך שוין געוויזן געלע אויגן פון פעלד-בלומען, אַ ווינטל האָט אויף אָנגעהויבן לייכט אַ שאַר טון און צעטרייסלען די פייכטע, פרישע ריחות פון די פעלדער, וואָס האָבן זיך פויל געבאָדן אין דער זון, און אומעטום איז געווען אַזוי פריילינגדיק, רחבותדיק, העל, כאָטש נאָך אַ ביסעלע גרוילעך, און ס'האָט געאָטעמט מיט אַזאַ ליבלעכקייט, אַז אַגאַטעס נשמה האָט זיך שוין געריסן צו פליען, פונקט ווי דער פויגל, וואָס טראָגט זיך פאַרשיכורט פון פרייד אין דער ווייטער וועלט אַריין.

— יעזוס מיינער! ליבער יעזוסשענקו! — האָט זי קוים אַרויסגעקרעכצט, אַנידערזעצנדיק זיך אַ ביסל און ווי וועלנדיק אַריינעמען די גאַנצע וועלט אין דעם אויפגעטרייסלטן און אָן אַ שיעור פילבאַרן האַרץ אירן.

העי! דער פרילינג האָט זיך געטראָגן איבער די אומגעהייערע פעלדער, די לערכן-געזאַנגען האָבן דער וועלט אַ בשורה געטראָגן, און די הייליקע זון, און דאָס לאַשטשענדיקע ווינטל, וואָס איז זיס און וואַרעם, פונקט ווי די מוטערלעכע קושן, און דאָס נאָך פאַרבאָרגענע אָטעמען פון דער ערד, וואָס האָט מיט בענקשאַפט אויפן אַקעראייזן און אויף די קערנער געוואַרט, און דאָס זידן פון פריילעכקייט, וואָס האָט זיך פון אומעטום געטראָגן, און די וואַרעמע לופט, וואָס האָט דערפרישט און איז ווי אָנגעבלאָזן געווען מיט דעם אַלעם, וואָס עס וועט אינגיכן אין גרינס, בלומען און פולע זאַנגען פאַרוואַנדלט ווערן.

העי! דער פרילינג האָט זיך געטראָגן, פונקט ווי אַ העלע פריצה אין זוניקע קליידער אָנגעטון, מיט אַ מאָרגנשטערנדיק יונג פנימל

מ׳ט צעפּ פון בלויע וואַסערן; זי איז פון דער זון געפלאָסן, האָט איבער דער ערד זיך געטראָגן אין דידאָזיקע ניסן-פרימאָרגנס, און פון אירע פונאַנדערגעשפּרייטע הייליקע הענט האָט זי לערכער אַרויסגעלאָזט, זיי זאָלן פרייד צעשאַלן, און נאָך איר האָבן לאַנגע געשלאָסענע מחנות בושעלן מיט אַ פריילעך געשריי בעצויגן און שוורן ווילדע גענדז זענען דורכן בלאָסן הימל דורכגעשווומען; און באַטשאַנעס האָבן איבער די נאַסע לאַנקעס געשוועבט, און שוואַלבן האָבן באַ די כאַטעס געטשוויטשערט, און די גאַנצע פייגל-משפחה האָט מיט אַ געזונגענער אָנגעצויגן, און ווי נאָר דאָס זוניקע קלייד האָט זיך צו דער ערד צוגערירט, דאָרט האָבן זיך ציטערדיקע גרעזלעך אונטערגעהויבן, האָבן זיך קלעבּיקע קנאָספּן אָנגעבלאָזן, האָבן גריגע צווייגעלעך געפליסטערט און נישט דרייסטע בלעטלעך האָבן געראַשט, און ס'איז אויפגעשטאַנען אַ ניי, פאַרבנרייך, מעכטיק לעבן, און דער פרילינג האָט שוין די גאַנצע וועלט אַרומגענומען, פון מזרח ביז מערב, פּונקט ווי די אַלמעכטיקע שליחטע פון גאָט, וואָס פאַרשפּרייט גנאַד און דערבאַרמדיקייט...

העי! דער פרילינג האָט די באַ דר'ערד שטייענדיקע און אויסגעקרימטע כאַטעס אַרומגענומען, מיט דערבאַרמדיקע אויגן אונטער די שטרוי-דעכער אַרונטערגעקוקט, וועקנדיק די פאַרשטאַרטע, פאַרפינסטערטע מענטשלעכע הערצער, אַז זיי האָבן זיך שווער פון די אַלע זאָרגן און פון דער גאַנצער פינסטערניש אויפגעהויבן האָפנדיק אויף אַ בעסערן גורל, אויף אַ מער שפּעדיקן שניט און אויף דער אויסגעבענקטער שעה פון גליק...

די ערד האָט זיך צעקלונגען מיט לעבן פּונקט ווי אַן אָפּגעשטאַרבענער גלאָק, ווען מען הענגט אין אים אַ ניי האַרץ אַריין, אַ האַרץ פון זון געמאַכט, וואָס שלאָגט אויפן הויכן קול, קלינגט, רוישט מיט פרייד, וועקט די פאַרשטאַרטע און זינגט אַזעלכע זאַכן און מעשיות, אַזעלכע וווּנדער און מעכטיקייטן, אַז די הערצער האַלטן פריילעך אונטער, אַז די טרערן גיסן זיך פון די אויגן, אַז די מענטשלעכע נשמה שטייט אויף תחית המתים מיט אַן אומשטערבלעכער קראַפט, און קוועלנדיק פון גליק, נעמט ער אַרום מיט זיך די גאַנצע ערד, די גאַנצע וועלט, יעדעס אויפקוועלנדיקע גרויד-

קעלע, יעדן בוים, יעדן שטיין און יעדן וואָלקן, נו אַלץ, וואָס ער־
דערזעט און דערפילט...

אַזוי האָט אויך געפילט אַגאַטאַ, הינקענדיק פּאַמעלעך און פּרעסנדיק מיט די דורשטיקע אויגן די ליבהאַרציקע ערד, די דאָזיקע הייליקע ערד, ווי אַ פאַרשיכורטע איז זי געגאַנגען.

ערשט דאַמאָלס, ווען דאָס קליינע קלויסטער־גלעקל האָט זיך אויפן ליפּצער קלויסטער צעטשוויטשערט, פּונקט ווי דאָס פייגעלע, וואָס רופט תּפילה טון, האָט זיך די אַלטע פּלוצלינג אויפגעכאַפּט, פאַלנדיק אויף די קניען.

... אַז האָסט מיט דיין הייליקער השגחה געמאַכט, אַז כ'זאָל מיך אומקערן...

... אַז האָסט, רבונו של עולם, אַרויסגעוויזן רחמנות צו אַ יתומה...

זי האָט דען געקענט רעדן! אַז די טרערן האָבן איר ווי אַ געדיכטער רעגן דאָס האַרץ פאַרגאָסן און זענען איר איבערן אויסגעמאָגערטן פּנים געפלאָסן. זי האָט נאָר עפּעס געמורמלט און אַזש געציטערט פון אויפרעגונג. עס איז גאָר נישטאָ קיין תּפילה־ביכל וואָס זאָל פאַרמאָגן אַזאַ תּפילה, אַזעלכע ווערטער, וואָס זאָלן זיך אַזוי ווי אַ ברענענדיקער טוי איבערן האַרץ צעטריפן. זי האָט זיך מיט קראַפט אויפגעריסן און געגאַנגען, אויפמערקזאַם זיך צוקוקנדיק צו די פעלדער און זאָגנדיק אויפן קול עפּעס אַ וואָרט פון דער תּפילה, וואָס האָט זיך איר פּלוצלינג דערמאַנט..

און ווייל ס'איז שוין געווען גרויס׳ר טאָג און די נעפּלען זענען זיך שוין געהאַט אינגאַנצן צעגאַנגען, האָט זיך ליפּצע באַוויזן פאַר איר ווי אויף דער האַנט. דאָס דאָרף איז געלעגן אין טאָל, באַם גרויסן סטאַוו, וואָס האָט געבלויט ווי אַ שפּיגל פון אונטער אַ ווייסלעכער לייכטער היל אָפּער. ליפּצע איז געלעגן אַרום טייך אין אַ קרייז פון נידעריקע, ברייטע כאַלופּעס, וואָס זענען ווי פאַרטרויערטע ימעס געזעסן אין נאָך נאַקעטע סעדער. רויכן האָבן פון צייט־צו־צייט איבער די שטרויענע דעכער געצויגן, ערגעץ־ווו האָבן שויבן געגלאַנצט אויף דער זון, אָדער ס'האָבן זיך געוויסט דורך די שוואַרצלעכע סעדער די פרישׂ אָפּגעווייסטע ווענט.

מען האָט שוין געקענט יעדע כאַלופּע באַזונדער זען. אַט איז די מיל, פֿון וועלכער ס'האָט זיך וואָס אַמאָל שאַרפער אַ ריזלדיק גערויש דערטראָגן. זי איז געשטאַנען אין עק דאָרף, באַם וועג און אַמעט אַקעגן. אויפן אַנדערן עק האָט זיך דאָס קלויסטער אויפגעהויבן מיט זיינע הויכע, ווייסלעכע מויערן צווישן ריזיקע ביימער, און האָט געפינקלט מיט די פענסטער און גאָלדענעם צלם אויפן קופּאָל, און לעבן אים האָבן זיך די דאַכוווקעס פון דער פלעבאַניע געריטלט. אַרום ווידער, ווי ווייט דאָס אויג האָט נאָר געקענט גרייכן, זענען ווי אין אַ בלויען קראַנץ געשטאַנען די וועלדער, און די פעלדער, נישט מיטן אויג אַרומצונעמען, האָבן זיך צעגאָסן. ווייטע דערפער זענען געלעגן, ווי די גרויע בלעטעלעך, צו דער ערד צוגעדריקט און אין סעדער באַהאַלטן; שלענגלדיק אויסגעצויגענע וועגן, קושאַקעס, שורות אָנגעבויגענע ביימער, זאַמדיקע שטחים, מיט יאַלאָווע ביימער שיטער באַוואַקסן און אַ שמאָלער פאָדעם פון אַ טייכל, וואָס איז גלאַנצנדיק געפלאָסן און צווישן די כאַלופעס אין סטאַוו אַרייַנגעפאַלן.

נעבן אַרום דאָרף זענען אין אַ גרויס ראָד די ליפּצער שטחים ערד געלעגן, צעשניטן אין פּאַסן, פּונקט ווי די אויפגעצויגן גראָבע לייוונט, זיי זענען באַרג-אויף געלעגן אויסגעצויגן, אויף טיילן צעפּערטלט. פעלדער האָבן זיך געשלענגלט און געצויגן לעבן פעלדער. זיי זענען אָפּגעטיילט געווען פון זיך מיט געדרייטע שטעגעלעך, אויף וועלכע ס'זענען זיך געדיכט צעוואַקסן צעשפּרייטע באַרן-ביימער. ס'האָבן זיך געבערגלט יאַגאָדע-קושאַקעס מיט דערנער אַרומגעוואַקסן. אין דעם גאָלדלעכן ליכט האָבן זיך שאַרף אַרויסגעשניטן גרויע אומפאַראַקערטע פעלדער; דאָ פלאַכטעס גרינע ווינטער-תבואה, דאָרט פאַריאָריקע שוואַרצע קאַרטאָפל-פעלדער, אָדער שוין הייעריקע פאַראַקערטע שטיקער ערד, ערטערווייז האָבן זיך אין גריבער וואַסערן געגרייט און געצויגן ווי פליסנדיק גלאָז. נאָך דער מיל האָבן זיך רויטלעכע לאָנקעס פאַנאַנדערגעגאָסן, איבער וועלכע באַטשאַנעס האָבן זיך אַרומגעשלעפט און פון צייט צו צייט געקלעקאָטשעט, און די קרויט-פעלדער זענען נאָך אַלץ אַזוי אין וואַסער געלעגן, אַז נאָר די רוקנס פון די דורכגעווייקטע בייטן

האָבן באַקעט געגלאַנצט אַזוי ווי די פּיסקאָרזשעס. ווייס־בייכיקע טשייקעס האָבן איבער זיי אַרומגעקרייזט, אויף די שיידוועגן האָבן הייליקע צלם־סלופּעס און אַנדערע גאָטס־געשטאַלטן געוואַקס. און איבער דערדאָזיקער גאַנצער וועלט, אַ ביסעלע איינגעפאַלן אויף דעם אָרט, וווּ ס'דאָרף איז געלעגן, איז אַ צעגליטע, גאָלדענע זון געהאַנגען, לערכן־געזאַנגען האָבן אָפּגעקלונגען, בענגלעכע ריטשען פון בהמות האָבן זיך פון די שטעלער פון צייט צו צייט געטראָגן, גענדז האָבן ערגעץ מיט אַ גאָגאָטשען געשריגן, מענטשלעכע הויכע געשרייען האָבן זיך געטראָגן, און גלייכצייטיק האָט אַ ווינטל געאָטעמט מיט אַ מילד, וואַרעם בלאָזן, אַריינגעמענדיק אין זיך די אַלע שטימען, אַז די ערד איז טיילמאָל אין אַזאַ שטילקייט און פאַרטראַכטקייט געבליבן שטיין, ווי אין דער הייליקער מינוט פון בראשית.

אויף די פעלדער האָט מען כמעט קיינעם נישט געזען אַרבעטן. בלויז הינטערן דאָרף האָבן עטלעכע פויערטעס געגראַבלט. די האָבן מיסט צעוואָרפן, און אַ שאַרפער ריח האָט זיך געטראָגן און האָט די נאָזלעכער גערייצט.

— זיי זענען פאַרשלאָפן די ליידיקגייערס, צי וואָס. אַזאַ גאָלדענער טאָג, און אויפן פעלד זעט מען ווינציק וועמען... די ערד בעט זיך אַזש צום אַקעראייזן — האָט זי ברוגז געמורמלט.

און כדי נאָך נענטער צו זיין צו די בייטן, איז זי אַראָפּגעקראָכן פון וועג אויף דער סטעזשקע, וואָס האָט זיך געצויגן פון יענער זייט ראָוו, וווּ די רויטע אויגן־וויִעס פון מאַרגאַריטקעס האָבן זיך שוין צו דער זון געעפנט און דאָס גראָז האָט זיך געדיכטער גרינט.

אינדעראמתן איז טאַקע אַזוי פּוסט געווען אויף די פעלדער, אַז ס'האָט אַזש אַרומגעכאַפּט אַ וווּנדער! זי האָט דאָך גאַנץ גוט געדענקט, ווי עס פלעגט פאַרקומען אין אַנדערע יאָרן. אין דער צייט פלעגט זיך דאָס פעלד אַזש רייטלען פון די ספּודניצעס און די לופט ציטערן פון די לידלעך און געוואַלטן פון די שיקסעס; זי האָט אויך פאַרשטאַנען אַז באַ אַזאַ וועטער איז שוין די העכסטע

צייט דאָס מיסט אַרויסצופירן, פאַרזייען, און היינט וואָס? איין איינציקן פויער, וועלכן זי האָט ערגעץ אין דער מיט פעלדער דערזען, האָט עפעס געזייעט. ער איז געגאַנגען איינגעבויגן און זיך צוריק אומגעקערט, צעשיטנדיק אין אַ האַלבן קרייז די קערנער.

— מוז זיין, אַז ער זייעט אַרבעס, אויב אַזוי פרי... די דאָמיניקאָוועס שקצים, זעט זיך מיר אויס, וואָרן דאָרטן פאַלט אַקוראַט אויס זייער פעלד... אַז ס'זאָל ענק גאָט דער דערבאַרמדיקער באַגליקן און אייערע פעלדער זאָלן אויפגיין, טייערע גאָספּאָדאַזשעס! — האָט זי האַרציק געשעפּטשעט.

די סטעזשקע איז געווען אַ געדרייטע, פאַרנומען פון פרישע קרעטן־בערגלעך, שטייבער, און ערטערווייז בלאָטיק, אָבער זי האָט נישט געלייגט קיין אַכט דערויף, איינקוקנדיק זיך מיט ליבלעכקייט און מיט גערירטקייט אין יעדער בייט, אין יעדן שטיקל פעלד באַזונדער.

— דעם גלחס קאָרן, געדיכט, ס'האָט זיך היפּש אַ ריר געטון!. . אמת, ווען כ'האָב מיך אַוועקגעלאָזט וואַנדערן אין דער וועלט אַריין, האָט דער פּאַראָבעק דאַמאָלס טאַקע פאַראַקערט דאָס פעלד, און דער דאָבראָדזשעי זענען זיך געזעסן דאָ ערגיטש, כ'געדענק גוט...

און זי האָט ווייטער אַוועקגעהינקט, אָפּזיפצנדיק שווער, און מיט די פאַרטראַכטע אויגן אַ פיר געטון.

— טה, פלאָשקעס קאָרן... זעט אויס שפּעט פאַרזייעט אָדער ס'האָט גאָר אַ ביסל צופיל פייכטקייט געהאַט.

זי האָט זיך מיט מאַטערניש איינגעבויגן, צורירנדיק זיך מיט די ציטערדיקע אַלטע פינגער צו די פייכטע זאַנגען און געגלעט זיי מיט ליבשאַפט, פונקט ווי קינדערישע האָר.

— באָרינעס ווייץ, אַ היפּש שטיק, וואָס דען... ער איז דען נישט דער ערשטער גאָספּאָדאַזש אין ליפּצע?... אָבער ער איז עפעס צוגעגעלט, ער האָט געמוזט כאַפּן אַ פרעסטל, צי וואָס... אַ שווערן ווינטער האָבן זיי דאָ דורכגעמאַכט... — האָט זי גע-

קלערט, דערקענענדיק לויט די צוגעפּלאַטשטע אײַן איינגעפּאַלענע בייטן און לויט די מיט שלאָם באַלייגטע זאַנגען פון די ווינטער־תבואות צייכנס פון גרויסע שנייען און צעגאָסענע וואַסערן.

— זיי האָבן זיך נישט ווינציק אָנגעליטן די מענטשן, אָנגעפייניקט! — האָט זי אָפּגעזיפצט, פאַרשטעלנדיק מיט דער האַנט די אויגן, וואָרן אַקעגניבער, פון דאָרף, זענען געגאַנגען עפּעס שקצים.

— יאָ, דאָס איז מיכאַל פון אָרגאַניסטער מיט עמעצן פון דעם אָרגאַניסטערס זין. נאָך דעם פסחדיקן צעטל אויפנעמען קיין וואַליע גייען זיי, אַז מיט אַזעלכע קוישנטשיסקעס... אוודאי, אַז נישט עמעץ אַנדערש.

זי האָט גאָט געלויבט, ווען זיי זענען צוגעקומען, ווילנדיק גערן מיט זיי עפּעס אַ וואָרט אויסרעדן, אָבער די שקצים האָבן אַ בורטשע אָפּ געטון אויף דער באַגריסונג און זענען גיך פאַרבייגעגאַנגען, זייענדיק פאַררעדט צווישן זיך.

— טאַטש כ'געדענק דאָך זיי פון אַזעלכע שניעקעס אָן, און זיי האָבן מיך נישט דערקענט! — אַן אומעטיקייט האָט זי אַרומגענומען. — טה! און פונוואַנען זאָלן זיי אַזאַ דזשאַדעכע געדענקען! אָבער מיכאַל איז גאַלאַנט אויפגעוואַקסן, ער מוז אוודאי דעם דאַבראַדזשעי אויפן אָרגל צושפּילן...

זי האָט זיך פאַרטראַכט, ווידער קוקנדיק איבערן וועג, וואָרן עפּעס אַ ייִד איז פון דאָרף אַרויסגעקומען, שטופּנדיק פאַר זיך אַ שפּאַר קאַלב.

— און באַ וועמען איז דאָס געקויפט? — האָט זי אַ פרעג געטון.

— באַ דער קלענבאַווע! — האָט ער אָפּגעענטפערט, אָפּפערנדיק זיך מיטן ווייס־רויטן קאַלב, וואָס האָט זיך איינגעשפּאַרט, זיך אומגעקערט און טרויעריק אַ בעטשע געטון.

— ס'איז אוודאי פון דער גראַנוליע... נישט אַנדערש... זי האָט זיך געיאָגט נאָך פּאַר שניט... און אפשר פון דער גרויסער אַ היפּש קאַלב...

זי האָט עס נאָכגעקוקט מיט א באַלעבאַטישער ליבלעכקייט, אָבער זיי זענען שוין נישט געווען אויפן וועג: דאָס קאַלב האָט זיך אויסגעריסן פון די הענט, איז אַוועקגעשפּרונגען און אויפהייבנדיק דעם וויידל, זיך אַ לאָז געטון אין דאָרף אַריין הענדים־פענדים איבערן פעלד, און דער ייד איז עס מיט אַ צעווייעטן כאַלאַט דעם וועג פאַרלאָפן.

— גיב עס אַ קוש אין וויידל אַריין און בעט עס שיין, וועט עס זיך דיר אומקער[ן]... — האָט זי מיט צופרידנקייט געשעפטשעט, צוקוקנדיק זיך צום געיעג.

— אויך אויך קלאַנבאַס מאָרגעס זעט מען נישט קיין לעבעדיק נפש! — האָט זי דערביי באַמערקט, אָבער ס'איז שוין נישט געווען צו טראַכטן. דאָס דאָרף איז שוין געווען אַזוי באַנט, אַז זי האָט שוין דערפילט דעם ריח פון די רויכן און דער[ז]ען אין די סעדער דאָס בעטגעוואַנט, וואָס האָט זיך געלופטערט, האָט זי נאָר מיט די אויגן דאָס גאַנצע דאָרף אַרומגענומען, און אַ טיפע, דאַנקבאַרע פרייד האָט איר האַרץ ציטערן געמאַכט, וואָס יעזוס האָט איר דערלויבט צו דערלעבן דעמדאָזיקן פרילינג און קערט זי אום צו אירע אייגענע, קערט זי אום צו אירע קרובים...

זי האָט דאָך געקענט ווינטער אָפּשטאַרבן צווישן פרעמדע, זי איז זייער שווער קראַנק געווען, אָבער יעזוס האָט זי אומגעקער...

זי האָט דאָך מיט דעם נאָר דעם גאַנצן לאַנגן ווינטער איר נשמה געבערט, מיט דעם נאָר זיך געשטאַרקט יעדע שעה און מיט דעם זיך פאַר די פרעסט, פאַר דעם עלנט און טויט באַשיצט...

זי האָט זיך אַנידערגעזעצט הינטער די קושאַקעס, כּדי זיך אַ דזשעבלע צו שטאַרקן, איידער זי גייט אַריין, אָבער האָט זי דען געהאַט כּוח. די פרייד האָט זי אַזוי צענומען, אַז יעדעס ביינדל באַזונדער האָט זיך געטרייסלט אין איר און דאָס האַרץ האָט זיך אַזוי ווייטיקלעך געזאָרפּן פונקט ווי אַ פויגל, וואָס מען שטיקט אים!

— ס'זענען נאָך דאָ גוטע און דערבאַרמדיקע מענטשן, ס'זענען דאָ... — האָט זי געשעפּטשעט, באַטראַכטנדיק זאָרגזאַם די טאָרבעלעך, ווי דען: זי האָט זיך אָפּגעשפּאָרט אַזוי פיל, אַז ס'וועט איר גענוגענען אויפן באַגרעבעניש.

יאָרן־לאַנג האָט זי נאָר וועגן דעם געטראַכט און איר גאַנצע נשמה אין דעם אַריינגעלייגט, אַז ווען פאַן יעזוס וועט די צייט פון טויט אַראָפּשיקן, זאָל דאָס קענען געשען אין איר אייגענעם דאָרף, אין דער כלופּע, אויף אַ געלעגער מיט בעטגעוואַנט אויסגעבעטעט, אונטער אַ שורה הייליקע בילדער, זי עס זענען געשטאָרבן אַלע באַלעבאָסטעס. דאָס גאַנצע לעבן האָט זי געקליבן אויף דערדאָזיקער הייליקער און לעצטער מינוט.

זי האָט שוין געהאַט בײַ די קלאָנבס אויפן בוידעם שטיין אַ קאַסטן, אין וועלכן ס'איז געלעגן אַ שפּאָר איבערבעט, קישנס און ליילעכער, און נייע איינשיטן, און אַלץ איז געווען ריין, נאָך אינגאַנצן נישט גענוצט, עס זאָל נישט איינגעשמוצט ווערן, שטענדיק זיין גרייט, נאָר ס'איז אָבער נישט געווען ווו דאָסדאָזיקע בעטגעוואַנט צו צעלייגן. זי האָט דען געהאַט אַן אייגענע שטוב אָדער אַ בעט? שטענדיק נאָר אַ ווינקל, אויף אַ ביסל שטרוי, ערגעץ אין אַ שטעלעכל, ווי ס'האָט זיך געמאַכט, און ווו גוטע מענטשן האָבן איר דערלויבט דעם קאָפּ אַנידערצולייגן. זי האָט זיך קיינמאָל אויבנאָן נישט געשטופּט, צווישן די שטאַרקערע און הערשנדיקע, זי האָט זיך נישט באַקלאָגט אויף איר מזל, וואָרן זי האָט גאַנץ גוט געוווּסט, אַז די גאַנצע אָרדנונג אויף דער וועלט קומט פון גאָטס ווילן, און קיין זינדיקער מענטש איז נישט אימשטאַנד עפּעס אַנדערש צו מאַכן.

האָט זי נאָר געהיים, שטילעטשקע, איבערבעטנדיק גאָט פאַר דער גאווה, וועגן דעם אייניציקן געחלומט, אַז זי זאָל האָבן אַ באַלעבאָטיש באַגרעבעניש, נאָר וועגן דעם האָט זי מיט שרעק געבעטן...

איז דעריבער קיין ווונדער נישט, וואָס אַצינד, ווען זי האָט זיך מיט די לעצטע כוחות צום דאָרף צוגעשלעפּט, פילנדיק, אַז איר

לעצטע שעה קומט שוין אָן, וואָס אַצינד האָט זי זיך אָנגעהויבן דערמאַנען, צי זי האָט נישט עפּעס פאַרגעסן.

אָבער ניין, זי האָט געהאַט אַלץ, וואָס מ'דאַרף. אַ גראָמניק־ליכט האָט זי מיט זיך געטראָגן. זי האָט עס געהאַט אויסגעבעטן, היטנדיק עפּעס אַ געשטאָרבענעם, און אַ פלעשעלע געהייליקט וואַסער האָט זי אויך געהאַט, און אַ נייעם שפּריצער האָט זי געקויפט, און אַ געהייליקט בילדל פון דער טשענסטאָכאָווער, וואָס מ'מוז האָבן אין דער האַנט בשעת דער גסיסה, און די עטלעכע צענדליק גילדן אויפן באַגראָבעניש... און אפשר וועט דאָס אויך קלעקן אויף אַ תפילה אָפּריכטן בײַ דער טרומנע, מיט ליכט און באַשפּריצן מיט געהייליקט וואַסער כאָטש אין קלויסטער־פעדערהויז! פאַרשטייט זיך, אַז זי האָט נישט געוואַגט אפילו צו טראַכטן, אַז דער גלח זאָל זי ביזן צמענטאַרזש באַגלייטן.

ווי איז דאָס גאָר מעגלעך! נישט יעדער גאָספּאָדאַרזש פאַרדינט זיך אַזאַ כבוד און גליק, און דערצו וואָלט דאָס גאַנצע געלט בלויז אויף דעם אַליין נישט גענוג געווען!

זי האָט טרויעריק אָפּגעזיפצט, אויפשטייענדיק אויף די פיס.

זי איז עפּעס אויסטערליש אָפּגעשוואַכט געוואָרן. ס'האָט זי געשטאָכן אין דער ברוסט, דער הוסט האָט זי געפּייניקט, אַז זי האָט זיך קוים געקענט רירן, און זי האָט זיך אַלע ווײַלע געמוזט אָפּרוען.

— כ'זאָל כאָטש ביזן היי שניידן דערציִען, אָדער גאָר צום שניט — האָט זי געחלומט, זיס מיט די אויגן זיך צוקלעבנדיק צו די וואָס אַמאָל בעגטערע כאַלופּעס.

— און דערנאָך וועל איך מיך שוין אַנידערלייגן און דיר אָפּשטאַרבן, טײַערינקער יעזוס, אָפּשטאַ בן... — האָט זי ווי שרעקנדיק זיך פאַרענטפערט פאַר דידאָזיקע זינדיקע האָפנונגען.

אָבער גלייכצײַטיק איז זי באַפאַלן אַ זאָרג: ווער וועט זי אַרײַננעמען אין אַ כאַלופּע אויף דער צײַט פון דער גסיסה?

— כ'וועל מיר געפינען גוטע און מיטפילנדיקע מענטשן,

כ'וועל זיי אפשר וועלכן גראָשן צוזאָגן, וועלן זיי גיכער באַשטיין...
און טאַקע אַזוי! ווער איז דאָס מחויב צו זאָרגן פאַר פרעמדע און
די כאַלופּע זיך פאַראומרייניקן.

אַז דאָס זאָל קענען געשען באַ די קלאָגביס, באַ די קרובים,
האָט זי נישט געוואָגט אפילו אַ טראַכט צו טון.

— אַזוי פיל קינדער, אין דער כאַלופּע איז ענג, און אַצינד
ערשט וויפיל דרויב זיצן די הינער אויס, און זיי דאַרפן האָבן אַן
אָרט, און ס'וואָלט אויך נישט געווען קיין כבוד פאַר אַזעלכע גאָס-
פּאָדאַרזשעס, אַז אונטער זייער דאַך זאָלן קרובהשע דזשאַדעכעס
שטאַרבן...

זי האָט אַזוי נאָכגעטראַכט אַן ווייטיק, אַרויפגייענדיק אויפן
וועג, וואָס האָט זיך געצויגן לענגאויס דער גרעבליע, וואָס איז גע-
מאַכט געוואָרן העכער, אָפּצוהיטן דעם סטאַוו, ער זאָל די נידערי-
קע לאָנקעס און קרויט-פעלדער נישט פאַרגיסן.

די מיל איז געשטאַנען לעבן דער גרעבליע, אַזוי נידעריק,
אַז די פאַרמעליקטע דעכער האָבן נאָר עטוואָס איבערן וועג אַרויס-
געשטאַרט, זי האָט זיך אינגאַנצן געטרייסלט און מיט אַ טויב גע-
רויש געאַרבעט.

לינקס האָט דער סטאַוו געגלאַנצט. די זון האָט זיך מיט גאָל-
דענע פעדעם איבער דעם שטילן הימל-צעבלויטן וואַסער צעפינקלט.
אויף די ברעגעס, וואָס זענען מיט איינגעבויגענע אָלכעס באַוואַקסן גע-
ווען, האָבן שרייענדיקע גענדז מיט די פליגל געקלאַפּט. אויף די וועגן,
וואָס זענען נאָך אַ ביסל בלאָטיק געווען, האָבן זיך קינדער מיט די
סטאַדעס אַרומגעיאָגט און פון תענוג געשריגן.

און ליפּצע איז זיך געזעסן פון ביידע זייטן סטאַוו ווי פרי-
ער, ווי שטענדיק, מסתמא פון צייט די וועלט איז באַשאַפן גע-
וואָרן, אינגאַנצן אין סעדער פאַרזונקען און מיט פלעטלעך אַרום-
געשטעלט.

אַגאַטע האָט זיך געשלעפּט מיט מאַטערניש. אירע אויגן זע-
נען אָבער איבער אַלעם פלינק געלאָפן און האָבן אַלץ געזען און
באַטראַכט.

דעם מילנערס הויז, וואָס איז געשטאַנען אָפּגערוקט פון וועג

האָט אויסגעזען, ווי עפּעס אַ הויף. דורך די אָפענע פענסטער האָבן ווייסע פאָרהענגלעך געפּעכלט און די מילבערין אַליין איז געזעסן פאַר דער שוועל אין דער מיט פון אַ קוויטשנדיקער סטאַדע גענדזלעך, וואָס זענען געל געווען ווי וואַקס און וועלכע זי האָט צוזאַמענגענומען.

די אַלטע האָט גאָט געלויבט און איז שטיל פאַרבייגעגאַנגען, זייענדיק צופרידן, וואָס די הינט, וועלכע זענען אונטער די ווענט געלעגן, האָבן זי נישט דערשמעקט.

זי איז אַריבערגעגאַנגען די בריק, אונטער וועלכער דאָס וואַסער האָט זיך מיט אַ געוואַלטיק גערויש אויף די מיל-רעדער געוואָרפן; די וועגן זענען זיך פון דאַנען צעגאַנגען פונקט ווי הענט, וואָס נעמען דעם גאַנצן חלל אַרום.

זי האָט זיך אַ ביסל אַ שלאָג געטון מיט דער דעה, אָבער דער חשק אַלץ צו זען האָט גובר געווען און זי האָט זיך פאַרנומען לינקס, מיט דעם לענגערן וועג.

די קוזשניע, וואָס איז די ערשטע געשטאַנען באַלד באַם וועג, איז געווען פאַרמאַכט און שטיל; עפּעס אַ פעדערשטע טייל פון אַ וואָגן און עטלעכע פאַרזשאַווערטע אַקעראייזנס זענען אונטער די פאַררויכטע ווענט געלעגן, אָבער דעם קאָוואַל האָט מען נישט פאַר די אויגן געזען, באַר די קאָוואַלאָווע, וואָס איז געווען ביזן העמד אויסגעטון, האָט אין סאָד לענגויס באַם וועג בייטלעך געקאָפּעט.

זי האָט זיך אַצינד אָפּגעשטעלט לעבן יעדער כאַלופּע, אָנשפּאַרנדיק זיך אָן די נידעריקע, שטיינערנע פּלויטן און נייגעריק באַטראַכטנדיק די הייף, די שמאָלע איינגענג, די אויפגעפּראַלטע פעדערהייזער און פענסטער. די הינט האָבן זיך אויף איר טיילמאָל שטאַרק צעבילן, אָבער אַרומשמעקנדיק זי, דערקענענדיק, ווייזט אויס, אַן אייגענע, האָבן זיי זיך צוריק אומגעקערט אויף די פּריזבעס, און זיך אויף דער זון אויסגעלייגט.

זי איז אַצינד געגאַנגען פּאַמעלעכיטשקע, טריט באַ טריט, מיט דעם אָטעם כאַפּנדיק פון אָפּגעמאַטערטקייט, און נאָך מער פון דעם האַרציקן נחת.

י האָט זיך געריקט אַזוי שטילעטשקע, פּונקט ווי דער ווינט, וואָס האָט פֿון צייט צו צייט איבערן סטאַוו אַ פֿאָך געגעבן און די אַלכעס אַ גלעט געטון. זי איז געווען אַזוי גרוי און נישט אָבזעעוודיק, ווי די פּלעטער אָדער ווי די ערד, וואָס איז ערטערווייז שוין אויסגעטריקנט געווען, אָדער גאָר ווי דער שוואַכער שאָטן, וואָס איז פֿון די באַקעטעביימער אויף דער ערד געפֿאַלן. קיינער האָט זי גאָר נישט באַמערקט.

זי האָט זיך מיטן גאַנצן האַרץ געפֿרייט, וואָס זי טרעפֿט אַזוי אַלץ, ווי זי האָט עס אין האַרבסט איבערגעלאָזט.

מ׳האָט אוודאי געמוזט קאָכן אָנבייסן, וואָרן ס׳האָט געשמעקט פֿון די קוימענס, און פֿון די אויפֿגעפּראַלטע פֿענסטער האָבן ריחות פֿון געבראָטענע קאַרטאָפֿל אַרויסגעזעצט.

כאָטש די קינדער האָבן דאָ און דאָרט געשריגן און די גענדז, וואָס האָבן די גענדזעלעך אָפּגעהיטן, האָבן אָפּט אויפֿגעהויבן אַ געגאָגעריי, פֿונדעסטוועגן איז ווונדערלעך שטיל און פּוסט געווען אין גאַנצן דאָרף.

די זון האָט זיך שוין אויפֿגעהויבן זייער הויך, געזייעט ווי מיט ריינסטן גאָלד, אין סטאַוו זיך אָנגעהויבן איינקוקן, און קיינער האָט זיך דאָך נאָך נישט געאיילט אין פֿעלד אַריין, קיין וואָגן האָט פֿון די הויף-איינגענג נישט גערוישט, קיין אַקעראייזן האָט נישט געסקריפּעט.

— אויף יאַריד האָבן זיי געמוזט פֿאָרן, צי וואָס? — האָט זי געטראַכט, צוקוקנדיק זיך נאָך אויפֿמערקזאַמער צו די כאַלופּעס.

דעם וואָיטס סטאָדעלעס האָבן זיך געגעלט מיטן נייעם האָלץ פֿון צווישן די באַקעטע סעדער. פֿון געלבאַסעס כאַלופּע, וואָס איז געשטאַנען דערלעבן, איז געווען אַראָפּגעריסן דער שטרוי-דאַך, און מען האָט די לייסטן פֿון דאַך פּונקט ווי באַקעטע ריפּן אַרויסגעזען.

— די ווינטן האָבן אָפּגעריסן, אָבער דעם פּוילאַק האָט זיך נישט געגלוסט פֿאַריכטן! — האָט זי געמורמלט.

דערלעבן זענען די פריטשקעס געזעס; אין אַן אַלטער אויסגעקרומטער כאַלופּעטשינע. פון די אויסגעהאַקטע פענסטער האָבן שטרויענע וויעכטשעס אַרויסגעקוקט.

און אָט איז אויך דעם סאָלטיסעס כאַלופּע, מיטן שפּיץ צום וועג, לויט דער אַלטער מאָדע.

באַלד נאָך אים איז פלאָשקעס הויז, ביידע זייטן זענען באַוווינט.

דערנאָך גייט באַלצערעקס דירה. זי וואָלט זי דערקענט כ'ווייס נישט ווו. ס'איז געווען א הויז צום דערקענען. די שיקסעס האָבן די גרויע ווענט מיט קאַלך אָפּגעווייסט און די פענסטער־ראַמען אָפּגעפאַרבט אויף בלוי.

און דאָרטן ווידער, אין דעם ברייטן, אַלטן סאָד האָבן די באַרינעס געוווינט, די ערשטע ליפּצער גאָספּאָדאַרזשעס און עשירים. די זון האָט געשפּיגלט אין די ריינע שויבן. די ווענט האָבן געלויכטן, גלייך מ'וואָלט זיי אויפסניי אָפּגעווייסט; דער פּאָדוואָרזש איז געווען אַ ברייטער, די געביידעס אין אַ שורה געשטעלט, און גלייך, און אַזוי גלאַנט, אַז קיינער אין דאָרף האָט אַזאַ כאַלופּע נישט געהאַט, די פּלעטער גאַנץ און אַלץ אַזוי אין אָרדנונג, ווי זעלטן ווו.

און ווייטער איז געשטאַנען גאַלאָנבס הויז.

און אַנדערעס. זי האָט זיי גוט געדענקט, ווי דעם פּאַטשערזש פון אויסגווייניק. אָבער אומעטום איז געווען שטיל און פּוסט. אין די סעדער האָבן זיך בלויז גערויטלט די בעטגעוואַנטן און פּאַרשידענע מלבושים, וואָס מ'האָט געלופטערט. ערגעץ־ווו האָבן זיך ביזן העמד אויסגעטוענע פויערטעס שנעל געפּאָרעט באַם איבערקאָפּן די בייטלעך אין די גערטנער.

אין די אָפּגעלעגענע ערטער אין סאָד האָט שוין דאָס אויסגעוואַקסענע קרויט געלאָזט גרינע צעפּ פון די אָנגעפּוילטע קעפּ, די ליליען זענען הינטער די ווענט פון דער גרויער ערד מיט בלאַסע ציין אַרויסגעוואַקסן, די פּלאַנצן זענען אונטער דעם צודעק פון דערנער־צווייגן אויפגעגאַנגען, די ביימער זענען געשטאַנען מיט אָנגעבלאָזענע, קלעביקע קנאָספּן באַשיט און אומעטום הינטער די

פלעטער זענען זיך פונאַנדערגעוואַקסן פּאַקושיוועס און פאַרשידענע ווילדע גראָזן, און די אַגרעס־קושאַקעס זענען מיט אַ העלער, ייִנ־ גינקער גרינקייט געווען אַרומגעהילט.

און כאָטש עס איז געווען אמתער פרילינג, וואָס האָט פון הימל אַראָפּגעשמייכלט און געאָטעמט אין יעדן אויפגעשוואָלענעם גרודקעלע ערד, דאָך האָט עפּעס אַזוי טרויעריק אויסגעזען אין ליפּ־ צע, שטיל און אויסטערליש פּוסט.

— קיין פויער זעט מען נישט אין ערגעץ אפילו אויף אַ רפואה, נישט אַנדערש, זיי זענען אַוועקגעגאַנגען אין סאָנד אַריין, אָדער מ׳האָט זיי אויף אַ פאַרזאַמלונג צוזאַמענגערופן,

אַזוי האָט זי זיך אַליין פאַרענטפערט, אַריינגייענדיק אין אויפגעפּראַלטן קלויסטער.

ס׳איז שוין געווען נאָכן גאָטעסדינסט. דער גלח האָט אויפ־ גענומען אין ווידוי־שטיבל. בײַ אַ צענדלינג מענטשן פון ווייטערע דערפער זענען געזעסן אויף די בענק שטיל און צוזאַמענגעטוליעט. צייטנווייז נאָר האָבן זיך שווערע זיפצן איבערן קלויסטער צע־ טראָגן, אָדער עפּעס אַ העכער וואָרט פון פּאַטשערזש האָט זיך גע־ הערט.

פון א ברענענדיקן לעמפּל, וואָס איז פאַרן גרויסן אַלטאַר אויף אַ שנור געהאָנגען, האָבן געצויגן פּאַסמעס בלוילעכע רויכן צו די הויכע פענסטער, דורך וועלכע די זון האָט אַריינגעשיינט; בײַ די שויבן האָבן שפּאַצן געפּישטשעט, אַרומפליענדיק פון צייט צו צייט היגטערן סופיט מיט זאַנגען אין די שנאָבעלעך; טיילמאָל זע־ נען די שוואַלבן מיט אַ געטשוויטשעריי דורך דער גרויסער טיר אַריין, האָבן בלאָנדזשענדיק אַרומגעקרייזט אין דער שטילקייט און קילקייט פון די מויערן און זענען פלינק אין דעם ליכטיקן דרויסן אַרויס־ געפלאָפן.

זי האָט נאָר אָפּגעזאָגט אַ קורצע תפילה, אַזוי געאיילט האָט זי זיך צו די קלאָנגס, אָבער באַלד פאַרן קלויסטער האָט זי זיך אויג אויף אויג צונויפגעטראָפן מיט יאַגוסטינקען.

— יאַגאַטאַ! — האָט יענע נישט מיט קליינער פאַרוווּנדע־ רונג אויסגעשריגן.

— זי לעבט נאָך, באַלעבאָסטע לעבן! זי לעבט! — זי האָט ‎יר געוואָלט אין דער האַנט אַריין אַ קוש טון.

— מ'האָט געזאָגט, אַז צ'האָט שוין די פיס אויסגעצויגן ער־ ‎עך אין די וואַרעמע לענדער... אָבער דאָס גרינגע יעזוסעס ‎רויט האָט ענק נישט געדינט צום געזונט, וואָרן עפּעס שמעקט ‎נק מיר שוין אין פעלד אַריין... — האָט זי געזאָגט, באַטראַכטנדיק ‎י מיט שפּאָט.

— צ'זאָגט אמת, באַלעבאָסטע־לעבן... וואָרן כ'האָב שוין ‎קוים מיינע ביינדלעך דערשלעפּט... כ'וועל מיר שוין צוגיין פּאַ־ ‎זעלעכיטשקע, און טאַקע באַלד, כ'וועל צוגיין.

— צו די קלאָנביס איילט עך אַזוי?

— און ווו דען זאָל איך גיין. זיי זענען דאָך עפּעס ‎קרובים...

— זיי וועלן ענק גאַנץ גערן צונעמען, טאַרבעלעך שלעפּט ‎עך נישקשהדיקע, און וועלכן גראָשן מוזט עך אויך אוודאי האָבן ‎אין אַ קניפּל, איז פאַרשטייט זיך, אַז זיי וועלן ענק גערן אויפנע־ ‎מען, ווי אַ קרובהטע.

— זיי זענען כאָטש געזונט? צ'ווייסט נישט? — עס זענען ‎איר איבערדריסיק געווען דידאָזיקע וויצלעך.

— געזונט... נאָר טאָמעק, ער איז אַ דזשעבלע שלאָף גע־ ‎ווען, היילט ער זיך אַצינד אין קרעמינאַל.

— קלאָנב! טאָמאַש! רעדטס נישט בעסער, וואָרן ס'איז מיר ‎נישט אַצינד צום לאַכן!

— אַזוי ווי כ'זאָג ענק, און כ'וועל נאָך צוגעבן, אַז ער זיצט ‎נישט אַליין, נאָר מיט אַ פיינער קאָמפּאַניע, מיטן גאַנצן דאָרף... ‎אפילו די מאָרגעס העלפן נישט, אַז דער סאָנד גיט אַ פאַרהאַק די ‎טיר און קראַטעוועט אַרום.

— יעזוס מאַריאַ, הייליקער יוזעף! — האָט זי אַ יאָמער ‎געטון, בלייבנדיק שטיין ווי אַ סלופּ.

— ליפּטס־זשע גיכער צו דער טאָמקאָווע, ווען עך ענק ‎דאָרט אָנפּאַשען מיט נייעסן נאָך זיסערע, ווי האָניג. כי,כי! זיי ‎יום טובן זיך אויס די פויערן, אַזש אַ פאַרגעניגן! — האָט זי זיך

גיפטיק צעלאַכט, און אירע בייזע אויגן האָבן אַ שאָס געטון מיט שנאה.

אַגאַטע האָט זיך אַ באַטריבטע אַוועקגעשלעפּט, נישט קענענדיק זיך נאָך צוגלייבן דאָס, וואָס זי האָט דאָ געהערט. זי האָט באַגעגנט עטלעכע באַקאַנטע פּויערטעס, וואָס האָבן זי באַגריסט מיט אַ גוט וואָרט, רעדנדיק מיט איר וועגן דעם און יענעם, אָבער זי האָט כמעט גאָרנישט געהערט, וואָס מען האָט גערעדט צו איר, ס'האָט זי אַלץ מער געוואָרפן אין פּחד. זי האָט שוין אומישנע פּאַמעלעכער אָנגעהויבן גיין. זי האָט ווי געוואָלט פאַרשפּעטיקן — דידאָזיקע ברענענדיקע בייעס זאָל זיך נישט אַמאָל אַרויסווייזן פאַר אכת. זי איז לאַנג געזעסן הינטער די שטאַכעטן פון דער פלעבאַניע און פאַרטראַכט אויפן גלחס הויז געקוקט. אויפן גאַניק איז געשטאַנען דער באַטשאַן אויף איין פוס, ווי ער וואָלט זיך צוגעקוקט צו די הינט, וואָס האָבן אויף די געלע סטעזשקעלעך אין גאָרטן אַרומגעשטיפט, און יאַמבראָזשי מיט אַ שיקסע האָבן מיט פרישע דערנער-צווייגן אַרומגעלייגט די זייטן פון קלאָמבע, וואָס האָט זיך שוין, ווי מיט אַן אייזערנער באַרשט, מיט יונגע שפּראָצונגען פון פאַרשידענע בלומען געריטלט.

ערשט קומענדיק צוריק צו די כוחות, האָט זי זיך פלינק אַ לאָז געטון צום איינגאַנג פון קלאָנבס הויז, וואָס איז געשטאַנען באַלד אין איין רייע מיט דער פלעבאַניע.

מיט אַ ציטערניש איז זי געגאַנגען, אָנהאַלטנדיק זיך אָן די פלעטער און בלאָנדזשענדיק מיט די צעשראָקענע אויגן איבערן סאַד און איבער דער כאַלופּע, וואָס איז געשטאַנען אין דער טיף. בלויז די בהמות האָבן אונטער די פענסטער הויך פון די צעבערס נעכליעפּטשעט, דאָס פּנדערהויז איז אינגאַנצן אויפגעפּראַלט געווען, אַזוי, אַז זי האָט דערזען די מאַטשאָרע מיט די חוירימלעך, וואָס זענען געלעגן אין דער בלאָטע פון פּאָדוואַרזש, און די הינער, וואָס האָבן אויפמערקזאַם אין מיסט געגראַבלט.

אויפהייבנדיק דעם שוין לײדיקן צעבער, ווייל עס איז איר לייכטער געווען מיט עפּעס אין דער האַנט אַרייַנצוקומען, האָט זי זיך אין דער גרויסער, טונקעלער שטוב אַרייַנגערוקט.

— זאָל זיין געלויבט! — האָט זי קוים אַרויסגעשטאַמלט.

— אויף דורי דורות! ווער איז דאָרט? — האָט זיך נאָך אַ ווײַלע אַ שרעקעוודיקע שטימע פון קאַמער אָנגערופן.

— טאַטש יעך בין דאָס, אַגאַטאַ! — יעזוס, ווי ס'האָט זי דאָס אַ קלעם געטון אונטער דער ברוסט!

— אַגאַטאַ! צ'האָט געזען — נו, מענטשן מיינע! אַגאַטאַ? — האָט די קלאָנבאָוע גיך גערעדט, באַווייזנדיק זיך אויף דער שוועל מיט אַ פול פאַרטוך פישטשענדיקע געגדזעלעך; די אַלטע זעבען איר מיט אַ געשיפעריי און געגאָנעריי נאָכגעלאָפן. — נו, דאַנקען גאָט! אַבי מענטשן האָבן געזאָגט, אַז עך זענט נאָך אויף די ימים טובים געשטאָרבן, מ'האָט נאָר נישט געוווסט ווי, אַפילו מיינער האָט זיך שוין פאַרנומען צו גיין און קאַנצעלאַריע אַריין געווייר ווערן. זעצט-זשע ענק... עך זענט אַוודאי אָנגעמאַטערט. אָט, די געגדז בריען זיך אויס...

— זיי האָבן זיך פיין אויסגעלעבגעט, אַז ס איז דאָ אַזוי פיל!

— ס'פעלט נישט קיין סך צו אַ שאָק, אַ פינף. קומטס צו צום הויז, מ'דאַרף זיי אָנקאָרמען און צפּהיטן, די אַלטע זאָלן זיי נישט צעטרעטן.

זי האָט זיי זאַרגזאַם פון פאַרטוך אויף דער ערד אַרויסגעקליבן, זיי האָבן אָנגעהויבן ווימלען ווי געלענקע פּיפּיקלעך און די אַלטע האָבן מיט פרייד זיך צעגאָגערט און מיט די שנאָבלען איבער זיי אָנגעהויבן אַרומצופירן.

די קלאָנבאָווע האָט אַרויסגעטראָגן אויף אַ ברעטעלע אַ צעפיצלט איי, צוזאַמען מיט פּאָקזשיוועס און מיט קאַשע און האָט זיך אַראָפּגעזעצט צו זיי טשיפקע, אויפמערקזאַם אַכטונג געבנדיק, וואָרן די אַלטע האָבן געדזשאָבעט דאָס דרויב, געטרעטן און צוגעריבט דאָס עסן, ווי ווייט זיי האָבן נאָר געקענט, אָנמאַכנדיק אַ גרויס גערודער.

— זיי וועלן אַלע זיין היפשע — האָט זי באַמערקט, זעצנדיק זיך אויף דער פריזבע.

— אַוודאי, און פון בעסטן גאַטונעק. די אָרגאַניסטעכע האָט

מיר אויסגעטוישט די אייער, כ'האָב געגעבן דריי פּאָר אײנס... גיט, וואָס צ'זענט שוין אַרײַנגעקומען אין כאַלופּע... אַרבעט איז דאָ אַזוי פיל, אַז מ'ווייסט נישט, ווו פריער די נעגל אַרײַנצושטעקן.

— כ'וועל מיך באַלד נעמען צו דער אַרבעט, באַלד... כ'וועל נאָר אַ ביסל צו די כּוחות קומען... כ'האָב געקרענקט און בין אינגאַנצן פון די כּוחות אָפּגעפאַלן... אָבער לאָמיך נאָר אָפּרוען... איז באַלד...

און זי האָט זיך געוואָלט אויפהייבן, געוואָלט גיין... זיך נעמען עפּעס צו אַן אַרבעט, אָבער די אָרימע האָט זיך נעבעך אַ וואַקל געטון אויף דער וואַנט אַרויף און איז מיט אַ קרעכץ אַנידערגעפאַלן.

— צ'זענט אײנגאַנצן, זע איך, אָפּגעשוואַכט געוואָרן, צ'זענט שוין נישט צו קיין אַרבעט, ניין! — האָט זי שטילער אויסגערופן, באַטראַכטנדיק איר בלוי, אָנגעשוואָלן פּנים, און דאָס אויסטערלישע אײנגעקאָרטשעטע געשטאַלט.

זי איז זייער פאַרזאָרגט געבליבן נאָך דעמדאָזיקן באַטראַכטן. זי האָט מורא געקריגן, אַז נישט נאָר זי וועט פון איר קיין נוץ נישט האָבן, נאָר זי וועט נאָך אויף זיך נעמען אַן עול.

ווייזט אויס, אַגאַטאַ האָט דאָס דערפילט, וואָרן זי האָט זיך אַ דערשראָקענע ווי איבערבעטנדיק אָנגערופן:

— האָטס נישט מורא, כ'וועל ענק נישט פאַרלייגן קיין אָרט דאָ, נישט שטופן זיך צו דער שיסל, ניין, כ'וועל מיך נאָר אויסרוען אַ ביסל און ווייטער גיין... כ'האָב מיך נאָר געוואָלט זען מיט אַלע... אויספרעגן... אָבער, כ'וועל מיר אַוועקגיין...— די טרערן האָבן זיך איר אין די אויגן געשטעלט.

— כ'טרייב דאָך ענק נישט אַרויס. זיצטס, און אַז צ'עט וועלן אַוועקגיין, וועט עך ענק אַוועקגיין...

— און ווו זענען די יונגען? זיי זענען אוודאי מיט טאַטען אין פעלד? — האָט זי ענדלעך אַ פרעג געטון.

— ווייסט עץ גאַרנישט? זיי זעבען דאָך אַלע אין קרעמ־
נאַל!

— אַגאַטאַ האָט נאָר די הענט אין שטומען ווייטיק פאַר
בראָכן.

— ס׳האָט מיר שוין געזאָגט דאָסדאָזיקע וואָרט יאַגוסטינקען, נאָר ס׳האָט זיך מיר נישט געלאָזט גלייבן.

— דעם רייכסטן אמת האָט זי ענק געזאָגט, אַזוי איז דאָס טאַקע. אַזוי!

זי האָט זיך אויסגעגלייכט בײַ דערדאָזיקער דעריבערונג און איבערן אויסגעמאַגערטן פּנים האָבן זיך איר גרויסע טרערן אַראָפּגעקייקלט.

אַגאַטאַ האָט זיך אײַנגעקוקט אין איר, ווי אין אַ בילד, נישט וואַגנדיק מער אויסצופרעגן.

— יעזוס מײַנער! אַן אמתר יום הדין איז דאָ אין דאָרף געווען, ווען מען האָט אַלע געגומען און אין שטאָט אַריין אַוועקגעפירט. ס׳איז אַ ווונדער, זאָג איך ענק, וואָס איך לעב נאָך און קוק נאָך אָן די ליכטיקע שיין! מאָרגן ווערט שוין גאַנצע דריי וואָכן און מיר זעט אויס, ווי דאָס וואָלט ערשט נעכטן געשען. געבליבן איז נאָר אין דער כאַלופּע מאַטשעק, צ׳ווייסט דאָך, און די שיקסאָכעס, וואָס האָבן אַצינד דאָס מיסט אין פעלד אַריין אַוועקגעפירט, און איך די אומגליקלעכע יתומה!

—אַוועק! שטשערוועס... די אייגענע קינדער טרעטן זיי פּונקט ווי די חזירים! — האָט זי מיטאַמאָל אַ געשריי געטון אויף די גענדז: — פּיליושיע, פּיליו, פּיליו, פּיליו!

זי האָט צוזאַמענגערופן די גענדזלעך, וואָרן זיי האָבן זיך אין אַ גאַנצער סטאַדע, מיט די מוטערס בראש, אַ לאָז געטון פון הויף אַרויס.

— ל אָזן זיי זיך שפּילן, קיין גאַפּעס זעט מען נישט אין ערגעץ, כ׳וועל דאָ אַכטונג געבן אויף זיי.

— צ׳קענט ענק נישט רירן, ווי אַזוי זשע וועט עץ ענק מיט די גענדזלעך אַרומיאָגן!...

— די שלאָפקייט האָט מיך שוין אַ דזשעבעלע באַכּבעלאָזט, ווי נאָר כ'בין דידאָזיקע שוועל איבערגעטרעטן.

— היטס-זשע... כ'וועל ענק צו גרייטן עפּעס עסן... אפשר מילך אָפּוועלן?

— לאָז ענק גאָט באַצאָלן, באַלעבאָסטע-לעבן, אָבער ס'איז היינט אַ גרויסער פאָסט, איז מיט מילך נישט גלייך צו עסן... גיטס מיר עפּעס אַ געקאָכט טעפּל וואַסער, ברויט האָב איך, וועל איך מיר איינבראָקן און אַזוי מיר אָפּעסן.

די קלאָנבאָווע האָט איר באַלד אַריינגעבראַכט אין אַ שיסעלע געקאָכט וואַסער, געזאַלצנס, אין וועלכן די אַלטע האָט איינגעבראָקט דאָס ברויט און פּאַמעלעך געגעסן, בלאָזנדיק אין לעפל, און די קלאָנבאָווע האָט זיך אַנידערגעזעצט אויף דער שוועל און, אַ פּיר טוענדיק מיט די אויגן איבער די גענדזלעך, וואָס האָבן געציפּט הינטער די פּלעטער, האָט זי ווייטער דערציילט:

— וועגן וואַלד איז עס געגאַנגען. דער דזשעדזשיק האָט איב בסוד פאַר ליפּצע פאַרקויפט די יונגן. האָט מען אים אָנגעהויבן איינגיכן האַקן! די עוולה איז געווען גרויס און קיין גערעכטיקייט האָט מען פון ערגעץ נישט געזען — וואָס-זשע האָבן זיי געזאָלט טון? צו וועמען גייט מען זיך באַקלאָגן? און דערצו האָט ער זיך נאָך פאַרנומען אויפן גאַנצן עולם, קיין איין קאָמאָרניק פון דאָ איז צו דער אַרבעט נישט גערופן. האָבן זיי זיך, פאַרשטייט זיך, צונויפגערעדט און מיטן גאַנצן דאָרף געגאַנגען זייערס באַשיצן, וויפל מענטשן ס'איז נאָר געווען. זיי האָבן געזאָגט, אַז אַלע וועט מען נישט באַשטראָפן, אויב ס'וועט אפילו קומען דערצו אָבער קיינער האָט גאָרנישט געטראַכט וועגן דעם, וואָרן ווי אַזוי? פאַרוואָס זאָל מען דאָס באַשטראָפן? זיי האָבן דאָך נאָר פאַר היטן זייערס. זיי זענען אַוועק צו דער פּאָרעמבע, אָנגעהרגעט די האַקערס, ווייל זיי האָבן מיטן גוטן ווילן נישט געוואָלט אָפּטרעטן, צעקיילט די הויפישע און אַלע פון וואַלד אַרויסגעטריבן... זיי האָבן זייערס אויסגעפירט, און אַלץ לויט דער גערעכטיקייט, וואָרן כּל זמן מ'וועט נישט אויסטיילן אין וואַלד, וואָס צו וועמען עס געהערט, האָט קיינער קיין רעכט נישט אים אָנצורירן. אָבער דער-

ביי זענען אַ סך פון אונדזערע גוט צעקלאַפּט געוואָרן. דעם אַלטן באַרינען האָט מען געבערענט צו פירן מיט אַ צעשפּאָלטענעם קאָפּ; דאָס האָט אים דער גאַיאָווע אַזוי צעטרייבערט, אים ווידער האָט אַנטעק באָריניאַק פאַרן פאָטער דערממיתט.

— יעזוס! דערממיתט, אויף טויט?!

— אויף טויט. און דער אַלטער קרעגקט אַזוי אַליין טאַקע ביזן היינטיקן טאָג און ליגט אינגאַנצן אָן שכל, ער האָט צום מייסטנס געליטן, אָבער אויך אַנדערע האָבן נישט ווייניק אַריינגעכאַפּט: שימעק דער דאָמיניקאָוועס האָט געהאַט אַ צעבראָכענעם פוס, מאַטעוש גאָלאָמב איז אַזוי צעהרגעט געווען, אַז מען האָט אים אַוש געמוזט ברענגען צו פירן, פלאָשקאַ סטאַכן האָט מען דעם קאָפּ צעפּלייגט, און אויך אַנדערע האָבן געגוג אַריינגעכאַפּט, אַז מ'קען נישט געדענקען אפילו ווער און וואָס! קיינער האָט זיך דערפון נישט צו פיל צום הארץ גענומען, נישט באַקלאָגט זיך, וואָרן זיי האָבן זייערס אויסגעפירט. זיי האָבן זיך טאַקע אומגעקערט מיט קוראַזש, מיט געזאַנגען, ווי נאָך אַ געוווּנענער מלחמה. אַ גאַנצע נאַכט האָבן זיי פאַר נחת אין דער קרעטשמע געטרונקען, און די מער צעהרגעטע האָבן זיי דעם בראָנפן אין די כאַלופּעס אַריין געטראָגן.

— אַרום דריטן טאָג, זונטיק איז עס געווען, איז געפאַלן אַ נאַסער שניי, און ס'האָט זיך געמאַכט אַזאַ מיאוס וועטער פון סאַמע פרימאָרגן אָן, אַז ס'איז שווער געווען די נאָז אין דרויסן אַרויסצושטעקן. מ'האָט זיך גראָד געהאַט פאַרנומען אין קלויסטער אַריין צו גיין, ווי גולבאַסעס שקצים האָבן אָנגעהויבן איבערן זאָרף צו שרייען: „סטראַזשניקעס פאָרן!"

און אפשר אין אַ פּאָר מינוט אַרום זענען זיי אָנגעקומען צו פאָרן באַ אַ דרייסיק שטיק, און מיט זיי זענען געקומען אונזשענדניקעס און דער גאַנצער סאָנד. זיי זענען איינגעשטאַנען אין דער פלעבאַניע. נו, איך וועל עס גאָרנישט קענען איבערדערציילן, וואָס עס האָט זיך געטון, ווען מ'האָט אָנגעהויבן צו סאָנדזשען, אויסצופרעגן, פאַרשרייבן, און דעם עולם כסדר אונטער דער וואַך אַוועקגעשטעלט... קיינער האָט נישט אָפּגעלייקנט, יעדער איז זיכער

געווען מיט זיך, און אַלע האָבן, ווי באַם מתוודה זיין, זיך מודה געווען און דעם רייבעם אמת געזאָגט, ערשט אַרום פאַרנאַכט-צו האָבן זיי פאַרענדיקט און האָבן געוואָלט מיטאַמאָל דאָס גאַנצע דאָרף צוזאַמען מיט אַלע ווייבער פאַרנעמען, אָבער ס'האָט זיך אויפגעהויבן אַזאַ געשריי און אַזאַ געוויין פון די קינדער, אַז די פויערן האָבן שוין אָנגעהויבן מיט די אויגן דרענגער צו זוכן...

דער דאַבראָדזשעי האָט געמוזט עפּעס אויפקלערן די עלטסטע, אַז זיי האָבן אונדז אָפּגעלאָזט. אפילו די קאָזלאָווע, וועלכע האָט אַלעמען שטאַרק געגראָזשעט, האָבן זיי נישט גענומען. בלויז די פויערן האָט מען פאַרנומען אין קרעמינאַל אַריין; אָנטעק באַרינבען אָבער האָבן זיי געהייסן מיט שטריק בינדן!

— יעזוס! מיט שטריק געהייסן בינדן!

— און מען האָט אים געבונדן, אָבער ער האָט זיי דיר צעריסן, פונקט ווי איבערגעפוילטע פעדעם. אַז אַלע האָבן זיך אָזש דערשראָקן, וואָרן ר'האָט אויסגעזען, ווי דאָס משוגעת וואָלט אים צום קאָפּ צוגעטרעטן, אָדער דער טייוול וואָלט אים אין זיין מאַכט אַריינגענומען, און האָט זיך אַוועקגעשטעלט אַקעגן זיי און אין די אויגן אַריין זיי געזאָגט:

— קאָוועטס מיך שטאַרק איין אין קייטן און היטס, וואָרן כ'וועל אַלע דערמאָרדן און זיך אויף אַ מעשה אָנטון...

— אַזוי האָט ער זיך צעהיצט, וואָס מ'האָט אים דעם טאַטן דערהרגעט. ער האָט אַליין די פיס אָנגעשטעלט, און אַזוי האָבן זיי אים אַוועקגעפירט...

— יעזוס דערבאַרמדיקער מייבער! מאַריאַ! — האָט אַגאַטע געקרעכצט.

— כ'זע עס שטענדיק פאַר די אויגן און ביזן טויט אַריין וועל איך דאָס נישט פאַרגעסן, ווי אַזוי מ'האָט זיי גענומען.

— מ'האָט גענומען מייגעם מיט די שקצים... מ'האָט גענומען די פּלאָשקעס...

— מ'האָט גענומען די פריטשעקס...

— מ'האָט גענומען די גאָלאָנבס...

— מ'האָט גענומען די וואַכניקס...

— מ׳האָט גענומען די באַלצעריקס...

— מ׳האָט גענומען די סאַכאַס...

— ... און אַזוי פיל נאָך אַנדערע. אַז זיי האָבן מער ווי פופציק פויערן אין קרעמינאַל אַריין אַוועקגעטריבן...

— דער מענטשלעכער פאַרשטאַנד איז גאָרנישט אימשטאַנד דאָס איבערצודערציילן, וואָס דאָ האָט זיך געטאָן... וואָס פאַר אַ געוויינען דאָ האָבן געבלוטיקט, יאָמערלעכע געוואַלטן... שרעקלעכע קללות.

און דאָ איז אָנגעקומען דער פרילינג. די שנייען זענען געשווינד צעגאַנגען, די פעלדער האָבן זיך איבערגעטרוקנט, די ערד בעט זיך אַזש, מ׳זאָל זי באַאַרבעטן, ס׳איז צייט צו אַקערן, ס׳איז צייט צו זייען, ס׳איז צייט אויף אַלע אַרבעטן און צו אַרבעטן האָט נישט ווער!

דער וואָיט איז געבליבן, דער קאָוואַל און די עטלעכע אַלטע לייט, וואָס קענען זיך קוים רירן, און פון די פאַראַבקעס איז איינער נאָר דאָ, דער באַרישעוואַטער יאַשעק פושעווראָטני!

און דאָ קומט אויך אָן די צייט פון ריכטן זיך אין בעט אַריין. אַ טייל זענען שוין געלעגן געוואָרן, די קי קעלבן זיך אויך, אומעטום בריען זיך היגדלעך אויס, פאַר די מענער דאַרף מען טראַכטן, צופירן זיי דאָ אַ ביסל שפייז, דאָ וועלכן גראָשן אָדער גאַר אַ ריין העמד, און אַנדערע אַרבעט איז דאָ אַזוי פיל, אַז מ׳ווייסט שוין נישט צו וואָס זיך פריער צו נעמען; אַליין וועט מען זיך דאָך קיין עצה נישט געבן, און אַ געדונגענעם קריגן אין אַנדערע דערפער קען מען נישט — יעדערער מוז זיך דאָך פריער זיינס באַאַרבעטן...

— מ׳וועט זיי דען אַזוי גיך נישט אָפּלאָזן?

— גאָט ווייסט ווען! דער גלח איז געפאָרן צו דער רעגירונג, ס׳איז געפאָרן אויך דער וואָיט, זאָגן זיי, אַז ווען די שלעסזווע*) וועט זיך ענדיקן, וועט מען זיי אָפּלאָזן, וואָרן די סאַנדעס

---

*) אויספאָרשונג.

דאַרפֿן ערשט זיין שפּעטער, אָבער ס'זענען שוין אַדורכגעגאַנגען
דריי וואָכן, און קיין איינער איז נאָך נישט צוריקגעקומען. ראָ-
כאָ איז אויך דאַנערשטיק אַוועקגעפֿאָרן געוואָיר ווערן.

— באָרינע לעבט נאָך כאָטש?

— ער לעבט, נאָר קוים ער זשיפּעט, און קען נישט צו
זיך קומען, ווי אַ קלאָץ ליגט ער... האַנקאַ האָט אַראָפּגעבראַכט
דאָקטוירים, מבינים, ס'העלפֿט גאָרנישט...

— וואָס דען, ס'וועלן שוין איינעם העלפֿן דאָקטוירים, אַ יב
ער פֿאַלט צ.ם טויט שוין כּורעים!

זיי זענען אַנטשוויגן געוואָרן, פֿאַרמאַטערט פֿון די דע-
ריינערונגען. די קלאָנבאָווע האָט זיך פֿאַרקוקט דורכן סאָד אויפֿן
ווייטן טאָפּאָלן-וועג אַרויס, וואָס פֿירט אין שטאָט אַריין און שטיל
זיך צעוויינט, ווישנדיק זיך כּסדר די נאָז...

— דערנאָך, פֿאַרנדיק זיך פֿאַרזאָרגט באַם צוגרייטן דאָס
מיטאָג, האָט זי ביסלעכוויז דערציילט, וואָס עס איז געשען אין
דאָרף איבערן ווינטער, און פֿון וואָס אַגאַטע האָט לחלוטין נישט
געוווּסט.

אַזש די אַלטע האָט די הענט צענומען און זיך צו דער
ערד איינגעבויגן פֿון דערשיטערונג און דערשטוינונג, וואָרן די-
דאָזיקע נייעס'לעך זענען אויף איר ווי שטיינער געפֿאַלן און די
בשמה מיט אַזאַ גרימצאָרן און ווייטיק אַרומגענומען, אַז זי האָט
אָנגעהויבן שטיל צו כליפּען.

— גאָט מיינער, דאָרט אין דער וועלט האָב איך שטענ-
דיק געטראַכט וועגן ליפּצע, אָבער אַז ס'זאָלן אַזעלכע זאַכן גע-
שען, איז מיר אַפֿילו אויפֿן געדאַנק נישט געקומען... און אַזוינס
האָב איך זינט מיין לאַנג לעבן נישט געהערט! דער נישט גוטער
האָט זיך דאָ אויף פּעסט באַזעצט, צי וואָס?

— אַוודאי, ס'זעט אויס, ווי עס וואָלט אַזוי געווען!

— און אפשר איז עס גאָטס ווילן אַזוי פֿאַר די מענטשלע-
כע רשעות און זינד!

— זיכער, נישט אַנדערש. דער פֿאַן יעזוס שטראָפֿט דאָס
אַזוי פֿאַר אַזאַ שרעקלעכע זינד, ווי טאַקע אַנטעקס מיט דער

שטיפמוטער. נייע עבירות געשען ווידער, זיי קומען פאַר פאַר־
בלעמען אין די אויגן!...

אַגאַטע האָט זיך שוין מורא געהאַט וועגן מער אויסצופרעגן,
זי האָט באַר אויפגעהויבן די ציטערדיקע האַנט און אָנגעהויבן זיך
פּייליק צו צלמען, שעפטשענדיק אַ הייסע תפילה!

— אַזאַ אומגליק איז אויפן גאַנצן פאָלק געקומען, און באַ־
זונדערע ליגט אויך אַן אַ נשמה, און מען זאָגט, — זי האָט אָנגע־
הויבן שטילער צו רעדן, אומקוקנדיק זיך מיט שרעק — אַז יאַגושיאַ
האָט זיך שוין מיטן וואָיט אויך גאַנץ פעסט אַריינגעלאָזט...
אַנטעק איז נישט געוואָרן, מאַטעוש איז נישטאָ, ס׳פעלן אַנדערע
פּאַראָבקעס, איז גוט דער ערשטער דער בעסטער, אַבי ער זאָל
זי באַר צופרידנשטעלן... אַ וועלט, אַ וועלט!... — האָט זי אַרויס־
געיאָמערט, פאַרברעכנדיק די הענט פאַר גרימצאָרן.

די אַלטע האָט זיך שוין גאָרנישט אָנגערופן. זי האָט זיך
פּלוצלינג דערפילט פאַרמאַטערט און אַזוי אַדורכגענומען פון דער
דאָזיקע נייעסלעך, אַז זי האָט זיך אַוועקגעשלעפט אין שטעלעכל
אַריין אָפּרוען.

ערשט באַ אַרום סאַמע זון־אונטערגאַנג האָט מען זי דער־
זען זיך אַרומשלעפן איבערן דאָרף צו די באַקאַנטע. זי האָט זיך
אומגעקערט ערשט דאַמאָלס, ווען מ׳איז שוין באַ די קלאָנביס באַ
די וועטשערע־שיסלען געזעסן.

אַ לעפל האָט אויף איר געוואַרט און אַן אָרט. פאַרשטייט
זיך, אַז נישט דער אויבן־אָן, אָבער נישט גאָר פון אונטן. זי איז
געזעסן לעבן דער קלאָנבאָווע. זי האָט ווייניק געגעסן, פּינקט ווי
אַן איבערקלויבעריש קינד, דערציילנדיק אין דער שטיל וועגן
דער וועלט, וועגן פאַרשידענע ערטער פון אָטכוסטן, אויף
וועלכע זי איז אַלץ שוין געווען, אַז מ׳האָט זיך נישט ווייניק גע־
וואונדערט דערויף.

און ווי די נאַכט איז שוין געהאַט אַזוי צו געפאַלן, אַז
אפילו די אָוונט־רויטקייט, וואָס האָט אויף די שויבן געשפילט, האָט
זיך שוין גוהאַט אויסגעלאָשן און דאָס גאַנצע דאָרף איז אַנטשוויגן
געוואָרן, האָט מען אין שטוב פייער אָנגעצונדן און זיך אָנגעהויבן

צום שלאָפֿן גרייטן. דאַמאָלס האָט אַגאַטאַ אַרויסגענומען אירע טאַ־בעלעך אויף דער ליכט, באַווייזנדיק פּאַמעלעך כּלערליי זאַכן, וואָס זי האָט געבראַכט.

האָט מען זי געגעבן אַ רינגל אַרום אין אַ ראָד, איינגעהאַלטנדיק דעם אָטעם און ס'איז אַ וווּנדער, וואָס מען האָט זי מיט די צעגליטע אויגן נישט אויפֿגעגעסן.

און זי האָט צו אַלעם ערשטן יעדן איינציקן צו אַ געהייליקט בילדל צעטיילט, דערנאָך ווידער שנורן פּאַטשערקעס די שיקסעס, אַזעלכע שיינע, אַז זיי האָבן געשפּילט מיט די פֿאַרבן. אין שטוב האָט זיך אַ געטומל אויפֿגעהויבן. אַלע האָבן זיך צום שפּיגעלע געשטופּט, אָנמעסטנדיק זיך, פֿרייענדיק זיך, און די העלדזער אויסגעשטעלט, ווי די אָנגעבלאָזענע אינדיטשקעס. זי האָט אויך געבראַכט אַזעלכע היפּשע קניפּיקעס פֿאַר די שקצים, אַ גאַנץ פּעקל מאַכאָרקע פֿאַר טאַמאַשן, צום לעצט אויך פֿאַר דער קלאָנבאַוועץ ברייטע שפּיצן, צעכוואַליעטע און מיט אַ קאָלירטן פֿאָדעם צדורכגעפֿלאָכטן, אַז די באַלעבאָסטע האָט אַזש פֿון צופֿרידנקייט עטלעכע מאָל אַ פּאַטש געטון מיט די הענט...

אַלע האָבן זיך נישט ווינציק געפֿרייט, נישט אויפֿגעהערט צו באַקוקן די אַלע הערלעכקייטן און געזעטיקט די אויגן מיט די מתּנות. און זי האָט אָן אַ שיעור אַ צופֿרידענע מיט גרויס ליבלעכקייט דערציילט, וויפֿיל יעדע זאַך קאָסט און וווּ ס'איז געקויפֿט געוואָרן.

זיי זענען לאַנג אַזוי געזעסן אין דער נאַכט אַריין, איינטענהדיק וועגן די פֿאַרשידנסטע זאַכן.

— אַ פּחד כאַפּט אַזש באַם האַלדז אָן, אַזוי שטיל איז אויפֿן דאָרף! — האָט צום סוף אַגאַטאַ באַמערקט, ווען זיי זענען אַנטשוויגן געוואָרן, און ס'איז זיי באַפֿאַלן אַ טויבע, טויטע שטילקייט. — ווי קומט עס? אין יענע יאָרן, אין דער צייט, האָט זיך דאָס האַרץ אַזש געטרייסלט פֿון די געוואַלטן און געלעכטערן!...

— און איצט, ווי אָן אָפֿן בית הקבֿרות זעט אויס דאָס גאַנצע דאָרף. כאַטש נעם, דעק אַלץ מיט שטייגער צו און שטעל אַוועק צלמים... ס'וועט אפֿילו נישט זיין ווער ס'זאָל פּאַטשערזש אָפּזאָגן.

זער ס'זאָל אַ נדבה אויף אַ תפילה אָפּצוריכטן געבן... — האָט די קלאָנבאָווע טרויעריק צוגעהאַרפּן.

— אמת! צ'וועט פּאַזוואָליען, באַלעבאָסטע-לעבן, ווע? אין אויפן בוידעמל אַרויפקריכן. די ביינער טוען ווי נאָך פון ווען און די אויגן פאַלן צו פון שלאָף.

— שלאָפּט געזונטערהייט, ווו נאַר עס געפעלט ענק, קיין אָרט פעלט נישט.

די אַלטע האָט גיך צונויפגענומען די זעקעלעך און זיך אָנ־געהויבן אין פעדערהייזל צו דראַפּען אויף דער לייטער, ווען די קלאָנבאָווע האָט איר דורך דער אָפענער טיר אָנגעהויבן נאָכצו־רופן:

— יאָ, כ'האָב שיער נישט פאַרגעסן ענק צו זאָגן, אַז מיר האָבן אַרויסגענומען ענקער איבערבעטל פון קאַסטן... מאַרציכאַ איז קראַנק געווען אין פּאָסט אויף פּאָקן... ס'איז געווען אַזאַ קעלט, איבערצודעקן זי איז נישט געווען מיט וואָס... האָבן מיר זיך אַנטליגן באַ ענק. דאָס איבערבעט איז שוין אויסגעלופטערט און מען קען עס שוין כאָטש אפילו מאָרגן אַרויפטראָגן אויפן בוידעם...

— ס'איבערבעט... מאַ, ענקער ווילן... מילא, אַז מ'האָט געדאַרפן, מילא...

ס'האָט זי עפּעס אַזאַ שטיך געטון באַם האַלדז, אַז זי האָט אָפּגעהאַקט; זי האָט זיך צוגעשלעפּט, טאַפּנדיק אין דער פינסטער, צום קאַסטן אַראָפּגעקניט, און אויפהייבנדיק דאָס דעקל, אָנגעהויבן געשווינד מיט ציטערדיקע הענט בלאָנדזשען און אַרומטאַפּן איר טויט-אויסשטאַטונג...

טאַקיש... ס'איבערבעט איז נישט געווען... און אַ ריין איי־בערצוג... קיין איין מאָל נאָך נישט באַניצט... דאָס האָט זי דאָך פון די געפונענע פעדערן אויף דער פּאַשע אָנגעשליסן... צו האָבן דאָס אויף דער לעצטער שעה פון גסיסה...

און מ'האָט איר צוגענומען... צוגענומען...

עס האָט זי אָנגעכאַפּט אַזאַ האַרציק געוויין, אַז ס'איז אַ וונדער, וואָס ס'האַרץ האָט איר נישט געפּלאַצט.

און זי האָט לאַנג פּאַטשערזש געזאָגט, מיט ציטערע טרערן געוויינט און ווייטיקלעך שטיל זיך פאַרן האַרציקן יעזוס בעקלאָגט אויף די עוולות, וואָס זענען איר געטון געוואָרן...

ס'האָט שוין געמוזט זיין שפּעט, האָרן די הענער האָבן שוין אָנגעהויבן קרייען אויף האַלבער נאַכט אָדער אפשר גאָר אויף אַ ווייטער-ענדערונג.

# II

צומאָרגנס איז געווען דער פּאַלמען־זונטיק.
נאָך אַ שטיק פאַר זון־אויפגאַנג, אָבער ס'איז שוין געווען
גאַנץ ליכטיק, האָט האַבקאַ אַרויסגעבליקט פון באַרינעס כאַלופּע
זי איז נאָר געווען אַנגעטון אין וועלניאַק און אין עפּעס אַ טיכל·
טשיגע, וואָרן אין דרויסן איז געווען אַ פייגע קעלט.
זי האָט אַזוי אַרויסגעקוקט אַזש ביז נאָכן הויף אויפן שוואַרצי·
לעכן וועג אַרויס, וואָס איז געווען מיט טוי דורכגעזאַפּט און ער·
נעץ־ווו מיט ווייסן טוי באַדעקט. ס'איז נאָך געווען פּוסט אַרום.
אַלץ איז געשלאָפן. מאָרגן־ליכטיקייט האָט די נאָך נאַקעטע ביי·
מער־שפּיצן אַרומגעהילט. רעשטלעך נאַכט האָבן זיך שרעקנדיק
הינטער די פּלויטן באַהאַלטן.
זי איז אַרויסגעקומען אויפן גאַניק, מיט מי אַנידערגעקניט
זי האָט זיך שוין אַ ליאַדע טאָג געריכט אין בעט אַריין און אָב·
געהויבן זאָגן פּאַטשעריזש, בלאָנזשענדיק מיט די פאַרשלאָפענע
אויגן איבער דער וועלט.
דער טאָג האָט זיך ביסלעכווייז ווי מיט אַ ווייסלעכער שרפּה

אויסגעשפרייט. דער מאָרגן-רויט האָט זיך ווי דורך אַ זיפּ אַדורכ־געריסן, באַשיטנדיק מיט ראָזע ליכט די מזרח-זייט, וואָס האָט זיך וואָס אַמאָל העכער אויפגעהויבן, פּונקט ווי אַ גאָלדענע חופּה איבערן שוין שטראַלנדיקן, אָבער נאָך נישט געזעענעם הייליקן אָרון.

און ווייל באַנאַכט האָט געהאַט געכאַפּט אַ פראָסטל, האָבן די פּלויטן, בריקלעך, דעכער, און שטיינער מיט אַ ווייסן פראָסט נעגלאַנצט, און די ביימער זענען געשטאַנען ווי אָפּגעווייסט.

דאָס דאָרף איז נאָך געשלאָפן פאַרזונקען אין פינסטערניש, וואָס איז נאָך האַרט אויף דער ערד געלעגן, אַזוי, אַז נאָר אַ טייל באַלופּעס, וואָס זענען נענטער צום וועג געשטאַנען, האָבן זיך עטוואָס אַרויסגעשיילט מיט דער העלקייט פון זייערע געווייסטע ווענט. איבער דעם פאַרנעפּלטן שפּיגל פון סטאַוו האָבן זיך געשלעפּט לענגלעכע, שוואַרצלעכע שטראָמען-פּאַסמעס, פּונקט ווי גליוערנדיק גלאָז.

די מיל האָט ערגעץ אָן אַן אויפהער געראַשט. און עפּעס אַן אומגעזען טייכל האָט איבער שטיינער געריזלט מיט אַ שטי־ליטשקן, פאַרבאָרגענעם געפּליסטער.

די הענער האָבן שוין געקרייעט גלאַט אין דער וועלט אַריין און פאַרשידענע פייגעלעך האָבן זיך ווי אין אַ געמיינזא־מער תפילה שטיל צעטשוויטשערט אין די סעדער. האַנקע האָט אויפ־געוואַכט. דער שלאָף האָט זי זייער געפּייניקט און די אָפּגעמאַטערטע, נישט אויסגערוטע ביינער האָבן אונטערן איבערבעט געצויגן, אָבער זי האָט זיך נישט אונטערגעגעבן. מיטן פראָסטיקן טוי זיך די אויגן איבערגעווישט, און געפּיגענדיק ווידער דאָס פאַרלוירענע וואָרט פון פּאַטשערוש, איז זי אַוועקגעגאַנגען אין פּאָדוואַרזש אַריין אַ בליק טון אויפן האָב און גוטס און די שלאָפּ-דיקע אויפוועקן.

צום ערשטן האָט זי אויפגעפּראַלט די טיר צום חזיר, וואָס האָט זיך באַמיט אויף די פעדעדשטע פיס זיך אויפצושטעלן, נאָר ווייל ס'איז זייער אויסגעפּאַשעט געווען, האָט עס זיך צוריק אַ וואַלגער אַנידער געטון אויפן גראָבן זאַד און מיטן שנאָרכנדיקן חזיר-פּיסל באַכגעקראָכן איר, ווען זי האָט עס צוגעשאַרט דאָס פרעסן, צו וואַרפנדיק פרישס.

— די הויזן שווערן דיר אַראָפּ, אַז ס'איז דיר קיין אופן נישט אפילו אויף די פּיס איינצושטיין; ווי גאָווענישט האָט עס אויף פיר פינגער סלאָגינע. — זי האָט עס מיט ליבלעכקייט די זייטן אַרומגעטאַפּט.

דערנאָך האָט זי צו די עופות אויפגעעפנט, אַ וואָרף טוענדיק מיט דער גאָרשטש פאַר דער שוועל אַ ביסל עסן פון דעם חזיר, כדי זיי צו צוגאַרן. זיי זײַנען זיך איילינק פון די געזעסן צוזאַמענגעפלויגן, און די הענער האָבן גענומען קרייען אויפן קול.

די גענדז, וואָס זענען געווען אין דער זייט אַרומגעצוימט, האָבן זי אויפגענומען מיט אַ געגאָגעריי און מיט אַ שיפען; זי האָט אָפּגעטריבן די גאָנערס, ווייל זיי האָבן באַלד אָנגעהויבן אַ מלחמה מיט די הינער, און אָנגעהויבן אַפּערנעמען די אייער פון אונטער די מוטערס, וואָס זענען אין די שטייגן געזעסן, און אַ קעגן ליכט זיי דורכצוקוקן.

— אַ ליאַדע שעה וועלן זיי זיך פּיקן — האָט זי געטראַכט, איינהאָרכנדיק זיך צום שטילן, קוים פילבאַרן דזשאָבען אין די אייער.

אַקוראַט איז אויף לאַפּאַ אַרויסגעקראָכן פון דער בודע, ווען זי איז געגאַנגען צו דער פערד-שטאַל. ער האָט זיך אויסגעצויגן און געגענעצט, נישט קוקנדיק אויף די גאָנערס, וואָס האָבן אויף אים געשפּעט.

— ס'דען! דו ליידיקגייערטשיסקאָ, ווי אַ פּאַראָבעק שלאָפט ער זיך די נאַכט אדורך, ער וואָלט בעסער געהיטן.

דער הונט האָט אַ מאַך געטאָן מיטן ווידל, פריילעך אַ ביל געטאָן, אַ לאָז געטאָן זיך צווישן די הינער, אַז פעדערן האָבן זיך אַזש אָנגעהויבן שיטן, און גענומען זיך רייסן צו איר, צו דער ברוסט איר שפּרינגען, און די הענט איר לעקן, אַז זי האָט אים גערן-נישט-גערן איבערן קאָפּ אַ גלעט געטאָן.

— נישט יעדער מענטש אפילו וועט דיר אַזוי טריי זיין ווי דאָס באַשעפעניש. ער דערקענט די יוכע דעם באַלעבאָס! — זי האָט זיך אַ ביסל אויסגעגלייכט, פירנדיק מיט די אויגן איבער די ווייס-באַפּראָסטיקטע דעכער, וואָרן די שוואַלבן, וואָס זענען אין

אַ שורה אויפֿן שפּיץ שטרוי־דאַך געזעסן, האָבן זיך צערטלעך צע־ טשוויטשערט.

— פּיעטרעק! דער טאָג איז שוין ווי אַן אָקס די גרייס! — האָט זי אַ געשריי געטון, קלאַפּנדיק מיט דער פויסט אין דער טיר פֿון דער פֿערד־שטאַל, און דערהערנדיק אַ מרוטשען און דאָס אויפֿ־ ריקן פֿון ריגל, האָט זי באַלד די צווייטע טיר פֿון דער קי־שטאַל אויפֿגעפּראַלט.

די קי זענען אין אַ שורה פֿאַר די זשלויבן געלעגן.

— וויטעק! און דאָס שלאָפֿט גאָר, די פּאָקראַקע, ווי נאָך אַ חתונה!

דאָס שגצל האָט זיך מיטאַמאָל אַ כאַפּ אויף געטון, אַראָפּגע־ שפּרונגען פֿון דער פּריטש, אין איילעניש אָנגעהויבן אַרויפֿציִען אויף זיך די הויזנטשינעס און אין שרעק עפּעס געמורמלט.

— וואַרף־צו אַ ביסל היי די בהמות, זיי זאָלן עפּעס איבער־ קייען ביז דער מילך, און קום באַלד צו גיין קאַרטאָפֿליעס שיילן, און דער ליסוליע זאָלסטו נישט געבן, זאָל זי אַליין זי פּאַשען — האָט זי שטרענג צוגעגעבן, וואָרן דאָס איז געווען יאַגושיעס קו.

— זיי פּאַשען זיך אַזוי, אַז די קו ריטשעט אַזש און עסט פֿאַר הונגער דאָס שטרוי פֿון אונטער זיך.

— לאָז זי אַפֿילו פּגרן, נישט מיין היזק! — האָט זי פֿאַר־ ביסן אַ מורמל געטון.

וויטעק האָט נאָך דאָרטן עפּעס אַ מרוק געטון, אָבער ווי נאָר זי איז אַרויסגעגאַנגען, האָט ער זיך אַ וואָרף געטון אין דער ברייט פֿון געלעגער, צוהאַלטנדיק די הויזן אין דער גאָרשטש, כּדי נאָך אַ רגעלע אַ דרימל צו כאַפּן.

האַנקע איז נאָך געגאַנגען אין שייער אַריין, וווּ אויף דער קלעפּיסקע זענען מיט שטרוי אַרומגעדעקט געלעגן די קאַרטאָפֿליעס, וואָס מ'האָט געהאַט איבערגעקליבן צום זעצן, און געכאַפּט אַ בליק אונטער דער שאָפּע, וווּ ס'זענען געלעגן אַלע באַלעבאַטישע כּלים. לאַפּאַ איז איר פֿון הינטן אַפּער אָקעגנגעשפּרונגען, כאַפּנדיק אַלע־ מאָל אַ בליק צו די געגנדז און פֿאַרפֿירנדיק מיט זיי אַ מלחמה, ביז זי האָט אַלץ גרינגלעך געהאַט אַרומגעזען, צי ס'איז עפּעס באַנאַכט

נישט געשען קיין שום שאָדן, ווי זי האָט דאָס געטון אַלע טאָג. אַ צײַט איז זי צוגעקראָכן צו דער עפענונג אין פּלויט, אַ בליק צו כאַפּן אויפן פעלד, אויף די ווינטער-תבואות.

זי האָט ווידער אָנגעהויבן זאָגן דעם איבערגעריסענעם פּאַשערוש.

די זון האָט זיך שוין געהאַט אויפגעהויבן, פון צווישן די סעדער האָט אַ ווייע געטון אַ רויטע העלע ליכטיקייט, אַז דער ווייסער פראָסט האָט זיך צעפינקלט און דער טוי האָט אָנגעהויבן פון די ביימער אַראָפּצוטריפן; אַ ווינטל האָט זיך אויף אַ ריר געטון און אָנגעהויבן שטיליטשקע שאַרן צווישן די צווייגן, די לערכעס האָבן זיך וואָס אַמאָל געדיכטער צעקלונגען, און אין דאָרף, אויף די וועגן, האָט זיך אויפגעהויבן אַ באַוועגונג. מ׳האָט געהערט דאָס פּלעסקען פון וואַסער באַם אָנשעפּן אין סטאַוו, טויערן האָבן ערגעץ פון צייט צו-צייט פאַרזשאַווערט אויפגעגריילצט, דאָ האָבן גענדז געשריגן, און אַ הונט האָט זיך צעבילן, דער גאָר אַ מענטשלעכע שטימע האָט זיך אין דער פרימאָרגנדיקער שטילקייט דערטראָגן.

דאָס דאָרף האָט אויפגעוואַכט אַביסעלע שפּעטער, ווייל ס׳איז געווען זונטיק און יעדערער האָט גערן אַ ביסעלע לענגער אויסגעלעגן די אָפּגעהאָרעוועטע ביינער אונטערן איבערבעט.

האַנקע האָט אויף גאָרנישט געקוקט, זי איז פאַרזונקען אין זיך, אין די אַלע פאַרשידענע געדאַנקען, וואָס האָבן זי אַרומגעשפּינען, אַז זי האָט נאָר מיט די ליפּן דעם פּאַטשערוש געשעפּטשעט, ווייט פון איר מיט דער נשמה, און זי איז אינגאַנצן פאַרטרונקען געווען אין די זכרונות.

זי האָט אויפגעהויב די שטילע, מיט פרייד פאַרשיכורטע אויגן אויף די ברייטע פעלדער, וועלכע זענען געווען אָפּגעשלאָסן מיט אַ וואַנט פון ווייטן וואַלד, איבער וועלכן עס האָבן זיך די פלאַמען פון זון-אויפגאַנג צעגאָסן, אַזוי אַז פון די בלוילעכע געדיכטעניש האָבן בורשטינענע, גראָבע סאָסנעס אַרויסגעגלאַנצט; און די גאַנצע ערד האָט ווי אין גאָלדענע, אויפוואַכנדיקע שטראַלן געצימערט; די ווינטערדיקע תבואות האָבן מיט אַ פייכטער, גרינלעכער וואָל די בייטן אַרומגעהילט, און וווּ-נישט-וווּ האָבן אין די פעלד-

גראָבנס שטראָמעלעך וואַסער, ווי זילבערנע שפּענדלעך, אויפגעגלאַנצט, פון די פעלדער האָט זיך געטראָגן אַ פייכט, קיל אָטעמען צוזאַמען מיט דער הייליקער פרילינג־שטילקייט, און וועלכער אַלץ וואַקסט און קוועלט אויף דער וועלט אַרויס...

אָבער נישט אויף דעם און נישט אויף יענעם האָט זי געקוקט.

ס'האָבן אין איר אויפגעוואַכט די דערינערונגען וועגן די צרות, הונגער, עוולות, אַנטעקס אומטרייקייט, ווייטיקן, וואָס האָבן ווי טשוועקעס פאַרוווּנדעט, און אַזוי פיל טרויער און אַזעלכע דאגות, אַז ס'האָט זי אַזש אַ וווּנדער אָנגעכאַפּט, ווי אַזוי זי האָט זיך אַן עצה געגעבן דאָס אַלץ אַדורכצובּרעכן, און זי האָט דאָס אַלץ גובר געווען און האָט זיך דערוואַרט, אַז אַט האָט איר פאַן יעזוס אַלץ איבערגעדרייט צום גוטן...

זי איז דאָך ווידער אויף דער גאָספּאָדאַרסטווע, אויף דער ערד.

און ווער איז דען בּאַרעכטיקט זי פון דאַנען אַרויסצורייסן? ווער איז גאָר אימשטאַנד!

זי האָט שוין אַזוי פיל דורכגעבראָכן, אַזוי פיל דורכגעליטן איבער דעם האַלבן יאָר, אַז אַן אַנדערער מענטש וועט דאָס איבער זיין גאַנץ לעבן נישט דורכליידן, וועט זי שוין אויסהאַלטן אויך דאָס, וואָס דעם פאַן יעזוס וועט נאָך געפעלן אויף איר אַרויפצוּוואַרפן. זי וועט אויסהאַלטן און זיך דערוואַרטן בּיז אַנטעק וועט רויִקער ווערן און די ערד וועט ענדלעך ווערן זייער אויף דורידורות.

שוין דריי גאַנצע וואָכן, און איר דאַכט זיך, ווי דאָס וואָלט ערשט נעכטן געשען, ווען די פויערן זענען אויפן וואַלד געגאַנגען...

זי איז נישט מיטגעגאַנגען מיט די אַנדערע, וואָרן אין איר צושטאַנד איז איר שווער געווען און אויך געפערלעך...

זי האָט זיך נאָר געזאָרגט וועגן אַנטעקן, וואָרן מ'האָט איר בּאַלד איבּערגעגעבן, אַז ער האָט זיך מיטן עולם נישט פאַרייניקט און איז נישט געגאַנגען; זי האָט פאַרשטאַנען, אַז ער האָט

ראָס צוליהכעיס דעם אַלטן געטון, און אפשר דערפאַר, כדי זיך אין דער צייט ערגעץ מיט יאַגושען צוזאַמענצוטרעפן...

ס׳האָט זי געפרעגט דאָס, אָבער באַכשפ׳ן אים איז זי פאָרט נישט געגאַנגען.

ערשט דאָ אַרום סאַמע מיטאָג-צייט קומט צו לויפן גולבאַסיק און קוויטשעט:

— מ׳אָמיר צעקיילט די הויפּישע! מ׳אָמיר צעקיילט! — און ווי אַ משוגענער איז ער ווייטער אַוועקגעלאָפן.

זי האָט זיך אָפּגערעדט מיט דער קלאַבּאַווען, און זיי זענען אַקעגנגעגאַנגען. דאָמיניקאַוועס שגץ איז אַנגעלאָפן, און פון דער-ווייטנס נאָך שוין געשריגן:

— באַרינאַ איז דערהרגעט, אַנטעק איז דערהרגעט, מאַטע-איש אין אַנדע״ע! ... — ער האָט אַ מאַ״ געטון מיט די הענט, און עפּעס אַ מורמל געטון און אַנידערגעפאַלן, אַז מ׳האָט אים גע-מוזט מיט אַ מעסער די ציין אויפרייסן, כדי אַריינצוגיסן אים אַביסל וואַסער, אַזוי האָט עס אים פון אָפּגעמאַטערטקייט צוגעדריקט.

און איר איז דאַמאָלס די נשמה פון שרעק ווי אַ האַרטער שטיין פאַרגליווערט געוואָרן.

אַ גליק, וואָס נאָך איידער מ׳האָט דעם שגץ דערמינטערט, האָבן זיי זיך געגעבן אַ שיט אַרויס פון וואַלד און האָבן דער-ציילט, ווי אַזוי ס׳איז געווען, און אפשר אין אַ מינוט אַרום האָט זי שוין אַליין דערזען לעבן פּאָטערס וואָגן אַנטעקן אַ לעבעדיקן: ווי אַ מת איז ער בלוי געווען, פאַרבלוטיקט, אינגאַנצן נישט בײַ די געדאַנקען.

פאַרשטייט זיך, אַז ס׳האָט זי אָנגעכאַפּט אַ געוויין און אַ ווייטיק האָט זי געריסן, אָבער זי האָט זיך גובר געווען, אפילו אויף אַזוי פיל, אַז דער טאַטע, דער אַלטער ביליצאַ, האָט זי אַוועקגע-צויגן אָן אַ זייט און שטיל איר איינגערוימט:

— דער אַלטער וועט באַלד אָפּשטאַרבן, אַנטעק ווייסט נישט פון גאָטס וועלט צו זאָגן, און אין באַרינעס כאַלופּע איז קיינער נישטאָ, דער קאָוואַל קען זיך נאָך דאָרט אַרייַנכאַפּן, און קיינער וועט אים שוין נישט קענען אַרויסיאָגן!...

זי האָט זיך גיך מיאַרקירט, איז געשווינד אַוועקגעלאָפּן אין דער כאַלופּע אַריין, געכאַפּט די קינדער און פון די קליידער, וואָס ס'איז איר אונטער דער האַנט געקומען, די רעשט האָט זי איבערגעלאָזט אונטער וועראָבקעס השגחה און זיך געשווינד אַ טראָג איבערגעטון אויף איר אַלט אָרט, אויף דער אַנדערער זייט פון באָרינעס כאַלופּע.

יאַמבראָזשי האָט נאָך באָרינען באַנדאַזשירט, די מענטשן זענען זיך נאָך נישט געהאַט פונאַנדערגעגאַנגען, דאָס גאַנצע דאָרף האָט נאָך געקאָכט פון שמחה, דאָ און דאָרט האָבן זיך נאָך געהערט די קרעכצן פון די דערהרגעטע, ווען זי האָט זיך שטיליטשקערהייט אַריינגעצויגן און באַזעצט זיך לעולם ועד.

און זי האָט פלייסיק געהיטן: ס'איז דאָך געווען אַנטעקס גרונט אויך, און דער אַלטער האָט קוים געזשיפּעט און האָט געקענט אַ ליאַדע רגע די פיס אויסציִען.

ס'איז דאָך אַ באַוווּסטע זאַך, אַז ווער עס פאַלט דער ערשטער צו צו דער ירושה, און שטעקט די נעגל אַריין, איז אים טאַקע נישט גרינג שוין אָפּצורייסן, און דאָס געזעץ וועט אויך זיין אויף זיין זייט.

וואָס האָבן זי דאָרט געאַרט דעם קאָוואַלס געוואַלטן און דראָונגען, מיט וועלכע ער האָט איר פאַרווערט דעם אַריינגאַנג, ער איז שרעקלעך אין כעס געווען, וואָס זי האָט אים אויסגעכאַפּט.

וואָס? אפשר האָט זי זיך געזאָלט פרעגן וועמען אויף אַ דערלויבעניש? זי האָט זיך צוגעכאַפּט צו דער ערד און ווי אַ צויג אירס אָפּגעהיטן און באַשיצט, זייענדיק זיכער אין דעם אַלטנס ניכן טויט און אַז מ'וועט אַנטעקן נעמען, וואָרן ראַכאַ האָט זי געהאַט פריִער וועגן דעם געוואָרנט.

איז אונטער וועמענס אַפּטרופּסות האָט זי זיך געזאָלט איבערגעבן? און ס'איז דאָך אַ באַוווּסטע זאַך, אַז אויב דער מענטש אַליין וועט קיין מי נישט צולייגן, וועט זיך פון אים אויך דער פאַן יעזוס אַוועקבייגן.

נישט מיט קיין געוויין און קלאָגערײַ נעמט מען זיך אָפּ

וויינס, נאָר מיט די האַרטע נישט אָפּטרעטנדיקע נעגל — זי האָט געוווּסט דערפֿון, זי האָט גוט געוווּסט.

איז דעריבער, כאָטש מען האָט אפֿילו אַנטעקן גענומען, האָט זי זיך גיך באַרויִקט, וואָרן וואָס וועסטו דיר העלפֿן, מענטש, קעגן גורל? וואָס וועסטו דיך אַקעגנשטעלן, נישטיק בריעקעלע?

און ס'איז גאָר קיין צייט נישט געווען אויף לאַנגע קלאָגערייען. זי האָט אויף זיך אַזאַ גרויסע באַלעבאַטישקייט גענומען!

זי איז דאָך איבערגעבליבן איינע אַליין, ווי אַ קושאַק אויפֿן פֿרייען זוינט אַרויסגעשטעלט. נאָר זי האָט זיך נישט אָפּגעזאָגט פֿון קיין שום אַרבעט, נישט פֿאַר קיין מענטשן זיך אָפּגעשראָקן. און קעגן איר זענען געווען: יאַגנע, די קאָוואַליעס. זיי זענען געווען פֿאַרביסן אויף איר, אַז גאָט זאָל אָפּהיטן. דער וואָיט, וועלכער האָט זיך מיט זיינע אַלע געדאַנקען גאָר האָט פֿאַרנומען אויף יאַגנען און דעריבער זיך פֿאַר איר אָנגענומען; אַפֿילו דער גלח, וועלכן די דאָמיניקאָווע האָט אָנגערעדט אויף איר.

נאָר דאָס מוז מען צוגעבן. זיי זענען זי נישט ביגעקומען. זי האָט זיך אויף קיינעם נישט געלאָזט, אַרייננוואַקסנדיק וואָס אַ טאָג אַלץ מער אין דער ערד, און פֿעסטער געהאַלטן די לייצעס אין דער האַנט, אַז בלויז צוויי וואָכן זענען אַריבער, און שוין איז אַלץ געגאַנגען לויט איר ווילן, לויט איר פֿאַרשטאַנד און קראַפֿט.

זי האָט נישט דערעסן, נישט דערשלאָפֿן, נישט אויסגערוט זיך, האָרעווענדיק נאָך מער ווי אַן אָקס אין דער יאַרזשמע פֿון פֿאַרטאָג אָן ביז שפּעט אין דער נאַכט אַריין.

נאָר ווייל זי איז נישט געוווינט געווען צו אַזאַ שווערער אַרבעט און אַלץ אויף איר קאָפּ צו טראָגן, און דערצו איז זי פֿון דער נאַטור געווען זייער נישט קיין דרייסטע און דער קאָפּ איז איר אינגאַנצן פֿאַרנומען געווען מיט אַנטעקן, איז איר טייל־מאָל אַזוי שווער געווען, אַז די הענט זענען איר אָפּגעפֿאַלן.

אָבער געשטאַרקט האָט זי די מורא, מ'זאָל זי פֿון באַלע-באָטישקייט נישט אַראָפּזעצן און אויך די פֿאַרביסנקייט קעגן אַגנען.

איבעריקנס, וואָס איז די נפקה מינא פֿונוואַנען די קראַפֿט האָט זיך דאָרט דערנומען! בענוג איז, אַז זי האָט זיך נישט געלאָזט, אויסוואַקסנדיק אין יעדנס אויגן נישט ווי קיין קלײנער ווונדער און וועקנדיק דרך ארץ צו זיך.

— אַזעלכע! פֿריִער האָט זי אויסגעזען, גלײַך זי קען קיין צוויי נישט ציילן, אַצינד באַשטייט זי דיר שוין פֿאַר אַ גוטן פֿויער — האָבן וועגן איר די בכבודיקסטע באַלעבאָסטעס גערעדט; אפֿילו די פּלאַשקאָווע און אַנדערע האָבן גערן געזוכט איר גוט-פֿרײַנטשאַפֿט, גערן איר צוהעלפֿנדיק מיט אַ גוט וואָרט און מיט וואָס זיי האָבן נאָר געקענט.

פֿאַרשטייט זיך, אַז זי האָט דאָס מיט אַ דאַנקבאַר האַרץ צוגענומען, אָבער נישט צופֿיל חברנדיק זיך מיט זיי און נישט אויס-נוצנדיק זייערע טובֿ"ת, וואָרן זי האָט נישט לײַכט פֿאַרגעסן די נישט לאַנגסטיקע עוולות.

זי האָט נישט ליב געהאַט צו פּלאַפּלען גלאַט אין דער וועלט אַרײַן, דעריבער האָט זי נישט געדאַרפֿן די שכנותדיקע שמועסערײַען, נישט דאָס אָפּשטיין פֿאַר די הייף, כּדי יענעם צו באַרעדן.

זי האָט ווייניק געהאַט אירע אייגענע דאגות! נאָך פֿאַר פֿרעמדע דאַרף זי זאָרגן!...

זי האָט זיך טאַקע גראָד דערמאַנט אָן יאַגנען, מיט וועלכער זי האָט געפֿירט אַ פֿאַרעקשנטע, שטילע און נישט אָפּטרעטנדיקע מלחמה, אָן יאַגושען, וואָס בלויז די דעריבערונג אָן איר איז פֿאַר איר געווען ווי אַ שניט אין האַרץ. אויך אַצינד האָט זי זיך פֿון אָרט אַ ריס געטון, געשמיינד זיך איבערצלמנדיק און קלאַפּנדיק זיך אין האַרץ אַרײַן בײַם פֿאַרענדיקן דעם פּאַטשערוש.

זי איז נאָך מער אין כּעס געוואָרן, וואָס מען איז נאָך אין באַלופּע געשלאָפֿן און אויפֿן הויף איז שטיל געווען.

זי האָט אָנגעשריגן אויף חיטעקן, אַראָפּגעטריבן פּיעטרעקן פֿון געלעגער, דערבײַ האָט איך יוזקא באַקומען אַ חלק, ווײַל די זון איז שוין אויף אַ פֿיער די הייך און זי ליגט זיך נאָך אויס.

— לאָז נאָר פֿון זיי ס'אויג אַראָפּ אויף איין רגע, וועט דיר אַלץ אין די ווינקעלעך שלאָפֿן!

זי האָט געוואָרטשעט, אָנציִנדנדיק אַ פֿייער אין קוימען.

זי האָט אַרויסגעפֿירט די קינדער אויפֿן גאַניק, און אַרײַנשטופּנדיק זיי יעדערן צו גלינקעלעך ברויט, האָט זי צוגערופֿן לאַפּען, ער זאָל זיי שפּילן, און אַליין איז זי געגאַנגען אַרײַנבליקן צו באַרינען.

באַם פּאַטער'ס זייט איז נאָך אינגאַנצן שטיל געווען, אַז זי האָט מיט כּעס אַזש אַ זעץ געטון מיט דער טיר, אָבער דאָס האָט יאַגנען נישט איבערגעוועקט. דער אַלטער איז געלעגן פּונקט אַזוי, ווי די האָט אים נעכטן אין אָוונט געהאַט איבערגעלאָזט: אויף דעם געקעסטלטן רויטן בעטגעוואַנט איז געלעגן זיין בלוי, באַוואַקסן פּנים, אַזוי אָפּגעמאָגערט און אַזוי טויט, אַז ער איז געוואָרן ענלעך צו די הייליקע, וואָס מען שניצט פֿון האָלץ אויס; די ברייט־געעפֿנטע אויגן האָבן געקוקט פֿאַר זיך אומבאַוועגלעך, זיי האָבן לחלוטין גאָרנישט געזען. דעם קאָפּ האָט ער געהאַט אַרומגעבונדן מיט שמאַטעס, און די ברייט פֿונאַנדערגעשפּרייטע הענט זענען אים טויט, פּונקט ווי די אינטע־געהאַקטע צווייגן אַראָפּגעהאָנגען.

זי האָט אים פֿאַרראָכטן דאָס געלעגער, אַראָפּקלאַפּנדיק אים דאָס איבערבעט מער אויף די פֿיס, וואָרן אין שטוב איז געווען הייס און דערנאָך האָט זי אים צו דזשעבעלעך פֿריש וואַסער אין מויל אַרײַנגעגאָסן. ער האָט געטרונקען געלאַסן, אַזש דער האַלדז־קנאָפּ איז אים הין און צוריק געגאַנגען, אָבער האָט זיך נישט גערירט. ער איז כּסדר געלעגן, ווי אַ קלאָץ אַנידערגעלייגט, נאָר אין די אויגן האָט אים עפּעס אַ לייכט געטון, פּונקט ווי אַ טייך אַמאָל, וואָס גיט פֿון דער נאַכט אַ וויס אַ פֿינקל און אַ צעגלאַנץ זיך אויף איין אויגנבליק.

אַ זיפֿץ טועדיק איבער אים מיט ווייטיק, האָט זי ווידער

אַ זעץ געטון מיט די טרעפּעס אָן קובעל, וואַרפנדיק דערביי צאַנדיקע בליקן אויף דער שלאָפנדיקער.

אָבער יאַגושיאַ האָט זיך נאָך אַלץ נישט אויפגעכאַפּט; זי איז זיך געלעגן אויף אַ זייט, מיטן פּנים אויף דער שטוב אַרויס, דאָס איבערבעט, ווייזט אויס, ווייל ס׳איז הייס געווען, ביז אין דער העלפט פון די ברוסטן אַראָפּגערוקט, אַזוי, אַז די אָרעמס און דער האַלדז זענען געלעגן נאַקעט, פאַרייטלט און קוים זיך באַוועגנדיק פון דעם שטילן אָטעמען; דורך די אָפּגעבויגענע קערשן־ליפּן האָבן אירע ציין אַרויסגעבלישטשעט, ווי די ווייסטע פּאַטשערקעס, און די צעפלאָכטענע האָר האָבן זיך געכוואַליעט אויפן קישן און זענען ביז צו דער ערד אַראָפּגעפלאָסן, ווי דער ריינסטער ליאָן, וואָס איז אויף דער זון געטרוקנט געוואָרן.

— נאָר מיט ד׳ נעגל דיר דאָס פּנימל אַראָפּצורייסן, וואָלסטו דיך שוין נישט גרעסער געהאַלטן פון אַנדערע מיט דיין שיינקייט! — האָט האַנקע אַ שעפּטשע געטון מיט אַזאַ שנאה, אַז ס׳האָט איר אַזש אין האַרץ אַ שטאָך געטון און די פינגער אַליין האָבן זיך איר אויסגעצויגן צום רייסן, אָבער זי האָט זיך נישט ווילנדיק די האָר צוגעגלעט און אַ קוק אַריין געטון אין שפּיגעלע, וואָס איז געהאָנגען אויף דער פענסטער־ראַם; זי האָט זיך אָבער גיך צוריקגעכאַפּט, דערזעענדיק איר אויסגעמאָגערט פּנים, וואָס איז באַדעקט מיט געלע פלעקן, און די פאַרייטלטע אויגן.

— זי האָט נישט קיין עגמת נפש פון קיין שום זאַך, פרעסט זיך גוט אָן, שלאָפט זיך אויס אין דער וואַרעם, קיין קינדער האָט זי נישט, זאָל זי נישט שיין זיין! — האָט זי אַ טראַכט געטון מיט ביטערקייט, אַז אַרויסגייענדיק, האָט זי מיט דער טיר אַזאַ זעץ געטון, אַז די שויבן האָבן זיך אַזש צעקלונגען.

יאַגנאַ האָט זיך ענדלעך אויפגעכאַפּט. נאָר דער אַלטער איז בסדר אַזוי געלעגן אָן באַוועגונג, קוקנדיק גלאַט אין דער וועלט אַריין.

ער איז שוין אַזוי געלעגן גאַנצע דריי וואָכן, זינט מ׳האָט אים פון וואַלד געבראַכט צו פירן. טיילמאָל נאָר האָט ער זיך זי אויפגעכאַפּט, גערופן יאַגנען, בא די הענט זי אָנגענומען, געוואָלט

איר עפּעס זאָגן און איז ווידער פאַרשטאַרט געוואָרן, נישט אַרויסרעדנדיק אפילו קיין איין וואָרט.

ראָכאַ האָט אים שוין אַפילו אַ דאָקטאָר פון שטאָט געברענגט, וועלכער האָט אים באַטראַכט, אויפגעשריבן עפּעס אויף אַ פּאַפּירל, גענומען צען רובל, די רפואות האָבן אויך נישט ווייניק געקאָסט און ס'האָט אַקוראַט אַזוי געהאָלפן, פּונקט ווי די דאָמיניקאָוועס אומזיסטע אָפּשפּרעכצן.

מ'האָט באַלד פאַרשטאַנען, אַז ער וועט זיך שוין נישט אויסהיילן, און מ'האָט אים געלאָזט צורו. ס'איז אַ באַוווסטע זאַך, אַז ווער ס'איז שטערבלעך קראַנק, זאָל מען אים שוין אַפילו כ'חייס נישט וואָס פאַר אַ רפואות און דאָקטוירים אַראָפּברענגען, מוז ער שוין שטאַרבן, און איז אים ווידער באַשערט געזונט צו ווערן, וועט ער אָן קיינעמט הילף געזונט ווערן.

דעריבער האָט מען שוין געהאַט לעבן אים נאָר אויף אַזוי פיל טירחה, וואָס מ'האָט אים אָפּט געטוישט די נאַסע טיכער אויפן קאָפּ, געגעבן אים וואַסער צו טרינקען, אָדער גאָר אַ דזשעבלע מילך, וואָרן עס, האָט ער נישט געקענט, ווייל ער האָט אַלץ צוריק אָפּגעגעבן.

מענטשן האָבן אויך גערעכנט, און צום מייסטנס יאַמבראָזשי, ווייל ער איז געווען אַ גרויסער פּראַקטיקאַנט, אַז אויב באַריבעצ וועט צום שכל נישט קומען, וועט ער האָבן אַ לייכטן און געשווינטן טויט. זיי האָבן זיך טאַקע אויף אים יעדען טאָג גערעכט, און ער איז נישט געקומען; ביז ס'איז שוין אַזש דערעסן געוואָרן דאָס לאַנגע וואַרטן, וואָרן מ'האָט אים געדאַרפט אָפּהיטן און ווי-נישט-איז אויף אים אַכטונג געבן.

יאַגניס הינטישע פליכט איז דאָס געווען אַרומצוגיין אַרום אים און צו דולדן — נאָר וואָס, אַז זי האָט נישט אויסגעהאַלטן קיין שעה אפילו אין דער כאַלופּע איינצוזיצן? דער אַלטער איז איר אײַנגאַנצן דערעסן געוואָרן און ס'האָט זי געמאַטערט די כסדרדיקע מלחמה מיט האַנקען, וועלכע האָט זי פון אַלץ אַוועקגעשלעפּט און זי געהיטן בעסער ערגער ווי אַ גנב — איז טאַקע קיין וואונדער נישט, אַז ס'האָט זי געצויגן אויף דער וועלט אַרויס, אַז ס'האָט זיך איר

נצגלוסט אַרומצולויפן אין די וואַרעמע פאַרמיטאָגס־שעהן, צווישן מענטשן, אויף דער פריי, האָט זי דאָס אָפּהיטן איבערג געוען ידו־קען און האָט זיך אָוועקגעטראָגן, נישט ווסנדיק אַליין וווהין, אַז טיילמאָל האָט זי זיך ערשט אין די אָוונטן אומגעקערט...

יוזקע ווידער האָט אים אָפּגעהיטן, אַבי נאָר פאַר מענטשן: דאָס איז נאָך געווען אַ נאַריש קעלבל און אַן אַרומלויפערין. האַנקאַ האָט דעריבער אויך דאָס געמוזט אויף זיך נעמען און זאָרגן פאַרן קראַנקן, וואָרן כאָטש די קאָוואַליעס זענען כמעט צען מאָל אין טאָג געקומען צו לויפן אַ בליק טון, איז עס נאָר געווען, כדי זי אָפּצוהיטן, צי זי טראָגט עפּעס פון שטוב נישט אַרויס, און צום מיינסט האָבן זיי געוואַרט, אַז טאָמער וועט נאָך דער אַלטער עפּעס אַ רעד טון און וועגן פאַרמעגן עפּעס פאַראָרדענען.

דערביי האָבן זיי זיך געפרעסן, פונקט ווי די הינט בײַ אַ שעפּס, וואָס האַלט בײַם פגרן און מיט אַ געוואָרטשעריי זיך געאַמפּערט, ווער ס'וועט דער ערשטער אַ כאַפּ טון מיט די ציין בײַם האַלדז און עפּעס אַ חלקל פאַר זיך אָפּרייסן; דערווייל האָט דער קאָוואַל אַוועקגעריסן, וואָס ער האָט נאָר דערקראַצט, וואָס ס'איז אים נאָר אין די נעגל אַרײַנגעפאַלן, מעג זיין אַן אַלט שטיקל שטריק, אָדער אַ שטיקל ברעט; פון דער גאָרשטש האָט מען אים געדאַרפט אַרויסרייסן און אויף יעדן טריט אים היטן, אַז דער טאָג איז נישט אַדורך מען זאָל זיך נישט קריגן און אַרומרייסן.

מען זאָגט: ווער ס'שטייט אויף פרי, דעם העלפט גאָט אין זיין מי, און ס'איז אמת, אָבער דער קאָוואַל האָט אויך באַוויזן אויפשטיין אפילו האַלבע נאַכט, צו לויפן אפילו אויפן צענטן דאָרף, אויב ס'איז נאָר געגאַנגען אין אַ גוט פאַרדינסטל; ער איז געווען אַ פּויער אַ גיריקער אויפן גראָשן און אַזוי זיך געוואָרפן אויף אים, ווי ווייניק ווער.

און אַזוי אויך אַצינד. קוים איז נאָר יאַגנאַ פון בעט אַראָפּגעקראָכן און אָנגעטון אויף זיך דעם וועלניאַק, האָט שוין די טיר אַ סקריפּ געטון, און ער האָט זיך שטילערהייט אַרײַנגערוקט, גלײַך צוגייענדיק צום קראַנקן.

— ער האָט באַרניכט גערעדט ? — ער האָט אים פון דער גאַנץ אין די אויגן אַריינגעקוקט.

— ער ליגט אַזוי ווי ער איז געלעגן ! — האָט זי אָפּגעבראָמט, אַרונטערנעמענדיק די האָר אונטערן טיכל.

זי איז נאָך געווען באַרוועס, אין איין העמד, אַ ביסעלע פאַר־שלאָפן, און אַזוי שיין, און האָט געזעצט פון זיך מיט עפּעס אַזאַ גליִענדיקער וואַרעמקייט און ליבלעכקייט, אַז ער האָט אַ פּיר גע־טאָן איבער איר מיט זיינע פאַרמרוזשעטע שליפיעס.

— צ׳ווייסט — האָט ער זיך צו איר האַרט צוגערוקט : — דער אָרגאַניסטער האָט זיך אַרויסגעכאַפּט פאַר מיר, אַז דער אַלטער מוז האָבן אַ שפּאָרן בּאַרעסן גראָשן, וואָרן ער האָט נאָך פאַר די ימים טובים געוואָלט אַ פויער פון דעמביצע גאַנצע פינפהונדערט רובל אָוועקגעבן ; נאָר זיי זענען זיך איבערן פּראָצענט פונאַנדער־געגאַנגען. מוז דאָס געלט אוודאי זיין באַהאַלטן ערגיטש אין דער כאַלופּע... גיטס גוט אַכטונג אויף האַנקען, וואָרן אויב זי וועט עס נאָר אָנקריגן, וועט עס שוין קיין מענטשלעך אויג נישט אָנקוקן... צו וואָלט געקענט פאַמעלעך, בסוד, אַדורכקוקן אַלע ווינקעלעך, נאָר ס׳זאָל זיך קיינער נישט כאַפּן דערויף... צ׳הערט דאָס ?

— פאַרוואָס דען נישט ! — זי האָט מיטן פאַרטוך די אָרעמס פאַרדעקט, וואָרן ער האָט זי ווי אַרומגעטאַפּט מיט זיינע גנבהשע שליפיעס.

ער איז זיך איבערגעגאַנגען הין און צוריק איבער דער שטוב און מכלומרשט ווי נישט ווילנדיק אַרונטערגעקוקט אונטער די ביל־דער, זוכנדיק דערביי אויפמערקזאַם וווּ עס האָט זיך נאָר גע־פּאַזט.

— צ׳האָט אפשר דעם שליסל פון דער קאַמער ? — ער האָט אַ גלאָץ געטון טיט די שליפיעס אויף דער קליינער, פאַרמאַכטער טיר.

— ער הענגט אויפן יעזוס־בילדל אונטערן פענסטער.

— כ׳האָב אים געבאָרגט אַ דלוטע, ס׳וועט שוין זיין באַלד אַ חודש, און אַצינד דאַרף איך זי האָבן און קען אין ערגעץ

נישט געפינען. כ'מיין, אַז זי איז דאָרט צווישן אַלטוואַרג פאַר־וואָרפן. . .

— זוכטס ענק אַליין, איך וועל זי ענק נישט אויסשלי־פיען.

ער איז אָפּגעטרעטן פון דער טיר, וואָרן פון פעדערהויז האָט זיך דערטראָגן האַנקעס קול, דעם שליסל האָט ער צוריק אויפן אָרט אויפגעהאָנגען און זיך פאַרן היטל גענומען.

— וועל איך מאָרגן אַ זוך טון... כ'דאַרף גייטיק לויפן אַהיים... ראַכאַ איז געקומען צו פאָרן?

— פונוואַנען זאָל איך דאָס וויסן? פרעגטס האַנקען!

ער איז נאָך געשטאַנען אַביסל, אַ קראַץ געטון זיך אין די רויטע וואָנסעס, און די אויגן זענען אים, פונקט ווי די גנבים, בעלאָפן איבער די ווינקלען; ער האָט עפּעס אַ לאַך געטון צו זיך און איז אַוועקגעגאַנגען.

יאַגנאַ האָט אַראָפּגעוואָרפן פון זיך דאָס פאַרטוך און גענומען זיך צובעטן דאָס בעט און צו אַנדערע אַרבעטן, וואַרפנדיק טייל־מאָל אַ פאַרבאָרגענעם בליק אויפן מאַן, און זי איז טאַקע שטענ־דיק איבער דער שטוב אַרומגעגאַנגען, כדי זיך נישט צו טרעפן מיט זיינע אויגן, וועלכע זענען כסדר אָפן געווען.

אינדעראמתן איז ער איר שוין געווען דערעסן. זי האָט פאַר אים מורא געהאַט און מיט דער גאַנצער קראַפט אים פיינט גע־האַט פאַר די אַלע עוולות, וואָס זי איז פון אים אויסגעשטאַנען, און וויפיל מאָל האָט ער זי צוגערופן און גענומען זי אין זיינע צעגליטע און קלעביקע הענט אַריין, איז זי שיער נישט געשטאָרבן פון עקל און שרעק, אַזוי האָט פון אים מיט טויט און מיט מת גע־ווייעט. אָבער טראָץ דעם אַלעם, האָט זי נאָר אפשר די איינציק־סטע צום אויפריכטיקסטן געהאָפט, אַז ער זאָל וואָס גיכער געזונט ווערן.

אַצינד האָט זי ערשט פאַרשטאַנען, וואָס זי וועט היזק האָבן ווען ער זאָל פון דער וועלט אַוועק. לעבן אים האָט זי זיך געפילט ווי אַ באַלעבאָסטע, אַלע האָבן זי גוט געהאָרכט, ווייבער און שיק־סעס האָבן זי, יאָ געוואָלט נישט געוואָלט, געמוזט בכבוד האַלטן און דאָ

ערשטע אָרט איר אָפּטרעטן — חי דען! זי איז דאָך עפּעס געווען די באַרינאָוואַ. — מאַטשעי ווידער, כאָטש איבערהיים איז ער געווען בייזיק, ווי אַ הונט און קיין גוט וואָרט נישט געגעבן, אָבער פאַר מענטשן האָט ער אָן אַ שיעור געזאָרגט פאַר איר און זי אָפּגעהיטן, אַז ס'זאָל עמעצער נישט וואַגן מיט אַ וואָרט זי צו באַליידיקן.

זי האָט דאָס פריער נישט פאַרשטאַנען, ערשט דעמאָלט, ווען האַנקאַ האָט זיך אין דער כאַלופּע אָפּגעלייגט און אַ געהויבן גענעמען איבער איר די אויבערהאַנט, אָפּריקנדיק זי פון דעם באַלעבאַטעווען, האָט זי ערשט דערפילט איר פאַרלאָזטקייט און די עוולה, וואָס געשעט איר.

נישט וועגן גרונט איז איר דאָך געגאַנגען — וואָס טויגן איר דאָרט גיטער?... זי איז געשטאַנען נאָך זיי אַזוי פיל, פונקט ווי נאָכן פאַראַיאָריקן זומער. און כאָטש זי האָט זיך שוין געהאַט צוגעוווינט צום באַלעבאַטעווען און איז אָן אַ שיעור צופרידן געווען זיך גרויס צו האַלטן און שטאָלצירן מיט דער רייכקייט און אויסצופירן, וואָס זי האָט געוואָלט, וואָלט זי נאָך דעם אויך נישט געוויינט, וואָרן באַ דער מוטער איז איר אויך נישקשה געווען — נאָר אייגנס האָט זי ווייטיקלעך געפּייניקט, וואָס זי מוז פאַר האַנקען אָפּטרעטן, פאַר אַנטעקס ווייב, דאָס האָט זי געברענט ווי אַ פייער, אויפוועקנדיק אין איר אַ כעס און אַ חשק אַלץ צו טון קאַפּויער.

ס'איז אמת אויך, אַז די מוטער האָט זי אָנגערעדט, דער קאַוואַל האָט זי אָנגעדרייט מיטן אונטערהעצן זי טאָג־טעגלעך, ווייל זי אַליין וואָלט אפשר גיך אָפּגעטרעטן, אַזוי זענען איר שוין פאַרמיאוסט געוואָרן די מלחמות. זי האָט נישט איינמאָל שוין געוואָלט אַלץ אַ וואָרף טון און זיך איבערטראָגן צו דער מוטער.

— זאָלסט נישט וואַגן אפילו! זיך, כל זמן ער וועט נישט אָפּשטאַרבן, היט זיך אָפּ דיינס! — האָט די אַלטע שטרענג באַפוילן.

איז זי טאַקע געזעסן, כאָטש ס'איז איר אָן אַ שיעור לאַנגווייליק געווען — ווי דען? גאַנצע טעג איז נישט געווען צו ווע-

מען דאָס מויל צו עפענען, נישט צו וועמען אַ לאַך צו טון, צו װעמען אַרויסצוּלויפן...

און אין דער היים האָט געקרעכצט דער אַלטער, האַנקאַ איז שטענדיק גרייט געווען זיך צו קריגן, ס'האָט זיך געצויגן אַ כסדר־דיקע מלחמה, אַז ס'איז שוין לחלוטין נישט געווען צום אויסהאַלטן.

באַ דער מוטער איז אויך נישט געווען קיין אופן אײנצוזיצן.

איז זי געלאָפן מיטן בינטל פלאַקס איבער די כאַלופּעס — אָבער האָט זי דען געקענט אין די כאַלופּעס יאָ אויסהאַלטן, אין דאָרף זענען אַלע װײבער געווען פאַרזויערטע, פאַרחײנטע, פאַריאָמערטע, פונקט ווי די אדר־טעג, און אומעטום באַקלאָגט מען זיך כסדר, און ס'איז נישטאָ אין ערגעץ קיין פאַראָבעק אפילו אויף אַ רפואה!

אַז זי האָט זיך שוין קיין אָרט און קיין עצה נישט געקענט געפונען,

דערצו נאָך זענען איר אַלץ אָפטער געקומען אויפן זכרון די דערינערונגען.

אמת, זי איז די לעצטע צייט, איידער מ'האָט אים גענומען, שוין זייער אָפּגעקילט געוואָרן צו אים. די באַגעגענישן זענען שוין געווען נאָר אַ שרעק און אַ פּיין פאַר איר; און צום סוף האָט ער זי נאָך אַזוי שטאַרק באַעוולהט, אַז די נשמה איז איר אַזש פון ווייטיק אויפגעשוואָלן געוואָרן באַם דערמאַנען זיך אָן דעם... אָבער זי האָט געהאַט צו וועמען אַרויסצוגיין. זי האָט געוווּסט, אַז דאָרט, הינטערן סטויג, וואַרט ער אויף איר יעדן בין השמשות און קוקט זי אויס... אַז עס געפינט זיך עמעצער, צו וועמען עס איז איר ליב זיך צוצוהערן... איז, כאָטש זי האָט זיך געטרייסלט פאַר שרעק, מ'זאָל זי נישט פאַקן, כאָטש ער האָט אויך נישט אײנמאָל געשריגן אויף איר פאַרן לאַנגן וואַרטן, איז זי דאָך גערן געלאָפן, פאַרגעסנדיק אָן דער גאַנצער וועלט, ער האָט זי פעסט צוגעדריקט צו זיך, ווי אַ פייערדיקער שד, און גענומען זי, נישט פרעגנדיק זיך אויף קיין דערלויבעניש... ס'איז איר גאָר אויפן געדאַנק נישט געקומען

זיך אַקעגנצוזשטעלן, ווען ער האָט זי צוגעדריקט צו זיך. ס'האָט זי אַזש אונטערן גריבל פאַרקלעמט, און מיט אַזאַ צעזאָטנקייט זי אַדורכגענומען.

נישט איינמאָל האָט זי ביז האַלבער נאַכט נישט געקענט איינשלאָפן, קילנדיק דאָס פֿון קושן צעפלאַמטע פּנים אָן דער קאַלטער וואַנט, אויפגעשטורעמט ביז דער טיפסטער טיפעניש און אַדורכגענומען ביז אין די ביינער פון יענע זיסע, פייער-גליענדיקע דעריבערונגען.

און אַצינד איז זי ווי אַ שטיין איינע אַליין, קיינער קוקט איר נישט נאָך, קיינער האָט נישט קיין רעכט אויף איר, זי אַליין רייסט זיך אויך צו קיינעם נישט, קיינער וואַרט זי שוין מער נישט אָפּ דאָרטן הינטערן פלויט און קיינער באַצווינגט זי שוין מער נישט. . .

אַי וואָס דער וואָיט קריכט איר נאָך, גיט איר אַמאָל אַ ציפּ, רעדט מיט איר זיסע ריידעלעך, דריקט זי צו די פלויטן צו, ציט זי אויף אַ פונדע אין קרעטשמע אַריין און וואָלט זי גאַנץ גערן געוואָלט אָנקריגן, דערלויבט זי אים דאָס נאָר דערפאַר, ווייל עס איז איר לאַנגווייליק און ס'איז נישטאָ מיט וועמען אַנדערש אַ לאַך צו טון, אָבער ער קומט אַזוי צו אַנטזקן, ווי אַ הונט צום באַלעבאָס!

און זי האָט עס נאָך געטון להכעיס דעם גאַנצן דאָרף און להכעיס יענעם.

ער האָט זי אַזוי געפייניקט און גרינג-געשעצט די לעצטע צייט. וואָס הייסט — אַ גאַנצע נאַכט און אַ גאַנצן טאָג איז ער אָפּגעזעסן אין כאַלופּע לעבן אַלטן, אפילו געשלאָפן אויף איר בעט, זיך כמעט אויף קיין טריט פון שטוב נישט אַרויסגערירט, און זי האָט ער ווי נישט באַמערקט, כאָטש זי האָט זיך כּסדר געשטעלט פאַר אים, ווי אַ הונט, בעטנדיק מיט די אויגן, ער זאָל זיך דערבאַרעמען איבער איר.

ער האָט נישט קיין קוק געטון אויף איר, דעם טאַטן האָט ער נאָר געזען און האַנקען מיט די קינדער, דעם הונט אפילו.

איז זי אפשר דעריבער איינגאַנצן, צו אים קאַלט געוואָרן, איינ-

גאַנצן איבערגעדרייט. ווען מ'האָט אים געבונדן אין קייטן, האָט ער זיך איר אויסגעוויזן, ווי עפּעס אַן אַנדערער, אַ פרעמדער גאָר, און זי איז אַזוי גלייכגילטיק געווען, אַז זי האָט אים נישט געקענט אפילו באַדויערן. זי האָט אפילו מיט אַ באַהאַלטענער פרייד זיך צו־געקוקט צו האַנקען, ווי יענע האָט זיך די האָר געריסן, האַקנדיק מיטן קאָפּ אָן דער וואַנט און וואַיענדיק, פּונקט ווי אַ צוויג נאָך די דערטרונקענע הינטעלעך.

זי האָט בקמה געגומען, געפרייט זיך פון האַנקעס פּיין, אָפּ־קערנדיק מיט עקל די אויגן פון זיין שרעקלעך, ווי האַלב משוגע פּנים.

אַזוי פרעמד איז ער פאַר איר דאַמאָלס געוואָרן, אַז זי וואָלט זיך נישט געקענט אַצינד דערמאַנען אָן אים, פּונקט ווי אַ מענטש, וואָס מ'האָט אים נאָר איינמאָל געזען.

אָבער דערפאַר האָט זי נאָך בעסער געדענקט יענעם אַנטעקן, יענעם פּיין די טעג פון ליבע אין פאַרשיכּורונג, פון די טעג פון צו־נויפקומען זיך און אומאַרמונגען, קושן און באַגייסטערונג... יענעם צו וועלכן עס האָט זיך אַצינד אין די אָפּטע שלאָפלאָזע נעכט איר נשמה געריסן און דאָס פון פּיין אויפגעבראַזטע האַרץ האָט מיט ווייטיק און אומבאַשרייבלעכער בענקשאַפט געשריגן.

צו יענעם... פון יענע גליקלעכע טעג האָט זיך יאָגנדיק נשמה געריסן, נישט ווייסנדיק אפילו, וווּ ער געפינט זיך, און צי לעבט ער וווּ אין דער ברייטער וועלט.

און אויך אַצינד איז ער איר פון געדאַנק נישט אַרויס, פּונקט ווי אַ ליבלעכער חלום, מיט וועלכן עס איז זיך שווער צו צעשיידן, ווי עס האָט זיך ווידער דערטראָגן האַנקעס קוויטשענדיקע קול.

— ווי אַן אָפּגעריסענער הונט, אַזוי רייסט זי זיך אוי, רודערט אַרום! — האָט זי, אויפגעוועקט פון די דעריבערונגען, אַ מורמל געטון.

די זון האָט שוין זייטיק אַרויסגעקוקט, פאַרויטלענדיק די טונקע־לע טוב, די פייגל האָבן פריילעך געטשוויטשערט אין סאַד, עס איז נעוואָרן, ווערעמער, דער טוי איז פון די דעכער אין שנירלעך גלע־זערנע פּאַטשערקעס אַראָפּגערונען און דורכן אָפענעם פענסטער האָט

צוזאַמען מיטן פרימאָרגן-ווינטל, זיך אַרייַנגעטראָגן דאָס געשריי פון די גענדז, וואָס האָבן זיך אין סטאַוו געפּלעסקעט.

זי האָט זיך אַרומגעפּאָרעט איבער דער שטוב, ווי אַ פייגעלע, מיט אַ שפּיל בגינדל, ס'איז דאָך געווען זונטיק, און ס'איז שוין געווען די העכסטע צייט זיך צו צוגרייטן מיט פּאַלמען אין קלויסטער אַריין. די רויטע צווייגעלעך, באַדעקט מיט די זילבערדיקע קעצעלעך, זענען שוין פון נעכטן אָן אין קריגל געשטאַנען, אַ ביסל פאַרחלשטע, ווייל זי האָט פאַרגעסן וואַסער אַרייַנצוגיסן. זי האָט זיי טאַקע זאָרגזאַם אָנגעהויבן אויפצופרישן, ווען היימעק האָט דורך דער טיר אַ קוויטש אַריין געגעבן:

— די באַלעבאָסטע האָט געהייסן, אַז צ'זאָלט עבקער קו גע-פּאַשן, זי רייַסשעט אַזש פון הונגער!

— זאָג איר, אַז אַ זאַשע איר צו מיין קו! — האָט זי אָפּגעענטפערט אויפן גאַנצן קול, אייַנהאָרכנדיק זיך, וואָס יענע וועט אָפּבילן אַלס ענטפער.

— פּיסקעווע דיר, כל זמן דער פּיסק וועט דיר נישט [illegible]ווער,: וועסט מיך הייַנט נישט ברענגען דערצו, כ'זאָל אין כעס ווערן!

און זי האָט אָנגעהויבן ווי צום רויקסטן אַרויסצונעמען פון קופערט דאָס אָנטון און, אויסלייגנדיק עס איבערן בעט, אָנגעהויבן באַטראַכטן, אין וועלכע קליידער זיך אָנצוטון אין קלויסטער אַריין. פּלוצלינג אַזוי שנעל ווי דער וואָלקן, וואָס באַדעקט די זון, אַז עס ווערט אויף דער גאַנצער וועלט טונקל, איז איר אויסטערליש פינסטער געוואָרן. צו וואָס זיך איבערטון און זיך אויספּוצן? פאַר וועמען?

פאַר די באַבעס שליפּיעס, וואָס האָבן מיט קנאה אָפּגעשאַצט יעדעס סטענגעלע אירס און דערפאַר זי דערנאָך אויף די צונגען אַרומגעטראָגן?

זי האָט אַוועקגעוואָרפן דאָס פּוצן זיך, זיך אַנידערגעזעצט בײַם פענסטער און אָנגעהויבן קעמען זיך די העלע, געדיכטע האָר, קוקנדיק מיט אומעט אויפן דאָרף, וואָס האָט שוין אייַנגעבאַדן אין זון און

אין טוי אויפגעגלאנצט. די הייזער האָבן זיך חוו־בישט־ווי געווייכט פון די סעדער און זיילן בלויע רויכן האָבן געזעצט אין דער הייך צרויף, איבערן וועג אויף דער אנדערער זייט סטאוו, וואָס איז אינגאנצן פאַרשטעלט געווען מיט ביימער, זענען טיילכאָל פויערטעס אַדורכגעגאַנגען. זי האָט געזען די רויטקייט פון די וועלניאַקעס, וואָס האָט זיך אין וואסער אָפּגעשלאָגן און ווי זיי האָבן געשלייכט אין שוין שוואכן שאָטן פון די ביימער באַם ברעג. דערנאָך זענען געגאַנגען אַדורכגעשווומען אין ווייסע שנורן, אַז ס׳האָט אויסגעוויזן, ווי זיי וואָלטן אין בלויען תהום, וואָס האָט זיך פון הימל אָפּגעשפּיגלט, געשווומען, איבערלאָזנדיק נאָך זיך די שוואַרצלעכע, האַלבראָנדיקע רעדער, וואָס זענען ווי שלאַנגען שטיל נאָכגעקראָכן; דאָ האָבן זיך די שוואַנקענדיקע שוואַלבן נידעריק אַדורכגעטראָגן, גלאַנצנדיק מיט די ווייסע בייכלעך, און דאָרט, בײַ די ברונעם־קאָריטעס, האָבן די קי געריטשעט אָדער אַ הונט האָט געבילן.

זי האָט גיך פאַרגעסן די אַלע זאַכן, פאַרזינקנדיק די אויגן אין דערהייך, גאָר הויך, וווּ ס׳האָבן זיך אויפן פייכטן הימל בעפּאַשעט סטאַדעס וואָלקנס, וואָס זענען ענלעך געווען צו ווייסע, מיט חאָל באַדעקטע שעפּסן. אונטער זיי האָבן זיך אַרומגעטראָגן מחנות פייגל, וואָס מ׳האָט מיטן אויג נישט דערזען, אַזוי, אַז נאָר אַ לאַנג און ווייטיקלעך געשריי האָט זיך יעמערלעך איבער דער ערד צעגאָסן, אַז ס׳האָט זי אַזש פון דידאָזיקע שטימען אונטער דער ברוסט עפּעס אַ דריק געטון און אַ לאַנג שוין פאַרבאָרגענע בענקשאַפט האָט איר האַרץ אַרומגענומען. זי האָט מיט די אויסגעלאָשענע אויגן איבער די זיך באַוועגנדיקע ביימער אַ פיר געטון איבערן וואסער, ווו די זעלבע וואָלקנס האָבן זיך אָפּגעשלאָגן, און ס׳האָט זיך געדאַכט, אַז זיי שווימען טיף אין דער בלויקייט, איבער דער גאַנצער וועלט. זי האָט גאָרנישט געפילט פון דער גרויסער בענקשאַפט, גרויסע טרערן זענען איר אַראָפּגערינען איבער די אָפּגעבליאַקעוועטע באַקן, פונקט ווי די גלאַנציקע פּאַטשערקעס פון אַן איבערגעריסענער בײַטש קרעלן, האָבן זיך פּאַמעלעך אַראָפּגעקייקעלט איינע נאָך דער אַנדערער און זענען ערגעץ בײַ אויף דער סאַמע דנאָ פון דער נשמה אַראָפּגעפאַלן.

האָט זי זען געקענט נאָר מערקן זיך, וואָס עס איז איר געשען?

זי האָט נאָר געפילט, אַז עפּעס שפּאַרט זי, רייסט זי אָפּ פון דאַנען און פאַרטראָגט זי, אַז אַט וואָלט זי אין עק וועלט אַריין געלאָפן, ווו די אויגן וועלן זי טראָגן, ווו די אומבאַזיגבאַרע בענק-שאַפט וועט זי נאָר פאַרפירן. און זי האָט אַזוי נישט ווילנדיק און כמעט ווי אַן ווייטיק געוויינט, פּונקט ווי דער בוים, וואָס איז מיט בלעטער אין די פרילינגדיקע פרימאָרגנס אָנגעלאָדנט, ווען די ווינט גיט אַ וואָרעם צו און די ווינטן גיבן אַ זויג, רעגנט ער געדיכט מיט טוי, וויגט זיך איין אין דער ערד, זאַפּט זיך אָן מיט זאַפטן, האָט מאַכן אים פּעניק צו פרוכפּערן און שיקט די בליענדיקע צווייגן אין הימל...

— וויטעק! גיב נאָר דאָרט שיין אַ בעט די פריצהטע אויף אָנבייסן! — האָט ווידער האַנקע אַ קוויטש געטון.

יאַגנאַ האָט ווי אויפגעוואַכט. זי האָט זיך אָפּגעווישט די טרערן, פאַרענדיקט דאָס צוקעמען זיך די האָר און געשווינד געגאַנגען.

אין האַנקעס שטוב זענען שוין אַלע געזעסן באַם אָנבייסן. די קאַרטאָפליעס האָבן געפּאַרעט פון דער שיסל. יוזקאַ האָט זיי טאָקע גראָד געהאַט באַגאָסן מיט סמעטענע געפּרעגלט מיט ציבעלעס. אַלע האָבן שוין געבאָדשעט מיט די לעפל, איינגעקלעבט מיט די גרייקע שליפּיעס אינם עסן.

האַנקע האָט פאַרבומען דעם אויבנאָן אינדערמיט באַ דער בענק, אויף וועלכער זיי האָבן געגעסן, פּיעטרעק איז געזעסן צוב טיר, און לעבן אים האָט זיך וויטעק צוגעגלאָזט טשיפּקע אויף דער ערד. יוזקאַ ווידער האָט געגעסן שטייענדיקערהייט. זי האָט אַלע מאָל צוגעלייגט. און די קינדער זענען געזעסן אונטערן קוימען באַ אַ נישקשהדיק שיסעלע, צעטרייבנדיק זיך מיט די לעפל פון לאַפּאַז, וועלכער האָט אַלעמאָל געכאַפּט אַ ביס מיט זיי צוזאַמען.

יאַגנאַ האָט געהאַט איר אָרט לעבן דער טיר, אַקעגנאיבער פּיעטרעקן.

זיי האָבן געגעסן געלאַסן, טיילמאָל אַ בליק טוענדיק פון אונטער די שטערנס אַפער.

אומזיסט האָט יוזקאַ געקלאַפּט מיטן מויל אָן אָן אויפהער און פּיעטרעק האָט אַלעמאָל אַ וואָרט צוגעוואָרפן, אויך האַנקע האָט צום סוף אָנגעהויבן רעדן, גערירט פון אירע פּאַרווייגטע און טרויעריקע אויגן יאַגושיאַ האָט די פּאָרע פון מויל נישט אַרויסגעלאָזט.

— וויטעק, און ווער האָט דאָס דיר אַזאַ בייל געמאַכט? — דאָס האָט האַנקאַ אַ פרעג געטון.

— כ'האָב מיר אַ זעץ געטון אָן זשלויב! — ער איז רויט געוואָרן ווי אַ ראַק און אַ רייב געטון זיך אויפן אָנגעווייטיקטן אָרט, אַזוי ווי פאַרשטענדיקנדיק זיך, אַ קוק געטון אויף יוזקען.

— האָסט שוין געברענגט די צווייגלעך מיט די פּאַלמען?

— כ'וועל באַלד אַ לויף טון, כ'וועל אָפּעסן — האָט ער זיך דערעגטפערט און געשווינד פאַרענדיקט דאָס עסן.

יאַגנע האָט אָװעקגעלייגט דעם לעפל און איז אַרויסגעגאַנגען.

— ס'איז איר שוין ווידער עפּעס איבער דער באָז געפלויגן — האָט יוזקאַ אַ מורמל געטון, צוגיסנדיק פּיעטרעקן באָרשטש.

— נישט יעדערער קען אַזוי כסדר קלאַפּן, ווי דו. זי האָט שוין געמאָלקן די קי?

— זי האָט גענומען דעם שקאָפּיק, איז זי זיכער געגאַנגען אין שטאָל אַריין.

— יאָ זעסטו. יוזשיאַ, מ'דאַרף פאַר דער גרויער מאַקעך אָפּצוקאָכן.

— זי לאָזט שוין אָפּ, וועט זי זיך אַ ליאַדע טאָג אָפּקעלבן...

אַ קעלבל וועט זי האָבן! — האָט וויטעק אויסגערופן, אויפהייבנדיק זיך פון עסן.

— נאַרישער יונג! — האָט פּיעטרעק מיט פאַראַכטונג אַ מורמל געטון, נאָכלאָזנדיק אַ ביסל דעם פּאַסעק — ער האָט זיך געהאַט

נישקשהדיק אונטערגעלענט — און פאַרייכערנדיק אַן אַ גלאָוובע אַ פּאַ־פּיראָס, איז ער צוזאַמען מיטן שנצל אַרויסגעגאַנגען.

די ווייבער האָבן זיך שטילשווייגנדיק גענומען צו דער אַר־בעט. יוזקאַ האָט אָפּגעוואַשן די כּלים און האַנקאַ האָט צוגע־בעט די בעטן.

— צ'וועט גיין מיט פאַלמען אין קלויסטער אַריין?

— גיי מיט וויטעקן, פּיעטרעק קען אויך גיין, זאָל ער נאָר פריִער באַזאָרגן די פערד; איך וועל בלייבן, כ'וועל אַכטונג געבן אויפן טאַטן, און אפשר וועט ראַכאַ אַקוראַט אָנקומען און ברענגען עפּעס נייעס פון אַנטעקן...

— זאָל איך נישט זאָגן יאַגוסטינקען אַז זי זאָל מאָרגן קו־מען צו די קאַרטאָפליעס? האַ?

— אוודאי, אַליין וועלן מיר זיך נישט קיין עצה טון, און מען מוז זיי איבערקלויבן.

— און מען וואָלט שוין געדאַרפן אויך דאָס מיסט צע־וואַרפן!

— פּיעטרעק וועט אוודאי מאָרגן אויף אַרום מיטאָג האָבן געענדיקט דאָס אַרויספירן, וועט ער זיך נאָך מיטאָג נעמען מיט וויטעקן צום צעוואַרפן; און אַז ס'וועט זיין צייט, וועסטו אויך צו־העלפן...

אַ געשריי פון די גענדז האָט זיך אונטער די פענסטער אויפ־געהויבן, וויטעק איז אַריינגעפאַלן אַ דעריאָכמעטער.

— אפילו די גענדז לאָזסטו נישט צורו!

— ז'האָבן מיך געוואָלט בייסן, האָב איך מיך נישט געלאָזט!

ער האָט אַ וואָרף געטון אויפן קאַסטן אַ גאַנצן בונד גאָלד־פאַרביקע צווייגעלעך, וואָס זענען נאָך פון טוי פייכט געווען און זענען געווען באַשיט מיט קעצעלעך. יוזקאַ האָט זיי גענומען צו אַ מענליינגן, אַרומבינדנדיק זיי מיט רויטע וואָל.

— דער באַטשאַן האָט דיר אוודאי אַ דזשאַבע געגון אין שטערן? — האָט זי אים שטילערהייט אַ פרעג געטון.

— אוודאי נישט קיין אַנדערער. נאָר גיב מיך נישט אַמאָל אויס... — ער האָט געכאַפּט אַ בליק אויף דער באַלעבאָסטע, וועל־

יע האָט אַרויסגענומען פון קאַסטן די יום־טובדיקע מלבושים. — און כ'וועל דיר זאָגן, ווי אַזוי ס'איז געווען... כ האָב נאָכגעשפּירט און זיך דערוווּסט, אַז ער בלייבט איבער אויף איבער נאַכט אויפן גאַניק... האָב איך מיך אונטערגעגנבֿעט שפּעט באַנאַכט, ווען אַלע אויף דער פּלעבאַניע זענען געשלאָפן... און כ'האָב אים שוין גע־האַט גענומען... און כאָטש ער האָט מיר אַ דזשאָבע געטאָן... וואָלט איך אים געוועט מיטן שפּענצערל אַרומגעוויקלט און אַרויס־געטראָגן... אָבער די הינט האָבן מיך דערשמעקט... זיי קענען דאָך מיך, זענען זיי אַזוי צוגעשטאַנען צו מיר די נבלות, אַז כ'האָב געמוזט אַנטלויפן, זיי האָבן מיר נאָך אַ שטיק הויז אָפּגעריסן... אָבער כ'וועל נישט שענקען...

— און אַז דער גלח וועט זיך דערוויסן, אַז דו האָסט אים צוגענומען דעם באָטשאַן?

— ווער וועט אים דען אויסזאָגן?... כ'וועל אים צונעמען, ווייל ער איז מיין.

— און ווו וועסטו אים באַהאַלטן, מ'זאָל אים בא דיר נישט צונעמען?

— כ'האָב שוין צוגעטראַכט אַזאַ באַהעלטעניש, אַז אפילו די סטראַזשניקעס וועלן נישט דערשמעקן... און דערנאָך, ווען זיי וועלן פאַרגעסן, וועל איך אים ברענגען אין שטוב און זאָגן, אַז כ'האָב מיר פאַרנאַרט אַ נייעם און אים צוגעוווינט — ס'וועט אים עמעץ דערקענען, יאָשיאַ? נאָר גיב מיך נישט אַמאָל אויס, וועל איך דיר ברענגען אַזעלכע פייגעלעך, אָדער אַ יונג העזל.

— אַ יונגעלע בין איך דען, וואָס כ'זאָל מיך מיט פייגעלעך שפּילן? נאַרישער יונג, טו דיך באַלד איבער, וועלן מיר צוזאַמען גיין אין קלויסטער אַריין.

— יאָשיאַ, וועסט מיר געבן צו טראָגן די פּאַלמע? האַ?

— וואָס ס'האָט זיך אים פאַרגלוסט!... נאָר ווייבער מעגן דאָך טראָגן צום באַשפּריצן מיטן הייליקן וואַסער.

— פאַרן קלויסטער וועל איך דיר אָפּגעבן, נאָר איבערן דאָרף...

ער האָט אַזוי הייס געבעטן, אַז זי האָט אים צוגעזאָגט, אויס־

דרייענדיק זיך געשווינד צו נאַסטקע גאַלעגביאַנקען, וועלכע איז אַרייַנגעקומען שוין אַן אויסגעשלייערטע אין קלויסטער אַריין און מיט פּאַלמען אין דער האַנט.

— האָסט גאָרנישט געהאַט עפּעס קיין ידיעה פון מאַטעאושן? — האָט זי האַנקע אַ פרעג געטון נאָכן באַגריסן זיך.

— נאָר דאָס, וואָס דער וואָיט האָט נעכטן געבראַנגט, אַז עס איז אים בעסער.

— דער וואָיט ווייסט אַקוראַט אַזוי פיל ווי גאָרנישט, און וועט זיך דיר אויסטראַכטן אַזעלכעס, וואָס ס'איז נישט געווען.

— ער האָט דאָס אייגענע געזאָגט אפּנים דעם דאָבראָדושע' אויך.

— און וועגן אַנטעקן האָט ער קיין וואָרט נישט געוווסט צו זאָגן.

— אפּנים, מאַטעוש זיצט מיט אַנדערע, אַנטעק ווידער גאָר באַזונדער.

— אי... ער בילט נאָר אַזוי, כדי צו האָבן וואָס איבער די כאַלופּעס אַרומצוטראָגן...

— ער איז אויך באַ ענק געווען מיט דעם אייגענעם!

— ער קומט אַלע טאָג אַריין, אָבער צו יאַגושען; ער האָט מיט איר עפּעס געשעפטן, קומען זיי זיך צונויף און טענהן-איין אויך פאַר די מענטשן אין די אויגן.

זי האָט דאָס שטילער אַרויסגעזאָגט, מיט באַטאָנונג, אַרויסקוקנדיק דורכן פענסטער, וואָרן גראָד איז יאַגנע אַרופגעגאַנגען פון גאַניק, היפּש אויסגעשלייערט, מיטן ביכל אין דער האַנט און מיט פּאַלמען. זי האָט איר לאַנג נאָכגעקוקט.

— צ'וועט ענק פאַרשפּעטיקן, מיידלעך: עס שיטן זיך שוין מענטשן מיטן גאַנצן וועג.

— מ'האָט נאָך נישט געקלונגען.

אָבער די גלאָקן האָבן זיך גראָד רוישיק אָנגערופן, רופנדיק אין גאָטס הויז אַריין, און האָבן געקלונגען פאַמעלעך, לאַנג און הילכיק.

אזוי, אַז אין אַ קורצער ווײַלע אַרום זענען שוין אַלע פון דער כאַלופּע געהאַט אַרויסגעגאַנגען אין קלויסטער אַרײַן.

האַנקאַ איז איבערגעבליבן אַליין, זי האָט צוגעשטעלט דאָס מיטאָג, זיך איבערגעטון עטוואָס און, פאַרנעמענדיק די קינדער, זיך מיט זיי אַנידערגעזעצט אויפן גאַניק כּדי זיי אויסצוקעמען און אויסצולויזן. אין מיטן דער וואָך האָט זי קיינמאָל קיין צײַט נישט געהאַט.

די זון האָט זיך שוין געהאַט גענייג הויך אויפגעהויבן. מענטשן האָבן זיך פון אומעטום געקליבן אין קלויסטער אַרײַן. אַלע ווײַלע האָבן זיך אַנדערע אַרויסגעשיט פון די הייף אַרויס, אַזוי, אַז אויף די וועגן האָבן זיך שוין ווי מאָן געררייטלט די ווײַבערישע קליידער און ס׳האָבן געקלונגען די געשפּרעכן און די געשרייען פון די קינדער, וואָס האָבן זיך געשפּילט אין וואַרפן שטיינער איבערן וואַסער און אויף פייגל. וועגענער פול מיט מענטשן פון אַנדערע דערפער, זענען אַלעמאָל מיט אַ גערויש דורכגעפאָרן. פויערן, ווײַזט אויס פרעמדע, זענען אַדורכגעגאַנגען, לויבנדיק גאָט, ביז די וועגן זענען ליידיק און שטיל געוואָרן.

האַנקאַ האָט די קינדער ריין אויסגעלויזט, אָוועקגעפירט זיי אויפן שטרוי פאַר די קרעמפּל-גריבער, זיי זאָלן זיך אַליין דאָרט פאַרשפּילן, אַרײַנגעוואָרפן אַ בליק צו די זידנדיקע טעפּ און זיך אומגעקערט צוריק אויף איר פריערדיק אָרט. זי האָט מתפּלל געווען מיט אַ האַלב קול פון די קראַנקעס אַראָפּ, ווײַל אין גיכן האָט זי נישט געקענט.

דער טאָג האָט זיך שוין געהאַט גענייגט צו מיטאָג-צו, אַ פולשטענדיק פייערלעכע שטילקייט האָט דאָס דאָרף אַרומגענומען, אַז מ׳האָט אין ערגעץ קיין שאָרך נישט געהערט, נאָר בלויז דאָס טשוויטשערן פון די שפּאַצן און דאָס פּישטשען פון די שוואַלבן, וואָס האָבן געקלעבט זייערע נעסטן אונטערן דאַך. ס׳איז געווען וואַרעם, די צײַט, וואָס דער ערשטער פרילינג-אָטעם האָט קוים די ערד אָנגערירט און די ביימער באַהויכט; עס איז געהאָנגען אַ יונגער הימל, אַ צעבלויטער און אויסטערליש גלאַטער; די סעדער זענען געשטאַנען אָן שום באַוועגונג, שיסנדיק צו דער זון זייערע

זייגן, אָנגעפּראָפּט מיט אָנגעשוואָלענע קנאָספּן; די אָל[illegible]ס ווי[illegible]ר, וואָס נעמען אַרום דעם ברעג פון סטאַוו, האָבן ווי אין שטילע שקן [illegible]טעמען באַוועגט מיט די געלע קערשעלעך, און די קלעביקע און שמעקעדיקע צווייגלעך פון די טאָפּאָלן, וואָס האָבן ווי מיט האָניק געטריפט, האָבן זיך אויף דער ליכט געפּנט, פונקט ווי קליינע פייגעל־שנאָבעלעך...

אויך הינטער די כאַלופּעס האָט זיך שוין געהאט צוגעוואַרעמט. די פליגן זענען שוין אַרויסגעקראָכן אויף די אָנגעוואַרעמטע ווענט, טיילמאָל האָט זיך שוין אַ בין באַוויזן, אַרויספּאַלנדיק מיט אַ געזום אויף די מאַרגאַריטקעס, וואָס האָבן פון הינטער די פּלויטן אַפּערגעקוקט, אָדער האָט פלייסיק זיך געטראָגן איבער די קזשאַקעס, וואָס האָבן פונקט ווי מיט גרינע פלאַמען מיט יונגע בלעטלעך אַרויס עזעצט.

אָבער פון די פעלדער און די וועלדער פלעגט נאָך אַ בלאָז טון אַ שאַרפער, פייכטלעכער ווינט.

דאָס גאָטעסדינסט האָט שוין געמוזט האַלטן אין דערמיט, וואָרן אין דער שטילער און ווי מיט פרילינג ־ידנדיקער לופט האָבן אָפּגעהילכט די שטימען פון ווייטע געזאַנגען, דאָס שפּילן פון אָרגל, און טיילמאָל האָבן זיך, ווי אַ געדיכטער רעגן, די שוואַכע קלאַנגען פון די גלעקלעך צעשיט.

די צייט האָט זיך גערוקט פּאַמעלעך און שטיל. ווען די זון איז שטיין געבליבן אויפן העכסטן פונקט, זענען אַפילו די פייגל אַנטשוויגן געוואָרן. בלויז די קראָען האָבן זיך גנביש געצייעט צו די נעבדזלעך, האָבן נידעריק אַרומגעקרייזט איבערן סטאַוו, אויפהייבנדיק אַ געשריי צווישן די געגנדזעלעך; אַ באָטשאַן האָט אויך איין מאָל ערגעץ אַ קלעקאָטשע געטון און איז באַנט אַדורכגעפלויגן, אַזוי, אַז נאָר זיין גרויסער שאָטן האָט זיך איבער דער ערד אַדורכגעטראָגן.

האַנקע האָט פייערלעך מתפלל געווען, אַכטונג געבנדיק אויף די קינדער. זי האָט אויך צום אַלטן פון צייט צו צייט אַריינגעכאַפּט אַ בליק.

אָבער וואָס, ער איז געלעגן ווי שטענדיק אָן באַוועגונג און געקוקט גלאַט אין דער וועלט אַריין.

ער איז אַזוי פּאַמעלעך אָפּגעשטאָרבן. די צייט האָט זיך ביסלעכווייז דערגענטערט, פון טאָג צו טאָג, פּונקט ווי דאָס קאָרן, וואָס ווערט צייטיק אויף דער זון... ער האָט קיינעם נישט דערקענט אַפילו דאַמאָלס, ווען ער האָט יאַגנען גערופן, און זי בּאַ די הענט אָנגענומען, האָט ער אויך אין אַן אַנדערער זייט אַריין געקוקט; האַנקען האָט זיך נאָר געדאַכט, אַז ער באַוועגט אויף איר רוף מיט די ליפּן, און די אויגן לויפן אים, ווי ער וואָלט געוואָלט עפּעס זאָגן...

און אַזוי איז כסדר געווען אָן שום ענדערונג, אַז אַ גענויין האָט אַש די אָנוועזנדע אָנגענומען.

יעזוס מיינער, ווער האָט זיך דאָס גערעכט דערויף! אַזאַ באַלעבאָס, אַזאַ חכם, אַזאַ רייכער, אַז ס'איז שווער אַ צווייטן צו געפינען, און אַצינד ליגט ער דיר, פּונקט ווי דער בוים, וואָס איז פון אַ דינער געשפּאָלטן געוואָרן, פול מיט גרינע צווייג, עך נאָך, און שוין אויך דער פאַרציקונג פון טויט אַרויסגעגעבן...

ער איז דאָך נישט געשטאָרבן און לעבט נישט, נאָר געפינט זיך שוין אינגאַנצן אין די הענט פון גאָטס חסד.

אָ מענטשלעכער גורל, נישט נאָכגיביקער גורל!

אָ קראַפט, וואָס ביסט פון גאָט באַשערט. וואָס באַווייזט זיך, ווען קיינער ריכט זיך נישט אויף דיר, סיי אין מיטן העלן טאָג, סיי אין דער מיט פינסטערער נאַכט און שליידערסט דאָס מענטשלעכע ברעקלע אַליין איינס אין דער זייט פון ביטערן טויט!...

זי האָט מיט ווייטיק זיך פאַרטראַכט איבער אים, אַרויפקוקנדיק צום הימל. זי האָט אָפּגעזיפצט איין מאָל און אַ צווייט מאָל. ווי האָט געענדיקט די תפילה און זיך געמוזט נעמען צו דער נאָכמיטאָגדיקער מילך, וואָרן זיפצן זענען זיך זיפצן, און די אַרבעט איז פריער פאַר אַלעם.

ווען זי האָט זיך אומגעקערט מיט די פולע שקאָפּקעס, זענען

שוין אַלע געווען אין דער כאַלופּע. יוזקאַ האָט דערציילט, וואָס דער גלח האָט גערעדט פון דער אַמבאָנע אַראָפּ און ווער ס'איז געווען אין קלויסטער. ס'איז געוואָרן אַ טומל אין שטוב און אויפן גאַניק, וואָרן ס'זענען מיטגעקומען מיט איר עטלעכע שיקסלעך אין אירע יאָרן און האָבן צוזאַמען געשלונגען די געהייליקטע קעצעלעך, וואָס האָבן געזאָלט אַפּגים אָפּהיטן פון האַלדזחייטיק.

ס'האָבן נישט געפעלט אויך קיין געלעכטערן. נישט איינע האָט נישט געקענט אַראָפּשלינגען און האָט זיך פאַרקרעקט, אַז זי האָט אַזש געמוזט וואַסער באַכטרינקן, אָדער מ'האָט איר געמוזט מיט דער פויסט אין דער פּלייצע אַריין קלאַפּן, ס'זאָל לייכטער אַראָפּגיין, וואָס וויטעק האָט מיט גרויס חשק געטון.

איין יאַגנאַ איז נישט צוריקגעקומען אויף מיטאָג. מ'האָט זי געזען גיין מיט דער מוטער און מיט די קאָוואַליעס. זיי האָבן קויב באַוויזן פון די שיסלען אויפצושטיין, ווי ראָכאָ איז אַריינגעקומען. זיי האָבן זיך אַ וואָרף געטון צו אים מיט פרייד באַגריסן, וואָרן ער איז זיי געוואָרן אַזוי באַנט, פּונקט ווי אַן אייגענער זיידעשי, און ער האָט זיך באַגריסט שטיל, יעדן עפּעס געזאָגט און אין קאָפּ אַריין אַ קוש געטון. אָבער ווען מ'האָט אים אויפגעגעבן צו עסן, האָט ער נישט געגעסן: ער איז שרעקלעך פאַרמאַטערט געווען און האָט פאַרזאָרגט איבער דער שטוב זיך אַרומגעקוקט. האַנקאַ האָט אָפּגעהיטן זיינע בליקן און נישט געוואַגט זיך צו פרעגן.

— כ'האָב מיך געזען מיט אַנטעקן! — האָט ער שטיל אויסגערופן, נישט קוקנדיק אויף קיינעם.

זי איז אויפגעשפרונגען פון קאַסטן; אַ שרעק האָט זי אַרומגעכאַפּט אַזן זי באַם האַרץ פאַרדריקט, אַז זי האָט קיין וואָרט נישט געקענט אַרויסריידן.

— ער איז פולקאָם געזונד און באַם פולן זינען. כאָטש דער סטראַזשניק האָט אונדז געהיטן, דאָך האָב איך מיט אים אַ גוטע שעה איינגעטענהט.

— ער זיצט אַזוי אין די אייזנס! — האָט זי אַרויסגעשטאַמלט מיט שרעק.

— וואָס רעדט עך!... געוויינטלעך, ווי די אַנדערע!... ס'איז אים נישט אַזוי שלעכט, האָטס נישט קיין מורא.

— ווארן קאַזשיאַל האָט צעפּויקט, אַז מען שלאָגט דאָרט און מען קאָוועט צו צו דער וואַנט.

— אפשר געשעט טאַקע אַזוי ערגעץ אַנדערש... פּאַר עפּעס אַנדערע זאַכן... אָבער אַנטעקן האָט מען נישט אָנגערירט, ער האָט אַזוי געזאָגט.

זי האָט פאַר פרייד די הענט צונויפגעפּלאַכטן, און אַ שמייכל איז איר ווי אַ זון־שטראַל איבערן פּנים אַריבערגעלאָפן.

— און איידער כ'בין אַוועקגעגאַנגען, האָט ער מיר אָנגעזאָגט, אַז עך זאָלט אויך גאָרנישט קוקן און קיילן אַ חזיר נאָך פאַר די ימים־טובים, ווארן ער וויל אויך פון יום־טוב אַן הנאה האָבן.

— מ'הונגערט אים אויס נעבעך דאָרטן דעם אָרימען, מ'הונגערט אויס! — האָט זי פאַרדאגהט אַרויסגעקרעכצט.

— און דער טאַטע האָט דאָך געזאָגט, אַז ווען עס וועט זיך אונטערפּאַשען, וועט ער עס פאַרקויפן — האָט יוזקאַ באַמערקט.

— ער האָט טאַקע געזאָגט, אָבער אַז אַנטעק הייסט קיילן, איז זיין ווילן אַצינד דער ערשטער נאָכן טאַטנס — האָט זי אויפגעהויבן איר שאַרפע פאַרעקשנטע שטימע.

— און ער האָט נאָך געזאָגט, אַז צ'זאָלט אויפן פעלד הייסטון אַלץ, וואָס מען דאַרף, אויף גאָרנישט קוקן. כ'האָב אים דערציילט, ווי אַזוי עך טוט דאָ אַלץ אַזוי ספּריטנע.

— ער האָט עפּעס געזאָגט דערויף? ער האָט געזאָגט?

— אַ פרייד האָט זי ווי מיט אַ זידיקייט פאַרגאָסן.

— ער האָט מיר געזאָגט, אַז אויב עך וועט ווערן, וועט עך ענק מיט אַלעם אַן עצה געבן...

— כ'וועל מיר אַן עצה געבן, כ'וועל מיר אַן עצה געבן! — האָט זי מיט קראַפט אַרויסגעמורמלט, און די אויגן האָבן באַ איר אויפגעגלאַנצט מיט אַן עקשנותדיקן ווילן.

— וואָס הערט זיך עפּעס בייעך באַ ענק?

— גאָרנישט, אַזוי ווי ס'איז געווען... מ'וועט אים איינגיכן כאָטש אַרויסלאָזן? — האָט זי אַ פרעג געטון, ציטערנדיק פאַר שרעק.

— מעגלעך, אַז באַלד נאָך יום־טוב, אפשר אַ ביסעלע שפּעטער, ווי נאָר מ'וועט ענדיקן די אויספאָרשונג... און דאָס וועט זיך פאַרשלעפּן, וואָרן ס'איז אַ גאַנץ דאָרף, אַזוי פיל מענטשן... — האָט ער אָפּגעענטפערט, נישט קוקנדיק איר אין די אויגן אַריין.

— ער האָט זיך כאָטש אויסגעפרעגט אויף דער כאַלופּע, אויף די קינדער, אויף... מיר... אויף אַלע?... — האָט זי מיט שרעק אָנגעהויבן.

— ער האָט אויסגעפרעגט, אוודאי, כ'האָב אים אַלץ דערציילט.

— און... אויף אַלע אין דאָרף?...

ס'האָט זיך איר שרעקלעך געוואָלט וויסן, צי ער האָט זיך אויף יאַנקען אויך געפרעגט, נאָר וואָס, אַז זי איז נישט דרייסט געווען אָפּן דאָס אַרויסצוריידן. אַז עס זאָל איר אַזוי כלאחר יד געלינגען, ער זאָל זיך אַליין אַרויסכאַפּן, האָט זי נישט געקענט באַווייזן, און דערווייל איז אַריבער די געלעגנהייט, ווייל די ידיעה וועגן זיין קומען האָט זיך שוין געהאַט איבערן דאָרף צעטראָגן, און ס'האָבן זיך נאָך פאַר דער אָוונט־תפילה שוין אָנגעהויבן די פויערטעס צונויפצוקומען, זייענדיק אָן אַ שיעור נייגעריק צו הערן עפּעס וועגן זייערע אייגענע.

ער איז אַרויסגעגאַנגען צו זיי פאַרן הויז און, זיצנדיק אויף דער פּריזבע, אויסדערציילט, וואָס ער האָט זיך פון יעדן איינציקן באַזונדער דערוווּסט. און כאָטש ער האָט קיין שום שלעכטס דאָ נישט דערציילט, דאָך האָט זיך אַ ווייבעריש שטיל כליפּען אויפגעהויבן וואָס אַמאָל העכער צווישן דער חברה, דערנאָך אַ הויך געוויין, און נישט איין פאַרביטערט וואָרט האָט זיך געהערט.

דערנאָך ווידער איז ער איבערן דאָרף אַוועקגעגאַנגען, אָפּטרעטנדיק כמעט אין יעדער איינציקער כאַלופּע. ער האָט אויסגעזען ווי אַ הייליקער מיט דער ווייסער באָרד און מיט די אויפגעהויבענע

אויגן, וועלכער האָט צעטראָגן אומעטום אַ טרייסט-וואָרט. און ווי ער האָט אָפּגעטרעטן, האָבן זיך ווי מיט אַ העלקייט די שטובן אָנגעפולט. אין די הערצער האָבן האָפענונגען אויפגעבליט און אַ צוטרוי האָט געשטאַרקט די אומאַנטשלאָסענע, אָבער אויך טרערן האָבן זיך ווי קוואַלן געגאָסן און די אויפגעפרישטע דערינערונגען האָבן נאָך שווערער צוגעדריקט, און די ביטערקייט איז נאָך מיט מער בענקשאַפט געוואַקסן...

וואָרן דעם ריכטיקן אמת האָט געקטן די קלאַנגבאָוועצער צו דער אַגאַטאַ געהאַט געזאָגט, אַז דאָס דאַרף איז געוואָרן ענלעך צו אַן אָפּן בית הקברות; אמת, וואָרן ליפּצע האָט אויסגעזען ווי נאָך אַ מגפה, ווען מען האָט די גרעסטע טייל פון דער באַפעלקערונג אין די קברים אַריינגעלייגט, אָדער גאָר ווי דאַמאָלס, ווען אַ מלחמה טראַטעוועט אַדורך און הרגעט אויס די פויערן, אַזוי, אַז אין די פוסטע כאַלופּעס בלייבן נאָר די געיאָמערן פון די באַבעס, די קינדערישע געוויינען, באַקלאַגערייען, זיפצן און דאָס לעבעדיקע און אָנגעווייטיקטע געדעכעניש פון די עוולות.

אַז ס׳איז נישט איבערצוגעבן אפילו, וואָס עס האָט זיך אין דידאָזיקע פאַרפּייניקטע נשמות אָפּגעטון!

די דריטע וואָך האָט זיך שוין געענדיקט, און ליפּצע האָט זיך נאָך אַלץ נישט געהאַט באַרויקט. פאַרקערט, דאָס געפיל פון דער עוולה און אומגערעכטיקייט איז כסדר אַלץ געוואַקסן, איז טאַקע קיין וווּנדער נישט, וואָס יעדן פרימאָרגן, ווען זיי האָבן זיך נאָר פון שלאָף אויפגעכאַפּט, און יעדן נאָכמיטאָג און פאַרנאַכט — אין די כאַלופּעס, צי אין די הייף, ווו דער עולם האָט זיך נאָר צוזאַמענגעקליבן, האָבן זיך אומאויפהערלעך און יעמערלעך, פּונקט ווי דזשאַדישע תפילות, געטראָגן די באַקלאַגערייען, און אַ באַגער פון נקמה האָט זיך געמערט אין די הערצער, פּונקט ווי אַ טייוולאָניש ביין אומקרויט, אַז די פויסטן האָבן זיך פון זיך אַליין צוזאַמענגעדריקט און בלוטיקע, פאַרביסענע ווערטער האָבן זיך ווי דונערן אַרויסגעריסן.

פאַרשטייט זיך, אַז ראָכאָס ווערטער האָבן געווירקט, פּונקט

זוי דאָס שטעקעלע, מיט וועלכ מען צעשאַרט נישט ווילנדיק אַ פאַרבאָרגן פייער, אַזוי, אַז אַ פלאַם זעצט ווידער מיט כוח אַרויס. באַ אַלעמען איז דאָס געדעכעניש פון אַלע עוולות ווי פאַר די אויגן שטיין געבליבן, צו דער אָוונט־תפילה איז ווייניק ווער געגאַנגען. מען האָט זיך נאָר צוזאַמענגעקליבן פאַר די הייף, צונויפגעקאָמפּאַנירט זיך אויף די וועגן, אין קרעטשמע אַריינגעגאַנגען, באַראַטנדיק זיך, וויינענדיק און אויסרעדנדיק אַלדאָס בייז...

איין האַנקאַ נאָר האָט זיך דערפילט באַרויקטער. זי איז אַזוי צופרידן געווען פון דעם מאַנס אָפּלויבן, ס'האָט זי אַזוי געשטאַרקט, איר אַזוי פיל האָפענונג צוגעגעבן, זי איז אַזוי גיריק געוואָרן צו דער אַרבעט, אַז ס'האָט זיך איר אָנגעהויבן דאַכטן, זי וועט זיך מיט אַלדינג אַן עצה געבן.

באַלד ווי די פויערטעס זענען זיך פונאַנדערגעגאַנגען, איז צוגעקומען די קאָוואַלאָווע צו זיצן אַ ביסל לעבן קראַנקן, האַנקאַ ווידער מיט יוזקען זענען געגאַנגען אין כליוו אַריין באַקוקן דאָס חזיר.

זיי האָבן עס אַרויסגעלאָזט אויפן הויף, און ווייל דאָס חזיר איז געווען אויסגעפּאַשעט, האָט עס זיך באַלד אַ לייג אַריין געטון אין מיסט און זיך נישט געוואָלט מער אַפילו רירן.

— גיב עס שוין היינט נישט קיין עסן, זאָל עס זיך אויסרייניקן.

— כ'האָב עס גראָד טאַקע פאַרגעסן נאָך מיטאָג צו געבן...

— איז גוט אַזוי דאָס מאָל, מ'וואָלט עס געדאַרפן מאָרגן צורעכט מאַכן, האָסט גערופן יאַגוסטינקען?

— זי האָט נאָך צוגעזאָגט היינט צו קומען, אַרום פאַרנאַכט...

— טו דיך אָן און גיב אַ לויף צו יאַמבראָזשין. זאָל ער מאָרגן נאָך דער גאָטעס־דינסט מיט אַלע כלים צו רעכט מאַכן דאָס חזיר.

ער וועט דען קענען? דער דאָבראָדזשעי האָט אָנגעזאָגט, אַז מאָרגן וועלן קומען צוויי גלחים מתוודה זיין.

— ער וועט זיך שוין געפינען צייט!... ער ווייסט, אַז כ'וועל נישט זשאַלעווען קיין בראָנפן, און באַר ער וועט קענען פיין אָפּשעכטן און דאָס פלייש צו רעכט צו מאַכן. יאַגוסטינקאַ וועט אויך צוהעלפן.

— וואָלט איך פאַרטאָג געפאָרן אין שטאָט אריין נאָך זאַלץ און געווירץ...

— ס'האָט זיך דיר פאַרגלוסט זיך איבערצולופטערן!... מ'דאַרף נישט: מ'קריגט אַלץ בײַ יאַנקלען, כ'וועל באַלד אַליין אַהינגיין און ברענגען:

— יוזקאַ! — האָט זי איר נאָך נאָכגעשריגן: — און ווו זענען דאָס פּיעטרעק מיט וויטעקן?

— זיי זענען זיכער געגאַנגען אין דאָרף אריין, פּיעטרעק האָט גענומען די פידל.

— ווען זיי טרעפן, טרייב זיי אַהיים, זאָלן זיי די קאָרי-טע פון דער שאָפּע צו דער כאַלופּע צוטראָגן, מ'וועט זי דאַרפן באַלד איבערפרי אויסצובריען.

יוזקאַ, צופרידן, וואָס זי קען זיך אין דאָרף אריין אַרויס-רייסן, האָט זיך אַ לאָז געטון צו נאָסטקען, כדי צוזאַמען יאַמבראָזשין אויפצוזוכן.

נאָר האַנקאַ האָט זיך נישט געקליבן צו גיין אין קרעטשמע אריין, וואָרן באַלד האָט זיך געבערעגגט צו עלעפן דער טאַטע אירער, דער אַלטער ביליצע, האָט זי אים געגעבן עפּעס עסן, דערציילנדיק אים מיט פרייד, וואָס ראָכאָ האָט פון אַנטעקן איבערגעגעבן, און זי האָט נאָך נישט געהאַט אַלץ פאַרענדיקט, ווי מאַגדאַ האָט אַ פאַל אריין געטון מיט אַ געשריי:

— קומט גיכער, דעם טאַטן איז עפּעס!

באָרינאַ איז טאַקע געזעסן אויפן ראַנד פון בעט, אומקוקנדיק זיך איבער דער שטוב. האַנקאַ איז צוגעפאַלן צו אים, אים צוהאַלטן, ער זאָל נישט אַראָפּפאַלן, און ער האָט זי אָנגעקוקט מיט די אויגן. מיטאַמאָל האָט ער זיי אַ שטעל אָפּ געטון אויף דער טיר, און וועלכער דער קאָוואַל איז גראָד אומגעריכט אריינ-געקומען.

— האַנקאַ!

ער האָט אַרויסגערעדט שאַרף און שטאַרק, אַז זי האָט אַזש אויפגעציטערט.

— כ׳בין דאָך דאָ. רעכטס ענק נאָר נישט, דער דאָקטאָר האָט נישט געהייסן — האָט זי אַ דערשראָקענע געשעפטשעט.

— וואָס הערט זיך דאָרט אין דרויסן?

ער האָט געהאַט אַ צעבראָכענע שטימע, אַזאַ פרעמדע.

— פרילינג גייט, ס׳איז וואַרעם... — האָט זי אַרויסגעשטאַמלט.

— זיי זענען שוין אויפגעשטאַנען?... שוין צייט אין פעלד אַריין..

זיי האָבן נישט געוווּסט, וואָס צו ענטפערן, איבערקוקנדיק זיך איינער מיטן אַנדערן; נאָר מאַגדאַ האָט אַ ריכש אַרויס געטון מיט אַ געוויין.

— פאַרטיידיקטס ענקערס, לאָזטס ענק נישט, פויערן!

ער האָט געשריגן, אָבער די ווערטער האָבן זיך אים אָפּגעהאַקט. ער האָט זיך אָנגעהויבן טרייסלען און בייגן אין האַנטס הענט, אַז די קאָוואַליִעס האָבן איר געוואָלט צוהעלפן; זי האָט אָבער נישט אָפּגעלאָזט, נישט קוקנדיק, וואָס די אָרעמס און דער רוקן זענען איר שוין אָפּגעשטאַנען. זיי האָבן זיך איינגעקוקט אין אים מיט שרעק, אָפּוואַרטנדיק, וואָס ער וועט זאָגן.

— געגרשטן וואָלט מען ס׳ערשטע געדאָרפן זייען.. צו מיר, פויערן!... ראַטעוועטס!... — האָט ער פּלוצלינג שרעקלעך אויסגעשריגן. ער איז שטייף געוואָרן אין אַ פאַל געטון אַהינטער, די אויגן האָבן זיך אים צוגעמאַכט, ער האָט אָנגעהויבן כאָרכלען.

— ער שטאַרבט!... יעזוס!... ער שטאַרבט!... — האָט האַנקע געוואָלטעוועט, טרייסלענדיק אים מיטן גאַנצן כּוח.

אין מאַגדאַ האָט אים גיך אַן אָנגעצונדן גראָמניץ־ליכט אין דער צונמעכטיקער האַנט אַריינגעשטעקט.

— דעם גלח, גיכער, מיכאל!..

אָבער נאָך איידער דער קאַוואַל איז אַרויסגעגאַנגען, האָט באַרינאַ שוין די אויגן געעפנט, אַרויסלאָזנדיק פון דער האַנט דאָס גראָמניצ-ליכט, אַז עס איז צעשמעטערט געוואָרן אויף פּיצלעך.

— ס'איז אים שוין אַריבער, ער זוכט עפּעס...

ער האָט געמורמלט, איינבויגנדיק זיך איבער אים, אָבער דער אַלטער האָט אים מיט געוואַלד כּוח אָפּגעשטופּט און גאַנץ באַוווסטזיניק אויסגערופן:

— האַנקאַ, שיק אַרויס דידאַזיקע מענטשן.

מאַגדאַ האָט זיך מיט אַ געוויין געוואָרפן צו אים, אָבער ער האָט זי, ווייזט אויס, נישט דערקענט.

— איך וויל נישט... מ'דאַרף נישט... טרייב אַרויס... — האָט ער עקשנותדיק איבערגעחזרט.

— טרעטס כאָטש זשע אין פעדערהויז אַריין, שטעלטס ענק נישט אַקעגן... — האָט זי זיך געבעטן.

— גיי אַרויס, מאַגדאַ, איך ריר מיך נישט פון דעם אָרט — האָט ער עקשנותדיק אַרויסגעזיגן, אָנשטויסנדיק זיך, אַז דער אַלטער וויל עפּעס זאָגן האַנקען בסוד.

דער אַלטער האָט דאָס דערהערט, און אונטערהייבנדיק זיך, האָט ער אַזאַ צאָרנדיקן קוק געטון, אַ ווייז טוענדיק אים מיט דער האַנט צו דער טיר, אַז ער האָט זיך אָפּגעטראָגן, ווי אַ הונט, וואָס מען גיט אים אַ קאָפּע. ער איז מיט אַ קללה צוגעשפּרונגען צו דער ווייַנענדיקער מאַגדען אויפן גאַניק, אָבער איז פּלוצלינג אַנטשוויגן געוואָרן, זיך אומגעקוקט און זיך אַ לאָז געטון אין סאָד אַריין, און אַרונטערכאַפּנדיק זיך בגנבה הינטער דעם זייטיקן פענסטער, האָט ער זיך צוגעדריקט דערצו און זיך איינגעהאָרכט. דער צוקאָפּנס פון בעט איז גראָד געשטאַנען דאָ, אַזוי, אַז מען האָט דורך די שויבן געקענט עפּעס דערהערן.

— זעץ דיך אַנידער לעבן מיר...

האָט דער אַלטער באַפוילן נאָך זיין אַרויסגיין.

האָט זי זיך אַנידערגעזעצט אויף אַ שטיקל ראַנד פון בעט, קוים זיך איינהאַלטנדיק פון וויינען.

— אין קאַמער וועסטו געפינען אַ ביסל געלט... באַהאַלט עס, אַז מ'זאָל עס דיר נישט אַרויסרייסן...

— ווו?

זי האָט זיך שוין געטרייסלט פון אויפרעגונג.

— אין דער תבואה...

ער האָט גערעדט שאַרף, אָפּרוענדיק זיך נאָך יעדן וואָרט, און זי איז אים, דערשטיקנדיק אין זיך עפּעס אַ שרעק, אינגאַנצן אַרייַנגעקראָכן אין די אויגן, וועלכע האָבן אויסטערליש געלויכטן.

— זע, ראַטעווע אַנטצקן... אַ האַלב באַלעבאַטישקייט פאַרקויף און לאָז זיך נישט... לאָז נישט... ס'איז דיין...

ער האָט שוין נישט פאַרענדיקט, ער איז בלויז געוואָרן און אַ פּאָר געטון אויפן געלעגער, די אויגן זענען אים אויסגעלאָשן געוואָרן און האָבן זיך ווי מיט אַ נעפּל פאַרצויגן. ער האָט נאָך עפּעס געשטאַמלט און ווי געפּרווט זיך אונטערהייבן.

האַנקאַ האָט אַ געשריי געטון פון שרעק. די קאָוואַליעס זענען תיכף געקומען צו לויפן, האָבן אים געמינטערט, וואַסער געגאָסן, אָבער ער איז שוין נישט צו זיך געקומען און ווי פריִער געלעגן אַ פאַרשטאַרטער און אומבאַווועגלעכער, מיט אָפענע אויגן, ווייט פון דעם אַלעם, וואָס עס האָט זיך געטון אַרום אים.

אַ לאַנגע צייט זענען זיי אַזוי געזעסן לעבן אים. די ווייבער האָבן שטיל געוויינט, און קיינער האָט אַפילו קיין וואָרט נישט אַרויסגערעדט; דער בין השמשות איז שוין צוגעפאַלן, די שטוב איז אין שאָטנס פאַרזונקען, ווען זיי זענען צוזאַמען אַרויסגעגאַנגען, אַזוי, אַז אויפן סטאַוו האָבן שוין נאָר די רעשטלעך שקיעה־שטראַלן צוגעטליעט.

— וואָס האָט ער ענק געזאָגט? — האָט ער שאַרף אָנגעהויבן, פאַרשטעלנדיק איר דעם וועג.

— צ'האָט געהערט.

— אָבער וואָס האָט ער שפּעטער געזאָגט?

— ס'אייגענע וואָס פריִער פאַר ענק...

— האַנקאַ, ברענגט מיך נישט אין כּעס אַריין, וואָרן ס'וועט זיין שלעכט.

— כ'האָב אַזוי פיל מורא פאַר ענקערע כטראַשונקעס, ווי אַט פאַר דעם הונט.

— און ער האָט ענק אַריינגעשטופּט עפּעס אין דער גאָרשטש אַריין... — האָט ער בכיוון צוגעוואָרפן.

— איז וואָס, וועט עץ עס מאָרגן הינטער דער סטאָדעלע געפינען... — האָט זי גיפטיק אָפּגעשפּיצט.

ער האָט זיך אַ וואָרף געטאָן צו איר, און ס'וואָלט אפשר צו עפּעס ערגערס נאָך געקומען, ווען נישט יאַגוסטינקע, וואָס איז גראָד אין דער צייט אָנגעקומען און ווי איר שטייגער איז זיך באַלד אָנגערופן:

— צ'טענהט ענק אַזוי בשלום און פריינטלעך איין, אַז איבערן גאַנצן דאָרף הערט מען אַזש.

ער האָט זי אָנגעשאָלטן וויפיל ס'איז נאָר אַריין אין איר און איז אויפן דאָרף אַוועק.

אַ פינצטערע נאַכט איז באַלד צוגעפאַלן. די וואָלקנס האָבן אַזוי דעם הימל פאַרדעקט, אַז אפילו קיין איין שטערן־שימער האָט זיך נישט דורכגעריסן. אַ ווינט איז אויפגעשטאַנען און האָט די ביימלעך פאַמעלעך געטרייסלט, אַז זיי האָבן טויב און טרויעריק גערוישט.

אין האַנקעס שטוב איז געווען העל און גענוג טומלדיק. דאָס פייער האָט געקנאַקט אויפן קוימען, די וועטשערע האָט זיך געקאָכט, עטלעכע עלטערע ווייבער מיט יאַגוסטינקען בראש האָבן וועגן פאַרשידנס איינגעטענהט, יוזקאַ מיט נאַסטקען און מיט יאַשעק פּושעוואָרעטן זענען געזעסן אויפן גאַניק, וואָרן פּיעטרעק האָט אויף דער פידל אַזעלכע טרויעריקע טענער געצויגן, אַז ס'האָט זיך זיי אַזש געגלוסט צו וויינען; נאָר האַנקאַ האָט נישט געקענט איינזיצן אויף קיין אָרט, אַריינטראַכטנדיק אין באָרינעס רייד, און האָט כסדר צו דער אַנדערער זייט אַ בליק געכאַפּט...

נאָר וואָס?... אַז ס'איז קיין אופן נישט געווען אַצינד אין דער קאַמער צו גיין זוכן: יאַגנאַ איז געזעסן אין שטוב, אַרייַנלייגנדיק די יום־טובדיקע מלבושים אין קאַסטן.

— פּיעטרעק, הער שוין אַמאָל אויף, ס'איז דאָך שוין כמעט דער גרויסער מאַנטיק, און ער דידלט און דידלט, ס'איז דאָך אַן עבירה!

זי האָט זיי אָנגעזידלט. זי איז אַזוי אויפגערעגט געווען, אַז ס'האָט זיך איר אַזש געגלוסט וויינען. ער האָט טאַקע באַלד אויפגעהערט, און אַלע זענען אַרייַנגעגאַנגען אין שטיב אַרייַן.

— ווען פּריצס ברודער, דעם נאַרישן יאַצעק, רעדן מיר! — האָט אייגע דערקלערט.

זי האָט זיך אָבער דאָך נישט געקענט כאַפּן ווען וואָס זיי רעדן, וואָרן די הינט האָבן עפּעס הויך אָנגעהויבן צו בילן פאַרן הויף, ביז זי האָט ווידער אַרויסגעכאַפּט אַ בליק, נאָך מער אונטערדרייצנדיק. לאַפּאַ האָט זיך ווילד אַ וואָרף געטון אין סאָד אַרייַן...

— כאַפּ אים אָן, לאַפּאַ!... נעם אים, בורעק!... כאַפּ אים אָן!...

אָבער די הינט זענען פּלוצלינג אַנטשוויגן געוואָרן, און אומקערנדיק זיך פריילעך געוואָרטשעט.

און נישט איינמאָל האָט זיך דערמאָנט אָוונט דאָס אייגענע איבערגעהערט, אַז ס'איז אַנטשטאַנען בײַ איר אַ שרעקעדיקער חשד.

— פּיעטרעק, פאַרמאַך אַלץ אויף פעסט, ס'מוז עפּעס זיין, אַז עמעצער דרייט זיך דאָ, און אַן אייגענער, וואָס די הינט טוען אים גאָרנישט.

אַלע זענען זיך אײַנגיכן פונאַנדערגעגאַנגען, און באַלד דערנאָך האָט אַ שלאָף דאָס גאַנצע הויז אַרומגענומען, נאָר האַנקאַ איז נאָך געגאַנגען נאָכקוקן, צי די טירן זענען פאַרמאַכט, און דערנאָך איז זי נאָך לאַנג הינטער דער וואַנט געשטאַנען, מיט שרעק זיך אײַנהאָרכנדיק...

— אין דער תּבֿואה... איז אוודאי אין איינעם פון די פּע־

סער... נאָר ס'זאָל מיר נאָר עמעצער דעם וועג בישט פאַר־
כאַפּ !...

אַ קאַלטער שווייס האָט זי פאַר שרעק באַנאָסן, און דאָס
האַרץ האָט אין איר געזאָלט אָנגעהויבן צו קלאַפּן.

זי איז די נאַכט כמעט ניטט געשלאָפן.

## III

— יוזשאַ, מאַך אַ פייער אויפן קימן און נעם צוזאַמן אַלע טעפּ, גיס אָן מיט וואַסער און שטעל צו צום קאַך, איך וועל אַ לויף טון צום ייד נאָך געווירץ.

— איילטס זשע ענק צו, וואָרן יאַמבראָושי קומט באַלד אָן.

— האָב נישט קיין מורא, מיטן טאָג צוגלייך וועט ער נישט קומן צו הינקען ער דאַרף פריער דאָס קלויסטער אין אָרדנונג ברענגן.

— ס'דען, ער וועט אָפּקלינגען און באַלד קומען צו לויפן, וואָרן ראָכאָ וועט אים פאַרטרעטן.

— כ'וועל נאָך דאָנושען, גיב נאָר אַ געשריי אויף די שקצים, אַז זיי זאָלן גיכער די קאָריטע אויסקראַצן און אויפן גאַניק די אַרויפשלעפּן. יאַגוסטינקאַ וועט קומען, זאָל זי אויסוואַשן די צעבער־לעך, די פעסלעך דאַרף מען אויך פון קאַמער אַרויסטראָגן און צוקאָלערן זיי צום סטאַוו, זיי זאָלן זיך אויסווייקן. נאָר פאַרגעט נישט קיין שטיינער אָנצולייגן, כדי דאָס וואַסער זאָל זיי נישט

אַוועקטראָגן. די קינדער וועק נישט אויף, זאָלן זיי זיך שלאָפן די הערימלעך, וועט זיין גערוימער... — האָט האַנקאַ שטרענג אָבגעזאָגט און פאַרדעקנדיק זיך דעם קאָפּ מיטן פאַרטוך, האָט זי זיך געשווינד אַרויסגערוקט אויף דעם פריִען און אָרנטלעך צעזויערטן פרימאָרגן.

דער טאָג, וואָס האָט זיך נאָר וואָס געהאַט געשטעלט, איז געווען אַ וואָלקנדיקער, אַ נאַסער און מיט אַן אומאָנגענעמער קעלט אַדורכגענומען; גרויע נעפּלען האָבן גע־וויכט פון ד־ר דורכגעווייקטער ערד, אַראָפּפאַלנדיק אין אַ דראָבנעם און קאַלטן רעגן; די גליטשיקע, מיט וואַסער פאַרטרונקענע וועגן האָבן זיך געגרויט און די שוואַרץ געוואָרענע כאַלופּעס האָבן זיך קוים אַרויסגעזען פון דעם נאַסן וועטער אַרויס; די דורכגעווייקטע איינגעקאָרטשעטע ביימלעך האָבן זיך ווי־נישט־ווי ציטערדיקע ש־טנס געוויזן, ווי אויס צויטן פון גלאָזיקע נעפּלען געמאַכט, און האָבן זיך אין קוים בליִענדיקן סטאַוו איינגעקוקט, אַזוי, אַז נאָר פון אונט־ר די קודלעוואַטע שלייערן איז געזונקען אַ ציטערדיקער, שטילער פּלעסק פון די טראָפּנס, וואָס ה־בן אומאויפהערלעך אין וואַסער געפּאַטשט; אומעט־ם איז געגאַנגען אַ גאָס־רעגן, אַז מ'האָט די ליכטיקע וועלט נישט אַר־יסגעזען און אַרום און אַרום איז געווען פּוסט.

ערשט דאַמאָלס, ווען דאָס קליינע קלויסטער־גלעקל האָט קרעכצנדיק אָנגעהויבן צו קלינגען, האָבן זיך אָנגעהויבן ווי־נישט־ווי צו רויטלען די ספּודניצעס פון די פויערטעס, וועלכע האָבן זיך מיט די טרוקענערע וועגלעך צום קלויסטער־צו צ געקריגן.

האַנקאַ האָט זיך צוגעאיילט, רעכענענדיק, אַז זי וועט זיך אפשר טרעפן מיט יאַמבראָזשין אויפן וועג, ווו מען דרייט זיך אַראָפּ לעבן קלויסטער, אָבער ער איז נאָך נישט געהאַט אַרויסגעגאַנגען, נאָר ווי אַלע טאָג אין דער צייט האָט זיך דעם גלחס בלינדע פערד געדרייט לעבן דעם סטאַוו, שלעפּנדיק אויף אַ שליטל אַ פאַס; עס איז כסדר שטיין געבליבן און געבליבן שטעקן אין אַ גרוב, נאָר פריִער אויסשמעקנדיק דעם וועג, האָט עס זיך צום סטאַוו געשלעפּט וואָרן דער פאַראַבעק האָט זיך טאַקע גראָד געהאַט לעבן אַ טויער צוליבן רעגן אַראָפּגעבויגן און געריכערט אַ פּאַפּיראָס.

או, איינצ טיק איז ׳אויף פאר דער פלעבאניע אַ בריטשקע
מיט אויסגעפּאַשעטע קאַשטאַן-פערד פאַרפאָרן, פון וועלכער ס'אי
אויסגעשטיגן דער פעטער און רויטער גלח פון לאַזנאָוו.
— ער וועט אויסהערן דאָס מתוודה זיין זיך, און אויף דעם
דאָבראָדזשעי פון סלופּ׳ע קוקט מען נאָר אויס.
זי האָט זיך פאַרטראַכט, אויסקוקנדיק אומזיסט יאַמבראָזשין,
אַז זי האָט זיך באַלד ווייטער אַוועקגעלאָזט לעבן קלויסטער, נאָך
מיט אַ מער בלאָטיקן וועג, וואָס איז געווען אויסגעזעצט מיט הוי-
בכע טאָפּאָלן, אָבער זיי זענען אַזוי פאַרטרונקען געווען אין דעם
נאַסן וועטער, אַז זיי האָבן זיך פונקט ווי דורך אַ פאַרשוויצטער
שויב מיט באַוועגנדע שאָטנס געשימערט; זי האָט אויסגעמיטן די
קרעטשמע און מיט אַ זומפּיק פעלד-וועגל אויף רעכטס זיך פאַר-
נומען.

זי האָט אויסגערעכנט, אַז זי וועט נאָך דאָנזשען צו באַזוכן
דעם טאַטן או, אַ שמועס צו טון מיט דער שוועסטער, מיט וועל-
כער זי איז צייט זי האָט זיך איבערגעצויגן צו באַרינען, שוין איב-
גאַנצן געהאַט שלום געוואָרן.
אַלע זענען געזעסן אין דער כאַלופּע.
— וואָרן יוזקאַ האָט נעכטן אָנגעמאָלן, אַז דער טאַטע איז
שלאַף — האָט זי אָנגעהויבן, אַריבערטרעטנדיק די שוועל.
— אי... כדי ער זאָל נישט צוהעלפן, ליגט ער זיך אויס
אונטערן פעלץ, קר״כצט און מאַכט זיך אַן אויסרייד, אַז ער איז
קראַנק — האָט וועראָנקאַ ברוגזדיק אָפּגעווענדט.
— אַ קעלט איז דאָס דאָ דיר, אַז ס'ציפּט אַזש אין די
פיס.

זי האָט אויפגעציטערט, וואָרן אין דער כאַלופּע האָט
אַדורכגערינען ווי דורך אַ זיפּ און אַ ש טערע בלאָטע האָט די פאָד-
לאָגע באַדעקט.

— ס'איז דען דאָ מיט וואָס צו הייצן! ווער וועט מיר דאָס
די טרוקענע צווייגלעך ברענגען? כ'האָב דען כוח צו לויפן אין
וואַלד אַריין אַזאַ שטיק וועג און אויף די פּלייצעס צו שלעפּן,
אַז ס'איז דאָ אַזוי פיל אַנדערע אַרבעט, אַז מ'ווייסט נישט,

צו וואָס זיך פריִער צו נעמען! כ׳וועל מיר דען מיט אַלעם קענען אַן עצה געבן!

זיי האָבן ביידע אָפּגעזיפצט אויף זייער פּאַריתומטקייט און פאַרלאָזטקייט.

— אַז סטאַכאָ איז געווען, האָט זיך געדאַכט, אַז ער טוט גאָרנישט אויף אין שטוב, און קוים איז ער נישטאָ זעט מען ערשט אַציִנד, וואָס עס הייסט אַ פּויער. פאָרסט נישט אַמאָל אין שטאָט אַריין?

— אוודאי וואָלט איך געוואָלט ווי צום גיכסטן, אָבער ראָכאָ האָט זיך דערוווסט, אַז ערשט אַרום יום־טוב וועט מען צו זיי צו־לאָזן, וועל איך מיך זונטיק פאַרנעמען און דעם אָרימען נעבעך עפּעס פון יום־טובדיקן אַוועקשיקן.

— כ׳וואָלט מיינעם אויך עפּעס אַוועקגעטראָגן, אָבער וואָס בין איך דען אימשטאַנד? דאָס רעפּטעלע ברויט?

— זאָרג דיך נישט, כ׳וועל אָנגרייטן מער, אַז ס׳זאָל גענוגן פאַר ביידע, און מיר וועלן צוזאַמען אַוועקפירן.

— זאָל דיר גאָט באַצאָלן פאַר דיין גוטסקייט, באַ אַ געלעגנהייט וועל איך דיר כאָטשביק מיט אַרבעט אָפּצאָלן.

— מיטן גאַנצן האַרץ גיב איך דיר, נישט אויף אָפּצאַר־בעטן. כ׳האָב איך נישט ערגער פון דיר געהברט מיט דער נויט און איך ווייס, ווי דידאָזיקע צויג בייסט, כ׳געדענק... — האָט זי שמערצלעך אַ שעפּטשע געטון.

— דער מענטש האַלט אָן מיט איר גוטפריינדשאַפט דורך זיין גאַנץ לעבן, ניז נאָר אַכיבע אין קבר אַריין אַנטלויפט ער פאַר איר. כ׳האָב עפּעס יאָ געהאַט אַן אָפּגעשפּאָרטן גראָש; כ׳האָב מיר געטראַכט: אויף וויאָסנע וועל איך מיר קויפן עפּעס אַ חזיר, עס אונטערקאָרמען און ביז קאַרטאָפל־קאָפּען וואָלט צוגעוואַקסן אַ פאָר גילדן. סטאַכאָן האָב איך געמוזט געבן איבער צען גילדן, דאָ אַ גראָשן, דאָרט צוויי, און ווי וואַסער איז עס אינגאַנצן אויסגעריבען און קיין נייעס שפּאָרט זיך נישט אָפּ. אָט אַזוי פיל האָט מען זיך אויסגעאַרבעט, אַז ער האָט מיט דער גראָמאַדע געהאַלטן!...

— ריִד נישט גלאַט אין דער וועלט אַריין, ער איז מיטן

גוטן ווילן געגאַנגען גלייך מיט אַלע אַנדערע, דערשלאָגן זיך צו זיין אייגנס, און איך עך וועט דאָך דאָרט אַ מאָרגע וואַלד האָבן...

— ר׳וועט האָבן!... איידער די זון וועט אויפגיין, וועט דער טוי די אויגן אויספרעסן: ווער ס׳האָט געלט, דער האָט די וועלט, און דו, אָרימאַן, האַנדל מיט הונגער און פריי דיך, אַז וועסט אַ מאָל עסן!...

— ס׳פעלט דיר דען חלילה עפעס? — האָט זי נישט דרייסט אַ פרעג געטון.

— און וואָס האָב איך דאָס? בלויז דאָס, וואָס דער ייִד, אָדער דער מילנער גיבן אויף באָרג! — האָט זי אויסגערופן, מיט פאַרצווייפלונג, פונאַנדערשפּרייטנדיק די הענט.

— כ׳קען דיר גאָרנישט העלפן, כ׳זאָל אַפילו מיטן גאַנצן האַרץ וועלן: כ׳בין נישט אויף מיין אייגנס און כ׳מוז מיך אַליין ווי פון הינט אָפטרייבן און היטן, אַז מ׳זאָל מיך נישט פון דער כאַלופּע אַרויסטרייבן... אַזוי איז שוין, טיילמאָל בעמט עס מיר שיער דעם קאָפּ אַראָפּ פון זאָרגן!...

זי האָט זיך דערמאָנט פון דער הייַנטיקער נאַכט.

— פאַר דאָס טוט שוין יאַגושען פאַר גאָרנישט דער קאָפּ ווי; זי איז נישט אַזאַ נאַר, זי געניסט שוין צו דער זעט...

— וואָס הייסט?

זי האָט זיך אונטערגעהויבן, מיט אומרויִקע אויגן די שוועסטער אָפּגעמאָסטן.

— נישט קיין סכנות, נאָר דאָס, אַז זי געניסט פון אַלעם גוטן ביז איבערן האַלדז אַריבער; פוצט זיך, שפּאַצירט זיך אַרום צו די קומעס און מאַכט זיך יעדן טאָג יום־טוב. נעכטן, למשל, האָט מען זי געזען מיטן וואָיט אין דער קרעטשמע, אין אַלקער זענען זיי געזעסן, און דער ייִד האָט קוים דערדאָנזשעט צו צוטראָגן די האַלבע קוואַטירלעך... זי איז נישט אַזאַ נאַר, אַז זי זאָל דעם אַלטן באַוויערן... — האָט זי גיפטיק צוגעוואָרפן.

— אַלדינג האָט זיין סוף! — האָט האַנקאַ פאַרמרהשחורהט

אַ שעפּטשע געטון, אַרויפּציִענדיק אויף זיך דאָס פּאַרטוך אויפן קאָפּ.

— אָבער וואָס זי כאַפּט אַריין וועט איר קיינער נישט צונע־מען: אַ קלוגע, די יוכע...

— ס'איז גרינגער יענעם אויפן שכל, ווען ס'גייט גאָר־נישט אָן! יאָ, אַ חזיר קיילן מיר הייבט, כאַפּ אַריין אַ בליק אַרום פאַרנאַכט־צו, וועסטו צוהעלפן... — האָט האַנקאַ איבער־געריסן דעם דאָזיקן ביטערן שמועס און זי איז אַרויסגעגאַנ־גען.

זי האָט אַריינגעבליקט צום פאָטער אויף דער אַנדערער זייט, צו דער אַמאָליקער שטוב אירער: דעם אַלטן האָט מען קוים אַרויסגעזען פון דעם געלעגער זיינעם, נאָר ער האָט שטילערהייט צוגעקרעכצט.

— טאַטע, וואָס איז ענק?

זי האָט זיך אַראָפּגעזעצט צו אים.

— גאָרני ט, טעכטערל, גאָרנישט, נאָר דאָס, וואָס דאָס קדחת וואַרפט מיך און עס דריקט מיך שרעקלעך אין גריבל...

— וואָרן ס'איז הינען אַ קעלט און אַ נעץ, ווי אין דרויסן. הייבטס ענק אויף און קומטס אַהין צו מיר, צ'וועט אָפּהיטן די קינדער, וואָרן מיר קיילן אַ חזיר. ס'הונגערט ענק נישט?

— עסן!... אוודאי, אַ ביסל... וואָרן זיי האָבן מיר טאַקע פאַרגעסן נעכטן צו געבן... ווי דען... און זיי אַליין האָבן נאָר גע־געסן קאַרטאָפל מיט זאַלץ... און דאָ איז סטאַכאָ אין קרימינאַל... כ'וועל קומען, האַנוש.., כ'וועל קומען — האָט ער מיט פרייד אויס־געקרעכצט, אַרויסגראַבלענדיק זיך פון געלעגער.

האַנקאַ ווידער, וועלכע איז פול געווען מיט געדאַנקען וועגן יאַגנען, וואָס האָבן זי ווי מיט שאַרפע מעסערס געשניטן, איז געשווינד אַוועקגעלאָפן אין קרעטשמע אַריין, מאַכן דעם איינ־קויף.

פאַרשטייט זיך, אַז דער ייִד האָט שוין אַצינד נישט פאַרלאַנגט פאַרויס קיין געלט, נאָר האָט האַסטיק אָפּגעוווגן און אָפּגעמאָסטן,

וואָס זי האָט נאָר געוואָלט. נאָך אונטערדרוקנדיק איר אונטער די אויגן וואָס אַמאָל אַנדערע זאַכן אויף צו מאַכן איר אַ חשק.

— לאָז יאַנקעל געבן דאָס, וואָס איך זאָג!... כ'בין נישט קיין קינד, כ'ווייס, נאָך וואָס כ'בין געקומען און וואָס איך דאַרף! — האָט זי אויפֿן קול אָנגעזידלט, נישט אַרײַנלאָזנדיק זיך מיט אים אין אַ שמועס.

דער ייִד האָט נאָר אַ שמייכל געטאָן, ווײַל זי האָט אַזוי אויך אָנגענומען אויף הייכער צען גילדן, וואָרן בראָנפֿן האָט זי גענומען עפּעס מער, כּדי ס'זאָל שוין אויך גענוגעבן אויף יום־טוב, און דערבײַ אויך געבײַטלט ברויט, עטלעכע שורות זעמל, עפּעס בא אַ פּערטל שאָק הערינג, און צום סוף האָט זי אַפֿילו צוגענומען אַ קליין פֿלעשעלע אַראַק, אַזוי, אַז זי האָט קוים געקענט דעם פּאַק דערשלעפּן.

— יאַגנאַ מעג זיך פֿאַרגינען, און איך בין אַ הונט? כ'האָרעווע דאָך ווי אַן אָקס!

אַזוי האָט זי געטראַכט, אומקערנדיק זיך אַהיים, אָבער ס'האָט איר באַנג געטאָן, וואָס זי האָט אַזוי פֿיל אויף איבעריקע זאַכן אויסגעגעבן, אַז ווען זי וואָלט זיך נישט געשעמט, וואָלט זי דעם אַראַק דעם ייִד אָפּגעטראָגן.

אין דער כּלופּע האָט זי שוין געטראָפֿן נישט קיין קליינעם טומל פֿון די צוגרייטונגען. יאַמבראָזשי האָט זיך געוואָרמט בײַם קוימען, מאַכנדיק געלעכטערלעך, ווי זײַן שטייגער איז, מיט יאַגוסטינקען, וועלכע איז געוואַלטיק געווען פֿאַרנומען מיטן אויסבריען די כּלים, אַז אַ פּאָרע האָט אַזש די גאַנצע שטוב אָנגעפֿילט.

— כ'האָב געוואַרט אויף ענק, כּדי אַ קלונג צו טאָן מיטן שטעקן איבערן חזירס קאָפּ!

— צ'זענט דאָך עפּעס זייער גיך געקומען!

— ראָכאָ פֿאַרטרעט מיך אין קליידער־צימערל, וואָלעק דעם גלחס העלפֿט בלאָזן דעם אָרגאַניסטער, און מאַגדאַ קערט דאָס קלויסטער אויס. כ'האָב אַלץ צוגעגרייט, אַבי נאָר עסק נישט צו פֿאַרפֿירן! די גלחים וועלן זיך ערשט נאָכן אָנבײַסן נעמען צום

מתוודה זיין. אָבער איז היינט אַ קעלט, אַז ס'נעמט אַזש די ביינער אַדורך! — האָט ער אומעטיק אויסגערופן.

— טרוקענע די ציין און פייער און באַקלאָגט זיך נאָך, אַז ס'איז אים קאַלט! — האָט זיך יוזקאַ פאַרוואונדערט.

— ביסט אַ נאַר: אינווייניק איז מיר קאַלט, אַז דער הילצער־נער פוס איז מיר אַזש פאַרשטאַרט געוואָרן.

— כ'וועל ענק באַלד צוגרייטן, צ'זאָלט ענק דערוואַרעמען. יוזשיאַ, גיב נאַר גיכער אַ ווייק איין די הערינג.

— גיטס אַהער, ווי זיי זענען, נאַר שפּאָר מיט בראָנפן צו־פאַרגיסן, וועט עס פיין דאָס זאַלץ אַרויסציען.

— און עך האָט ענק שטענדיק אייערס אין זינען, מ'זאָל אין האַלבער נאַכט אין די גלעזלעך אַ קלינג טון, וועט עך אויפ־שטיין, אַבי זיך אָנטרינקען — האָט יאַגוסטיקע מיט כעס כאַ־מערקט.

— דער אמת איז אויף ענקער זייט, באָבעשי, אָבער מיר דאַכט זיך, אַז ענק איז די צונג פאַרשרומפן, און צ'וואָלט אויך גע־גערן זי אין בראָנפן איינגעטונקען, האַ? — האָט ער געלאַכט, זיך אַ רייב טוענדיק אין די הענט.

— וואָלסט מיך נאָך נישט, אַלטער שיכור, איבערגעטרונ־קען!

— עפּעס ווייניק מענטשן גייען אין קלויסטער אַריין — האָט זי האַנקאַ איבערגעריסן, זייענדיק נישט זייער צופרידן מיט דידאַ־זיקע געשפּרעכן וועגן בראָנפן.

— וואָרן ס'איז נאָך פרי, זיי וועלן זיך נאָך צוזאַמענלויפן, אין איין אָטעם וועלן זיי לויפן, אויסשאָקלען די עבירות.

— אין זיך אַ ביסל אויסצופוילן, עפּעס נייעס אויסצוהערן און פרישע עבירות אָנצונעמען.

— נאָך פון נעכט, אָן האָבן זיך די שיקסעס געגרייט — האָט פון ערגעץ ייזקאַ אַ פּישטש אַרויס געטון.

— אוודאי ייִיל פאַר זייער גלח שעמען זיי זיך — האָט די אַלטע געפּרוווט טרעפן.

— באָבעשי, ס'זאָלט שוין צייט געווען, צ'זאָלט ענק אָנעקזעצן

אין קלויסטער-פּעדערהויז תשובה טון און די פּאַטשערקעס אויפּציען און נישט קיין אַנדערע צו באַרעדן!

— כ'וועל צוואַרטן, אַז דו זאָלסט דיך זעצן דערלעבן, דו קאַטערפּוס!

— איך האָב צייט, כ'וועל ענק פריער נאָך פיין צוקליגען און מיטן רידל צוגלעטן.

— טשעפּעטס מיך נישט, וואָרן כ'בין אין כעס! — האָט זי שטיל אַ וואָרטשע געטון.

— כ'וועל מיך פאַרשטעלן מיטן שטעקעלע, וועט עך מיר נישט קענען קיין בּיס טון, און ס'איז אַ שאָד אויף די ציינדלעך, וואָרן זיי זענען שוין די לעצטע...

יאַגוסטינקאַ האָט זיך אַ וואָרף געטון פאַר כעס, אָבער זי האָט גאָרנישט געענטפערט, וואָרן האַנקאַ האָט גראָד טאַקע אָנגעגאָסן אַ גלעזל, טרינקענדיק צו זיי, און יוזקאַ האָט דערלאַנגט אַ הערינג, וועלכן ער האָט אָפּגעטרייסלט אָן האָלצערנעם פּוס, אָפּגעשיילט די הויט, צוגעבראָטן אים אויף די קוילעכלעך און מיט חשק אויפגעגעסן.

— גענוג געשפּילט זיך! צו דער אַרבעט, מע טשן! — האָט ער מיטאַמאָל אַ רוף אויס געטון, אַראָפּוואַרפנדיק פון זיך דעם פעלץ, פאַרקאַשערט די אַרבל, אָנגעשאַרפט נאָך דאָס מעסער אויף דעם שטיינדל, גענומען פון ווינקל אַ פעסטן שטעקן, מיט וועלכן מען צערייבט די קאַרטאָפל פאַר די חזירים און פליגק זיך אויפן הויף אַרויסגעלאָזט.

אַלע זענען אים אויף נאָכגעגאַנגען אין הויף אַריין, ער ווידער מיט פיעטרעקן האָבן אַרויסגעפירט פון כליוו אַרויס דאָס פעסט אייגעפּאַשעטע חזיר.

— די מילטער אויפן בלוט, נאָר גיכער! — האָט ער אַ געשריי געטון.

מ'האָט גיך געבערענגט צו טראָגן, דאָס חזיר האָט זיך געריבן אין ווינקל פון דער שטאַל און שטילערהייט צוגעקוויטשעט. זיי האָבן זיך אַרומגעשטעלט אין אַ רעדל, קוקנדיק מיט שטיל-

שווייגן אויף זיינע ווייסע זייטן און אויפן פּעטן, ראָפּהענגענדיקן בויך, ווערנדיק אָרנטלעך אויסגעווייקט; וואָרן דער רעגן האָט געטריפט וואָס אַמאָל געדיכטער און נעפּלען האָבן זיך אויפן סאָד אַרויפגעלייגט; לאַפּאַ האָט נאָר כּסדר געבילן, אַרומלויפנדיק אַרום און אַרום. עפּעס עטלעכע פּויערטעס זענען געבליבן שטיין לעבן הויף און עטלעכע קינדער האָבן זיך אויף די פּלויטן אָנגעהאָנגען, צוקוקנדיק זיך מיט נייגעריקייט.

יאַמבראָזשי האָט זיך איבערגעצלמט, דעם שטעקן גענומען עטוואָס הינטער זיך און אָנגעהויבן צו פאַרגיין דעם חזיר פון דער זייט. מיטאַמאָל איז ער געבליבן שטיין, אַ פּיר געטון מיט דער האַנט, מיט אַ זייט זיך אַ בויג געטון אַזוי שטאַרק, אַז דאָס קנעפּל פון העמד האָט זיך אים באַם האַלדז אויפגעלאָזט, אויסגעשטייפט זיך און ווי ער האָט דאָס נישט אַ זעץ געטון אין חזירס קאָפּ אַריין צווישן די אויערן, אַז דאָס חזיר איז אַזש מיט אַ געקוויטש אַנידערגעפאַלן אויף די פאָדערשטע פיס, און דערנאָך האָט ער אים דערלייגט שוין מיט ביידע הענט, אַז דאָס חזיר האָט זיך אויסגעלייגט אויף אַ זייט, וויערגענדיק מיט די פיסלעך. דעמאָלט האָט ער זיך אויף אים אין איין אויגנבליק אַ זעץ אַרויף געטון אויפן בויך, אַ גלאַנץ געטון מיטן מעסער, און אַזש ביז דער שטיל אין האַרץ אַריינגעקלאַפּט.

זיי האָבן אונטערגעשטעלט די מילטערלעך, דאָס בלוט האָט אַ שפּריץ געטון ווי פון אַ פּלומפּ, אַזש אויף די ווענט פון כליוו אַרויף, און ס'האָט אָנגעהויבן ריזלענדיק צו פליסן, אויפהייבנדיק אַ פּאַרע, פּונקט ווי זידנדיק וואַסער.

— טראָג דיך, לאַפּאַ! קוקסט אים אָן: בלוט ווילט זיך אים, ס'איז דאָך פאַסט! — האָט ער זיך ענדלעך אָנגערופן, אָפּיאָגנדיק דעם הונט און שווער סאָפּענדיק. ער האָט זיך אַ ביסל אָפּגעמאַטערט.

— אויפן גאַניק וועט עץ אָפּבריִען?

— אין שטוב אַריין וועל איך אַריינטראָגן די קאָריטע, מ'דאַרף דאָך אים אויפצוהענגען צום צו רעכט צומאַכן.

— אין שטוב איז ענג, האָב איך מיר געטראַכט.

— צ'האָט דאָך די צווייטע זייט, דעם מאַטנס, דאָרט איז דאָ גענוג אָרט, דעם אַלטן וועט דאָס גאָרנישט שאַטן. .. נאָר גיכער, וואָרן אַ'ידער עס וועט זיך אָפּקילן, וועט עס אים גרינגער די פעל לאָזן! — האָט ער באַפוילן, אויסרייסנדיק אים דערווייל פון רוקן די לענגערע האָר.

און אַ קורצע ווילע אַרום איז דאָס חזיר שוין אָן אָפּגע־בריטס, פון די האָר אָפּגעציפּט, אָפּגעוואַשן, געהאָנגען אין באָרינעס שטוב, צעשפּרייט אויף אַן אָרטשיק, וואָס איז געווען צוגעבינדן צום בעליק.

יאַגנאַ איז נישט געווען: זי איז באַלד אינדערפרי אַוועקגע־גאַנגען אין קלויסטער אַריין, נישט ריכטנדיק זיך אפילו, וואָס דאָ דאַרף פאָרקומען; נאָר דער אַלטער איז, ווי געווײנטלעך, געלעגן אויפן בעט איינגעקוקט ערגעץ מיט פאַרחלשטע אויגן.

פון אָנהייב האָבן זיי זיך געפּאַשעט אין דער שטיל, אָפּט זיך אומקוקנדיק אויפן קראַנקן, אָבער ווייל ער האָט זיך אפילו קיין ריר נישט געטון, האָבן זיי תיכף פאַרגעסן אָן אים, זייענדיק שטאַרק פאַרנומען מיטן חזיר, וועלכעס האָט נישט אָפּגעשאַרט די פריערדי־קע אויסזיכטן, וואָרן סלאַנינע האָט עס געהאַט אויפן רוקן אויף [illegible]־טע זעקס פינגער די גרעב און אָן אַ שיעור שמאַלץ.

— מ'האָט אים אויפגעזוונגען, איבערגעפירט אים, שוין צייט אים מיט בראָנפן צו באַגיסן! — האָט יאַמבראָזשי אויסגערופן, וואַשנדיק די הענט איבער דער קאָריטע.

— קומטס אויף אָנבייסן, ס'וועט זיך שוין געפינען מיט וואָס צו פאַרטרינקן.

פאַרשטייט זיך, אַז נאָך איידער ער האָט זיך גענומען צום באָרשטש מיט קאַרטאָפליעס, האָט ער געמאַכט אַ נישקשהדיקע כוסה, אָבער באַם עסן איז ער נישט לאַנג געזעסן, באַלד זיך נעמענדיק צו דער אַרבעט און צוטרייבנדיק אַלעמען, צום מייסנט יאַגוסטינקען, מיט וועלכער ער האָט צוזאַמען געאַרבעט, וואָרן זי האָט זיך גלייך מיט אים געקענט אויפן זאַלצן און איינפּעקלען דאָס פלייש.

האַנקאַ האָט אויך צוגעהאָלפן, וויפיל זי האָט נאָר געקענט

יוזקאַ האָט זיך אויך געדרן צו עפּעס געגומען, אַבי נאָר איבערצו־בלייבן באַם חזיר און אין דער כאַלופּע.

— העלף צו דאָס מיסט אויפליגן, לאָזן זיי גיכער אַרויס־פירן, וואָרן מיר דאַכט זיך, אַז די ליידיקגייערס וועלן היינט נישט פאַרענדיקן! — האָט זי אַ געשריי געטון אויף איר.

נישט מיט קיין קליינעם פאַרדראָס איז זי אין הויף אַריין אַרויסגעלאָפן אויסלאָזנדיק דעם גאַנצן כעס אויף די שקצים, אַז מ'האָט כסדר נאָכאַנאַנד געהערט איר יאַדען זיך — וואָרן ווי דען!... מ'האָט זי אַרויסגעטריבן דעמאָלט, ווען אין שטוב איז געוואָרן וואָס אַמאָל טומלדיקער, וואָרן יעדע ווײַלע איז אַרײַנגעפאַלן עפּעס אַ קומע, פאַררעדנדיק זיך וועגן עפּעס, ווי שכנים, און דערזעענדיק דאָס הענגענדיקע חזיר, האָט זי די הענט צעשפּרייט און געגומען אויפן קול זיך אָפּוווּנדערן, אַז עס איז אַזאַ גרויס חזיר, אַזאַ אויס־געפּאַשעטס, וואָס אַזעלכעס האָט אַפילו דער מילנער, אָדער דער אָרגאַניסטער נישט געהאַט.

האַנקאַ איז געווען דערמיט זייער צופרידן, זי האָט זיך אָן אַ שיעור גרויס געהאַלטן, וואָס זי קיילט אַ חזיר, און כאָטש ס'איז איר אַ ביסל אַ שאָד געווען דער בראָנפן, נאָר פאַרפאַלן. קוים האָט זי געמוזט, ווײַל אַזאַ מנהג איז געווען באַ אַלע באַלעבאַטים באַ אַזאַ שטייגער יום־טוב, האָט זי שוין מכבד געווען, דערלאַנגענדיק ברויט מיט זאַלץ צו פאַרבײַסן, און געדרן אויסגעהערט די אַלע חניפה־ריידעלעך און פאַרשמועסנדיק זיך אַ ביסל, וואָרן קוים איז איינע אויף יענער זייט שוועל געווען, האָבן שוין אַנדערע די טרעפּעס אין פעדערהויז אָפּגעקלאַפּט, אָפּטרעטנדיק מכלומרשט אויפן וועג אין קלויסטער אַרײַן און ווי אויף אַן אָטפּוסט האָט מען זיך געגרייט אויפן דאָזיקן קורצן לחיים. קינדער האָבן זיך אויך שפּאָר איבער די ווינקלען געפּלאָנטערט און אין די פענסטער אַרײַנגעקוקט, אַז טײלמאָל האָט זיי שוין יוזקאַ געמוזט אָוועקטרײַבן.

וואָרן אויך אין דאָרף האָט זיך געמאַכט נישט קיין קליין גערודער, וואָס אַמאָל האָבן מער מענטשן געצלאַפּעט איבער די וועגן, דאָ האָב זיך וועגן פון אַנדערע דערפער פון צייט צו צייט צעריישט, אַז באַם סטאַוו האָבן זיך, ווי אין אַ פּראָצעסיע,

בסדר גערויטלט די ווייבערישע קליידער, טאָרן דער עולם האָט זיך באַכאַנאַנד געצויגן צום מתוודה זיין זיך, נישט קוקנדיק אויף די שלעכטע וועגן, נישט אויפן ווייענדיקן טאָג, וואָס איז געווען אַזוי אום בגענעם און יעדעס מאָל דאָס וועטער געענדערט, אַז וואָכ אַ פּאָר רגעס, איז דאָ האָט אָנגעהויבן צו רעגענען, דאָ האָט אַ וואָרעמער ווינט איבער די סעדער זיך צעבלאָזן, אָדער ס'האָבן גאָר גראָבע שנייען געשיט, פּונקט ווי די פּערלסגרויפּן; און ס'איז אויך אָנגעקומען אַזאַ שטיקל צייט, וואָס די זון האָט זיך דורך די וואָלקנס דורכגעריסן און ווי מיט גאָלד די וועלט אָפּגעשיט — ווי, איבעריקנס געוויינטלעך, עס געשעט אָפּט אין די ערשטע טעג פון פרילינג — ווען די צייט ווערט ענלעך צו דעם חלומען פון אַ טייל מיידלעך, וואָס אָט לאַכט זי, אָט וויינט זי, אָט איז זי פריילעך, אָט ווערט זי גאָר אומעטיק, און זי ווייסט אַליין נישט, וואָס עס טוט זיך מיט איר.

פאַרשטייט זיך, אַז אויך באַ האַנקען דאָרט האָט קיינער אויפן וועטער נישט געקוקט, און די אַרבעט און דאָס געגאָדעריי איז געגאַנגען, אַז ס'האָט זיך אַזש אויף ווי ווייט צעטראָגן. יאָמבראָזשי האָט זיך גיך צוגעאײַלט, אַנדערע אונטערגעטריבן, ווי זיין שטייגער איז, געלעכטערלעך זיך געמאַכט, נאָר ווייל ר'האָט געמוזט וואָס אַמאָל אין קלויסטער אַריין אַ בליק טון, צי ס'גייט דאָרט אַלץ, ווי ס'געהער צו זיין, איז האָט ער זיך אויף דער קעלט באַקלאָגט און געפאָדערט, מען זאָל אים עפּעס געבן צו דערוואַרעמען.

— די דאָבראָדזשעיעס האָב איך באַזעצט, אַרומגעלייגט זיי מיט אַן עולם, אַז ביז מיטאָג וועלן זיי זיך נישט קענען רירן.

— ס'דען, דער לאַזנאָווער גלח וועט לאַנג נישט אויסהאַלטן: מען זאָגט, אַז די „גאָספּאָדיניע" מוז אים גאַכאַנאַנד די פּאַרצעלייענע כלי דערלאַנגען!

— באָבעשי, שטעקטס נישט אַריין די נאָז, לאָזטס געמאַך די גלחים!

ר'האָט דאָס נישט ליב געהאַט.

— און וועגן דעם פון סלופּיע זאָגט מען אויך, אַז שטעב-

יק באַם מתוודה זיין האַלט ער אַ פלעשעלע מיט שמעקעדיקס אין דער גאָרשטש און פאַרשטופּט זיך די נאָז, וואָרן דאָס פאָלק שטינקט אים, אַזוי, אַז נאָך יעדן אײנציקן, וואָס האָט זיך מתוודה געווען, צעטרייבט ער די שלעכטע לופט מיטן טיכל און רייכערט אויס...

— פאַרמאַכטס דאָס מויל: אַ זאַשע ענק צו גלתים! — האָט ער אַ דערצערנטער אַרויסגעזעצט.

— ראָכאָ איז דאָ אין קלויסטער? — האָט האַנקאָ געשווינד אָנגעהויבן, נישט זייענדיק דעסגלייכן שטאַרק צופרידן פון יאַגוסטינקעס פּיסקעווען.

— ער זיצט פון דער פרי אָן, בשעת דער תפילה האָט ער באַדינט און וואָס מ'דאַרף טוט ער.

— און ווו איז דאָס מיכאַל?

— ער איז געגאַנגען מיטן אָרגאַניסטערס זון קיין זשעפּקע, דעם צעטל אויפצונעמען.

— פאַראַקערט מיט געגדז אין זייעט מיט זעמדלעך, און גייען אַרום אין גאָלדענע העמדלעך! — האָט יאַמבראָזשי אָפּגעזיפצט.

— נאָך ווי אַזוי! צום ווינציקסטן שוין קריגט ער צו אַן אײ פון יעדער פאַרשריבן נפש...

— און פאַר צעטלעך צום מתוודה זיין זיך נעמט ער דאָך באַזונדער צו דריי גראָשן פון יעדער נפש, יעדן טאָג זע איך, וואָס פאַר אַ טאָרבעס מיט פאַרשידענע זאַכן זיי שלעפּן. בלויז אײער האָט די אָרגאַניסטעכע יענע וואָך פאַרקויפט עפּעס באַ צוויי און צוואַנציק שאָק — האָט די יאַגוסטינקע אויסגערופן.

— ווען ער איז אָנגעקומען, איז ער אַפּנים צופיס געקומען צו גיין מיט איין טלומעקל, און אַצינד וואָלסטו אים אויף קיין פּי הויפּישע פורן נישט אַרויסגעפירט.

— דער אָרגאַניסטער זיצט שוין סך־הכל צוואַנציק יאָר אין ליפּצע, די פּאַראַפּיע איז אַ גרויסע, ער אַרבעט, לויפט אַרום, שפּאָרט אָפּ א גראָשן, איז האָט ער זיך אַרויפגעאַרבעט — האָט יאַמבראָזשי פאַרענטפערט.

— אַרויפגעאַרבעט זיך! רייסט פון פאָלק, וויפיל ער קען נאָר, און איידער ער טוט נאָך עמעצן ס'מינדסטע, איז קוקט ער דיר שוין אין דער פרעמדער גאָרשטש אַריי, צו דרייסיק גילדן נעמט ער פון אַ באַגרעבעניש דערפאַר, וואָס ער גיט דאָרט אַ בעטשע אָפּ אויף לאַטייניש און אַ נעם אַ טאָן אויפן אָרגל.

— סוף־כל־סוף איז ער געלערנט אין זיין זאַך און נישט איינמאָל מוז ער זיך גוט דעם קאָפּ ברעכן!

— אוודאי איז ער געלערנט, ווי דינער אַ בעטשע צו טון און ווי גרעבער! און ווי אַזוי אויסצונאַרן.

— אַן אַנדערער אויף זיין אָרט וואָלט פאַרטרונקען, און ער שטעלט אויס דעם זון פאַר אַ גלח.

— איז וועט ער האָבן נישט קיין קליינעם כבוד און פראָפיט! — האָט די אַלטע גיפטיק באַמערקט.

זיי האָבן איבערגעריסן אויפן בעסטן אָרט, וואָרן יאַגוש איז נעגעבן אַ פאַל אַריין, בלייבנדיק מיטאַמאָל שטיין אויף דער שוועל ווי אַן איינגעגראָבענע.

— ווונדערסט דיך אויפן חזיר? — האָט זיך יאַגוסטינקאַ צעלאַכט.

— צ'האָט נישט געקענט דאָרט אויף ענקער זייט קיילן! די גאַנצע שטוב וועלן זיי מיר פאַראומרייניקן — האָט זי זיך פאַרקרעקט, גליענדיק איינגאַנצן פון רויטקייט.

— האָסט צייט, וועסטו דיר אָפּוואַשן! — האָט האַנקאַ, קאַלט באַטאָנענדיק, אָפּגעענטפערט.

יאַגוש האָט זיך אַ וואָרף געטון פאָרויס, ווי צום קריגן זיך, אָבער זי האָט געמאַך געלאָזט, זי האָט זיך נאָר אַ דריי געטון איבער דער שטוב, גענומען די שוואַרצע בייטש קרעלן פון יעזוס־בילדל אַראָפּ, און איבערדעקנדיק דאָס צעקנאָדערטע בעט מיט עפּעס אַ טיכלטשיכע, איז זי אַן אַ וואָרט אַרויסצורעדן אַוועקגעגאַנגען, כאָטש די ליפּן האָבן איר פון באַהאַלטענעם כעס געציטערט.

— צ'וואָלט צוגעהאָלפן, אַזוי פיל אַרבעט איז דאָ! — האָט איר אין פעדערהויז יוזקאַ געזאָגט.

זי האָט אויפגעעפנט אויף איר אַ מויל מיט אַזאַ כעס, אַז מען האָט קיין ווערטער אפילו נישט אַרויסגעהערט און ווי אַ משוגענע איז זי אַנטלאָפן. וויטעק האָט איר נאָכגעקוקט און געזאָגט, אַז זי האָט זיך גלייכיטשקע צום קאָוואַל אַוועקגעלאָזט.

— לאָז זי זיך גיין: זי וועט זיך אַ ביסל פון האַרץ אָפּרעדן, וועט איר גרינגער ווערן!

— ס'וועט ענק ווידער אויסקומען צו פירן אַ מלחמה! — האָט יאַגוסטינקאַ שטילער באַמערקט.

— ליבע מענטשן מיינע, ס'טייטש כ'לעב דאָך נאָר מיט מלחמה! — האָט זי רויק אָפּגעווענדט, כאָטש זי האָט זיך געשראָקן, וואָרן זי האָט דיר פאַרשטאַנען, אַז דער קאָוואַל וועט דאָ אַ ליאַדע מינוט קומען צו לויפן, און אַן אַן ערנסטער קריג וועט דאָ נישט אָפּגיין.

— אָט, אָט קומען זיי צו לויפן! — האָט יאַגוסטינקאַ מיט מיטגעפיל אַרויסגעשעפּטשעט.

— האָט נישט קיין מורא, כ'וועל אויסהאַלטן, זיי וועלן מיך נישט אָפּשרעקן — האָט זי זיך מיט אַ שמייכל אָפּגערופן.

יאַגוסטינקאַ האָט אַזש מיטן קאָפּ אַ שאָקל געטון פון באַוווּנדערונג אויף איר, איבערקוקנדיק זיך מיט איינפאַרשטענדיקונג מיט יאַמבראָזשין, וועלכער האָט גראָד די אַרבעט אַוועקגעלייגט.

— כ'וועל נאָר אַ בליק טון אין קלויסטער אַריין, כ'וועל קלינגען אויף מיטאָג און מיך באַלד אומקערן צום עסן! — האָט ער אויסגערופן.

ער איז טאַקע באַלד צוריקגעקומען, דערציילנדיק, אַז די גלחים זיצן שוין באַם טיש, אַז דער מילנער האָט געשיקט אַ גאַנצע נעץ פיש, און אַז נאָך מיטאָג וועלן זיי נאָך מתוודה זיין, וואָרן אַ שפּאָרער עולם וואַרט נאָך.

דאָכן גיכן אין קורצן, נאָר נשקשהדיק באַנעצטן מיטאָג, וואָרן יאַמבראָזשי האָט זיך נעבעך טרויעריק באַקלאָגט, אַז דער בראָנפן איז צו שוואַך פאַר אַזעלכע פאַרזאַלצענע הערינג, האָבן זיי זיך ווידער גענומען צו דער אַרבעט.

יאַמבראָזשי האָט גראָד צעפערטלט דאָס חזיר און אָפּגעשניטן שטיקער פלייש אויף קעלבאַס, און יאַגוסזינקאַ האָט, פונאַנדערלייגנדיק די זייטלעך חזיר אויפן טיש, וואָס מ'האָט פון אַ טיר געמאַכט, צעשניטן די סלאַנינע, זאָרגזאַם זיי באַזאַלצנדיק, ווי דער קאָוואַל איז אַריינגעלאָפן.

פון פנים האָט מען אים אָראָפּגעזען, אַז ער האָמעוועט זיך קוים איין.

— כ'האָב געגרישט געזען, אַז צ'האָט ענק אַזש אַזאַ גרויס חזיר געקויפט! — האָט ער מיט אַ שטאָך אָנגעהויבן.

— און אָט האָב איך געקויפט און כ'קייל, ענק זעט!

אַ פחד האָט זי אַ ביסל אַרומגענומען.

— אַ היפש חזיר, צ'האָט געמוזט געבן דערפאַר אַ דרייסיק רובל.

— ר'האָט עס אויפמערקזאַם באַטראַכט.

— און אַ סלאַנינע האָט עס אַ גראָבע, אַז מען דאַרף זוכן! — האָט זיך די אַלטע צעלאַכט, אונטערדרוקנדיק אים אונטער די אויגן אַ זייטל סלאַנינע.

— אי... נישט קיין גאַנצע דרייסיק האָב איך געגעבן, נישט קיין גאַנצע! — האָט האַקאַ מיט אַ געלעכטער אָפּגעענטפערט.

— ס'איז דאָך באַרינעס חזיר! — האָט ער מיטאַמאָל אַרויסגעזעצט, נישט קענענדיק שוין מער איינהאַלטן אין זיך דעם כעס.

— ווי שאַרפקעפיק דאָס איז: אַפילו לויטן ווידל דערקענט ער וועמעס ס'איז! — האָט געחוזקט פון אים די אַלטע.

— מיט וואָס פאַר אַ רעכט איינגעטלע האָט ענק עס געקיילט — האָט ער אַן אויפגערעגטער אויסגעשריגן.

— שרייט נישט, וואָרן ס'איז דאָ נישט קיין קרעטשמע, און מיט דעמדאָזיקן רעכט, וואָס אַנטעק האָט דורך ראָכן געהייסן עס קיילן.

— וואָס האָט עס דאָ אַנטעק צו באַפעלן? ס'איז זיין?

— אַוודאי איז עס זיין!

זי איז שוין באַ זיך פעסטער געוואָרן, זי האָט אָנגענומען שיט צום קאַמף.

— צו אַלע געהערט עס!... צ'וועט טייער באַצאָלן דער־פאַר!

— נישט פאַר דיר וועט מען אָפּגעבן אַ דין וחשבון!

— נאָר פאַר וועמען! אין סאַנד אַריין וועט גיין אַן אַנ־קלאָגע.

— שטילערס, פאַרמאַכטס דאָס פּיסק, וואָרן דער קראַנ־קער ליגט דאָך דאָ, און זיין איז דאָס אַלץ...

— אָבער עך וועט דאָס עסן.

— אַוודאי, אַז כ'וועל ענק אַפילו קיין שמעק דערפון נישט געבן.

— אַ האַלב חזיר גיטס אונדז, און וועל איך ענק נישט מאַכן קיין גיהנום — האָט ער ווייכער אַ מורמל געטון.

— מיט בייזן וועט עך אַפילו קיין איין פיסל נישט קריגן.

— אין מיטן גוטן ווילן גיטס מיר אָט דאָס פערטל און אַ ווייטל סלאָנינע.

— אַנטעק וועט ענק הייסן געבן, וועל איך געבן, אָבער אָן זיין באַפעל אַפילו קיין ביינדל נישט.

— די באַבע איז משוגע געוואָרן!... ס'איז אַנטעקס חזיר, צי וואָס? — ס'האָט אים ווידער אָנגעכאַפּט דער כעס.

— דעם טאַטנס איז אַזוי גוט, ווי ס'וואָלט געווען אַנטעקס, וואָרן קוים איז דער טאַטע קראַנק, איז באַפעלט ער דאָ אויף זיין אָרט און מיט זיין קאָפּ גייט דאָ אַלדינג. און דערנאָך וועט זיין, ווי פאַן יעזוס וועט געבן...

— אין קרימינאַל זאָל ער זיך באַפעלן, אַז מ'וועט אים דערלויבן... ס'שמעקט אים אָן די באַלעבאַטישקייט, מ'וועט אים אַוועקשלעפּן אין קייטן קיין סיביר, איז דאָרט וועט ער זיך באַ־לעבאַטעווען! — האָט ער מיט שוים אויסגעשריגן.

— אַ זאַשע דיר צו אים!... קען זיין מען וועט אים

אויעקשלעפּן... נאָר, וועסט סיי ווי נישט אָפּבייסן פון די בייט,
כדי זאָלסט דערפאַר נאָך אַן ערגערער יודאַש ווערן פאַרן פאָלק! — האָט זי צאָרנדיק געזאָגט, אויפטרייסלענדיק זיך מיט אַ פלוצ-לינגער מורא צוליבן מאַן.

דעם קאָוואַל האָבן אַזש די פיס אָנגעהויבן צו ציטערן און די הענט האָבן זיך אים אָנגעהויבן צו טרייסלען און קלאַפּ אויף דעם אַנטון, ר'האָט אַזאַ מין חשק דערפילט זי אָנצוכאַפּן באַם האַלדז, אַרומשלעפּן זי איבער דער שטוב און אָנקאָפּען, אָבער ר'האָט זיך נאָך איינגעהאַלטן: ס'זענען געווען מענטשן — נאָר ר'האָט געשאָסן צו איר מיט זיינע גרויזאַמע שליפּיעס, נישט קענענדיק אפילו קיין וואָרט אַרויסברענגען. אָבער זי האָט זיך נישט דערשראָקן, נעמענדיק דאָס מעסער צו שניידן דאָס פלייש און שטרענג, מיט פאַראַכטונג געקוקט אויף אים, אַז ר'האָט זיך אַזש אויפן קאַסטן אַנידערגעזעצט, פאַרדרייט אַ פאַפּיראָס און מיט די רויטע שליפּיעס איבער דער שטוב אַרומגעלאָפן, טראַכטנ-דיק עפּעס אין זיך און אויסרעכענענדיק, וואָרן ר'איז געשווינד צעגעבן אַ שפּיי אויף און גוטמוטיק אַ זאָג געטון:

— קומטס נאָר אויף דער צווייטער זייט, כ'וועל ענק עפּעס זאָגן אויף שלום.

זי האָט אָפּגעווישט די הענט און געגאַנגען, לאָזנדיק אויפ-געפּראַלט די טיר.

— כ'וויל מיך נישט מיט ענק סאַנדעווען און נישט קריגן — האָט ער אָנגעהויבן, פאַררייכערנדיק דעם פּאַפּיראָס.

— וואָרן צ'וועט גאָרנישט פון מיר געווינען!

זי האָט זיך ווידער באַרוקט.

— ר'האָט נאָך עפּעס געזאָגט נעכטן דער טאַטע?

ער איז שוין געווען ווייך, געשמייכלט צו איר.

— ניין... ר'איז געלעגן שטיל, אַזוי ווי ער ליגט היינט...

אַ פאַרדאַכטלעכע פילבאַרקייט האָט זיך אין איר אויפגע-וועקט.

— ס'חזיר איז אַ קליינקייט, נישט כדאי צו רעדן, קיילטס

עס ענק און עסטס עס אויף, ס'איז אייער זאַך... ס'איז נישט מיין שאָדן. אַ מענטש פלוידערט אַמאָל, וואָס עס טוט אים באַנג דערנאָך, געדענקסט דאָס נישט, וואָס כ'האָב ענק געזאָגט! ס'גייט וועגן אַ וויכטיקערן ענין... צ'ווייסט, מ'שמועסט אין דאָרף, אַ' דער טאַטע זאָל עפּעס האָבן אַ שפּאָרן גראָשן ערגעץ אין דער כאַלופּע באַהאַלטן... — ר'האָט אָפּגעהאַקט, איינגראָבנדיק זיך מיט די אויגן אין איר פּנים. — ס'וואָלט זיך געלויבט אַ זוך צו טון, חלילה וחס ווען ער שטאַרבט, קען עס נאָך ערגעץ פאַרפאַלן ווערן, אָדער עמעצער אַ פרעמדער קען עס צונעמען.

— וועט ער דען זאָגן, ווו ער האָט עס באַהאַלטן!

אַ טיפע נישטדורכדרינגלעכקייט איז איר אין די אויגן געלעגן.

— ענק וואָלט ער אויסגעזאָגט, צ'זאָלט אים נאָר קלוג באַ דער צונג אַ ציי טון.

— לאָז ער נאָר צום שכל קומען, וועל איך אים אַ פרווו טון אויספרעגן...

— צ'זאָלט זיין קלוג און האַלטן די צונג צווישן די ציין. איז וועגן דעם, אויב דאָס געלט וואָלט זיך געפונען, דאַרפן מיר נאָר ביידע וויסן. ס'וואָלט זיך געפונען אַ גרעסערע סומע, איז וואָלט גרינגער געווען אַנטעקן פון קרימינאַל אויסצוקויפן... און צוואָס דאַרפן דאָס אַנדערע וויסן?... יאַגנאַ האָט געבויג דאָס, וואָס מ'האָט איר פאַרשריבן... און מ'האָט אויך געקענט האָבן אויפן פּראָצעס, מ'זאָל באַ איר די פּאָר מאָרגעס קענען אָפּנעמען... און גזשעלאַן האָט מען ווייניק דאָס געשיקט צו די זעלנער! — האָט ער געשעפּטשעט, אָנבייגנדיק זיך צו איר.

— צ'זאָגט גאַנץ ריכטיק... אוודאי... — האָט זי געשטאַמלט היטנדיק זיך, כדי זיך מיט עפּעס נישט אַרויסצובאַפּן.

— איך רעכן, אַז ער האָט עס געמוזט ערגעץ אין דער באַלופּע באַהאַלטן... ווי מיינט עך?

— איך ווייס, אַז ר'האָט מיר דערפון קיין וואָרט נישט געזאָט אפילו פאַלן?...

— וועגן תבואה האָט ער עפּעס נעכטן גערעדט מיט ענק... צ'געדענקט נישט אַמאָל? — האָט ער אונטערגערוקט.

— יאָ, טאַקע, ער האָט דערמאָנט וועגן פאַרזייען.

— און וועגן פעסער האָט ער עפּעס גערעדט — האָט ער זי דערמאָנט, נישט אַראָפּלאָזנדיק פון איר קיין אויג.

— וואָס הייסט! טאַטש אין די פעסער שטייט דאָך די תבואה צום זייען — האָט זי אויסגערופן, מכלומרשט ווי נישט פאַרשטייענדיק.

ער האָט זי געשאָלטן שטילערהייט, נאָר אַצינד איז ער בײַ זיך וואָס אַמאָל פעסטער געוואָרן, אַז זי ווייסט עפּעס; ער האָט דאָס אַראָפּגעלייענט פון איר פאַרשלאָסן פּנים און פון דעם צו פיל פאַרבאָרגענעם און שרעקנדיקן בליק.

— און דאָס, וואָס כ'האָב ענק פאַרטרויט צעפּלוישטסט נישט...

— אַ פליאַטקע־דערציילערין בין איך דען, וואָס איילט זיך מיט נײַעסן צו די קומעס?...

— טאַטש כ'וואָרן ענק נאָר... נאָר היטס אָפּ גוט, וואָרן קוים האָט דעם אַלטן שוין איינמאָל אין קאָפּ אויפגעלויכטן, איז קען מעגלעך זײַן, אַז אַ ליאַדע מיגוט זאָל אים אינגאַנצן ליכטיק ווערן...

— נו... הלוואי לאָז נאָר וואָס גיכער קומען דערצו!...

ער האָט אַ וואָרף געטון אויף איר מיט זײַנע קלעביקע אויגן איין מאָל און ס'צווייטע מאָל, אַ דראַפּע געטון זיך אין די וואָנסעס און אַרויסגעגאַנגען, באַגלייט פון אירע אויגן פול מיט באַהאַלטע־נעם שפּאָט.

— יודאַש, שטשערווע, גזלן!

זי האָט אַרויסגעזעצט מיט אַ שנאה, מאַכנדיק נאָך אַ פּאָר טריט נאָך אים; וואָרן דאָס איז דיר נישט דאָס ערשטע מאָל, וואָס ער וואַרפט איר דראָונגען און שרעק אין די אויגן אַריין, אַז מ'וועט אַנטעקן קיין סיביר אַ עקשיקן און צו אַ טאָטשקע צושמידן.

פאַרשטייט זיך, אַז זי האָט נישט אינגאַנצן געגלייבט דערין, פאַרשטייענדיק, אַז צום מיינסט פאַר כעס פּיסקעוועט ער אַזוי, כדי

זי איבערצושרעקן און אַזוי אַרום זי גרינגער פֿון דער כּאַלופּע אַרויסצובייסן.

אָבער טראָץ דעם, האָט זי נישט קיין קליינע מורא געפּרעסן וועגן אים. זי איז אַרומגעלאָפֿן געוויר ווערן טיילמאָל, ווו זי האָט באָר געקענט, וואָס פֿאַר אַ שטראָף ער קען באַקומען, טראַכטנדיק מיט אומעט, אַז אינגאַנצן טרוקן אָפּגיין, וועט עס אים נישט אָפּגיין.

— אינדעראמתן אַריין גערעדט, האָט ער דאָך דעם אייגעבעם טאַטן פֿאַרטיידיקט, אָבער ער האָט פֿאָרט דעם גאַיאָווע דערממיתט, איז, פֿאַרשטייט זיך, אַז מ'וועט אים באַשטראָפֿן, דערפֿאַר, ווי דען...

אַזוי האָבן געזאָגט די מער מיושבדיקערע מענטשן, אַזוי, אַז זי האָט זיך צו קיין שום אמת נישט געקענט דערשלאָגן, וואָרן יעדער האָט עפּעס אַנדערש אויסגעפּשטלט. דער אַדוואָקאַט אין שטאָט, צו וועלכן דער גלח האָט זי מיט אַ בריוו געשיקט, האָט געזאָגט, אַז ס'קען זיין פֿאַרשידנס: אי גאָר שלעכט, אי גאָר נישקשה, מ'דאַרף נאָר אויף דער ספּראַווע קיין געלט נישט צו קאַרגן און געדולדיק אָפּצוואַרטן. אין דאָרף ווידער האָט מען זי צום מיינסטנס אָפּגעשראָקן, ווייל דאָס האָט דער קאָוואַל אונטערגעזאָגט זייבע אויפֿטוען און אַלע אַזוי אָנגעדרייט.

איז טאַקע קיין וווּנדער נישט, וואָס אויך אַצינד זעבען איר זייבע ווערטער ווי שטיינער אויפֿן האַרץ געפֿאַלן. די פּיס האָבן זיך אונטער איר געטרייסלט באַ דער אַרבעט, זי האָט נישט געקענט רעדן, אַזוי האָט זי די מורא פֿאַרשטיקט, און דערצו באָך ווידער איז מאַגדאַ באָך זיין צוועקגיין געקומען צו לויפֿן און אַניי דערגעזעצט זיך באַם קראַנקן, אָפּיאָגנדיק פֿון אים מכלומרשט די פֿליגן, וואָס זעגען נישט געווען, און פֿאָרשנדיק אַלץ אויפֿמערקזאַם מיט די שליפּיעס.

אָבער, ווייזט אויס, אַז דאָס איז איר גיך פֿאַרמיאוסט געוואָרן, וואָרן זי האָט זיך געבעטן, מ'זאָל איר געבן עפּעס אַן אַרבעט.

— מאַטער דיך נישט, מ'וועט זיך שוין אַליין אַן עצה געבן, האָרעוועסט דיך ווייניק אין שטוב אָן!

האַנקאַ האָט זי אָפּגעווענדט מיט אַזאַ טאָן, אַז מאַגדאַ האָט געמאַך געלאָזט, זי האָט נאָר פֿון צייט־צו־צייט עפּעס אַ רעד געטון און שרעקנדיק זיך, וואָרן זי איז שוין אַזוי פֿון געבוירנשאַפֿט אָן געווען אַ נישט דרייסטע און אַ שווייגערין.

און עפּעס אַרום סאַמע פֿאַרנאַכט־צו האָט זיך יאַגוש ווידער באַוויזן, אָבער צוזאַמען מיט דער מוטער.

זיי האָבן זיך באַגריסט גלייך זיי וואָלטן צווישן זיך אין בעסטן שלום געלעבט און אַזוי פֿריינטלעך און חניפֿהדיק, אַז ס'האָט אויש האַנקען געאַרט, און כאָטש זי האָט זיי אָפּגעצאָלט מיט דעם אייגענעם, נישט קאַרגנדיק קיין גוטע רייד, נישט אַפֿילו קיין בראָנפֿן, פֿונדעסטוועגן האָט זי זיך געהאַלטן אויף דער וואַך. אָבער די דאָמיניקאָוואַ האָט אָפּגעריקט דאָס גלעזל.

— ס'איז די גרויסע וואָך! וועל איך דאָרט גיין בראָנפֿן טרינקען!

— ס'איז דאָך נישט אין קרעטשמע און באַ אַ געלעגנהייט איז דאָך נישט קיין עבֿירה! — האָט האַנקע באַרעכטיקט.

— דער מענטש מאַכט זיך גערן אַלץ גרינג און זוכט שטענדיק באַ אַ געלעגנהייט זיך אויסצודרייען...

— טרינקטס, באַלעבאָסטע, צו מיר, איך בין נישט קיין אָרגאַניסטער! — האָט יאַמבראָזשי אויסגעשריגן.

— לאָז מען נאָר אַ קלינג טון מיט גלעזל, איז טראָגט עס ענק באַלד אונטער — האָט די דאָמיניקאָוואַ אַ בורטשע געטון, געמענדיק זיך צו באַטראַכטן דעם קראַנקנס קאָפּ.

— טה... אויף ווען דאָס קלויסטער־גלעקל ווירקט, אַז ער קלאַפּט זיך אין האַרץ אַריין אויף זיינע עבֿירות, און אויף אַן אַנדערן ווידער ווירקט דער קלאַנג פֿון אַ פֿלעשל, אַז ער זוכט באַלד אַ גלעזל לעבן זיך...

— ער ליגט נעבעך דער אָרימער, ליגט, און ווייסט נישט,

אויף וועלכער וועלט ער איז! — האָט זי טרויעריק איבער באַריי-
גען אויסגערופן.

— און ער וועט קיין קעלבאַס נישט עסן און קיין בראָנפן
נישט פאַרזוכן! — האָט מיטן זעלבן נגון און מיט אַן אַ שיעור
הוזק די יאַגוסטינקאַ ווייטער געצויגן.

— ענק ליגט נאָר צו וויצלען זיך אין קאָפּ! — האָט זי
מיט כּעס זי אָפּגעמוסרט.

— און וואָס איז? מיט ווייבען וועל איך מיר מיין אָרימ-
קייט נישט אַוועקגעמען. אַזוי פיל איז מיינס, וואָס איך גיב אַמאָל
אַ לאַך.

— ווער ס'פאַרזייעט שלעכטס, זאָל ער שניידן טרויער און
נאָל ער תשובה טון!...

— נישט בחנם זאָגט מען, אַז יאַמבראָזשי, כאָטש ער דינט
באַם קלויסטער, פונדעסטוועגן איז ער גרייט זיך מיטן טייוול צו-
חברן, אַבי ער זאָל זיך פאַרגרינגערן און געניסן!... — האָט די
דאָמיניקאָוואַ אויסגערופן אויפן קול, באַוואַרפנדיק אים מיט שטרענ-
גע בליקן.

— אַנטקעגנשטעלן זיך דעם גוטן און זיך מיטן טייוול חברן
קען נאָר דער דאָס באַווייזן, ווער ס'זעט נישט פאַר, וואָס פאַר אַ
שכר ער וועט דערפאַר באַקומען — האָט זי שטילער, ווי מוסרנ-
דיק, צוגעגעבן.

אַ שטילשווייגן איז אויף דער שטוב געפאַלן, יאַמבראָזשי
האָט זיך מיט כּעס אַ דריי געטון, אָבער ער האָט אין זיך איינגע-
האַלטן אַ שאַרפן ענטפער, וואָרן ר'האָט דיר געוווסט, אַז אַזוי אויף
וועט שוין דער דאַבראָדזשעי וויסן יעדער וואָרט זיינס צום שפּעטסטנס
מאָרגן נאָך דער תּפילה; נישט בחנם איז די דאָמיניקאָוואַ כּסדר
אין קלויסטער געזעסן... און אויף באַ די איבעריקע זענען די
מיילער אונטער איר פאַרכמורעטן בליק פאַרפרוירן געוואָרן; אַפילו
די פאַרביסענע יאַגוסטינקע איז מיט שרעק אַנטשוויגן געוואָרן.

וואָס הייסט, ס'גאַנצע דאָרף האָט פאַר איר מורא געהאַט;
ס'האָט שוין אַפּנים נישט אייגער דערפילט אויף זיך דעם כּוח פון

אירע בייזע שליפּיעס, נישט איינעם האָט עס שוין צעדרייט און קראַנק געמאַכט, ווען זי האָט אים אָן עין הרע געטון.

זיי האָבן געאַרבעט אין דער שטיל מיט אַראָפּגעבויגענע ציטערדיקע פֿינגער, אַזוי, אַז נאָר זייער הייסע, טרוקענע און צע-אַקערטע צורה, פּונקט ווי פֿון געהייצטן זאַמד, האָט זיך איבער דער שטוב אַרומגעטראָגן. זי האָט זיך אויך גאָרנישט אָנגערופֿן, נעמענדיק זיך מיט יאַגנען אַזוי ראַש צוצוהעלפֿן, אַז האַנקאַ האָט נישט געוואָגט נישט צו לאָזן.

און ווייל יאַמבראָזשין האָט דער גלחס פּאַראָבעק אַוועק-גערופֿן אין קלויסטער אַריין, זענען זיי נאָר איבערגעבליבן אַליין, זאָרגפֿעלטיק איינלייגנדיק דאָס פֿלייש און די זייטלעך סלאָנינע אין די צעבערלעך און אין די פֿעסער.

— אין דער זייט אין דער קאַמער וועט זיין קילער פֿאַרן פֿלייש, מ'הייצט ווייניק אין דער שטוב... — האָט די אַלטע באַפֿוילן, אַריינשטעלנדיק דאָרט די כּלים צוזאַמען מיט יאַ-גושען.

ס'איז אַזוי גיך געשען, אַז איידער האַנקאַ האָט זיך נאָך געקענט אַקעגנשטעלן, איידער זי האָט זיך נאָך געכאַפּט, האָבן זיי שוין געהאַט אַריינגעקאָלערט אין קאַמער אַריין, איז האָט זי דעריבער אַ שרעקלעך דערצערנטע אָנגעהויבן געשווינד איבער-צוטראָגן אין איר זייט אַריין, וואָס ס'איז נאָר געהאַט איבער-געבליבן, צורופֿנדיק ייִזקען און פּיעטרעקן צו הילף.

שוין אין סאַמע אָוונט, ווען מ'האָט שוין אָנגעצונדן פֿיי-ער, האָבן זיי זיך געאײַלציק גענומען צו מאַכן די קעלבאַסעס, קיש-קעס און די גראָבע געפּרעסטע וווּרשטן. האַנקאַ האָט געהאַקט דאָס פֿלייש מיט עפּעס אַזאַ מרה-שחורהדיקער אויפֿגערעגטקייט, אַזוי איז זי נאָך אין כּעס געווען.

— כ'וועל נישט איבערלאָזן אין יענער קאַמער, זי זאָל עס אויפֿזשלאָקען אָדער אַרויסטראָגן! נישט בײַ דײַן לעבן! דאָס איז דיר אַ כיטרע שטיק! — האָט זי ענדלעך צווישן די ציין אַרויסגעמורמלט.

— אינדערפֿרי, שטילערהייט, ווען זי וועט גיין אין קלויס-

טער אריין, זאָל מען אַלץ איבערטראָגן אין ענקער קאַמער אריין, און ס'העט זיין אויס געשריי. זי וועט עס דאָך נישט גיין אָפּ-געמען מיט געוואַלט! — האָט די יאַגוסטינקאַ געצהט, אריינ-שפּריצנדיק פלייש אין לאַנגע וואַמפּן, אַז זיי האָבן זיך אַזש אויפן טיש צונויפגעדרייט, פונקט ווי די רויטע און פעטע שלאַנ-גען און וואָס אַ ווײַלע זיי אויף דער לייסט איבערן קוימען אויפ-געהאָנגען.

— לאָז זי פּרווון! זיי האָבן זיך אָפּגערעדט און מיט דעם זענען זיי געקומען צו לויפן!

זי האָט זיך נישט געקענט באַרויקן.

— איידער יאַמבראָזשי וועט צוריקקומען, וועלן די קעלבאַ-סעס זיין פאַרטיק... — האָט די אַלטע אַ זאָג געטון.

אָבער האַנקע איז אַנטשוויגן געוואָרן, זי איז געווען פאַר-נומען מיט דער אַרבעט, און צום מייַנסט מיטן אריינטראַכטן, ווי אַזוי יענע זייטלעך און שינקעס אָפּצונעמען.

דאָס פייער האָט געקנאַקט אויפן קוימען און אַזוי פיין גע-פלאַקערט, אַז אין דער גאַנצער שטוב איז געווען רויט, אין די טעפּ האָבן געקלעקטשעט די פאַרשידענע זאַכן, וואָס האָבן גע-קאָכט, פון וואָס מ'האָט געמאַכט די קישקעס, און די קינדער האָבן עפּעס ליאַרמענדיק געמיינדרעוועט באַ די מילטערס בלויט.

— גאָט מיינער, ס'נודזשעט מיך אַזש פון דידאָזיקע ריחות! — האָט וויטעק אָפּגעזיפצט. אַ ציטערנדיק מיט דער נאָז.

— שמעק-זשע נישט, וואָרן קענסט דאָ באַלד עפּעס אריינ-כאַפּן! די קי גיי טרינק אָן, היי לייג אריין און פאַרשיט שעצ-קע אויף באַנאַכט... ס'איז שוין שפּעט! ווען וועסטו דאָס מאַכן?...

— פּיעטרעק וועט באַלד קומען. אַליין וועל איך מיר דאָך קיין עצה נישט געבן...

— און וווהין איז ער דאָס געגאַנגען?

— צ'ווייסט נישט?... ער העלפט צו אויסרוימען אין דער אַנדערער זייט!...

— וואָס? פּיעטרעק! גיכער די בהמות אין אָרדנונג ברענ־
גען!

האָט האַנקאַ מיטאַמאָל אַ געשריי געטון מיט אַזאַ קראַפט, אַז פּיעטרעק איז אין דער רגע געקומען צו לויפן אין הויף אַריין.

— לייג דיר צו די לאַפּעס און רוים דיר אַליין אויס די שטוב!... קוקסט זי אָן!... אַ פּריצהטע באַדיר, אַ שאָד איר די הענטלעך, מיטן פּאַראַבעק באַהעלפט זי זיך! — האָט זי מיט כעס צום סוף אויסגערופן, אַרויסלייגנדיק איינציייטיק פון טאָפּ אַ פּאַרנדיקע לונג־און־לעבער און קישקעלעך, ווי עפּעס אַ וואָגן האָט אַ רויש געטון און אַ גלעקל האָט זיך צעקלונגען אין דרויסן.

— דאָס פּאָרט עס דער גלח מיטן פּאַן יעזוס צו עמעצן!... — האָט דערקלערט ביליצאַ, וועלכער איז אַקוראַט אין שטוב אַריינגעקומען.

— ווער האָט דאָס געקענט קראַנק ווערן? מ'האָט גאָרנישט געהערט!...

— גאָכן וואָיטס כאַלופּע זענען זיי פּאַרפּאָרן! — האָט ווי־טעק, נישט קענענדיק דעם אָטעם כאַפּן, דורכן פענסטער אַריינ־געשריגן.

— אָן שום ספק, אַז צו עמעצן פון די קאָמאָרניקעס...

— און אפשר צו ענקערע, צו די פּריטשעקס, זיי חויבען דאָך דאָרטן...

— ס'דען! זיי זענען געווען געזונט: אַזעלכע שטשערוועס וועט קיין שום שלעכטס נישט געשען — האָט יאַגוסטינקע אַ מורמל געטון, אָבער כאָטש זי האָט נישט געלעבט בשלום מיט די קינ־דער, נאָר כסדר זיך אַרומפּראָצעסירט, האָט זי פונדעסטוועגן אויפ־געציטערט:

— כ'וועל נאָר אַ לויף טון געוויר ווערן און קום באַלד צוריק...

זי איז געשווינד אַרויסגעלאָפן.

אָבער ס'איז אַדורך אַ שפּאָר שטיק אָוונט און יאַגוסטינקע האָט באַוויזן צוריקצוקומען, און זי האָט זיך נאָך אַלץ נישט גע־

האָט אומגעקערט; דער אַלטער האָט טאַקע אַצינד דערציילט, אַז דעם גלח האָט מען אַרויסגערופן צו אַגאַטען, דער קלאָנבאָוועס קרובהטע, וואָס איז שבת פון געטל צוריקגעקומען.

— וואָס הייסט? זי זיצט דען נישט בײַ די קלאָנבעס?

— בײַ די קאָזשיאָלס, צי בײַ די פּריטשעקס האָט זי זיך אָפּנים אָפּגעלייגט פאַרן שטאַרבן.

אַזוי פיל האָבן זיי נאָר אויסגערעדט דערפון, זיי זענען געווען זייער שטאַרק נאָך פאַרנומען מיט דער אַרבעט און זיי האָבן זיך דעריבער פאַרשפּעטיקט, וואָס יוזקאַ און אַפילו האַנקאַ אַליין האָבן כסדר געמוזט אָפּלאָזן די אַרבעט, כדי אין הויף אַריין צו לויפן מיט דעם באַנאַכטיקן באַלעבאַטישקייט זיך אָפּצופאַרען.

דער אָוונט האָט זיך געצויגן פאַמעלעך און ס'האָט זיך זייער געלאַנגווייליקט און אַזוי לאַנג געדויערט, און דאָ האָט זיך נאָך אַזאַ פינסטערניש אויף דער וועלט אויסגעשפּרייט, אַז מ'האָט די אייגענע האַנט נישט געזען; אַ קילער רעגן האָט אָנגעהויבן טריפן, אַ ווינט האָט פון צייט צו צייט אין דער האַנט אָפּגעקלאַפּט און די סעדער געטראַטעוועט, אַז די ביימלעך האָבן זיך אַזש מיט אַ גערויש אין דער פינסטערניש געריסן; און טיילמאָל האָט ער אַ זעץ געטון אין קוימען אַריין, אַזש די גלאָזביעס זענען זיך איבער דער שטוב צעשפּרונגען.

זיי האָבן כמעט אַרום האַלבע נאַכט פאַרענדיקט, און יאַגוסטינקאַ האָט זיך אַלץ נאָך נישט געהאַט אומגעקערט.

„ס'איז אַ גאַס און אַ בלאָטעטשינע, האָט זיך איר נישט געגלוסט אין דער פינסטער צו קריכן!" — האָט האַנקאַ געטראַכט, אַרויסבליקנדיק אין דרויסן פאַרן שלאָפן גיין.

אינדערהאמתן איז טאַקע געווען אַזאַ וועטער, אַז ס'איז אַן עבירה געווען אַ הונט אַרויסצוטרייבן, ס'האָט געבלאָזן אין דרויסן, אַזש די דעכער האָבן געקנאַקט, וואָלקנס מיט וואַסער אָנגעזאָפּן, גרויע און אויפגעשוואָלענע האָבן זיך איבערן באַטריבטן הימל געצויגן, און אין ערגעץ זעט מען קיין איין שטערנדל נישט אין די הויכקייטן, נישט קיין פייערל אין די כאַלופּעס, וועלכע זע-

ען אינגאַנצן אין דער נאַכט אריי, פאַרפאַלן געוואָרן. דאָס דאָרף איז שוין לאַנג געשלאָפן, דער ווינט האָט נאָר איבער די פעלדער געהוליעט און מיט די ביימער זיך געאַמפּערט, און איבערן וואַסער פון סטאַוו מיט אַ געפּייפערײַ געפּאַטשט.

זיי זענען באַלד געגאַנגען שלאָפן, נישט וואַרטנדיק שוין מער.

יאַגוסטינקאַ האָט זיך גאָר ערשט צומאָר נס אינדערפרי באַוויזן, אָבער זי איז געווען פאַרכמורעט, פונקט ווי דער בלאָטיקער, בלאָזנדיקער און קאַלטער טאָג. זי האָט נאָר די הענט אין דער כאַלופע אָנגעוואַרעמט, און איז באַלד געגאַנגען אין שייער אַריין, די קאַרטאָפליעס איבערקלויבן. זיי זענען שוין געווען פון די גריבער אויף אַ קופּע אָנגעשיט.

זי האָט כמעט געאַרבעט אייגע אַליין, וואָרן יוזקאַ איז אָפּט אוועקגעלאָפן מיטן אויפלייגן, וואָס פּיעטרעק האָט געאייַלציק פון פאַרטאָג אָן אַרויסגעפירט, האַנקאַ האָט אויף אים היינט נישט ווייניק שוין אָנגעשריגן, פאַרוואָס ער האָט זיך געכטן געפוילט און נישט באַוויזן צו ענדיקן; האָט ער טאַקע פעסט געיאָגט זיך, געוואַלטעוועט אויף וויטעקן, די פערד מיט דער בייטש געשמירט, און געפאָרן, אַז ס'האָט זיך אַזש אַ בלאָטע אונטער אים געמאַכט.

— אַ פוילאַק יוכע, אַצינד שלאָגט ער זיך דאָס אויס אויף די פערד! — האָט די אַלטע אויסגערופן, וואַרפנדיק זיך אויף די געגדז, וואָרן זיי האָבן זיך אין אַ גאַנצער סטאַדע געברענגט צו שלעפן אויף דער קלעפּיסקע אַרויף און גענומען פּיקן די קאַרטאָפליעס און אָנמאַכן אַ געגאַנעריי. דערנאָך האָט צו איר יוזקאַ עפּעס אַ רעד געטון: זי האָט זיך נישט אָנגערופן, זיצנדיק ווי אַ מרוק און זאָרגפעלטיק באַהאַלטנדיק עפּעס אונטער דעם טיכל, וואָס זי האָט איבערן שטערן אַראָפּגערוקט, די פ רייטלטע אויגן.

האַנקאַ האָט נאָר אינגאַנצן צו זיי איינמאָל אַרייגעכאַפּט אַ בליק, טשאַטעוועדיק אין שטוב יאַגגע זאָל אַרויסגיין, כדי דאַמאָלס דאָס פלייש צו זיך אין קאַמער אַריין אַריבערנעמען און אייגצייטיק אויך אַ זוך טון אין די פעסלעך מיט תבואה. אָבער ווי אויף צו להכעיס, האָט זיך יאַגנאַ אויף קיין טריט פון דער כאַלופע נישט אַרויסגערירט, אַז נישט קענענדיק זיך שוין איינהאַלטן

האָט זי אַריינגעבליקט צום קראַנקן, און פאַררעדנדיק זיך וועגן עפּעס, איז זי אַריינגעקראָכן אין קאַמער אַריין.

— וואָס זוכט עך? טאַטש איך ווייס, ווו אַלץ געפינט זיך, איז וועל איך ענק ווייזן! — האָט יאַגנאַ אויסגערופן, באַכגייענדיק איר, אַזוי, אַז זי האָט געמוזט אַרויסגיין, קוים באַווייזנדיק די האַנט אין דער תבואה אַריינצושטעקן, און דאָס געלט האָט געקענט ליגן טיפער, גאָר אונטן...

זי האָט באַלד אַ־יך פאַרשטאַנען, אַז יענע היט זי, איז האָט זי געמוזט געמאַך לאָזן, אָפּלייגנדיק אירע כוונות אויף אַ באַקוועמערער צייט.

„מ'דאַרף זיך נעמען צוצוגרייטן די מתנות" — האָט זי אַ טראַכט געטון, מיט ווייטיק זיך צוקוקנדיק צו די קעלבאַסעס, וואָס זענען געווען צעהאָנגען אויפן דרענגל; וואָרן ס'איז געווען אַ מנהג באַ די באָרינעס, ווי אויך באַ אַלע בכבודיקע באַלעבאַטים, אַז ווער ס'האָט געקיילט אַ חזיר, דער האָט באַלד צומאָרגנס צעשיקט מתנות צו די נענטערע קרובים, אָדער צו די, מיט וועלכע ער איז געווען אין גוט־פריינטשאַפט, צו קעלבאַס, אָדער עפּעס אַנדערש יעדערן אַ שטיק.

— אוודאי, ס'איז נישט אַזוי גרינג, אָבער געבן מוזסטו, מ'וואָלט געזאָגט, אַז דו זשאַלעוועסט... — האָט מיטאַמאָל אויסגערופן ביליצאַ, טרעפנדיק איר פונקט אין סאַמע אָנגעווייטיקסטן אָרט.

איז דעריבער האָט אַ ווייטיק דאָס האַרץ צוגעדריקט, האָט זי אָנגעהויבן פונדעסטוועגן צוצוגרייטן אויף טעלערס און אויף שיסעלעך מיט אַ שווערן זיפץ, נישט איין מאָל איבערטוישנדיק די צו קורצע שטיקלעך אויף לענגערע, דאָ צולייגנדיק צו אַ טייל פאַרציעס צו שטיקלעך קישקע, דאָ ווידער אַראָפּנעמענדיק, ביז ענדלעך אַ פאַרמאַטערטע און אַ צנגעווייטיקטע, האָט זי צוגערופן יוזקען.

— טו דיך אָן שיין און וועסט דאָס צעטראָגן צווישן די שכנים...

— יעזוס, אזוי פיל אַזש!...

— וואָס זאָל מען טון, אַז מ'דאַרף! מאַטשעק קען נאָר אַליין קעלבּאַס אָנפּאַקן, אָבער נישט אַליין עס אַריינהאַקן! די לענגערע טראָג פּריִער אַוועק דער מומען: זי קוקט אפילו אויף מיר ווי אַ גזלן, פּיסקעוועט, נאָר ס'איז נישטאָ קיין שום עצה; דאָס ווידער אין שיסעלע דעם וואַיט: ר'איז אַ ליידאַק, אָבער ער האָט געלעבט מיט מאַטשעיען אין גוט-פריינטשאַפט און ער קען אַמאָל אין עפּעס בייהילפיק זיין; אַ גאַנצע קישקע, אַ קעלבּאַס און אַ שטיק זייט סלאָנינע פאַר מאַגדען, פאַר די קאָוואַליעס: לאָזן זיי נישט בילן, אַז מיר עסן אַליין אויף דעם טאַטנס חזיר; פאַרשטייט זיך, אַז איינגאַנצן וועט מען זיי דעם פּיסק נישט פאַרשטאָפּן מיט דעם, אָבער זיי וועלן זיך שוין ווינציקער צוטשעפּען... דער פּריטש-קאָווע אָט דעם קעלבּאַס דאָ: אַ האַרט שטיק, האַלט זיך גרויס, אַ פּיסקאַטע, אָבער זי איז פאַרט די ערשטע געקומען מיט אַ גוט וואָרט... דער קלאָנבאָוועס אָט דאָס לעצטע...

— דער דאָמיניקאָוועס שיקט עך נישט?

— שפּעטער וועל איך איר געבן, נאָך מיטאָג... פאַרשטייט זיך, אַז מ'דאַרף... מיט אַזעלכער איז פּונקט, ווי מיט אַ שטיק טינוף: ריר דאָס נישט אָן און מייד נאָך אויס פונדערווייטנס. טראָג פאַרזיכטיק, פאַררעד דיך נישט דאָרט מיט די שיקסעס, וואָרן די אַרבעט וואַרט.

— גיטס אויך באַסטקען, זיי זעבען אַזוי אָרים, זיי האָבן אפילו אויף קיין זאַלץ נישט... — האָט זי שטיל גע-בעטן.

— לאָז זי קומען, וועל איך איר עפּעס געבן. טאַטע, פאַר ווערשאָנקען וועט עך מיטנעמען, זי האָט געזאָלט בעכטן אַריינ-קומען...

— די מילנערין האָט זי נעכטן אריינגערופן די צימערן צוצורוימען, ס'וועלן אוודאי געסט צו זיי אָנקומען אויף יום-טוב.

און ער האָט נאָך לאַנג אַזוי געקרעכצט מיט זיינע בייעסן, אָבער האַנקאַ האָט אַוועקשיקנדיק יוזקען, זיך אָנגעטון אַ ביסל

ווארעמער און זי איז ארויסגעלאפן צוהעלפן יאגוסטינקען און די שקצים אונטערצוויאגן.

— מיר האבן געווארט אויף ענק מיט דער וועטשערע — האט זי אנגעהויבן, פארוואונדערט זייענדיק פון דער אלטערס שטיל־שווייגן.

— אי... כ'האב מיך אנגעגעסן דארט מיטן צוקוקן, אז ס'דריקט מיך נאך היינט אונטערן גריבל...

— צגאטא איז אפנים קראנק געווארן?

— יא, בא די קאזשיאלס גייט זי נעבעך אויס די יתומה.

— וואס הייסט, נישט בא די קלאנבים ליגט זי?

— מ'האלט נאר דעם פאר א קרוב, ווער ס'דארף פון זיי גארנישט, אדער ווער ס'קומט מיט א פולער גארשטש. אויף אנדערע גאר, מעג זיין אפילו קרובים, רייצט מען די הינט אן...

— וואס ענק פאלט איין! זיי האבן זי דאך נישט ארויסגעטריבן!

— ס'דען, זי האט זיך געבערענגט צו זיי צו שלעפן שבת און באלד אויפדערנאכט איז זי קראנק געווארן... מ'זאגט, אז די קלאנבאווע האט איר צוגענומען דאס איבערבעט און כמעט א נא־קעטע זי אינדרויסן געלאזט...

— די קלאנבאווע! כ'קען נישט זיין, אזא ארנטלעכע פויערטע, מ'טרייבט נאר רכילות אוודאי.

— כ'זאג עס נישט פון מיר, נאר דאס, וואס מיינע אויערן האבן געהערט...

— און זי ליגט בא דער קאזלאווען! און ווער וואלט זיך דאס געריכט, אז זי איז אזא בעל־רחמנותניצע!

— פאר געלט איז דער גלח אויך א בעל רחמנות. די קאז־לאווע האט גענומען, פון אגאטען צוואנציק גילדן בארעס געלט און דערפאר דארפן זיי זי האלטן בא זיך ביזן טויט אריין, ווארן די אלטע רעכנט, אז א ליאדע טאג וועט זי שטארבן. אבער פארן באגרעבעניש באזונדער, און די אלטע וועט, אויב נישט היינט איז

באַרגן אויסגיין, זי האָט שוין נישט לאַנג צו וואַרטן... גיין...

זי איז מיטאַמאָל אַנטשוויגן געוואָרן, באַמיענדיק זיך בחנם איינצוהאַלטן דאָס כליפּען.

— וואָס איז ענק, צ'זענט קראַנק? — האָט האַנקאַ מיט מיטלייד אַ פרעג געטון.

— כ'האָב מיך שוין אַזוי פיל אָנגעגעסן מיט מענטשלעכע פּיין, אַז ס'האָט מיך שוין לסוף אינגאַנצן צעבראָכן. אַ מענטש איז נישט קיין שטיין, קעמפט פאַר זיך כאָטשביק אפילו מיט אין כעס זיין אויף דער גאַנצער וועלט. אָבער סוף כל סוף קעמפט ער גאָרנישט אויס: ס'וועט קומען אַזאַ צייט, וואָס ער וועט שוין נישט קענען מער אויסהאַלטן און די נשמה וועט אין קלעגלעכן זאַמד פאַרוואַנדלט ווערן.

זי האָט זיך צעיאָמערט אויפן הויכן קול און לאַנג געהעשעט, הויך שנייצנדיק די נאָז, ביז זי האָט ווידער אָנגעהויבן מיט ווייטיק צו רעדן, און אירע ווערטער האָבן, ווי ביטערע ברענענדיקע טרערן אויף האַנקעס נשמה געטריפט.

— און ס'איז גאָר נישטאָ קיין סוף צו די מענטשלעכע צרות. כ'האָב מיך אַנידערגעזעצט לעבן אַגאַטען, ווען דער גלח איז שוין געהאַט אָפּגעקעפּאָרן; אינדעם קומט צו לויפן פיליפּקאַ, וואָס זיצט פון יענער זייט סטאַוו, מיט אַ געשריי, אַז די עלטערע אירע גוססט... כ'בין טאַקע באַלד אַהינגעלאָפן... יעזוס, אין דער כאַלופּע איז אַ וואָרער פראָסט... די פענסטער זענען מיט וויעכעטשעס פאַרשטעקט... איין בעט איז דאָ אין דער כאַלופּע, און אַלע א בעריקע ליגן אויף דער ערד, ווי די הינט... דאָס שיקסל איז נישט געשטאָרבן, ס'האָט זי נאָר גלאַט אַזוי פון הונגער צוגעדריקט... זיי האָבן שוין נישט געהאַט קיין קאַרטאָפליעס, דאָס בעטגעוואַנד האָבן זיי שוין פאַרקויפט... יעדע קוואָרט קאַשע בעטן זיי אויס בײַ דעם מילנער, קיינער וויל נישט באָרגן און אַנטלייען ביז דעם נייעם... וואָרן ווער טאַקע?... קיין שום הילף איז נישטאָ, פיליפּ זיצט דאָך אין קרימינאַל צוזאַמען מיט אַלע... כ'בין קוים געהאַט אַרויסגעגאַנגען פון זיי, זאָגט מיר די גזשעגאָזשאָווא, אַז די פלאָרקאַ, פריטשעקס, איז געלעגן גע-

וואָרן און דאַרף האָבן מ׳זאָל איר העלפן... ליידאַקעס זענען זיי, זיי האָבן מיך באַוואָלהט, כאָטש ס׳זענען מײַנע אייגענע קינדער... דאָך בין איך אַרײַנגעגאַנגען, נישט די צייט אַצינד די עוולה צו בעדענקען... נו, דאָרט שטשירעט אויך די בויט בישקשה די ציין אויס; פול מיט קליינע עופהלעך, פלאָרקאַ איז קראַנק, קיין איין גרייטער גראָשן איז נישטו און קיין הילף פון ערגעץ נישט... פון גרונט וועט זי דאָך נישט אָפּבײַסן... צו עסן איז נישטאָ ווער ס׳זאָל אָפּקאָכן, דאָס פעלד שטייט ליידיק, כאָטשיק ס׳גייט וויאָסנע... וואָרן אַדאַם איז דאָך, פּונקט ווי אַלע, אין קרימינאַל... זי האָט געבוירן אַ יינגל אַ געזונטן ווי אַ קזשעמיען, ר׳זאָל זיך נאָר געזונטערהייט אויפכאָוועון. וואָרן פלאָרקאַ איז אויסגעטרוקנט ווי אַ שפּאָן און האָט נישט קיין טראָפּן מילך אין דער ברוסט, און די קו האַלט זיך ערשט באַם אָפּקעלבן... און אומעטום איז אַזוי שלעכט, און בײַ די קאָמאָרניקעס, איז פרעגט שוין נאָך־נישט... נישטאָ ווער ס׳זאָל אַרבעטן, נישטאָ אין ערגעץ ווו צו פאַרדינען; נישט קיין גראָשן, נישט קיין הילף נישטאָ פון ערגעץ... ר׳וואָלט שוין געמעגט יעזוס כאָטש דאָס מאַכן, אַז זיי זאָלן כאָטש מיט אַ גרינגן טויט שטאַרבן, נישט דאָס אָרימע פאָלק בעבעך זאָל זיך אַזוי פּײַניקן.

— און וועמענען גיסט זיך דאָס אין דאָרף יאָ איבער? אומעטום איז אַ נויט און האַרץ־ווייטיק.

— ס׳דע׳, און אויך די באַלעבאַטים האָבן נישט קיין קליינע דאגות... איינער זאָרגט זיך מיט וואָס ער זאָל בעסער די קישקע אָנפּאַקן, און אַן אַנדערער וועמען לייגט מען דאָס געלט אויף אַ ברענערן פּראָצענט אַוועק... אָבער קיינער דאגהט נישט וועגן די אָרימעלײַט, זיי זאָלן אפילו הינטערן פלויט אויסגרן... גאָט מײַנער, אין איין דאָרף זיצט מען, מיט אַ סטעזשקע אָפּגעשיידט, און ס׳שאַדט קיינעם נישט צום שלאָף... אוודאי, יעדער איינציקער לאָזט איבער יעזוסן די זאָרג פאַר די אָרימעלײַט און אויף נאָטס באַראָט וואַרפט ער אַלץ אַרויף, און אַליין זיצט ער זיך צופרידן בײַ דער שיסל און לאָזט דעם בויך וווילגיין און כאָטש־

ביק מיטן וואַרעמען פעלץ פאַרשטעלט ער זיך די אויערן, אַבי ער זאָל נאָר דאָס היילן פון די אָרעמע נישט הערן.

— וואָס זאָל מען טון? ווער האָט עס דין אַזוי פיל, ער זאָל זיך קענען מיט דער גאַנצער נויט אַן עצה געבן?

— ווער ס׳וויל נישט, געפינט שוין אַ תירוץ! נישט ענק מיין איך, צ׳זיצט נישט אויף ענקער אייגנס, און כ׳ווייס גאַנץ גוט, ווי שווער עס איז ענק, אָבער ס׳זענען דאָ אַזעלכע, וואָס וואָלטן געקענט העלפן, ס׳זענען דאָ: אָט דער מילנער, דער גלח, דער אָרגאַניסטער און נאָך אַנדערע...

— ס׳זאָל זיי עמעצער אונטערריקן וועגן דעם, איז אפשר וואָלטן זיי זיך דערבאַרעמט... — האָט זי פאַרענטפערט.

— ווער ס׳האָט אַ פילנדיק האַרץ, דער וועט אַליין דער-הערן דעם רוף פון די ליידנדיקע, מ׳דאַרף אים נישט צו דער-מאַנען פון דער אַמבאָנע אַראָפּ! מיין טייערע, זיי ווייסן גאַנץ גוט, וואָס עס טוט זיך מיטן אָרימען פאָלק. וואָרן טאָטש זיי פּאַ-שען זיך דאָך מיט דערדאָזיקער מענטשלעכער נויט און ווערן פעט אויף אירע פּלייצעס... פאַרן מילנער איז איצט שניט-צייט, כאָטשביק צום נייעם איז נאָך וויט: גאַנצע פּראָצעסיעס ציִען דאָך מענטשן צו אים נאָך מעל און קאַשע, פאַרן לעצטן גראָשן, אויף באָרג אויף אָפּצואַרבעטן אָדער אויף אַ גוטן פּראָצענט. און כאָטשביק נעם און פאַרקויף דאָס איבערבעט דעם ייִד, וואָרן עסן מוז מען קויפן...

— אמת, אומזיסט גיט קיינער נישט...

זי האָט זיך דערמאָנט אָן איר אייגענער, דאָ נישט לאַנג-סטיקער נויט און זי האָט ש ער אָפּגעזיפצט.

— כ׳בין געזעסן ביז שפּעט אין דער נאַכט אַריין בא פּלאָרקען, ס׳זענען זיך אויכעט צוזאַמענגעקומען פויערטעס און האָבן דערציילט וואָס עס טוט זיך אין דאָרף, זיי האָבן דער-ציילט...

— אין נאָמען פון פאָטער און זון! — האָט האַנקאַ פּלוצ-לינג אַ געשריי געטון, אויפשפּרונגענדיק אויף די פיס, וואָ״ן דער וינט האָט אַזאַ קנאַק געטון מיטן טויער, אַז ס׳איז אַ וואונדער,

וואָס ס׳איז זיך נישט צעפלויגן אויף פּיצלעך, זי האָט עס קוים מיט מי אויפגעפּנט, אונטערשפּאַרנדיק פּעסט מיט אַ פּאָר דרענגלעך...

— ס׳בלאָזט נישקשהדיק, נאָר עפּעס אַ וואַרעמער ווינט, ר׳זאָל נאָר קיין רעגן נישט מיטברענגען.

— ס׳זינקט שוין אַזוי אויך איין דער וואָגן אין פעלד ביז איבער די רעדער.

— לאָז זיין אַ פּאָר טאָג אַ גוטע זון וועט עס זיך מיטן קויך אויסטרוקענען, ס׳איז דאָך וויאָסנע.

— מ׳זאָל כאָטשביק אָנהייבן זעצן פאַר די ימים־טובים!

זיי האָבן פון צייט צו צייט נאָך אַ רעד געטון, זייענדיק שטאַרק פאַרנומען, ביז זיי זענען איינגאַנצן אַנטשוויגן געוואָרן. מ׳האָט נאָר געהערט דאָס וואַרפן פון די איבערגעקליבענע קאַרטאָפליעס, ווייל די דראָבנע האָט מען געוואָרפן אויף איין קופּע און די אונטערגעפוילטע אויף אַ צווייטע.

— ס׳וועט זיין מיט וואָס אונטערצופּאַשען די מאַטשאַרע און ס׳וועט אויך גענוג זיין פאַר די בהמות צו אַ טרונק...

אָבער האַנקאַ האָט ווי נישט געהערט, זי האָט כסדר זיך איינגעטראַכט, ווי אַזוי מען קומט געשיקטער צו צום טאַטנס געלט, אַזוי, אַז נאָר אַמאָל־אַמאָל האָט זי דורכן טויער אין דרויסן אַרויסגעבליקט, אויף די צעשפּאָלטענע ביימלעך, וואָס האָבן זיך אויפן ווינט געשאָקלט. אויסגעשטשערביעטע, בלויע וואָלקנס האָבן זיך איבערן הימל געצויגן, פּונקט ווי די צעטרייסלטע סנאָפּעס, און דער ווינט האָט זיך נאָך אַלץ געשטאַרקט און האָט אַזוי עפּעס פון אונטן אונטערגעבלאָזן, אַז דאָס שטרוי אויף דער כאַלופּע האָט זיך, ווי די האָר אויף אַ בערשטל, אויפגעשטעלט. דערביי האָט אַ פייכטע קעלט געצויגן, שרעקלעך אַדורכגעמישט מיטן ריח פון מיסט, וואָס מ׳האָט פון דער קופּע אַרויסגענומען. אין הויף איז כמעט געווען ליידיק, נאָר טיילמאָל זענען דורכגעלאָפן צעקאָשמערטע הינער, וואָס זענען פון ווינט געיאָגט געוואָרן, די גענדז זענען אין דער שטיל הינטערן פּלויט אויף די גענדזלעך געזעסן, וואָס האָבן שטיל געפּישטשעט און וואָס אַ

ווילע איז פּעטרעק ראָש מיטן לײדיקן װאָגן פֿאָרפֿאָרן, אויסגע־דרייט אַרום און אַרום, אָפּגעשטעלט זיך אַקוראַט קעגנאיבער דער קלעפּיסקע, צעקלאַפּט די הענט, די פֿערד אַ וויעכעטש היי אונטערגעוואָרפֿן און אָנלייגנדיק צוזאַמען מיט וויטעקן מיסט, האָט ער אונטערגעשפּאַרט דעם װאָגן אויף די גריביקע ער־ער און אין פֿעלד אַריין צעװיסגעפֿאָרן.

טײלמאָל ווידער איז יוזקאַ אַרײנגעפֿאַלן מיט אַ געשריי, אַ פֿאַרװיטלטע, אָן אָטעם, אַדורכגענומען איגנאַנצן מיט דעם צעטראָגן די קעלבאַסעס, אין געגרעגערט.

— כ'האָב אָװעקגעטראָגן צום װאָיט, אַצינד װעל איך אַהינלויפֿן צו דער מומען... אין דער כאַלופּע זענען זיי גע־זעסן, זיי ווייסן שוין די שטיבן אויף יום־טוב, זיי האָבן אַזוי געדאַנקט, אַזוי געדאַנקט...

זי האָט זיך ברייט פֿונאַנדערגערעדט, כאָטש קיינער האָט זי נישט בײַ דער צונג געצויגן, און זי איז ווידער אויפֿן דאָרף גע־לאָפֿן, טראָגנדיק פֿאָרזיכטיק אין אַ ווייס טיכל אַרומגעבונדענע שי־סעלעך מיט די מתּנות.

— אַ גרעגערין אַ שיקסל, אָבער אַ געשיקטע — האָט די יאַגוסטינקאַ באַמערקט.

— יאָ, זי איז זייער אַ געשיקטע, נאָר צו די הינטישע קונצן און זיי צו פֿאַרווײלן.

— וואָס־זשע ווילט עך?... ס'איז דאָך נאָך אַ צוציק, אַ קינדעלע...

— וויטעק, גיב נאָר אַ קוק, ווער איז דאָרט אַרײנגעגאַנגען אין דער כאַלופּע! — האָט האַנקאַ מיט אַמאָל אויסגערופֿן.

— דער קאָוואַל איז ערשט דאָ נאָר־וואָס אַדורכגעגאַנ־גען!

דערשיטערט פֿון עפּעס אַ בייז פֿאָרגעפֿיל, איז זי גלייך אַוועקגעלאָפֿן אין פֿאָטערס זייט אַריין; דער קראַנקער איז גע־לעגן ווי געוויינטלעך אויפֿן רוקן, יאַגנאַ האָט עפּעס גענייט בײַם פֿענסטער, אין שטוב איז מער קיינער נישט געווען.

— און ווו איז דאָס מיכאַל אַהינגעקומען?...

— זיי מוזן ערגעץ זיין, זיי זוכן דעם שליסל פון די ווע־גענער, וואָס זיי האָבן בײַ מאַטשעיען אַמאָל געהאַט אַנט־ליגן — האָט זי איר דערקלערט, נישט אויפהייבנדיק די אויגן.

האַנקאַ האָט אַרײַנגעבליקט אין פּזדערהויז אַרײַן, ר'איז נישט געווען; זי האָט אַרײַנגעבליקט צו זיך: בּיליצאַ אַליין איז באַר געזעסן מיט די קינדער בײַם קוימען און אויסגעשניצט זייווינט-מילן; אַפילו אין הויף האָט זי געזוכט; אין ערגעץ איז קיין סימן נישט געווען פון אים, איז דעריבער האָט זי זיך שוין גלייך אַ לאָז געטון אין קאַמער אַרײַן, כאָטש די טיר איז געווען צוגעלענט.

דער קאָוואַל איז טאַקע געשטאַנען דאָרט בײַ אַ פאַס מיט די הענט ביזן עלנבויגן אין דער תבואה און פלייסיק דערין גע־גראַבלט.

— אין גערשטן וואָלט מען דעם שליסל באַהאַלטן? וואָס? — האָט זי אַן אָטעם אַרויסגעזעצט, קוים זשיפּענדיק פון אויפרעגונג און שטייענדיק אַ צערייצטע קעגן אים.

— כ'קוק, צי ר'איז נישט פאַרשימלט, צי ר'וועט טויגן צום זייען... — האָט ער אַן אומגעריכט באַפאַלענער אַרויסגע־שטאַמלט.

— נישט ענקער עסק!... צו וואָס זענט עך דאָ אַרייַנ־געקראָכן? — האָט זי אַ געשריי געטון.

ר'האָט אָן חשק די הענט אַרויסגענומען און קוים אײַנ־האַלטנדיק דעם כעס, האָט ער אַ ברום געטון:

— און עך היט מיך ווי אַ גנב...

— איך ווייס דען, באָך וואָס עך זענט דאָ אַהערגעקומען, וואָס? וואָס דען, אין אַ פרעמדער קאַמער אַרײַן וועט ער דאָ קריכן און נישטערן צווישן די פעסער, שלעסער וועט עך אפשר אָפּדרייען, די קופערטן אויפצועפענען... האַ? — האָט זי וואָס אַמאָל העכער געוואַלטעוועט.

— כ'האָב ענק דען געכטן נישט געזאָגט, וואָס מיר דאַרפן זוכן. . .

ר'האָט זיך מיט אַלע כּוחות גענייט צו זיין רויק.

— פאַר מיר האָט עך געציג'ינערט איינס, כּדי מיר די אויגן מיט זאַמד צו פאַרשיטן, און טון טוט עך ס'צווייטע. כ'האָב מיך שוין דערקענט אויף ענקערע יודאַש-שפּיצלעך, כ'האָב מיך שוין דערקענט. . .

— האַנקאַ, פאַרמאַך דעם פּיסק, וואָרן איך וועל אים דיר צומאַכן! — האָט ער אַ ריטשע געטון מיט אַ קול, וואָס האָט קיין גוטס נישט אָנגעזאָגט.

— פּרווו נאָר, רוצח אייגער! ריר מיך כאָטשיק אָן מיט אַ פינגער, און כ'וועל אָנמאַכן אַזאַ געוואַלט, אַז אַ האַלב דאָרף וועט זיך צוזאַמענלויפן און דערזען, וואָס פאַר אַ פויגל דו ביסט! — האָט זי געדראָט.

ער האָט זיך גוט אַרומגעקוקט איבער די ווענט און ענדלעך איז ער אָפּגעטרעטן מיט אַ ביטערער קללה אויף די ליפּן.

זיי האָבן זיך ביידע אַ קוק געטון פון דער נאָנט אין די אויגן אַריין און מיט אַזאַ קראַפט, אַז ווען זיי וואָלטן געקענט, וואָלטן זיי זיך אויף טויט מיט די צעגליטע שליפּיעס דורכגעשטאָכן.

האַנקאַ האָט אַזש וואַסער געטרונקען, נישט קענענדיק זיך נאָך לאַנג באַרויקן נאָך דער אויפרעגונג.

„מ'דאַרף עס געפינען און באַהאַלטן אויף אַ זיכער אָרט, וואָרן קוים פּאַקט ער עס, וועט ער עס צונגנבענען“ — האָט זי געטראַכט, אומקערנדיק זיך צוריק אין שייער אַריין, אָבער פּלוצלינג האָט זי זיך פון מיטן וועג אויסגעדרייט.

— זיצסט אין דער כאַלופּע, היטסט אָפּ, און לאָזסט אַריין פרעמדע אין קאַמער אַריין! — האָט זי באַלד, ווי זי האָט נאָר די טיר געעפנט, אַ געשריי געטון אויף יאַגנען.

— מיכאַל איז נישט קיין פרעמדער; ר'האָט אַזאַ רעכט,

פונקט ווי עך! — זי האָט זיך לחלוטין נישט דערשראָקן פאַר איר שרייען.

— ביסט ווי אַ הונט, האָסט דיך מיט אים גיט אָפּגעשמועסט, װאָר געדענק, אַז לאָז נאָר אין שטוב עפּעס פאַרפאַלן ווערן, איז ווי גאָט איז אין הימל, ווי כ׳וועל אײַנגעבן אין סאַנד אַריין, און אויף דיר וועל איך אָנווייזן, אַז האָסט געהאָלפן... זאָלסטו געדענקען... — האָט זי אַ צערייצטע געקוויטשעט.

יאַגנאַ איז פון אָרט אויפגעשפרונגען, כאַפנדיק אין דער גאָרשטש, וואָס ס׳איז איר נאָר אונטער דער האַנט געקומען.

— ווילסט דיך שלאָגן! שלאָג! פרוו נאָר, איז וועל איך דיר דיין צאַצקעדיק פנימל אַזוי מאַכן, אַז וועסט דיך מיט דער רויטער יויך באַגיסן און דיין אייגענע מאַמע וועט דיך נישט דערקענען!...

זי האָט זיך געקאָכט, שרייענדיק מיט פאַרביסנקייט אויף איר, וואָס ס׳איז נאָר פון שוים און כעס אויף דער צונג געקומען.

און ס׳איז לגמרי אומבאַוווסט, מיט וואָז דאָס וואָלט זיך געווען געענדיקט, וואָרן זיי האָבן שוין ביידע געשפּיצט די נעגל, רייסנדיק זיך וואָס אַמאָל נענטער איינער צו דער אַנדערער, ווען נישט ראָכאַ, וואָס איז גראָד אין דער הייסער מינוט אָנגעקומען, אַזוי, אַז האַנקע, פאַרשעמענדיק זיך פון זיין בליק, האָט זיך עטוואָס אָפּגעקילט און אַנטשוויגן געוואָרן, אַ זעץ טועדיק באַך זיך נאָר מיט דער טיר מיטן גאַנצן כעס.

יאַגנאַ ווידער איז איבערגעבליבן אין שטוב, נישט קענענדיק זיך קיין ריר טון פון דערשטוינונג; די ליפּן האָבן זיך איר געטרייסלט, פונקט ווי אין פיבער און דאָס האַרץ האָט איר געקלאַפּט, ווי בײַ אַ גזלן; די טרערן האָבן זיך איר ווי אַרבעס אַ שיט געטון, ביז ענדלעך זי איז צו זיך געקומען; זי האָט אַוועקגעוואָרפן די מאַגלאָוניצע, וואָס זי האָט געהאַלטן צוגעדריקט אין דער גאָרשטש און זיך אַ וואָרף געטון אויפן בעט, און זיך צעהעשעט מיט אַ שמערצלעך און נישט איינגעהאַלטן געוויין.

הענקא האָט דערווייל ראַכאָן דערציילט, וועגן וואָס ס'איז ווי דאָ געגאַנגען.

ער האָט געדולדיק אויסגעהערט איר גיפטיק און מיט כּליפּען דורכגעפלאָכטן דערציילן און נישט קענענדיק זיך פון דעם קיין סך אָנשטויסן, האָט ער איר שאַרף איבערגעריסן און אָנגעהויבן זי שטרענג צו זידלען, ר'האָט אַפילו אָפּגערוקט דאָס עסן, וואָס מ'האָט אים געהאַט דערלאַנגט און זייער אַ דערצערנטער האָט ער שוין די האַנט נאָכן היטל אויסגעצויגן.

— ס'קומט מיר שוין אויס אין דער וועלט אַריין צו אַנטלויפן און קיינמאָל מער ליפּצע פאַר די אויגן נישט אָנצוקוקן, אַז צ'זעגט שוין אַזעלכע. דער טייוול פרייט זיך נאָר דערפון אָדער די יידן, וואָס לאַכן אָפּ פון קריסטלעכן פאָלק פאַר זייערע קריגערייען און נאַרישקייטן. יעזוס דערבאַרעמדיקער מיינער, איז נאָך ווייניק נויט, ווייניק קרענק, ווייניק הונגער פאַרהאַן, איר רייסט עץ ענק נאָך אייביקווייז באַ די קעפּ אַרום און צ'ברענגט כּעס אויף ענק.

ער האָט דעם אָטעם נישט געקענט כאַפּן נאָך דערדאָזיקער רײדע, האַנקען ווידער האָט אַרומגעכאַפּט אַזאַ ווייטיק און מורא, אַז ער זאָל נישט אַוועקגיין אַ דערצערנטער, אַז זי האָט אים אין דער האַנט אַ קוש געטון, איבערבעטנדיק אים מיטן גאַנצן האַרץ...

— ווען עץ זאָלט וויסן, ווי שווער עס איז מיט איר אויסצוהאַלטן, זי טוט אַלץ אויף צו להכעיס, און אויף מ'ין שאָדן. אויף אונדזערע פּיין און ליידן זיצט זי דאָך דאָ... וואָס הייסט, מ'האָט איר אַזוי פיל גרונט אָפּגעשריבן... און צ'ווייסט דען נישט, וואָס פאַר איינע זי איז?... וואָס זי פאַראַרבעט אויס מיט די פּאַראָבקעס... וואָס פאַר איינע... (— ניין, זי האָט בשום אופן נישט געקענט דערמאַנען וועגן אַנטעקן —)... און אַצינד קומט זי זיך שוין אַפּנים צונויף מיטן וואָיט... — האָט זי שטילער צוגעגעבן. — איז שוין פאַרשטענדלעך, אַז ווי נאָר איך דערזע זי, איז קאָכט עס אַזשיק אויף אין מיר פון כּעס, אַז כ'וואָלט איר פּשוט אַ מעסער אַריינגערוקט...

— די נקמה לאָזטס איבער פאַר גאָט! זי איז אויך אַ מענטש און פילט אויך אַן עוולה, און פאַר אירע זינד וועט זי אַליין שווער ענטפערן. איך זאָג ענק: טוט איר נישט אַן קיין צרות!

— איך טו איר גאָר אַן צרות?

זי האָט זיך שטאַרק פאַרוווּנדערט, נישט קענענדיק פאַרשטיין, מיט וואָס יאָגנען געשעט דאָ אַן עוולה.

ראָכל האָט איבערגעביסן אַ שטיקל ברויט, נאָכקוקנדיק איר מיט די אויגן און קלערנדיק עפּעס. ענדלעך האָט ער אַ גלעט געטון די קינדער די קעפּלעך, וואָס האָבן זיך אים צו די קני׳ען געטוליעט און פאַרבאַרגן זיך צום אַרויסגיין.

— כ׳וועל דאָ וועלכן ס׳איז אָוונט אַריינכאַפּן אַ בליק צו ענק, און אַצינד וועל איך ענק נאָר איינס זאָגן: לאָזטס זי געמאַך, טוטס ענק ענקערס, און דאָס איבעריקע וועט שוין פאַן יעזוס פאַרריכטן...

ער האָט געלויבט גאָט און אוועקגעגאַנגען אין דאָרף אַריין.

## IV

ראָכאָ האָט זיך געשלעפּט פּאַמעלעך מיטן וועג פֿונם סטאַוו, ווײַל ערשטנס, האָט דער ווינט אים אַזוי געריסן, אַז ער איז קוים אויף די פֿיס אײַנגעשטאַנען, און צווייטנס, איז ער זייער באַטריבט געווען פֿון דעם אַלעם, וואָס האָט זיך אין דאָרף אָפּגעטאָן; ער האָט נאָר פֿון צײַט-צו-צײַט די צעגליטע אויגן אויף די כאַלופּעס אויפֿגעהויבן, ערנסט פֿאַרטראַכט זיך און מיט ווייטיק אָפּגעזיפֿצט. תּאָמער ס'איז אַזוי שלעכט געווען אין ליפּצע, וואָס ערגער קען שוין גאָרנישט זײַן.

און נישט דאָס איז געווען דאָס ערגסטע, וואָס נישט איינער איז געשטאָרבן פֿון הונגער, וואָס פֿאַרשיידענע קרענק האָבן זיך געמערט, וואָס מען האָט זיך שטאַרקער געקריגט און בײַ די קעפּ זיך געריסן, וואָס דער טויט האָט זײַנס גענומען מער, ווי אין אַנדערע יאָרן, — פּונקט אַזוי איז געווען פֿאַריאָרן, און אין פֿריערדיקע צײַטן. צו דעם האָט זיך שוין דאָס פֿאָלק געהאַט צוגעוווינט, פֿאַרשטייענדיק גאַנץ גוט, אַז אַנדערש זײַן וועט שוין נישט... שלעכט און אַ סך ערגער איז געווען גאָר עפּעס אַנ-

דערש — אַט דאָס, וואָס די ערד איז געשטאַנען ליידיק, וואָרן ס'איז נישט געווען, ווער ס'זאָל אויף איר אַרבעטן...

די וויאָסנע איז שוין, אויף דער גאַנצער וועלט געגאַנגען צוזאַמען מיט די מחנות פייגעלעך, וואָס האָבן געצויגן צו די פאַריאָריקע נעסטן, אויף די בערגיקע ערטער האָט זיך די ערד צוגעטרוקנט, די וואַסערן זענען אָפּגעפלאָסן, און די ערד האָט זיך כמעט געבעטן אַן אַקעראײַזן, מיסט און די הייליקע זאַמען...

און ווער האָט געזאָלט גיין אין פעלד אַריין, אַז אַלע אַריבעטנדיקע הענט זענען געווען אין קרימינאַל!... בלויז ווייבער זענען דאָך כמעט אין דאָרף איבערגעבליבן, און דאָס איז נישט פאַר זייער כוח, נישט פאַר זייער פאַרשטאַנד מיט דעם אַלעם זיך אַן עצה צו געבן.

און דאָ איז נישט איינער אויסגעקומען געלעגן צו ווערן, ווי ס'טרעפט געוויינלעך אין וויאָסנע; דאָ האָבן זיך די קי געקעלבט, די עופות האָבן זיך אויסגעבריט, די מאַטשאָרעס האָבן געהאַט חזירימלעך, אין די גערטנדלעך איז שוין אויך צייט געווען צו פאַרזייען, דאָס גרינוואַרג צו פאַרפלאַנצן, די קאַרטאָפליעס האָט מען געדאַרפן איבערקלייבן פון די גריבער פאַרן זעצן, דאָס וואַסער פון די פעלדער אָפּטרייבן, דאָס מיסט אַרויסנעמען און אַוועקפירן — איז כאָטש אַרבעט מיט די זייטן, און אַן קיין פויער וועסטו נישט אויסקומען... און דאָ איז נאָך באַם אינווענטאַר פאַראַן אַ סך צו טון, מ'דאַרף שניידן שעצקע, אָנטרינקען, האָלץ האַקן, אָדער גאָר פון וואַלד פירן, און אַזוי פיל אַנדערע טאָג-טעגלעכע אַרבעטן, ווי דהיינו מיט די קינדערלעך, וואָס זענען אומעטום, פונקט ווי מאַן געווען, אַז יעזוס! זיי האָבן זיך שוין די ביינער נישט געפילט, די רוקנס זענען זיי אין אָוונט פאַרשטאַרט געוואָרן פון צופיל אָפּגעמאַטערטקייט, און די העלפט איז נישט געווען אָפּגעטון — וואָרן ווו זענען נאָך דערעיקרשט — די פעלד-אַרבעטן ?...

און די ערד האָט געוואַרט; די יונגע זון האָט זי אויסגעוואַרעמט, די ווינטן האָבן זי געטרוקנט, ס'האָבן זי אַדורכגענעצן דורך און דורך די וואַרעמע און פרוכטבאַרע רעגנס, ס'זענען

עדיכטער געוואָרן די בעפלדיקע און וואַרעמע פריילינג-נעכט — אַזוי, אַז די גראָזן האָבן זיך ווי אַ באַרשט אויסגעגרינט, די זינטיגע תבואות האָבן זיך אין שנעלן וווּקס אונטערגעהויבן, די לערכעס האָבן זיך איבער די בייטן צעקלונגען, די באָטשאַ-נעס האָבן זיך איבער די נאַסע לאָנקעס אַרומגעשלעפּט, די בלו-מען האָבן אויך ווי-נישט-ווי פון די בלאָטעס אַרויסגעשפּראָצט צום גלאַנציקן הימל, צום הימל, וואָס האָט זיך מיט יעדן טאָג, פונקט ווי אַ בלויע און אַן אַרומהילנדיקע פּלאַכטע, וואָס אַמאָל העכער אויפגעהויבן, אַזוי, אַז די בענקענדיקע אויגן האָבן שוין וואָס אַמאָל ווייטער געקענט גרייכן, אַזש ביז יענע ראַנדן פון דערפער און וועלדער, וואָס מ׳זעט נישט אַרויס אין דער ווינ-טערדיקער פּאַרטונקלטקייט; די גאַנצע וועלט האָט אויפגעוואַכט פון דעם טויטן שלאָף און זיך אויסגעשטיפּט און געשליירט זיך צו די פריילינגדיקע ימים-טובים פון שמחה און פריילעכ-קייט...

אומעטום אָבער אין די שכנישע דערפער, ווו ס׳אויג האָט זיך נאָר אַ ווענד געטון, האָט מען געאַרבעט אַזוי פלייסיק, און צי ס׳האָט גערעגנט גאַנצע טעג, צי ס׳איז געווען אַ שיין וועטער, האָבן זיך צעטראָגן פריילעכע געזאַנגען און קוקעריען, איבער די פעלדער האָבן געגלאַנצט די אַקעראייזנס, מענטשן האָבן זיך באַוועגט, די פערד האָבן געהירזשעט און די פויגל האָבן פריילעך גערוישט, און נאָר די ליפּצער פעלדער זענען געשטאַנען פּוסט, שטיל, לגמרי אָפּגעשטאָרבן און ווי אַ בית הקברות אַזוי טרויע-ריק...

און צו דעם אַלעם נאָך די שווערע דאגות וועגן די איינ-נעזעצטע...

כמעט טאָג בײַ טאָג איז געגאַנגען אין שטאָט אַרײַן צו עט-לעכע מענטשן מיט פּעקלעך, און אומזיסט געהיילט, אַז מ׳זאָל די אומשולדיקע אַרויסלאָזן.

ס׳דען! ס׳וועט דאָרט עמיצער רחמנות האָבן אויפן באַ-עוולטן פאָלק, אויב ער וועט זיך אַליין די גערעכטיקייט נישט אַרויסרייסן!...

ס'איז געווען שלעכט, אַז אַפילו פרעמדע מענטשן פון אַנדערע דערפער, האָבן זיך שוין אָנגעהויבן מערקן, אַז די עוולה פון ליפּצע איז די עוולה פון גאַנצן פּויערישן פאָלק. ווי דען, נאָר איין מאַלפּע דער צווייטער רייסט דאָס ביסל גראָז אַראָפּ, אָבער איין מענטש דאַרף האַלטן פאַרן צווייטן, כּדי ער זאָל דעם אייבענעם סוף נישט האָבן.

איז דעריבער קיין וואונדער נישט, וואָס אַנדערע דערפער, וועלכע האָבן זיך דאָרט פריִער ווי די קעץ אַרומגעריסן מיט ליפּצע וועגן די גרענעצן און פאַרשידענע שכנישע היזקות, אָדער גאָר פון פּשוטער קנאה, ווייל די ליפּצער האָבן זיך גרעסער געהאַלטן פון אַלע אַנדערע און זייער דאָרף געהאַלטן פאַרן בכבודיקסטן, האָבן אַצינד געמאַך געלאָזט די אַלע אַמפּערנישן, אָפּגעשאָקלט זיך פון דער פאַרביסנקייט; און אָפט האָט אַ פּויער פון רודקי, צי פון ווולקא, צי פון דעמביץ, און אַפילו נישט איינער פון די זשעפּקער שליאַכטע זיך געהיים אַריבערגעכאַפּט קיין ליפּצע געוויר צו ווערן, וואָס ס'הערט זיך.

און זונטיק ווידער נאָך דער תּפילה, אָדער ווי נעכט באַם צוזאַמענפאָר צום מתוודה זיין זיך, האָבן זיי זיך אויפמערקזאַם פונאַנדערגעפרעגט וועגן די איינגעזעצטע, צונויפציִענדיק דערביי שטרענג די פּנימער, שעלטנדיק מיט פעך און שוועבל, און צוזאַמען מיט די ליפּצער האָבן זיי די פויסטן געבײַלט קעגן זייערע באַדריקערס, און שטאַרק מיטגעליטן מיטן גורל פון באַעוולהטן פאָלק.

אָט טאַקע צוליב דעם האָט דאָס אַצינד ראַכאָ פאַרטראַכט זיך, באַשליסנדיק גלייכצייטיק עפּעס אַ וויכטיקע אונטערנעמונג, וואָרן ר'האָט נאָך פאַמעלעכער אָנגעהויבן צו שפּרייזן, אָפּט זיך אָפּעשטעלט, באַהאַלטנדיק זיך פאַרן ווינט הינטער די גרעבערע ביימער און ווי גאָרנישט זעענדיק אַרום זיך, האָט ער אין דער ווייטער וועלט אַריין זיך פאַרקוקט..

און ס'איז עפּעס געוואָרן ווי ליכטיקער און וואַרעמער, נאָר דער אומאָנגענעמער ווינט האָט זיך געשטאַרקט פון שעה צו שעה, אַזוי, אַז איין גערויש האָט זיך איבער דער וועלט געטראָגן, אין

די דינערע ביימלעך האָבן זיך שוין געהאַט אינגאַנצן מיט אַ קרעכץ אַנידערגעלייגט, קלאַפּנדיק מיט די צווייגן איבערן סטאַוו; ביינטלעך שטרוי האָט ער פון די דעכער אַראָפּגעריסן, און די שוואַכערע צווייגלעך האָט ער אָפּגעבראָכן, און ר'האָט שוין גע-בלאָזן אַצינד פונדערהייך און מיט אַזאַ קראַפט, אַז אַלץ האָט זיך באַוועגט: אי די סעדער, אי די פּלויטן, אי די כאַלופּעס, אי די איינצלנע ביימער, אַז ס'האָט זיך אויסגעדאַכט, אַז זיי לויפן אין איין זייט אַריין מיט אים צוזאַמען. די בלאַסע זון, וואָס האָט זיך פון אינטער די צעשמעטערטע וואָלקנס אַפּערגערוקט, האָט זיך אויך אויסגעצויגן, ווי זי אַנטלויפט איבערן הימל, וואָס איז, ווי מיט צוויייעס זאַמד באַדעקט געווען, און איבערן קלויסטער ווי-דער האָט עפּעס אַ טשאַטע פייגל מיט פונאַנדערגעשפּיצטע פליגל, נישט קענענדיק זיך קיין עצה געבן מיט דער גיכקייט, זיך גע-לאָזט טראָגן פון ווינט און מיט אַ מוראדיק געשריי האָבן זיי זיך אָן קלויסטער-טורעם און אָן די צעטרייסלטע ביימער צע-שלאָגן.

אָבער דער ווינט, כאָטש ר'איז געווען נישט אָנגענעם און אַביסל אויך שאָדן אָנגעמאַכט, האָט ער אָבער פיין די פעלדער אויסגעטריקנט, וואָרן שוין פון דער פרי אָן זענען די בייטן צאַרבלעך ווייס געוואָרן, און די וועגן זענען פון וואַסער אָפּגע-בלאָזן...

רצכאַ איז לאַנג אַזוי געשטאַנען פאַרקלערט, פאַרגעסנדיק אויף וועלכער וועלט ער איז, ביז ער האָט זיך ראַפּטום אַ ריר געטון, וואָרן ס'האָבן זיך צו אים דערטראָגן עפּעס קריגערישע קולות.

ער האָט זיך פלינק אַ קוק אום געטון: אויף דער צווייטער זייט פון סטאַוו, האָט זיך פאַרן סאַלטוסעס כאַלופּע, פאַר די הייף, גערויטלט אַ קופּע בויערטעס מיט עפּעס מענטשן אינ-דערמיט...

ער איז מיט אַ בייגעריקייט געשווינד אַריינגעלאָפן, נישט ווייסנדיק, וואָס עס איז דאָרט געשען.

אָבער דערזעענדיק פונדערווייטנס סטראַזשניקעס מיטן

וואַיט, האָט ער זיך אַראָפּגעדרייט אין נאָענטסטן הויף אַריין, און פון דאָרטן פּאָרזיכטיק זיך אָנגעדויבן אַריבערצוקריגן דורך די סעדער צו דער גראָמאַדע מענטשן; ער האָט עפּעס בישט ליב געהאַט צו קריכן דער מאַכט אין די אויגן אַריין.

דער טומל איז געוואָרן וואָס אַמאָל שטאַרקער, ס'איז וואָס אַמאָל מער פויערטעס צוגעקומען, קינדער זענען זיך אויך אין אַ גאַנצער מחנה צוזאַמענגעלאָפן פון אַלע זייטן, פּאַקנדיק זיך צווישן די עלטערע, און שטורכנדיק זיך אייגער דעם אַנדערן, אַז ס'איז אַזש ענג געוואָרן פאַר די הייף. האָבן זיי זיך אַרויסגעשיט אויפן וועג, נישט קוקנדיק אויף דער בלאָטע, נישט אויף די צעוויגטע ביימער, וואָס האָבן מיט די צווייגן געשמיסן. זיי האָבן עפּעס געגרעגערט אַלע צוזאַמען, דאָ האָבן זיך עפּעס באַזונדערע שטימען געלאַזט הערן, אָבער וואָס דאָ איז, האָט ער זיך נישט געקענט אָנשטויסן, וואָרן דער ווינט האָט די ווערטער אָוועקגעריסן. ער האָט דורך די ביימער דערזען, אַז די פּלאָש־קאָווע האָט אָנגעפּירט מיטן רעדל: אַ גראָבע, אַן אויסגעפּאַשעטע, מיט אַ רויט פּנים, האָט זי עפּעס צום העכסטן געשריגן און אַזוי פאַרביסן אַלעמאָל אונטערגעפּאָרן מיט דער פויסט דעם וואָיט אונטער דער נאָז, אַז יענער האָט אָפּגעטרעטן, און די איבעריקע האָבן צו־פּאַטאַקעוועט מיט זייערע געוואַלטן, פּונקט ווי אַ סטאַדע צעווילדעוועטע אינדיקעס. די קאָבוסאָווא ווידער האָט זיך אין די זייטן איילק אַרומגעפּאָרעט, אומזיסט זיך וועלנדיק אַדורכשטופּן צו די סטראַזשניקעס, איבער וועלכע ס'האָבן זיך יעדע ווײַלע געבייל־טע פויסטן אויפגעהויבן, און ווו־נישט־ווו אויך שוין אַ שטעקן אָדער אַן איינגעשמירטער בעזעם...

דער וואָיט האָט זיי עפּעס אויסגעטייטשט, קראַצנדיק זיך פאַרזאָרגט איבערן קאָפּ, פאַרהאַלטנדיק דאָס אָנגרייפן פון די באָבעס, אַזוי, אַז די סטראַזשניקעס האָבן זיך פאָרזיכטיק אַרויסגערוקט פון דער קופּע באַם סטאַוו און זענען אָוועקגע־גאַנגען אין מיל אַריין; דער וואָיט איז זיי נאָכגעגאַנגען, צופּיאָגנ־דיק זיך פון זיי פון צייט צו צייט, און דראָענדיק די שקצימלעך, וואָרן זיי האָבן אים אָנגעהויבן בלאָטע נאָכצוואַרפן.

— וואָס האָבן זיי געוואָלט? — האָט ראָכאַ אַ פרעג געטאָן אַריינגייענדיק צווישן די פויערטעס.

— וואָס! אַז דאָס דאַרף זאָל געבן צוואָנציק פורן מיט מענטשן צום שאַרוואַרק, אַז מ׳זאָל שוין אין דעם אויגנבליק פאָרן פאַרריכטן דעם וועג אין וואַלד... — האָט איס די פלאָשקאָוואַ דערקלערט.

— עפעס אַ העכערער באַאַמטער דאַרף דאָרט אַרום אַדורכ־פאָרן, און דעריבער הייסן זיי פאַרשיטן די גריבער...

— מיר האָבן געזאָגט, אַז קיין פורן און קיין מענטשן וועלן מיר נישט געבן.

— ווער וועט דאָס פאָרן?

— זאָלן זיי פריִער אונדזערע פויערן אַרויסלאָזן, וועלן זיי פאַריכטן.

— לאָזן זיי דעם פריץ איינשפּאַנען!

— זיי וואָלטן זיך בעסער אַליין גענומען צו דער אַרבעט און נישט איבער די הייזער צו נישטערן!

— שטשערוועס, אונטע־דריקערס! — האָט איינע איבער דער אַנדערער אויסגערופן, און וואָס אַמאָל העכער.

— כ׳האָב נאָר דערזען די סטראַזשניקעס האָט מיר עפּעס באַלד דאָס האַרץ קיין גוטס נישט געזאָגט...

— זיי באַראַטן זיך דאָך שוין מיטן וואָיט פון דער פרי אָן אין קרעטשמע.

— זיי האָבן זיך אָנגעזויפן מיט בראָנפן און גענומען זיך גיין איבער די שטיבן, און מענטשן צו דער אַרבעט אַרויס־טרייבן...

— דער וואָיט ווייסט דאָך גאַנץ גוט, האָט ער געדאַרפט דאָרט אין דעם אַמט אויסצוטייטשן, ווי אַזוי עס זעט אויס אין ליפּ־צע — האָט ראָכאַ זיך אָנגערופן, בחנם ווילנדיק איבערשרייען די איבערגעבראָיזטע קולות.

— ס׳דען, ער האַלט מיט זיי גוטברודערשאַפט!

— און ער איז דער ערשטער, וואָס ער ברענגט־צו צו דעם אַלעם.

— און דערנאָך שטייט ער דאָך טאַקע, ווייל ער האָט דער־פון פּראָפיט — האָבן זיי זיך ווידער צעשריגן.

— ר'האָט אָנגערעדט, אַז מ'זאָל זיי געבן צו פערטל שאָק אייער פון יעדער כאַלופּע, אָדער צו היגער, וועלן זיי גע־מאָך לאָזן און אַנדערע דערפער צום שאַרוואַרק אַרויס־טרייבן.

— שטײנער וואָלט איך זיי געגעבן!

— מיט אַ שטעקן צוגעלייגט!

— שטילער, ווייבער, מ'זאָל ענק אַמאָל נישט באַשטראָפן פאַר באַליידיקן די מאַכט!

— זאָלן זיי באַשטראָפן, זאָלן זיי נעמען אין קאָזע אַריין, אין די אויגן אַריין וועל איך מיך שטעלן, מעג זיין דעם גרעסטן באַאַמטן, און אַלץ אַרויסזאָגן, אין וואָס פאַר אַ פּיין מיר לעבן!...

— פאַרן וואָיט וואָלט איך ווידער מורא געהאַט!... פאַר־שטײנקענע פיגור!... ר'האָט באַ מיר אַזאַ ווערט, פונקט ווי די סטראָשידלע אויף שוואַלבן אָפּצושרעקן!... דאָס געדענקט ער נישט, אַז פויערים האָבן אים אויסגעקליבן, איז קענען זיי אים פון דעמאָדאָזיקן אַמט צוריק אַראָפּזעצן!... — האָט געוואָלטעוועט די פלאָשקאָווא.

— נאָך באַשטראָפן זאָלן זיי!... הייסט, מיר צאָלן נישט קיין פּאָדאַטקעס, מיר גיבן נישט אונדזער'ע שקצים צו די רעק־רוטן אָוועק, מיר טוען נישט אַלץ, וואָס זיי הייסן נאָר!... ס'איז זיי נאָך ווייניק, וואָס מ'האָט אונדז די מאַנען צוגענומען!..

— און ווי זיי קומען נאָר, פאַלט באַלד אַ צרה אויף עמעצן.

— אין שניט־צייט האָבן זיי מיר אין פעלד אַ הונט דער־שאָסן!...

— מיך ווידער האָבן זיי אין סאָנד אַריין איינגעגעבן, וואָס די סאָלדאַטן האָבן זיך באַ מיר אָנגעצונדן!...

— און מיך, הייסט דאָס, נישט, דערפאַר וואָס איך האָב פלאַקס הינטערן שייער געטרוקנט?

— און ווי אַזוי זיי האָבן אָנגעקיילט גולבאַשיקס זונדל, דער־פאַר וואָס ר'האָט זיי אַ שטיין געוואָרפן!...

זיי האָבן אַלע איבערגעקוויטשעט, שטופנדיק זיך צו ראָ־כאָן, אַז ר'האָט אַזש די אויערן פאַרשטאָפּט פון דעם טומל.

— טאַטש ווערטס אַ ביסל שטילער! מיטן רעדן וועט עץ גאָרנישט אויפטון! שטילערטס!... — האָט ער אויסגערופן.

— איז גייטס צום וואָיט און מאַכטס אים קלאָר, אַדער מיר וועלן אַלע מיט די בעזימס דאָרט אַהינגיין!... — האָט זיך די קאָ־בוסאָווא עקשנותדיק געריסן.

— כ'וועל גיין, נאָר שוין אין דער רגע צעגייטס ענק!... יע־דע איינציקע האָט דאָך אַזוי פיל אַרבעט אין דער כאַלופּע... כ'וועל שוין אַלץ קלאָר מאַכן!... — האָט ער הייס געבעטן, מורא האָבנדיק, אַז די סטראַזשניקעס זאָלן זיך נישט אומקערן.

און ווייל גראָד אין דער זעלבער צייט האָט מען געקלונגען אויף מיטאָג אין קלויסטער, האָבן זיי זיך אָנגעהויבן ביסלעכווייז זיך פונאַנדערצוגיין, אײנטענהנדיק הויך אויפן קול און אָפּשטעלנ־דיק זיך פאַר די כאַלופּעס.

ראָכאָ איז גיך אַריינגעגאַנגען אין סאָלטיסעס הויז אַריין, ווו ער האָט געהאַט אַצינד געוווינט, וואָרן ער האָט געלערנט די קינ־דער אין שיקאַרעס ליידיקער שטוב. אויפן אַנדערן עק דאָרף, נאָך דער קרעטשמע. דער סאָלטיס איז נישט געווען אינדערהיים, ער האָט אָוועקגעפירט די פּאָדאַטקעס אין פּאָוויאַט אַריין.

די סאָכאָווא האָט אים באַלד דערציילט, רויק, כסדר ווי אַזוי עס איז געווען.

— ס'זאָל נאָר אַמאָל פון די געוואַלטן קיין שום שלעכטס נישט אַרויסקומען!... — האָט זי צום סוף באַמערקט.

— דער וואָיט איז שולדיק. די סטראַזשניקעס טוען דאָס, וואָס מ'הייסט זיי, ער ווידער ווייסט, אַז אין דאָרף זענען נאָר איבער־

געבליבן בלויז ווייבער, אַז ס'איז נישטאָ ווער ס'זאָל אין פעלד אַר-
בעטן, און נישט נאָך אויף שאַרוואַרק ערשט צו פאָרן. כ'וועל אַהינ-
גיין צו אים, זאָל ער פאַרגלעטן דעם ענין, זיי זאָלן נישט הייסן
אַמאָל צאָלן קיין שטראָף!...

— דאָס אַלץ זעט אויס, ווי מען וואָלט נקמה גענומען אַן
ליפּצע פאַרן וואַלד!... — האָט זי געזאָגט.

— ווער?... דער פּריץ?... מיין טייערע! וואָס פאַר אַ
געשעפטן האָט ער מיט דער מאַכט?...

— ווי ס'זאָל נישט זיין, רעדט זיך אַ פּריץ מיט אַ פּריץ
גיכער צונויף, לעבן אין גוט-פריינטשאַפט, האָט ער זיי אָנגעזאָגט
צו נעמען נקמה אין ליפּצע!...

— גאָט מיינער! אַז קיין איין באַרוטער טאָג איז נישטאָ!...
כסדר איז דאָ עפּעס נייעס!...

— אַז ס'זאָל נאָר קיין ערגערס שוין נישט קומען!... —
האָט זי אָפּגעזיפצט, פאַרלייגנדיק די הענט ווי צום פּאַ-
טשערזש.

— זיי זענען זיך צוזאַמענגעלאָפן, ווי די סראָקעס, און גע-
פּיסקעוועט האָבן זיי, אַז גאָט זאָל אָפּהיטן!...

— ווי דען, וועמען ס'בייסט, דער קראַצט זיך!..

— מיט קיין געוואַלטן וועסטו גאָרנישט אויפטאָן, מ'קען נאָר
אַ נייע צרה אויף זיך אָנברענגען!...

ער איז געווען אויפגערייצט און אָפּגעשראָקן, אַז ס'זאָל עפּעס
ווידער אויפן דאָרף קיין בייזס נישט אַראָפּפאַלן.

— צ'גייט צוריק צו די קינדער?

ר'האָט זיך געהאַט אויפגעהויבן פון דער באַנק.

— כ'האָב פונאַנדערגעלאָזט מיין שקאָלע: ס'איז יום-טוב;
און צווייטנס, וועלן זיי מוזן אין דער כאַלופּע צוהעלפן: אומעטום
איז אַזוי פיל אַרבעט פאַרהאַן!...

— כ'בין היינט געווען אינדערפרי אַרבעטער דינגען אין
וואָליע, כ'האָב זיי צוגעזאָגט צו דריי גילדן פון אַקערן, כ'וואָלט
זיי געגעבן צו עסן, און קיין איינעם האָב איך נישט געקענט צו-

רעדן. יעדער אַרבעט פֿריִער זייַנס אָפּ: צו וואָס זאָל ער זיך זאָרגן וועגן וועמען! זיי זאָגן צו צו קומען אין אַ וואָך אַרום, אָדער אין צוויי!...

— יעזוס! אַז דער מענטש פֿאַרמאָגט נישט מער נאָר ווי צוויי שוואַכע הענט!... — האָט ער שווער אָפּגעזיפֿצט.

— צ'העלפֿט אַזוי אויך געניג צו דעם פֿאָלק, צ'העלפֿט!... ווען נישט אייער פֿאַרשטאַנד אין דאָס גוטע האַרץ, איז ווייסט מען שוין נישט, וואָס עס וואָלט מיט אונדז געשען!

— ווען איך וואָלט נאָר געקענט דאָס, וואָס איך וויל, וואָלט קיין צרות אויף דער וועלט נישט געווען! ניין!

ער האָט צעשפּרייט די הענט אין שווערער אָנמאַכט און איז געשווינד אַרויסגעגאַנגען צום וואָיט. נאָר נישט אַזוי גיך איז ער אַהין אָנגעקומען, אָפּטרעטנדיק אין אַלע כאַלופּעס.

דאָס דאָרף האָט זיך שוין געהאַט אַ ביסל באַרויִקט; ווי-נישט-ווי נאָך איבער אַ טייל הייף, האָבן די מער פֿאַרביסענע נאָך געפּיסקעוועט, אָבער מערסטנטייל זענען זיי זיך פֿונאַנדערגעגאַנגען צוגרייטן דאָס מיטאָג, און אויף די וועגן האָט נאָר דער ווינט געהוליעט, ווי פֿריִער און די ביימלעך געטרייסלט.

אָבער תיכף נאָך מיטאָג, נישט קוקנדיק אויף דעם וויסטן ווינט, האָט אָנגעהויבן ווימלען אומעטום פֿון מענטשן; אין די הייף, אין די גערטנער, פֿאַר די כאַלופּעס, אין די פּעדערה־יזער און אין די שטיבן האָט אויפֿגעקאָכט, ווי אין אַ בינשטאָק פֿון דער אַרבעט און פֿון נישט אויפֿהערלעכע גערעדערייען פֿון די באַבעס, — וואָרן בלויז ווייבער האָבן זיך געפּאָרעט און שיקסעטשיגעס, און האָט זיך שוין יאָ ווו געטראָפֿן אַ שגצל, איז עס נאָך געווען אַזעלכער מיטן שוועגצל אינדרויסן, הערכסטנס האָט ער געטויגט צום פּאַשען, וואָרן די עלטערע זענען דאָך צוזאַמען מיט די טאַטעס געזעסן.

זיי האָבן זיך פֿלינק געפּאָרעט, נאָך אונטערטרייבנדיק אויף אין דער גיך, ווייל זיי האָבן זיך געכטן, צוליב דעם צוזאַמענפֿאָר פֿון די גלחים צום מתוודה זיין, געמאַכט אַ יום-טוב אינדערוואָכן, זיצנדיק כמעט אַ גאַנצע טאָג אין קלויסטער, און הייַנט האָבן זיי זיך צוליב די סטראַזשניקעס פֿאַרבאַלאַמוטשעט.

און דאָ גייט צו די ימים טובים, דער גרויסער דינסטיק ליגט שוין אויפן קאַרג, איז טאַקע צוגעקומען אַרבעט און נישט ווינציק פאַרשידענע דאגות — דאָ האָט מען לעבן די כאַלופּעס געדאַרפן מאַכן אין אָרדנונג, דאָ די קינדער באַנייען, זיך אַליין אויך עפּעס מאַכן, אין מיל אַריין צו פּירן, וועגן דעם געהייליקטן ברויט האָט מען געדאַרפן אַ טראַכט טון, און וועגן נאָך פּיל אַנדערע זאַכן, אַז אין יעדער כאַלופּע האָבן זיך שוין די באַלעבאָסטעס שטאַרק דערקאָפּ געבראָכן, ווי אַזוי מען טוט זיך אַן עצה מיט דעם אַלעם, און זיי האָבן פלייסיק די קאַמערן אַדורכגעקוקט, וואָס מען זאָל דאָ דעם קרעטשמער פאַרקויפן, אָדער אין שטאָט אַריין אַוועקפירן. כדי צו באַקומען דעם נייטיקן גראָשן. עטלעכע פויערטעס זענען שוין אַפילו באַלד נאָכמיטאָג אַוועקגעפאָרן, פירנדיק עפּעס אונטערן שטרוי אויף צו פאַרקויפן.

— ס'זאָל ענק נאָר ערגעץ־ווו קיין בוים נישט צעלייגן! — האָט ראָכאָ געוואָרנט דער גולבאָסאָווען, וועלכע איז גראָד אַדורכגעפאָרן מיט אַ מאָגער פערדל, אַז ס'איז קוים מיטן ווינט געגאַנגען.

און ער האָט זיך באַלד אַראָפּגעדרייט צו איר אין כאַלופּע אַריין, דערזעענדיק, אַז די שיקסלעך, וואָס האָבן די שפּאַרעס אויסגעקלעבט, קענען נישט איבערן פענסטער דערגרייכן. ער האָט זיי דערין צוגעהאָלפן און ר'האָט זיי נאָך קאַלך אין שעפל געמאַכט צו ווייסן די ווענט, און אַ פיינעם פענדזעל האָט ער פון שטרוי אָפּגעאַרבעט.

און איז ווייטער אַוועקגעקראָכן.

באַ די וואַכניקס האָט מען מיסט אויף די באַנטע פעלדער אַרויסגעפירט, אָבער ס'איז זיי אַזוי געשיקט געגאַנגען, אַז אַ העלפט האָט זיך פון די ברעטער אויפן וועג אויסגעשאָקלט, און אַזש צוויי שיקסעס האָבן דאָס פערד באַם ציימל געצויגן, וואָרן ס'האָט צפּנים נישט געוואָלט פאָלגן. איז דאָרט ראָכאָ אַריינגעגאַנגען, דאָס מיסט האָט ער ווי עס געהער צו זיין אַרומגעקלאַפּט, און דאָס פערד האָט ער מיט דער בייטש אַ שמיר געטון, אַז עס האָט געצויגן געהאָרכזאַם ווי אַ קינד...

בא די באַלצערעקס ווידער, האָט מאַרישיאַ, וועלכע איז נאָך דאַגנאַ באַרינאָוועןעןאָנגעגאַנגען אין דאָרף פֿאַר די שענסטע, געזייעט אַרבעס באַלד הינטערן פּלויט, אין דער שוואַרצער, היפּש באַמיס־טיקטער ערד; נאָר זי האָט זיך געריירט, ווי אַ פֿליג אין דער סמאָ־לע, זי איז געווען אַרומגעהילט מיט אַ טיכל אויפֿן קאָפּ און אין טאַטנס קאַפּאָטע ביז דער ערד, כּדי דער ווינט זאָל די ספּודניצע נישט צעבלאָזן.

— אייל דיך נישט אַזוי, וועסט נאָך דאַנושען... — האָט ער זיך צעלאַכט, אַרויפּטרעטנדיק אויף דער בייט.

— וואָס הייסט... ווער ס'טוט אין גרויסן דינסטיק אַרבעס זייען, — דער נעמט פּאַר אַ טאָפּ אַראָפּ אין צווייען! — האָט זי שרייענדיק אָפּגעענטפֿערט.

— איידער וועסט פֿאַרענדיקן דאָס זייען, וועלן דיר שוין די ערשטע אויפֿגיין! אָבער ס'איז צו געדיכט, מאַריש, צו גע־דיכט... זאָלן זיי נאָר אויפֿוואַקסן, וועלן זיי זיך אין קאָלטונעס איינוויקלען און אַנידערלייגן!

ער האָט איר געוויזן, ווי אַזוי מ'זייעט מיטן ווינט, וואָרן זי איז אַ נאַר, זי האָט זיך נישט געכאַפּט ווי אַזוי, נאָר געזייעט, ווי ס'איז איר אויסגעקומען.

— און וואַווזשאַן סאַכאַ האָט מיר געזאָגט, אַז דו ביסט צו אַלעמען גענוג! — האָט ער ווי אָן חשק אויסגערופֿן, גייענדיק דערלעבן מיטן אַקער־גראָבן, וואָס איז פֿול געווען מיט בלאָטע.

— צ'האָט דען גערעדט מיט אים?... — האָט זי אויסגע־שריגן, בלייבנדיק פֿלוצלינג שטיין, כּדי דעם אָטעם צו כאַפּן.

זי איז שרעקלעך רויט געוואָרן, אָבער זי האָט זיך מורא געהאַט צו פֿרעגן.

ראָכאָ האָט זיך נאָר צעשמייכלט, אָבער אַוועקגייענדיק, האָט ער אַ זאָג געטון:

— יום־טוב וועל איך אים זאָגן, ווי דו טוסט דיך פּיין צו צו דער אַרבעט!...

בא די פּלאָשקעס ווידער, סטאַכאָס געשוועסטערן־קינדער, האָבן צוויי שקצימלעך פֿאַראַקערט באַלד באַם וועג אַ קאַרטאָפֿל־

פעלד: איינער האָט אונטערגעיאָגט, דער צווייטער האָט מכלומרשט געאַקערט, זיי זענען נאָך ביידע געווען צוויי צוציקעס, זיי האָבן קוים מיט דער נאָז צום פערדס ווײדל דערגרייכט און זיי האָבן נישט פאַרמאָגט אין זיך קיין פיצל כּוח, איז פאַרשטייט זיך, אַז דאָס אַקעראײַזן איז בײַ זיי געגאַנגען ווי אַ שיכּורער פויער, און דאָס פערד האָט זיך וואָס אַ ווײַלע צו דער פערד־שטאַל אויסגעדרייט, האָבן זיי עס טאַקע בשותּפות געקײַלט און געשאָלטן, קריגנדיק זיך איינער מיטן אַנדערן.

— מיר וועלן זיך אַן עצה געבן, ראַכאַ, מיר וועלן זיך אַן עצה געבן, נאָר איבער די שטשערוועס, די שטיינער, שפּרינגט דאָס אַקעראײַזן אַרויס, און אויך די קאָבילע ציט צום זשרעבאָק... — האָט זיך דער עלטערער מיט טרערן אין די אויגן פאַרענטפערט, ווען ראַכאַ האָט בײַ אים אַרויסגענומען דאָס אַקעראײַזן און געשניטן דעם אָנגעהויבענעם אַקער, לערנענדיק זיי אײַנצײַטיק ווי אַזוי צו האַלטן די קאָבילע.

— אַצינד וועלן מיר שוין אַ גאַנצע סטאַיע ביז נאַכט צואַקערן!... — האָט ער ווילעריש אויסגעשריגן, אומקוקנדיק זיך מיט שרעק, צי האָט נישט עמעצער דערזען, ווי ראַכאַ האָט צוגעהאָלפן, און ווען דער אַלטער איז אַוועקגעגאַנגען, האָט ער זיך פלינק אַנידערגעזעצט אויפן אַקעראײַזן פון ווינט אַוועק, ווי דער טאַטע פלעגט טון, און ר'האָט פאַררייכערט אַ פּאַפּיראָס.

און ראַכאַ איז זיך ווײַטער געגאַנגען איבער די כאַלופּעס, רעכענענדיק, אַז ער קען ערגעץ־וווּ בײַהילפיק זײַן.

ר'האָט אײַנגעשטילט קריגערייען, פאַרגלעט די סכסוכים, עצות געגעבן, און וווּ מ'האָט געדאַרפט, האָט ער אַפילו אין דער אַרבעט, מעג זײַן די שווערסטע, צוגעהאָלפן, וואָרן אָט אַזוי האָט ער בײַ די קלאָנבעס האָלץ אָנגעהאַקט, זעענדיק, אַז די קלאָנבאָווע קען זיך נישט קיין עצה טון מיט אַ סענקאָטן פּיען, און דער פּאַטשעשאָווע האָט ער וואַסער פון סטאַוו געברענגט; וווּ ס'זענען ווידער געווען צעלאָבוסעוועטע קינדער, האָט ער געמאַכט, זיי זאָלן פאָלגן..

און האָט ער באַמערקט, אַז ערגעץ איז מען צופיל אומעטיק און מ׳באַקלאָגט זיך — האָט ער געמאַכט פאַרשידענע געלעכטערלעך, פרייליכע וויצן... מיט די שיקסעס האָט ער אויך גאַנץ גערן וועגן חתנים אײַנגעטענהט און וועגן די שקצים דערמאָנט; מיט די פויערטעס האָט ער געשמועסט וועגן די קינדער, וועגן די דאגות, וועגן די שכנטעס און וועגן דעם אַלעטשקן, אין וועלכן דער ווײַבערישער מין קען נאָר אַ טרייסט געפינען — אַבי נאָר דאָס פאָלק צו בעסערע געדאַנקען צו דערפירן...

און ווײַל ער איז געווען אַ מענטש אַ קלוגער, אַ פרומער, נישט ווײַניק אויף דער וועלט אויסגעווען, איז האָט ער דיר באַלד פון ערשטן בליק געוווּסט, וואָס צו זאָגן און ווען מיט עפּעס אַ מעשהלע דעם אומעט פון האַרץ אַרויסצורײַסן; אײנעם איז נייטיק געווען געלעכטער, אײנעם אַ בשותּפותדיקע תּפילה, אָדער גאָר אַ האַרט, קלוג וואָרט, אָדער אַ דראָונג...

ער איז אַזאַ גוטער געווען און יעדן אײנציקן אַזוי מיטגעפילט, אַז כאָטש מ׳האָט אים נישט געבעטן, פלעגט ער נישט איין נאַכט בײַ קראַנקע אָפּזיצן, שטאַרקנדיק די אָרימע נעבעך מיט זײַן גוטסקייט, אַז זיי האָבן אים שוין מער כבוד אָפּגעגעבן, ווי דעם דאָבראָדזשעי...

ביז שוין צום סוף גאָר האָט ער זיך צוגעהויבן דעם פאָלק ווי אַ הייליקער אויסצווייזן, וואָס צעטראָגט איבער די הײַזער גאָטס רחמים און טרייסט.

— אָבער האָט ער זיך דען געקענט אָן עצה געבן מיט דער גרויסער נויט? האָט ער דען געקענט בײַקומען דעם גורל, און די הונגעריקע צו דערנערן, די קראַנקע געזונט צו מאַכן, אָדער די פעלנדיקע הענט מיט זײַנע צו פאַרבײַטן?...

איבער די כוחות פון איין מענטש האָט ער זיך באמת, העלפנדיק און פאַרהיטנדיק דאָס פאָלק — נאָר אַז פאַרן גאַנצן דאָרף איז דאָס נאָר איין קריש געווען, אַזוי פיל, גלײַך ווי עמעצער וואָלט אין אַ ברענענדיקער היץ די דורשטיקע ליפּן מיט ווי פײַכט געמאַכט, נישט געבנדיק זיי צו טרינקען!...

ווי דען ! דאָס דאָרף איז דאָך געווען אומגעהייער גרויס, בלויז כאַלופּעס איז געשטאַנען איבער פופציק, און ערד צום באַאַרבעטן איז געלעגן אַ גרויסער שטח, און באַם ליווענטאַזש*) האָט מען זיך געדאַרפן פּאָרען, און מיילער מ׳זאָל זיי דערנערן האָבן אָן אַ צאָל געוואַרט.

און דאָס אַלץ טאַקע האָט זיך, זינט מ׳האָט די פויערן גענומען, מער געהאַלטן אויף גאָטס השגחה, ווי אויף מענטשלעכער הילף ; איז דעריבער קיין וווּנדער נישט, אַז מיט יעדן טאָג האָט זיך די נויט אַלץ מער געשטאַרקט, און ס׳האָבן זיך געמערט די באַדערפעניש, געהיילן און צרות...

ראַכאָ האָט דאָס אַלץ גוט געפילט און געוווּסט ; אָבער ערשט היינט, גייענדיק פון כאַלופּע צו כאַלופּע, האָט ער דערזען, וואָס פאַר אַן אונטערגאַנג עס גנבעט זיך אומעטום אַריין...

וואָרן נאָך ווייניק, וואָס די פעלדער זענען געלעגן ליידיק, אַז קיינער האָט נישט געאַקערט, נישט געזייעט, נישט פאַרזעצט, וואָרן דאָס וואָס זיי האָבן זיך געפּאַטשקעט אויפן פעלד, האָט ווי אַ קינדער-שפּיל אויסגעזען — נאָר אַ חורבה און אַ פאַרלאָזטקייט האָט זיך שוין אויף יעדן טריט געזען : די פּלויטן האָבן זיך איינגעלייגט ערטערווייז, ווו ווידער זענען שוין דורך די אָפּגעריסענע דעכער די קראָקוועס און די לייסטן אַרויסגעקראָכן, דאָ זענען אָפּגעריסענע טירען באַכגעהאָנגען, פּונקט ווי אונטערגעהאַקטע פליגל, קלאַפּנדיק אָן די ווענט און נישט איין כאַלופּע האָט זיך אויסגעבויגן, אומזיסט זיך בעטנדיק, מ׳זאָל זי אונטערשפּאַרן.

און אומעטום האָבן די וואַסערן געשימלט הינטער די כאַלופּעס, אַ בלאָטע ביז איבער די קני און אומריינקייט הינטער די ווענט, אַז ס׳איז קיין אופן נישט געווען אַדורכצוגיין, און אויף יעדן טריט אַזוי פיל שאָדן, אַז דאָס האַרץ האָט אַזש וויי געטון ; אָט האָבן די בהמות אָפּ געריסעט פון הונגער און די פערד

*) אינווענטאַר.

געבן פשוט מיט מיסט באַוואַקסן געוואָרן, וואָרן ס'איז נישט גע־
ווען, ווער ס'זאָל אָפּרייניקן.

און אַזוי איז מיט אַלץ געווען, אַז אפילו די קעלבלעך זע־
בען ווי די חזירים אין בלאָטע איינגעשמירט, אַליין איבער די
וועגן אַרומגעקראָכן, דאָס באַלעבאַטישע אַרבעט־געצייג איז אַ תּל
געוואָרן אויפן רעגן, די אַקעראייזנס האָט דער זשאַווער אויפגע־
געסן, אין די קוישן האָבן די מאַטשאָרעס די חזירימלעך געהאַט;
און וואָס עס האָט זיך נאָר איינגעבויגן, אָפּגעריסן, אָדער אָפּגע־
בראָכענערהייט אַראָפּגעפאַלן איז — שוין אַזוי געבליבן, וואָרן ווער
האָט דאָס געזאָלט אויפהייבן? ווער האָט געזאָלט פאַריכטן? ווער
האָט זיך געזאָלט דעם שלעכטס אַקעגנשטעלן און דאָס נאָך ער־
גערע פאַרכאַפּן?... די ווייבער? אָבער די אָרימע נעבעך האָבן
קוים געהאַט כּוח און צייט אויף נאָך נייטיקערע זאַכן!
אוודאי, וואָלטן נאָר די מענער צוריקגעקומען, וואָלט מיטן קוק
געווען אַנדערש...

און זיי האָבן טאַקע געוואַרט אויף זייער צוריקקומען, ווי
אויף אַ ישועה פון גאָט, פון טאָג אויף טאָג האָבן זיי געוואַרט,
שטאַרקנדיק זיך מיט דערדאָזיקער האָפענונג...

אָבער די פויערן האָבן זיך נישט אומגעקערט און ס'איז
קיין אופן נישט געווען זיך צו דערוויסן, ווען מען וועט זיי אָפּ־
לאָזן. איז דעריבער האָט נאָר דער טייוול דערווייל געהאַט נחת
און ריווח פון דערדאָזיקער רוינאַציע פון פאָלק, פון דעם אַרומ־
רייסן זיך, פון די קריגערייען און געשלעגן, פון דער אָפּגעמאַ־
טערטקייט פון די הערצער, וואָס האָבן געליטן נויט און ווײ־
טיק...

אַ גרויער בין־השמשות האָט זיך שוין איבער דער וועלט
אַראָפּגעלאָזט, ווען ראָכאָ איז אַרויסגעגאַנגען פון דער לעצטער
כאַלופּע הינטערן קלויסטער, פון די גאַלאָנבעס, און זיך אַוועקגע־
שלעפּט צום וואָיט אויפן אַנדערן עק דאָרף...

דער ווינט האָט אַלץ גערוישט, רייסנדיק זיך וואָס אַמאָל
שטאַרקער, און אַזוי געוואָרפן די ביימלעך, אַז ס'איז געפערלעך

געהען צו גיין, ווארן וואס אמאל איז אויפן וועג אן אפגעבראכע־נע צווייג ארויפגעפאלן.

האט טאקע דער אלטער, אן איינגעהויקערטער, זיך אדורכ־געכאפט בא די סאמע פלויטן, קוים וואס מ׳האט אים דערזען אין דערדאזיקער אויסטערלישער גרויקייט פון בין־השמשות, וואס האט ווי צעמאלן גלאז־שטויב אויסגעזען.

— אויב עץ גייט צום וואיט, איז ער, דאכט זיך מיר, אין מיל; אין דער כאלופע איז ער נישטא! — יאגוסטינקא האט זיך אים אומגעריכט פאר די אויגן באוויזן.

ער האט זיך אפגעדרייט, און א ווארט אויסצורעדן, צו דער מיל, ווארן ר׳האט נישט געליטן די דאזיקע רכילותניצע.

זי האט אים פלינק אנגעיאגט און טאפטשענדיק דערלעבן, האט זי אים כמעט אין די אויערן אריין איינגערוימט:

— כאפטס אריין א בליק צו מיינע פריטשעקס, אדער אויך צו דער פיליפקען. . . גיטס א בליק אריין! . . .

— כ׳זאל נאר מיט עפעס קענען העלפן, וועל איך א־ייגב־ביקן. . .

— זיי האבן אזוי געחלשט, אז צ׳זאלט צו זיי אפ־טרעטן. . . קומטס! . . . — האט זי הייס געבעטן.

— גוט, נאר פריער מוז איך מיך מיטן וואיט דורכ־רעדן.

— זאל ענק גאט באצאלן!

זי האט אים מיט ציטערדיקע ליפן א קוש געטון אין דער האנט אריין.

— וואס איז ענק?

ער האט זיך פארוואונדערט, ווארן זיי זענען שטענדיק געווען צווישן זיך ווי אין קריג.

— וואס זאל מיר זיין, נאר אויף יעדערן קומט אזא צייט, אז פונקט ווי אן א־ויסגעטריבענער הונט און אן א באלעבאס, איז ער צופרידן, אז א ערלעכע האנט גיט אים א גלעט. . . — האט זי מיט כרערן א שנפטשע געטון, אבער איידער ער האט

פֿאַר איר אַ גוט וואָרט געפֿונען, איז זי געשווינד אַוועקגעגאַנגען.

און ער האָט אויך דעם וואָס אין דער מיל נישט געפֿונען; ער איז אַפּנים מיט די סטראַזשניקעס אין שטאָט אַריין אַוועקגעפֿאָרן — האָט אים דער מילנער־שגץ געזאָגט, פֿאַרבײַטנדיק אים אויף אַפּצירועץ זיך אין זײַן שטיבל אַריין, ווי עס זענען שוין געווען ליפּצער באַבעס און פּייערן פֿון אַנדערע דערפֿער געזעסן, וואָס האָבן געוואַרט אויף זייער רייע אָפּצומאָלן. ראָכאַ וואָלט גערן דאָרט לאַנג נאָך געזעסן, אָבער טערעסקאַ, די זעלנערקע, וועלכע איז מיט אַנדערע געזעסן, האָט זיך גיך אַ זעץ־צו געטאָן צו איר און נישט דרייסט און שטילעטשקע איר אָנגעהויבן אויסצופֿרעגן וועגן מאַטעוש גאַלאָנבן.

— צ׳זענט געווען בײַ די פּויערן, איז האָט עץ געוויס אויך אים געמוזט זען... ר׳איז כאָטש געזונט? און מונטער? און ווען וועט מען אים אַרויסלאָזן?.. — איז זי צו איר צוגעשטאַנען, נישט קוקנדיק איר אין די אויגן אַריין.

— און וואָס מאַכט ענקערער בײַ די זעלנער? ר׳איז געזונט? ער קומט איגגיכן אַהיים?... — האָט ער זי צום סוף אויך שטיל אַ פֿרעג געטאָן, און אָפּגעמאָסטן זי מיט אַ שטרענגן בליק.

זי איז רויט געוואָרן און אַנטלאָפֿן אין מיל אַריין.

ער האָט אַ שאָקל געטאָן מיטן קאָפּ אויף איר פֿאַרבלענדטקייט און אי אַוועקגעגאַנגען, ווילנדיק איר עפּעס דערקלערן און וואָרענען זי פֿון אַן עבֿירה, אָבער אין דער מיל, כאָטש די לעמפּלעך האָבן זיך געברענט, האָט ער זי, אין דעם צעטרייסלטן מילעכיקן שטויב און טונקלקייט, נישט געקענט אָפּזוכן: זי האָט זיך באַהאַלטן פֿאַר איר. די מיל ווידער האָט אַזוי גערוישט, דאָס וואַסער האָט זיך מיט אַזאַ אומאויפֿהערלעך געשריי אויף די רעדער געוואָרפֿן, און דער ווינט האָט, ווי מיט די גרעסטע זעק, איינמאָל נאָכן אַנדערן אין די ווענט און אין דאַך געקלאַפּט, אַז אַלץ האָט זיך אַזוי געוואָרפֿן און געטרייסלט, גלייך ווי ס׳וואָלט אַ לײַדע מינוט אַלץ אויף פּיצלעך צעפֿליגן; ראָכאַ האָט געמאַך

געלאָזט דאָס זוכן און איז באַלד צו יענע אָרימע נעבעך אוועקגעגאַנגען.

דערווייל איז שוין פולשטענדיק נאַכט געוואָר'ן; פון צווישן די צעוויגטע ביימער האָבן ווי-נישט-ווי פייערלעך, פונקט ווי די וועלפישע שליפיעס, דורכגעציטערט, אָבער אין דרויסן איז עפּעס אויסטערליש העל געווען, אַז ער האָט די כאַלופּעס פון צווישן די סעדער אַרויסגעזען, און אפילו די פעלדער האָבן די אויגן נעקענט דערגרייכן; דער הימל איז געהאַנגען הויך און פינסטער, אַ גראַנאַטער, כמעט אַ רייבער, וואָרן נאָר ווי-נישט-ווי איז ער נעווען, ווי מיט שניי באַפּרישעט, און די שטער'ן האָבן זיך וואָס אַמאָל געדיכטער אַרויסגעשיט, נאָר דער ווינט האָט זיך נישט איינגעשטילט, פאַרקערט גאָר, ר'האָט זיך נאָך מיט אַ גרעסערער קראַפט פאַרנומען און שוין איבער דער גאַנצער וועלט זיך געטראָגן.

און אַזוי האָט ער כמעט אַ גאַנצע נאַכט געבלאָזן, אַז ווייניק ווער ס'האָט געקענט אַן אויג צוטון אויף אַ רגעלע, וואָרן ר'האָט שרעקלעך די כאַלופּעס געטרייסלט, די ביימער האָבן אין די ווענט געפּאַטשט און די שויבן אַרויסגעקוועטשט, און ר'האָט אַזוי געזעצט אין די ווענט און געקלאַפּט, פונקט ווי מיט האַמערס, אַז נישט איינמאָל האָט מען געמיינט, אַז ער וועט דאָס גאַנצע דאָרף אויסרייסן און אויף דער וועלט אויסטרייסלען.

ס'האָט זיך ערשט באַרויקט אַרום פאַרטאָג-צו, אָבער נאָר וואָס די הענער האָבן אויף טאָג געקרייעט, און דער פאַרמאַטערטער עולם איז איינגעשלאָפן, האָבן דונערן אָנגעהויבן צו קנאַלן און איבער דער וועלט זיך צעטראָגן, און בליצן האָבן אויפגעבלענדט מיט בלוטיקע שנורן, דערנאָך איז ווידער אַ גאָס רעגן אַראָפּגעפאַלן. מ'האָט אפילו געזאָגט, אַז דונערן האָבן ערגעצשטשיס אין די וועלדער אַריינגעשלאָגן.

אָבער, ווען ס'איז שוין גוט טאָג געווען, האָט זיך אינגאַנצן באַרויקט, דער רעגן האָט אויפגעהערט און אַ וואַרעמקייט האָט פּשוט פון די פעלדער געזעצט, און די פייגל האָבן פריילעך אָנגעהויבן צו צווייטשערן, און כאָטש די זון האָט זיך נאָך נישט גע-

האָט באַוויזן, דאָך האָבן זיך ערטערווייז פונאַנדערגעריסן די ניידעריקע, ווייסלעכע וואָלקנס און דער הימל האָט זיך פיין אויסגעבלויט. מ'האָט געזאָגט, אַז עס וועט זיך אויסלייטערן.

אין דאָרף אָבער האָט זיך אויפגעהויבן אַ געקלאָגעריי און געשרייען, וואָ"ן אַזוי פיל היזקות האָבן זיך נאָך דעם שטורמווינט אַרויסגעוויזן, אַז נישט איבערצוציילן: אויף די וועגן זענען בעלעגן אויסגעלייגט אייגער לעבן אַנדערן איבערגעבראָכענע ביימער, שטיקער דאַך, פּלויטן, אַז מ'האָט נישט געקענט אַדורכפאָרן.

באַ די פלאָשקעס האָט עס די כליוועס אייגעלייגט און אַלע בעטן צוגעקוועטשט. און אַזוי האָט אין יעדער כאַלופּע אַרויסגעוויזן עפּעס אַ שאָדן, אַז אַלע הייף-איינגענג זענען פאַרפולט געוואָרן מיט פויערטעס, און אַ געיאָמערײ און געווייגען האָבן זיך ווי אַ געדיכטער רעגן געשיט.

האַנקאַ איז אויך גראָד אַרויסגעגאַנגען אין דרויסן, כדי צו באַקוקן דאָס באַלעבאַטישקייט און צו זען די שאָדנס, ווי די שיקאַרעכע איז אַ פאַל אַריין געטון אין הויף אַריין.

— עך ווייסט גאָרנישט?... באַ די סטאַכעס איז די כאַלופּע איינגעפאַלן!... אַ גס פון גאַט, וואָס ס'האָט זיי נישט דערהרגעט, — האָט זי נאָך פונדערווייטנס געקוויטשעט.

— יעזוס מאַריאַ!...

זי איז שיעור נישט אָפּגעשטאָרבן פון שרעק.

— כ'בין געקומען נאָך ענק צו לויפן, וואָרן ז'האָבן פשוט דאָרט דעם פאַרשטאַנד אָנגעווירן, זיי האַלטן באָר אין איין וויינען...

האַנקאַ איז, כאַפנדיק באָר די פאַטשיילע אויפן קאָפּ, תיכף אַהינגעלאָפן, מענטשן ווידער, געוויר ווערנדיק גיך וועגן דעם אומגליק, זענען איר געדיכט נאָכגעצויגן.

די מעשה האָט זיך אַרויסגעוויזן פאַר אמת: פון דער סטאַכאָוועס כאַלופּע זענען באָר איבערגעבליבן די ווענט, באָר מער איינגעבויגן און אין דער ערד אַריינגעשלאָגן; דער דאַך איז אינגאַנצן נישט געווען, אַזוי פיל באָר, וואָס עפּעס איבערגעבראַ-

בענע באַלקנס האָבן זיך אויפן שפּיץ געוואַקלט; דער קוימען האָט זיך אויך איינגעלייגט, אַז ס'איז נאָר איבערגעבליבן פון אים עפּעס אַ קליין שטיקל, פּונקט ווי אַן אויסגעקרישלטער צאָן, וואָס שטאַרט אַרויס; די ערד אַרום איז געווען אויסגעשפּרייט מיט בינטלעך שטרוי און מיט צעבראָכענע כּלים.

ווערקאַ ווידער איז געזעסן הינטער דער וואַנט אויף אַ קופּע אָנגעלייגטע זאַכן און, אַרומנעמענדיק מיט די הענט די וויינענדיקע קינדער, האָט זי געריטשעט אויפן קול.

האַנקאַ איז צו איר צוגעפאַלן, די מענטשן האָבן זי אויך אַרומגערינגלט, טרייסטנדיק זי, אָבער זי האָט גאָרנישט געהערט און גאָרנישט געזען, פאַרגייענדיק וואָס אַמאָל אין אַ שטאַרקער כליפּען.

— אָ, מיר אָרימע יתומים, אומגליקלעכע יתומים!... — האָט זי שמערצלעך געיאָמערט, אַז בישט אייבע האָט פון ווייטיק אַ טרער געלאָזט.

— און וווּ וועלן מיר זיך, אומגליקלעכע, דאָס אַהינטון? וווּ וועלן מיר די קעפּ אַנידערלייגן? וווּ וועלן מיר גיין?!... — האָט זי אָן באַזינען זיך געשריגן, צוטוליענדיק די קינדער.

און דער אַלטער ביליצאַ איז אַן איינגעקאָרטשעטער און בלוי, ווי אַ מת, כּסדר אַרומגעקראָכן אַרום דער חורבה און די הינער אויף אַ קופּע צוזאַמענגעטריבן, דאָ האָט ער דער קו, וואָס איז צו אַ קערשנבוים געווען צוגעבונדן, אַ וויעכעטש היי אונטער־געוואָרפן, אָדער אַנידערגעקניט אונטער דער וואַנט, געפּייפט אויפן הונט און געקוקט אויף די מענטשן, ווי אַ משוגענער...

מ'האָט געמיינט, אַז ער איז אינגאַנצן פון זינען אַראָפּ.

מיטאַמאָל האָבן זיך אַלע אַ הייב געטון, פונאַנדערטרעטנ־דיק זיך און בייגנדיק מיט הכנעה די קעפּ, ווארן דער גלח איז אומגעריכט אָנגעקומען.

— יאַמבראָזשי האָט מיר נאָר וואָס וועגן דעם אומגליק דערציילט. וווּ איז די סטאַכאָווא?

אַלע האָבן זיך אָפּגערוקט אָן אַ זייט, כּדי מ'זאָל זי אַרויסזען, אָבער זי האָט גאָרנישט באַמערקט איבער דעם מייגען.

— ווערַאנקאַ, טאַטש דער דאַבראָדזשעי אַליין זענען דאָך געקומען! — האָט איר האַנקאַ איינגערוימט.

האָט זי זיך ערשט דאַמאָלס אויפגעכאַפּט, און דערזעענדיק פאַר זיך דעם גלח, איז זי אים אַ פאַל געטון צו די פיס, אַרויסזאָגנדיק מיט גאָך אַ מער שמערצלעך און יאָמערדיק געווייִן.

— באַרויִקטס ענק, וויינטס נישט!.. וואָס קען מען זיך העלפן?... ס'איז גאָטס ווילן... נו, זאָג איך: גאָטס ווילן! — האָט ער איבערגעחזרט, אָבער ער איז אַזוי גערירט געוועזן, אַז ער האָט זיך אַליין בגנבה אַ טרער אויסגעווישט.

— איבער די ייזער וועט אונדז אויסקומען צו גיין, איבער די הייזער, אין דער וועלט אַריין!

— נו, שרייטס נישט, גוטע מענטשן וועלן ענק נישט לאָזן פאַרפאַלן ווערן, און גאָט וועט ענק מיט עפּעס אַנדערש באַגליקן. ס'האָט ענק נישט צעקלאַפּט? האַ?

— גאָט האָט אַזוי אויך נאָך געטון אַ חסד!

— אַן אמתער נס איז געשען.

— ס'האָט געקענט אַזוי ביז איינעם אויסדישן, אַזוי ווי די פלאָשקאָוועס געגדזלעך.

— קיין איין נפש האָט אַמאָל געקענט נישט אַרויס לעבעדיק! — האָט איינע איבער דער אַנדערער אירס געזאָגט.

— אין אינווענטאַר האָט עך עפּעס אַ שאָדן? האַ? אין אינווענטאַר, זאָג איך!

— גאָט האָט עפּעס אָפּגעהיטן, אין פעדערהויו איז אַלץ געווען, און דאָס איז איבערגעבליבן גאַנץ.

דער גלח האָט אַ שמעק טאַבאַק געטון, באַטראַכטנדיק מיט די פאַרטרערטע אויגן די חורבה, וואָס איז נאָר פון דער כאַלופּע

איבערגעבליבן, וואָרן דער דאַך האָט זיך ביזן גרונט איינגעלייגט, און איז צוזאַמען מיטן סופיט אין דער מיט אַריין אַראָפּגעפאַלן, אַזוי, אַז דורך די אויסגעשטופּטע שויבן, האָט מען נאָר געזען קופּעס מיט צעבראָכן האָלץ און דורכגעפוילט שטרוי פון דאַך.

— צ׳האָט אַ גליק, וואָרן ס׳האָט אַלע געקענט דערקוועטשן... נע, נע!

— הלוואַי וואָלט עס געווען דערקוועטשט, הלוואַי וואָלט עס אונדז אַלע געווען דערהרגעט, איז וואָלט איך שוין אויף דעם חורבן נישט געקוקט, איז וואָלט איך שוין נישט צו אַזאַ נויט און צו אַזאַ תּל דערלעבט... אָ, יעזוס מייַנער, יעזוס! כ׳בין געבליבן נאַקעט און בלויז מיט דידאָזיקע יתומים נעבעך... און ווו וועל איך מיך דאָס אַצינד אַהינטון? וואָס הייבט מען אָן? — האָט זי ווידער זיך צעריטשעט, רייסנדיק זיך פאַרצווייפלט בײַ די האָר.

דער גלח האָט ראַטלאָז די הענט צעשפּרייט, איבערטרעטנדיק פון איין פוס אויפן צווייטן.

— ס׳וועט זיין טרוקענער אַזוי! — האָט איינע נישט דרייסט אַרויסגעמורמלט, אונטעררוקנדיק אים אַ שטיקל ברעט, וואָרן ער איז אין אַ בלאָטע ביז איבער די קני געשטאַנען, ער איז אַרויפגעטרעטן דערויף, און טוענדיק אַ שמעק טאַבאַק, האָט ער זיך פאַרטראַכט, וואָס זאָגט מען דאָ, כּדי זי צו טרייסטן.

האַנקאַ האָט זיך זאָרגזאַם פאַרנומען מיט דער שוועסטער און מיטן טאַטען, און די איבעריקע האָבן זיך געשטופּט אַרום דאָבראָדזשעי, איינעסנדיק זיך אין אים מיט די אויגן

פון דאָרף זענען אָנגעקומען וואָס אַמאָל מער ווייבער מיט קינדער, אַזוי, אַז אַ בלאָטע האָט נאָר געשפּריצט פון אונטער די טרעפּעס, און שטילע, שרעקעוודיקע שטימען האָבן געפּליסטערט אין דער קופּע, וואָס איז אַלע מאָל גרעסער געוואָרן, דאָ האָט מען אַ קינדיש געוויין געהערט אָדער וועראָנקעס כליפּען, וואָס איז שוין שוואַכער געוואָרן; אָבער אויף די פּנימער, וואָס מ׳האָט זיי צוליב די אַראָפּגערוקטע טיכלעך אויפן שטערן קוים אַרויסגעזען, איז געלעגן פאַרבאָרגן אַ ווייטיק און אַ וואָלקנדיקער אומעט,

פונקט ווי דער הימל, וואָס הענגט איבער די קעפּ, און נישט אויף איין באַק זעבען הייסע טרערן אַראָפּגעריבען...

אָבער אין זיך זענען אַלע געווען רויִק, מיט הכנעה זיך אונטערגעבנדיק אונטער גאָטס ווילן. ווי דען? ווען יעדער מענטש זאָל זיך נאָך אַזוי שטאַרק פרעמדע צרות צום האַרץ נעמען, וואָלט אים אויף זייַנע אייגענע קיין כוח נישט געבליבן, און דערצו נאָך: וועט ער דען דאָס אָפּאַרבעטן, ווען דאָס ביי זע איז שוין געשען? ר׳וועט עס דען פריִער פאַרכאַפּן?...

דער גלח איז פּלוצלינג צוגעשאַנען צו וועראָנקען און אויסגערופן:

— קודם כל דאַרפט עך גאָט צו דאַנקען, וואָס צ׳זענט נצול געוואָרן...

— אוודאי, אמת, כ׳זאָל אפילו דאַרפן דאָס חזירל צו פאַרקויפן, און אויף אַ תפילה וועל איך אָוועקטראָגן...

— מ׳דאַרף נישט, באַהאַלטס בעסער דאָס געלט אויף נייטיקערע באַדערפעניש, איך וועל אַזוי אויף באַלד נאָך די ימים־טובים פאַר ענקערטוועגן אַ תפילה אָפּריכטן.

זי האָט אים הייס אַ קוש געטון אין דער האַנט אריין און באַ די פיס אַרומגעכאַפּט מיט אַ האַרציקן דאַנק פאַר דער גוטסקייט און רחמנות, ער ווידער האָט זי איבערגעצלמט, בענטשנדיק זי, און באַם קאָפּ זי צוגעדריקט, און די קינדער, וואָס האָבן זיך אים צו די קני מיט אַ פישטשען צוגעטוליעט, האָט ער זיי פרום אַרומגענומען און ווי דער געטרײַסטער טאַטע זיי געגלעט...

— נאָר ווערטס נישט אָן דעם בטחון, אַלץ וועט זיך איבערדרייען צו גוטן. ווי אַזוי איז דאָס געווען

— ווי אַזוי? מיר זענען געגאַנגען שלאָפן באַלד ווי ס׳איז נאָר געווען אָוונט, וואָרן ס׳איז קיין נאַפט נישט געווען אין לעמפּל און אויף האָלץ האָט מיר געפעלט צום הייצן. ס׳האָט גוט געבלאָזן, אַז די כאַלופּע האָט אַזש געקנאַקט, אָבער כ׳האָב גאָרנישט קיין מורא געהאַט, וואָרן נישט נאָר אַזעלכע שטורמווינטן האָט זי אויסגעהאַלטן. פון אָנפאַנגס האָב איך נישט געקענט איינשלאָפן, אַזאַ צוג האָט דורך די שטיב געבלאָזן, אָבער, ווייזט אויס, כ׳האָב געמוזט דערנאָך

אַנדרימלט ווערן. ביז ווי עס גיט דיר נישט מיט איינמאָל קיין זעץ, ווי דאָס הייזל גיט זיך דיר דאָס נישט קיין טרייסל, ווי ס'וואָלט עמעץ אַ לייג געטון אין דער וואַנט אַריין! יעזוס!... האָב איך געטראַכט, אַז די גאַנצע וועלט לייגט זיך איין. כ'בין אַרויסגעשפּרונגען פון בעט און קוים כ'האָב די קינדער אויף די אָרעמס גענומען, און דאָ קנאַקט שוין אַלץ, ס'ברעכט זיך, פאַלט אויפן קאָפּ... קוים כ'האָב אין פעדערהויז אַריין געדאָנשעט, און די כאַלופּע איז הינטער מיר איינגעפאַלן... כ'בין נאָך נישט געהאַט צו מיר געקומען, ווי אויך דער קוימען האָט זיך מיט אַ קנאַל אַ לייג איין געטון... אינדרויסן ווידער האָט אַזוי געבלאָזן, אַז ס'איז שווער געווען אויף די פיס איינצושטיין, און דער ווינט האָט דעם שטרויִדאַך צעטראָגן... און דאָ איז נאַכט, אין דאָרף אַריין איז אַ שטיק וועגס, אַלע שלאָפן, און ס'איז נישט קיין אופן גאָר, אַז זיי זאָלן די געשרייען דערהערן... בין איך אַריינגעקראָכן מיט די קינדער אין קאַרטאָפל־גרוב אַריין, און מיר זענען אַזוי ביז פאַרטאָג איבערגעזיצן.

— גאָטס השגחה האָט אויף ענק געהיט. וועמענס קו איז דאָס באָס קערשן־ביימל?

— טאַטש דאָס אי דאָך מיין קו, מיין איינציקע שפּייזערין!

— זי וועט זיין אַ מילך־קו, דער רוקן איז ווי אַ בעליק, גרויסע וואָרצלען... זי איז קעלביק?

— אַ ליאַדע טאָג דאַרף זי זיך אָפּצוקעלבן.

— ברענגט זי צו פירן אין מיין שטאַל אַריין, זי וועט האָבן אַן אָרט, ביזן גראָז קען זי דאָרט דערווייל צושטיין... אָבער ווו וועט עך ענק אַהינטון?.. איך זאָג: ווו?...

פלוצלינג האָט עפּעס אַ הויבט אָנגעהויבן צו בילן און פאַרביסן זיך אויף די מענטשן געוואָרפן, און ווען מ'האָט אים אָפּגעיאָגט, האָט ער זיך אויף דער שוועל אַנידערגעזעצט און מוראדיק זיך צעוואָיעט.

— ר'איז משוגע געוואָרן, צי וואָס? וועמעס איז ער? — האָט דער גלח אַ פרעג געטון, באַהאַלטנדיק זיך עטוואָס הינטער די באַבעס.

— ס'טייטש דאָס איז דאָך קרוטשעק, אונדזערער... אוודאי, ס'איז אים באַנג דער שאָדן... אַ פילנדיק הינטל... — האָט ביליצאַ געשטאַמלט, גייענדיק אים איינשטילן.

און דער גלח האָט גאָט געלויבט באַם געזעגענען זיך, ר'האָט אַ ווינק געגעבן צו דער שיקאָרעכע, אַז זי זאָל אים נאָכ־גיין, און אויסצו׳ענדיק ביידע הענט צו די ווייבער, וואָס האָבן זיך געפּאַקט זיי אַ קוש צו טון, איז ער געלאָסן אַוועקגעגאַנגען.

מ'האָט געזען, אַז ער האָט לאַנג מיט איר אויפן וועג וועגן עפּעס איינגעטענהט.

דער ווייבערישער עולם ווידער, אָפּטעגהנדיק אַ ביסל און באַדויערנדיק די אומגליקלעכע, האָט זיך אָנגעהויבן זייער גיך פונאַנדערצוגיין, דערמאָנענדיק זיך פּלוצלינג וועגן די אָנבייסנס און נייטיקע אַרבעטן.

באַ דער חורבה איז נאָר איבערגעבליבן בלויז די משפחה, און זיי האָבן גראָד טאַקע פאַרטראַכט זיך, ווי אַזוי מען נעמט עפּעס אַרויס פון דער איינגעפאַלענער שטוב, ווי די שיקאָרעכע איז אָן אָטעם געקומען צו לויפן.

— טראָגטס ענק איבער צו מיר, אויף דער אַנדערער זייט, וו ראָכאָ האָט די קינדער געלערנט... יאָ, קיין קומען איז נישטאָ, נאָר צ'וועט אַ ביישטעלן אַן אייזערן אייוועלע וועט עך האָבן געגוג... — האָט זי גיך אויסגערופן.

— מיין טייערע, און מיט וואָס וועל איך ענק פאַר די קאָמאָרנע באַצאָלן!

— לאָז ענק דערפון דער קאָפּ נישט וויי טון, צ'וועט אַמאָל האָבן געלט, וועט עך באַצאָלן און אויב נישט, וועט עך מיר צוהעלפן אין עפּעס אַן אַרבעט, אָדער גאָר פּשוט, זיצטס פאַר אַ שיינעם דאַנק. די שטוב שטייט דאָך סיי ווי סיי ליידיק! מיטן גאַנצן האַרץ בעט איך ענק, און דער גלח שיקט ענק אָט דאָס פּאַפּירל אויף די ערשטע הילף!

זי האָט פאַר איר אין די אויגן אויפגעוויקלט אַ דרייער־רובל.

— לאָז אים גאָט געבן געזונט! — האָט וועראָנקאַ אויסגעשריגן, קושנדיק דאָס פּאַפּירל.

— אַזאַ אָרנטלעכער, אַז דו וועסט קיין צווייטן אַזעלכן נישט געפינען! — האָט האַנקאַ צוגעגעבן.

— דער קו וועט אין גלחס שטאַל אויך זיין בישקשה! אוודאי... — האָט דער אַלטער אַ זאָג געטון.

און באַלד האָט זיך אָנגעהויבן דאָס איבערציִען.

שיקאָרעס שטוב איז געשטאַנען באַלד באַם וועגל, ווו מען דרייט זיך אַראָפּ אין דאָרף אַריין, אפשר אַ פּאָר טריט פון די סטאַכעס. זיי האָבן טאַקע באַלד אָנגעהויבן איבערצוטראָגן אַהין דאָס איבעריקע ביסל האָב און גוטס און וואָס ס'האָט זיך נאָר געלאָזט אויף אינדערגיך אַרויסכאַפּן פון דער חורבה פון כּלים און בעטגעוואַנט. האַנקאַ האָט אַזש איר פאַראָבעק גערופן צו הילף, און צום סוף איז אויך ראָכאָ אָנגעקומען, געמענדיק זיך מונטער צוצוהעלפן, אַזוי, אַז איידער מ'האָט נאָך אויף מיטאָג געקלונגען, איז וועראָנקאַ שוין געזעסן אין דער נייער דירה.

— אַ קאָמאָרניצע בין איך אַצינד, אַ בעטלערין כּמעט, פיר ווינקלען און דער אויוון דער פינפטער, נישט קיין בילדל אפילו, נישט קיין איין גאַנצע שיסל! — האָט זי אומקוקנדיק זיך ביטער אויסגערופן.

— אַ בילד וועל איך דאַרט ברענגען, און כּלים אויך, וואָס כ'וועל נאָך געפינען די בייטיקסטע. סטאַכאָ וועט זיך אומקערן און מיט מענטשנס הילף וועט ער די כאַלופּע גיך צוריק אויפשטעלן, וועסט אַזוי לאַנג נישט בלייבן... — האָט זי האַנקאַ גוטמוטיק באַרויקט. — און ווו איז דאָס דער טאַטע?

זי האָט אים געוואָלט צו זיך צונעמען.

דער אַלטער איז איבערגעבליבן באַ דער חורבה, אויף דער שוועל איז ער געזעסן, באַטראַכטנדיק דעם הינטלס זיים.

— קומטס מיט מיר, באַ וועראָנקען אין דער נייער דירה איז ענג, און באַ אונדז וועט זיך דאָך מוזן געפינען עפּעס אַ ווינקל פאַר עבקערטוועגן.

— כ'וועל נישט גיין, האַנוש... אַוודאי... כ'וועל בלייבן... כ'בין דאָ געבוירן געוואָרן, איז וויל איך דאָ שטאַרבן.

וויפיל זי האָט זיך באַ אים נישט אָנגעבעטן, וואָס זי האָט אים אַלץ נישט אַריינגערעדט, און ער האָט נישט געוואָלט, נישט און נישט.

— אין פּעדערהויז וועל איך מיר אָפּאַרבעטן אַ געלעגער... אַוודאי... און אויב וועסט הייסן... איז וועל איך צו ענק קומען עסן... וועל איך דיר דערפאַר די קינדער אָפּהיטן... ס'דען... דאָס היטל נעם נאָר מיט, די זייט האָט עס אים צוקאַליעטשעט... ס'דען... ער וועט דיר היטן... ער דערשמעקט זייער שטאַרק.

— די וועגט וועלן זיך איינלייגן און ס'וועט ענק נאָך צו־דריקן! — האָט זי אים, איינרעדנדיק, געבעטן.

— אי... זיי וועלן נאָך מער אויסהאַלטן, ווי וועלכער מענטש דאָרט... דאָס היטל נעם...

זי איז שוין מער נישט צוגעשטאַנען צו אים, אַז ער וויל נישט. איינגעדראַמטן, איז באַ איר אויך ענג געווען, און מיטן אַלטן וואָלט געווען אַ פרישע דאגה.

זי האָט פּיעטרעקן געהייסן נעמען קרוטשעקן אויף אַ שטריקל און אין כאַלופּע אַריין אַוועקפירן.

— ער וועט זיין אויף בורעקס אָרט, וועלכער איז ערגעץ אַנטלאָפן געוואָרן. אַ שלימזל דאָס! — האָט זי אומגעדולדיק אַ געשריי געטון אויף פּיעטרעקן, ווייל ער האָט זיך נישט געקענט מיטן היטל אַן עצה געבן.

— אַ נאַר... ביסן וועט ער גאָר... דאָרט וועסטו אַלע טאָג קריגן צו פרעסן... ס'דען, און וועסט דיך אויסליגן אין דער וואַרעם... קרוטשעק! — האָט אים דער אַלטער באַפוילן, העלפנדיק אים נעמען אויפן שטריקל.

— זי איז אַוועקגעלאָפן פאָרויס, כדי זי זאָל נאָך פאַרן אַוועקגיין אַריינכאַפּן אַ בליק צו דער שוועסטער.

זי האָט זיך פאַרוווּנדערט, טרעפנדיק אין שטוב עטלעכע פויערטעס און ווראַנקא האָט ווידער געוויינט.

מיט וואָס האָב איך מיר דאָס פאַרדינט אויף אַזאַ גוט קייט? מיט וואָס? — האָט זי געקלאָגט.

— קיין סך זענען מיר נישט אימשטאַנד, אומעטום איז אַ נויט, אָבער דאָס, וואָס מיר האָבן געברענגט, בעמטס צו, וואָרן מיר גיבן דאָס פון גאַנצן האַרץ — האָט די קלאַנבאַווע גערעדט, אַרייַנשטופנדיק איר אין דער גאָרשטש אַ שפּאָר פּעקעלע.

— אַזאַ אומגליק האָט ענק געטראָפן!

— מענטשן זענען דאָך נישט קיין שטיינער און יעדער קען זיך מיט דער נויט.

— און צ׳זענט אָן מאַן, פּונקט ווי אַלע.

— איז אין אַזאַ צייט ענק שווערער ווי עמעצן אַנדערש.

— און פאַן יעזוס פּרוווט ענק צום מערסטן אויס... האָבן זיי אַלע אײַנײַנעם גערעדט, אַנידערלייגנדיק פאַר איר די פּעקלעך, וואָרן זיי האָבן זיך בשותּפות אָפּגערעדט און איר אָנגעטראָגן, וואָס אייגע האָט נאָר געקענט: צי אַרבעס, צי גערשטענע גריץ, צי מעל...

— טייערע מענטשן, באַלעבאָסטעס, האַרציקע מאַמעס! — האָט זי ביטער געכליפּעט, אַרומכאַפּנדיק זיך מיט זיי אַזוי הייס, אַז אַלע האָבן זיך אַזש צעוויינט.

— ס׳זענען נאָך פאַראַן גוטע מענטשן אויף דער וועלט, ס׳זענען פאַראַן!... האָט האַנקאַ מיט בערירטקייט געטראַכט.

און דאָ האָט זיך אויך די אָרגאַניסטעכע אַרייַנגעקאָלערט אין דער טיר אַרייַן, טראָגנדיק אַ לאַבן ברויט אונטערן אָרעם און אַ שטיק סלאָנינע אין אַ פּאַפּיר.

האַנקאַ האָט שוין נישט געוואַרט אויף איר פּזמון, וואָרן מ׳האָט גראָד אויף מיטאָג געקלונגען, און זי איז געשווינד אַוועקגעלאָפן אין דער כאַלופּע אַרייַן.

ס׳איז געווען העל אין דרויסן, די זון האָט זיך נישט באַוויזן, אָבער טראָץ דעם האָט דער טאָג מיט אַן אויסטערליש באַזונדערער ליכטיקייט געלויכטן; דער הימל איז געהאָנגען הויך, ווי אַ בלויע פּלאַכטע, באַר זעלטן-ווו פאַרוואָרפן מיט ווייסע אויס-

געשטשערבעטע וואָלקנס; אונטן ווידער האָבן זיך די אַקער־פעלדער צעגאָסן אין אַ נישט אַרומנעמבאַרער רחבות, און מ'האָט זיי אַרויסגעזען ווי אויף דער פלאַך פון דער האַנט, אויף טייל ערטער גרין, און אויף טייל געל פון די קאָרן־פעלדער און פון די ליידיקע נישט פאַרזייטע, און זיי האָבן געגלאַנצט מיט שטראָמען וואַסער, פונקט ווי מיט שויבן.

די לערכעס האָבן הילכיק געזונגען, און פון די וועלדער, פון די בלויליכע ווייטקייטן, מיט דער גאַנצער וועלט, איז געפלאָסן אַ פרישע, פריילינגדיקע לופט, וואָס איז געווען אַדורכגענומען מיט אַ וואַרעמער פייכטקייט און מיט האָניג־ריחות פון דעם טאָפּאָלן־בליִעכץ.

און אויף די וועגן פון דאָרף האָט געווימלט מיט מענטשן: מ'האָט אַריינגעצויגן אין די הייף אַריין צווייגן און ביימער, וואָס זענען פון ווינט אָפּגעבראָכן געוואָרן.

אין דער לופט ווידער איז געווען אַזוי שטיל, אַז די ביימלעך, וואָס זענען געווען איינגעהילט אין דעם פוך פון בליִעכץ, וואָס האָט קוים ערשט אָנגעהויבן גרינען, האָבן זיך קוים, קוים באַוועגט.

אַן אומגעהייערע כמאַרע פון שפּאַצן האָט געפלאַטערט אַרום קלויסטער, אַז ס'איז אַזש שוואַרץ געווען, ווי פון סאַדזעס אויף די קלאָנעס און אויף די צעצווייגטע ליפּעס און אַ געשריי און אַ פאַרטויבנדיק געשוויטשעריי האָט זיך איבערן גאַנצן דאָרף צעטראָגן.

איבערן אויסגעגלעטן, גלאַנציקן סטאַוו האָבן געשריגן די גענדז, וואָס האָבן די גענדזעלעך אָפּגעהיטן, און עס האָבן שאַרף געקלאַפּט די קיִאַנקעס, וואָרן מ'האָט מיטאַמאָל אויף עטלעכע ערטער וועש געוואַשן.

און אומעטום איז געשטאַנען אַ גערודער, אַ צוגעאײַלטע אַרבעט, אַן איבערשרייען זיך פון איין כאַלופּע צו דער אַנדערער, כמאַרעס פון קינדער און רויטקליידערדיקע פויערטעס אין די סעדער.

די פעדערהייזער אין די שטובן זענען געווען פונאַנדערגע־

פּראַלט דורך און דורך, אויף די פּלויטן האָט זיך געטרוקנט די וועש, וואָס מ'האָט נאָר-וואָס געהאַט אויסגעוואַשן, מ'האָט אויסגעלופטערט דאָס בעטגעוואַנט אין די סעדער, דאָ און דאָרט האָט מען די ווענט געווייסט, די הינט האָבן מלחמות געפירט מיט די חזירים, וואָס האָבן זיך ארומגעבאָברעוועט אין די ראָוועס, און ווי-נישט-ווי האָבן די קי ווידער אויפגעהויבן די האָרנדיקע קעפּ פון די פאַרצוימונגען אַרויס, ריטשענדיק מיט בענקשאַפט.

נישט איין וואָגן איז אויך אין שטעטל אַריין אַרויסגעפאָרן אויף יום-טוב איינצוקויפן. און באַלד נאָך מיטאָג איז אָנגעפאָרן מיט אַ לאָגגן דראַביניאַסטן וואָגן דער אַלטער הענדלער יודקאַ מיט זיין ייִדענע און מיטן בחור.

זיי זענען געפאָרן פון כאַלופּע צו כאַלופּע, באַגלייט פון די הינט, וואָס האָבן גוואַלטיק געבילן אויף זיי, און ווייניק איז געווען, פונוואַנען יודקאַ זאָל אַרויסגיין מיט ליידיקע הענט, וואָרן ער איז נישט געווען אַזאַ שווינדלער, ווי דער קרעטשמער, אָדער ווי אַנדערע. ער האָט געצאָלט נישקשהדיק, און אַפילו, ווען ווען מען ס'איז נייטיק געווען, האָט ער ביזן נייעם שניט אויף נישט קיין גרויסן פּראָצענט אַנטליגן. אַ קלוגער ייִד געווען, ר'האָט אַלע נעקענט אין דאָרף און געוווּסט, ווי אַזוי צו וועמען צו רעדן, איז האָט ער טאַקע פון צייט צו צייט אויפן וואָגן אַ קעלבל אַרויפגעצויגן, אָדער אַ פערטל תּבואה דאָרט אַרויסגעטראָגן, און די ייִדינע האָט באַזונדער אויף אייגענער האַנט געהאַנדלט, צוזאַמענטראָגנדיק אייער, הענער, אָדער אַן אָפּגעצופּט קאָקעסקעלע, אָדער גאָר אַ האַלב שטיקל לייוונט, וואָס זי האָט צום מיינסט אויסגעבאַרט פאַר די שפּיצן, און בענדער, און טאַשמעס, און שפּילקעס, און דעם גאַנצן קראָם אויף אויסצושלייערן זיך, אויף וועלכן דער ווייבערישער עולם איז שטענדיק אַזוי גייציק, און דאָס נאָך, וואָס זי האָט אין דער גרויסער פודלע געטראָגן מיט זיך, רייצנדיק דערמיט די, וואָס זענען צום מיינסטנס באַשערינס דערויף...

זיי זענען גראָד פאַרפאָרן פאַר באָרינעס הויז, ווי יודקאַ איז אַ פאַל צו געטון מיט אַ געקוויטש:

— האַנוש, קויפֿטס רויטע טאַשמעס!... און די פֿאַרב דאַרף מען האָבן צו די אייער צו פֿאַרבן... פֿאַדעם האָט אויך פֿאַר־פֿעלט! — האָט זי האַנקען היילנדיק געבעטן.

— מאָרגן וועסטו פֿאָרן אין שטאָט אַריין, וועסטו דיר אָנ־קויפֿן וואָס מ'דאַרף.

— און אין שטאָט איז אייגנטלעך וועלוועלער און מ'וועט נישט אַזוי אָפּשווינדלען! — האָט זי פֿאַרזיכערט, זייענדיק טאַקע צופֿרידן צו פֿאָרן, אַז זי איז שוין אַליין, מ'האָט זי גאָרנישט גע־הייסן, אַרויסגעלאָפֿן צו די הענדלערס מיט אַ געשריי, אַז זיי דאַרפֿן גאָרנישט צו האָבן, און זיי וועלן גאָרנישט פֿאַרקויפֿן.

— טרייב צונויף די הינער, כּדי ס'זאָל זיך עפּעס איינע צום יידישן וואָגן אַמאָל נישט צוקלעבן! — האָט איר האַנקאַ נאָכגע־שריגן, אַרויסקוקנדיק פֿאַר דער טיר.

טערעסקאַ די זעלנערקע האָט זיך גראָד אַראָפּגעדרייט אין הויף אַריין, ווי אַנטלויפֿנדיק פֿאַר דער יידענע, וועלכע האָט איר עפּעס נאָכגעשריגן.

זי איז אַריינגעפֿאַלן אין שטוב אַריין, נישט קענענדיק קיין וואָרט איבעררעדן און שטאַמלענדיק נאָר און שרעקלעך רויט ווערנדיק, און עפּעס אַזוי באַטריבט, אַז טרערן האָבן זיך איר אין די אויגן געשטעלט.

— וואָס איז ענק, טערעסקאַ? — האָט זי זייער אַ נייגעריקע זי אַ פֿרעג געטון.

— וואָרן אָט די שווינדלערס גיבן מיר נאָר פּופּצען גילדן, און דער וועלניאַק איז אינגאַנצן אַ נייער! כ'דאַרף אַזוי בייטיק געלט האָבן, אַז ס'איז אַ וווּנדער, כ'האַלט עס אויס...

— ווייזטס נאָר... ווי טייער? — ס'האָט זי אָנגעשמעקט דאָס מלבוש.

— כאָטשביק אַ דרייסיק גילדן! אַ נייענקער וועלניאַק, ר'האָט גאַנצע זיבן איילן מיט אַ אַ האַלבן שפּאַן, סאַמע ריינע וואָל איז אויף אים אַוועקגעגאַנגען העכער פֿיר פֿונט... דעם פֿאַרבער האָב איך אויך באַצאָלט.

זי האָט אים צעוויקלט אויף דער שטוב, אַז ר'האָט אַזש אַ

בליאַזשג געטון און אַ בלענד געגעבן, ווי אַ רעגנבויגן אין געשפילט מיט די פאַרבן, אַז מ׳האָט אַזש די אויגן געמוזט צומרוזשען.

— ס׳איז אַ הערלעכקייט, נישט קיין וועלניאַק! ס׳איז אַ גרויסער שאָד, נאָר וואָס?... כ׳דאַרף אַליין האָבן געלט אויף יום־טוב. צ׳וואָלט נישט געקענט צוואַרטן ביז נאָך פסח?

— ס׳דען, אַז כ׳באַדאַרף אָט כאָטשביק שוין צו האָבן!

זי האָט גיך איינגעוויקלט דעם וועלניאַק, אָפּקערנדיק דאָס פנים, ווי פאַרשעמט.

— אפשר וועט די וואַיטאָווע קויפן... באַ זיי איז גרינגער דער גראָשן.

זי האָט אים גענומען נאָכאַמאָל צו באַקוקן, און צו דער זייט זיך צומעסטן, און מיט אַ שמערצלעכן זיפץ אָפּגעגעבן.

— ווילסט דיינעם געלט שיקן צו די זעלנער?

— אוודאי... ר׳האָט געשריבן... ר׳חלשט, אַז ס׳איז אים שלעכט... זיי..ס געזונט!

און כמעט ווי אַ ווינט איז זי פון שטוב אַרויסגעלאָפן, און די יאַגוסטינקאַ האָט, צערייבנדיק אין צעבערל קאַרטאָפליעס פאַרן חזיר, אָנגעהויבן הילכיק צו לאַכן.

— צ׳האָט זי גוט צו דער וואַנט צוגעדריקט, אַז ס׳איז אַ וווּנדער, זי האָט פון איילעניש די ספּודניצע נישט פאַרלוירן! דאָס געלט דאַרף זי האָבן פאַר מאַטעוּשן, נישט פאַרן מאַן.!

— ווי זי ווייסט אַזוי אַלדינג! — האָט זי זיך זייער געחידושט.

— טה! גלייך צ׳וואָלט אין אַ וואַלד געזעסן...

— פונוואַנען זאָל איך דאָס וויסן?

— סטייטש טערעסקאַ לויפט דאָך יעדע וואָך צו מאַטעושן און ווי אַ הונט וואַכט זי אָפּ גאַנצע טעג אונטערן קרימינאַל, און טראָגט אים אַריין, וואָס זי קען נאָר.

— אום גאָטס ווילן!.. זי האָט דען נישט איר אייגענעם מאַן?

— דאָס ווייסט מען, אָבער יענער איז דאָך באַ די זעלנער, ווייט, און מ׳ווייסט נישט, צי ער וועט זיך אַמאָל אומקערן, און אַ נקבה אַליין איז אומעטיק, מאַטעוש אָבער איז געווען באַנט, אונטער דער האַנט, און אַ פֿויער, ווי אַ שד. איז וואָס־זשע דאַרף זי זיך זאָרגן?!...

האַנקען איז געקומען אויפֿן געדאַנק אַנטעק מיט יאַגנען. זי האָט זיך טיף פֿאַרקלערט.

— און ווען מ׳האָט מאַטעושן גענומען, האָט זי זיך צונויפֿגעקאָמפּאַניעוועט מיט זיין שוועסטער, מיט נאַסטקען, זי זיצט אַפֿילו באַ זיי אין דער כאַלופּע, און זיי לויפֿן שוין ביידע צוזאַמען אין שטאָט אַריין. נאַסטקאַ מכלומרשט צום ברודער, אָבער דערהויפּט, כּדי שימעק דאָמיניק זאָל זי נישט פֿאַרגעסן...

— ווי עץ ווייסט אַזוי פֿון אַלדינג! נע, נע!

— פֿאַר אַלע אין די אויגן טוען זיי דאָס, די נאַראָנים, איז גרינג זיך צו דערוויסן. דעם לעצטן וועלניאַק פֿאַרקויפֿט זי, אַבי מאַטעושן יום־טוב צו מאַכן! — האָט זי גיפֿטיק אָפּגעשפּעט.

— נע, נע, וואָס באַ מענטשן טוט זיך אַלץ אָפּ!... איך וואָלט אויך געדאַרפֿן פֿאָרן צו אַנטעקן.

— אַזאַ מהלך וועגס, אין ענקער באַשטאַנד, צ׳קענט נאָך קראַנק ווערן... יוזקאַ קען דאָס נישט טון, אָדער אַן אַנדערער? — זי האָט זיך קוים איינגעהאַלטן מיט יאַגנעס נאָמען זיך נישט אַרויסצוכאַפּן....

— כ׳וועל אַליין גיין, גאָט וועט העלפֿן, און ס׳וועט מיר גאָרנישט געשען. ראָכאַ האָט געזאָגט, אַז יום־טוב וועט מען צולאָזן צו אים, כ׳וועל פֿאָרן... יאָ, מ׳וואָלט שוין געדאָרפֿן די זייטלעך סלאַנינע אויף דער אַנדערער זייט איבערצוטראָגן.

— אין דריטן טאָג ליגן זיי שוין אין זאַלץ, אוודאי, וואָלט שוין נישט געשאַדט, כ׳וועל באַלד דאָרט אַהינגיין.

און זי איז געגאַנגען, אָבער נאָך גיכער איז זי צוריקגעקומען אַ צעמישטע עפּעס, מודיע זייענדיק, אַז עס פֿעלט אפֿשר האַלב פֿלייש.

זי האָט זיך אַ ריס געטון אין קאַמער אַריין, יוזקאַ איז איר

נאָכגעלאָפן און זיי זענען געבליבן שטיין דערשראָקענע לעבן צע־בערל, אַריינטראַכטנדיק, ווי ס'האָט געקענט אַהינקומען.

— דאָס איז נישט קיין אַרבעט פון אַ הונט: מ'דערקענט בפירוש, אַז ס'איז אָפּגעשניטן מיט אַ מעסער... אַ פרעמדער גנב איז נישט געקומען נאָך עטלעכע פונט... דאָס איז יאַגושעס אַ שטיקל אַרבעט!... — האָט האַנקאַ אָפּגעפּסקנט, אַ וואָרף טוענ־דיק זיך מיט כעס אין שטוב אַריין, אָבער יאַגנאַ איז נישט געווען, נאָר דער אַלטער איז געלעגן ווי שטענדיק מיט אַרויסגעשטאַרטע שליפּיעס.

ערשט יוזקאַ האָט זיך אַצינד דערמאַנט, אַז יאַגוש האָט, אַרויסגייענדיק אינדערפרי פון שטוב, עפּעס באַהאַלטן אונטער דער פּאַטשיילע, אָבער זי האָט געמיינט, אַז דאָס איז עפּעס אַ מין שלייערל, וואָס זי האָט זיך אויף יום־טוב צוגעגרייט צוזאַמען מיט דער באַלצערקאָווען.

— צו דער מוטער האָט זי דאָס אַוועקגעטראָגן... וועמען עס פאַרשמעקט, באַ קיינעמען נישט פרעגט...

אָבער אויף יאַגוסטינקעס דאָזיקע רייד, האָט האַנקאַ אויסער זיך פון כעס אַ געשריי געטון:

— יוזקאַ! רוף אַהער פּיעטרעקן!... מ'דאַרף דאָס איבע־ריקע צו מיר אין קאַמער אַריין איבערטראָגן.

מיטן קוק האָבן זיי עס איבערגעטראָגן; זי האָט שוין גע־האַלט אויך באַ דער געלעגנהייט די פעסער מיט תבואה אויף איר זייט אַריבערקאַלערן, כדי פריי אין זיי אַ זוך צו טון, אָבער זי האָט געמאַך געלאָזט: ס'איז צופיל מענטשן געווען, און זיי וואָלטן נאָך געקענט דאָס צום קאָוואַל אָפּטראָגן.

און זי האָט שוין אַ גאַנצן נאָכמיטאָג ווי אַ הונט יאַגנען אָפּגעוואַרט, און ווען זי איז אַרום בין השמשות אָנגעקומען, איז זי באַלד פון ערשטן וואָרט אויף איר אויפגעזיצן פאַרן פלייש.

— כ'האָב עס אויפגעגעסן!... ס'איז אַזוי מיין, ווי ענקער, כ'האָב אָפּגעשניטן אַ שטיק און אויפגעגעסן! — האָט זי האַרט אָפּ־געענטפערט, און נישט קוקנדיק דערויף, וואָס האַנקאַ האָט איר

שוין כמעט דעם גאַנצן אָוונט קיין רו נישט געגעבן, יאַדענדיק זי עקשנותדיק, האָט זי זיך אפילו מיט קיין איין וואָרט מער נישט אָפּגערופן, ווי רייצנדיק זי להכעיס. זי איז אפילו געקומען אויף וועטשערע, גלייך ווי קיינמאָל גאָרנישט, און מיט אַ געלעכטערל איר אין די אויגן אַריינגעקוקט.

האַנקע איז שיִער נישט משוגע געוואָרן פון כעס, ווייל זי האָט זי נישט געקענט בייקומען.

דעריבער האָט זי שוין דעם גאַנצן אָוונט יעדן אייניציקן איבער אַ ליאַדע וואָס אָנגעטון געברוינטע לייד, יאָגנדיק פרי שלאָפן, וואָרן מאָרגן איז דער גרויסער דאָנערשטיק, און מ'דאַרף זיך נעמען צום צורוימען.

און זי האָט זיך אַליין אויך פריִער געלייגט ווי געוויינטלעך, אָבער זי איז אַ שטיק אין דער נאַכט אַריין נישט אַנטשלאָפן געוואָרן און, דערהערנדיק דאָס פאַרביסענע געבילעריי פון די הינטלעך, האָט זי אַרויסגעבליקט פאַרן הויף.

— באַ יאַגנען האָט זיך נאָך געלויכטן.

— ס'איז שפּעט, אַ שאָד נאַפּט, מ'גיט נישט אומזיסט! — האָט זי אַ וואָרטשע געטון אין פּעדערהויז.

זי איז ווידער אַזוי אין כעס געוואָרן, אַז זי האָט ערשט נאָכן ערשטן הענער-קרייען איינגעדרימלט.

און באַלד אינדערפרי, ווי ס'האָט נאָר אָנגעהויבן טאָגן, האָט זיך יוזקאַ, כאָטש זי איז געווען אַ גרויסע פּעפערין, די ערשטע אויפגעכאַפּט אין בעט, דערמאָנענדיק זיך אָן דער רייזע איינצוקויפן און זי איז געלאָפן אויפוועקן די שקצים, אַז זיי זאָלן צוגרייטן די פערד, און זי האָט זיך נאָך אפילו שאַרף אַנטקעגנגעשטעלט האַנקען, ווען זי האָט פּיעטרעקן געהייסן איינשפּאַנען אין וואָגן דעם ברוינעם.

— יעך וועל אין קיין ברעטער און אויף קיין בלינדער קאָבילע נישט פאָרן! — האָט זי געקוויטשעט מיט געוויין. — וואָס בין איך אַ בעטלערין, אַז מ'זאָל מיך פירן אין אַ מיסטוואָגן? מ'הייסט דאָך אין שטאָט וועמעס טאָכטער איך בין! דער טאַטע וואָלט דערויף קיינמאָל נישט איינגעגאַנגען...

זי האָט אָנגעמאַכט אַזאַ גיהנום, אַז זי האָט אויסגעפירט ס׳אַ־
ריקע און אַרויסגעפאָרן מיט דער בריקע און מיט אַ פּאָר פערד,
מיטן פאַראָבעק אויפן פעדערשטן געזעס, ווי עס פלעגן פאָרן גע־
וויינטלעך באַלעבאָסטעס.

— און רויטס זאָלסטו קויפן, און גאָלדנס, און וואָס פאַר אַ
פאַפּירן עס זאָלן נישט זיין! — האָט איר וויטעק נאָכגעשריגן פון
גערטל. און ער האָט שוין פון סאַמע פאַרטאָג אָן צעקלאַפּט אויף
די בייטן די גראָבע שטיקער ערד און זיי צעמ..לן, ווייל האַנקאַ
האָט נאָך געהאַט בדעה היינט דאָרט קרויט צו פאַרזעצן. און ווייל
די באַלעבאָסטע האָט זיך אַ לענגערע צייט נישט געהאַט באַוויזן
פון דער כאַלופּע, איז ער אַרויסגעלאָפן אויפן וועג און מיט אַנ־
דערע שקצימלעך געגרעגערט אונטער די פּלויטן, וואָרן פון דער פרי
אָן זענען די גלאָקן אַנטשוויגן געוואָרן, ווי ס׳איז געווען דער מנהג
אין גרויסן דאָנערשטיק.

דאָס וועטער האָט זיך געשטעלט ענלעך צום נעכטיקן; נאָר
ס׳איז געווען עפּעס ווייעריקער איוף דער וועלט און שטילער.
באַנאַכט האָט זיך געמאַכט אַ קעלט, איז האָט זיך דער פרימאָרגן
אויפגעהויבן אַ באַגרויטער מיט טוי, אַ פאַרנעפּלטער און קילער,
אַז ס׳איז שוין געווען גרויסער טאָג, און די שוואַלבן האָבן נאָך
אַלץ געטשוויטשערט, איינגעטוליעט אויף די דעכער, און הילכי־
קער האָבן געשריגן די גענדז, וואָס מ׳האָט צום סטאַוו אַרויסגע־
טריבן, אָבער דאָס דאַרף האָט זיך, ווי ס׳איז נאָר טאָג געוואָרן,
מיט איינמאָל אויף די פיס געשטעלט.

צום אָנבייסן איז נאָך ווייט געווען, און ס׳האָט זיך שוין
געמאַכט אַ טומל און אַ געדרייעניש, די קינדער ווידער, וואָס מ׳האָט
פון די כאַלופּעס אַרויסגעטריבן, כדי זיי זאָלן נישט שטערן, האָבן
זיך איבער די וועגן געטראָגן, קלאַפּנדיק און גרעגערנדיק מיט
די גרעגערס.

ס׳איז אפילו ווינציק־ווער געגאַנגען צו דער תּפילה, וואָס
ווערט היינט אָפּגעריכט אָן שפּילן און אָן קלינגען.

וואָרן ס׳איז שוין געווען די לעצטע צייט, כדי זיך צו נע־
מען צום צורוימען אויף יום־טוב, און איבערהויפּט צום ברויט־באַקן

און צו פאַרראָשטשיניען אויף קוכנס און פאַרשידענע חלהלעך, זענען טאַקע כמעט אין יעדער כאַלופּע די טירן און פענסטער געשטאַנען פעסט פאַרמאַכט, כדי דאָס טייג נישט צוצוקילן, פייערן האָבן געפלאַקערט, און פון די קוימענעס האָבן געזעצט רויכן אין דעם פאַרוואָלקנטן הימל אַריין.

אין די שטעלער האָבן די בהמות געריטשעט, גריזשענדיק די זשלויבן פון הינגער, די חזירים האָבן געבריקעט אין די גערטנער, די עופות האָבן זיך איבער די וועגן אַרומגעשלעפּט, און די קינדער האָבן גנטין וואָס זיי האָבן געוואָלט, אַרומרייסנדיק זיך בײַ די קעפּ און אויף דיביימער אַרומקריכנדיק נאָך די קראָענעסטן, ווייל ס'איז נישט געווען, ווער ס'זאָל זיי שטערן, וואָרן אַלע ווייבער זענען געווען פאַרנומען מיטן ראָשטשעניען און מיטן מאַכן דאָס ברויט, מיטן אַרומוויקלען די דזשיזשעס, און די מילטערס מיט טייג מיט בעטגעוואַנט, מיטן אײַנזעצן אין אויוון אַריין, אַזוי ווי זיי וואָלטן אָן דער גאַנצער וועלט פאַרגעסן, האָבנדיק גאָר אויפן קאָפּ דאָס איינע, אַז קיין רויקייט זאָל זיך אין ברויט נישט אַרײַנכאַפּן, אָדער ס'זאָל נישט פאַרברענט ווערן.

און אומעטום האָט מען געטון דאָס אייגענע: באַם מילנער, בײַ די אָרגאַניסטערס, אויף דער פּלעבאַניע, בײַ די באַלעבאַטים, צי קאָמאָרניקעס, וואָרן אפילו דער אָרימסטער אפילו, ווען ער זאָל חיסן אויף באָרג צו נעמען, אָדער פאַר דעם לעצטן פערטעלע, ווי ס'איז יום טוב צו מאַכן האָט ער זיך געמוזט, ער זאָל כאָטשביק איינמאָל אין יאָר, פּסח, אָנעסן זיך צו דער זעט מיט פלייש און מיט אַנדערע פאַרשידענע געשמאַקע זאַכן.

און ווייל נישט אומעטום האָבן זיי גנהאַט באַק אייוונס, איז האָבן זיך אין די סעדער צווישן די כאַלופּעס שיקזעס געדיכט געדרייט הין און צוריק מיט אָרעמס האָלץ, און טיילמאָל האָבן זיך אויך באַם סטאַוו אויסגעמעליקטע, צעשויבערטע פויערטעס באַוויזן, און פונקט ווי אויף אַ פּראָצעסיע צו די תּפֿילות, אַזוי האָבן זיי פאַרזיכטיק געטראָגן די אויסגעהייערע לאָקשנברעטער און מילטערס פול מיט קוכנעס, וואָס זענען געווען מיט קישנס איבערגעדעקט.

אפילו אין קלויסטער איז געגאַנגען אַן ארבעט: דעם ג"חס פּאַראָבעק האָט אָנגעפירט פון וואַלד טשוויערקע-בייטלען, און דער אָרגאַניסטער צוזאַמען מיט ראָכאַן און מיט יאַמבראָזשין האָבן אָנגעהויבן צוצוגרייטן און אויסצושלייערן דאָס קבר פון פאַן יעזוס.

און אויף צומאָרגנס, פרייטיק, האָט זיך די אַרבעט נאָך מער געשטאַרקט, אַז ווינציק-ווער ס'האָט אפילו באַמערקט יאַשן דעם אָרגאַניסטערס, וועלכער איז געקומען צו פאָרן פון די קלאַסן אויף יום-טוב און האָט געשפּאַצירט איבערן דאָרף, אַריינ־קוקנדיק נאָר אין די פענסטער, וואָרן ס'איז קיין אופן נישט געווען צו עמעצן אַריינצוקומען, נישט אפילו מיט וועמען קיין וואָרט אויסצורעדן.

ווי אַזוי, אַז מען האָט גאָרנישט געקענט אַריינקריכן אין קיין שום כאַלופּע אַריין, וואָרן אומעטום זענען די דורכגענג און אפילו די סעדער געווען פאַרלייגט מיט די שענק, בעטן און פאַרשידענע זאַכן, וואָרן מ'האָט הייגט בחפזונדיק די שטיבן געווייכט, געריבן די פּאַדלאָגעס און פאַר די הייזער האָט מען די בילדער ביז ריין אָפּגעוואַשן, און אונטער די ווענט אַרויסגעשטעלט.

און אומעטום האָט געהערשט אַזאַ טומל און אַ געדריי־ניש, אַז מ'איז אין איין אָטעם געלאָפן, אונטעריאָגנדיק זיך נאָך, אַז מ'זאָל זיך צואײַלן און וואָס אַמאָל אַ גרעסערן ריש אָנגעמאַכט, מ'האָט אפילו די קינדער צוגעטריבן, זיי זאָלן צו־זאַמענקראַצן די בלאָטע אין די הייף און מיט געלן זאַמד פאַר די איינגענג אויסצושיטן.

און ווייל לויטן אַלטן מנהג, איז פון פרייטיק אינדערפרי אָן אַזש ביז זונטיק נישט גלייך געווען צו עסן קיין געקעכץ, איז האָט מען פאַר גאָטס כבוד וועגן אַ ביסעלע צוגעזה־נגערט, באַנוגנדיק זיך מיט אַ שטיקל ברויט און מיט געבראָטענע קאַר־טאָפליעס.

פאַרשטייט זיך, אַז אין פאַרלויף פון דידאָזיקע טעג האָט זיך, פּונקט ווי ערגעץ אַנדערש, אויך אַזוי אָפּגעטון בײַ די באַ־יבעס, בלויז מיט דעם אונטערשיד, וואָס ס'איז מער העגט גע־

מען און ווייניקער זאָרג וועגן דעם גראָשן, איז האָבן זיי טאַקע גיכער פֿאַרענדיקט די צוגרייטונגען.

פֿרייטיק, שוין אין סאַמע אָוונט, האָט האַנקע צוזאַמען מיט פּיעטרעקן פֿאַרענדיקט דאָס ווייסן פֿון דער שטוב אין דער כאַלופּע, איז האָט זי זיך דעריבער אײַליק גענומען וואַשן און איבערטוען זיך אין קלויסטער אַרײַן, וואָרן אַנדערע פּויערטעס זענען שוין געגאַנגען אָוועקלייגן מתּנות בײַם קבר פֿון יעזוסעס גוף.

אויפֿן קוימען האָט גערוישט אַ גרויס פֿײַער, און אין אַ טאָפּ, וואָס צוויי מענטשן וואָלטן אים נישט געקענט אויפֿהייבן, האָט זיך געקאָכט אַ גאַנצער חזיר-פּיס, וואָס איז נעכטן אויף אינדערגיך צוגערויכערט געוואָרן; אין אַ קלענערן סאַגאַן האָבן געצוואַלעוועט די קילבאַסעס און איבער דער שטוב האָבן זיך געטראָגן אַזעלכע ריחות, וואָס האָבן אַזש אין דער נאָז געדרייט; וויטעק, וואָס האָט געשניצט עפּעס צווישן די קינדער, האָט אַזש עטלעכע מאָל נאָכאַנאַנד מיט דער נאָז אַ צי געטון און אָפּגעזיפֿצט.

און אונטערן קוימען, בײַ דער סאַמע ליכט פֿון פֿײַער, זענען זיך בשלום געזעסן יאַגנאַ מיט יוזקען, וועלכע זענען שטאַרק פֿאַרנומען געווען מיטן פֿאַרבן די אייער, און יעדערע האָט איירס באַזונדער אָפּגעהיטן און באַהאַלטן, כּדי דערנאָך מער צו שטאָלצירן מיט דעם. יאַגושיאַ האָט צום ערשט אירע געוואַשן אין וואַרעם וואַסער און אָפּווישנדיק זיי אויף טרוקן, האָט זי ערשט פֿאַרשידנס אויסגעצייכנט מיט צעלאָזט וואַקס, און דערנאָך האָט זי זיי אַרײַנגעלאָזט אין זידנדיקן וואַסער, וואָס האָט געצוואַלעוועט אין דרײַ טעפּעלעך, אין וועלכע זי האָט זיי אײנס נאָכן אַנדערן אָפּגעטונקען. אַ לאַנגווײַליקע אַרבעט איז עס געווען, וואָרן דער וואַקס האָט ערטערווײַז נישט געוואָלט האַלטן, אָדער די אייער זענען אין די הענט צעקוועטשט געוואָרן אָדער האָבן געפּלאַצט בשעתן קאָכן, אָבער סוף כּל סוף האָבן זיי אָנגעאַרבעט העכער אַ האַלב שאָק און דאַמאָלס ערשט האָבן זיי זיך גענומען ווײַזן איינע דער אַנדערער און רומען זיך מיט די שענער באַמאָלטע!

ווי האָט זיך דאָס יוזקאַ געקענט גלייכן צו יאַגנען! זי האָט געוויזן אירע, וואָס זענען געווען אין קאָרן-פעדערלעך און אין ציבעלע-שאָלעכטס געקאָכט, אַזעלכע גלינקע, מיט ווייסע פּיבטעלעך באַמאָלן און אַזעלכע שיינע, וואָס ווייניק וועלכע ס׳וואָלט אַזוי געקענט באַווייזן, אָבער דערזעענדיק יאַגנעס, האָט זי דאָס מויל פון דערשטוינונג אויפגעעפנט און אָן אומעטיקייט האָט זי אַרומגענומען. וואָס הייסט, ס׳האָט אַוש געבלענדט אין די אויגן, ס׳זענען געווען רויטע, געלע, פּיאָלעטע און בלויע ווי די ליאַבנען-בלימלעך, און מ׳האָט געזען אויף זיי אַזעלכע זאַכן, וואָס ס׳איז פּשוט נישט צום גלייבן: קרייענדיקע הענער אויף אַ פּלויט; אויף אַן אַנדערן זענען געווען גענדזלעך, וואָס האָבן געשיפּעט אויף די חזירים, אין בלאָטע איינגעשמירטע; ווי ווידער אַ טשאַטע ווייסע טויבן אויף רויטע פעלדער, און אויף אַנדערע ווידער אַזעלכע מוסטערן און וווּנדערלעכע זאַכן, ווי די שויבן, ווען דער פראָסט באַדעקט זיי מיט אייז.

אַלע האָבן זיך אַזוי געוווּנדערט דערויף, באַקוקנדיק זיי באַכאַמאַל און באַכאַמאַל, און ווען האַנקאַ איז צוריקגעקומען מיט יאַגוסטינקען פון קלויסטער, האָט זי אויך גענומען קוקן, אָבער זי האָט זיך גאָרנישט אָנגערופן, נאָר די אַלטע האָט, באַקוקנדיק דאָס אַלץ, אַ שעפּטשע געטון מיט פאַרוווּנדערונג:

— פונוואַנען דערנעמט זיך דאָס צו דיר...? נע, נע...

— פונוואַנען?... אַזוי אַליין פון קאָפּ אַרויס קומט עס אונטער די פינגער!

זי איז געווען גליקלעך!

— דעם דאָבראָדזשעי ווען אַזאַ פּאָר אָוועקצוטראָגן!

— ר׳וועט מאָרגן הייליקן, וועל איך אים דערלאַנגען, אפשר וועט ער נעמען...

— אַזעלכע הערלעכקייטן, אַז דער גלח האָט עס אוודאי נאָך נישט געזען!... ער וועט זיך זייער וווּנדערן! — האָט גיפטיק האַנקאַ אַ מרוק געטון, ווען יאַגנאַ איז אַוועקגעגאַנגען אין איר זייט אַריין, וואָרן ס׳איז שוין געווען שפּעט.

אין דאָרף איז מען אויך די נאַכט לאַנג אויף געווען.

וואָלקנדיק איז אויף דער וועלט געווען און פינסטער, כאָטש אפילו גאַנץ רויק; די מיל האָט נאָר עקשנותדיק געראַשט, און אין די כאַלופּעס האָט זיך כמעט ביז האַלבער נאַכט געלויכטן, אַז אויף די וועגן האָבן זיך ליכט-שיינען אָפּגעלייגט, און ווו-נישט-ווו האָבן זיי אַזש אויפֿן סטאַוו צוזאַמען מיטן וואַסער געציטערט: דאָס האָט מען צוגעגרייט די יום-טובדיקע מלבושים און געענדיקט נאָך פאַרשידענע אַרבעטן.

דער שבת ווידער איז אָנגעקומען אַ וואַרעמער און מיט שיטערע נעפּלען איינגעהילט, אָבער ס'איז עפּעס אַזוי פריילעך געווען אינדרויסן, אַז דער עולם, וואָס איז געווען נאָך דער נעכטיקער שווערער אַרבעט, האָט זיך פונדעסטוועגן לעבעדיק גענומען צו פרישע אַרבעטן און פאַרענישן.

און פאַרן קלויסטער האָבן איינגיכן אויפגעטרייסלט די געשרייען און געלויפן; ווי ס'האָט זיך געפירט לויטן אַלטן מנהג, האָט מען אין יעדן שבת הגדול אינדערפרי צוזאַמענגעקליבן צו באַהאַלטן די מעל-גריץ און באַגראָבן דעם הערינג, אַלס די ערגסטע נגעס אין דער צייט פון גרויסן פּאָסט. ס'זענען נישט געווען קיין פּאַראָבקעס און קיין עלטערע, איז האָבן זיך אָפּגערעדט אויף דעמזעלבן די שקצימלעך, נאָר מיט יאַשעק פזשעוואָראַטנין בראש; זיי האָבן צוגעלקחנט ערגעץ אַ גרויסן טאָפּ מיט אַזאַ מעל-גריץ, צו וועלכן מ'האָט נאָך צוגעלייגט פאַרשידענע אומרייניקייטן.

וויטעק האָט זיך געלאָזט אָנרעדן און ער האָט אַוועקגעטראָגן דעם טאָפּ אויף די פּלייצעס אין אַ קען-זעקעלע, אַן אַנדער שקצל ווידער האָט דערלעבן געשלעפּט אויף אַ שטריק אַ הערינג, פון האָלץ אויסגעשניצט. די גריץ מיטן הערינג זענען געגאַנגען אין אַ פּאָר פּאָרויס, און נאָך זיי האָבן זיך די איבעריקע אין אַ גאַנצער מחנה נאָכגעשיט, קלאַפּנדיק, גרעגערנדיק און שרייענדיק, אויף וויפיל זיי האָבן נאָר כוח געהאַט. יאַשעק האָט מיט אַלע אָנגעפירט, וואָרן כאָטש ער איז געווען אַ נאַר און אַ שלימזל, אָבער צו אַזעלכע הינטישע קונצן האָט ער געהאַט אַ קאָפּ און איז געשיקט געווען. זיי זענען אַרומגעגאַנגען מיט אַ פּראָצעסיע אַרום גאַנצן סטאַוו אין לעבן קלויסטער האָבן זיי זיך שוין אַריינגעדרייט אויף

דעם טאָפּאָל־וועג, וווּ ס'האָט געזאָלט פֿאָרקומען דאָס באַגרעבעניש, ווי פּלוצלינג האָט יאַשעק אַ זעץ געטאָן מיט דער לאָפּעטע אין טאָפּ אַרײַן, אַז ער איז צעפֿלויגן געוואָרן אויף פּיצלעך, און די גריץ אין די אַלע פֿאַרשידנקייטן האָבן זיך אויף וויטעקן אויסגעגאָסן.

ס'איז געוואָרן אַ שמחה צווישן זיי, אַז זיי האָבן זיך אַזש אויפֿן וועג אַנידערגעזעצט, נאָר וויטעק איז אין כּעס געוואָרן און זיך גלײַך מיט די גאָלע הענט אַ וואָרף געטאָן אויף יאַשעק, ר'האָט זיך אויך מיט די איבעריקע צעשלאָגן; ביז ער האָט זיך אַ ריס אויס געטאָן און אַוועקגעלאָפֿן מיט אַ געריטש אין דער כאַלופּע אַרײַן.

האַנקאַ האָט אים נאָך פֿון זיך צוגעלייגט פֿאַר דעם שפּענצערל, וואָס ר'האָט אײַנגאַנצן דערפֿון אַ תּל געמאַכט, און אים אין וואַלד אַרײַן אַוועקגעטריבן נאָך יאַגדע־צווייגעלעך און האָזן־וואַנסעס.

פּיעטרעק האָט נאָך פֿון אים אָפּגעלאַכט, און אויך יוזקאַ האָט אים נישט געזשאַלעוועט, זי האָט פֿלײַסיק אויסגעשיט דעם ברייטן הויף־אײַנגאַנג אַזש ביז אויפֿן וועג אַרויס מיט זאַמד, וואָס מ'האָט געברענגט פֿון אונטערן צמענטאַרזש, וואָרן דאָרט איז ער געווען צום געלסטן; זי האָט אויך אויסגעשיט דעם גאַנצן צופֿאָר פֿאַרן גאַניק און די סטעזשקע הינטערן אָקאָפּ, אַז ס'האָט אויסגעזען, גלײַך ווי זי וואָלט די כאַלופּע מיט אַ געלער באַנד אַרומגעפּאַסעוועט.

און אין באָרינעס שטוב האָט מען זיך שוין גענומען צוצוגרייטן צום הייליקן.

די שטוב איז געווען אויסגעוואַשן און אויסגעשיט מיט זאַמד, די פֿענסטער ריין און די ווענט מיט די בילדער זענען אָפּגעקערט געווען פֿון שפּינוועבס, יאַגושעס בעט ווידער איז געווען מיט אַ שיין טוך צוגעדעקט.

האַנקאַ מיט יאַגנען און די דאָמיניקאָווע, כאָטש זיי האָבן כמעט נישט גערעדט צווישן זיך, האָבן צוזאַמען באַם זײַטיקן פֿענסטער, לעבן באָרינעס בעט, אַנידערגעשטעלט אַ גרויסן טיש, וואָס

איז געווען באַדעקט מיט אַ דיבעטשקע, ווייסער פּלאַכטע, וואָס די עקן האָט יאַגושיאַ אַרומגעקלעבט אין אַ ברייטן פּאַס מיט רויטע אויסגעשווירעבע רייזעלעך. אינדערמיט, אין עק פֿון פענסטער, האָבן זיי אַנידערגעשטעלט אַ הויך יעזוס-בילד, באַשלייערט מיט פּאַפּירענע בלומען, און פאַר דעם בילד, אויף אַן איבערגעקערטער דיניצע, אַ שעפּסנלע פון פוטער, אַזוי קונציק דורך יאַגנען אויסגעאַרבעט, אַז ס'האָט אויסגעזען ווי אַ לעבעדיקס; אויגן האָט עס געהאַט פון די קערנדלעך פון אַ רויזנקראַנץ אַריינגעקלעבט, און אַ ווידל, אויערן, קאַפּיטעלעך און אַ פענדעלע פון רויטער, צעטעפּעטער וואָל. ערשט ווידער האָבן זיי אין ערשטן ראָד אַרומגעלייגט מיט געבייטלטע ברויטן און ווייצענע קוילעטשן, מיט פוטער געקנעטן און אויף מילך, נאָך זיי זענען געקומען געליבקע קוכענעס, מיט ראָזשינקעלעך, ווי מיט טשוועקעלעך געדיכט אָנגעזעצט; ס'זענען אויך געווען קלענערע, יוזקעס און די קינדערס, ס'זענען געווען אַזעלכע ספּעציעלע מיט קעז געמאַכטע, און אַנדערע אייער-קוכנס מיט צוקער באַשיט און מיט זיסינקען מאָן, און אויך צום סוף האָט מען אַנידערגעשטעלט אַ גרויסע שיסל מיט רעדלעך קעלבאַס, וואָס זענען געווען אַרומגעשלייערט מיט אָפּגעשיילטע אייער, און אויף אַ בראָטפּאַן איז געלעגן אַ גאַנצער חזיר-פוס און אַ היפּש חלק קאָפּ, דאָס אַלץ איז געווען אַרומגעשלייערט מיט די אָפּגעמאַליעוועטע אייער, מ'האָט נאָך געוואַרט אויף וויטעקן, כדי דאָס אַרומצושטעקן מיט גרינע יאַגאָדע-צווייגעלעך און פון די האָזן-וואָנסעס אַ גאַנצן טיש אָפּצופּלעכטן.

און אַזוי ווי זיי זענען נאָר געהאַט געענדיקט, האָבן די שכנטעס אָנגעהויבן צוביסלעכווייז זייערס צוזאַמענצוטראָגן אין שיסלען, אויף מילטערלעך און דיניצעס און אַרומצושטעלן זיי אויף די בענק לעבן טיש, וואָרן דער גלח האָט אָנגעזאָגט, אַז מ'זאָל זיך צוזאַמענקלייבן נאָר אין עטלעכע כאַלופּעס פון די אָנגעזעענסטע באַלעבאַטים צום הייליקן, ווייל ר'האָט קיין צייט נישט געהאַט איבער אַלע שטובן אַרומצוגיין.

ליפּצע האָט ער געהאַט צום נאָנטסטן, איז פלעגט ער הייליקן צום לעצט, טיילמאָל שוין אין סאַמע בין-השמשות.

זיי זענען זיך פונאַנדערגעגאַנגען אָן לאַנגע טענות, כדי נאָך צו באַווייזן אין קלויסטער אַריין צו גיין אויף דער פייערלעכקייט פון הייליקן דאָס פייער און וואַסער, פאַרגיסנדיק פריער באַזיך אין די כאַלופּעס די אָנגעצונדענע פייערן, כדי זיי דערנאָך ווידער אויפצופלאַקערן מיט דעם יונגן, געהייליקטן פייער.

יוזקאַ איז אויך אַוועקגעלאָפן אויף דערדאָזיקער פייערלעכקייט, נעמענדיק מיט זיך די קינדער.

אָבער זיי זענען גענוג לאַנג געזעסן, וואָרן ערשט אַרום סאַמע מיטאָג האָבן זיך די פויערטעס אומגעקערט, פאַרזיכטיק פאַרשטעלנדיק און היטנדיק די אָנגעצונדענע ליכט אין קלויסטער.

יוזקאַ האָט געבראַנגט אַ גאַנצע פלאַש וואַסער און פייער, מיט וועלכן האַנקאַ האָט באַלד אונטערגעצונדן דאָס פון פריער צוגעגרייטע האָלץ און די ערשטע האָט זי אויך פון געהייליקטן וואַסער אַ טרונק געגעבן, געבנדיק אַלעמען נאָך דער ריי נאָך צו טרינקען — דאָס האָט אַ נים געזאָלט אָפּהיטן פון האַלדז-קראַנקהייטן — און דערנאָך האָט זי באַשפּריצט דערמיט דעם אינווענטאַרזש און די פרוכטן-ביימעלעך אין סאַד, ווייל דאָס האָט געזאָלט העלפן, אַז די פרוכטן זאָלן געראָטן און די בהמות זאָלן זיך גרינג אָפּקעלבן.

און שפּעטער, זעענדיק, אַז נישט יאַגנע און נישט די קאָוואַלאָווע האָבן אַ טראַכט געטון וועגן דעם אַלטן, האָט זי אים אָפּגעוואַשן מיט וואַרעם וואַסער, צוגעקעמט אים די קאָלטענעוואַטע האָר און איבערגעטון אים אין אַ קלאָר העמד, איבערגעצויגן דאָס בעטגעוואַנט; באָרינאַ האָט אַלץ געלאָזט מיט זיך טון, נישט געבנדיק זיך אַפילו איינמאָל קיין ריר; ער איז געלעגן ווי שטענדיק און געקוקט פאַר זיך און טויט ווי שטענדיק...

באַלד פון מיטאָג אָן האָט זיך אין דאָרף געמאַכט ווי יום-טובדיק, מ'האָט זיך נאָך דאָ און דאָרט צוגעיאָגט מיט די גראָבע אַרבעטן, אָבער צום נייגסטן איז מען שוין געווען פאַרנומען מיטן איבערטון זיך לכבוד יום-טוב, מיטן צוקעמען זיך, מיטן צוואָגן און אָפּרייניקן די קינדער, אַז נישט פון איין שטוב האָבן זיך אַרויסגעריסן אַמפּערנדיקע געשרייען.

און מ'האָט אומגעדולדיק אויסגעקוקט דעם גלח, וועלכער איז ערשט צוריקגעקומען פון די הייף אַרום בין השמשות און ער האָט זיך באַלד באַוויזן אין דאָרף, אָנגעטון אין ווייסן גלחים־העמדל.

מיכאַל פון אָרגאַניסטער האָט געטראָגן פאָרויס פאַר אים אַ מיעדניצע מיט געהייליקט וואַסער און אַ שפּריצער.

האַנקאַ איז אים אַזש אויפן וועג אַרויס אויפצונעמען אַנטקעגנגעגאַנגען.

ער האָט זיך געאיילט, ער איז גיך אַ פאַל אַריין געטון אין דער כאַלופּע אַריין, אָפּגעזאָגט אַ תפילה, באַשפּריצט גאָטס גאָב און אַ בליק געטון אויף באָריבעס בלוי באַוואַקסן פּנים.

— אָן שום ענדערונג? האָ?

— יאָ, די ווונד האָט זיך אים כמעט שוין פאַרהיילט, און זיי איז גאָרנישט בעסער.

ער האָט געטון אַ שמעק טאַבאַק, אַ פיר געטון מיט די אויגן איבער די אַלע, וואָס האָבן זיך אויף דער שוועל און אין פעדערהויז געפּאַקט.

— ווו איז עס דאָס שגצל, וואָס האָט מיר דעם באָטשאַן פאַרקויפט?

יוזקאַ האָט אַרויסגעשטופּט פון הינטערן קויבען אויף אינדערמיט שטוב אַרויס דעם פאַרשעמטן וויטעקן.

— גאַדיר אַ צענערל, ר'איז דיר געראָטן: ער יאָגט אַזוי די הענער פון גאָרטן אַרויס, אַז קיין איינער בלייבט נישט איבער!...

און וועלכע גייען דאָס צו די מענער מאָרגן?

כמעט אַ האַלב דאָרף פאַרנעמט זיך!

— איז גוט, אַבי ס'זאָל נאָר פאָרקומען בשלום און שטיל, און אויף דער תחית־המתים־צערעמאָניע זאָלט ער קומען, צען אַ זייגער הייב איך אָן, איך זאָג: צען אַ זייגער! נאָר שלאָפּטס אין קלויסטער, וועל איך יאַמבראָזשין הייסן ענק אַרויספירן! — האָט ער דראָענדיק צוגעגעבן אַרויסגייענדיק לאַגזאַם.

אַ גאַנצע מתנה איז אים נאָכגעגאַנגען, באַגלייטנדיק ביזן מילנער.

אין וויטעק האָט, ווייזנדיק יוזקען דעם קופּערנעם צענער, מיט כעס אַ מורמל געטון:

— נישט לאַנג וועט מיין באָטשאַן דעם גלחס הינער שרעקן, ביין!...

זיי זענען זיך צעלאָפן אין צווי פאַרשידענע זייטן, וואָרן די באַלעבאָסטע האָט זיך אומגעקערט.

ס'איז ביסלעכווייז פינסטער געוואָרן. דער בין השמשות האָט זיך שטילעטשקע איבער דער ערד פאַרשפּרייט, פאַרטרונקענדיק אין זיך די סעדער, די הייזער, און די אַרומיקע פעלדער אין אַ בלויליכער, קוים אָנזעבאַרער פאַרנעפּלדיקייט, ווי־נישט־ווי האָבן זיך געווייסט די ווענט פון די כאַלופּעס, וואָס זענען ווי ביז צו דער ערד אַראָפּגעוואַקסן, און ס'האָבן געציטערט די אָנגעצונדענע פייערלעך צווישן די סעדער; אינדערהייך ווידער, אויפן קלאָרן הימל, האָט זיך אַ בלאַסער סערפּ פון דער יונגער לבנה אַרויסגעשניטן.

מיט אַ פייערלעכער שטילקייט און מיט אַ פינסטערניש איז דאָס דאָרף איינגעהילט געוואָרן; אין דעם קלויסטער, וואָס האָט איבער די כאַלופּעס אויפגעשטייגט, האָבן אַלע פענסטער אויפגעלויכטן און פון די אָפענע גרויסע טירן האָט אַ ברייטער פּאַס ליכטיקייט געשלאָגן.

אינגיכן האָבן די ערטשע וועגענער זיך פונאַנדערגערוישט, פאַרפאַרנדיק פאַר צמענטאַרזש, און מענטשן פון די ווייטע דערפער האָבן אָנגעהויבן אָנצוקומען מחנותווייז. פון די ליפּצער כאַלופּעס האָט מען אויך שוין פון צייט צו צייט אָנגעהויבן אַרויסצוגיין אין קלויסטער אַריין, וואָרן אָפט איז פון אַן אויפגעפּראַלטער טיר אַ שטראָם ליכט אַרויסגעפאַלן, און אין פינסטערן סטאַוו דערטרונקען געוואָרן, און אַ געטופּעריי און שטילעטשקע געשעפּטשן האָבן געפּליסטערט אין דער וואַרעמער און פאַרנעפּלטער לופט. מ'האָט זיך באַגריסט אויף די וועגן, נישט דערזעענדיק זיך אין דער נאַכט, און פונקט ווי אַ טייך, וואָס נעמט פּאַמעלעך און אומאויפהערלעך צו, אַזוי האָבן זיי זיך אויף דער תּחית המתים־צע־עמאָניע געצויגן.

באַ באָרינען זענען באַם באַלעבאַטעשקייט אָפּצוהיטן איבער־

געבליבן נאָר די הינט, דער אַלטער ביליצאַ און וויטעק, וועלכער האָט צוזאַמען מיט מאַטשעק קלאָנבן פלייסיק געמיינסטרעוועט אַ הענדל, וואָס מ'האָט דערמיט געזאָלט אַרומגיין אויף „דינגוס".

האַנקאַ האָט צום ערשט אַרויסגעשיקט יוזקען מיט די קינדער און דעם פּאַראָבעק; אַליין האָט זי געזאָלט דערנאָך אונטערקומען. זי איז שוין געווען אָנגעטון, אָבער זי האָט אָפּגעצויגן מיטן אַרויסגיין, ווי אָפּוואַרטנדיק אויף עפּעס, וואָרן זי איז כסדר אויפן גאַניק געשטאַנען און אויפן וועג געהיטן. ערשט דאַמאָלס ווען יאַגנאַ מיט דער קאָוואַלאָווע זענען אַוועקגעגאַנגען און זי האָט דערהערט דעם קאָוואַל גיין מיטן וואָיט צום קלויסטער-צו, האָט זי זיך אומגעקערט אין שטוב אַריין, און אָנגעזאָגט עפּעס שטילערהייט דעם אַלטן. ער האָט זיך אָנידערגעשטעלט אויף דער וואַך פאַרן הויף, און זי האָט זיך אַריינגערוקט אויף די שפּיץ פינגער אין פאָטערס קאַמער אַריין... נאָך אַ גוטער האַלבע שעה איז זי אַרויסגעקומען פון דאָרטן, עפּעס געאיילציק פאַרקנעפּלענדיק דעם סטאַניק; די אויגן האָבן איר געגליט און די הענט האָבן זיך געטרייסלט.

זי האָט עפּעס אַ רעד געטון, וואָס קיינער האָט נישט פאַרטאַנען און איז אַוועקגעגאַנגען אין קלויסטער אַריין.

# V

אויף די וועגן איז געווען פּוסט און פינסטער, אין די כאַלופּעס האָבן זיך די פּייערלעך געלאָשן און ס'זענען שוין די לעצטע מענטשן פאַרבייגעגאַנגען, נאָר אויפן קלויסטער־פּלאַץ זענען אין אַ געדיכטעניש געשטאַנען פורן מיט אויסגעשפּאַנטע פערד, אַז נאָר אַ געטופּעריי מיט אַ הירזשען האָבן זיך אין דער פינסטערניש געטראָגן, און לעבן גלאָקן־טורם האָבן זיך די הויפישע קאַרעטעס געשוואַרצט.

האַנקאַ האָט אין קלויסטער־פּעדערהויז עפּעס נאָכאַמאָל אַ מאָל איבערגעחזרט... 

דאָס קלויסטער איז שוין געווען ווי אָנגעפּראָפּט, דער אָנגעפּאַקטער עולם האָט זיך געקנוילט און געקאָכט, אַזוי ווי וואַסער, מיט אַ גערויש פון תּפילות, זיפצן, היסן און אָנווינטשן זיך, און האָט זיך געוויגט פון איין וואַנט צו דער אַנדערער, אַז פון דעם־ראָזיקן שפּאַרעניש האָבן זיך אויש געוואַקלט די פּענער, וואָס זע-

בען אין די בענק געווען אײַנגעשטעקט, און די טשוויערקע־ביי־מעלעך, מיט וועלכע מ'האָט דעם אַלטאַר און אַלע ווענט באַ־גרינט.

זי האָט זיך נאָר וואָס געהאַט אַדורכגעפּאַקט צו איר אָרט, ווי דער גלח איז אַרויסגעקומען די גאָטעסדינסט אָפּריכטן, און גלייכצייטיק האָבן זיך פֿון דער געדיכטעניש אָנגעהויבן אַרויסצורייסן הויכע זיפֿצן, און די הענט האָבן זיך ברייט פֿו־נאַנדערגעשפּרייט. זיי האָבן הכנעהדיק אַנידערגעקניט, שטופּנדיק זיך וואָס אַמאָל מער; איבעראַל אין דער גאַנצער עולם אויף די קני געשטאַנען, אָרעם באַ אָרעם, האַרץ באַ האַרץ, פּונקט ווי אַ פעלד מיט קעפּ אָנגעזייעט, און אין דעם עטוואָס צעוויגטן מענטשן־פעלד, האָבן נאָר איבער געווימלט, גלאַנציקע ווי די זו־מערפֿייגעלעך, טראָגנדיק זיך צו דעם גרויסן אַלטאַר, צו דער פיגור פֿון יעזוסן, וואָס איז תחית־המתים אויפגעשטאַנען, וועלכער איז געשטאַנען נאַקעט, אַ פּאַרבלוטיקטער, באַדעקט מיט ווונדן, און אין אַ רויט מאַנטל נאָר אָנגעטון מיט אַ פענדל אין דער האַנט.

אַ שטילקייט האָט פּלוצלינג דאָס קלויסטער אַרומגענומען, פּונקט ווי אין אַ פרילינגדיקן מיטאָג־צייט, ווען די זון ברענט אי־בער די פעלדער, דער ווינט הערט אויף, און די איינגעבויגענע תבואה סודעט זיך מיט די זאַנגען, און נאָר ערגעץ הויך, אונ־טערן בלויען הימל, צעקלינגען זיך זיס די לערכן־געזאַנ־גען...

ביסלעכווייז זענען אַלע אין אַ תפילה פאַרזונקען געוואָרן, אַז די ליפּן האָבן אומעטום געציטערט און תפילות מיט זיפצן אויסגעמישט האָבן שטילעטשקע און געדיכט געפליכטערט, פּונקט ווי אַ רעגנדל, וואָס קלאַפּט איבער די בלעטער; די קעפּ האָבן זיך וואָס אַמאָל נידעריקער אַראָפּגעבויגן. טיילמאָל האָט זיך אַ קרעכץ פֿון ערגעץ אַרויסגעריסן, דאָ האָבן זיך עמעצנס צע־תפילהטע הענט מיט געבעט צום אַלטאַר זיך אַרויסגעבויגן, אָדער אַ קוויטשענדיק, שמערצלעך געוויין האָט אַרויסגעפּישטשעט פֿון דערדאָזיקער ענגשאַפט, וואָס האָט זיך, פּונקט ווי די קושאַקעס

באַ דער ערד, שרעקעוודיק געטוליעט אין די שאָטנס פֿון די היכלע, טונקעלע קלויסטער־ווינקלען, פּונקט ווי אַן אײביקער וואַלד, וואָרן כאָטש אויפֿן אַלטאַר האָבן זיך ליכט געברענט, האָט פֿונדעסטוועגן אַ געדיכטע פֿינסטערניש דאָס קלויסטער אַרומגעהילט, אַז דורך די פֿענסטער, און איבערהויפּט דורך דער גרויסער אויפֿגעפּראַלטער טיר, איז אַ שוואַרצע נאַכט אַרײַנגעדרונגען און אַ בלאַסער סערפּ פֿון דער לבנה האָט פֿון אונטער די וואָלקנס אַרײַנגעקוקט.

נאָר האַנקאַ האָט זיך נישט געקענט אין דער תּפֿילה אַרײַנטאָן, זי האָט זיך אינגאַנצן געטרייסלט, זי איז געווען אַזוי דערשראָקן, גלײַך ווי זי וואָלט נאָך דאָרטן, אין פּאַטערס קאַמער געווען.

אַ פּלאַטערניש האָט זי אַרומגענומען, זי האָט געפֿילט אויף די הענט די שיטנדיקע קאַלטע תּבֿואה און זי האָט כּסדר איין מאָל נאָכן אַנדערן די אָרעמס צונויפֿגעדריקט, כּדי דאָס אײַנגעטוליעטע קניפּל צווישן די ברוסטן צו דערפֿילן.

ס'האָט מיט איר אויפֿגעטרייסלט אַזאַ פֿרייד און גלײַכצײַטיק עפּעס אַ מין שרעק, אַז אָפּט האָט זיך איר די שוואַרצע בײַטש קרעלן פֿון צווישן די פֿינגער אַפּערגעגליטשט, זי האָט פֿאַרגעסן די ווערטער פֿון דער תּפֿילה, געפֿירט מיט די צעגליטע אויגן איבער די מענטשן און קיינעם נישט באַמערקט, כאָטשיק דערלעבן זענען יוזקאַ, יאַגוש מיט דער מוטער און נאָך אַנדערע געזעסן.

אויף די בענק, וואָס זענען געשטאַנען פֿון דער זײַט פֿון אַלטאַר, האָבן מתפּלל געווען אין ביכלעך די פּריצהטע פֿון רודקי, פֿון מאָדליצע, און די פּריצישע טעכטער פֿון וואָלקאַ; די פּריצים זענען געשטאַנען אין דער טיר פֿון קליידער־צימער, אײַנטענהנדיק עפּעס. אויף די טרעפּלעך פֿון אַלטאַר איז פֿונדערווײַטנס געשטאַנען די מילנערין מיט דער אָרגאַניסטעכע, זייער פֿײַן אויסגעשלײערט. דאָרטן ווידער, פֿאַר די קראַטן, וווּ עס איז געווען דאָס אָרט פֿאַר די בכּבֿודיקע ליפּצער באַלעבאַטים, וועלכע האָבן שטענדיק די וואַך געהאַלטן בשעת דעם אָפּריכטן די תּפֿילה, וואָס האָבן

־ישט באַלדאַכין איבערן גלח געטראָגן און אים אונטער די הענט בשעת דער פּראָצעסיע געפירט, דאָרט האָבן אַצינד אין אַ געדיכטער מאַסע פויערן פון אַנדערע דערפער געקניט, אַז מ׳האָט קוים צווישן זיי דעם וואָיט, דעם סאָלטיס און דעם קאָוואַלס רויטן קאָפּ אַרויסגעזען.

נישט איין פּו׳ערטעס אויגן האָבן זיך געטראָגן דאָרט אַהין, מיט בענקשאַפט אויסקוקנדיק זייערע מענער... אָבער אומזיסט: דאָרט זענען געווען פויערן פון דעמביץ פון וואָליע, פון זשעפּקע, פון דער גאַנצער פּאַראַפיע, נאָר קיין ליפּצער האָט מען נישט באַמערקט, דידאָזיקע בכבודיקסטע האָבן היינט געפעלט. האָבן טאַקיש אויפגעפלאַטערט די ווייבערישע נשמות, פּונקט ווי די צעשראָקענע פייגל, און נישט איין קאָפּ האָט זיך מיט אַ געוויין צו דער ערד אַראָפּגעלאָזט, נישט איין יעמעלעכער קרעכץ האָט זיך פון דער געדיכטעניש אַרויסגעריסן, און שמערצלעכע דערינערונגען פון פאַריתומטקייט האָבן מיט גליִענדיקן פייער געברענט.

וואָס הייסט, דער גרעסטער יום־טוב פון אַ גאַנץ יאָר, פּסח, און אַזאַ גרויסער פרעמדער עולם האָט זיך צונויפגעזאַמלט, און אויף זייערע אַלע פּנימער, כאָטשיק זיי זענען אַביסל אויסגעמאָצערט פון פאַסט, איז אַ פרייד אויסגעגאָסן, זיי שטאָלצירן, פּאַראַדעווען מיט זייער אויסגעשלייערטקייט, שטופּן זיך פונאַנדער אין קלויסטער, פּונקט ווי די פּריצים, נעמען אַדורך עזותדיק מיט זייערע אויגן, פאַרנעמען די ערשטע ערטער, און יענע, די ליפּצער בזבעך, וואָס טוען זיי אַצינד, וואָס? אין די פינסטערע קאַמערן אויף הונגער און קעלט גריזשען זיי זייער ביטער מזל, און זעטיקן זיך מיט ווייטיק און בענקשאַפט...

פאַר יעדער באַשעפעניש קומט אַ טאָג פון פרייד אָן, נאָר נישט פאַר זיי... פאַר די באַעוולהטע אָרימע נעבעך... אַלע וועלן אינײנעם אין די כאַלופּעס מיט פרייד זיך אומקערן און פון יום־טוב, פון אויסרוען זיך, פון עסן, פון דער פריילינגדיקער זון, און פון ליבלעכע געשפּרעכן געניסן, ווי גאָט האָט געבאָטן, נאָר נישט די פאַרלאָזטע ליפּצער יתומים...

אייגע־אַליין, צעווייטיקטע, בגנבה וועלן זיי זיך פונאַנדערגיין

אין די ליידיקע הייזער אַריין און מיט טרערן וועלן זיי פאַרבייסן דעם געהייליקטן קוכן, און מיט אַ בענקשאַפט און מיט פלערליי דאגות וועלן זיך אַלע לייגן שלאָפן...

יעזוס מיינער, יעזוס! האָבן זיך יעמערלעכע, פאַרשטיקטע קוויטשן אַרום האַנקען אַרויסגעריסן, אַז זי האָט זיך אַזש אויפגעכאַפט, דערזעענדיק מיטאַכאַל באַקאַנטע פּנימער און אויגן מיט טרערן פאַרגלייזטע... אפילו יאַגוש האָט דעם קאָפּ איבערן ביכל אַראָפּגעלאָזט און אויף די ווייסע בלעטלעך מיט טרערן געגאָסן, אַז די מומער האָט זי אַזש מיט אַ שטורכע אויפגעמינטערט. ס'דען! אין זי אימשטאַנד געווען דען זיך צו באַרויקן, אַז אַנטעק האָט זיך איר גראָד באַוויזן אין זכּרון אַזוי לעבעדיק, אַזוי ווי דאַמאָלס, אין ווייַנאַכט, ווי האָט געהערט זיין הייסע שטימע, און ס'האָט זיך איר אויסגעוויזן, אַז ער קניט לעבן איר, דריקנדיק זיין קאָפּ צו אירע קני... איז האָט זי אַ וויינטיק באַם האַרץ אָנגעכאַפּט און די טרערן האָבן זיך איר פון פלוצלינגער בענקשאַפט אַליין געגאָסן...

אַ גליק, וואָס דער דאָבראָדזשעי האָט פּונקט אין דער צייט אָנגעהויבן זיין דרשה און אַ גערודער האָט זיך געמאַכט איבערן קלויסטער, חאָרן מ'איז אויפגעשטאַנען פון דעם קניִען, שטופּנדיק זיך נאָך מער צו דער אַמבאָנע און פאַררייסנדיק די קעפּ אַרויף, צום גלח, וועלכער האָט גערעדט וועגן גאָטס פּיין און וועגן דעם, ווי די פאַסקודנע יידנטשיגעס האָבן אים געקרייציקט, דערפאַר וואָס ר'איז געקומען די וועלט אויסלייזן, ווייל ר'האָט גערעכטיקייט די באַעוולהטע געוואָלט געבן, ווייל ר'האָט זיך פאַר די אָרימע אָנגענומען. ר'האָט אַזוי האַרצרייסנד דידאַזיקע גאָטס פּיין פאַר די אויגן אַרויסגעבראַכט, אַז ס'איז אַזש הייס געוואָרן, און נישט איין פויערישע פויסט האָט זיך צונויפגעבײַלט אויף נקמה צו נעמען, און דער ווייבערישער עולם האָט אויפן קול געכליפּעט, נוקם זייענדיק זיך אָן די נעזער.

ער האָט לאַנג געדרשנט, דערקלערנדיק אַלץ באַריכות, אַז ווי-בישט-ווי האָבן זיך איניק צום שלאָף אָנגעהויבן קלעבן, און אין די ווינקלען האָט מען שוין געשמאַק געדרימלט; אָבער צום

לעצט האָט ער זיך צום עולם געווענדט, און אויסבייגנדיק זיך פון דער אַמבאָנע אַראָפּ, האָט ער שרעקלעך אָנגעהויבן מיט די פויסטן צו טרייסלען אין צו שרייען, אַז יעדן טאָג, יעדער שעה, און אויף יעדן אָרט ווערט יעזוס געפייניקט דורך אונדזערע זינד, ווערט דערהרגעט דורך דעם שלעכטס, נישטפרומקייט און דורכן נישט פאָלגן גאָטס געבאָטן, אַז יעדער מענטש קרייציקט אים און זיך אַליין, נישט געדענקענדיק אָן זיינע ווונד, נישט אָן הייליקן בלוט, וואָס איז פאַר אונדזער אויסלייזונג פאַרגאָסן געוואָרן!

האָט דיר דער עולם דערויף אַ ריטש אַ־ויס געגעבן, און געוויינען, יללות האָבן זיך ווי אַ שטורמווינט מיט אַן אויפטרייסלענדיקן געקרעכץ איבערן קלויסטער צעטראָגן, אַז ר'האָט אַזש אויפגעהערט צו רעדן. ערשט דאַמאָלס, ווען זיי האָבן זיך איינגעשטילט, האָט ער ווידער אָנגעהויבן, אָבער שוין פריידיק און דערקוויקנדיק וועגן גאָטס תחית המתים צו פריידיקן. וועגן דעם דאָזיקן פרילינג, וואָס גאָט מאַכט צוליב זיין גוטסקייט דעם זינדיקן מענטש אַלע יאָר און ר'וועט דאָס מאַכן אַזש ביז יענער צייט, ווען יעזוס וועט זיך צוריק אומקערן אויף דער וועלט, כדי צו משפטן די לעבעדיקע און געשטאָרבענע, כדי די עזותדיקע צו דערנידעריקן, די זינדיקע אין גיהנום אויף אייביק אַריינצוואַרפן, און די גערעכטיקע בײַ זיין רעכטע האַנט צו זעצן אויף אייביקער לויב! און ס'וועט קומען די צייט, וואָס יעדער מין אומגערעכטיקייט וועט אויפהערן, יעדע עוולה וועט נעמען זיין געצאָלטס, און די געוויינען פון די ליידנדיקע וועלן אויפהערן און קיין שלעכטס וועט מער נישט הערשן...

און ר'האָט דאָס אַזוי הייס גערעדט, אַזוי ערלעך, אַז יעדעס וואָרט האָט זיך ווי אַ זיסקייט אין די הערצער צעגאָסן און ווי אַ זון אין די נשמות זיך צעגליט, אַז אַן אויסטערלישע גליקזעליקייט האָט אַלעמען אַדורכגענומען; נאָר די ליפּצער מענטשן האָבן זיך פון ווייטיק אויפגעטרייסלט און די דער בערוגגען פון די עוולות האָבן אַזוי שמערצלעך בײַם האַרץ צוגעדריקט, אַז זיי האָבן אַזש אַ ריטש אַרויס געטון צוזאַמען מיט אַ געוויין, מיט אַ געשריי, און

א בליפען און זיי האָבן זיך צלם־אַרטיק אַ לייג אויס געטון אויף רחמים און הילף!...

ס'האָט אויפגעקאָכט אין קלויסטער; אַן אַלגעמיין געוויין האָט זיך אויפגעהויבן מיט געשרייען, אָבער די אַנדערע האָבן זיך תיכף געכאַפּט וואָס דאָס איז, און האָבן אָנגעהויבן אויפצוהייבן די ליפּ־צער פויערטעס, אַנידערזעצן זיי און קרעפטיקן מיט אַ גוט וואָרט, און דער ערלעכער דאַבראַדזשעי האָט, אָפּווישנדיק די טרערן מיטן אַרבל, אויסגערופן, אַז פּאַן יעזוס פּרוווט נאָר אויס דידאַזיקע, וועלכע ער האָט ליב, אַז כאָטש זיי האָבן זיך פאַרזינדיקט, וועט זיך די שטראָף אינגיכן ענדיקן, זיי זאָלן נאָר האָבן בטחון אין גאָטס דערבאַרעמדיקייט, און אַ ליאַדע טאָג וועלן אַלע פויערן זיך אומקערן צו היים...

זיי האָבן זיך באַרויִקט נאָך דידאַזיקע ווערטער, ס'איז זיי שטאַרק גרינגער געוואָרן און אַ בטחון איז אין זייערע הערצער צוריינגעטרעטן.

און ווען דער גלח האָט אין קורצן באַם אַלטאַר דעם ערשטן טאָן פון דעם תחית־המתים־געזאַנג אָנגעהויבן, ווען דער אָרגל האָט אין באַגלייטונג אַ זיפץ אַרויס געטון מיטן גאַנצן כוח, ווען די גלאָקן האָבן זיך איבער דער גאַנצער וועלט צעקלונגען, און דער דאַבראַדזשעי האָט מיטן אַלערהייליקסטן סאַקראַמענט אָנגעהויבן אין דעם בלויען נעפּל פון ווייריך און אין גלאָק־געקלאַנג צום פאָלק אַראָפּצונידערן, האָט זיך אַ געזאַנג פון אַלע מענטש העלדזער אַרויס־געריסן; די ענגשאַפט האָט זיך אַ וואַקל געטון, אַ גליִענדיקער שטורם פון באַגייסטערונג האָט די טרערן אויסגעטריקנט און די נשמות מיטגעריסן, אַז פונקט ווי אַ מענטשן־וואַלד וואָלט זיך מיט־אַמאָל, צוזאַמען, אַ צעוויגטער און אַ צעזונגענער מיט איין אומגע־הייערער שטימע, אַ ריר געטון מיט דער פּראַצעסיע נאָכן גלח, וועלכער האָט דאָס הייליקע בילד און ארון געהאַלטן פאַר זיך, אַז עס האָט זיך ווי אַ גאָלדענע זון, ווי אַ שטראַלנדיקע זון איבער אַלעמענס קעפּ צעפלאַקערט, שווימענדיק פאַמעלעך צווישן דער אומ־ציילבאַרער געדיכטעניש, צווישן די העל־פלאַקערנדע ליכט, וועלכע מ'האָט איז דעם ווייריך־וואָלקן קוים אַרויסגעזען, אַרומגענומען פון

די געזאַנגען, דורך די אויגן פונם גאַנצן פאָלק און דורך אַלעמענס הערצער מיט ליבע געטראָגן...

זיי זענען אַרומגעגאַנגען אינעווייניק דאָס קלויסטער אין פּאַמעלעכיטשקע, טריט בײַ טריט, זיך געשטופּט אין דער שרעקלעכער ענגשאַפט און מיטן גאַנצן כּוח געזונגען; דער אָרגל האָט כּסדר געשפּילט און די גלאָקן האָבן אומאויפהערלעך געקלונגען...

הללויה! הללויה! האָט דאָס קלויסטער געברומט, אַז די אויערן האָבן זיך אַזש געטרייסלט, אַלע הערצער און אַלע העלדזער האָבן געזונגען, און די פלאַמיקע, מיט פייער אָנגעפילטע קולות האָבן זיך פונקט ווי די גליי-פייגל געריסן מיט אַ געשריי פון אומגעהייערער פרייד, אונטער דער קלויסטער-אויסוועלבונג אַרומגעשוועבט, ווי פאַרבלענדעטע בשעת גרויסע היצן, און אין דער פריילינגדיקער נאַכט געפלאָסן, אויף דער זון זיך ערגעץ אַוועקגעטראָגן, אין דער גאַנצער וועלט, ווו מענטשלעכע נשמות קענען נאָר מיט זייער באַגייסטערונג דערגרייכן...

כמעט פאַר האַלבער נאַכט האָט זיך די גאָטעסדינסט פאַרענדיקט און דער עולם האָט זיך געאײַלציק אָנגעהויבן אין דרויסן אַרויסצושיטן. נאָר האַנקאַ איז נאָך איבערגעבליבן, וואָרן זי איז אַזוי ה ס אין איר תּפילה פאַרזונקען געווען, דעם גלחס רייד האָבן זי מיט אַזאַ מוט אַדורכגענומען, און די פריידיקע געזאַנגען, די גאָטעסדינסט און די דעריבערונג אָן דעם, וואָס זי האָט היינט דערגרייכט, האָבן זי אַזוי געקרעפטיקט, אַז זי האָט די גאַנצע פרייד אירע צו יעזוסעס פיס אַנידערגעלייגט, פאַרגעסנדיק בשעת דער תּפילה אָן דער גאַנצער וועלט, יאַמבראָזשי האָט זי ערשט מיט דעם געקל נג פו, די שליסלען געצוואונגען פון דעם ליידיקן קלויסטער אַרויסצוגיין.

אַז אפילו די מורא וועגן אַנטעקן, וואָס האָט זיך בײַ איר פון אַ לאַנגער צייט געהאַט אײַנגעוואָרצלט און וואָס האָט פון אַ ליאַדער סיבה אַרויסגעשריגן פון איר, איז ווי גלײַך זי וואָלט אָפּגעשטאָרבן פלוצלינג, אַזוי האָט זי זיך דערפילט אָן אַ שיעור רויִק און זיכער אין זיך.

זי האָט זיך נאָך אירע אייגענע אומגעקוקט, שלעפנדיק זיך פּאַמעלעך אַהיים, וואָרן פורן האָבן זיך אין אַן אומאויפהערלעכער קייט געצויגן, און מענטשן זענען גאַנצע מחנות געגאַנגען מיט דער זייט פון וועג, וואָס מ'האָט קוים אַרויסגעזען, ווייל די לבנה איז שוין געדאַט פאַרגאַנגען און ס'איז פינסטער געווען אויף דער וועלט. טונקל-גרויע וואָלקנס האָבן זיך געצויגן אינדערהייך, וואָס אַ ווײלע פאַרדעקנדיק די גראַנאַטע פעלדער פון הימל, ווו ווייסע שטערן האָבן געגליט.

ס'איז געגאַנגען אַ וואַרימע, שטילע נאַכט, אַ נאַסלעכע פון טוי-שפּע, פון די פעלדער האָט געצויגן אַ ווייכיטשקע ווינטעלע, וואָס איז מיט ערד-רויקייט אין נאַס: לאָנקעס אַדורכגענומען געווען, און איבער די וועגן האָבן זיך האָניק-ריחות פון די טאָפּאָלן און בזשאָזעס פונאַנדערגעטראָגן. ס'האָט געווימלט מיט מענטשן און די שאָטנס פון דאָרף, און נאָר ווו-נישט-ווו האָבן קעפּ אויף דער העלקייט פון דער נישט פאַרשטעלטער לופט אַ שימער געטאָן; אומעטום האָבן זיך געהערט טריט און שטימען, אויף די הינט האָבן פאַרביסענער געבילן פון די הייף, און אין די כאַלופּעס האָבן דאָ און דאָרט פייערלעך אויפגעבלישטשעט.

האַנקאַ, האָט אַ בליק טוענדיק איינוועגס צו די פערד-שטאַלן און בהמות-שטאַלן, אַרײַנגעגאַנגען אין דער כאַלופּע. אַלע האָבן זיך שוין דאָרט געלייגט שלאָפן.

— לאָז ער זיך נאָר אומקערן אַהיים און אָנהייבן באַלעבאַטעווען, איז וועל איך אים מיט קיין וואָרט אַפילו נישט דערמאָנען דאָס, וואָס ס'איז געווע. — אַזוי האָט זי באַשלאָסן, זיך אויסטוענדיק צום שלאָף. — און אַז ער וועט זיך ווידער מיט איר אַרײַנלאָזן? — האָט זי פּלוצלינג אַ טראַכט געטאָן, דערהערנדיק יאַגושן, וועלכע האָט זיך אויף איר זייט צוריקגעקערט.

זי האָט זיך אַרײַנגעלייגט אין בעט אַרײַן, אײַנהאָרכנדיק זיך נאָך אַ לאַנגע צייט. אין דאָרף איז געווען שטיל, נאָר פון די ווײַטע וועגן האָבן זיך נאָך דערטראָגן די לעצטע וואָגן-גערוישן און שטימען, וואָס זענען אין די פּוסטע ווייטקייטן אָפּגעשטאָרבן.

— ס'וואָלט קיין גאָט און קיין גערעכטיקייט אויף דער וועלט נישט געווען! — האָט זי צאָרנדיק אַ מורמל געטון, אָבער ס'האָט איר כּוח פאַרפעלט ווייטער צו טראַכטן, וואָרן דער שלאָף האָט זי מיטאַמאָל גובר געווען.

. . . . . . . . . . . . . . . . . . .

צומאָרגנס האָט זיך גאַנץ ליפּצע זייער שפּעט אויפגעכאַפּט.

דער טאָג האָט זיך שוין געהאַט פונאַנדערגעעפנט, ווי אַ בלוי אויג וואָס איז נאָך חי מיט אַ הייטל פון שלאָף פאַרצויגן געווען, אָבער ס'איז שוין געווען פולשטענדיק ליכטיק און גלאַנציק, און דאָס דאָרף האָט נאָך אין בעסטן שלאָף געהאַלטן.

זיי האָבן זיך נישט געאײַלט אויפצורייסן זיך פון די געלעגערס, כאָטש ס'איז געגאַנגען דער טאָג פון גאָטס תחית המתים. די זון האָט זיך באַלד אַ הייב אויף געטון פון מזרח און אין סטאַוו און אויפן טוי זיך צעשפּילט, און געשווומען איבערן בלאָסן הויכן הימל, ווי זינגענדיק דער גאַנצער וועלט אַ וואַרעמען און ליכטיקן הללויה!

זי האָט זיך געטראָגן אַ ריזיקע און שטראַלנדיקע דורך די נעפּלען, וואָס האָבן איבער דער ערד געשוועבט, דורך די סעדער, און כאַלופּעס, און פעלדער, אַז די פייגל האָבן מיט פרייד אויפגעזונגען, די וואַסערן האָבן זיך מיט אַ פרייליך ריזלען צעקלונגען, די וועלדער האָבן זיך צערוישט, דער ווינט האָט אַ בלאָז געגעבן, די יונגע בלעטעלעך האָבן זיך אַ טרייסל געטון, און די ערד האָט אויפגעציטערט, אַז די געדיכטע גרינענדיקע ווינטער־תבואות האָבן זיך שטילינקע צעוויגט און דער טוי האָט זיך פינקט, ווי טרערן אויף דער ערד אַ גאָס געטון.

העי! אַ פרייליכער טאָג איז אויפגעשטאַנען! קריסטוס איז אונדז תחית המתים אויפגעשטאַנען! הללויה!

תחית המתים איז אויפגעשטאַנען דער, וואָס איז פאַרפּייניקט און מיט אַן אַכזריותדיקן צאָרן דערהרגעט געוואָרן! ער איז דיר ווידער אַ לעבעדיקער אויפגעשטאַנען, פון דער פינסטערניש, פון די פרעסט, פון די גאָס-רעגנס האָט ער זיך, דער טיי-

ערסטער, דערהויבן! פון דעם גרויזאַמען טויט האָט ער זיך אַרויס־געריסן, צום מענטשס גליק, האָט ער גובר געווען דאָס נישט ביי־קומענדע, און אָט אין דערדאָזיקער פרוכטבאַרער יאָרצייט דער־הייבט ער זיך איבער דער ערד, פאַרבאָרגן אין דערדאָזיקער אַלערהייליקסטער זון, און צעזייעט פרייד אַרום, ר'וועקט אויף פאָרחלשטע, מאַכט לעבעדיק טויטע, הייבט אויף די דערנידעריק־טע, באַפרוכפערט די אומפרוכטבאַרע.

הללויה! הללויה! הללויה!

אָט מיט דעם האָט זיך דיר די גאַנצע וועלט צעשאַלט אין דעמדאָזיקן געטלעכן טאָג.

נאָר אין ליפּצע איז געווען שטילער און טרויעריקער, ווי אין אַנדערע יאָרן אין דערדאָזיקער צייט.

זיי זענען בישקשהדיק פאַרשלאָפן, וואָרן ווען ס'איז שוין אַ שטיק אויפן טאָג געווען, ווען די זון האָט זיך שוין געהאַט איבער די סעדער אויפגעהויבן, איז האָט זיך ערשט דאַמאָלס אַ באַוועגונג אויפגעהויבן אין די כאַלופּעס, ס'האָבן אויפגעסק־יפּעט די טויערן און צעקאָשמאַטע קעפּ האָבן צעגענעצטע אַרויסגעקוקט אויף גאָטס וועלט, וואָס איז איבגאַנצן אין דער זון פאַרטרונקען געווען, מיט לערכן־געטשוויטשער פאַרקלונגען און מיט אַ יונגער גרינקייט באַשאָטן.

און אויך באַ די באָרינעס זענען זיי פאַרשלאָפן. איין האַנ־קאַ נאָר, וואָס האָט זיך אַ ביסל פריִער אויפגעהויבן, כדי אויפ־צוּוועקן פיעטרעקן, ער זאָל צוגרייטן דאָס פערד מיט דער בריּ־קע, אַליין ווידער האָט זי זיך פאַרנומען מיטן צוגרייטן דאָס גע־הייליקטע. יוזקאַ האָט דערווייל מיט נישט קיין קליינעם געקוויטש די קינדער אויסגעשלייערט, אַליין זיך אויך איבערטועבדיק אין יום־טובדיקע קליידער, און באַ דער ברונעם אויפן הויף האָט פיעטרעק מיט וויטעקן זיך אָפּגעוואַשן אויף ריין; נאָר דער אַלטער בּיליצאַ האָט זיך פאַרשפּילט מיטן הינטל אויפן גאַניק, פון צייט צו צייט אַ צי אַרויף טועבדיק מיט דער נאָז, צי מען שניידט שוין נישט אַמאָל דעם קעלבאַס.

לויטן מנהג, האָט מען נישט אָנגעצונדן קיין פייער אין

קויםעןָ, באַגנוגנדיק זיך בלויז מיטן קאַלטן געהייליקטן עסן. האַנקאַ האָט עס גראָד טאַקע אַריינגעבראַכט פון פּאַטערס שטיב, צעטיילנדיק איבער די טעלערס, אַזוי, אַז יעדערן איז גלייך אויסגעקומען צו שטיקער קעלבאַס, שינקע, קעז, ברויט, אייער און זיסן קוכן.

ערשט דאַמאָלס, ווען זי אַליין האָט זיך אויך געהאַט אײַבערגעטון, האָט זי אַלע צונויפגערופן צום עסן און זי איז אפילו נאָך יאַגושען געגאַנגען; זי איז טאַקע באַלד אַריינגעקומען פיין אויסגעשלייערט און אַזאַ שיינע, אַז ווי דער מאָרגנרויט האָט זי אויסגעזען, און די בלויע אויגן האָבן איר ווי די שטערן פון אונטער די פלאַקסענע, גלאַט-צונויפגעקעמטע האָר אָפּגעגלאַנצט. אָבער אַלע זענען דעטאַלן געווען אין יום-טובדיקע מלבושים אויסגעשלייערט און די וועלניאַקעס און גאָרטעלס האָבן אין די אויגן געבלענדט, און אויך וויטעק, כאָטשיק אַ באָרוועסער, האָט געהאַט אויף זיך אַ ניי שפּענצערל מיט גלאַנציקע קנעפּ, וואָס ר'האָט געהאַט אויסגעבעטן פון פּיעטרעקן, וועלכער איז אויך היינט אַרויסגעטרעטן אין אַ פולשטענדיק ניי אָנטון: אין אַ גראַנאַטענעם זשופּאַן און מיט געל-גרינע געפּאַסעוועטע הויזן. ער האָט זיך פיין אויסגעגאָלט, די האָר האָט ער זיך אינגאַנצן אָפּגעשוירן, אָפּגעהאַקט גלייך איבערן שטערן און דאָס העמד מיט אַ רויט בענדל איבערגעבונדן, אַז ווי נאָר ר'איז אַריינגעקומען, זענען זיי אַלע דערשטוינט געוואָרן פון דערדאָזיקער פאַרענדערונג, און יוזקאַ האָט אַזש אין די הענט אַ פּאַטש געטון:

— דאָס איז פּיעטרעק? די אייגענע מאַמע וואָלט דיך נישט דערקענט!

— ר'האָט פון זיך בורעקס פעל אַ־אָפּגעוואָרפן, איז ער אַ פּאַראָבעק ווי אַ ליכט! — האָט בילינאַ צוגעגעבן.

דער פּאַראָבעק האָט נאָר אַ שמייכל געגעבן, אַ פּיר טועדיק מיט די אויגן אויף יאַגושן און מיטן האַלדז אַ שלוק געטון, וואָרן האַנקאַ האָט איבערצלמענדיק זיך, צו יעדן אײנציקן בראָנפן געטרונקען און געצוווּנגען צום טיש זיך צו זעצן. זיי האָבן פאַר-

נומען די בענק, אַז אַפילו וויטעק האָט זיך, כאָטשיק נישט דרייסט, באַם עק טיש אַנידערגעזעצט.

און זיי האָבן געגעסן פּאַמעלעך, סמאַקעווענדיק אין דער שטיל פֿון דעם געהייליקטן מאָלצייט. וואָרן זיי האָבן זיך איבער אַ שיינע פּאָר וואָכן בײַקשהדיק אויסגעפּאַסט. די קעלבאַסעס זענען געווען געשמאַק, גוט מיט קנאָבל צוגעפּראַוועט. וואָרן איבער דער שטוב האָבן זיך די ריחות צעטראָגן, אַז די הונט האָבן זיך אַזש צווישן די מענטשן געדרייט, הײַלנדיק יעמערלעך.

קיינער האָט זיך נישט אָפּגערופֿן, כּל זמן ז'האָבן דעם ערשטן הונגער נישט געשטילט, אַרבעטנדיק פֿעסט. און אין דער דאָזיקער פֿייערלעכער שטילקייט פֿונם עסן, האָט זיך באָר דערטראָגן דאָס דזשאַמדזשען מיט די מײַלער, דאָס סאָפּען און דאָס רײַזלענדיקע בורטשען פֿון בראָנפֿן, וואָרן האַנקאַ האָט קיינעמען נישט געזשאַלעוועט, זי האָט נאָך אַליין אײַנגעלאַדן צום טרינקען.

— וועלן מיר באַלד פֿאָרן? — האָט זיך דער ערשטער פּיעטרעק אָנגערופֿן.

— כאָטש ביק באַלד, נאָכן אָנבײַסן.

— יאַגוסטינקאַ האָט זיך געוואָלט מיט ענק מיטכאַפּן אין שטאָט אַרײַן — האָט זיך יוזקאַ אַרײַנגעמישט.

— זי וועט קומען אין דער צײַט, וועט זי פֿאָרן; וואַרטן וועל איך נישט.

— אָבריק מיטנעמען?

— אויף אײנמאָל איבערצופּאַשען, אין אָוונט קומען מיר צוריק.

און זיי האָבן ווידער געגעסן, אַז נישט אײנעם זענען די שליפּיעס פֿון הנאה אַרויסגעקראָכן, די פּנימער האָבן זיך גערייטלט און די זעטיקייט האָט די הערצער צעשפּאַרט מיט אַ הייסער און טיפֿער פֿרייד. זיי האָבן געגעסן געלאַסן, אָנשטאָפּנדיק זיך אויסגערעכנטערהייט, כּדי ווי צום מײנסטן אָנצולייגן און ווי צום לענגסטן צו פֿילן אין מויל דעם טעם. ערשט דעמאָלס ווען האַנקאַ האָט זיך אויפֿגעהויבן, האָבן זיי זיך אויך אָנגעהויבן

אָוועקצוּרירן פוּן די שיסלען שוין מיט אַ גוּטער וואָג אין די ביי־כער, און פּיטערעק מיט וויטעקן האָבן, וואָס זיי האָבן נישט גע־קענט דערעסן, אין דער פערד־שטאָל מיט זיך אַוועקגעטראָגן.

— מאַן־זשע באַלד גרייט די פערד, — האָט האַנקאַ אַ געשריי געטון, און אָנגעפּאַקנדיק פאַרן מאַנס וועגן אַ טאָרבע מיט דעם גע־היילִיקטן עסן, וואָס זי האָט עס קוים דערטראָגן, האָט זי זיך אָנגעהויבן אָנטון אין וועג אַריין.

די פערד האָבן שוין געהאַט געוואַרט פאַר דער כאַלופּע, ווי יאַגוסטינקאַ איז אָן איין אָטעם אַ פאַל אַריין געגעבן.

— אַ האָר האָט געפעלט, כ'זאָל אויף ענק נישט זאַרטן!...

— איז האָט עך שוין דאָס געהייליקטע מאָלצייט אָפּגע־געסן? — האָט זי שמערצלעך אָפּגעזיפצט, אַ צי טוענדיק מיט דער נאָז.

— ס'וועט זיך נאָך פאַר ענק אויך געפינען, זעצסט ענק, וועט עך עפעס־וואָס אַרייַנכאַפּן...

פאַרשטייט זיך, אַז מ'האָט דאָסדאָזיקע אויסגעהונגערטע באַשעפעניש לאַנג נישט געדאַרפט צו בעטן, זי האָט זיך צוגעכאַפּט צום עסן, ווי אַ וואָלף, און זי האָט אַראָפּגעשאַרט, וואָס ס'איז איר נאָר אונטער דער האַנט געקומען.

— דער פאַן יעזוס האָט געוווּסט צו וואָס ר'האָט אַ חזיר באַשאַפן! — האָט זי אַ מורמל געטון, דערכאַפּנדיק זיך אַ ביסל דאָס האַרץ — נאָר דאָס איז מיר אַ וווּנדער, וואָס כאָטשיק באַם לעבן לאָזט מען עס אין די בלאָטעס זיך אַרומוואַלגערן, איז נאָכן טויט ווייקט מען עס גערן אין בראָנפן! — האָט זי זיך, ווי איר שטייגער איז, געמאַכט אַ געלעכטערל.

— טרינקטס געזונטערהייט, נאָר גיך, וואָרן די צייט איז קורץ.

און אין אַ פּאָר מינוט אַרום זענען זיי אַוועקגעפאָרן. האַנקאַ האָט אין דער בריקע שוין זיצנדיק, אָנגעזאָגט יוזקען, אַז זי זאָל אָן טאַטן נישט פאַרגעסן, אַזוי, אַז דאָס שיקסל האָט באַלד אָנגע־לייגט אַ טעלער מיט פאַרשידענע עסנס און אַרייַנגעטראָגן. ער האָט זיך נישט אָנגערופן אויף אירע רייד, ר'האָט אפילו קיין קוק

בישט געטאָן אויף איר, אָבער וואָס זי האָט אים אין די ציין אַריינ=
געשטופּט, האָט ער גערן אויפגעגעסן, קוקנדיק דערביי כּסדר מיט
אַ טויטן בליק, ווי שטענדיק. ער וואָלט אפשר נאָך מער געווע=
געגעסן, אָבער יוזקען האָט זיך געלאַנגווײליקט און זי איז אַרויס=
געלאָפן אין דרויסן צו קוקן, ווי כּמעט פון יעדער כאַלופּע זענען
פּויערטעס אַרויסגעפאָרן אָדער אַרויסגעגאַנגען מיט טאָרבעס, אַז
בײַ אַ צען פורן האָבן זיך אין שטאָט אַריין געלאָזט, און בײַ די
ראָוועס האָבן זיך רויט אָנגעטועבע פּויערטעס מיט פּעקלעך אויף
די פּלייצעס געצויגן.

און ווען די לעצטע גערוישן זענען אין דער לופט פאַר=
פאַלן געוואָרן, איז אויפן דאָרף אַן אויסטערלישע אומעטיקע שטיל=
קייט און פּוסטקייט געפאַלן; דער טאָג האָט זיך לאַנגזאַם געשלעפּט,
אַ טויבע שטילקייט האָט זיך אויף די וועגן אָפּגעלייגט, נישט קיין
געשפּרעכן, ווי עס פירט זיך געוויינטלעך אין אַזאַ צייט, נישט קיין
געזאַנגען, נישט קיין מענטשן, בלויז נאָר אַ ביסל קינדער האָבן
זיך בײַם סטאַוו געשפּילט, וואַרפנדיק שטיינער אויף די גענדז.

די זון איז געגאַנגען וואָס אַמאָל העכער, פאַרגיסנדיק מיט
אַ העלקייט די וועלט; ס'איז געוואָרן וואַרעמער, אַז די פליגן האָבן
שוין אויף די שויבן געזומט, שוואַלבן האָבן עקשנותדיק מיט די
פליגעלעך געפּאַטשט אין דער לויטערער לופט, דער סטאַוו האָט
געשימערט מיט פייערן, די ביימער ווידער זענען ווי מיט גרינס
אָפּגעטונקען געווען, געגלאַנצט מיט פרישקייט, צעגיסנדיק זיך מיט
האָניק=ריחות; פון די אומג הייערע פעלדער, וואָס זענען מיט אַ
בלויקייט פאַרשוווּמען געווען, האָט טײלמאָל אַ צי גע וון אַ לערכן=
געזאַנג; די גאַנצע וועלט האָט געטעמט מיט אַ פרילינגדיקער,
שטילער מילדקייט, און פון די דערפער, וואָס מ'האָט זיי קוים אין
דער ווייטקייט אַרויסגעזען, וואָס זענען פון דער זוניקער שרפה ווי
פאַרנעפּלט געווען, האָבן זיך צייטנווייז יאָדערדיקע געשרייען גע=
טראָגן און קנאַלן פון פּיסטאָלעטן=שאָסן!

נאָר אין ליפּצע איז געווען פּוסט און טרויעריק, ווי נאָך אַ
לוויה, מער נישט ווי די בהמות, וואָס מ'האָט זיי טרינקען אַרויס=
געלאָזט, זענען אַרומגעקראָכן, וווּ זיי האָבן נאָר געוואָלט.

דרייענדיק זיך אָן די ביימער און ריטשענדיק צו די גרינענדיקע פעלדער. פוסט זענען געווען דעסגלייכן די הויף־איינגענג, ווי אויך די צוגעמאַכטע פעדערהייזער, נאָר ערטערווייז איז מען געשטאַנען און אויף דער זייט פון דער זון הינטער די ווייסע ווענט זיך אויסגעוואַרעמט, ווו ווידער האָבן זיך שיקסעס אין די אָפענע פענסטער צוגעקעמט און די אַלטע באַבעס האָבן זיך אויסגעזעצט אויף די שוועלן און די קינדער אויסגעלויזט.

און אַזוי זענען פאַרבייגעגאַנגען שעהן פון שלעפעריקער און טרויעריקער שטילקייט, טיילמאָל האָט דער ווינט אַ טרייסל געטון די ביימלעך, אַז זיי האָבן זיך שטיל צערוישט, בייגנדיק זיך צו די כאַטעס און ווי שרעקעוודיק אין די ליידיקע שטיבן אַריינגעקוקט, דאָ האָט זיך אַ טשאַטשע שפּאַצן מיט אַ געשריי איבערגעטראָגן פון סאָד אויף וועג אַרויס, אָדער ס'האָבן אויפגעגרילצט קורצע געשרייען פון די קינדער, וואָס האָבן די קראָען פון די הינדעלעך אָפּגעיאָגט.

יעזוס מיינער, בישט אַזוי איז אַמאָל געווען אין דעמדאָזיקן טאָג, בישט אַזוי !...

די זון האָט שוין געהאַט אַרויפגעשטיגן צו מיטאָג־צו איבער די קוימענס, ווען ראָכאָ איז געקומען צו קריכן צו די באַרינעס, אַריינגעבליקט צום קראַנקן, איינגעטענהט מיט די קינדער און זיך אַנידערגעזעצט אויפן גאַניק קעגן דער זון. ער האָט עפּעס געלייענט אין אַ ביכל און זייטיק מיט די אויגן איבערן וועג געפירט. און אין קורצן איז אָנגעקומען די קאָוואַלאָווע מיט די קינדער, און באַזכנדיק פריִער דעם פּאַטער, האָט זי זיך צוגעזעצט אויף דער פריזבע.

— ענקערער איז אינדערהיים ? — האָט ראָכאָ נאָך אַ לאַנגע־ווײַלע אַ פרעג געטון.

— ווו דאָרט!... ער איז אַוועק אין שטאָט אַריין מיטן זאַיט.

— ס'גאַנצע דאָרף איז היינט דאָרטן.

— אוודאי, זיי וועלן זיך דערפרייען אַ ביסל מיט דעם געווײַליקטן עסן, די אָרימע נעבעך.

— עץ זענט נישט מיטגעפאָרן מיט דער מאַמען? — האָט ער אַ פרעג געטון יאַגנען, וועלכע איז גראָד אַרויסגעגאַנגען.

— ווער דאַרף מיך דאָרט צו האָבן! זי איז אַרויסגעגאַנגען פאַרן הויף, קוקנדיק מיט בענקשאַפט אויף די פעלדער.

— זי האָט אַ גייעם וועלניאַק הייגט! — האָט מאַגדאַ מיט אַ זיפץ אַ מורמל געטון.

— נאָך דער מאַמען, צ'דערקענט אים גאָרנישט, וואָס? און אַלע קרעלן האָט זי אויף זיך אָנגעהאָנגען און די גרויסע בורשטינען זענען אויך נאָך דער מאַמעשי! — האָט איר יוזקאַ מיט ווייטיק אויפגעקלערט. — נאָר דאָס טיכל אויפן קאָפּ, וואָס ס'איז איר...

— אמת, אַזוי פיל קליידער זענען נאָך די אַלע פאַרשטאָרבענע איבערגעבליבן, איז אונדז האָט ער דאָס נישט געלאָזט אָנרירן, און איר האָט ער אַלדינג אַוועקגעגעבן און אַצינד פאַראַדעוועט זי מיט זיי...

— אַוודאי, זי האָט זיך נאָך אַנימלט באַקלאָגט פאַר נאַסטקען, אַז זיי זענען פאַרלעגענע און שטינקען...

— אַ, ס'זאָל איר נאָך אַזוי שמעקן די טייוולאָנישע צאה!

— לאָז נאָר דער טאַטע געזונט ווערן, וועל איך מיך באַלד אַ מאָן טון וועגן די קרעלן, פינף שנורן זענען איבערגעבליבן, לאַנגע ווי די בייטשן און גרעסער ווי די אַרבעס!

מאַגדאַ האָט זיך שוין מער נישט אָנגערופן; אָפּזיפּצנדיק נאָר שווער, האָט זי אָנגעהויבן דאָס יינגסטע קינד צו לויזן. יוזקאַ האָט זיך אויך באַלד אויפגעהויבן און אויפן דאַך זיך אַוועקגעטראָגן, וויטעק האָט נאָך עפּעס געמייסטרעוועט הינטער דער פערדשטאַל באַם הינדל, די קינדער ווידער האָבן צוזאַמען מיט די הינטלעך אַרומגעשטיפּט פאַרן גאַניק, אונטער ביליצעס אויפזיכט, וועלכער האָט אויף זיי אַכטונג געגעבן ווי אַ קאָקאָסקע, און ראָכאָ איז קאָפּ איינגעשלאָפן.

— צ'האָט געענדיקט די פעלד־אַרבעט?

— נישט מער, ווי די קאַרטאָפּליעס פאַרזעצט און די אַר־בעס פאַרזייעט.

— נאַ אַנדערע איז דאָס אויך נישט אָפּגעטון!

— זיי וועלן נאָך דאַנושען; מ׳שמועסט, אַז מ׳וועט אָפּלאָזן די פויערן אויף נאָך פּסח.

— וואָס פאַר אַ ווייסער האָט דאָס דאָרט געזאָגט?

— פאַרש׳דענע האָבן אין קלויסטער געזאָגט! די קאָזלאָ־וואַ פאַרנעמט זיך צו גיין בעטן דעם פּריץ...

— אַ נאַר, דער פּריץ האַלט זיי איינגעזעצט, צי וואָס?

— כדי ער זאָל זיך אָננעמען, איז אפשר וואָלט מען זיי אַרויסגעלאָזט...

— ר׳האָט זיך שוין איינמאָל אָנגענומען און ס׳האָט נישט געהאָלפן...

— ער זאָל נאָר וועלן, נאָר ער וויל נישט, ווייל ער איז אין כּעס אויף ליפּצע, זאָגט מייגער... — האָט זי פּלוצלינג אָפּ־געהאַקט, איבערבייגנדיק איר צעמישט פּנים איבערן קינדס קעפּל, וואָס זי האָט עס צווישן די קני געהאַלטן, אַזוי, אַז ראָכאָ האָט בחנם געוואַרט אויף עפּעס אַן ענטפער.

— ווען פאַרנעמט זיך דאָס די קאָזלאָוואַ? — האָט ער ניי־געריק אַ פרעג געטון.

— באַלד נאָך מיטאָג האָט זי געזאָלט גיין...

— זיי וועלן נאָר אַזויפיל אויפטון, וואָס זיי וועלן זיך אי־בערלויפן און פרישע לופט אָנשעפּן.

זי האָט נישט געענטפערט, וואָרן פאַרן הויף האָט זיך אַראָפּ־געדרייט פון וועג דער פאַן יאַצעק, דעם פּריצס ברודער, וועגן וועלכ מ׳האָט גערעדט, אַז ער איז געווען אַ ביסל נאַרישעוואַטע, וואָרן ר׳האָט זיך שטענדיק אַרומגעטראָגן מיט דער פידל, אויף די שייזוועגן, אונטער די הייליקע פיגורן פלעגט ער שפּילן און נאָר מיט פויערן זיך פאַרהאַלטן. ער איז געגאַנגען איינגעבויגן, מיט דער פידל אונטערן אָרעם, מיט דעם ליולקעלע צווישן די ציין, אַ דאַרער, אַ הויכער, מיט אַ געל בערדל און מיט לויפנדי־קע אויגן. ראָכאָ איז אַקעגנגעגאַנגען. זיי האָבן זיך געגריסט קע־

בען, וואָרן זיי זענען צוזאַמען אַוועקגעגאַנגען לעבן סטאַוו און לאַנג דאָרט אויף די שטיינער געזעסן, איינטענהנדיק עפּעס אין דער שטיל, אַז מ'האָט שוין פון לאַנג געהאַט אויף מיטאָג געקלונגען, ווען זיי זענען זיך פונאַנדערגעגאַנגען. ראָכאָ האָט זיך אומגעקערט אויפן גאַניק, אָבער ער איז עפּעס געווען אַנטמוטיקט און אומעטיק געקוקט.

— דאָס פּריצלטשינע איז נעבעך אינגאַנצן פאַרדאַרט געוואָרן, אַז כ'האָב אים קוים דערקענט! — האָט זיך ביליצאַ אָפּגערופן.

— צ'האָט אים דען געקענט? — האָט ער אָראָפּגעבידערט דאָס קול, אומקוקנדיק זיך אויף דער קאָוואַלאָווע.

— ווי נאָך... ר'האָט נישט ווינציק אָנגעגעבן אין דער יוגנט, נישט ווינציק.. אַ תלין איז ער דיר געווען אויף שיקסעס... אין וואָליע האָט עד קיין אייבע נישט אַדורכגעלאָזט... כ'געדענק עס גוט, מיט וואָס פאַר אַ צוגאָווע פערד ער פלעגט ארויספאָרן... ווי ער האָט צוגעלעבט... כ'געדענק... — האָט דער אַלטער געשטאַמלט.

— ר'האָט פאַר דאָס גענומען אויף זיך אַ שווער אָפּקומעניש, אַ שווער!... זענט עך טאַקע דער עלצטער אין דאָרף, האַ?

— יאַמבראָזשי מוז זיין עלטער, וואָרן צייט איך געדענק נאָר, איז ער שטענדיק געווען אַלט.

— ער זאָגט אַליין, אַז דער טויט האָט אָן אים פאַרגעסן! — האָט זיך די קאָוואַלאָווע אַריינגעמישט.

— דער טויט פאַרגעסט נישט אָן קיינעם, נאָר ער לאָזט זיך דעמדאָזיקן איבער, כדי ער זאָל אים בעסער צעקרישלען, וואָרן ר'איז האַרט, ס'דען... ער דרייט זיך אויס ווי ער קען נאָר... ס'דען... — האָט ער שטיל געשטאַמלט.

זיי זענען אויף לאַנג אַנטשוויגן געוואָרן.

— כ'געדענק, ווי אין ליפּצע זענען סך הכל פּופּצען באַלעבאַטים געזעסן — האָט ווידער ביליצאַ אָנגעהויבן, אויסציענדיק נישט דרייסט די פינגער צו ראָכאָס טאַבאַק.

— און אַצינד זיבן פֿערציק! — האָט ער אים אונטערגע־רוקט דאָס טאַבאַק־שקעטעלע.

— און פֿרישע וואַרטן שוין, מ׳זאָל זיי צעטיילן, צי דאָס יאָר האָט אַ גערעטעניש, צי נישט, אָבער דאָס פֿאָלק פֿונדעסט־וועגן קוקט נישט און מערט זיך, ס׳דען... און קיין ערד קומט נישט צו... נאָך אַ פּאָר יאָר, און ס׳וועט פֿאַרפֿעלן פֿאַר אַלע... — ער האָט אַ פֿעסטן נאָס געטון.

— און ס׳איז דען שוין היינט נישט ענג אין דאָרף! — האָט די קאָוואַלאַווע אויסגערופֿן.

— אמת. און ווען די שקצים וועלן חתונה האָבן, איז וועט שוין פֿאַר זייערע קינדער נישט איבערבלייבן צו קיין איין מאָר־גע אפֿילו, ס׳דען...

— איז וועלן זיי זיך מוזן לאָזן אין דער וועלט אַריין! — האָט ראָכאָ באַמערקט.

— מיט וואָס וועלן זיי גיין? מיט די ליידיקע הענט דעם ווינט שאַרן?

— אָט האָבן דאָך די דייטשן דעם פּריץ אין סלופּיע אויס־געקויפֿט און שטעלן זיך אַצינדערט... צו צוויי וולוקעס אויף אַ באַזיץ — האָט ראָכאָ גאַנץ אומזיסט אַ זאָג געטון.

— יאָ... מ׳האָט געשמועסט וועגן דעם... אָבער די דייטשן זענען גאָר אַן אַנדער פֿאָלק, געלערנט און פֿאַרמעגלעך, האַנדלען צוזאַמען מיט די יידן און העלפֿן זיך צו מענטשן צו באַעוולהן... און לאָזן זיי גאָר אַזוי אויפֿן פּויערישן אופֿן מיט די ליידיקע פֿינגער אַן דער ערד זיך אָנכאַפּן, איז וואָלטן זיי אפֿילו קיין דריי מאָל פֿאַרזייען נישט אויסגעהאַלטן... און מ׳וואָלט זיי ביז איינעם אויסגעקויפֿט... אין ליפּצע איז ענג, מענטשן שטיקן זיך, און יעגער האָט אַזוי פֿיל פֿעלד, אַז עס ליגט כמעט ליידיק... — האָט ער אָנגעוויזן אויף דער הויפֿישער ערד נאָך דער מיל, וואָס האָט זיך באַרג־אויף צום וואַלד־צו געצויגן, ווי די לופּין־סטויגן האָבן זיך געשוואַרצט.

— הינטערן וואַלד?

— ס׳ליגט אַקוראַט לעבן אונדזערן, פּונקט גוט צום אויס־

קויפן, באַ אַ דרייסיק באַלעבאַטים וואָלט מען געקענט דאָרט באַזעצן, ס'דען... באַ אַ דרייסיק... אָבער צי וועט דען דער פּריץ פאַרקויפן, אַז ער דאַרף קיין געלט נישט צו האָבן?... אַזאַ עושר...

— ס'דען! אַן עושר, און דרייט זיך אויס נאָך אַ גראָשן ווי אַ שלאַנג, אַז באַ פּויערן אַנטלייעט ער שוין אפילו און ווו ער קען נאָר. די ייִדן שטיקן אים פון איין זייט, וואָס זיי האָבן אים אויפן וואַלד געגעבן, פּאַדאַטקעס איז ער שולדיק, די הויף-לייט צאָלט ער נישט, די אָרדינאַריע אויף ביי יאָר, וואָס ס'קומט זיי האָבן זיי נאָך נישט געקריגן, אומעטום איז ער שולדיק, און ווו, וועט ער דאָס נעמען אָפּצוגעבן, אַז דעם וואַלד האָט די רעגירונג פאַרבאָטן צו האַקן, כּל זמן ער וועט זיך מיט די פּויערן נישט אויסגלייכן? ער וועט נישט לאַנג איינזיצן אין וואָליע, ביין! מען שמועסט, אַז ער קוקט שוין אויס אַ סוחר... — האָט זיך די קאָוואַלאָווע אומגעריכט צערעדט, אָבער ווען ראָכאַ האָט זי מער געוואָלט באַ דער צונג אַ צי טון, האָט זי זיך עפּעס פאַרהאַקט און אָפּפאַרטיקנדיק אים מיט אַבי וואָס, האָט זי די קינדער צוזאַמענגערופן און אַהיימגעגאַנגען.

— זי מוז אַ סך וויסן פון אירן, נאָר זי האָט מורא זיך אַרויסצוכאַפּן... ס'איז אמת, אַז די שכנישע פעלדער זענען פּרוכטבאַר, די לאַנקעס קען מען צוויי מאָל שניידן, אמת... — האָט דער אַלטער אויפן קול אַריינגעטראַכט, פאַרקוקנדיק זיך אויף די פעלדער, וואָס ליגן לעבן וואַלד, ווו מ'האָט אַרויסגעזען פון הינטער די סטויגן די דעכער פון די גיטער-געבייען, נאָר ראָכאַ האָט אים נישט אויסגעהערט, וואָרן דערזעענדיק די קאָזלאָווע, וועלכע איז געשטאַנען באַם סטאַוו מיט פּויערטעס, איז ער גיך צו זיי צוגעגאַנגען.

— הי... הי... זיי זענען בייגעקומען דעם פּריץ... יעזוס מיינער, און די פּויערן וואָלטן זיך דאָס נישקשהדיק מחיה געווען... אוודאי... אַ צווייט דאָרף וואָלט זיך אויפגעבויט, קיין הענט און אויך קיין הונגעריקע אויף ערד וועלן נישט פעלן... אוודאי... — האָט זיך ביליצאַ צעטרוימט, גאָכלויפנדיק נאָך

די קינדער, וואָרן זיי זענען אַזש אויפן וועג אַרויסגעקראָכן. צו דער אָוונט־תּפילה האָט מען אָנגעהויבן קלינגען.

די זון האָט זיך שוין געהאַט איבערגעקאָלערט צו די וועלדער־צו און די ביימער האָבן אָנגעהויבן לייגן לאַנגע שאָטנס אויף די וועגן און זייפן סטאַוו, און אַ פאַרנאַכטיקע שטילקייט האָט אַזוי די וועלט פאַרהילט, אַז מ'האָט געהערט דאָס ווייטע רוישן נאָך פון די פורן; די געשרייען פון די פייגל אויף די פעלדער און דאָס שטילע דורכנעמענדיקע שפּילן פון דעם אָרגל אין קלויסטער.

און ווייל אַ טייל האָט זיך שוין פון דער שטאָט געהאַט אומגעקערט, האָבן אַלע בריקלעך אַזש אָנגעהויבן פויקן פון די טרעפּעס, אַזוי איז מען געלאָפן נייעס הערן.

נאָך דער אָוונט־תּפילה ווידער, באַם סאַמע זון־אונטערגאַנג, איז דער דאָבראָדזשעי אַוועקגעפאָרן מיטן וועג קיין וואָלקאַ. יאַמבראָזשי האָט געזאָגט, אַז דאָס איז אין הויף אַריין אויף אַ באַל, און באַלד נאָך זיין אַוועקפאָרן, האָט זיך דער אָרגאַניסטער מיט זיין גאַנץ הויז־געזינדל אַ שיט געטון צום מילנער צו געסט; יאַש אָ האָט געפירט די מוטער, וועלכע איז אָן אַ שיעור געווען אויסגעשלייערט און פריילעך באַגריסט די שיקסעס, וואָס האָבן פון די הייף אַרויסגעקוקט.

אַ שטילער בין השמשות האָט זיך איבער דער ערד אויסגעשפּרייט, די זון איז פאַרגאַנגען, און די רויטקייט האָט זיך וואָס אַמאָל ברייטער צעגאָסן, אַז כמעט אַ האַלבער הימל איז אין בלוטיקע פלאַמען געשטאַנען, גלייך ווי מיט גליענדיקע קוילן באַשיט, די וואַסערן האָבן זיך בלוטיק צעטליעט און די שויבן אויפגעפלאַקערט, פון שטאָט ווידער איז וואָס אַמאָל מער פורן אָנגעקומען, און וואָס אַמאָל העכער האָבן די קולות פאַר די הייזער געטומלט.

נאָר האַנקען האָט מען אַלץ נישט געזען, אָבער טראָץ דעם איז פאַר דער כאַלופּע געווען טומלדיק און פריילעך; שיקסעס אין איין עלטער מיט יונגען זענען זיך צו איר צונויפגעקומען, אַז זיי האָבן ווי די קלאַפּנדיקע שטשיגלעס זיך אויף דער פריזבע און אויפן גאַניק באַזעצט, פאַרוויילנדיק זיך מיט פאַרשידענע געלעכ־

טערן מיט יאַשעק פּזשעווראַטנין, וועלכער איז נאָכגעקומען צו-
לויפן נאָך באַסטושען, כאָטשיק יענע האָט אים שוין איינגעאַנצן אָפּ-
געטריבן פון זיך, רעכענענדיק אויף עמעצן אַנדערש. יוזקאַ האָט
זיי אויפגענומען, ווי זי האָט נאָר געקענט, מיט אייער-קוכן און
מיט קעלבאַס.

נאַסטושיאַ האָט אַלס די עלצטע מיטן רעדל אָנגעפירט און
ווייל זי האָט צום מייגסטנס אָפּגעלאַכט פון דעם שגץ, וועלכער
איז געווען אַ שלימזל, און געוואָלט מאַכן דעם אָנשטעל פון אַ
פאַראָבעק, אַ ווילן יונג; ער איז טאַקע געשטאַנען פאַר אַלע, אין
די געפּאַסעוועטע הויזן, אין אַ ניי ם שפּיגנצער און אין דעם קאַ-
פּעלוש אויף אַ זייט, האָט ער זיך אָנגענומען אונטער די זייטן,
און מיט אַ שמייכל געזאָגט:

— צ'מוזט נאָך מיר שטיין, ווייל כ'בין איין פאַראָבעק אין
דאָרף!

— האָב נישט קיין מורא: נאָך די בהמות נאָכצולויפן איז
נאָך דאָ ווער!

— אַזאַ פּאָקראַקע, צו קאָרטאָפּליעס שיילן טויג ער!

— די קינדער די בעזלעך אָפּצווישן! — האָט איינע אי-
בער דער אַנדערער געקוויטשעט, אַרויסזעצנדיק מיט אַ הילכיק גע-
לעכטער, אָבער יאַשעק איז בּאַ זיך נישט צעראָפּגעפאַלן, ר'האָט
אַ שפּריץ געטון מיט דער שליבע דורך די ציין און אויסגערופן:

— איך שטיי גאָרנישט נאָך אַזעלכע נאַרישע צוציקעס!...
געגנדז פּאַשן דאַרפט עך נאָך!

— אַליין האָט ער נאָך פאַריאָרן אַרום דעם קו-ווײדל גע-
טאַנצט, און אַצינד מאַכט ער דעם אָנשטעל פון אַ פאַראָבעק!...

— און יעדן טאָג האָט ער די הויזן פאַרלוירן, אַזוי איז ער
פאַר אַ ביק אַנטלאָפן.

— האָב חתונה מיט יאַנקעלס מאַגדען, צ'פּאַסט ענק אַקוראַט
צו.

— זי ניאַנטשעט יידישע קינדער, וועט זי דיר אויך קענען
די נאָז אָפּווישן.

— אָדער מיט יאַגאָטן, ועסטו זי אויף אַטפּוסטן אַרומפירן — האָבן זיי מיט שפּאָט אים באַוואָרפן.

— ווען כ'וואָלט נאָר צו וועלכע פון ענק מיט בראָנפן געשיקט, איז וואָלט זי זיך קיין טשענסטעכאָוו אווקעגעלאָזט און אַלע פרייטיק וואָלט זי פון פרייד געפּאַסט! — האָט ער אָפּגעענטפערט.

— און די מאַמע וועט דיך דען לאָזן, אַז מ'דארף דיך גאָר האָבן אין דער כאַלופּע די טעפּ צו וואַשן און די הינער צו טאַפּן — האָט נאַסטקאַ אויסגערופן.

— וואָרן זעסטו, אַז כ'וועל מיך דערבייזערן גיי איך אוועק צו מאַרישיאַ באַלצערקעווגען!

— גיי: מאַרישאַ וואַרט שוין דאָרט אויף דיר מיט אַ פּאַמיעטלע, אָדער מיט נאָך עפּעס ערגערס...

— און לאָז זי דיך נאָר דערוען, איז לאָזט זי באַלד אַלע הינט אָפּ.

— און פאַרליר נישט דאָרט עפּעס אויפן וועג! — האָט נאַסטוש געלאַכט, אַ צי טוענדיק אים אַ קאַפּ באַ די הויזן, וואָרן אַלע מלבושים זענען אויף אים געווען ווי אויסגעוואַקסן.

— ער רייסט שוין צו דעם זיידנס שטיוואַליעס.

— אַ קאַמיזויל גייט ער פון דעם אייגשיט, וואָס די חזירים האָבן עס צעריסן.

די ווערטער צוזאַמען מיט אַ געלעכטער זענען געפאַלן ווי אַ האָגל; ער האָט אויך געלאַכט און האָט אַ שפּרונג געטון, כּדי נאַסטקען אין דער העלפט אַרומצונעמען, אָבער איינע פון זיי האָט אים אַ פוס אונטערגעשטעלט, אַז ער האָט זיך, ווי לאַנג ער איז, אַ צי אויס געטון אונטער דער וואַנט, נישט קענענדיק אויפשטיין, וואָרן זיי האָבן אים אַלעמאָל אומגעשטופּט.

— לאָזט אים צורו, צוואָס... — האָט זיי יוזקאַ איינגעשטילט, העלפנדיק אים זיך אויפהייבן, וואָרן כאָטש ר'איז אַ טשמאַיע, אָבער אַ באַלעבאַטישער זון איז ער געווען און אויך אירס אַ שטיקל קרוב פון דער מאַמעס צד.

דערנאָך האָבן זיי געשפּילט אין שליעפּע-באַבע.

אויף דערויף האָט מען יאַשעקן אויסגעקליבן אוז. פאַרבינדנ-

ריק אים די אויגן, האָבן זיי אים אָװעקגעשטעלט אַ קעגן גאַניק פונאַנדערלויפנדיק זיך ווי די שפּאַצן, מיט אַ געשריי אין אַלע זייטן. ער האָט זיי נאָכגעיאָגט מיט פונאַנדערגעשפּרייטע הענט, אַרויפפאַלנדיק וואָס אַ ווײַלע אויף אַ פּלויט אָדער אויף אַ וואַנט; ער האָט זיך געלאָזט לויפן נאָך די געלעכטערן נאָך, אָבער נישט אַזוי לייכט איז אים אָנגעקומען עמעצן צו כאַפּן, וואָרן ווי די שוואַלבן האָבן זיי זיך לעבן אים אַדורכגעגליטשט, אַ שטויס געבנדיק אים אין פליען, אַז ס׳האָט אַזש אויפגעקאַכט פאַר דער כ..לופּע, גלייך ווי עמעצער וואָלט אַ סטאַדע זשרעבאָקעס איבער די גרודעס דורכגעיאָגט, און געקוויטשן, געשרייען, געלעכטערן האָבן אויפגעטרייסלט, אַז ס׳האָט זיך אַזש אויפן גאַנצן דאָרף צעטראָגן.

די פינסטערניש איז שוין געדיכטער געוואָרן, די רויטקייט האָט זיך ווי אויסגעבערענט און די שפּיל האָט געהאַלטן אין בעסטן ברען, ווי מיטאַמאָל האָט אין הויף זיך דערהערט אַ היבערשרייען.

יוזקאַ איז אין איין אָטעם אַהינגעלאָפן.

וויטעק איז געשטאַנען אונטער דער שאָפּע, באַהאַלטנדיק עפּעס הינטער זיך, און גולבאַשיאַק האָט זיך באַהאַלטן הינטער די אַקעראַייזנס, אַז דער קאָפּ האָט זיך אים געוויסט.

— גאָרנישט, יוזשיאַ... גאָרנישט... — האָט ער אַ צעמישטער געשעפּטשעט.

— אַ הון האָט עך דערשטיקט... די פּעדערן פליען דאָך באַך...

— כ׳האָב נאָר באַם האָן אַביסל פון ווײַדל אַרויסגעריסן, וואָרן כ׳דאַרף דאָס האָבן צו מיין פויגל. אָבער ס׳איז נישט אונדזער האָן, ניין, יוזשאַ! גולבאַשיק האָט אים פון ערגעץ געבערענגט צוטראָגן... זייבעם...

— ווייז! — האָט זי שטרעג באַפוילן.

ער האָט איר אַ וואָרף געטון צו די פיס דעם האַלב לעבעדיקן עוף, פון וועלכן ס׳איז אינגאַנצן געווען אויסגעצופּט די פּעדערן.

— אַוודאי איז ער נישט אונדזער! — האָט זי אויסגערופן,

נישט קענענדיק דערקענען. — אָבער ווייז נאָר דיין משונהדיקן פויגל

ער האָט אַרויסגעטראָגן אויף דער ליכט דאָס הענדל, וואָס איז שוין אינגאַנצן פאַרטיק געווען; פון דאַלץ איז עס געווען אויסגעשניצט און אַרומגעקלעבט מיט טייג, אין וועלכן ס'זענען געווען אַריינגעשטעקט פעדערן, אַז עס האָט אויסגעזען ווי אַ לעבעדיקס, וואָרן אַ קעפל מיט אַ שנאָבל האָט עס געהאַט אַן אמתן, אויף אַ העלצל אַרויפגעשטעקט.

אויף אַ רויט אָפגעפאַרבט ברעטעלע איז עס זיך געשטאַנען, און ס'איז אַזוי קונציק געווען צוגעאַרבעט צו אַ קליין וועגעלע, אַז אַזוי ווי וויטעק האָט נאָר אַ ריר געטון מיטן לאַנגן דישעל, האָט דאָס הענדל אָנגעהויבן טאַנצן און די פליגל צו צעשפּרייטן, דערצו ווידער האָט גולבאַשיאַק אַ קריי געטון, אַז די הענער האָבן זיך אַזש פון זייערע שטייגן אָפגערופן.

— יעזוס, צייט איך לעב האָב איך נאָך אַזאַ משונהדיקן פויגל נישט געזען! — האָט זיך דערלעבן יוזקאַ אַראָפּגעוועצט.

— ר'איז גוט, האַ? כ'האָב צוגעטראָפן, יוזשיאַ, האַ? — האָט ער מיט שטאָלץ געוורמלט.

— האָסט דאָס אַליין אויסגעאַרבעט? פון דיין קאָפּ אַרויס? אַ באַוווּנדערונג האָט זי ממש אַרומגענומ ן,

— אַליין! יעגדרעק האָט מיר נאָר דעם לעבעדיקן האָן געברענגט... אַליין, יוזשיאַ...

— מיינע טייערע, ס'טייטש ער רירט זיך דאָך ווי אַ לעבעדיקער, כאָטשיק ר'איז פון האָלץ. ווייז אים די שיקסלעך!... זיי וועלן זיך דאָס אָפּוווּנדערן!... ווייז, וויטעק!

— נאַ, מאָרגן וועלן מיר גיין אויף „דינגוס", איז וועלן זיי זען. ס'פעלן נאָך שטאָכייטעלעך אַרום, כדי ער זאָל נישט אַוועקפליען.

— איז גיב אַ בליק צו דער קו און קום אַריין אין שטוב אַרבעטן, ס'וועט דיר זיין ליכטיקער...

— כ'וועל קומען, נאָר כ'האָב נאָך אויפן דאָרף עפּעס צו באַזאָרגן...

זי האָט זיך צוריק אומגעקערט פאַר דער שטוב, אָבער די שיקסלעך האָבן שוין געהאַט געענדיקט די שפּיל, מ'האָט שוין געהאַט אָנגעצונדן פייערן אין די הייזער, שטערן האָבן זיך אויף ווי־נישט־ווו באַוויזן, און אַן אָוונט־קילקייט האָט פון די פעלדער אַ צי געטון.

אַלע פויערטעס האָבן זיך שוין געהאַט אומגעקערט פון שטאָט, און האַנקאַ איז נאָך אַלץ נישט אָפּגעפאָ״ן.

יוזקאַ האָט צוגעגרייט אַ זעטיקע וועטשערע: באָרשטש מיט קעלבאַס און קאַרטאָפלעס פעט באַשמאַלצן. זי האָט דאָס אָנגעהויבן אויפצוגעבן אויף דער באַנק, ווען ראָכאָ האָט געוואַרט, די קינדער האָבן געחלשט צו עסן, און יאַגנאַ האָט אַלעמאָל אַ קוק אַריין געטון אין שטוב אַריין, ווי וויטעק האָט זיך שטילינקערהייט אַרייַנגערוקט און גיך זיך אַראָפּגעזעצט צו די פאַרעדיקע שיסלען. ער איז אויסטערליש רויט געווען, ר'האָט ווייניק געגעסן און מיטן לעפל אָן די ציין געקלונגען, אַזוי האָבן אים די הענט געציטערט, און נישט צוועסנדיק ביזן סוף אַריין, איז ער אַוועקגעלאָפן.

יוזקאַ האָט אים געכאַפּט אין הויף, פאַרן כליוו, ווי ר'האָט אין דער פאַלע אַריין אָנגענומען דאָס חזירישע עסן פון צעבערל אַרויס, און זי איז צו אים שטרענג צוגעשטאַנען: וואָס עס איז אים געשען?

ער האָט זיך אויסגעדרייט, ווי ר'האָט נאָר געקענט, אָפּגעבאַרט, אָבער צום סוף האָט ער אויסגעזאָגט דעם אמת:

— דאָס האָב איך באַם גלח דעם באָטשאַן מייַנעם אָפּגענומען!

— יעזוס, מאַריאַ! און קיינער האָט דיך נישט דערזען?

— ניין, דער דאָבראָדזשעי איז אַוועקגעפאָרן, די הינט זענען אַוועק פרעסן, און דער באָטשאַן איז געשטאַנען אויפן גאַניק! מאַטשוש האָט פריִער אויסגעקוקט און געקומען צו לויפן זאָגן! מיט פיעטרעקס קאַפּאָטע האָב איך אים איבערגעדעקט, כדי ער זאָל מיר נישט קיין דזשאָבע טון און אים אַוועקגעטראָגן צום באַהעלטעניש! נאָר לאָז די פאַרע פון מויל נישט אַרויס, מיין

גאָלד! אין אַ פּאָר וואָכן אַרום וועל איך אים ברענגען אין כאַלופּע אַריין, וועסט זען, ווי ער וועט דאָס פּאַראַדירן אויפן גאַניק, און קיינער וועט דאָך אים נישט דערקענען. נאָר גיב מיך נישט אַמאָל אויס!

— ס׳דען! כ׳האָב דיך שוין ווען ס׳איז אַמאָל אויסגעגעבן? ס׳איז מיר נאָר אַ וווּנדער, ווי דו האָסט דיך געוואָגט דערצו, יעזוס!

— מיינס האָב איך מיר אָפּגענומען. כ׳האָב געזאָגט, אַז כ׳וועל נישט שענקען און כ׳האָב אָפּגענומען... כ׳האָב אים אוודאי איך דערויף איינגעוווינט, אַז אַנדערע זאָלן האָבן פון אים אַ נוצן, ס׳דען!... — האָט ער אַ מורמל געטון און ר׳איז אַוועקגעלאָפן ערגעץ אין פעלד אַריין.

נישט לאַנג האָט געדויערט, האָט ער זיך באַוויזן צוריק און זיך צונויפגעזאַמעלט מיט די קינדער אַנידערגעזעצט באַם קוימען צו פאַרענדיקן דאָס הענדל.

און אין דער שטוב האָט זיך עפּעס געמאַכט אַזוי שלעפּעריק און אומעטיק. יאַגוש איז אַוועק עגאַנגען אין איר זייט אַריין, ראַכאַ ווידער איז געזעסן פאַר דער שטוב צוזאַמען מיט בילעצען, וועלכער האָט זיך שוין ווי אַ ייִד געשאָקלט, אַזוי האָט אים דער שלאָף געפּייניקט.

— גייטס צהיים, וואָרן פאַן יאַצעק וואַרט דאָרט אויף ענק! — האָט אים ראַכאַ איינגערוימט.

— אויף מיר וואַרט ער... פאַן יאַצעק... סטייטש כ׳לויף שוין... אויף מיר? בע... בע — האָט ער אַ פאַרוווּנדערטער געשטאַמלט, אויסניכטערנדיק זיך אינגאַנצן און איז אַוועקגעגאַנגען.

און ראַכאַ איז איבערגעבליבן אויף ד׳ר פריזבע, ער האָט געשעפּטשעט אַ תּפילה, פאַרקוקנדיק זיך אין דער נאַכט אַריין, אין דערדאָזיקער נישט דורכדרינגלעכער ווייטקייט פון הימל, וווּ ס׳האָט אַזש געציטערט פון שטערן-געשימער: אינגטן ווידער, איבער דער ערד, האָט זיך שוין אויפגעהויבן אַ שרעקלעך האָרנדיקע לבנה און די פינסטערניש געבאָדזשעט.

אין די כאַלופּעס האָבן זיך די פייערלעך איינס נאָכן אַנדערן געלאָשן, פּונקט ווי אויגן וואָס פאַרמאַכן זיך פון שלאָף; אַ שטילשוויגן, וואָס איז אַדורכגענומען מיט שטילעטשקן ציטערן פון די בלעטעלעך און מיט אַ טויב, ווייט ריזלען פון אַ טייכל, האָט זיך צעגאָסן אַרום. נאָר באַם מילנער האָבן נאָך די פענסטער געלויכטן און מ'האָט זיך פאַרווײַלט ביז שפּעט אין דער נאַכט אַריין.

אין די באַרינעס שטוב איז שוין געווען שטיל, אַלע האָבן זיך געלייגט שלאָפן, פאַרלעשנדיק די ליכט. אַז נאָר לעבן די טעפּ, וואָס איז מיט דער וועטשערע געווען אַרומגעשטעלט אויפן קוימען, האָבן נאָך קוילן געגליט, און אַ גריל האָט ערגעץ אין אַ ווינקל געשפּילט, אָבער ראָכאָ איז כסדר אַלץ געזעסן אינדרויסן, וואַרטנדיק אויף האַנקען, אַז ערשט אַרום האַלבע נאַכט האָבן קאַפּיטעס זיך אויפן בריקל לעבן דער מיל צעפּויקט און באַלד דערנאָך איז די בריקע פאַרפאָרן.

האַנקאַ איז אויסטערליש אומעטיק געווען און געשוויגן, אַז ערשט דאַמאָלס ווען זי האָט די וועטשערע אויפגעגעסן און דער פאַראָבעק איז געגאַנגען אין דער פערדשטאַל אַריין, האָט ער זיך געוואַגט אַ פרעג צו טון:

— צ'האָט געזען דעם מאַן?

— דעם גאַנצן באָכמיטאָג בין איך מיט אים געזעסן! ער איז געזונט און באַם פולן פאַרשטאַנד... ר'האָט ענק געלאָזט גריסן... און כ'האָב די איבעריקע פויערן אויך געזען... מ'האַלט זיי באַ אַרויסלאָזן, נאָר קיינער ווייסט נישט ווען... באַ דעם, וואָס דאַרף אַנטעקן אויף די סאָנדעס צו פאַרטיידיקן, בין איך אויך געווען...

דאָס האָט זי נישט דערציילט, אַז אַ שטיין איז איר אויפן האַרץ געלעגן, נאָר אַזעלכע אַנדערע באַרישקייטן גאָר, וואָס האָבן נישט קיין שייכות צו אַנטעקן, ביז זי האָט זיך פּלוצלינג צעוויינט און כאָטש זי האָט דאָס פּנים מיט די הענט פאַרשטעלט, זענען איר די טרערן דורך די פינגער גערינען.

— כ'וועל קומען אינדערפרי... רוטס ענק אָפּ: צ'האָט ענק שטאַרק צעטרייסלט... ס'זאָל ענק חלילה נישט שאַטן...

— אַז וואָלט איך שוין איינמאָל געפּגרט און מער נישט געליטן! — האָט זי אַרויסגעזועצט.

ער האָט אַ שאָקל געטון מיטן קאָפּ און אָן אַ וואָרט זיך אַרויסגעטראָגן, נאָר פאַר דער כאַלופּע האָט ער די הינטלעך, וואָס זענען עפּעס בייז צעווילדעוועט געווען, איינגעשטילט, פאַרטרייבנדיק זיי אין דער בודע אַריין.

אָבער האַנקאַ, כאָטש זי האָט זיך באַלד צו די קינדער צוגעלייגט, האָט זי טראָץ דער פאַרמאַטערטקייט נישט געקענט בשום אופן איינשלאָפן. ווי דען!... טאַטש אַנטעק האָט זי ווי אַ באַלעסטיקטן הינט אויפגענומען... דאָס געהייליקטע עסן האָט ער מיט געשמאַק געגעסן, די פּאָר גילדן האָט ער צוגענומען, נישט פאַרגינדיק זי און נישט באַדויערט זי אַפילו, וואָס זי האָט זיך מיט אַזאַ ווייטן וועג אָנגעמאַטערט!...

זי האָט אים דערציילט, וואָס און ווי אַזוי זי אַרבעט אין דער באַלעבאַטישקייט — האָט ער איר אַפילו קיין גוט וואָרט נישט געענטפערט, און פאַר נישט איין זאַך האָט ער זי מיט כעס געזידלט... וועגן גאַנצן דאָרף האָט ער זיך אויסגעפרעגט, און וועגן די קינדער האָט ער אַפילו נישט דערמאָנט... זי איז געגאַנגען צו אים מיט אַ געטריי און ליבנדיק האַרץ, פאַרבענקט אָן אַ שיעור נאָך זיינע לאַסקעס; זי איז דאָך זיינס אַ חופּה־קידושין־ווייב און אַ מאַמע צו זיינע קינדער, איז האָט ער איר אַפילו קיין צערטל נישט געטון, נישט קיין קוש געגעבן, נישט אויסגעפרעגט זיך וועגן איר געזונט... ווי אַ פרעמדער האָט ער זיך איר אויסגעוויזן און ווי אויף אַ פרעמדע האָט ער געקוקט, נישט זייער מיט קיין חשק אויסהערנדיק אירע מעשיות, אַז צום סוף האָט זי שוין אַפילו נישט געקענט רעדן, אַ ווייטיק האָט זי געשטיקט, טרערן האָבן זיך איר געגאָסן, איז האָט ער נאָך אַ געשריי געטון, אַז זי זאָל מיט קיין געבעטש צו אים נישט קומען! טייערער יעזוס, ס'איז אַ נס, וואָס זי איז קיין טויטע נישט אַנידערגעפאַלן... דאָס איז פאַר דער שווערער האָרעוואַניע אַרום זיין האָב און גוטס, פאַר דער אַרבעט איבער די כוחות, פאַר די אַלע

ליידן — קיין שום שכר נישט: נישט קיין א״ן ליבלעך וואָרט אפילו, נישט קיין איין טרייסט־וואָרט!

— יעזוס, קוק אַראָפּ מיט דיין רחמנותדיקן בליק, וואָרן כ׳וועל עס נישט איבערהאַלטן! — האָט זי געיאָמערט, אַריינדריקנדיק דעם קאָפּ אין קישן, כדי די קינדער נישט אויפ־צוּוועקן, און יעדעס ביינדל האָט זיך אין איר באַזונדער גע־טרייסלט פון וויינען, פון ווייטיק, פון דערנידעריקונג און פון דעם שרעקלעכן עוולה־געפיל!

זי האָט נישט געקענט פריי לאָזן אויסגיסן זיך דער נשמה דאָרט אין זיין אַנוועזנהייט, נישט דערנאָך בשעתן צוריקפאָרן אין דער אַנוועזנהייט פון מענטשן. איז דעריבער האָט זי זיך ערשט אַציּנד אָפּגעגעבן אינגאַנצן דער פאַרצווייפלונג. אַציּנד האָט זי שוין געלאָזט דער פּיין דאָס האַרץ אירס צו צערייסן און די טרערן געלאָזט פליסן.

. . . . . . . . . . . . . . . . . . .

צומאָרגנס ווידער, אין הייליקן מאָנטיק, האָט זיך דער טאָג אויפגעהויבן נאָך אַ מער לויטער, נאָר מער אויסגעבאָדן אין טוי און אין בלויליכע נעפּלען, אָבער אויך מער אַ צעזוניק־טער און עפּעס ווי אינגאַנצן אַ פרייליכער. די פייגל האָבן היל־כיקער געזונגען, און אַ וואַרעמער ווינט האָט איבער די ביימלעך געבלאָזן, אַז זיי האָבן זיך ווי מיט אַ שטילעטשקער תפילה צע־פליסטערט; די מענטשן האָבן זיך מונטערער פון שלאָף אויפגע־ריסן, אויפפראַלנדיק טיר און פענסטער, אויף גאַטס וועלטל זע־בען זיי געלאָפן קוקן, אויף די סעדער, וואָס זענען מיט גרינס דורכגעשיט, אויף די אומגעהייערע שטחים ערד, וואָס זענען מיט פרילינג פאַרוועבט, אינגאַנצן מיט טוי באַפּונקלט. אין דער פריי־דיקער זון פאַרטרונקען, אויף די פעלדער, וו די ווינטער־תבואה האָט זיך שוין אויפן ווינט געוויגט, פונקט ווי געלבלעכע, געריבצל־טע וואַסערן וואַלטן צו די כוואַלופּעס געפלאָסן.

מ׳האָט זיך געוואַשן פאַר די שטיבן, דאָס איבערשרייען זיך האָט זיך דורך די סעדער געטראָגן, ווו־נישט־ס׳איז האָט שוין אַ רויך פון קוימען געזעצט, די פערד האָבן אין די שטאַלן גע־

הירזשעט, די טויערן האָבן געסקריפּעט, מ'האָט וואַסער פון סטאַוו געשעפט, בהמות זענען געגאַנגען טרינקען, די גענדז האָבן געשריגן, און ווען די גלאָקן האָבן אַ זעץ אַרויס געטון און די אומגעהייערע הימל-גרייכנדיקע שטימען האָבן גענומען רוישן און צעגיסן זיך איבערן דאָרף, איבער די פעלדער, איבער די ווייטע וועלדער, האָבן זיך די געשרייען נאָך מער געשטאַרקט, און די הערצער האָבן נאָך לעבעדיקער און פריילעכער אָנגעהויבן קלאַפּן.

די שקצימלעך זענען שוין אַרומגעלאָפן מיט די שפּריצערס, לאָזנדיק זיך ווילגיין מיטן וואַסער אָפּגיסן, אָבער זיי האָבן זיך באַהאַלטן הינטער די ביימער באַם סטאַוו, און אָפּגעגאָסן נישט נאָר די פאַרבייגייענדיקע, נאָר יעדן איינציקן, וועלכער האָט נאָר פאַר דער שוועל אַרויסגעקוקט, אַז אפילו די ווענט זענען שוין פאַרנעצט געווען און קאַלוזשעס האָבן זיך פאַר די שטיבן געגרויט.

אַלע וועגן און אַלע הייף האָבן אויפגעקאָכט מיט אַ געטומל, די געוואַלטן און געלעכטערן, געיאָגערייען האָבן זיך וואָס אַמאָל מער געשטאַרקט, וואָרן אויך די שיקסעס האָבן בשקשהדיק אַרומגעשטיפּט, אָפּגיסנדיק זיך איינע די אַנדערע און יאָגנדיק זיך איבער די סעדער, און ווייל זיי זענען געווען אַ סך און שוין דערוואַקסענע, איז האָבן זיי זיך גיך אַן עצה געגעבן מיט די שקצים, צעיאָגנדיק זיי אויף אַלע זייטן; זיי האָבן זיך אַזוי צעשטיפּט, אַז אַפילו אויף יאַשעק פושעוואָראַטנין, וועלכער האָט זיך מיט אַ שפּריצער צום פייער לעשן הינטער באַסטקען אונטערגעצאַיעט, זענען די באַלצערקווונעס אָנגעפאַלן, מיט וואַסער פאַרגאָסן און כדי אָפּצושפּאָטן פון אים נאָך אין סטאַוו אַריין אים אַריינגעשטופּט...

אָבער אַ צעכעסנטער פאַר בושה, וואָס די שיקסעס האָבן גענומען די אויבערמאַכט איבער אים, האָט ער צוגערופן צו הילף פּיעטרעקן באָרינעס און האָבן זיך אַזוי קינציק פאַרנומען אויף באַסטקען, ביז וואַנעט זיי האָבן זי אַריינגעכאַפּט אין די נעגל אַריין און צוגעשלעפּט זי צו דער ברונען און אַזוי שרעקלעך זי-

אָפּגעצוואָגן, אַז זי האָט אַזש געמאַכט קוֹלות ביזן הימל... דער־באַך ווידער, צוגעמענדיק נאָך צו הילף וויטעקן, גולבאַשיאַקן און נאָך אַ פּאָר עלטערע שקצימלעך, האָבן זיי אַ כאַפּ געטון מאַרישיאַ באַלצערקווינען און האָבן איר געמאַכט אַזאַ באָד, אַז די מוטער איז מיט אַ שטעקן אויף הילף אַזש געלאָפן; זיי האָבן אויך יאַג־נען ערגעץ צוגעשפּאַרט און אָרנטלעך זי אָפּגעשוואָבקען, אפילו יוזקען האָבן זיי נישט דורכגעלאָזט, כאָטש זי האָט זיך געבעטן און מיט אַ געבעטש איז זי זיך געלאָפן פאַר האַנקען פאַרקלאָגן.

— זי באַקלאָגט זיך און איז צופרידן, די אויגן פינקלען איר צום אַרומשטיפן.

— און מיך האָבן זיי אויך, די נבלות, ביזן הוילן לייב אָפּגעצוואָגן! — האָט זיך פריילעך יאַגוסטינקאַ באַקלאָגט, אַריינ־פאַלנדיק אין דער כאַלופּע.

— די שאַריע וועט דיר דען עמעצן אַדורכלאָזן! — האָט יוזקאַ געקלאָגט, איבערטוענדיק זיך אין טרוקענע קליידער, אָבער נישט קוקנדיק אויף דעם, וואָס זי האָט מורא געהאַט, איז זי פאָרט אַרויסגעגאַנגען דערנאָך אויפן גאַניק, וואָרן ס'האָט אַזש געפּויקט אויף די ווענט פון די געיאָגערייען און דאָס דאָרף האָט זיך געטרייסלט פון די געשרייען. די שקצים איז אַ וווּנדער, וואָס זיי זענען נישט משוגע געוואָרן פון פרייד, זיי זענען אַרומגעגאַנגען אין אַ גאַנצער מחנה, אַרונטערטרייבנדיק אַלע, ווער ס'איז נאָר אונטערגעקומען אונטערן שפּריצער, אַז דער סאָלטיס האָט אַזש געמוזט די לאָבעסעס צו צעטרייבן, וואָרן ס'איז נישט קיין אופן געווען פון דער כאַלופּע זיך אַרויסצווייזן.

— עך זענט עפּעס נישט מיט אַלעמען נאָכן געכטיקן? — האָט יאַגוסטינקע אַ שעפּטשע געטון, טרוקענענדיק די פּלייצעס באַם קוימען.

— יאָ, ס'טרייסלט זיך אין מיר און ס'וואַרפט מיך אינ־גאַנצן, דערביי נודזשעט מיך...

— לייגטס ענק אַנידער. צ'וואָלט געדאַרפט אויסטרינקען קאַנאַפּיעס־פאַרבריעכץ! צ'האָט ענק געכטן אויפגעטרייסלט! — האָט זי זיך ווייטער פאַרדאגהט, נאָר ווייל זי האָט דערשמעקט

געפּרעגלטע קישקע, האָט זי זיך אַנידערגעזעצט צוזאַמען מיט די איבעריקע צום אָנבייסן, אַרויסגראַבלענדיק מיט גיריק׳ייט אַ גרעסער שטיק.

— עסט עך אויך, באַלעבאָסטע: מיט הונגערן וועט עך צום געזונט גאָרנישט צוהעלפן...

— אַז דאָס פלייש איז מיר שוין פאַרמיאוסט; טיי וועל איך מיר אָפּקאָכן.

— אויף איבערצושווענקען די געדערים איז עס נישקשה, אָבער ווען צ׳וואָלט ענק מיט בראָנפן איבערגעקאָכט מיט פעטקייט און מיט געווירץ אָנגעטרונקען, וואָלט עס גיכער געהאָלפן...

— ס דען, אַ טויטן וואָלטן אַזעלכע רפואות לעבעדיק געמאַכט!... — האָט זיך צעלאַכט פּיעטרעק, וועלכער האָט זיך אַנידערגעזעצט לעבן יאַגושען, אין די אויגן איר אַריינגעקוקט, און צוגעבנדיק איר העפלעך, אויף וואָס זי האָט נאָר אַ קוק געטון און כסדר אָנהייבנדיק מיט איר איינצוטענהן; אָבער ווייל זי האָט אים אָפּגעפאַרטיקט מיט אַ ליאַדע עפּעס, האָט ער אָנגעהויבן אויסצופרעגן די יאַגוסטינקען וועגן מאַטעושן, וועגן סטאַכאָ פּלאָשקען און אַנדערע.

— ווי דען, כ׳האָב אַלע געזען, זיי זיצן זיך אַלע צוזאַמען, און צימערן האָבן זיי פּשוט הויפישע, הויכע, ליכטיקע, מיט אַ פּאָדלאָגע, נאָר דאָ, וואָס ס׳איז מיט אייזערן שפּינוועבס אין די פענסטער, כדי ס׳זאָל זיך זיי אַמאָל צו שפּאַצירן נישט פאַרגלוסטן. און שפּייזן, שפּייזט מען זיי אויך נישקשה. אַן אַרבעס־זופּ האָט מען זיי אויף מיטאָג אַריינגעברענגט; כ׳האָב פאַרזוכט: ווי זי וואָלט אויף אַן אַלטן שטיוול געקאָכט געוואָרן און מיט וואָגן־שמירעכץ געשמאַלצן; אויפן אַנדערן מאָלצייט ווידער, האָט מען זיי געפּרעגלטע הירזש אַנידערגעשטעלט... בע, דער הונט וואָלט די לאַפּע אפילו נישט אויפגעהויבן, און וואָלט קיין שמעק נישט געטון. זיי לעבן פאַר זייער אייגנס, ווער ווידער ס׳פאַרמאָגט נישט קיין גראָשן, באַשמעלצט זיך דאָס עסן מיטן פּאַטשערוש — האָט זי מיט שפּאָט דערציילט.

— מ׳וועט זיי אינגיכן אָנהייבן אַרויסלאָזן?

— זיי האָבן געזאָגט, אַז באַלד נאָך פּסח וועט מען אַ טייל שוין אַרויסלאָזן! — האָט זי שטילער אַ שעפּטשע געטון, אומקוקנדיק זיך מיט שרעק צו האַנקען, און יאַגנען האָט עס ווי פון אָרט אויפגעריסן, אַז זי איז פון שטוב אַרויס אַנטלאָפן, נישט דערענדיקנדיק דאָס עסן, די אַלטע ווידער האָט אָנגעהויבן רעדן וועגן דער קאָזלאָווען.

— זיי זענען שפּעט צוגעקומען און מיט גאָרנישט, זיי האָבן זיך נאָר איבערגעשאָקלט נאָך דעם קעלבאַס און מיטן הויף זיך אָנגעקוקט! זיי זאָגן, אַז עס שמעקט מיט עפּעס אַנדערש, ווי מיט כאַלופּע!... דער פּריץ האָט זיי געזאָגט, אַז ער קען קיינעמען נישט העלפן, וואָרן דאָס איז דעם קאָמיסאַרס און דער רעגירונגס אַן ענין, און ווען אפילו ער זאָל יאָ קענען, וואָלט ער זיך אויך נישט איינגעשטעלט פאַר קיין שום ליפּצער, וואָרן איבער זיי איז ער אַליין צום מייסט געשעדיגט געוואָרן! צ׳ווייסט, מ׳האָט דאָך אים פאַרבאָטן דעם וואַלד צו פאַרקויפן, און די סוחרים שלעפּן אים אַצינד אַרום איבער די סאָנדעס. ער האָט אָפּנים געשאָלטן מיט פּעך און שוועבל, אַז ער זאָל איבער די פויערן דאַרפן גיין מיט אַ טאָרבע, זאָל דאָס גאַנצע דאָרף אַ מגפה אומברענגען!... די קאָזלאָווא לויפט שוין דערמיט אַרום פון איינדערפרי אָן איבער אַלע כאַלופּעס און סטראַשעט מיט נקמה נעמען.

— אַ נאַר, וואָס וועט זי אים טון מיט דעם סטראַשען?

— מיינע טייערע, צי ווייסט מען דען, ווער וועמען ס׳קען אָנטאָפּן אויפן ריכטיקן אָרט, ער מעג אפילו זיין דער ערגסטער... — זי האָט אָפּגעהאַקט, אויפשפּרינגענדיק, כדי אונטערצוהאַלטן האַנקען, וועלכע איז אויף דער וואַנט אַרויפגעפאַלן.

— אום גאָטעס ווילן! ס׳זאָל נאָר גיכער אַמאָל נישט קומען פאַר דער צייט — האָט זי אַ דערשראָקענע געשעפּטשעט, ציִענדיק זי אין בעט אַריין, וואָרן זי האָט איר אין דער האַנט בעחלשט, טראָפּנס שווייס זענען אַרויסגעקומען איר אויפן פּנים, וועלכעס איז באַדעקט געווען מיט געלע פלעקן. זי איז געלעגן

קוים אָטעמענדיק, די אַלטע האָט איר די שלייפן מיט עסיג אויס־געריבן און ערשט דאַמאָלס, ווען זי האָט איר כריין אונטער דער נאָז צוגעלייגט, איז האַנקאַ צו זיך געקומען, אויפעפענענדיק די אויגן, ס'האָט זי נאָר אָנגעכאַפּט אַ שלוקערץ.

אַלע זענען זיך פונאַנדערגעגאַנגען עפּעס טון אין באַלעבאַ־טישקייט, וויטעק איז נאָר איבערגעבליבן און, אָפּקוקנדיק אַ גו־טע בעלעגנהייט, האָט ער אָנגעהויבן בעטן די באַלעבאָסטע, אַז זי זאָל אים לאָזן גיין מיטן הענדל.

— נו גיי דיר, נאָר פאַרפּאַטשקע נישט דאָס אָנטון און פיר דיך אויף אָרנטלעך! בינד אָן די הינט, כדי זיי זאָלן נאָך ענק אין די אַנדערע דערפער נישט נאָכלויפן! ווען־זשע גייט עך?

— באַלד נאָכן קלויסטער.

יאַגוסטינקע האָט אַרייַנגעשטעקט דעם קאָפּ דורן פענסטער און אַ פרעג געטון:

— ווו זענען דאָס די הינט, וויטעק? כ'האָב זיי אַרויסגע־טראָגן עסן, כ'רוף, און כ'זע קיינעם נישט!

— אמת, ס'טייטש זיי זענען אין שטאָל אינדערפרי אויך נישט געווען! לאַפּאַ! בורעק! נאַ דאַ! — האָט ער אָנגעהויבן רופן, אַרויסלויפנדיק פאַר דער שטוב, אָבער זיי האָבן זיך נישט אָנגערופן.

— זיי האָבן געמוזט אין דאָרף אַריין אַנטלויפן, וואָרן קלאַנבס צויג יאָגט זיך... — האָט ער אויסגעטייטשט.

ס'איז קיינעם נישט איינגעפאַלן צו טראַכטן, ווו די הינט זענען אַהינגעקומען — ס'איז דאָך אַ געוויינטלעכע זאַך. ערשט עפּעס אין אַ צייט אַרום האָט יוזקאַ דערהערט ערגעץ אין הויף ווי אַ טויב היילן, אין גאָרנישט געפינענדיק דאָרט, איז זי אַוועק־געלאָפן אין סאַד אַריין, טראַכטנדיק, אַז וויטעק רעכנט זיך דאָרט אָפּ מיט עפּעס אַ פרעמדן הונט. זי האָט זיך פאַרוווּנדערט, ווען זי האָט קיינעם נישט דערזען: דער סאַד איז געווען לער און דאָס היילן איז שטיל געוואָרן; אָבער צוריקקערנדיק, האָט זי אָנגעטראָפן אויף בורעקן: ער איז געלעגן אַ טויטער אונטער דער זייטיקער וואַנט — ר'האָט געהאַט אַ צעשפּאָלטענעם קאָפּ.

זי האָט אָנגעמאַכט אַזאַ ליאַרם, אַז אַלע זענען זיך צונויפֿגעלאָפֿן.

— בורעק איז דערהרגעט! פֿעווגע גנבים!

— אַ פּחד איז אויף זיי אָנגעפֿאַלן.

— סטייטש ס'איז בישט אַנדערש, אין נאָמען פֿון פֿאָטער און זון! — האָט יאַגוסטינקאַ אַ געשריי געטאָן, דערזעענדיק מיט־אַמאָל אַ קופּע אויסגעגראָבענע ערד און אַ גרויסן גרוב אונטער די באַלקנס.

— זיי האָבן זיך אונטערגעקאָפּעט אונטערן טאַטנס קאַמער!

— אַ לאָך, אַז אַ פֿערד וואָלט מען געקענט אַדורכשלעפּן!

— און תּבֿואה איז דאָ פֿיל אין גרוב!

— יעזוס, און אפֿשר זענען זיי נאָך דאָרטן דאָ די גזלנים! — האָט יוזקאַ אַ געשריי געטאָן.

זיי האָבן זיך אַ וואָרף געטאָן אויף באָריבעס זייט, יאַגושיאַ איז שוין נישט געווען, דער אַלטער איז גאָר געלעגן מיטן פּנים צו דער שטוב, אין דער קאַמער ווידער, אין וועלכער ס'איז שטענדיק טונקל געווען, איז געווען אַזוינס ליכטיק,* אַ ליכטיקייט האָט דורכן לאָך אַרייַנגעזעצט, אַז מ'האָט באַלד געקענט דערזען, אַז אַלץ איז געווען אויסגעמישט, ווי קאַשע, די אויסגעשיטע תּבֿואה איז אויף דער ערד געלעגן צוזאַמען מיט די שמאַטעס וואָס מ'האָט פֿון די דרעגנער אַראָפּגעצויגן; אַפֿילו די פּאַסמעס, גאַרן און וואָל זענען געלעגן צעפּלאָנטערט און צעקנאָדערט. ס'איז נישט קיין אופֿן געווען אויף אַמאָל צו דערגיין וואָס עס האָט געפֿעלט.

אָבער האַנקאַ האָט זיך אויפֿן אָרט געכאַפּט, אַז דאָס מוז זיין דעם קאָוואַלס אַ שטיקל אַרבעט; אַ היץ האָט זי אַדורכגענומען אויפֿן געדאַנק, אַז ווען זי וואָלט געווען מיט איין טאָג זיך פֿאַרשפּעטיקט, וואָלט ער בעוועון געפֿונען דאָס געלט און צוגענומען... זי האָט זיך אַריבערגעבויגן איבערן גרוב, באַהאַלטנדיק

פאַר מענטשן די צופרידנקייט, און זי האָט זיך עפּעס נאָכגעקוקט הינטערן סטאַניק.

— צי ס׳פעלט נאָר עפּעס נישט אַמאָל אין דער שטאָל? — האָט זי אויסגערופן, מכלומרשט ווי פאַלגדיק אויף אַ פּאַר דאַכט

— די טירן זענען גוט פאַרמאַכט געווען! — האָט זיך ביע־טרעק אָפּגערופן און איז מיטאַמאָל אַ שפּרונג אַריין געטון אין קאַרטאָפל־גרוב אַריין, אָפּגעוואָרפן אָן אַ זייט פון דעם איינגאַנג אַ גרויס שייטל האָלץ און אַרויסגעצויגן פון דאָרט דעם וואָיענדיקן לאָפּאַ.

— אַ דאַי, אַז די גנבים האָבן אים דאָרט אַריינגעוואָרפן, אָבער דאָס איז אַ ווונדער, אַ בייזער הונט און האָט זיך גע־לאָזט...

— אין קיינער האָט נישט געהערט באַנאַכט קיין בילן!

מ׳האָט געגעבן צו וויסן וועגן דעם ענין דעם סאָלטיס, ס׳האָט זיך מיטן אויגנבליק אויף צעטראָגן איבערן גאַנצן דאָרף, אַז מ׳איז אין אַיין אָטעם געקומען צו לויפן אָנקוקן, אַרויסצוזאָגן זיין מיינונג און אַריינצוטראַכטן. דער סאָד האָט זיך פאַרפילט מיט מענטש, מ׳האָט זיך געשטופּט ווי צום מתוודה זיין, יעדערער האָט דעם קאָפּ אין גרוב אַריינגעשטעקט, זיינס אָפּגעזאָגט און בורעקן באַטראַכט.

ראָכאָ האָט זיך אויף באַוויזן, און באַרויקנדיק די צעווייב־טע און צעריטשעטע יוזקאַ, וועלכע האָט יעדן איינציקן באַזונדער דערציילט ווי אַזוי דאָס איז געווען, איז ער אַריינגעגאַנגען צו האַנקען, וועלכע איז ווידער געלעגן אויפן בעט, אָבער עפּעס אויס־טערליש רויק...

— כ׳האָב מיך דערשראָקן, אַז צ׳זאָלט ענק נישט אַמאָל דאָס צו פיל צום האַרץ נעמען! — האָט ער אָנגעהויבן.

— אי... ר׳האָט גאָרנישט, געלויבט צו גאָט, גענומען... ר׳האָט זיך פאַרשפּעטיקט... — האָט זי אַראָפּגעבידערט דאָס קול.

— צ׳האָט אַ קלער אויף ועמען?...

— כ'וואָלט מיין קאָפּ געגעבן, אַז דאָס איז דער קאַפּ־ראַל.

— איז נישט אַנדערש, נאָר ער האָט זיך געיאָגט נאָך עפּעס אַן אָפּגעקוקטע זאַך?

— ס'דען... נאָר, ס'האָט זיך אים אַרויסגעגליטשט, דאָס זאָג איך נאָר ענק...

— אוודאי, מ'דאַרף כאַפּן באַ דער האַנט, אָדער האָבן עדות... נע, אויף וואָס אַ מענטש וואַגט זיך צוליבן גראָשן!...

— אפילו פּאָר אַנטעקן כאַפּטס ענק נישט אַרויס, מיין טייע־רער! — האָט זי געבעטן.

— צ'ווייסט דאָך, אַז כ'בין נישט קיין גיכער אויף צו פּאַר־טרויען זיך, און ס'איז דאָך גרינגער אַ מענטש צו דערהרגענען, ווי אים צו געבוירן. כ'האָב אים געקענט, אַז ער איז אַ שווינ־דלער, אָבער אויף אַזאַ זאַך וואָלט איך אים נישט חושד גע־ווען.

— ער איז פּשוט נאָך אויף עפּעס ערגערס, איך קען אים שוין איינמאָל גוט...

דער וואָיט איז אַנגעקומען מיטן סאָלטיס און אָנגעהויבן צו באַטראַכטן יעדער איינצלהייט, אויספרעגנדיק זיך באַ יוזקען וועגן אַלדינג.

— ווען קאָזשיאָל וואָלט נישט געזיצן, וואָלט איך געקלערט, אַז דאָס איז זיין מלאכה... — האָט דער וואָיט אַ שעפּטשע גע־טון.

— שטילערטס, פּיעטער, וואָרן די קאָזלאָוואַ גייט אָהער צו־אונדז — האָט אים דער סאָלטיס אַ צי געטון.

— זיי האָבן זיך איבערגעשראָקן, אַז זיי האָבן אַפּנים גאָר־נישט צוגענומען.

— ווייזט אויס, מ'וואָלט געדאַרפן געבן צו וויסן די סטראַזש־ניקעס... אַ פּריש עסק האָט דער טייוול אָנגעטראָגן, אַז דער מענטש־קע דיר אפילו דעם יום־טוב נישט רויק געניסן...

דער סאָלטיס האָט זיך פּלוצלינג אַראָפּגעבויגן און אויפגע־הויבן אַן אייזערנעם, פּאַרבלוטיקן פּרענט.

— מיט דעם האָבן זיי בורעקן דעמ ממיתט!

דאָס אייזן איז איבערגעגאַנגען פון האַנט צו האַנט.

— ס'איז אַ פּרענט, פון וועלכן מען קאָוועט צײַן צו אַ בראָ־צע.

— זיי האָבן אים געקענט כאָטש אפילו פון מיכאַלס קוזש־ניע אַרױסגעבענען.

— די קוזשניע איז שוין פון פרייטיק אָן פאַרמאַכט.

— דעם קאָוואַל וואָלט מען געדאַרפן אויספרעגן, צי ס'איז אים נישט פאַרפאַלן געוואָרן.

— זיי האָבן עס געקענט פונקט אַזוי צוגעבענען, ווי זיי האָבן עס געקענט אויך מיט זיך מיטברענגען, דער וואַיט זאָגט עס ענק, און דער קאָוואַל איז נישטאָ אינדערהיים, און ווידער וואָס מ'האָט צו טון, איז עס מיין זאַך מיטן סאָלטיסעס! — האָט דער וואַיט אויפגעהויבן זיין שטימע, שרייענדיק, אַז מען זאָל זיך נישט בחנם פּאַקן און מ'זאָל גיין אַהיים.

קיינער האָט זיך נישט פאַר אים דערשראָקן, נאָר ווייל ס'איז שוין די העכסטע צייט געווען אין קלויסטער אַריין צו גיין, איז זענען זיי זיך געשווינד פונאַנדערגעגאַנגען, וואָרן מענטשן פון אַנ־דערע דערפער האָבן זיך שוין געצויגן לעבן די פלעטער אין דער ברייט פון וועג, ווי די געגנדן, און פורן האָבן וואָס אַמאָל אָפטער איבערן בריקל געפּויקט.

און ווען ס'איז שוין פולשטענדיק ליידיק געוואָרן פון מענטשן, האָט זיך ביליצאַ אַריינגערוקט אין סאָד אַריין און גענומען ערשט באַקוקן זיין הינטל, מיינטערן אים און רעדן צו אים שטילעטשקער־הייט.

די שטוב איז אויך ליידיק געוואָרן, אין קלויסטער אַריין זענען זיי אַלע געגאַנגען, האַנקאַ איז נאָר איבערגעבליבן אין בעט, זאָגנדיק פאַר זיך דעם פאַטערוש און טראַכטנדיק וועגן אַנטעקן און ווייל ס'איז געוואָרן שטיל, וואָרן דער אַלטער האָט די קינ־דער אויפן וועג אַרויסגעפירט, איז זי פעסט אַנשלאָפן געוואָרן.

אָט איז שוין געווען מיטאָג־צייט, אַז וואַרעמע און שטי־לעטשקע, אַז די געזאַנגען פון דעם עולם האָבן זיך פון קלויס־

טער פונאַנדערגעטראָגן און אויף די שויבן אָפּגעקלונגען, מען האָט שוין אויך געקלונגען צום אויפהייבן פון דער האָסטיע, און זי איז כּסדר אַלץ געשלאָפן. אויפגעוועקט האָט זי ערשט דאָס גערויש פון פורן, וואָס האָבן זיך געיאָגט איבער דעם גרוביקן וועג, וואָרן ווי ס'איז געווען דער מנהג דעם צווייטן טאָג פּסח, נאָך דער סומע, האָט מען זיך געיאָגט, ווער ס'וועט דער ערשטער צוקומען צו זיין כאַלופּע, אַזוי, אַז דורך די ביימער האָבן נאָר געשימערט די בריקעס, וועלכע זענען געווען אָנגעפּאַקט מיט מענטשן און די פערד האָט מען געשמירט מיט די בייטשן. זיי האָבן זיך אַזוי היציק געיאָגט, אַז די כאַלופּע האָט זיך אַזש געטרייסלט און דער טומל פון דעם רוישן און די געשעכטערן איז ווי אַ ווינט דורכגעלאָפן.

זי האָט זיך געוואָלט אונטערהייבן, אַ קוק טון, אָבער די הויזלייט האָבן זיך גראָד אומגעקערט און יאַגוסטינקאַ האָט זיך, פּאָרענדיק אַרום מיטאָג, גענומען דערציילן, ווי ס'האָט זיך אָנגעשיט אַזאַ גרויסער עולם, וואָס אַ העלפט פון זיי האָט קיין אָרט נישט געהאַט אין קלויסטער, אַז אַלע הייף זענען זיך צוזאַמענגעפאָרן, און נאָך דער סומע האָט דער גלח צונויפגערופן די באַלעבאַטים אין דעם קליידער-צימערל און עפּעס זיך מיט זיי בעראַטן, יוזקאַ ווידער האָט דערציילט וועגן די פּריצהטעס, ווי אַזוי זיי זענען געווען אויסגעשלייערט.

— צ'ווייסט, די פּאַניענקעס פון וואָליע טראָגן דיר אַזעלכע קופּערטעס אויף די זעדיקער, פּונקט ווי די אינדיקעס, ווען זיי שטעלן די אויפגעשפּרייטע ווידלען אויף.

— מיט היי פּאַקן זיי אויס דידאָזיקע ערטער, אָדער מיט שמאַטעס — האָט די אַלטע דערקלערט.

— און אין גאַרטל איז בא זיי איינגענומען ווי בא אַ בין, ווי מ'וואָלט זיי מיט אַ בייטש דורכגעהאַקט, אַז ס'איז נישט צום דערקענען, ווי זיי טוען די בייכער אַהין... כ'האָב מיך צוגעקוקט פון דער נאָענט.

— וווּ? ס'הייסט אונטערן גאַרטעט פּאַקן זיי אַרונטער. ס'האָט מיר דערציילט איין הויפישע, וואָס איז געווען אַ שטובּ-מיידל אין מאַדליצער הויף, ווי אַזוי אַ טייל פּריצהטעס הונגערן זיך אויס און

פּאַסעקעס ציִען זיי זיך אויף באַנאַכט איין, אַבי נאָר נישט גרעבער צו ווערן. ס'איז אַזאַ הויפּישע מאָדע, אַז יעדער פּריצה זאָל אויסזען דין, פּונקט ווי אַ שטעקן, אויפן זאַד נאָר אויפגעבלאָזן.

— אין דאָרף איז אַן אַנדערע מאָדע, וואָרן פון דאַרע לאַכן דיר די פּאַראָבקעס אָפּ.

— נאָר וואָס דען, נישט! אַ שיקסע דאַרף זיין ווי אַ טייג, אומעטום אַזוי צוגעוואַקסן, אַז ווען אַ מענטש זאָל זיך צו איר צודריקן, זאָל זיין ווי צו אַ הייסן אויוון... — האָט פּיעטרעק געזאָגט, איינקוקנדיק זיך אין יאַגנען, וועלכע האָט אַרויסגענומען די טעפּ פון קוימען.

—קוקסט אים אָן, די פּאָקראַקע, דרייט זיך אַרום פּוסט און פּאַס, אָנגעפּרעסן זיך מיט פלייש און וואָס פאַר אַן אַפּעטיטן עס קומען אים שוין אָן! — האָט אים יאַגוסטינקאַ אָנגעזידלט.

— אַז אַזעלכע רירט זיך באַ אַן אַרבעט, איז אַ וווּנדער די ספּודניצע פּלאַצט נישט אויף איר...

ר'האָט נאָך געוואָלט עפּעס אַ וויצל צוגעבן, אָבער די דאָמיניקאָווע איז אַריינגעקומען האַנקען באַטראַכטן, האָט מען אים אַרויסגעטריבן פון שטוב.

מען האָט באַלד אויך דאָס מיטאָג אַרויסדערלאַנגט אויפן גאַנעק, וואָרן ס'איז געווען וואַרעם און די זון האָט געשיינט. דאָס יינגע גרינס האָט געגלאַנצט, באַוועגנדיק זיך שטילעטשקע אויף די צווייגעלעך און פליסטערנדיק ווי די זומערפייגעלעך, פייגל-געטשוויטשער האָבן זיך פון די סעדער אַרויס צעטראָגן.

די דאָמיניקאָווע האָט איר פאַרבאָטן צו רירן זיך פון געלעגער, און ווייל באַלד נאָכמיטאָג איז וועראָנקאַ אָנגעקומען מיט די קינדער, האָט מען צום בעט צוגעשטעלט אַ באַנק און יוזקאַ האָט אָנגעטראָגן געהייליקט עסנוואַרג און אַ פלאַש בראָנפן מיט האָניג, וואָרן האַנוש האָט, כאָטשביק מיט אַ ביסל מי, אָבער בכּבֿודיק, באַלעבאַטיש-מעסיק, אויפגענומען די שוועסטער און די

שבנטעס, וועלכע האָבן, ווי דער מנהג איז, אָנגעהויבן צו קומען אין געסט איינס באַך דער אַנדערער, באַדויערן זי, אַ צי טון אַ ביסל בראָנפן, מיט זיסן קוכן פֿאַמעלעכיטשקע צו פֿאַרבייסן, און וועגן פֿאַרשידענע שכנישע ענינים צו רעדן, צום מיינסט וועגן דעם אונטערגראָבן זיך אונטער דער קאַמער צו פֿליאַדערן.

די שטוביקע ווידער האָבן זיך פֿאַר דער כאַלופּע אויסגעוואַרעמט, איינטענהנדיק מיט די מענטשן, וואָס זענען כּסדר אין סאָד אַריין געגאַנגען און אָן אַ שיעור אַריינגעטראַכט וועגן דעם לאָך, וואָס מ׳האָט עס באַך נישט געהאַט פֿאַרשיט, וואָרן דער וואָיט האָט דאָס פֿאַרבאָטן אַזוי לאַנג ווי די סטראַזשניקעס מיטן שרייבער וועלן נישט קומען.

יאַגוסטינקאַ האָט גראָד וועגן דעם געהאַלטן אין דערציילן, זי ווייסט אַליין שוין נישט דאָס וויפֿילטע מאָל היינט, ווי פֿון הויף האָבן זיך אַ שיט אַרויס געטון די שקצימלעך מיטן הענדל. וויטעק האָט מיט זיי אָנגעפֿירט, ער איז געווען פֿיין אויסגעשלייערט, אַפֿילו אין שטיוול און אין באָרינעס היטל, וואָס ר׳האָט עס געהאַט טיף אויף אַ זייט אַראָפּגעצויגן און לעבן אים זענען אין אַ קיפּע געגאַנגען, מאַטעוש קלאָבעס, גולבאַשיאַק, יענדרעק, קובאַ, גזשעלאַ מיטן קרומען מוילס זון און אַנדערע. זיי האָבן געהאַט שטעקנס אין די הענט און טאָרבעס איבער די פּלייצעס פֿאַרוואָרפֿן, און וויטעק האָט אונטערן אָרעם צוגעדריקט פּיעטרעקס פֿידל.

זיי זענען אַרויס אויפֿן וועג מיט פּאַראַד און צום ערשטן האָבן זיי זיך אַוועקגעלאָזט צום גלח, וואָרן אַזוי האָבן אַלע יאָר די דערוואַקסענע פֿאַראָבקעס אָנגעהויבן. זיי זענען דרייסט אַריינגעגאַנגען אין גאָרטן אַריין, פֿאַר דער פּלעבאַניע, אויסגעשטעלט זיך אין אַ שורה, אַרויסרוקנדיק פֿאַר זיך דאָס הענדל. וויטעק האָט אַ שפּיל אויף געטון אויף דער פֿידל, גולבאַשיאַק האָט אָנגעהויבן צו דרייען מיטן משונהדיקן עוף און צו קרייען, און אַלע האָבן, צוקלאַפּנדיק מיט די שטעקנס און צוטופּנדיק מיט די פֿיס צום טאַקט, צוזאַמען מיט קוויטשענדיקע קעלער אַ זינג אַרויס געטון:

Przyszliśmy tu po dyngusie!
Zaśpiewamy o Jezusie,
O Jezusie, o Marye —
Dajcie nam co, gospodynie!...

און זיי האָבן לאַנג געזונגען, און וואָס אַמאָל דרייסטער־ און הילכיקער, ביז וואַנען דער דאָבראָדזשעי איז אַרויסגעקומען און אַלעמען געגעבן צו צענערלעך, געלויבט זייער דאָס הענדל און זיי ליבלעך אָפּגעזעגנט...

וויטעקן האָט אַזש אַ שווייס באַגאָסן פון שרעק, צי ער וועט נישט אַמאָל אַ פרעג טון וועגן באַטשאַן; ווייזט אויס, ער האָט אים צווישן די איבעריקע חברה נישט געקענט דערקענען, אָבער ער איז אַוועקגעגאַנגען צו זיך אין די צימער אַריין, אַרויסשיקנדיק נאָך מיטן שיקסל אַ זיסעטשקן קוכן, אַז זיי האָבן אים אַלס אַ דאַנק אַ זעץ אַרויס געטון מיט אַ לידל און האָבן זיך אַוועקגעלאָזט צום אָרגאַניסטער.

דערנאָך זענען זיי שוין אַרומגעגאַנגען איבער די כאַלופּעס צוזאַמען מיט אַ גאַנצער כמאַרע קינדער, וואָס האָבן געגוזַלטעוועס און אַזוי זיך געשטופּט, אַז מ'האָט געמוזט דאָס הענדל אָפּהיטן פאַר דער שפּאַרעניש, וואָרן יעדעס האָט געוואָלט אַ פּעדערל אָנרירן און מיטן שטעקן אַ באַוועג טון.

וויטעק האָט זיי געפירט, אָנפירנדיק מיטן רעדל און האָט אויף אַלץ אַכטונג געגעבן, מיטן כּוס האָט ער געגעבן אַ צייכן, אַז מ'זאָל אָנהייבן און מיטן סמיטשעק האָט ער געקירעוועט, ווו צו נעמען אַ דינעם טאָן און ווו אַ גראָבן; אים האָט מען אויך אָוועקגעגעבן די מתנות. און זיי האָבן זיך אַרומגעפירט מיט אַזאַ פּאַראַד און מיט אַזאַ רעש, אַז איבערן גאַנצן דאָרף האָט זיך אַזש צעטראָגן דאָס זינגען און דאָס שפּילן אויף דער פידל, און מענטשן האָבן זיך זייער געוווּנדערט, אַז אַזעלכע צוציקעס, וואָס זענען קוים פון דער ערד אויפגעוואַקסן, און האַלטן זיך שוין ווי די פּאַראָבקעס.

ס'האָט שוין געהאַלטן פאַר זון-אונטער־גאַנג, די שטוואָג

רויטלעכע זון האָט זיך שוין געהאַט איבער די וועלדער אַריבערגעקאָלערט, און איבערן בלויען הימל האָבן זיך ווייסע וואָלקנדלעך, פּונקט ווי די אומצייליקע סטאַדעס גענדז, אויסגעשפּרייט, דער ווינט האָט זיך אויך ווי נישט ס׳איז אַ ריר געטון אינדערהייך, אַ וואַקל טוענדיק מיט די שפּיצן פֿון די זשאַווערנדיקע טאָפּאָלן, און אין דאָרף איז געוואָרן וואָס אַמאָל טומלדיקער און רוישיקער. די עלטערע האָבן איינגעטעגהט פֿאַר די כאַלופּעס, זיצנדיק אויף די שוועלן, די שיקסעס האָבן אַרומגעשטיפט לעבן סטאַוו, אָדער אַרומנעמענדיק זיך אין דער העלפט, זענען זיי געגאַנגען, וויגנדיק זיך, און זינגענדיק לידלעך, אַז ווי די מאָן-בלומען אָדער גאַסטורציעס האָבן זיי געווימלט צווישן די ביימער, אָפּשפּיגלענדיק זיך אין וואַסער פּונקט ווי אין שפּיגל, די קינדער זענען אַרומגעלאָפן מיט די „דינגוסיאַנער", נאָך אַנדערע ווידער זענען גאָר אין די פעלדער מיט די סטעזשקעס געגאַנגען.

מ׳האָט שוין געקלונגען צו דער אָוונט-תּפילה, ווי די גראָבע פלאַשקאָווע איז, באַזוכנדיק פריִער באַריבען, אַריינגעקומען צו האַנקען.

— כ׳בין געווען באַם קראַנקן. יעזוס, און ער ליגט אַזוי, ווי ר׳איז געלעגן... כ׳האָב צו אים גערעדט: ר׳האָט אפילו נישט קיין קוק געטון אויף מיר. די זון לייכט אים אַרויף אויפן בעט, איז שאַרט ער זי צוזאַמען מיט די פינגער, ווי ער וואָלט זי אין דער גאַרשטש אַריין געוואָלט נעמען, און גראַבלט אין איר, פּונקט ווי אַ קליין קינד! ס׳איז פּשוט צום וויינען, וואָס פון אַ מענטש איז געוואָרן! — האָט זי זיך צערעדט, אַנידערזעצנדיק זיך לעבן בעט, אָבער זי האָט ווי די אַנדערע אַביסל אַ טרונק געגעבן, פאַרבייסנדיק מיט קוכן. — ער עסט עפּעס אַצינד, וואָרן ס׳דאַכט זיך מיר, אַז ער איז פעטער געוואָרן?

— שוין נשקשה, אַז ס׳קען זיין, ס׳וועט אים בעסער ווערן!...

— די שקצים זענען אַוועקגעגאַנגען מיטן הענדל קיין וואָליע! — האָט יוזקאַ אַ גרעגער געטון, אַריינפאַלנדיק, אָבער דער-

זעענדיק די פלאַשקאַווען, האָט זי זיך אַרויסגעטראָגן פאַר דער שטוב צו יאַגושען.

— יוזקאַ, ס'איז שוין צייט די בהמות צו געבן עסן! — האָט זי אויסגערופן.

— אוודאי, ווען גאָט יום־טוב ס'שענקט, איז שענקט ער — אָבער דער בויך אָן הונגער, איז שטענדיק געדענקט ער! זיי זענען באַ מיר אויך געווען מיטן הענדל... אַ געשיקטער שגץ צנקער וויטעק! און פון די שליפּיעס לייכט אים אַרויס.

— ס'דען, וואָס צו שמד־שטיק, איז ער דער ערשטער, צו דער אַרבעט דאַרף מען אים נאָר מיט אַ שטעקן אונטערצו־טרייבן!

— מיין טייערע, ס'טייטש מיט דער דיבערשאַפט איז אומע־טום איין צרה! די מילנערין האָט זיך באַקלאָגט פאַר מיר אויף אַ־רע שיקסעס, אַז זי קען זיי קיין האַלב יאָר נישט אויסהאַלטן.

— זיי אַרבעטן זיך אָן דאָרט גיך קינדערלעך... דאָס פרישע ברויט העלפט צו!

— דאָס ברויט ווי דאָס ברויט, נאָר דאָ מאַכט דער גזעל, דאָ דאָס זינדל, דער פון די קלאַסן, ווען ער קומט אַמאָל אַהיים, און מ'זאָגט, אַז דער מילנער אַליין לאָזט אויך קיין שומס נישט אַדורך... איז טאַקע שווער ביז צום יאָר אַ שיקסע צוצוהאַלטן. וואָס אָן אמת איז, אויך די דיבערשאַפט ווערט כסדר עזותדיקער... אָט מיין שגצל, וואָס כ'האַלט צום פאַשען, וואָרן כ'האָב נישט קיין שקצימלעך אין שטוב, האַלט מיך פאַר אַ הונט און הייסט זיך נאָך געבן מילך אַלע אויפדערנאַכט! ס'איז אַ געהערטע זאַך!

— כ'האָב אַ פאַראַבעק, איז מיר נישט קיין נייעס, וואָס זיי פאַרגלוסט זיך אַלץ, אָבער כ'מוז אויף אַלדינג באַשטיין, וואָרן ער וועט זיך אָוועק אין דער וועלט אַריין אין דער מיט בעסטער אַרבעט, און וואָס וועל איך טון אָן אים אין אַזאַ גרויס באַלע־באַטישקייט!

— ס זאָל אים נאָר עמעצער נישט אָפּרעדן פון ענק — האָט זי שטילער אויסגערופן.

— צ'ייסט עפעס? — האָט זי זיך נישט ווינציק דער־שראָקן.

— ס'האָט זיך צו מיר דערטראָגן עפעס פון דער זייט... אפשר נאַרט מען מיך אָפּ, ווייל איך נישט צעפּלוישן. יאָ, כ'האָב מיך צערעדט, צערעדט, און נאָך וואָס בין איך דאָס געקומען? — ס'האָבן עטלעכע צוגעזאָגט צו קומען, וועלן מיר, יתומות, אַ ביסל איינטענהן, קומט עץ אויך... וואָס הייסט, די באַרינאָווע זאָל נישט זיין, אַז די בכּבודיקס׳ע וועלן זיך צוזאַמענגעמען.

זי האָט זי אונטערגעחנפט, אָבער האַנקאַ האָט זיך אָפּגע־זאָגט מיטן אויסרייד, אַז זי איז שוואַך, און אינדעראמתן האָט זי זיך דערפילט שוין אַ ביסעלע שיכּור.

די פלאַשקאָווע, איז געווען זייער אומעטיק פון דעם אָפּזאָג און געגאַנגען פאַרבעטן יאַגנען.

אָבער אויך יאַגושיאַ האָט זיך אָפּגעזאָגט, מיטן תּירוץ, אַז זי האָט שוין צוגעזאָגט מיט דער מוטער ערגעץ אַנדערש צו גיין...

— צ'וואָלט גלייכער געטון, ווען צ'וואָלט געגאַנגען, יאַגנאַ, ס'בענקט זיך ענק שוין נאָך אַ מאַנספּערשוין, און צו דער פלאַש־קאָווע וועט אָן שום ספק יאַמבראָזשי אַריינבליקן. אָדער עמעץ אַנדערש פון די אַלטע דזשאַדעס, און ווי ס'זאָל נישט זיין, וועלן זיי כאָטש מיט די הויזן אויפמונטערן... — האָט יאַגוסטינקאַ אַ מורמל געטון פון הינטער דער כאַלופּע אַפער.

— און עץ שטענדיק, ווי ענקער שטייגער איז, שטעכט עץ מיט ענקערע ווערטלעך, ווי מיט אַ מעסער דורך...

— ס'אי מיר פריילייך, איז וואָלט איך גערן פאַר יעדערן געוואָלט דאָס, וואָס ער דאַרף! — האָט זי אָפּגעחוזקט.

יאַגוש האָט זיך אַ וואָרף געטון פאַר כּעס און איז אַרויסגע־גאַנגען אויפן וועג, ראַטלאָז בלאָנדזשענדיק מיט די אויגן איבער דער וועלט און קוים וואָס זי האָט זיך איינגעהאַלטן פון וויינען. ס'איז אמת, אַז ס'האָט זיך איר זייער געבענקט!

וואָס קומט דערויס, אַז אומעטום האָט זיך געפילט דער יום־טוב, וואָס עס האָט געווימלט מיט מענטשן, וואָס געלעכטערן

און געשרייען האָבן זיך איבערן דאָרף געטראָגן, אַז אַפילו אויף די גרויע פעלדער האָבן זיך פויערטעס גערייטלט און לידלעך האָבן ווי=נישט=ווי אויפגעקלונגען?... — איר איז אָבער געווען אומעטיק און אַזוי בענגלעך עפּעס, אַז זי האָט עס שוין נישט געקענט אויסהאַלטן. פון סאַמע אינדערפרי אָן האָט עס זי עפּעס אַזוי צענומען און אונטערגעטראָגן, אַז זי איז אַרומגעלאָפן צו די באַקאַנטע, איבער די וועגן, אין פעלד אַריין איז זי אַרויסגעגאַנגען, און אפשר עפּעס באַ אַ דריי מאָל זיך איבערגעטון, אומזיסט אַלץ, ס'האָט נישט געהאָלפן: ס'האָט זי וואָס אַמאָל מער געריסן ערגעץ אַוועקצולויפן, עפּעס צו טון, עפּעס צו זוכן...

אַצינד האָט זי זיך אויך אַוועקגעלאָזט אַזש אויפן טאָפּאָלן=וועג אַרויס, און זי איז געגאַנגען אַ פאַרקוקטע אויף די רויטן, אומגעהייערן ראָד פון דער זון, וואָס איז אַראָפּגעזונקען איבער די וועלדער; זי איז געגאַנגען איבער די שוועלן פון די שאָטנס און אויפגלאַנצן, וואָס דער זון=פאַרגאַנג האָט דורך די ביימער געוואָרפן.

די קילקייט פון בין השמשות האָט זי אַרומגעהילט, און דאָס שטילע, אָנגעוואַרעמטע אָטעמען פון די פעלדער האָט זי אַדורכגענומען מיט אַ מילדן ציטער; פון דאָרף האָבן זיך געטראָגן וואָס אַמאָל שוואַכערע געשפּרעכן, און פון ערגעץ האָט אַ צי געטון אַ פּישטשענדיקע שטימע פון אַ פידל און אין האַרץ אַריינגעדרונגען, פּונקט ווי דאָס גאָלדן=טויִקע, זומענדיקע שפּינוועבס, אַז עס האָט זיך אַזש פונאַנדערגעוויקלט אין דעם שטיליטשקן פליסטערן פון די טאָפּאָלן, אין דער טונקלקייט. וואָס איז שוין פון די ברוזדעס געקראָכן און אין די דערנער=קדשאַקעס זיך באַהאַלטן.

זי איז געגאַנגען פאָרויס, נישט וויסנדיק אַפילו וואָס און וווהין עס טראָגט זי.

זי האָט טיף אָפּגעזיפצט, טיילמאָל פונאַנדערשפּרייטנדיק די הענט, טיילמאָל בלייבנדיק שטיין ראַטלאָז און בלאָנדזשענדיק מיט די צעגליטע אויגן, ווי זי וואָלט אַן אָנהאַלטעניש פאַר דער געפּייניקטער נשמה געזוכט, אָבער זי איז געגאַנגען אַלץ ווייטער, שפּיבענדיק אירע שוואַכע און נישטיקע געדאַנקען, ווי די לייכטנדיקע

פּעדעם אויפֿן וואַסער, אַז דו וועסט זיי בשום אופֿן נישט קענען כאַפּן, וואָרן זיי צעמישן זיך און ווערן פֿאַרשווּנדן פֿאַרן שאָטן פֿון דער האַנט. זי האָט געקוקט אין דער זון, גאָרנישט דערזעענדיק אויף איר, די טאָפּאָלן, וואָס האָבן זיך אין שורות געבויגן איבער איר, האָבן זיך איר ווי פֿאַרנעפּלטע דערינערונגען אויסגעוויזן... זיך אַליין האָט זי נאָר שטאַרק געפֿילט, און אויך דאָס, אַז עס צעבעמט זי ביז ווייטיק אַזש, ביז צום שרייען, ביז צום וויינען, אַז עס טראָגט זי ערגעץ אַוועק, אַז זי וואָלט זיך אָנגעהאָנגען אָן די דאָזיקע פֿייגל, וואָס פֿליִען אונטערן זון־פֿאַרגאַנג און זי וואָלט אין עק וועלט אַריין אַוועקגעפֿלויגן. זי איז אָנגעפֿילט געוואָרן מיט אַ גליִענדיקער קראַפֿט און מיט אַזאַ שמערצלעכער, אַז טרערן האָבן איר די אויגן פֿאַרשטעלט, און פֿייערן האָבן זיך איבער איר צעגאָסן; זי האָט געריסן די קלעביקע, שמעקעדיקע קנאָספּעס פֿון די טאָפּאָלן, און די צעגליטע ליפּן און אויגן מיט זיי געקילט...

טיילמאָל האָט זי זיך צוגעזעצט אונטער אַ בוים און אַן איינגעטוליעטע, אָנשפּאַרנדיק דאָס פּנים אויף די פּויסטן, איז זי פֿאַרזונקען אין זיך, אין אומבאַוווּסטזיין דריקנדיק זיך נאָר צום שטאַם פֿון בוים און אויסשטייפֿנדיק זיך... און קוים אָטעמענדיק...

ווי אויך אין איר וואָלט דער פֿרילינג זיין פֿלאַמיק ליד אויפֿגעזונגען, וואָס עס האָט אַזוי געברויזט אין איר און עפּעס האָט אָנגעהויבן וואַקסן, פּונקט ווי אין דער פֿרוכטבאַרער ערד, וואָס ליגט אומפּאַראַקערט, עס הייבט אין פֿרילינג אָן צו וואַקסן, פּונקט ווי אין דידאָזיקע ביימלעך, וואָס זענען אָנגעטרונקען מיטן כּוח פֿון וואַקסן, געזאַנג, און ווי אומעטום ווערט אַלץ שטייף, ווען די ערשטע זון גיט נאָר אַ וואַרעם...

זי האָט אינגאַנצן געפֿלאַטערט, די אויגן האָבן איר געגליט, נאָר די פֿאַרחלשטע פּיס האָבן זיך נישטווילנדיק איינגעקאָרטשעט און קוים וואָס זיי האָבן זי געטראָגן. ווייבען האָט זיך איר געוואָלט, זינגען, מאָרגלען זיך איבער דעם גרינס פֿון די ווייכינקע און מיט קילן ווי באַפּערלטע תּבֿואות; דאָ האָט זי אַ ווילדער חשק אָנגעכאַפּט אַריינצושפּרינגען אין די דערנער, דורכרייסן זיך

דורך די שטעכיקע געדיכטענישן און אַ ווילדע, ליבע ווייטיק פון דריקן זיך און אַמפּערן זיך צו דערפילן.

זי האָט זיך מיטאַמאָל אַ דריי אויס געטון אויף צוריק און, דערהערנדיק די שטימען פון אַ פידל, איז זי אַהינגעלאָפן צו זיי. העי, זיי האָבן זי אַזוי פאַרדרייט, מיט אַזאַ פאַרשיכורנדער ליבּלעכקייט זי אַרומגענומען, אַז זי וואָלט זיך אין אַ טאַנץ אַוועקגעלאָזט, אין דעם טומל פון דער רוישנדיקער קרעטשמע, אין דעם גערודער, אין שיכּרות אפילו, כאָטשבי אויף פולשטענדיקער פאַרגעסונג, העי!...

מיטן וועגל פון צמענטאַר ביזן טאָפּאָלן-וועג, וואָס איז אינגאַנצן פאַרטרונקען געווען אין די פייערן פון זון-פאַרגאַנג, איז עמעץ געגאַנגען מיט אַ ביכל אין דער האַנט און אונטער די ווייסע בזשאָזע-ביימלעך זיך אַלע ווײַלע אָפּגעשטעלט.

דאָס איז געווען יאַשיאָ, דעם אָרגאַניסטערס זון.

פון הינטער די ביימער האָט זי געוואָלט אַ קוק טון אויף אים, אָבער ער האָט זי באַמערקט.

זי האָט נישט באַוויזן אפילו צו אַנטלויפן, די פיס זענען איר ווי צו דער ערד צוגעוואַקסן, און זי האָט די אויגן פון אים נישט געקענט אָפּרייסן; ער האָט זיך מיט אַ שמייכל דערנענטערט, די ציין האָבן אים געבלענדט צווישן די רויטע ליפן, ר'איז געווען אַ שלאַנקער, אַ געוואוקסיקער און אַ ווייסער אויפן פנים.

— גלייך ווי צ'וואָלט מיך, יאַגוש, נישט דערקענט?

און איר האָט אַזש אונטערן לעפעלע אַ דריק געטון פון דער דאָזיקער שטימע.

— פאַרוואָס זאָל איך דאָס נישט דערקענען!... נאָר דער פאַן יאַש איז אַצינדערט אַזאַ עלעגאַנטער, אַזוי אַנדערש...

— זיכער, די יאָרן גייען... צ'זענט געווען דאָ באַ עמעצן אויף די בודעס?

— כ'בין מיר נאָר אַזוי געגאַנגען, ס'איז דאָך חגא. אַ רעליגיעז? — האָט זי נישט דרייסט דאָס ביכל אָנגערירט.

— ניין, וועגן ווייטע לענדער און וועגן ימים!

— יעזוס! וועגן ימים! און דידאָזיקע בילדלעך זענען אויך נישט קיין הייליקע?

— גיטס אַ קוק! — ער האָט אונטערגערוקט דאָס ביכל אונטער די אויגן און געוויזן.

זיי זענען געשטאַנען אָרעם בײַ אָרעם, נישט ווילנדיק צו־דריקנדיק זיך מיט די ביידערס, און באַרירנדיק זיך מיט די בײַדעריק אַראָפּגעבויגענע קעפּ. ער האָט איר צייטנווייז אויסגע־טייטשט, דאַמאָלס האָט זי אויפגעהויבן אויף אים די אויגן פול מיט באַוווּנדערונג, נישט וואַגנדיק צו אָטעמען פון געריררטקייט, און זי האָט זיך וואָס אַמאָל שטאַרקער צוגעדריקט, כדי בעסער צו דערזען, וואָרן די זון האָט זיך שוין היגטער די וועלדער אַראָפּגעלאָזט.

מיטאַמאָל האָט ער זיך אינגאַנצן אויפגעטרייסלט און זיך אַ קאָפּ אָפּגערוקט.

— ס'ווערט פינסטער, ס'איז שוין צייט אַהיימצוגיין! — האָט ער שטיל אַ שעפּטשע געטון.

— איז לאָמיר טאַקע גיין!

זיי זענען געגאַנגען אין שטילשווייגן, באַדעקט כמעט מיט די שאָטנס פון דיביימער. די זון איז פאַרגאַנגען, בלוילעכע טונקלקייטן האָבן איבער די פעלדער געציטערט, קיין הימל־רויט־קייט איז היינט נישט געווען, נאָר דורך די גראָבע טאָפּאָלן־שטאַמען האָט זיך געזען אויפן הימל אַ גאָלדענער אויסגוס, די וועלט האָט זיך געלאָשן.

— און דאָס איז אַלץ אמת, וואָס דאָרט איז געוויזן? — האָט זי זיך אָפּגעשטעלט.

— אַלץ, יאַגיש, אַלץ.

— יעזוס, אַזעלכע גרויסע וואַסערן, אַזעלכע וועלטן, אַז ס'איז שווער צו גלייבן.

— ס'זענען דאָ, יאַגוש, ס'זענען דאָ! — האָט ער וואָס אַ מאָל שטילער געשעפּטשעט, אַריינקוקנדיק איר אין די אויגן פון אַזוי נאָנט, אַז זי האָט אַזש דעם אָטעם איינגעהאַלטן, אַ

ציטער איז איר דורכן לייב אדורכגעגאַנגען און זי האָט זיך אַ גיב געטאָן מיט די ברוסטן פאָרויס, זי האָט געוואָרט, אַז ער וועט זי אַרומנעמען און צו אַ שטאַם צושטופּן, אַז די אָרעמס האָבן זיך איר אַזש אויפגעעפנט, און זי איז גרייט געווען זיך אָפּצוגעבן, אָבער יאַשיאַ האָט זיך געשווינד אָפּגערוקט.

— כ'מוז גיין גיכער, אַ גוטע נאַכט, יאַגוש! — און ר'איז אַוועקגעלאָפן.

אַ גוטע ווײַלע איז זי אַזוי אָפּגעשטאַנען, ביז זי האָט זיך פון אָרט געקענט רירן.

— צי האָט ער מיך פאַרכישופט, צי וואָס! — האָט זי געטראַכט, שלעפנדיק זיך שווער, ס'האָט זיך איר עפּעס געמישט אין קאָפּ, ס'האָט זי אָנגעכאַפּט אַ ציטעניש אין די ביינער.

ס'איז געוואָרן אָוונט, פייערלעך האָבן דאָ און דאָרט געבלישטשעט, און פון דער קרעטשמע האָט זיך אַ שפּילן און פאַרשטיקטע געשפּרעכן דערטראָגן.

זי האָט אַרײַנגעקוקט דורכן פענסטער אין דער באַלויכטענער שטוב אַרײַן: דער פאַן יאַצעק איז געשטאַנען אין דער מיט און געגרימפּלט אויף דער פידל, פאַרן שענקפאַס ווידער האָט זיך יאַמבראָזשי געוואַקלט, אויף אַ הויך קול דערציילנדיק עפּעס די קאָמאָרניצעס, אָפּט אויסציענדיק די האַנט נאָכן גלעזל.

מיט אַמאָל האָט זי עמעץ פעסט אין דער העלפט אַרומגענומען, אַז זי האָט אַ געשריי געטון, קאָרטשענדיק זיך און וועלנדיק זיך אויסרייסן.

— כ'האָב דיך דערקענט און כ'לאָז דיך שוין מער נישט אָפּ... מיר וועלן זיך אַ קאַפּ אָנטרינקען... קום... — האָט דער וואָיט איר אײַנגערוימט, נישט באַפרייענדיק זי פון זײַנע נעגל, און ר'האָט זי דורך אַ זײַטיקער טיר אין אַלקער אַרײַנגעצויגן.

קיינער האָט נישט באַמערקט, וואָרן ס'איז שוין כמעט פינסטער געווען אין דרויסן, און ס'איז ווייניק ווער דורכן וועג פאַרבײַגעגאַנגען.

דאָס דאָרף האָט זיך שוין איינגעשטילט, ס׳זענען אַנטשוויגן געוואָרן די געשפּרעכן און פאַר די הייף איז פוסט געוואָרן, דער עולם איז זיך איבער די כאַלופּעס פונאַנדערגעגאַנגען, ס׳האָט זיך געענדיקט די חגא און די טעג פון זיסן אויסרוען זיך, אַ פשוטער וואָכן־טאָג איז אויף דער שוועל געשטאַנען און אין דער פינסטערניש זיינען שאַרפע ציין געשטשירעט, אַז נישט איין הארץ האָט אַ פחד אָנגעכאַפּט און פרישע דאגות זענען אויפגעשטאַנען...

אין דאָרף איז אומעטיק געוואָרן און שטיל, ווי ס׳וואָלט נאָך מער צו דער ערד צוגעוואַקסן און ווי ס׳וואָלט זיך אין די שטו־מע סעדער איינגעטוליעט, מ׳איז נאָך וו־נישט־וו אויף די פּריז־בעס געזעסן, דערעסנדיק דאָס געהייליקטע און פירנדיק שטילע געשפּרעכן, ווו ווידער האָט מען זיך געגרייט שוין שלאָפן גיין, צוזינגענדיק זיך פרומע לידער.

נאָר בײַ דער פלאָשקאָווע איז געווען לעבעדיק און טומל־דיק: די שכנטעס זענען זיך געהאַט צוזאַמענגעקומען, און באַזעצנ־דיק זיך אויף די בענק, האָבן זיי בכבודיק איינגעטענהט צחישן זיך. די וואָיטאָווע איז געזעסן אויפן ערשטן אָ־ט, לעבן איר האָט די געפּאַקטע, פיסקעוואַטע באַלצערקאָווע, אירס אויפגעוויזן; ס׳איז געווען אויך די דאַרע שיקאַרעכע, ס׳איז געווען די שטענדיקע פליאַדערקע באַרינע, דעם קראַנקנס אַ שוועסטערנטאָכטער, ס׳איז געווען די קאָוואַלאָווע מיטן יינגסטן בײַ דער ברוסט, וועלכע האָט איינגעטענהט מיט דער פרומער, שטילער סאָלטיסאָווע און נאָך אַנדערע זענען געווען, די ערשטע פון דאָרף.

זיי זענען געזעסן אָנגעבלאָזענע, ווי די קוואָקעס אויף זייערע ערטער, און אַלע אין יום־טובֿ־יקע רויטלעכע וועלניאַקעס, אין טיכער, לויט דער ליפּצער מאָדע, ביז די האַלבע פּלייצעס אַראָפּגעלאָזט, אין ווייסינקע טשעפּיקעס ווי די רעדער און איבערן שטערן געדיכט געקאַרבירטע, מיט שפּיצן ביז איבער די אויערן אויסגעשלייערט, אַ טייל האָבן אויף זיך אַזוי קרעלן געהאַט אָנ־געהאָנגען, וויפיל איינע האָט נאָר פאַרמאָגט. זיי האָבן זיך פיין

פאַרווײַלט, די פּנימער זענען זײ בּיסלעכווײַז רויט געוואָרן און אַ צופרידנקײט האָט זיך אויף זײ אויסגעגאָסן, זײ האָבן אויף זיך זאָרגזאַם פאַראָכטן די וועלניאַקעס, זײ זאָלן זיך נישט צעקנײטשן און וואָס אַמאָל האָבן זײ זיך אָנגעהויבן גיכער צוצוריקן אײנע צו דער אַנדערער און שטילער אײַנטענהן, בעמעסדיק זיך קענגזײַ־טיק אויף די צונגען.

און ווען דער קאָוואַל האָט זיך באַוויזן, און געזאָגט, אַז ער קומט איצט גלײַך פון שטאָט, איז זענען זײ ערשט ועבט פרײַ־לעך געוואָרן, אַ פײַער איז דאָס געווען מיט אַ געשליפענעם פּיסק, ווי ווײַביק ווער, און ווײַל ר'איז שוין געווען אַ קאָפּ שיכור, איז האָט ער אָנגעהויבן צו באַקן אַזעלכע נישט געשטויגענע מעשׂיות אויף צו לאַכן, אַז זײ האָבן זיך אַזש בײַ די זײַטן געהאַלטן; די שטוב האָט זיך אויפגעטרײסלט, ער ווידער האָט געלאַכט צום היל־כיקסטן, אַז מ'האָט אַזש זײַן כאַכאַטשען בײַ די באָרינעס גע־הערט.

זײ האָבן זיך לאַנג אַזוי געווײַלט, וואָרן עפּעס דרײַ מאָל האָט די פלאַשקאָווע נאָך בראָנפן צום ייִד געשיקט.

בײַ די באָרינעס ווידער איז מען נאָך געזעסן פאַר דער שטוב. האַנקאַ איז אויפגעשטאַנען און זיך אײַנגעטוליעט אין אַ פעלץ, וואָרן אַ קעלט האָט צי געטון נאָך זון־אונטערגאַנג, זי איז געזעסן מיט די איבעריקע.

כּל זמן ס'איז נאָך ליכטיק געווען, האָט זײ ראָכאַ אַרויסגע־לײענט פון אַ ביכל, און נישט אײנמאָל האָט האַנקאַ, אומקוקנדיק זיך פון אַלע זײַטן, שטיל יוזקען באַפוילן:

— גיב נאָר אַ בליק אַרויס אויפן וועג...

אָבער קײנער איז נישט געווען און ער האָט געלײענט, ביז וואַנען דער אָוונט האָט נישט די ערד אין פינסטערניש אײַנגעהילט, און דערנאָך האָט ער נאָך דערצײלט פאַרשידענע מעשׂיות, ווײַל זײ זענען שרעקלעך נײַגעריק געווען. די נאַכט האָט זײ אַרומגעהילט, אַז זײ האָבן זיך קוים געצײכנט אויף די ווײַסע ווענט פון דער כאַלופּע; דער אָוונט איז געוואָרן אַ פינסטערער און קילער, קײן שטערן זענען נישט אויפגעגאַנגען, אַ טויבע שטילקײט האָט

די וועלט אַרומגענומען, נאָר וואָס אַ וואַסער האָט ערגעץ געריזלט און הינט האָבן געוואָרטשעט.

זיי האָבן זיך צונויפגעשלאָגן אין אַ קופּע, אַזוי, אַז נאַסטוש מיט יוזקען, ווראָנקאַ מיט די קינדער, יאַגוסטינקאַ, די קלאָנבאַ־ווע און פּיעטרעק האָבן זיך כמעט צו ראַכאָם פּיס אַנידערגע־זעצט, און האַנקאַ אָן אַ זייט אויף אַ שטיין.

ער האָט זיך פונאַנדערדערציילט וועגן גאַנצן פּוילישן פאָלק פאַר־שידענע געשיכטעס, דאָ הייליקע מעשהלעך, דאָ אַזעלכע ווונ־דער־געשיכטן וועגן דער וועלט, וואָס ווער קען עס דען פאַרשטיין און געדענקען!

זיי האָבן זיך איינגעהאָרכט, נישט וואַגנדיק אָפּצוּעטעמען, נישט פון אָרט קיין ריר זיך צו טון און מיט דער גאַנצער נשמה האָבן זיי געטרונקען דידאָזיקע האָניק־זיסע ווערטער, פּונקט ווי די אויסגעטרוקנטע ערד טרינקט די טויזקט און וואַרעמע רעגנס.

און ער, כמעט אַ נישט געזעענער מיטן אויג האָט מיט אַ פּייערל כער, שטילער שטימע געזאָגט:

— „נאָך הינטער קומט וויאַסנע פאַר יעדן אייניקן, ווער ס'וואַרט זי אָפּ אין דער אַרבעט, אין דער תפילה און אין גרייט־קייט.‟

— „האָטס בטחון, וואָרן די באַוולהטע נעמען שטענדיק די איבערהאַנט.‟

„מיט בלוט פון מקריב זיין זיך און מיט מי דאַרף מען זיי־ען דאָס מענטשלעכע גליק, און ווער עס האָט פאַרזייעט, וועט עס אים אויפגיין און עס וועט אויף אים קומען די צייט פון שניט.‟

„אָבער ווער עס זאָרגט נאָר פאַרן פשוטן ביסן ברויט, דער וועט בײַ גאָטס טיש זיצן.‟

„ווער עס באַקלאָגט זיך נאָר אויפן שלעכטן, נישט טוענדיק אליין קיין גוטס, דער גביירט נאָך ערגער שלעכטס.‟

ער האָט לאַנג גערעדט, און אַזוי קלוג, אַז ווער קען עס גע־דענקען, און וואָס אַמאָל שטילער און האַרציקער, און ווייל די נאַכט האָט אים איינגעהילט, איז האָט זיך אויסגעדאַכט, ווי אַ הייי־

ליק בת־קול גייט פון דער ערד אַרויס, אָדער דאָס איז די שטימע פון די געשטאָרבענע באָרינעס דורות, װאָס גאָט האָט זיי אין דער־דאָזיקער נאַכט פון תחית־המתים אויף דער וועלט אַראָפּגעלאָזט און זיי רעדן דאָס אַצינד אַרויס פון די טונקעלע ווענט, פון די איינגעבויגענעביימער, פון דער פינסטערער נאַכט, כּדי מתרה צו זיין און צו דערמאַנען די אייגענע.

אַלע נשמות האָבן אויפגעפלאַטערט באַ דידאָזיקע װערטער, וועלכע האָבן ווי די גלאָקן אין די הערצער אויפגעקלונגען, און זיך פאַרטראָגן אין די פאַרנעפּלטע בענקשאַפטן, אין אומבאַגריי־פבאַרע ווונדערלעכע חלומות.

קיינער האָט אפילו נישט דערהערט, ווי די הינט האָבן אין גאַנצן דאָרף אָנגעהויבן צו בילן, עמעץ האָט געשריגן אויף די װעגן און געלויפּעריייען האָבן אויפגעפויקט.

— פאָדלעשיע ברענט! — האָט עפּעס אַ שטימע דורכן סאָד אַ געשריי געטון.

זיי זענען אויפן װעג צעדרויסגעלאָפן.

ס'איז אמת געווען: די הויפּישע געביידעס אין פאָדלעשיע זענען געשטאַנען אין פייער, פלאַמען האָבן ווי די־קושאַקעס פון דער פינסטערניש אַרויסגעזעצט.

— די נביאה איז מקוים געוואָרן! — האָט יאַגוסטינקע אַ שעפּטשע געטון, דערמאַנענדיק די קאָזלאָווען.

— גאָטס שטראָף קומט אָן.

— פאַר אונדזער עוולה! — האָבן זיך שטימען אין דער פינסטערניש דורכגעקרייצט.

די טירן פון די כאַלופּעס האָבן געזעצט, מענטשן זענען אין איין אָטעם און האַלב נאַקעט אויף די װעגן אַרויסגעלאָפן, און װאָס אַמאָל אין אַ גרעסערער מחנה זיך געשטויסן אויף דער בריק פאַר דער מיל, פונוואַנען מ'האָט צום בעסטן געקענט זען, און נאָר אין אַ קורצער ווײַלע אַרום האָט זיך דאָס גאַנצע דאָרף שוין געהאַט צונויפגעפּאַקט.

דאָס פייער איז פון מינוט צו מינוט שטאַרקער געוואָרן, דאָס גוט איז געשטאַנען אויף אַ בערגל אונטערן וואַלד, דעריבער

האָט מען, כאָטש ס'איז געווען אַ פּאָר וויאָרסט פון ליפּצע, דאָס שטאַרקן זיך פון פייער ווי אויף דער האַנט געזען. אויף דער שוואַרצער וואַנט פון וואַלד האָבן געווימלט די פייערדיקע צונגען און ס'האָבן אַרויסגעזעצט בּלוטיקע, קנוילנדיקע וואָלקנס. ס'איז נישט געווען קיין ווינט און דאָס פייער האָט זיך אויפגעהויבן וואָס אַמאָל העכער, די געבּיידעס האָבן געבּרענט ווי קין, שוואַרצע רויכן האָבן מיט גאַנצע זיילן געצויגן, און אַ בּלוטיקער, צעווילדעוועטער אָפּשיין האָט זיך ווי אַ פייערדיקער טייך אין דער פינסטערניש צעגאָסן און איבּערן וואַלד זיך שוין געוואַקלט.

מוראדיקע ריטשען האָבּן די לופט דורכגעריסן.

— די אָקסן-שטאַל בּרענט, ז'ווערן ווייניק וואָס אַרויסראַטעווען, ווארן ס'איז גאָר דאָ איין טיר.

— די סטויגן צינדן זיך איצט אָן!

— די שייערס שטייען שוין אין פייער! — האָט מען דערשראָקן אויסגערופן.

ס'איז געקומען צו לויפן דער גלח, דער סאָלטיס און צום סוף האָט זיך אויך דער וואָיט פון ערגעץ בּאַוויזן, אָבּער כאָטש ער איז געווען שיכור, אַז ער האָט זיך קוים אויף די פיס געהאַלטן, האָט ער אָנגעהויבן מאַכן געוואַלטן און די מענטשן אַרויסטרייבן, אַז זיי זאָלן לויפן ראַטעווען דעם הויף.

אָבער קיינער האָט זיך נישט שטאַרק געאײַלט דערצו, נאָר אַ בּייזער געמורמל האָט זיך צווישן המון אויפגעהויבן:

— זאָל מען אַרויסלאָזן די פויערן, וועלן זיי לויפן ראַטעווען!

און ס'האָבּן נישט געהאָלפן קיין קללות, נישט קיין סטראַשען, נישט אפילו דעם גלחס ווייַנענדיק בּעטן: דער עולם איז בּעשטאַנען, נישט גערירט זיך און מרה שחורהדיק אויפן פייער בּאַקוקט.

— הינטישע געבּליטן, הויפישע פּאַראָבּקעס! — האָט די קאַבּוסאָווע זיך צעשריגן, דראָענדיק מיט דער פויסט.

אַזוי, אַז נאָר דער וואָיט צוזאַמען מיטן סאָלטיס און מיטן קאָוואַל זענען אָװעקגעפאָרן צו דער שרפה און דאָס מיט גאָלע הענט, וואָרן מ׳האָט זיי נישט געלאָזט נישט קיין באָסאַקעס, נישט קיין קובלעס פון די כאַלופּעס מיטנעמען.

— מיט אַ שטעקן זאָל מען געבן דעם, וואָס וועט עפּעס רירן! זאָל ער פאַרכאַפּט ווערן, די שטשערווע! — האָבן זיי אַלע ווי איינע זיך צעקוויטשעט.

און דאָס גאַנצע דאָרף האָט זיך שוין געהאַט צוזאַמענגענומען, ביז צו די יינגסטע, וועלכע מ׳האָט צעשריגענע אויף די הענט געהוידעט און זיי האָבן זיך צוזאַמענגעקנוילט אין אַ גרויסן, פינסטערן המון, אַז ווייניק ווער ס׳האָט זיך אָנגערופן, אפילו מיט קיין שעפּטש נישט, זיי האָבן נאָר אָנגעזעטיקט די גיריקע אויגן און אָפּגעזיפצט, וואָרן אין יעדן האָט זיך באַשטאַרקט די שרעקלעך פאַרבאָרגענע פרייד, אַז גאָט האָט דאָס דעם פריץ פאַר דער ליפּצער עוולה מיט פייער באַשטראָפט.

ביז שפּעט אין דער נאַכט אַריין האָט געברענט, און קיינער איז אפילו נישט אַהיימגעגאַנגען: מ׳האָט געדולדיק אָפּגעוואַרט דעם סוף, וואָרן איין גרויסער פייער-ים האָט זיך איבערן גוט צעשפּרייט און מיט אויפגעטורעמטע כוואַליעס צום הימל געשלאָגן, די פאַרברענטע בינטן שטרוי פון די דעכער און די שינדלען האָבן זיך אין אַ בלוטיקן רעגן צעשפּריצט, און פון די רויטע פלאַמען, וואָס האָבן זיך ווי די פייערדיקע פלאַכטעס אין דער פינסטערניש געוויגט, האָבן זיך די שפּיצן ביימער און דער דאַך פון דער מיל פאַרייטלט, און דער סטאַוו איז ווי עמעצער וואָלט אים מיט בלאַס-גליענדיקע קוילן אָפּגעשיט.

גערוישן פון פורן, געשרייען פון מענטשן, געריטשן, אַ שרעקלעכער פּחד פון פאַרניכטונג האָבן פון דער שרפה געשלאָגן, און דאָס דאָרף איז כסדר אַלץ געשטאַנען, ווי אַ לעבעדיקע מויער אין דער ערד איינגעוואַקסן און די אויגן, די נשמה מיט נקמה אָנגעזעטיקט...

פון דער קרעטשמע ווידער האָט זיך דאָס הייזעריקע קול
פון שיכורן יאַמבראָזשי צעטראָגן:
„אָך מאַריש, דו מיין מאַריש!
קאָכסט בער און מאַכסט דיך נאַריש!“

# VI.

אויף אַזאַ אויסטערלישע נייעס האָט זיך אוש האַנקאַ פֿון געלעגער אונטערגעהויבן, אַזוי, אַז די יאַגוסטינקאַ האָט זי נאָך אין דער צייט דערכאַפּט און זי צום קישן צוגעדריקט.

— ס'טייטש רירסט ענק נישט, ס'ברענט נישט אין ער־גען!

— וואָרן זיי האָבן אַזאַ זאַך אַרויסגערעדט, גלייך ווי זיי וואָלטן באַם קלאָרן געדאַנק נישט געווען; וואַשטס ענק איבער דעם קאָפּ מיט געהייליקט וואַסער, ווערט ענק ס'משוגעת איבער־גיין.

— ניין, האַנוש, כ'האָב מיר מיין שכל און כ'האָב געזאָגט דעם גאַנצן אמת, וואָרן דער פּאַן יאַצעק, פֿון נעכטן אָן זיצט ער צוזאַמען מיט מיר... ס'דען... — האָט בּיליצאַ געשטאַמלט, איינבייגנדיק זיך אָפּצוניסן נאָך אַ פּעסטן שמעק טאַבאַק, וואָס ר'האָט גענומען.

— ווייזט אויס, ר'איז שוין אינגאַנצן פֿון זינען אַראָפּ!

ביטס בעסער אַ קוק, צי זיי קערן זיך שוין נישט אום, זיי וועלן מיר דאָס קינד פאַרהונגערן.

— פון קלויסטער זעט מען נאָך קיינעם נישט! — האָט די יאַגוסטינקאַ דערקלערט, ווידער זיך געמענדיק צו דער שטוב אויס, וימען, אויסשיינדיק זי מיט זאַמד.

דער אַלטער האָט עקשנותדיק איין מאָל נאָכן אַנדערן אַ באָס געטון, אַז ר'האָט זיך אַזש אויף דער באַנק אַנידערגעזעצט.

— צ'בלאָזט, ווי אין שטאָט אויפן מאַרק!

— וואָרן ס'איז שט רקער טאַבאַק, דעם פאַן יאַצעקס, אַ גאַנץ פעקל האָט ער מיר געגעבן... אַ גאַנץ...

ס'איז נאָך געווען פרי, דורכן פענסטער האָט אַריינגעקוקט אַ העלע און וואַרעמע זון, די ביימער האָבן זיך געוויגט פון ווינט, דורך דער אָפענער טיר אין פעדערהויז אַריין ווידער האָבן זיך אַראָפגעבויגענע געגנדזענע העלדזער און רויטע, שיפענדיקע שנאָבלען געפאַקט, און אַ גאַנצע סטאַדע מיט בלאָטע פאַרשמירטע און פישטשענדיקע געגנדזעלעך האָבן זיך אַרויפגעגראַבלט אויף דער הויכער שוועל. מיטאַמאָל האָט דער הונט ערגעץ אַ וואָרטשע געטון, אַז די געגנדז האָבן אויפגעהויבן אַ געשריי, און די קוואָקעס, וואָס זענען אויף די אייער געזעסן האָבן זיך פון שרעק צעקוואָקעט און אָנגעהויבן אַראָפפליען פון זייערע געזעסן.

— ס'טייטש טרייבטס זיי אַרויס כאָטש אין סאָד אַריין, אפשר וועלן זיי זיך מיטן גראָז פאַרשפּילן.

— כ'וועל זיי אַרויסטרייבן, האַנוש, און כ'וועל זיי פון די קראָען אָפּהיטן...

ס'איז באַלד שטיל געוואָרן אין שטוב, נאָר דאָס גערויש פון די ביימער האָט זיך פון דרויסן דערטראָגן און ס'האָבן זיך עטוואָס געוואַקלט די רייזעלעך, וואָס זענען אויפן שוואַרצן פוילאָפּ געהאָנגען.

— וואָס טוען דאָרט די שקצים? — האָט האַנקאַ נאָך אַ לאַנגער ווײַלע אַ פרעג געטון.

— פּיעטרעק אַקערט די ערד אונטערן בערגל, און װיטעק בראָנעװעס מיטן װאַלאַך די בייטן אויף פּלאַקס אויפן חזירים-בריבל.

— ס'איז נאָך נאָס דאָרטן?

— ס'דען, די טרעפּעס זינקען איין אינגאַנצן, אָבער נאָכן פאַרבראָנעװען װעט עס זיך גיכער אויסטריקענען.

— איידער װידער די ערד װעט זיך צום זייען געװוג אויס-װאַרעמען, װעל איך אפשר שוין אויפשטיין...

— אַצינד געדענקטס נאָר אָן זיך, און די אַרבעט װעט ענק קיינער נישט צוגעמען!

— די קי האָט מען שוין אויסגעמאָלקן?

— כ'האָב אַליין געמאָלקן, װאָרן יאַגוש האָט די שקאָפּ-קעס הינטער דער שטאָל אַנידערגעשטעלט און זי איז ערגעץ אַװעקגעגאַנגען.

— טראָגט זיך אַרום כסדר איבערן דאָרף, װי דער הונט, אַז מ'קען זיך מיט איר אין קיין שום זאַך נישט באַהעלפן. יאָ, זאָגטס דער קאָבוסאָװען, אַז כ'װעל איר געבן אַ פּאָר בייטן אויף קרויט, און פּיעטרעק װעט באַ איר דאָס מיסט אַרויספירן און פאַראַקערן, אָבער צו פיר טאָג אָפּצואַרבעטן פון יעדער בייט! באָם זעצן די קאַרטאָפל װאָלט זי די העלפט אָפּגעאַרבעט, און דאָס איבעריקע אין שניט-צייט.

— די קאָזלאָװע װאָלט אויך געװאָלט נעמען אַ בייט אויף פּלאַקס אויף אָפּצואַרבעטן.

— זי װעט אַזוי פיל אָפּאַרבעטן, װאָס דער הונט װעט דיר אָנװייגען. לאָז זי זיך ערגעץ אַנדערש זוכן, זי האָט זיך געגוג פאַריאָרן אָנגעגנאַבלט אויפן טאַטן פאַרן גאַנצן דאָרף, אַז ער האָט איר אַן עװלה געטון.

— װי ענק געפעלט, ס'איז ענקער גרונט איז אויך ענקער דעה! פיליפּקאַ איז דאָ געכטן, בשעת צ'זענט געלעגן געװאָרן, אַריינגעקומען, װעגן קאַרטאָפליעס.

— פאַר געלט האָט זי געװאָלט?

— זי וואָלט אָפּגעאַרבעט; דאַרט זעט מען נישט אין דער כאַלופּע קיין גראָשן פאַר די אויגן, זיי שטאַרבן פאַר הונגער.
— אַ האַלב קערצל צום עסן זאָל זי באַלד נעמען, און אויב זי באַדאַרף מער, איז ערשט באַכן זעצן, וואָרן מ'ווייסט דאָך נישט, וויפיל ס'וועט איבערבלייבן. יווקאַ וועט קומען, זאָל זי אָפּמעסטן. כאָטש אַן אַרבעטאָרערין איז זי די פיליפּקאַ. נע!... אָבי נאַר אָפּצופּטרן...
— און פון וואָס זאָל דאָס צונעמען כוח? זי דערעסט נישט, דערשלאָפט נישט, און יעדעס יאָר האָט זי אַ קינד.
— אַן אָרימקייט, יעזוס מיינער, דער שניט איז — כ'ווייס נאָך ווו, און דאָס לעצטע ביסל תבואה ביז אויף דער שוועל.
— אויף דער שוועל! אין די כאַלופּעס זיצט עס שוין, דריקט שוין באַ די בייכער, אַז קוים מ'זשיפּיעט.
— צ'האָט אַרויסגעלאָזט דאָס חזיר?
— עס האָט זיך אָפּגעלייגט הינטער דער וואַנט, אָבער שייגע חזירימלעך, קיילעכדיטשקע, ווי די זעמעלעך.
ביליצאַ איז געבליבן שטיין אין דער טיר און אַרויסגעשטאַמלט:
— די געגנדז האָב איך אונטער די אַגרעס איבערגעלאָזט, איז ער געקומען, דער פּאַן יאַצעק, הייסט עס, אין דער חגא און זאָגט: „כ'וועל מיך צו דיר אַריינצוצען, ביליצאַ, אויף קאַמאָרנע און כ'וועל דיר גוט באַצאָלן"... כ'האָב געמיינט: אַז ער מאַכט זיך חוזק פון אַ פּויער, ווי געוויינטלעך די פּריצים, און כ'ענטפער אים: „געלט דאַרף איך טאַקע האָבן און כ'האָב ליידיקע סאַלאַגנען." האָט ער זיך צעלאַכט, ר'האָט מיר געגעבן אַ פּעקל פּערטערבורקע, באַקוקט די כאַלופּע און זאָגט: „עך קענט דאָ זיצן, וועל איך מיר אויך אַן עצה געבן, און די כאַלופּע וועל איך מיר פּאַמעלעך אויסלאַדעווען, אַז זי וועט פאַרגיין פאַר אַ הויף!"
— טה, אַזאַ שלאַכטשיק, דעם פּריצס אַ ברודער! — האָט זיך די אַלטע געוווּנדערט.
— ר'האָט זיך געמאַכט אַ געלעגנער לעבן מיינעם און

ר׳זיצט. כ׳בין אַרויסגעגאַנגען, איז זיצט ער אויף דער שוועל און רייכערט אַ פּאַפּיראָס, און נאַרט צו די שפּאַצן מיט קער־ בער...

— און וואָס וועט ער עסן?

— ר׳האָט מיט זיך מיטגעבּרענגט עטלעכע טעפּלעך און קאָכט זיך כּסדר טיי און טרינקט...

— בּחנם טוט ער דאָס נישט, אין דעם מוז עפּעס שטעקן, אַז אַזאַ פּריץ...

— יאָ, ס׳שטעקט, וואָס ער איז פּשוט משוגע געוואָרן! יעדער מענטש באַמיט זיך און דאגהט וועגן בעסערס, און אַזאַ פּריץ וואָלט זיך גאָר געוואָלט מאַכן ערגער? נישט אַנדערש, נאָר ר׳איז פון זינען אַראָפּ — האָט האַנקאַ געזאָגט, אויפהייבנ־ דיק דעם קאָפּ, וואָרן פאַרן הויף האָבּן זיך דערהערט עפּעס שטימען.

זיי האָבּן זיך שוין אומגעקערט פון קלויסטער פון שמדן. פאָרויס האָט יוזקאַ געטראָגן דאָס קינד אין אַ קישעלע, פאַדעקט מיט אַ טוך אונטער דער דאָמיניקאָוועס אויפזיכט און נאָך זיי זענען נאָכגעגאַנגען דער וואָ׳ט מיט דער פלאָשקאָווע, וועלכע זע־ נען געווען פאַרבעטן אַלס קומעס, פון הינטן ווידער האָט יאַמבּראָ־ זשי נאָכגעהינקען, נישט קענענדיק דעריאָגן.

אָבער נאָך איידער זיי זענען די שוועל איבערגעטרעטן, האָט די דאָם ניקאָוואַ צוגענומען דאָס קינד און איבערצלמדיק זיך, האָט זי אָנגעהויבן דערמיט, לויטן אַלטן מנהג, אַרומצוגיין אַרום גאַנצן הויז, בלייבנדיק נאָר שטיין בּאַ די ווינקלען און בּאַ יעדערן באַזונדער האָט זי געזאָגט:

אויף מזרח — דאָ בלאָזט...
אויף צפון — דאָ קילט...
אויף מערב — דאָ איז פינסטער...
אויף דרום — דאָ וואַרעמט...

— און אַ מעטום היט דיך פאַרן בישטגוטן, מענטשלעכע נשמה, און נאָר אין גאָט זאָלסטו האָבּן בּטחון.

— מכלומרשט אַ פֿרומע, אָבער אַזאַ כּישוף־מאַכערין די דאָמיניקאַנאַ! — האָט דער וואָיט געלאַכט.

— אַ תּפֿילה העלפֿט, אָבער אָפּשפּרעכן מאַכט אויך ניש קאַליע, דאָס ווייסט מען! — האָט די פּלאַשקאָווע אַ שעפּטשע געטון.

זיי זענען רוישיק אַריינגעגאַנגען אין שטוב אַריין. די אַלטע האָט אויפֿגעוויקלט דאָס קינד, און ווי גאָט האָט עס באַשאַפֿן, אַ נאַקעטס און רויט ווי אַ ראַק, האָט זי עס דער מוטער דערלאַנגט.

— אַ רעכטפֿאַרטיקן קריסט, וועלכן מ'האָט באַם הייליקן שמדן ראַכאַ אַ נאָמען געגעבן, ברענגען מיר ענק, מאַמע. זאָל ער זיך באַוועזן געזונט און צ'זאָלט האָבן פֿון אים נחת!

— און זאָל פֿון אים אַרויסקומען כאָטש אַ טוץ ראַכאָס! אַ פֿעסטער פּאַראַבעק: ר'האָט געשריגן, אַז מ'האָט אים נישט געדאַרפֿן קנייפּן בשעתן שמדן, און דאָס זאַלץ האָט ער אויסגעשפּיגן, אַז ס'האָט אַזש אָנגענומען אַ געלעכטער...

—וואָרן ער קומט אַרויס פֿון אַ משפּחה, וואָס האָט זיך נישט פֿאַרשווירן פֿון קיין בראָנפֿן — האָט זיך יאַמבראָזשי אָנגערופֿן.

דאָס שגצל האָט געקוויטשעט און געוואָרפֿן מיט די פּיסלעך אויבן איבערבעט, די דאָמיניקאָוואַ האָט אים איבערגעריבן די אויגן, די ליפּעלעך, און דעם שטערן מיט בראָנפֿן און דאַמאָלט האָט זי אים ערשט האַנקען צוגעגעבן צו דער ברוסט. ר'האָט זיך אַ זויג איין געטון ווי אַ וואַמפּיר און איז אַנטשוויגן געוואָרן.

האַנקאַ האָט הערצלעך געדאַנקט די קומעס, קושנדיק זיך מיט אַלעמען, און זיי איבערגעבעטן, וואָס דאָס שמד־מאָלצייט איז נישט אַזעלכעס, ווי ס'באַדאַרף צו זיין באַ באַרינעס אַ קינד.

— צ'וועט האָבן אין אַ יאָר אַרום אַ פּערטס, וועלן מיר זיך דאַמאָלס פֿאַריכטן און מיר וועלן זיך אָפּשלאָגן! — האָט

דער וואָיט זיך געחיצלט, אָפּווישנדיק די וואָנסעס, וואָרן אַ גלעזל האָט זיך שוין דערגענטערט צו אים.

— אַ שמד אָן אַ טאַטן, איז ווי אַ זינד אָן אַ תשובה — האָט זיך יאַמבראָזשי אומבאַטראַכט אָנגערופן.

האָט זיך האַנקאַ דערויף צעווייגט, אַז די ווייבער האָבן אָנגעהויבן צו טרינקען צו איר און טרייסטן זי און אין די אָרעמס זי גנעמען, ביז זי האָט זיך בארויקט און איינגעשטילט אירע ווייטיקן און אָנגעהויבן צו פּאַרבעטן, אַז זיי זאָלן זיך נעמען צום עסן, וואָרן אָן אייער-געפּרעגלטס אויף קעלבאַס האָט שוין פון דער גרויסער שיסל געשמעקט.

יאַגוסטינקע האָט געמאַכט די אויפנאַמע, וואָרן יוזקאַ האָט דעם קינד צוגעזונגען, אייגשלעפנדיק עס אין דער גרויסער מילטער, ווייל באַ דער אַלטער וויג האָבן געפעלט די ביעגע-נעס.

לאַנג האָט מען אַזוי געקראַצט מיט די לעפל, און קיינער האָט קיין וואָרט נישט אַרויסגעלאָזט.

ווייל ס'זענען ווידער קינדער אַ סך אָנגעקומען אין פּע-דערהויז אַריין, און וואָס אַמאָל די קעפּלעך אין דער שטוב אַרייננעשטעקט, האָט דער וואָיט זיי אַ וואָרף געטון אַ באָרשטש מיט קאַרמעלקעס, אַז זיי האָבן מיט אַ געקווויטש און אַ גע-שלעג פאַר דער שטוב זיך אַרויסגעטראָגן.

— אפילו יאַמבראָזשי האָט די צונג אין מויל פאַרגעסן! — האָט די יאַגוסטינקע אָנגעהויבן.

— וואָרן כ'באַטראַכט מיר שטילערהייט, אַז מען דאַרף דעם שגצל אַ „גאַספּאָדאַרקע“ און אַ שיקסע צוצוגרייטן.

— גרונט — דאָס איז דעם טאַטנס דאגה, און אַ שיקסע — די קומעס.

— ס'וועט נישט פאַרפעלן די סחורה, ביין! מ'בעט זיך יערמיט און ווען ס'וואָלט געגומען ווער, וואָלט מען אים נאָך נוגעצאָלט.

— ס'ווייזט אויס, אַז דער וואָיטאָווע בענקט זיך נאָך אַ

קלײנס; כ'האָב געזען, װי זי האָט געלופּטערט אױפן פּלױט די קלײדלעך נאָך אירע אָרימע קינדערלעך געבעך!

— אַפּנים דער װאָס זאָגט צו אױף יעשען צו פּראַװען אַ שמד!

— אַזאַ אַמט מ'האָט, און ר'פאַרגעסט נישט װאָס מ'דאַרף.

— װאָרן ס'איז אומעטיק אין דער כאַלופּע אָן קינדערשע געשרײען! — האָט ער ערנסט אױסגערופן.

— אמת איז, אַז מ'האָט גענוג צרות פון זײ, אָבער מ'האָט אױך פון זײ אַ נוץ און דערנאָך נחת...

— מעדנים! און אױך געלד פאַרלירט די װערט, װען אי־בערצאָלן מ'מערט! — האָט די יאַגוסטינקאַ אַ מרוקע געטון.

— זיכער, אַז ס'זענען פאַרהאַן אױך שלעכטע, װעלכע האַלטן די עלטערן פאַר גאָרנישט, האַרטע שטײנער, װאָס פאַר אַ מאַמען, אַזאַ זאַמען, דאָס װאָס מ'פאַרזײעט, דאָס שנײדט מען! — האָט די דאָמיניקאָװאַ אָפּגעזיפצט.

די יאַגוסטינקאַ איז אין כעס געװאָרן, פילנדיק, אַז דאָס גיט מען איר אָנצוהערן.

— ס'איז ענק גרינג אָפּצופּאַכן פון אַנדערע, אַז עך פאַר־מאָגט אַזעלכע גוטע שקצים, װאָס אײ זײ שפּינען, אײ זײ מעלקן אױס די קי, אײ זײ װאַשן אָפּ די טעפּ, װי די געשיקטסטע שיק־סעס.

— װאָרן זײ זענען דורך ערצדיק און אין געהאָרכזאַמקײט געכאָװעט געװאָרן.

— דאָס איז אמת, זײ שטעלן אַפילו אַלײן אױף די פּיס־קעס מ'זאָל אין זײ אַרײנפּליאַסקען! װי די הױט אַראָפּגעצױגן — עבלעך צו זײער טאַטן! אװדאי, װאָס פאַר אַ מאַמען, אַזאַ זאַ־מען, צ'האָט גאַנץ גלײך געזאָגט; און װײל כ'געדענק, װאָס עס האָט אין דער יוגנט פאַראַרבעט מיט די שקצים, איז מיר שױן קײן װוּנדער נישט, װאָס יאַגושיאַ איז אינגאַנצן אין ענק אַרײַ־ בעראַטן, װאָר; זי איז פּונקט אױף די האָר װי עך. זאָל זיך אַפילו אַ דראַנג, אַבי נאָר דאָס היטל װױלעריש אױף אַ זײט אָנ־ געטון, פאַרגלוסטן... װעט זי אים פון העפלעכקײט װעגן נישט

אָפּזאַגן — האָט זי איר געשיפּעט אין אויער אַריין, אַז יענע איז אַזש בלייך געוואָרן, אַראָפּבייגנדיק וואָס אַמאָל נידעריקער דעם קאָפּ.

יאַגנאַ איז גראָד אין פּעדערהויז אַדורכגעגאַנגען, האָט זי האַנקאַ אַריינגערופן און מכבד געווען מיט בראָנפן; זי האָט אויסגעטרונקען און, נישט קוקנדיק אויף קיינעמען, איז זי אויף איר זייט אַוועקגעגאַנגען.

דער וואָיט איז אַנגעכמורעט געוואָרן, בחנם אָפּוואַרטנדיק, אַז זי וועט זיך אומקערן.

דאָס געשפּרעך האָט זיך עפּעס נישט געקלעפּט, ער האָט זיך איינגעהאָרכט און מיט די אויגן פאַרבאָרגן נאָכגעקוקט, ווען זי האָט זיך ווידער באַוויזן און אויפן הויף אַרויסגעגאַנגען.

און אויך די ווייבער האָט זיך עפּעס נישט געגלוסט איינצוטענצן; די אַלטע האָבן זיך גאָר געפּרעסן מיט די צעווילדעוועטע שליפּיעס; די פלאָשקאָווע האָט אינדערשטיל עפּעס איינגעטענהט מיט האַנקען. איין יאַמבראָזשי גאָר האָט נישט געמאַך געלאָזט דאָס פלעשל און, כאָטשביק קיינער האָט נישט אויסגעהאָרכט, האָט ער געפּאַטשקעט און אויסגעטראַכט מעשיות, וואָס זענען נישט געשטויגן, נישט געפלויגן.

דער וואָיט האָט זיך מיטאַמאָל אַ הייב אויף געטון און, מכלומרשט ווי הינטער דער שטוב אַהינטערגעגאַנגען, האָט ער בגנבה דורכן סאָד אויפן הויף זיך אַרויסגעכאַפּט. יאַגושיאַ איז געזעסן אויף דער שוועל פון דער שטאַל, און דורכן פינגער דעם געפלעקטן קעלבל געגעבן צו טרינקען.

ער האָט זיך שרעקעוודיק אומגעקוקט און, אַריינשטופּנדיק איר הינטערן בוזעם אַ גאָרשטש קאַראַעלקעס, האָט ער איר אַ שעפּטשע געטון:

— באַדיר, יאַגוש, קום ווי ס'וועט גאָר פינסטער ווערן אין אָלקער אַריין, וועל איך דיר גאָך עפּעס בעסערס געבן.

און נישט וואַרטנדיק אויף קיין ענטפער, האָט ער אײליק אין שטוב אַריין אומגעקערט.

— האָ! האָ! ס׳קאָלבל איז ענק געראָטן, צ׳וועט עס גוט פּאַרקויפן — האָט ער אַ זאָג געטון אויפקנעפּלענדיק זיך די קאַפּאָטע.

— ס׳וועט גיין צום כאָוועז, וואָרן ס׳איז פון הויפישן גאַטונעק.

— ס׳וועט זיין אַ זיכערער פאַרדינסט, ווייל דעם מילנערס ביק טויג שוין צו גאָרנישט. אַנטעק וועט זיך דאָס דערפרייען פון אַזאַ צוכאָוועז.

— יעזוס מײנער! ווען וועט ער עס אָנקומען? ווען?

— שוין נישט לאַנג, דאָס זאָג איך ענק, איז זאָלט ענק גלייבן.

— ס׳טייטש אַלע וואַרט מען דאָך שוין אַזוי פון טאָג צו טאָג,

— איך זאָג, אַז אַ ליאַדע טאָג וועלן זיי זיך באַווייזן, עפּעס דאָרט הייס איך דאָך פון דער רעגירונג. . .

— ס׳ערגסטע איז, וואָס די פעלדער וועלן נישט וואַרטן.

— אויב מ׳וועט אין דער צייט נישט פאַרזייען, איז אַ שרעק וועגן יעשען אַ טראַכט צו טון!

עפּעס אַ פור האָט אַ רויש געטון. יוזקאַ האָט אַרויסגעכאַפּט אַ בליק נאָך איר און געזאָגט:

— דער גלח מיט ראָכאָן זענען אַדורכגעפאָרן!

— דער גלח איז נאָך ווײן צו דער תפילה אַפריכטן געפאָרן — האָט יאַמבראָזשי דערקלערט.

— אַ חידוש ר׳האָט ראָכאָן פאַר אַ מבין מיטגענומען. נישט די דאָמיניקאָוועז! — האָט די אַלטע אָפּגעחוזקט.

די דאָמיניקאָווא האָט איר נישט באַוויזן אָפּצוענטפערן, וואָרן דער קאָוואַל איז אַרײנגעקומען און דער וואָיט האָט זיך צו אים מיטן גלעזל אויפגעהויבן.

— האָסט דיך פאַרשפּעטיקט, מיכאַל, אַצינד יאָג־זשע אונדז אונטער!

— כ׳וועל ענק, קומיע, ניך דעריאָגן, וואָרן מ׳לויפט שוין דאָ נאָך ענק...

ר׳האָט נאָר וואָס געהאַט אַרויסגעזאָגט, איז דער סאָלטיס אָן איין אָטעם אַ פֿאַל אַריין געגעבן.

— קומט נאָר, פּיעטער, דער שרייבער מיט סטראַזשניקעס וואַרטן אויף ענק.

— אין דער הינטישער מאַמען אַריין, אַז זיי לאָזן קיין רגע נישט צורו! נאָר וואָס זאָל מען טון, דער אַמט איז בילע־כער...

— פֿטרט זיי גיי אָפּ און קומטס צוריק.

— כ׳וועל דען האָבן געגוג צייט, ווען דער שרפה אין פּאָדלעשיע און וועגן ענקער אונטערקאָפּן וועלן זיי אוודאי אויס־פֿרעגן...

ער איז צוזאַמען מיטן סאָלטיס אַרויסגעלאָפן, און האָבנדיק האָט, אַריינדרינגענדיק מיט די אויגן אין קאָוואַל, אויסגע־רופֿן:

— זיי וועלן קומען פֿאַרשרייבן, זאָלט עך זיי, מיכאַל, אַלץ איבערגעבן.

ער האָט זיך געצופּט די וואָנסעס און פֿאַרזונקען די שלי־פֿיעס אין קינד, ווי מכלומרשט זיך איינקוקנדיק דערין.

— וואָס זאָל איך זיי דען זאָגן?... ס׳אייגענע, ווי יוזקאַ וואָלט זיך בעקענט מיט זיי אַן עצה געבן!

— כ׳וועל דאָך קיין שיקסל צו די סטראַזשניקעס נישט גיין אַרויסשיקן, ס׳פּאַסט נישט, און צ׳וועט זאָגן, אַז אַזוי ווי ס׳איז באַוווסט, האָט מען פֿון דער קאַמער גאָרנישט אַרויסגענו־מען, צי איז ווידער עפּעס אַנדערש גאָר פֿאַרלוירן געגאַנגען, איז שוין... נאָר איין גאָט באַוווסט... און... — זי האָט אויפֿ־געקלאַפּט דאָס איבערבעט, אונטערהוסנדיק, כּדי אים נישט אַרויס־צווייזן דאָס אָפּחוזקדיקע פּנים, אָבער ער האָט זיך נאָר אַ וואָרף געטון און אַרויסגעגאַנגען.

— די שווינדלער, יוכע! — האָט זי זיך לייכט צע־שמייכלט.

— ווייל ס'איז קורץ געווען, האָט עס זיך נאָך געקענט אָפרייסן! — האָט יאַמבראָזשי זיך באַקלאָגט, אויסצײַענדיק די האַנט נאָכן היטל.

— יוזקאַ, שנייד זיי אָפּ אַ שטיק קעלבאַס, זאָלן זיי זיך אין דערהיים דאָס שמד=מאָלצייט פאַרלענגערן.

— אַ גאַנדז בין איך דען, אַז כ'זאָל טרוקענעם קעלבאַס טשקייען!

— גיסטס ענק אונטער מיט בראָנפן, אַבי צ'זאָלט נישט רעדן.

— קלוגע מענטשן זאָגן: רעכן די קאַשע, ווען דו שיטס זי אין טאָפּ אַריין, די פינגער זאָלסטו דיר בײַ דער אַרבעט נישט באַקוקן, אָבער די גלעזלעך בשעת דו ביסט מכבד זאָלסטו נישט ציילן...

— ווו מ'קלינגט מיט די גלעזלעך, דאָרט איז דער שיכור גרייט צו דינען!

זיי האָבן נאָך אַזוי אייגעטעגהט צווישן זיך, נישט זשאַלעוועדיק קיין בראָנפן, אָבער ס'זענען נישט אויסגעגאַנגען קיין צווייַ רגעס, ווי דער סאָלטיס האָט אָנגעהויבן אַרומצולויפן אַיבער די כאַלופּעס און אַרויסרופן, אַז אַלע זאָלן זיך צוזאַמענקומען צום וואָיט און זיך שטעלן פאַר דעם שרייבער און די סטראַזשניקעס.

דאָס האָט די פלאַשקאָווע אַרייגעברענגט אין אַ צאָרן, אַז זי האָט זיך אָנגענומען אונטער די באָקעס, און אויפגעפעבט אויף אים אַ יאַפּע:

— כ'האָב אים דאָרט ווו... הינטערן קנאַפּעל... דעם וואָיט באַפעלן! ס'איז אונדזערס אַ ענין? מ'האָט זיי אַראָפּגעבעטן? מיר האָבן צייט צו די סטראַזשניקעס, האַ? מיר זעען נישט קיין הינט, וואָס אויף אַ ליאַדע פייף זאָלן מיר זיך צו די פיס וואַרפן! ווי דאַרפן עפּעס האָבן, זאָלן זיי קומען און זאָלן זיי זיך פּ־עגן! ס'איז איין וועג! מיר וועלן נישט גיין! — האָט זי זיך צעגוואַל־

טעווען, אַרויסלויפנדיק אויפן וועג צו די איבערגעשראָקענע פּוי־ ערטעס, וואָס האָבן זיך שוין באַם סטאַוו געהאַט צוזאַמענגע־ קליבן.

— צו דער אַרבעט, קומעס, אויף די פעלדער אַרויס, ווער ס'האָט עפּעס אַן עסק צו די באַלעבאָסטעס, דאַרף ער וויסן ווו זיי צו זוכן. ס'דען, אַז נישט באַ זייער לעבן, אַז מיר זאָלן זיך אויף אַ ליאַדע באַפעל אַלע אַ וואָרף טון אין אַוועקגיין זיך באַ דער טיר אַנידערצושטעלן, ווי די הינט, אַזעלכע טראַמבעס! — האָט זי בעשריגן, פייערנדיק פון רויטקייט.

זי איז געווען נאָך די באַרינעס די ערשטע באַלעבאָסטע, איז האָבן זיי זיך איר געהאָרכט, און זיי זענען זיך צעלאָפן ווי די איבערגעשראָקענע קאָקעסקעס, און ווייל דער גרעסטער טייל האָט נאָך פון אינדערפרי אָן אויף די פעלדער געאַרבעט, איז באַלד ליידיק געוואָרן אין דאָרף, קינדער האָבן זיך נאָר ווו־נישט־ווו באַם סטאַוו געשפּילט און אַלטע באַבעס האָבן זיך אויף דער זון אויסגעוואַרעמט.

פאַרשטייט זיך, אַז דער שרייבער איז אין כעס געוואָרן און אָרנטלעך אָנגעזידלט דעם סאָלטיס, אָבער יאָ גערן נישט גערן האָט ער געמוזט אויף די פעלדער אַרויס אַוועקקריכן. זיי האָבן זיך לאַנג איבער די ברייטן אַרומגעשלעפּט, אויספרעגנדיק די מענטשן, צי ס'ווייסט נישט ווער עפּעס וועגן דער שׂרפה אין פּאָדלעשיע. זיי האָבן אַקוראַט דאָס אייגענע געזאָגט, וואָס ער האָט געוווסט. וואָרן ווער וואָלט זיך דאָס געגאַנגען אַרויסגעבן מיט דעם פאַר די סטראַזשניקעס, וואָס ר'האָט פאַר זיך אַליין באַהאַלטן?

זיי האָבן נאָר היזק געהאַט צייט ביז מיטאָג, זיי זענען זיך אָנגעקראָכן אויף די בלאָטיקע וועגלעך און זיך פאַרשמירט ביזן גאַרטל, וואָרן די פעלדער זענען נאָך ערטערווייז זומפּיק געווען, און בחנם.

זיי זענען דעריבער אַזוי אין כעס געווען, אַז ווען זיי זע־ נען אַריינגעקומען צו באַריגען צו פאַרשרייבן די אונטערגראַבונג, האָט דער עלטסטער געשאָלטן אויף וואָס די וועלט שטייט, און

אָנשטויסנדיק זיך אויפן גאַניק אויף בילעצן, איז ער מיט די פויסטן אַ שפּרונג צו געטון צו אים און אויסגעשריגן:

— דו, הונטישע מאַרדע, פאַרוואָס היטסטו נישט, אַז גנבים האָבן זיך דיר געקענט אונטערגראָבן, האַ? און ר'האָט אים שוין אָנגעהויבן פאַרפאָרן אין דער מאַמען אַריין.

— טאָ היט דיר, אויף דערויף האָט מען דיך אַנידערגעשטעלט, איך בין נישט דיין פּאַראָבעק, דו הערסט? — האָט אים דער אַלטער אויפן אָרט די גאָז אָפּגעשנייצט, זייענדיק אָן אַ שיעור אויפגעבראַכט.

אַז דער שרייבער האָט אַזש אַ היקע געטון, אַז ער זאָל דאָס פּיסק פאַרמאַכן, ווען ער רעדט מיט אַן אַמאָליקע פּערזאָן, וואָרן ר'וועט גיין אין קאָזע אַריין פאַר זיין עזותקייט, אָבער דער אַלטער האָט זיך אויף אַן אמת צעיאָכמערט. ר'האָט זיך חוצפּהדיק און דראָענדיק אויסגעגלייכט, געשאָסן מיט די אויגן, און אַרויסגעכריפּעט:

— און וואָס ביסטו מיר פאַר אַ מאַכער? דו דינסט, די גראָמאַדע צאָלט דיר, איז טו דאָס, וואָס דער וואָיט הייסט דיר, און אַ זאַשע דיר צו באַלעבאַטים! קוקסט אים אָן, דעם לאַטיק איינעם, עפּעס אַ שרייבערלטשינע! ר'האָט זיך אויס געפּאַשעט אויף אונדזער ברויט און ער וועט דאָ מיט מענטשן זיך וואַרפן...
אויך אויף דיר געפינט זיך אַ העכערער אַמט און אַ שטראָף...

דער וואָיט מיטן סאָלטיס האָבן זיך אַ וואָרף געטון צו אים איינשטילן, וואָרן ר'איז וואָס אַמאָל מער צאָרניקער געוואָרן און ר'האָט שוין אַרום זיך מיט אַ ציטערדיקער האַנט עפּעס אַ האַרטע זאַך געזוכט:

— פאַרשרייב מיך אויף שטראָף, כ'וועל באַצאָלן און כ'וועל דיר נאָך אויף בראָנפן צוגעבן, ווי ס'וועט מיר געפעלן! — האָט ער געשריגן.

זיי האָבן שוין קיין אַכט נישט געלייגט אויף אים, פאַרשרייבנדיק אַלץ פּאָדראָבנע און אויספרעגנדיק די שטוב מענטשן וועגן דער אונטערגראָבונג, און דער אַלטער האָט געמרוטשעט עפּעס צו זיך אַליין, אַרומגעגאַנגען אַרום הויז, אַריינגעבליקט אין

אַלע ווינקעלעך, דעם הונט האָט ער אפילו אַ קאָפּע געטון, נישט קענענדיק זיך נאָך אַלץ באַרויִקן.

ווען זיי האָבן פאַרענדיקט, האָבן זיי געוואָלט עפּעס איבער־בייסן, אָבער האַנקאַ האָט געהייסן זאָגן, אַז ס'האָט גראָד פאַר־פעלט מילך און ברויט, ס'איז נאָר דאָ איבערגעבליבענע קאַרטאָפל פון אָנבייסן.

זיי האָבן זיך אָפּגעטראָגן אין קרעטשמע אַריין, פאַרשעלטנ־דיק ביזן ביין גאַנץ ליפּצע.

— האָסט גוט געטון, האַנוש, זיי וועלן דיר גאָרנישט טון. יעזו, אַפילו דער פאַרשטאָרבענער פּריץ, כאָטש ר'האָט געהאַט אַ רעכט דערויף, פונדעסטוועגן האָט ער מיך קיינמאָל נישט גריגגע־שעצט, קיינמאָל נישט. . .

ער האָט אַ לאַנגע צייט נישט געקענט פאַרגעסן דידאָזיקע באַליידיקונג.

באַלד נאָך מיטאָג האָט עפּעס איינע אָפּגעטרעטן, דערציילנ־דיק, אַז זיי זיצן נאָך אין דער קרעטשמע און דער סאָלטיס איז אַוועקגעלאָפן ברענגען די קאָזלאָווא.

— זוך דעם ווינט אין פעלד! — האָט זיך די יאַגוסטינקאַ צעלאַכט.

— זי איז זיכער נאָך טרוקענע צווייגן אין וואַלד אַריין אַוועקגעלאָפן!

— אין וואַרשע זיצט זי פון נעכטן אָן, נאָך קינדער איז זי געפאָרן אין שפּיטאָל אַריין, זי האַלט באַ ברענגען צוויי צום דערציִען, דאָס זאָלן זיין אייגנטלעך פון די אונטערגעוואָרפענע קינדער. . .

— כדי זיי מיט הונגער צו פאַרפּייניקן, אַזוי ווי ס'איז גע־שען מיט יענע, מיט צוויי יאָר צוריק.

— און אפשר איז דאָס גאָר גלייכער פאַר די קינדער בע־בעך: זיי וועלן זיך נישט אַרומבלאָנקען ווי די הינט דאָס גאַנצע לעבן. . .

— אַ ממזר איז אויך אַ מענטשלעכע זרע. . . זי וועט שוין אָפּגעבן דין וחשבון פאַר גאָט.

— זי הונגערט זיי דאָך בכיוון נישט אויס, אָפּט עסט זי אַליין זיך נישט אָן צו דער זעט, טאָ איז ווו זאָל זי נעמען פאַר די קינדער...

— מ'צאָלט דאָך איר פאַרן עסן, נישט פון גוטהאַרציקייט נעמט זי זיי צו זיך אַריין! — האָט האַנקע צאָרניק אויסגעדופן.

— פופציק גילדן פאַר אַ גאַנץ יאָר פון שטיק, ס'איז נישט קיין וואַזשנע מציאה...

— נישט קיין וואַזשנע, וואָרן זי פאַרשיכורט עס אויפן אָרט, און דערנאָך שטאַרבן די קינדער פון הונגער.

— אָבער נישט אַלע: זי האָט דען נישט אויפגעכאָוועט ענקער וויטעקן, און דער צווייטער, וואָס געפינט זיך אין מאָדליצע בא אַ באַלעבאָס!

— וואָרן וויטעקן האָט דער טאַטע גענומען, ווען ער איז נאָך געווען אַזאַ צוציקל, אַז ר'איז נאָך געגאַנגען מיטן שוועבצל אין דרויסן און אין דער כאַלופע איז ער זיך אויפגעוואַקסן, אַזוי איז אויך געווען מיטן צווייטן.

— איך פאַרענטפער דען די קאָזלאָווא?... איך זאָג נאָר אַזוי, ווי מיר דאַכט זיך. אַז די פויערטע מוז זוכן אַ שטיקל פאַרדינסט, ווייל זי האָט נישט וואָס אין טאָפּ אַרייבצולייגן.

— אוודאי, קאָזשיאָל איז נישטאָ, איז נישטאָ ווער ס'זאָל גנבענען.

— און מיט יאַגאַטן איז ער נישט געגאַנגען. די אַלטע איז אָנשטאָט צו שטאַרבן, גאָר פיין געזונט געוואָרן און זיך אַרויסגעצויגן פון איר. זי באַקלאָגט זיך אַציגד איבערן דאָרף, אַז די קאָזלאָוואַ האָט איר יעדן טאָג אויסגערעדט, הלמאי זי שלעפּט אָפּ מיטן טויט, כדי איר שאָדן צו ברענגען.

— זי וועט זיך אוודאי אומקערן צו די קלאָנביס: ווו דען זאָל זי זוכן אַ מקום מנוחה?

— זי וועט זיך נישט אומקערן: זי האָט זיך באַקלאָגט אויף די קרובים. די קלאָנבאָווא האָט זי נישט זייער גערן אַוועקגעלאָזט פון זיך, וואָרן די אַלטע האָט דאָך בעטגעוואַנט און מסתמא

אַ שפּאָרן גראָשן אויך, אָבער זי האָט נישט געוואָלט בלייבן; זי האָט איבערגעטראָגן איר קישעלע צו דער סאָלטיסאָווע און קוקט אויס עפּעס אַן אָרט, וווּ זי זאָל רויק קענען שטאַרבן.

— זי וועט באַלד לעבן, און אין יעדער כאַלופּע קען זי אַצינד צונויף קומען, כאָטשבײַ אַפילו געגנד צו פּאַשען, אָדער אויף די קוי אַכטונג געבן. ווי האָט זיך דאָס ווידער יאַגדאַ אַהינגעטון?

— זי מוז אוודאי בײַ די אָרגאַניסטערס דער פּאַניענקע שפּיצן אויסנייען!

— די רעכטע צייט אויף צו שפּילן זיך, גלייך ווי ס'וואָלט אין דער כאַלופּע אַרבעט אַרויסגעפּעלט!

— ס'טייטש פון די סאַמע חגאות אָן זיצט זי דאָרט כסדר — האָט זי די יוזקאַ פאַרמסרט.

— כ'וועל שוין מיט איר מאַכן אַן אָרדנונג, אַז זי וועט מיך האָבן צו געדענקען... ווייזטס מיר אַהער ס'קינד.

זי האָט עס גענומען צו זיך און אַזוי ווי זיי האָבן נאָר פאַרענדיקט דאָס צורוימען נאָכן מיטאָג, האָט זי זיי פונאַנדערגעטריבן צו דער אַרבעט. זי איז אייגע אַליין נאָר אין שטוב איבערגעבליבן, אייגהאָרכנדיק זיך פון צייט צו צייט צו די קינדער, וואָס האָבן זיך געשפּילט פאַר דער שטוב אונטער ביליצעס אויג, און אויף דער צווייטער זייט אין באַריגע גולעגן, ווי שטענדיק, אייבער אַליין, ער האָט געקוקט אין דער זון, וואָס האָט זיך דורכן פענסטער מיט אַ ציטערדיקן פּאַס איבער דער שטוב אָפּגעלייגט און געגראַבלט איבער אים מיט די פינגער און גערעדט צו זיך אין דער שטיל, פונקט ווי אַ קינד, וואָס מען לאָזט עס אַליין אייבער.

אין דאָרף האָט אויך געוויייעט מיט פּוסטקייט, וואָרן ס'איז געוואָרן אַ שיין וועטער איגדרויסן און ווער ס'האָט זיך נאָר געקענט רירן, איז אַרויסגעגאַנגען אין פעלד אַריין צו דער אַרבעט.

פון די סאַמע חגאות אָן האָט זיך דאָס וועטער געהאַט איינגעשטעלט, אַז וואָס אַ טאָג איז געוואָרן העלער און וואַרעמער.

די טעג האָבן זיך שוין געצויגן גרויסע, מיט פאַרבעפּלטע, גרוילעכע פרימאָרגנס און מיט שטילע אַנגעוואַרעמטע מיטאָג־שעהן,

און מיט רויט צעגליטע הימלען בשעת זון־פאַרגאַנג, — אמתע פרילינג־טעג.

טייל האָבן זיך געשלעפּט אַזוי שטילעטשקע, פּונקט ווי די שטראָמען אין דער זון צעפּינקלטע, קילבלעכע ווי זיי, און פּונקט ווי זיי אַזעלכע דורכזיכטיקע און עטוואָס פּאַטשנדיקע אָן די ברעגעס, פּוסטע און בלוילעכע, און נאָר ווו־נישט־ווו געלבלעכע פון די געלע בלימעלעך, דאָ מיט מאַרגאַריטקעס אָפּגעווייסטע, אָדער צעגרינטע פון די ווערבע־צווייגן.

ס'זענען אויך אָנגעקומען טעג פולשטענדיק וואַרעמע, אָנגעהיצטע, פייכטלעכע, מיט זון דורכגעזייעטע, מיט פרישקייט שמעקעדיקע און אַזוי אַדורכגענומענע מיטן וואַקסן, אַזוי מיט פרילינג אָנגעזאַפּטע, אַזוי מיט קראַפט אָנגעטרונקענע, אַזוי, אַז ארום אָוונט צו, ווען די פייגל־שטימען זענען אַנטשוויגן געוואָר'ן און דאָס דאַרף האָט זיך געלייגט שלאָפן, איז האָט זיך אויסגעדאַכט, ווי מען פילט דאָס שפּאַרן זיך פון די וואָרצלען אין דער ערד און דאָס אונטערהייבן זיך פון די זאַנגען און ווי מען וואָלט געהערט דאָס שטילעטשקע פליסטערן פון די פלאַצנדיקע קנאָספּן, און דעם לויף פון דעם וואַקסן און די שטימען פון די באַשעפענישן, וואָס קומען אויף גאָטס וועלט אַרויס...

ס'זענען אויך אָנגעקומען אַנדערע מאָדע טעג, וואָס זענען צו יענע גאָרנישט ענלעך געווען.

אָן פיצל זון, פאַרנעפּלטע, בלוילעך־גרויע, נידעריקע, מיט בייכיקע וואָלקנס צוגעלייגטע און פאַרעדיקע, שווערע און שלאָגנדיקע אין קאָפּ אַריין פונקט ווי בראָנפן, אַז מענטשן האָבן זיך געפילט ווי פאַרשיכורט; די ביימלעך האָבן זיך ציטערנדיק איינגעקאָרטשעט, און יעדעס באַשעפעניש, מיט אַזאַ ליבלעכקייט אַדורכגענומען, האָט זיך ערגעץ געריסן און זיך געטראָגן נישט אַליין צו וויסן וווהין און באַך וואָס, אַזוי, אַז עס האָט זיך נאָר געגלוסט צו שרייען, זיך ציען, אָדער טוליען זיך, כאָטש אין די פייכטע גראָזן, פונקט ווי די משוגע געוואָרענע הינט האָבן געטון.

דאָ זענען ווידער אָנגעקומען אַזעלכע, וואָס זענען באַלד

פון פרימאָרגן אָן שוין געווען צערעגנטע, ווי מיט גראָבער שפּינוועבס פאַרוויקלט, אַז מ'האָט די וועלט נישט אַרויסגעזען, נישט די איינגעטוליעטע כאַטעס אונטער די דורכגענעצטע סעדער. דער רעגן איז געפאַלן פּאַמעלעך, אומאויפהערלעך, גלייכינקע צעציטערטע גרויע פעדעם, ווי זיי וואָלטן זיך אויפגעוויקלט פון עפּעס אַ נישט דערזעבאַר שפּינדל און דעם היכל מיט דער ערד צוזאַמענגעבונדן, אַז אַלץ האָט זיך געדולדיק איינגעבויגן און פאַרנעצט געוואָרן, איינהאָרכנדיק זיך צום געדיכטן פּאַטשן און ריזלען פון די שטראָמען, וואָס האָבן אין ווייסלעכע שוימיקע צויטן פון די שוואַרצלעכע פעלדער אַראָפּגעפלאָסן.

דאָס איז געווען גאַנץ געווייניטלעך, ווי אַלע יאָר אין די ערשטע טעג פון פרילינג, קיינער האָט זיך דעריבער נישט אָפּגעשטעלט דערויף, ס'איז נישט געווען די צייט פון קלערן, וואָרן דער פאַרטאָג האָט דעם עולם פון דער אַרבעט אַרויסגעטריבן, און דער שפּעטער בין השמשות האָט זיי ערשט אַהיימגעטריבן, אַז ס'האָט קוים צייט געקלעקט, עפּעס אַ ביסל אַריינצוכאַפּן און אַ ביסל זיך אָפּצורוען.

ליפּצע איז אויך איבער דער צייט גאַנצע טעג געשטאַנען ליידיק, נאָר וואָס די אַלטע לייט זענען געבליבן היטן, די הינט און די סעדער, וואָס האָבן וואָס אַמאָל געדיכטער די כאַלופּעס פאַרשטעלט; טיילמאָל נאָר האָט זיך עפּעס אַ דושאַד אַדורכגעבלאָנקעט, באַגלייט פון דעם געבילעריי פון די הינט, אָדער אַ פור איז אין מיל אַריין געפאָרן און ווידער זענען די וועגן געלעגן פּוסט, און די פאַרשטומטע כאַלופּעס האָבן מיט די איבערגעברענטע שייבלעך דורך די סעדער אַרויסגעקוקט אויף די ברייטע פעלדער, אויף די אומגעהייערע פעלדער, וואָס האָבן ווי מיט אַ ים פון ערד דאָס דאָרף אַרומגערינגלט, אויף די פעלדער, וואָס האָט פּונקט ווי אַן אייגענע מאַמע די קינדער צו זיך צוגעטוליעט און באַ רער פולער ברוסט געהאַלטן אין אַ דערנערנדיקער אומאַרמונג.

פאַרשטייט זיך, אַז ס'זענען כסדר געגאַנגען אַרבעטנדיקע טעג, וואַרעמע, מיט רעגנס דורכגעטריפטע, איינמאָל האָט אַפילו אַ פעדערנדיקער שניי אָנגעהויבן צו שיטן, אַז ר'האָט די פעלדער

פאַרגרויט. אָבער אויף אַ קורצע צייט נאָר, וואָרן די זון האָט אים באַלד ביַזן גרונט אויפגעפרעסן — דעריבער איז טאַקע קיין וונדער נישט, וואָס אין דאָרף איז שטיל געוואָרן מיט די קריגערייען, אַרומרייסענישן אין פאַרשידענע עסקים, וואָרן די אַרבעט האָט אַלע אין האַרטן יאָך איינגעשפּאַנט און צו דער ערד אַלע קעפּ אַראָפּגעבויגן.

אַז שוין אַלע אינדערפרי, ווי נאָר דער טויִקער פאַרטאָג האָט זייַנע גרויע שליפּיעס אויפגעעפנט, און די ערשטע לערכעס האָבן אויפגעזונגען, האָט זיך דאָס דאָרף אויף די פיס אויפגעריסן, ס'האָט זיך אויפגעהויבן אַ געדודער, אַ זעצן מיט די טויערן, געוויינערייען פון קינדער, געשרייען פון די געגדז, וואָס מ'האָט אויף די ראָוועס אַרויסגעטריבן און מ'האָט באַלד די פערד אַ ויסגעפירט, די שקצימלעך האָבן געפירט די זקעראייזנס, מ'האָט אַרויסגעטראָגן קאַרטאָפּליעס אויף די וועגן צרויף און מ'איז זיך אַזוי גיך פונאַנדערגעגאַנגען אין די פעלדער אַריין, אַז אין איין רגע אָדער צוויי, איז שוין שטיל געווען אין דאָרף און פוסט. אפילו אויף דער פרימאָרגן-תפילה האָט כמעט קיינער נישט אָפּגעטרעטן, אַז אָפּט האָט דאָס שפּילן פון אָרגל אין ליידיקן קלויסטער אָפּגעברומט, צעגיסנדיק זיך איבער די מער נענטערע פעלדער, און ערשט דאַמאָלס אויפן קול פון דעם קליינעם קלויסטער-גלעקל האָבן אַלע צו דער פרימאָרגן-תפילה אויף די פעלדער אַנידערגעקניט.

אַלע זענען צו דער אַרבעט אַרויסגעגאַנגען, און מ'האָט דאָס כמעט אויף דער ערד נישט געפילט; ערשט, ווען מ'האָט זיך גוט צוגעקוקט, איז האָט מען דאָרט ווי-נישט-ווי דערזען אַן אַקעראייזן, אַ פערד אין דער אַרבעט איינגעבויגן, ווי אַ וואָגן אויף דער סטעזשקע און פויערטעס, וואָס האָבן זיך פונקט ווי די רויטע לישאַיעס געגראַבלט צווישן די אומגעהייערע פעלדער, אונטער דעם קלאָרן און הויכן הימל.

און פון אַרום, פון רודקע, פון וואָליע, פון מאָדליצע, פון אַלע דערפער, וואָס האָבן זיך מיט די שפּיצן ביימער אין די ווייסע ווענט אין דער בלוילעכער לופט אַרויסגעזען, האָבן זיך טומל-

דיק אין דער לופט געטרייסלט די ווידערקולות פון דער אַרבעט פול מיט געשרייען און מיט געזאַנגען. ווו ס'אויג האָט נאָר איבער די גרענעץ־קאָפּצעס געגרייכט, האָט מען אומעטום געזען פויערן, וועלכע האָבן געזייעט, אַקעראייזנס אין דער אַרבעט, מענטשן בײַ קאַרטאָפל־זעצן, אויף די זאַמדיקע פעלדער ווידער האָט זיך שוין אַ שטויב נאָך די בראָנעס אויפגעהויבן.

נאָר די ליפּנער פעלדער זײַנען אין אַ פאַרשטאַרטער שטילקייט געלעגן, אומעטיקע, פאַרשטומטע, פונקט ווי די אומפּרוכטבאַרע ערד, אָדער ווי די אָפּגעטרוקנטע ביימלעך אין אַ יונגן וואַלד. וואָרן אין אַ פּאַריתומטער פאַרלאָזנקייט זענען זיי געלעגן, גאָט מײַנער, כמעט ווי פאַרוויסט, וואָרן די ווייבערישע הענט האָבן גאָרנישט אויסגעמאַכט אפילו פאַר קײן צען פויערן נישט, כאָטשיק דאָס גאַנצע דאָרף האָט מיט שווייס פון פאַרטאָג ביז נאַכט געהאָרעוועט.

וואָס האָבן זיי דען זיך געקענט אַליין אַן עצה טון? זיי האָבן זיך נאָר געפּאָרעט אַרום די קאַרטאָפל און אַרום ליאַן, און אויף די איבעריקע פעלדער האָבן נאָר די קוראָפּאַטוועס וואָס אַמאָל העכער זיך פונאַנדערגעשריגן, דאָ איז אַ העזל אַדורכגעשפּרונגען, און אַזוי פּאַמעלעך, אַז מ'האָט געקענט איבערציילן, וויפל מאָל ער האָט מיטן וויידל אַ וויס געטון פון דער ווינטער־תבואה אַרויס; קראָען זענען גאַנצע טשאַטעס אַרומגעקראָכן איבער די אומפּאַרעקערטע בייטן, וואָס האָבן זיך פויל אויף דער זון אויסגעצויגן, בחנם וואַרטנדיק אויף אַ מענטשלעכער האַנט.

וואָס איז דעם פאָלק אַרויסגעקומען דערפון, וואָס די טעג זענען געווען העלע און אויסדערוויילטע, וואָס אין די פרימאָרגנס האָבן זיי זיך אויפגעהויבן פונקט ווי די גאָלדענע הייליקע בילדער אין זילבער אויסגעבאָדן, וואָס זיי זענען געווען גרין, געשמעקט מיט די גראָזן, אָנגעוואַרעמטע און זינגענדיק פון די פייגל־שטימען, וואָס יעדער ראָוו האָט זיך געגאָלדעט פון די געלע בלימעלעך, יעדער סטעזשקעלע האָט געשימערט ווי אַ סטענגע מיט מאַרגאַריטקעס דורכגענייט, און די לאָנקעס זענען פונקט ווי מיט אַ ראָזן פוך מיט בלומען געווען אָפּגעשיט, אַז יעדער ביימע־

לע האָט געשפּרודלט מיט אָנגעזאַפּטער גרינקייט, און די גאַנצע וועלט איז אַזוי מיט פרילינג אָנגעזאַפּט געוואָרן, אַז די ערד האָט זיך געדאַכט קאָכט און ריזלט פון דעם פרילינגדיקן געזידעכץ!

און וואָס קומט אַלץ אַרויס דערפון, ווען די פעלדער זענען געלעגן נישט פּאַראַקערטע, נישט פּאַרזייעטע, נישט באַאַרבעטע, ווי למשל די געזונטע און שטאַרקע פּאַראָבקעס, וואָס ציען זיך נאָר אַרויס אויף דער זון, און גאַנצע וואָכן פאַרברענגען זיי מיט גאָרנישט אויף דער פּעטער, פּרוכטבאַרער ערד — איז טאַקע אָנשטאָט תבואה געוואַקסן דערנער, שטעכעכצן האָבן פון דער ערד אַרויסגעשאָסן, איבער די גריבלעך האָבן פאַרשידענע ווילדע געוויקסן אויפגעציטערט, שטשאַוו האָט זיך געגרינט, ווילדע גראָזן זענען געדיכט אויף די האַרבסט-אַקערן אַרויסגעוואַקסן, און אויף די קאָרן-פעלדער האָבן זיך די שלאַנקע ליכטלעך-פלאַנצן און לאָפּיאַן אויפגעהויבן, פונקט ווי די פאַרטרויליכע קומען זיך בריית צעזעצט, אַז אַלץ, וואָס האָט ביז אַהער נאָר געטליעט פאַרבאָרגן און מיט פחד געלעבט, האָט אַציִנד פרייליך אויפגעשפּראָצט, מיט שנעלן וווקס געהויבן זיך, ס'האָט זיך פון די אַקער-גראָבנס, אויף די בייטן אַרויסגעשטופּט און געדיכט זיך אויף אויף די אַקערפעלדער צעשפּרייט.

אַז אַ פחד האָט אַזש איבער דידאָזיקע פאַרלאָזענע פעלדער געווייעט.

אַז ס'האָט זיך אויסגעדאַכט, גלייך די וועלדער, וואָס האָבן זיך איבער די אומפּאַראַקערטע פעלדער נידעריק געבויגן, וואָלטן פאַרוווּנדעטע געפליסטערט צווישן זיך, אַז די שטראָמען האָבן זיך ווי עפּעס שרעקעוודיקער דורך ליידיקע פעלדער דורכגעשלענגלט, און די דערנער, וואָס זענען שוין מיט ווייסע קנאָספּן באַשיט געווען, די באַרנביימער אויף די סטעזשקעס, די דורכפליִנדיקע פייגל, דאָ עפּעס אַ וואַנדערער פון פרעמדע קאַנטן און אַפילו די צלמים און די הייליקע פיגורן, וואָס וואַכן איבער די וועגן, אַלץ האָט זיך מיט דערשטוינונג אַרומגעקוקט און געפרעגט די קלאָרע טעג און די פּוסטע אומפּאַראַקערטע פעלדער:

„און ווו האָבן זיך דאָס די „גאָספּאָדאַרזשעס" צוהינגעטון? ווו זענען די געזאַנגען, ווו איז די שפּרודלדיקע פרייעלעכקייט, ווו?..."

נאָר דאָס געוויין פון די פויערטעס האָט זיי געזאָגט, וואָס אין ליפּצע איז געשען.

און אַזוי איז אַוועק אַ טאָג נאָך אַ טאָג אָן שום ענדערונג צום בעסערן; פאַרקערט, וואָרן וואָס אַ טאָג איז כמעט וויניקער פויערטעס אויף די פעלדער אַרויסגעגאַנגען, וואָרן זיי האָבן זיך קוים געקענט מיט דער פאַרלעגענער אַרבעט אין די כאַלופּעס אַן עצה געבן.

נאָר, וואָס בײַ די באָרינעס איז אַלץ געגאַנגען ווי געוויינטלעך, פּאַמעלעכער נאָר ווי אין אַנדערע יאָרן, און אַ קאַפּעלע ערגער, וואָרן פּיעטרעק האָט זיך ערשט צוגעלערנט די פעלד־אַרבעט, אָבער ווי ס'זאָל נישט זײַן, האָט זיך עפּעס געטון, וואָרן קיין הענט צום העלפן האָבן נישט געפעלט.

האַנקאַ האָט, כאָטשיק נאָך פון בעט אַרויס, מיט אַלעם פּינדעסטוועגן געראָגירט און אַזוי געשיקט און שטרענג, אַז אפילו יאַגוש האָט זיך גלײַך מיט די איבעריקע געמוזט שטעלן צו דער אַרבעט און וועגן יעדער זאַך האָט זי גלײַך געדענקט: וועגן ליווענטאַרזש, וועגן קראַנקן, ווו צו אַקערן און ווו וואָס צו זייען, וועגן די קינדער, וואָרן ביליצאַ איז פון דעם שמד־מאָלצײַט אָן שוין מער נישט געקומען, ער איז אַפּנים קראַנק געוואָרן. איז פאַרשטייט זיך, אַז זי איז גאַנצע טעג געלעגן אייבּאַם, נאָר זעעבדיק מעגטשן באַם מיטאָג און אין אָוונט, אָדער די דאָמיניקאָוואַ וואָס האָט צו איר איין מאָל אין טאָג אַרײַנגעבליקט; קיין שום שכנטע האָט זיך נישט אַרײַנגעוויזן, אפילו מאַגדאַ, און ראָכאָ איז גלײַך ווי ער וואָלט פאַרפאַלן געוואָרן. אַזוי ווי ער איז דאַמאָלט אַוועקגעפאָרן מיטן גלח, אַזוי איז ער שוין מער נישט צוריקגעקומען. ס'איז איר שרעקלעך פאַרמיאוסט געוואָרן דאָס ליגן, איז דעריבער אַבי וואָס גיכער געזונט צו ווערן און כוחות אָנצוזאַמלען, האָט זי זיך נישט געזשאַלעוועט קיין שום פעט עסן, נישט קיין אייער, נישט קיין פלייש, זי האָט אפילו געהייסן שעכטן אַ

קאַקאָסקע אויף אַ ייכל, וואָס אַן אמת, נישט קיין לייגנדיקע, אָבער ווי נישט — צוויי גילדן איז זי ווערט געווען

איז האָט זי טאַקע גיך גובר געווען די קרענק, אַזוי, אַז באַלד נאָך פסח איז זי שוין אויפגעשטאַנען, באַשליסנדיק צו גיין אין קלויסטער אַריין די ערשטע תפילה נאָכן קימפעט מתפלל צו זיין; די ווייבער האָבן זי אָפּגערעדט, אָבער זי האָט זיך איינגע-שפּאַרט און באַלד נאָך דער סומע איז זי אַוועקגעגאַנגען מיט די פּלאַשקאָווע.

זי האָט זיך נאָך געוואַקלט אויף די פיס און אָפּט זיך אויף דער קומע אָנגעשפּאַרט.

— אַז אין קאָפּ דרייט זיך מיר אַזש, אַזוי שמעקט עס מיט וויאַסנע.

— אַ טאָג, צוויי און צ'וועט ענק אויסרוען.

— ס'איז ערשט אַ וואָך, און אין דרויסן האָט זיך ווי אויף אַ גאַנצן חודש געענדערט.

— אויף אַ פליבק פערד רייט זי די וויאַסנע, אַז דו וועסט זי נישט איבעריאָגן.

— נו, שוין איינמאָל גרין, יעזוס מיינער, שוין איינמאָל גרין!

ס'איז טאַקע אַזוי געווען, די סעדער זענען איבער דער ערד ווי אַ וואָלקן מיט גרינקייט געהאָנגען, אַז נאָר די קוימענס האָבן זיך פון איר אַרויסגעווייסט און די דעכער האָבן אַרויסגע-שטאַרט. אין די געדיכטענישן האָבן זיך די פייגל אָן אַן אויפ-הער צעטשוויטשערט, פון הינטן ווידער האָט פון די פעלדער אַ וואַרעמער ווינט געצויגן, אַז דאָס גראָז הינטערן פּלויט האָט אַזש אויפגעברויזט און דער סטאַוו האָט זיך געקנייטשט און גע-רונצלט.

— פיינע פּאָנקעס האָבן די קערשנביימלעך אָנגענומען, אָט אַ ליאַדע טאָג וועלן זיי אָנהייבן בליען.

— דער פראָסט זאָל זיי נאָר נישט אָפּקרעלן, וועט זיין פיין אויבסט.

— מ׳זאָגט, אַז ווען די תּבֿואה נישט גראָט, פאַרטרעט דער סאַד

— ס׳האַלט דערביי אין ליפּצע, ס׳גייט צו דעם!... — האָט זי טרויעריק אָפּגעזיפצט, מיט טרערן אַ בליק טוענדיק אויף די אומבאַזייעטע פעלדער.

זיי האָבן זיך גיך צוגעאײַלט מיט דער תּפילה, ווייל דאָס קינד האָט זיך צעשריגן, און אויף האַנקאַ האָט זיך דערפילט אַזוי שטאַרק אָפּגעמאַטערט, אַז זי האָט זיך באַלד באַכן אומקערן אַהיים, צוגעלעגט זיך אַ קאָפּ אויפן געלעגער, אָבער זי האָט נאָך רעכט נישט געהאַט אָפּגעעטעמט, ווי וויטעק איז מיט אַ געשריי אַריינגעלאָפן:

— באַלעבאָסטע, ציגײַנערס גייען אין דאָרף אַריין!

— מ׳האָסטו דיר, נאָך דאָס האָט דיר געפעלט. רוף אַהער פּיעטרעקן און מ׳זאָל פאַרמאַכן די טירן, זיי זאָלן עפּעס נישט אוועקכאַפּן.

זי איז אַרויסגעגאַנגען פאַר דער שטוב זייער אַן אויפגערעגטע.

ס׳האָט נישט לאַנג געדויערט ווי ס׳זענען זיך אַ גאַנצע באַנדע ציגײַנערקעס איבערן דאָרף צעלאָפן, אָפּגעריסענע, אָפּגעשליסענע, שוואַרצע ווי די סאַגאַנעס, מיט די קינדער אויף די פּלייצעס, און אַזעלכע איבערדריסיקע, אַז זאָל גאָט שומר ומציל זיין; זיי זענען אַרומגעקראָכן, געבעטלט, קאָרטן געוואָלט לייגן און מיט געוואַלט אין די שטיבן זיך אַריינגעריסן. באַ אַ צען שטיק זענען זיי געווען, און זיי האָבן אַ רעש איבערן גאַנצן דאָרף אָנגעמאַכט.

— יוזקאַ, פאַרטרייב די געגנדז מיט די הינער אין הויף אַריין, די קינדער ברענג אַריין אין שטוב, זיי וועלן נאָך צוגנבֿענען! — זי האָט זיך אַנידערגעזעצט אויפן גאַניק היטן, און דערזעענדיק עפּעס אַ ציגײַנערין, וואָס צאַיעט זיך אין הויף אַריין, האָט זי אויף איר אָנגערייצט דעם הונט, לאַפּאַ האָט זיך צעווילדעוועט און נישט אַריינגעלאָזט, אַז די מכשפה האָט מיטן שטעקן אַ דראָע געטון און עפּעס געמורמלט אויף איר.

— ס'דײַן, כ'האָב דיך ווי מיט דײַן שעלטן, דו גנבטע!

— זי וואָלט ענק נישט קײן עין הרע געטון, ווען ד'וואָלסט זי געווען אַרײַנגעלאָזט — האָט יאַגנאַ מיט אַ שטאָך אַ שעפּטשע געטון.

— זי וואָלט אָבער געווען עפּעס צוגעגנבט. אַזעלכע ווערט נישט דערהיטן, זאָלסט איר אַפּילו אויף די הענט קוקן, און אַז צ'ווילט ענק קאָרטן לײגן, איז יאָגטס ענק נאָך איר נאָך.

ווי ס'ווײַזט אויס, האָט זי איר אַרײַנגעטראָפן אין פּינטל אַרײַן, וואָרן יאַגנאַ האָט זיך אויפן דאָרף אַוועקגערטאָגן אין דעם גאַנצן זונטיקדיקן נאָכמיטאָג איז זי נאָך די ציגײַנערקעס נאָכגעקראָכן. זי האָט זיך בשום אופן נישט געקענט פון קאָפּ אַרויסשלאָגן עפּעס אַ פאַרשטיקטע מורא, און נישט געקענט גובר זײַן די בײַגעריקײַט פון קאָרטן זיך לײגן, אַז אפשר הונדערט מאָל האָט זי זיך געקענט אומקערן אין דער כאַלופּע אַרײַן און ווידער זיך נאָכאַמאָל נאָך זײ נאָכגעיאָגט, אַז ערשט אַרום בין השמשות, ווען די ציגײַנערקעס האָבן זיך אין וואַלד אַרײַן אַוועקגעלאָזט, האָט זי דערזען, ווי אײנע איז אין דער קרעטשמע אָפּגעטרעטן, האָט זי זיך געהײסן קאָרטן לײגן, נישט קוקנדיק אויף די מענטשן, וואָס זענען באַם שענקפאַס געשטאַנען.

אין זוונט, נאָך דער וועטשערע, זענען זיך צו יוזקען צוזאַמענגעקומען עטלעכע שיקסלעך, אויפן גאַניק אַרויף און אויסגעשמועסט זיך וועגן די ציגײַנער, דערצײלנדיק, וואָס זײ האָבן אַלץ יעדער אײנציקער צוגעטראָפן: אַז מאַרישאַ באַלצערקאָווען האָבן זײ פאָרויסגעזאָגט, אַז זי וועט ביז דער צײַט פון קאָפּען חתונה האָבן, נאַסטקען — אַ גרויס גוט מיט אַ מאַן, אולישען סאָכוווגע, אַז אַ חתן וועט זי אָפּנאַרן, דער גראָב-בײַכיקער ווערטאָנקאַ באַרטקאָוועןן, אַז זי וועט קראַנק זײַן, טערעסקען, דער זעלבערקע ווידער...

— פּעוונע אַ בענקאַט! — האָט די יאַגוסטינקאַ, וועלכע איז אָן אַ זײַט געזעסן, אַ וואָרטשע געטון.

זײ האָבן נישט געלײגט קײן אַכט אויף איר, וואָרן פּיעטרעק האָט זיך גראָד צו זײ צוגעזעצט און גענומען פרײדיקן פאַר זײ

פֿאַרשידענע מעשיות, אַז די ציגײַנער האָבן זייער מלך, וועלכער גייט אַרום אײַנגעוויקלט אין זילבערנע קנעפּ, און מ'האָרכט אים אַזוי, אַז ער זאָל אַפילו איינעם אַ געלעכטער נאָר הייסן זיך עמעצן אויפֿהענגען, איז וועט ער עס מיטן קוק אויספֿירן.

— אַ מלך פֿון גנבים, אַזאַ גבור און מען רייצט אויף אים אָן די הינט — האָט וויטעק געשעפּטשעט.

— ס'איז אַ הינטישע זרע, פֿאַרדאָרבענע געצנדינער! — האָט די אַלטע געמרוקעט און צורוקנדיק זיך, האָט זי אָנגעהויבן צו דערציילן, ווי אַזוי ציגײַנער גנבענען קינדער אין די דערפֿער.

— און כדי זיי זאָלן זײַן שוואַרץ, איז באָדן זיי די קינדער אין איבערגעקאָכט וואַסער מיט אָלשינע, אַז אַפילו די אייגענע מאַמע וואָלט עס דערנאָך נישט דערקענט, מיט ציגל ווידער רײַבן זיי דאָס לײַב אָן אַזש ביז די ביינער אויף דעם אָרט, וווּ מ'האָט בשעת דעם שמדן מיטן הייליקן בוימאייל געזאַלבט און פֿאַרוואַנדלען זיי פּשוט אין טײַוולאָנימלעך.

— און זיי קענען אפֿנים אַזאַ כּישוף און אַזעלכע אָפּשפּרעכונגען, אַז ס'איז אַזש אַ מורא פֿאַרן מויל דאָס צו ברענגען! — האָט עמעץ אַ פּישטשע געטון.

— ס'איז אמת, זאָל נאָר איינע אויף דיר אַ הויך טון, איז וואָלטן דיר שוין וואָנסעס אויף אַן אייל די לענג אַרויסגעוואַקסן.

— עך לאַכט!... מ'דערציילט, אַז אַ פּויער פֿון דער סלופּקער פּאַראַפֿיע, וואָס האָט אפֿנים אויף זיי הינט געהאַט אַגגע ייצט, איז האָט אויף אים נאָר אַ ציגײַנערקע אַ בלענד געטון מיט עפּעס אַ שפּיגעלע פֿאַר די שליפֿיעס, איז ער באַלד אינגאַנצן בלינד געוואָרן.

— און מ'שמועסט אפֿנים, אַז זיי קענען מענטשן פֿאַרוואַנדלען, אַפילו אין חיות.

— ווער ס'שיכּורט זיך אָן, דער פֿאַרוואַנדלט זיך אַליין צום בעסטן אין אַ חזיר

— ס'דען, און דער באַלעבאָס פֿון מאָדליץ, דער, וואָס איז

פאַראַיאָרן געווען אויפן אָטפּוסט, איז נישט געקראָכן אויף אַלע פיר, ר'האָט נישט געבילן?...

— דער נישט-גוטער האָט אים אין זיין נעץ אַריין גענומען, דער גלח האָט פון אים אַרויסגעטריבן דעם טייוול.

— יעזוס, אויף דער וועלט געפינען זיך דאָס אַזעלכע זאַכן, אַז די הויט ווערט אַזש געריגצלט!...

— וואָרן דער נישט-גוטער לאָקערט אומעטום, ווי דער וואָלף לעבן שעפסן.

אַ פחד האָט איבער די הערצער אַ ווייע געטון, אַז זיי האָבן זיך נאָך מער צוזאַמענגעדריקט, און וויטעק, וועלכער איז אינ־גאַנצן אויפגעציטערט געווען פון שרעק, האָט שטיל אַ שעפטשע געטון:

— און באַ אונדז סטראַשעט אויך עפּעס...

— באַטשקע נישט, נאַר, גלאַט אין דער וועלט אַריין! — איז די יאַגוסטינקע אויף אים אויפגעזיצן.

— כ'וואָלט געוואַגט דען, אַז ס'גייט פאָרט עפּעס אַרום אין דער פערדשטאַל, שיט צו אָבריק, די פערד הירזשען... און גייט הינטער דעם סטויג אַוועק, וואָרן כ'האָב געזען, ווי לאַפּאַ איז דאָרט אַהינגעלאָפן, געוואָרטשעט, געדרייט מיטן ווידל און צוגעלעקט זיך, און קיינער איז נישט געווען... דאָס מוז פּעוונע קובעס נשמה אַהערקומען... — האָט ער שטילער צוגעגעבן, אומקוקנדיק זיך אויף אַלע זייטן.

— קובעס נשמה! — האָט יוזקע אַ שעפטשע געטון, אָפּ־צלמנדיק זיך איינמאָל נאָכן אַנדערן.

אַלע האָבן אויפגעציטערט, אַ פראָסט האָט די ביינער דורכ־גענומען, און ווען עפּעס אַ טיר האָט אַ סקריפּע געטון, זענען זיי אויפגעשפּרונגען מיט אַ געשריי. דאָס איז האַנקאַ אויף דער שוועל געבליבן שטיין.

— פּיעטרעק, און ווו שטייען דאָס די ציגיינער? — מ'האָט געזאָגט אין קלויסטער, אַז זיי זיצן אין וואַלד נאָך באַריינעס צ'ם.

— מ'דאַרף צו היטן באַנאַכט, אַז זיי זאָלן אַמאָל עפּעס נישט אַרויספירן.

— אין דער נאַכט, זאָגט מען, גנבֿענען זיי נישט.

— ווו עס געראָט זיי, מיט צוויי יאָר צוריק זענען זיי אויך דאָרט געשטאַנען, און זיי האָבן סאָכען צוגענומען אַ חזיר... מען טאָר זיך נישט פאַרלאָזן דערויף! — האָט האַנקאַ געוואָרנט — און ווען די שיקסעס זענען זיך פונאַנדערגעגאַנגען, האָט זי אָפּגעהיטן די שקצים, אַז זיי זאָלן גוט נאָך זיך די שטאַלן פאַרמאַכן און די פערד־שטאַל, און ווען זי האָט זיך אומגעקערט, האָט זי אַריינגעבליקט אין פאָטערס זייט אַריין, צי יאַגושאַ איז שוין דאָ.

— גיב נאָר אַלויף, יוזקאַ, נאָך יאַגנען, זאָל זי אַהיימקומען, כ'וועל נישט איבערלאָזן היינט די טיר אויפגעפּראַלט אויף אַ גאַנצער נאַכט.

אָבער יוזקאַ האָט אינדערגיך איבערגעגעבן, אַז בײַ דער דאָמיניקאָווען איז פינסטער און אין דאָרף שלאָפט מען שוין כמעט אומעטום.

— כ'וועל זי נישט אַרייַנלאָזן די אַרומלויפערקע, זאָל זי זיך ביז אינדערפרי אינדרויסן איבערנעכטיקן! — האָט זי געדראָעט, פאַרריגלענדיק די טיר.

ס'האָט שוין געמוזט טאַקע זיין זייער שפּעט, ווען זי האָט דערהערט דאָס רייסן בײַ דער טיר, זי האָט זיך אַראָפּגעשלעפּט עפענען און זי האָט אַזש אַ טרעט צוריק געגעבן, אַזוי האָט פון יאַגנען אַ זעץ געטון אַ ריח פון בראָנפן, זי האָט נישטשהדיק געמוזט זיין אָנגעשיכורט, ווייל זי האָט לאַנג געטאַפּט בײַ דער קליאַמקע אַז מ'האָט געהערט. ווי זי האָט זיך אין שטוב פאַרטשעפּעט אָן פאַרשידענע זאַכן און אויך דאָס, אַז אַזוי ווי זי איז געשטאַנען און געגאַנגען האָט זי זיך אַ וואָרף געטון אין בעט אַרייַן.

— טה! אויפן אָטפּיסט וואָלט זי זיך שוין בעסער נישט געקענט לאָזן ווילגיין, נע, נע!...

אָבער דערדאָזיקער נאַכט איז שוין נישט באַשערט געווען זי זאָל רויק אַדורכגיין, וואָרן ווי ס'האָט נאָר אָנגעהויבן טאָגן האָט זיך דאָס דאָרף אויפגעטרייסלט פון אַזאַ געוואַלט און געיאָמערײַ, אַז ווער ס'איז נאָך געשלאָפן, איז אין איין העמד גיך

אויפן וועג אַרייסגעלאָפן, מיינענדיק, אַז עס ברענט ער־געץ...

דאָס האָט עס די באַלצערקאָווא מיט די טעכטער אַזוי זיך געריסן מיט המל־שרייענדיקע קולות, אַז גנבים האָבן איר דאָס פערד אַרויסגעפירט.

אין איין אויגנבליק איז זיך דאָס גאַנצע דאָרף צוזאַמענגע־לאָפן פאַר דער כאַלופע, און זיי האָבן נאַקעטע און בלויז אין דער־ציילט, כמעט נישט זייענדיק באַ די געדאַנקען און מיט אַ געוויין און אַ געיאָמעריי, ווי אַזוי מאַרישיאַ איז פאַרטאָג געגאַנגען צו־שיטן אַבריק, און דאָ איז די טיר אויפגעפראַלט, די פערד־שטאַל איז ליידיק און דאָס פערד איז נישטאָ באַם זשלויב.

— ראַטעווע, ליב האַרציקער יעזוס! ראַטעוועטס, מענטשן, ראַטעוועטס! — האָט די אַלטע געריטשעט, רייסנדיק זיך די האָר פון קאָפּ און קלאַפּנדיק, אַן דעם פּלויט, ווי אַ פויגל אין דער נעץ.

דער סאַלטיס איז געקומען צו לויפן, מ'האָט נאָכן וואָיט אויך געשיקט, אָבער ער איז נישט געווען אינדערהיים, ער האָט זיך ערשט באַוויזן אין אַ שפּעטער ווײַלע אַרום, נאָר ער האָט זיך קוים אויף די פיס געהאַלטן: ער איז געווען שיכור, נישט אויס־געשלאָפן און להלוטין נישט באַם קלאָרן געדאַנק, וואָרן ר'האָט אָנגעהויבן עפּעס צו מורמלען און די מענטשן צעטריבן, אַז דער סאַלטיס האָט אים אַזש געמוזט פון די אויגן אַוועקנעמען.

אָבער מ'האָט סיי ווי ווייניק וואָס אַכט געלייגט אויף אים אין דערדאָזיקער שווערער באַטריבטקייט, וואָס האָט ווי מיט שטיינער אַלע נשמות צוגעלייגט; מ'האָט כסדר אויסגעהערט דאָס דערציילן, טרעטנדיק פון דער שטאַל אויפן וועג אַרויס און צו־ריק, נישט וויסנדיק, וואָס אָנצוהייבן, אָן שום עצה און ביזן גרונט איבערגעשראָקן, ביז איינע האָט אויפן קול אויסגערופן:

— דאָס איז אַ ציגיינעריש שטיקל אַרבעט!

— אמת, זיי שטימען אין וואַלד! זיי האָבן נעכטן דאָ גע־נישטערט!

— ס׳האָט נישט קיין אַנדערער צוגעגנבעט, ניין! — האָבן זיך ברוגזדיקע קולות אָפּגעריסן.

— אַהינלויפן צו זיי און אָפּנעמען, און אָנקיילן זיי די גנבים! — האָט די גולבאַסאָווע געגוואַלטעוועט.

— איך טויט דערממיתן פאַר אַזאַ עוולה!

אַן אומגעהייער געשריי האָט אַרויסגעזעצט צו דער זון, וואָס איז גראָד אויפגעגאַנגען, זיי האָבן אָנגעהויבן פלאָקנס פון די פלויטן אַרויסצורייסן, טרייסלען מיט די פויסטן, דרייען זיך אויף איין אָרט, דאָ ערגעץ אַרויסלויפן פאָרויס מיט אַ געשריי, ווי אַ ניי עסק האָט זיך באַלד אַרויסגעוויזן.

די סאָלטיסעכע איז אַרויסגעלאָפן מיט אַ געוויין, אַז מ׳האָט זיי אויך אַ וואָגן פון הויף אַראָפּגעגנבעט.

זיי זענען ווי פאַרשטיינערט געבליבן, גלייך ווי אַ דונער וואָלט ערגעץ אין דער נאָענט אַריינגעשלאָגן, אַז אַ לאַנג שטיק צייט האָבן זיי נאָר אָפּגעזיפצט, פונאַנדערשפּרייטנדיק די הענט און קוקנדיק אויף זיך מיט אויפגערעגטקייט.

— אַ פערד מיט אַ וואָגן האָבן זיי צוגעגנבעט, נע, אַזאַ מעשה איז נאָך אין דאָרף נישט געשען

— עפּעס אַ שטראָף איז אויף ליפּצע אַראָפּגעפאַלן.

— און וואָס אַ וואָך איז ערגער!

— פריִער איז דורך יאָרן אַזוי פיל נישט געשען, וואָס אַצינד דורך איין חודש.

— און ווער ווייסט מיט וואָס דאָס וועט זיך ענדיקן, ווער ווייסט! — האָבן זיי מיט שרעק צווישן זיך געשעפּטשעט.

מיטאַמאָל האָבן זיך אַלע אַ לאָז געטון נאָכן סאָלטיס אין דער באַלצערקאָוועס סאָד אַריין, וווּ מ׳האָט בפירוש אָנגעזען צייכנס פון פערד־טריט איבערן טוי און איבער דער פרישער ערד, אַזש ביז צו דעם סאָלטיס שייער; דאָרט האָבן די גנבים דאָס פערד צוגעשפּאַנט צום וואָגן און אַרומקרייזנדיק איבער די פעלדער, זענען זיי לעבן מילנער אַרויסגעפאָרן אויפן וועג, וואָס גייט קיין וואָליע.

אַ האַלב דאָרף איז געגאַנגען, באַטראַכטנדיק אין דער שטיל

די צייכנס, וועלכע זענען ערשט היינטער די פארברענטע סטויגן, באם אראפדרייען זיך קיין פאדלעשיע פלוצלינג פארפאלן געווארן, אז ס'איז קיין אופן נישט געווען זיי אפצוזוכן.

אבער דידאזיקע גנבה האט אזוי אלע פארזארגט געמאכט, אז כאטש דער טאג איז געווען זייער א הערלעכער, פונדעסטוועגן האט זיך ווייניק ווער גענומען צו דער ארבעט. זיי זענען ארומגעקראכן ווי די אפגעזעגנטע, געבראכן די הענט, באדויערנדיק די באלצערקאווא, און וואס אמאל זיך מער אדורכגענומען מיט דער שרעק וועגן אייגן האב און גוטס.

די באלצערקאווא ווידער איז געזעסן בא דער פערד־שטאל, ווי פאר דער טרומנע, זי איז אויפגעשוואלן געווארן פון וויינען און קוים שוין אטעמענדיק, האט זי פון צייט צו צייט ארויסגעזעצט מיט א געיאמער:

— א, מיין איינציקער קאשטאן, מיין טייער פערדעלע, מיין בעסטער פאראבניק! ס'טייטש אין צענטן יאר איז ער דאך ערשט געווען, כ'האב דאך אים אליין פון א זשריביע אן אויפגעכאוועט, ווי אן אייגן קינד, ס'טייטש ער איז דאך אין זעלבן יאר געבוירן געווארן, וואס מיין כטאף! אין וואס וועלן מיר אצינד, יתומים, טון אן דיר, וואס

זי האט אזוי יעמערלעך געקלאגט, אז ווער ס'איז געווען א ווייכערער האט מיטגעוויינט מיט איר צוזאמען, באדויערנדיק דעם היזק, ווארן אן א פערד איז ווי אן א האנט, און איבערהויפט אצינד אויף וויאסנע און ווען די פויערן זענען נישטא.

איז פארשטייט זיך, אז די שכנטעס האבן זיך ארום איר ארומגעזעצט, טרייסטנדיק זי פון גאנצן הארץ, און איינגעם גענומען דערמאנען דעם קאשטאן, לויבנדיק אים אן א שיעור.

— א שיין פערד איז דאס געווען, א שטארקס גאך, און ווי א קינד, אזוי מילד.

— ר'האט מיר, קומע, מיין שגצל צעקאפעט, אבער אינדעראמתן איז עס געווען אן אויסגעצייכנטער וואלאך.

— אמת, ר'האט געהאט א גילע אויפן פוס און א קאפ בלינד־

געווען, אָבער ווי ס'זאָל נישט זיין, פּערציק פּאַפּירלעך האָט מען פאַר אים געגעבן.

— און קונצן האָט ער געמאַכט ווי אַ הונט, ר'האָט נישט אַראָפּגעצויגן דאָס בעטגעוואַנט פון די פּלויטן? האַ?

— מען דאַרף זוכן אַ צווייטן אַזעלכן, דאַרף מען! — האָבן זיי שמערצלעך באַדויערט, ווי איבער עפּעס אַ מת, און די באַלצער-קאָווע האָט בײַ יעדן קוק אויפן זשליוב אַ פרישן גערייטש אַרויסגעלאָזט און אַ פרישער ווייטיק האָט זי באַם האַלדז צוגעדריקט, און די ליידי-קע שטאָל האָט ווי אַ פרישער קבר אויפגעוועקט בײַ איר דעם זכרון פון אַן אומגעהייערן שאָדן, וואָס וועט זיך איר שוין מער נישט אומקערן. זי האָט זיך ערשט דאַמאָלס באַרויִקט, ווען מ'האָט איר געזאָגט, אַז דער סאָלטיס זאָל האָבן גענומען פּיעטרעקן האַנקעס, וואַלעקן פון גלח, דעם מילנער-שגץ און זיי זענען אוועקגעפאָרן זוכן בײַ די ציגײַנער.

— ס'דען, זוך דעם ווינט אין פעלד: ווער ס'איז אַ גנב אין בלוט, דער באַהאַלט שוין גוט.

ס'איז שוין געווען אַ שפּאָר שטיק אין אָונט, ווען זיי האָבן זיך אומגעקערט, און האָבן דערציילט, אַז ס'איז אין ערגעץ קיין סימן נישטאָ, ווי אַ שטיין אין וואַסער אַריין

דער וואָיט האָט זיך אויך באַוויזן אין דאָרף, און כאָטש די נאַכט איז שוין געהאַט צוגעפאַלן, האָט ער מיטגענומען דעם סאָל-טיס אויף דער בריקע און איז אוועקגעפאָרן איבערגעבן דאָס די סטראַזשניקעס אין דער קאַנצעלאַריע, און די באַלצערקאָווע מיט מאַרישען זענען אויף אייגענער האַנט אוועקגעגאַנגען זוכן אין די שכנותדיקע דערפער.

אָבער זיי האָבן זיך אומגעקערט מיט גאָרנישט, זיי זענען נאָר געוויר געוואָרן, אַז אין די אַנדערע דערפער האָבן זיך אויך פאַרמערט די גנבות. דורך דעם איז אויף די מענטשן געפאַלן נאָך אַ גרעסערער פחד, וואָרן די מורא וועגן אייגענעם האָב און גוטס, אַז דער וואָיט האָט אַזש געמוזט שטעלן היטערס, און ווייל ס'האָבן אויסגעפעלט פּאַראָבקעס, [illegible]ז האָבן צו צוויי פויערטעס צוזאַמען מיט די עלטערע שקצים געזאָלט יעדע נאַכט דאָס דאָרף אַרומגיין

אין היטן, און אַ חוץ דעם האָט מען אויך אין יעדער כאַלופּע באַזונדער געוואַכט, אַלע שיקסעס ווידער זענען געגאַנגען שלאָפן אין די פערד־שטאַלן און אין די בהמה־שטאַלן אַריין.

און דאָך האָט דאָס אויך נישט געהאָלפן, און דער פּחד איז נאָך מער געוואַקסן, וואָרן נישט קוקנדיק אויף די אַלע היטעכצן, האָבן גנבים באַלד די ערשטע נאַכט בײַ דער פּיליפּקען פון הינטערן סטאַוו אַ חזיר, וואָס האָט זיך געהאַלטן אין אָפּלייגן, אַרויסגעגנבעט.

ס'איז פשוט נישט צום איבערדערציילן, וואָס מיט דערדאָזיקער אָרימער נעבעך האָט זיך אָפּגעטון: זי האָט אַזוי פאַרצווייפלט געיאָמערט, אַז נאָך אַ קינד וואָלט זי שוין נישט ערגער געקענט, וואָרן דאָס איז דאָך געווען איר איינציק פאַרמעגן, פאַר וועלכן זי האָט גערעכנט אַדורכצולעבן ביזן שניט; זי האָט דאָס געריטשעט, שלאָגנדיק זיך אָן דער וואַנט, אַז ס'איז אַזש אַ מורא געווען צו קוקן. אַפילו צום גלח איז זי אַוועקגעלאָפן מיט אַ יללה, אַז ער האָט זיך אַזש דערבאַרעמט איבער איר, און איר געגעבן אַ גאַנצן רובל און צוגעזאָגט אַ חזירל פון די, וועלכע האָבן זיך ערשט אַרום שניט געזאָלט אָפּלייגן

און דער עולם האָט שוין נישט געוווּסט, וואָס מען טוט און ווי אַזוי זיך צו פאַרהיטן פאַר די גנבות, דער טאָג איז אויך אויפגעשטאַנען עפּעס ווי נאָך אַ לוויה, דאָס וועטער האָט זיך אויך געהאַט געענדערט, אַ רעגנדל האָט געפּאַטשט פון אינדערפרי אָן און דער גרויער שווערער הימל האָט ווי די גאַנצע וועלט צוגעדריקט, איז האָט אַ טרויער די נשמה אַרומגענומען, מענטשן זענען אַרומגעגאַנגען באַטריבט, געזיפצט און געוויייטיקט, מיט פּחד טראַכטנדיק וועגן דער נאַכט, וואָס קומט אָן.

ווי צום גליק, איז האָט זיך אין סאַמע פאַרנאַכט ראָכאָ באַוויזן און לויפנדיק איבער די כאַלופּעס, האָט ער צעטראָגן אַן אויסטערלישע נייעס, וואָס איז פשוט שווער געווען צו גלייבן. און אָט האָט ער דערציילט מיט אַ פרייליכער שטימע, אַז איבערמאָרגן דאָ ערשטיק, וועלן זיך די שכנים אין אַ גאַנצער מחנה צוזאַמענפאָרן צו העלפן די ליפּצער אין דער פעלד־אַרבעט.

פון אָנפאַנגס האָט זיך דאָס נישט געגלאָזט גלייבן, אָבער ווען אויך דער דאָבראָדזשעי איז אַרויסגעגאַנגען איבערן דאָרף און האָט גייערלעך באַשטעטיקט — האָט אַ פרייד אַרויסגעזעצט צווישן די מענטשן אַז שוין אין בין השמשות, ווען דער רעגן האָט אויפגעהערט, און נאָר די קאַלוזשעס האָבן זיך געגרייטלט פון די זון-פאַרגייענדיקע שטראַלן, וואָס האָט זיך דורך דעם נעפּל דורכגעריסן, האָבן די וועגן אָנגעהויבן ווימלען פון מענטשן, פרייליכדיק מיט פריידיקע אויסגעשרייען. ס'האָט אויפגעקאָכט אין די כאַלופּעס פון די געשפּרעכן, מ'איז געלאָפן צו די שכנים איבערצוטראַכטן און אויסצוּוווּנדערן זיך איבער דערדאָזיקער נייעס׳ פאַרגעסנדיק לגמרי אָן די גנבות און זיי האָבן זיך אַזוי האַרציק געפרייט מיט דערדאָזיקער אומגעריכטער הילף, אַז מ'האָט אפילו ווייניק ווער די היינטיקע נאַכט געהיטן.

צומאָרגנס, ווי ס'איז קוים נאָר טאָג געוואָרן, איז שוין דאָס גאַנצע דאָרף געשטאַנען אויף די פיס; מ'האָט צוגערוימט די כאַלופּעס, מ'האָט זיך גענומען צום באַקן ברויט, מ'האָט צורעכט געמאַכט די וועגנס, מ'האָט געשניטן קאַרטאָפליעס צום זעצן, מ'איז געגאַנגען אין פעלד אַריין צו צעוואַרפן דאָס מיסט, וואָס איז געלעגן אין קופּעס — און אין אַ טייל כאַלופּעס האָט מען זיך געזאָרגט וועגן עסן און טרינקען פאַר די אומגעריכטע געסט, וואָרן זיי האָבן פאַרשטאַנען, ווי אַזוי מען דאַרף זיך בכּבודיק צו שטעלן, באַלעבאַטיש-מעסיק, אַזוי, אַז צוליב דעם האָט נישט איין הון, אָדער גענדזל, וואָס איז אָנגעגרייט געווען צום פאַרקויפן, דעם האַלדז געגעבן און נישט ווייניק האָט מען אין דער קרעטשמע און אין דער מיל אויף באָרג אָנגענומען. ווי פאַר אַ גרויסן יום-טוב עפּעס האָט זיך אין ליפּצע גערודערט.

און ראָכאָ, אפשר דער, וואָס האָט זיך צום מייסטנס געפרייט און גערירט געווען, האָט זיך אַ גאַנצן טאָג איבערן דאָרף אַרומגעפּאָרעט, אונטערטרייבנדיק נאָך דאָ און דאָרט מען זאָל זיך צוגרייטן, און ער האָט אַזוי געשיינט און צו אַלעמענס וווּנדער, אַזוי באַרעדעוודיק געווען, אַז ווען ער האָט אַריינגעבליקט צו די באַ-

רינעס, האָט האַנקאַ, וועלכע איז ווידער געלעגן, פילנדיק זיך שלאָף, שטיל אים אַ זאָג געטון:

— די אויגן גלי׳ען ענק ווי אין אַ קרענק...

— כ׳בין געזונט, נאָר פרייליך, ווי קיינמאָל אין לעבן נאָך נישט. שטעלטס ענק פאָר: אַזוי פיל פויערים וועלן זיך אַ שיט אָן טון אויף צוויי טאָג קיין ליפּצע, אַז זיי וועלן די וויכטיקסטע אַרבעט אָפּטון. איז ווי אַזוי זאָל מען זיך נישט פרייען?

— ס׳איז מיר נאָר אַ וווּנדער, אַז אַזוי אומזיסט, אָן באַצאָלטס, פאַרן בלויזן שיינעם דאַנק ווילן זיי אַרבעטן... אַזאַ מעשה איז נאָך נישט געשען...

— און פאַר אַ שיינעם דאַנק טאַקע וועלן זיי קומען אַרבעטן, ווי פאַר רעכטפאַרטיקע פּאַליאַקן און קריסטן פּאַסט! אוודאי, אַז נאָך קיינמאָל איז דאָס נישט געשען, אָבער צוליב דעם טאַקע געוועלטיקט דאָס שלעכטס אויף דער וועלט. ס׳וועט זיך נאָך פאַרענדערן צום גוטן, צ׳וועט זען! דאָס פאָלק וועט קומען צום פאַרשטאַנד, ס׳וועט זיך כאַפּן, אַז ס׳איז זיך נישטאָ אויף וועמען אָבדערש צו פאַרלאָזן, אַז קיינער וועט אים נישט העלפן, נאָר ער זיך אַליין, אונטערשטיצנדיק איינער דעם אַנדערן בשעת אַ נויט; און דאַמאָלס וועט ער זיך איבער דער גאַנצער ערד, ווי דער אומבאַזיגבאַרער וואַלד צעוואַקסן און זיינע פיינט וועלן ווי שניי פאַרשווינדן ווערן! צ׳וועט זען, ס׳וועט קומען אַזאַ צייט! — האָט ער אויסגערופן, שטראַלנדיק אינגאַנצן און די הענט ערגעץ אויסצי׳ענדיק, גלייך ער וואָלט געוואָלט מיטן האַרץ דאָס גאַנצע פאָלק אַרומנעמען און מיט ליבע אין איין נישט צעברעכבאַרן בינט צוזאַמענבינדן...

אָבער ער איז באַלד אַנטלאָפן, וואָרן זי האָט אים אָנגעהויבן אויסצופרעגן: ווער ס׳האָט אַזאַ וווּנדער באַוויזן, אַז זיי קומען מיט הילף? ער איז אַרומגעגאַנגען איבערן דאָרף, וואָרן ביז שפּעט אין דער נאַכט אַריין האָט זיך אין די כאַלופּעס געלויכטן, ווייל די שיקסעס האָבן זיך כמעט די יום־טובדיקע קליידער צוגעגרייט, ריכטנדיק זיך, אַז ס׳וועלן אַ שפּאָר ביסל פאַראָבקעס אָנקומען.

און צומאַרגנס, קוים וואָס דער פאַרטאָג האָט די דעכער אָפּ־געווייסט, איז שוין דאָס דאָרף גרייט געווען, פון די קוימענס האָט געראַכערט, די שיקסעס זענען ווי פאַרסמטע איבער די כאַלופּעס אַרומגעלאָפן, די שקצימלעך ווידער האָבן זיך איבער די לייטערס אויף די דעכער אַרויפגעדראַפּעט, און געקוקט אויפן וועג אַרויס, אַ יום טובדיקע שטילקייט איז אויפן דאָרף געפאַלן. דער טאָג האָט זיך געשטעלט אַ וואַלקנדיקער, אָן זון, נאָר אַ וואַרעמער און עפּעס אַן אויסטערליש פאַרבענקטער. די פייגל האָבן אָן אַן אויפהער איבער די סעדער געטשוויטשערט, די מענטשלעכע שטימען זענען אַנטשוויגן געוואָרן, שווער זיך באַוועגנדיק אין דערדאָזיקער אָנגעוואַרעמטער, פייכטלעכער לופט.

זיי האָבן לאַנג געוואַרט, וואָרן ערשט דאַמאָלס, ווען מ'האָט צו דער מאָרגן־תפילה אָנגעהויבן קלינגען, האָט זיך אַ טויב גע־רויש פון די וועגן צעטראָגן, און פון אונטער די בלויע, שיטע־רע בעפלען האָבן זיך אָנגעהויבן אַרויסשיטן אַ רייע מיט פורן.

— מ'פאָרט פון וואָליע!

— מ פאָרט פון זשעפּקע!

— מ'פאָרט פון דעמביצע!

— מ'פאָרט פון פּזשילענקע!

האָט מען געשריגן פון אַלע זייטן, אַרויסלויפנדיק אַקעגן פאַרן קלויסטער, ווו די ערשטע פורן זענען פאַרפאָרן, און אין קורצן איז דער גאַנצער פלאַץ געווען פאַרפּאַקט מיט מענטשן און געשפאַנען. די פויערן זענען יום־טובדיק אָנגעטועטע אַראָפּגעשפרונ־גען פון די פורן, וואַרפנדיק באַגריסונגען צו די פויערטעס, וואָס זענען פון אומעטום אָנגעקומען, די קינדער ווידער האָבן ווי שטענ־דיק אָנגעמאַכט אַ געטומל, אַרומרינגלענדיק די נײַנגעקומענע.

און זיי זענען באַלד געגאַנגען צו דער תפילה, וואָרן אין קלויסטער האָט שוין דער אָרגל געשפּילט.

און אַזוי ווי דער גלח האָט נאָר פאַרענדיקט, האָט זיך כמעט דאָס גאַנצע דאָרף אַ שיט אַרויס געטון פאַרן טויער פון צמענטאַרזש אונטער דער גלאָקן־טורם, די באַלעבאָסטעס האָבן זיך אַרויסגע־שטעלט פאַרויס, די שיקסעס האָבן זיך געדרייט פון דער זייט,

דורכבויערנדיק מיט די שליפיעס די פּאַראַבקעס, און די קאַמאַר־ביצעס האָבן זיך צוזאַמענגעשלאָגן אין אַ באַזונדערער קופּע, ווי די קאַ־ראַפּאַטווּעס, נישט האָבנדיק די העזה זיך צו שטופּן אונטערן גלחס אויגן, וועלכער האָט זיך באַוויזן; ר׳האָט אַלע באַגריסט און צו־זאַמען מיט ראָכאָן האָט ער אָנגעהויבן איינצוסדרן, וועלכער ס׳האָט צו פאָרן אַרבעטן אין דער אָדער יענער כאַלופּע, אַכטונג געבנדיק נאָר, אַז מ׳זאָל איינקוואַטירן רייכע צו רייכע.

ער האָט דאָס אַזוי מיטן קוק איינגעסדרט, אַז ס׳איז נישט אַדורך קיין האַלבע שעה, און מ׳האָט שוין געהאַט די פויערן פּו־גאָנדערגעריסן, פאַרן קלויסטער זעגנדיג נאָר איבערגעבליבן די פּאַר־ווייניקע קאַמאַרניצעס, וואָס האָבן בחנם געוואַרט, אַז פאַר זיי וועט אויף עמעצער אויספאַלן, אין דאָרף ווידער האָט זיך געמאַכט אַ געררודער: מ׳האָט אַרויסגעשטעלט בענק פאַר די כאַלופּעס, דער־לאַנגדיק אין איין אָנעם דאָס אָנבייסן און מכבד זייענדיק מיט בראָנפן אויף גיכער מהותנותשאַפט. די שיקסעס האָבן גערן באַ־דינט, קוים זיך צורירנדיק צום עסן, וואָרן דאָס רוב זענען דאָס געווען פּאַראַבקעס און אַזוי אויסגעשלייערט, ווי זיי וואָלטן אויף אַ זעעכץ, נישט אויף קיין אַרבעט געקומען צו פאָרן.

ס׳איז נישט געווען קיין צייט אויף צו שמועסן און זיי האָבן בלויז אויסגערעדט דאָס, וואָס זיי האָבן געענטפערט פון וועלכן דאָרף זיי זענען, ווי אַזוי זיי הייסן, זיי האָבן אפילו ווייניק וואָס גע־געסן, מיט אַ פּאָליטישנעם אויסרייד מכלומרשט, אַז זיי האָבן נאָך נישט פאַרדינט אויף קיין בעסער אָנבייסן.

אינגיכן טאַקע האָבן זיי, אונטער דער אָנפירונג פון די פויערטעס, אָנגעהויבן אַרויסצופאָרן אין די פעלדער אַריין.

ווי אַ פייערלעך חגאלע עס וואָלט זיך אויף דער וועלט גע־מאַכט.

די פוסטע און פאַרשטאַרטע פעלדער האָבן אויפגעלעבט, שטימען האָבן אָפּגעקלונגען, פון אַלע הייף האָט מען אַרויסגע־שלעפּט פורן, מיט אַלע וואָגלעך האָבן זיך געצויגן אַקעראײזנס, מיט אַלע סטעזשקעס האָבן זיך מענטשן געשיט, און אומעטום, דורך די סעדער און דורך די פעלדער האָבן זיך געטראָגן גע־

שרייען, עס זענען געפלויגן פריידיקע באַגריסונגען, פערד האָבן געהירזשעט, די פאַרטרוקנטע רעדער האָבן געקריצט, די הענט האָבן געבילן, נאָכיאָגנדיק זיך פאַרביסן נאָך די זשרעבאַקעס, און אַ פּולע, שטאַרקע פרייד האָט אַלע הערצער אָנגעפולט און איבער דער ערד זיך געטראָגן — און אויף דעם צעאַקערטן פעלד אויף קאַרטאָפליעס, אויף די גערשטן-פעלדער, אויף די קאָרן-פעלדער, אויף די ווילד פאַרוואַקסענע שטיקער פעלד איז מען געשטאַנען און מיט אַ פריילעכן געשפּרעך, רוישיק און הילכיק, ווי צום טאַנץ.

מיטאַמאָל איז אַלץ שטיל געוואָרן, די בייטשן האָבן געסווישטשעט, די אָרטשיקעס האָבן אַ קלונג געטון, די פערד האָבן זיך אויסגעשטייפט, און די נאָך פאַרזשאַווערטע אַקעראײַזנס האָבן זיך אָנגעהויבן פאַמעלעך אין דער ערד אײַנצושנײַדן און אַרויסצוּוואַרפן די ערשטע שוואַרצע און גלאַנציקע שטיקער ערד, און דער עולם האָט זיך אויסגעגלײַכט, אָפּגעטעמט, איבערגעצלמט זיך, אַ פיר געטון מיט די אויגן איבער די פעלדער, זיך אײַנגעבויגן און צו דער אַרבעט און מי זיך גענומען.

אַ פּילשטענדיק פרומע און הייליקע שטילקייט האָט די פעלדער אַרומגענומען, ווי אַ גאָטעסדינסט וואָלט זיך אָנגעהויבן אָפּצוריכטן אין דעמדאָזיקן אומגעהײַערן קלויסטער. דאָס פאָלק האָט זיך מיט הכנעה צו די בייטן צוגעדריקט, אַנטשוויגן געוואָרן און מיט אַ האַרציקן זיפץ געוואָרפן די הייליקע, פרוכטבאַרע זאָמען, פאַרזייעט די מי אויף דעם פרוכטבאַרן מאָרגן, דער מאַמע ערד זיך אײַנגאַנבצן און מיט פולן בטחון אָפּגעגעבן.

העי! און ווידער האָבן די ליפּצער פעלדער אויפגעלעבט, זיי האָבן זיך דערוואַרט נאָך די באַלעבאַטים, די בענקענדיקע, וואָרן ווי ס'איז האָט באַר געקענט דערגרייכן, פון די וואָלקנדיקע וועלדער אַזש ביז די הויכע פעלדער-גרענעצן, איבער דער גאַנצער ערד אין דערדאָזיקער גרוי-גרינלעכער, פאַרנעפּלטער לופט, גלײַך ווי אונטערן וואַסער, האָט אַזש געווימלט פון די רויטע וועלביאַקעס, געפּאַסעוועטע הויזן, ווײַסע קאַפּאָטעס, אײַנגעבויגענע פערד אין די אַקעראײַזנס און פורן אויף די סטעזשקעס.

גלייך ווי אַ בינשטאָק וואָלט די שמעקעדיקע ערד באַזעצט און מיזאַם געווימלט אין דער שטילקייט פון דעם פרילינג־טאָג — אַזוי, אַז די לערכעס האָבן הילכיקער געזונגען, באַוועגנדיק זיך ערגעץ נישט באַמערקטע, אַ ווינט האָט אויף פון צייט־צו־צייט אַ בלאָז געטון, אַ טרייסל געטון מיט די ביימלעך, צעווייעט באַ די פויערטעס די קליידער, צוגעגלעט דאָס קאָרן און מיט אַ כאַכאָטשען אין די וועלדער אַריין אַנטלאָפן.

לאַנגע שעהן האָבן זיי אַזוי געאַרבעט אָן אָפּרו, אויף אַזוי פיל זיך נאָר אָפּרוענדיק, וואָס עמעץ האָט דאָרט ערגעץ דעם רוקן אויסגעגלייכט, אָפּגעטעמט און ווידער זיך צו דער בייט צוגעטון. אַז אַפילו אויף מיטאָג זענען זיי פון די פעלדער נישט אַראָפּגעפאָרן, זיי האָבן זיך נאָר אויף די סטעזשקעס אַנידערגעזעצט, פון די געפּאַכטענע קיישעלעך אַרויס עפּעס געגעסן און די ביינער געלאָזט אַ ביסל אָפּרוען. אָבער אַזוי ווי די פערד האָבן נאָר עפּעס איבערגעכאַפּט, האָבן זיי זיך געכאַפּט צו די אַקעראייזנס, נישט פוילנדיק זיך, נישט פאַרציענדיק. ערשט אין סאַמע בין השמשות האָבן זיי אָנגעהויבן פון די פעלדער אַראָפּצוגיין.

באַלד האָבן די כאַטעס אויפגעבלישטעט און אויפגעקאָכט מיט אַ געטומל און אַ גערעדעריי. דאָס גאַנצע דאָרף איז געבליבן שטיין אין פלאַקערן פון די פייערן, וואָס האָבן זיך פון די אָפענע טירן־פענסטער אויפן וועג אַרויסגעריסן, אין יעדער כאַלופּע האָט מען זיך געפּאָרעט באַם צורוימען און אַרום דער וועטשערע. ס'האָט זיך אויפגעהויבן אַ גערודער, געשרייען, אַ הירזשען פון פערד, אַ סקריפּען פון די טויערן, אַ בעטשען פון די קעלבער, אַ געשריי פון די גענדז, וואָס מ'האָט אויף באַנאַכט אין די פאַרצוימונגען פאַרטריבן, קינדערישע געקוויטשען, אַז דאָס גאַנצע דאָרף האָט גערוישט און געטרייסלט זיך מיט דעמדאָזיקן אויסטערליש פריילעכן געריזל.

ערשט דעמאָלט איז אַ ביסל שטילער געוואָרן, ווען די באַלעבאָסטעס האָבן צו די שיסלען) פאַרבעטן, אַזוי פיין כבוד אָפּגעגעבנדיק די פויערן, אַז זיי האָבן זיי אַזש באַזעצט אויף די ערשטע

צרטער, אונטעררוקנדיק זיי פון אַלעם בעסטן, וואָרן זיי האָבן זיי נישט געזשאַלעוועט נישט קיין פלייש, נישט קיין בראָנפן...

אין אַלע כאַלופּעס האָט מען געגעסן וועטשערע, אומעטום האָט מען דורך די אָפענע טירן־פענסטער געזען קעפּ פאַרזאַמלטע אַרום און באַוועגנדיקע מיילער, דאָס קראַצן פון לעפל האָט זיך צעטראָגן, און די ריחות פון געפּרעגלטע סלאָנינע האָבן אויף די וועגן געצויגן, אַז ס'האָט אַזש אין די גאָלעכער געדרייט.

נאָר איין ראַכאָ, וואָס האָט זיך אין ערגעץ נישט צוגעזעצט אויף אַ לענגערע צייט; ער איז געגאַנגען פון הויז צו הויז, פאַרזייעט אומעטום אַ גוט וואָרט, אַן עצה געגעבן און ווייטער געגאַנגען צו אַנדערע, פּינקט ווי אַ באַלעבאָס, וואָס האָט אַלץ אויפן זיבען און אויף יעדער זאַך גיט ער אַלציינס אַכטונג, און פּונקט אַזוי גוט ווי דאָס גאַנצע דאָרף, איז ער פול געווען מיט פריילעכקייט און אפשר נאָך מער מיט פרייד אַדורכגענומען.

אפילו באַ האַנקען האָט זיך געפילט דאָס היינטיקע שטיקל יום־טוב, וואָרן כאָטש זי האָט זיך אין קיין שום הילף נישט געבייטיקט, איז כדי אַנדערע צו פאַרגרינגערן, האָט זי פאַרבעטן צו זיך אויף קוואַטיר צוויי זשעפּקער, וועלכע האָבן געאַרבעט באַ וועראָקען און באַ דער גאָלענבאָדען.

דידאָזיקע האָט זי זיך אויסגעקליבן דערפאַר, וואָס די זשעפּקער האָבן זיך געהאַלטן פאַר שליאַכטשיצעס.

אמת איז, אַז אין ליפּצע האָט מען שטענדיק חוזק געמאַכט פון אַזאַ שליאַכטע און מ'האָט נישט געהאַלטן פון זיי פאַר קיין גראָשן און נאָך ערגער ווי אויף די שטאָטישע לאַכמאַנעס און לאַטקעס אויף זיי אָנגעפאַלן; אָבער קוים זענען זיי אַריינגעקומען אין דער כאַלופּע אַריין, האָט האַנקאַ באַלד באַמערקט, אַז דאָס איז אַן אַנדערער גאַטונעק, אַן אָנגעזעענער.

דאָס זענען געווען דראָבנע און דאַרע פויערלעך, אָנגעטאָן שטאָטיש אין שוואַרצע קאַפּאָטעס, אָבער זייער פאַרבן־רייכע: די וואָנסעס האָבן באַ זיי אַוועקגעשטאַרט ווי די וויעכעטשעס פון קאָבאַיעס און מיט די אויגן האָבן זיי געקוקט פון אויבן אַראָפּ, דאָך זענען זיי געווען גאַנץ באַרעדעוודיק, און די האַלטונג זייערע איז

געווען אַן איידעלע און דאָס לשון לגמרי אַ פּריצישס. דאָס איז געווען אַ גאַנץ אָרנטלעכע חברה, וואָרן זיי האָבן אַלץ אַזוי העפלעך פאַרגעלויבט, און יעדער איינציקער דאָבן זיי געוווּסט וואָס צוצובאַסעווען, אַז די פּויערטעס זעבען אַזש אויפגעוואַקסן פאַר נחת...

האַנקע האָט טאַקע געהייסן צוגרייטן אַ זעטיקערע וועטשערע און זיי דערלאַנגען צום טיש, וואָס איז געווען באַדעקט מיט אַ ווייַסער פּלאַכטע.

זי האָט זיך צו זיי היפּש צוגעקוקט, באַפעלנדיק אַלע בכּבוד צו האַלטן, אַז מ׳איז כמעט אויף די שפּיץ פינגער לעבן זיי אַרומגעגאַנגען, פון די אויגן, אַרויסלייענענדיק, וואָס זיי דאַרפן, יאַגבאַ ווידער האָט גאָר דעם קאָפּ פאַרלוירן, אויסגעשלייערט האָט זי זיך ווי אויף אַן אָנפּוסט און זי איז געזעסן פאַרקוקט אין דעם דעם יינגסטן ווי אין אַ בילד.

— ער האָט זייער פּריצהטעס, אויף קיין באָרוועסע וויל ער אפילו קיין קוק נישט געבן — האָט יאַגוסטינקאַ אַ שעפּטשע געטון, אַז יאַגנאַ איז אַזש ווי אַ פייער רויט געוואָרן און אַנטלאָפן אין איר זייט אַריין.

ראָכאָ איז גראָד טאַקע אַריינגעקומען, באַטראַכטנדיק אַזוי דעם טיש.

— אויף דערויף וועלן זיך צום מיינסטנס אונדזערע פּויערן פאַרוואונדערן, אַז זשעפּקער מענטשן זענען געקומען צו העלפן ליפּצע! — האָט ער שטיל אויסגערופן.

— נישט וועגן אונדזערס אַ זאַך האָבן מיר זיך אין וואַלד צעהרגעט, איז טראָגט נישט קיינער פון אונדז קיין שנאה דעריבער — האָט דער עלטערער געענטפערט.

— וואָרן דער שטייגער איז אַזוי, אַז ווען צוויי רייסן זיך באַ די קעפּ אַרום, געווינט דער דריטער!

— אמת, ראָכאָ, אָבער לאָזן זיך נאָר צוויי צוזאַמענרעדן בשלום אויף גוטפ יינטשאַפּט, איז קען דער דריטער נישקשהדיק איבערן קאָפּ כאַפּן — האַ?

— צ׳זאָגט גאַנץ קלוג, פאַניע זשעפּקער, גאַנץ קלוג...

— און וואָס עס קוועלט היינט ליפּצע, קען מאָרגן קומען אויף זשעפּקע.

— און אויף יעדער דאָרף, פּאַניע זשעפּקער, אויב אָנשטאָט אָנצונעמען זיך אייבער פאַרן אַנדערן און געמיינזאַם זיך צו באַשיצן, קריגט מען זיך גאָר אַרום, מ'טיילט זיך אָפּ און צוליב כּעס גיט מען זיך דעם שונא אַרויס. קלוגע און פריינטלעכע שכנים זענען פּונקט ווי די פּלויטן און באַשיצונגס-ווענט: קיין חזיר וועט זיך נישט דורכשטופּן דורך זיי און די בייטן נישט אויסנאָרן מיט די פּיסקעס...

— מ'ווייסט שוין וועגן דעם, ראָכאָ, באַ אונדז, נאָר די פויערן כאַפּן זיך נאָך נישט דערויף און דערפון איז די גאַנצע צרה...

— און אויף דערויף קומט שוין די צייט, פּאַניע זשעפּקער: זיי ווערן קלוגער...

זיי האָבן זיך אינגיכן אַרויסגעטראָגן אויפן גאַניק, ווו פּיעטרעק האָט שוין געשפּילט אויף דער פידל פאַר די שיקסעס, וואָס זענען זיך געהאַט צוזאַמענגעלאָפן הערן.

דער אָוונט איז געווען אַ שטילער און אַ וואַרעמער, נעפּלען האָבן זיך אין ווייסע פּעלצן אויף די לאָנקעס אָפּגעזעצט, די טשייקעס האָבן געשריגן פון די נאַסע לאָנקעס און די מיל האָט אויף איר שטייגער געפּויקט, אין טיילמאָל האָבן זיך די ביימער צערוישט. דער הימל איז געווען הויך, אָבער פאַרלייגט מיט טונקל-גרויע כמאַרעס, אַזוי, אַז נאָר אויף די ברעגעס פון די אָנגעלייגטע לאַוועס האָבן זיך די לבנה-שטראַלן דורכגעריבן, און ערטערווייז, פון די טיפע לעכער, ווי אין ברונעם, האָבן שטערן שאַרף געפינקלט.

דאָס דאָרף האָט גערוישט פּונקט ווי אַ בינשטאָק פאַרן בייען אַרויסלאָזן. ביז שפּעט אין דער נאַכט אַריין האָבן געלויכטן אַלע פענסטער, ביז שפּעט אין דער נאַכט אַריין אויך האָבן פאַר די הייף און אויף די וועגן געזאָטן די שטיליטשקע געפּליסטערן און פריילעכע געלעכטערן האָבן אַרויסגעזעצט: די שיקסעס האָבן געשטשירעט די ציין צו די בחורים, און גערן מיט זיי זיך אַרומגעפירט לעבן סטאַוו, די עלטערע ווידער האָבן זיך מיט די „גאַס-

פאַדראַזשעס נידערגעזעצט אויף די שוועלן, און בכבודיק איינגעטענהט, הנאה האָבנדיק פון דער קילקייט און פון דעם אָפּרוען זיך.

און צומאָרגנס, קוים דער הימל האָט זיך נאָר געהאַט פאַררויטלט מיט די אויפגאַנג־שטראַלן, נאָך אין דער פאַרטאָגיקער בלויקייט, וואָס טוליעט זיך צו דער ערד, האָט מען זיך שוין אָנגעהויבן אויפרייסן פון שלאָף און צו דער אַרבעט זיך צוגרייטן.

די זון איז שוין אויפגעגאַנגען; די גאַנצע וועלט איז, ווי מיט זילבער, מיט ווייסן פראָסט אָפּגעשיט, אין פלאַמען געבליבן שטיין אינגאַנצן, אין פייכטלעכע פינקלענישן און אין קילבלעכן, מונטערן פרימאָרגן. די פייגל האָבן אַ זעץ גרויס געטון מיט אַן אומגעהייער געשריי, די ביימער האָבן זיך צערוישט, די וואַסערן האָבן זיך צעריזלט, מענטשלעכע שטימען האָבן זיך צעטראָגן און דער ווינט, וואָס האָט מיט די קושאַקעס אויפגעטרייסלט, האָט איבערן דאָרף צעטראָגן דאָס רוישן, אויסרופן, געריטשן, די שיקסעשע געזאַנגען, וואָס האָבן זיך פון צייט צו צייט געלאָזט הערן און דעמדאָזיקן גאַנצן גערודער און דאָס געפּאָרעריי פון גרויסגייענדיקע צו דער אַרבעט.

אויף די לאָנקעס זענען נאָך די בעפלען געלעגן ווייסע ווי די שנייען, נאָר אויף די העכערע ערטער האָבן זיי שוין אָנגעהויבן ליטער ווערן און פון די זוניקע בייטשן זענען זיי צעהאַקט און פאַרטריבן געוואָרן, זיי האָבן שוין גערויכט ווי די פייערפאַנען פון קטורת און צו דעם ריינעם הימל מיט אַ צעריסן געוועב זיך געריסן; אין ווייסן פראָסט זענען נאָך די פעלדער געלעגן, קאָרטשענדיק זיך, ווי נאָך וועלנדיק כאַפּן אַ דרימל און אויפשוועלנדיק פונקט ווי די פּאָנקעס, אין דער עולם האָט זיך פון אַלע זייטן געשפּאַרט אויף די באַטויטע, פאַרשלאָפענע בייטן, זיך פאַרטרונקען אין די מיט זון דורכגעשטראַלטע נעפלען און זיך שטילשווייגנדיק איינגעגראָבן אין דער צעאַקערטער ערד — וואָרן פון דער ערד, פון די ביימער, פון די בלויע ווייטקייטן, פון די וואַסערן, וואָס האָבן מיט קרומע שטראַלן געבלישטשעט, פון די נעפלען און פון היכל, וואָס האָט אַרויסגעטראָגן דאָס צעפלאַקערטע זונען־ראָד —

פון דער גאַנצער וועלט האָט אַזאַ פרילינג געזעצט און ס'האָט גע־שלאָגן אַזאַ טשאַד פון קרעפט און פאַרשיכורונג, אַז ס'האָט אַזש אין דער ברוסט פאַרשטיקט, אַזש די נשמה האָט געפלאַטערט פון אַזאַ אַלערהייליקסטער פרייד, וואָס טריפט גאָר מיט שטילע טרערן אַראָפּ, מיט אַ זיפץ זאָגט עס זיך גאָר אַרויס אָדער מיט אַנידער־קניען פאַר דעם פרילינגדיק ווונדער, וואָס זעט זיך אפילו פון נישטיקסטן גרעזל אַרויס.

איז האָט זיך טאַקע דער גרויסער עולם לאַנג אַרומגעקוקט אַרום זיך, פרום זיך איבערגעצלמט, תפילות געשעפטשעט און אין שטילשווייגן זיך צו דער אַרבעט גענומען, אַז ווען מען האָט צו דער מאָרגן־תפילה געקלונגען, זענען שוין אַלע אויף זייערע ער־טער געווען.

די בעלקעס זענען גיך צעווייעט געוואָרן און די פעלדער זענען שטיין געבליבן אויף דער העלקייט פון דער זון, אַז ווו ס'אויג האָט גאָר געקענט דערגרייכן איבער די ליפּצער פעלדער, וואָס זענען צעשניטן געווען אין פאַסן פון די גרינע ווינטער־תבואות, האָבן זיך אומעטום וועלניאַקעס געריטלט, אַקעראייזנס האָבן געאַקערט, ס'האָבן זיך געשלעפּט בראָנעס, וואָס די שיקסעס האָבן געפירט, ס'האָבן זיך געגראַבלט שורות פויערטעס, וואָס האָבן קאַרטאָפל געזעצט, און געדיכט, איבער די שוואַרצע און לאַנגע בייטן זענען געגאַנגען פויערן איבערגעבונדן מיט פלאַכטעס, אַ ביסל איינגעבויגן און מיט אַ פרומען, שיטערן וואָרף מיט דער האַנט, האָבן זיי אין דער צעדריבלטער וואַרטנדיקער ערד קערנער פאַר־זייעט.

אַלע ווידער האָבן אַזוי ערנסט געאַרבעט, די קעפּ נישט אויפהייבנדיק אפילו, אַז זיי האָבן אפילו נישט באַמערקט דעם דאָבראָדזשעי, וועלכער האָט זיך באַלד נאָך דער תפילה באַוויזן לעבן זיין פאַראָבעק, וואָס האָט באַם וועג געאַקערט. און דערנאָך איז ער, צו אַלעמענס פאַרוווּנדערונג, געגאַנגען איבער די צע־אַקערטע בייטן, פריילעך אַלעמען באַגריסט, מיט טאַבאַק מכבד געווען, און וועמען אַ פּאַפּיראָס געגעבן, דאָ האָט ער עפּעס אַ פריילעך וואָרט אַריינגעוואָרפן, דאָרט האָט ער אַ קינדעריש קעפּל אַ

גלעט געטון און מיט די שיקסעס זיך אַ געלעכטערל געמאַכט, ערגעץ אַנדערש האָט ער אַ טשאַטע שפּאַצן, וואָס האָבן זיך אויף דעם פּאַרזייעטן גערשטן אַראָפּגעזעצט, מיט אַ שטיקל ערד אַראָפּגעטריבן, און אָפּט די ערשטע גאָרשטש פון פּאַרזייעטן מיטן צלם געבענטשט, אָדער ר'האָט אַליין אַ וואָרף געטון, און אומעטום האָט ער צוגעזאָגט מ'זאָל זיך צואיילן, וואָס אַן עקאָנאָם וואָלט עס בעסער נישט געמאַכט.

און באַלד נאָכמיטאָג האָט ער זיך גלייך מיט אַלע צו דער אַרבעט געשטעלט, דערקלערנדיק די פויערטעס, אַז כאָטש הייַנט איז אויסגעפאַלן דער הייליקער מאַרעק, אָבער די פּראָצעסיע איז ערשט פאָרקומען אין דעם אַכט-טאָגיקן יום-טוב, דעם דריטן מאַי.

— ס'איז נישט היינט דער זמן דערצו, אַ שאָד צייט, וואָרן די פויערן וועלן אַן אַנדערש מאָל נישט קומען צו פאָרן העלפן!

ער האָט זיי געגעבן פאַרשידנס צו פאַרשטיין, און ר'איז אַליין אויך נישט אַראָפּגעגאַנגען פון פעלד אַזש ביזן סוף אַריין; ר'האָט זיך פאַרשוואַרצט די סוקנע, אָנגעשפּאַרט זיך אַן שטעקן, וואָרן ר'האָט געמוזט אויף זיך אַזאַ שווערן בויך טראָגן. און איז אַמדערמידלעך אַרומגעגאַנגען, טיילמאָל נאָר האָט ער זיך אויף אַ סטעזשקע אַנידערגעזעצט, כדי דעם שווייס אָפּצווישן פון דער ליסענע און אַ ביסל דעם אָטעם צו כאַפּן.

זי זענען האַרציק צופרידן געווען מיט אים, וואָרן אונטער זיין אויפזיכט איז די אַרבעט עפּעס ווי גיכער און לייכטער געגאַנגען, די פויערן ווידער האָבן זיך געהאַלטן פאַר אַ כבוד, וואָס דער גלח אַליין גיט אויף זיי אַכטונג.

די זון איז שוין אַ רויטע און אַ פולע איבער די וועלדער אַראָפּגעהאָנגען, די ערד האָט זיך געלאָשן, און די ווייטקייטן האָבן זיך אָנגעהויבן צו בלויען, ווי זיי האָבן זיך, פאַרענדיקנדיק די בייזקסטע אַרבעטן, גענומען לאָזן אין דאָרף אַריין; זיי האָבן זיך געאיילט, אַז כדי זיי זאָלן נאָך באַם טאָג-ליכט דאָנושען אַהיימצוקומען.

אַ סך האָבן אַפילו פאַר דער וועטשערע געדאַנקט, כאַפנדיק באַר אַזוי אַבי וואָס אויף אײַנדערגיך, און אַנדערע האָבן געשווינד זיך צו די שיסלען גענומען, וואָס מ'האָט באַצײַטנס צוגעגרייט; די פערד, וואָס זענען שוין געווען אײַנגעשפּאַנט אין די פורן, האָבן געהירזשעט פאַר די שטובן.

דער גלח האָט זיך ווידער אַמאָל באַוויזן אויפן דאָרף צו־זאַמען מיט ראָכאָן, ער איז אַלע אַרומגעגאַנגען און יעדן פּיער נאָכאַמאָל באַזונדער געדאַנקט פאַר דער ערלעכער הילף די ליפּצער.

— וואָרן וואָס דו גיסט דעם נויטבאַדערפטיקן, איז גלייך וואָלסט יעזוסן אַליין געגעבן! נו, זאָג איך ענק, אַז כאָטש איך זענט נישט אַזעלכע גיכע אויף צו געבן אין דער צדקה־פּושקע, כאָטש איך געדענקט נישט אָן די באַדערפענישן פון קלויסטער, כאָטש ס'איז שוין אַ יאָר, ווי איך דערמאַן ענק, אַז עס רינט מיר אַריין דורכן דאַך אין דער פּלעבאַניע, פונדעסטוועגן וועל איך אַלע טאָג בעטן פאַר ענק, פאַר ענקער אָרנטלעכקייט, וואָס צ'האָט די ליפּצער אַרויסגעוויזן... — האָט ער מיט טרערן אויס־גערופן, קושנדיק די קעפּ, וואָס האָבן זיך אים אויפן וועג אַראָפּ־געבויגן.

זיי זענען גראָד געווען לעבן קאָוואַל, זיי האָבן זיך אַראָפּגע־דרייט אויף דער אַנדערער זייט דאָרף, ווי די פּאַרוויינטע קאָ־מאַרניצעס מיט דער קאָזלאָווען בראָש האָבן זיי דעם וועג פאַר־שטעלט.

— און כ'בעט איבער זיין כּבֿוד דעם דאָבראָדזשײַ, מיר זענען זיך געגאַנגען פרעגן: צי אונדז וועלן די פויערן נישט העלפן?

זי האָט אָנגעהויבן מיט אַ האַוטן, העכערן טאָן.

— וואָרן מיר האָבן געוואַרט, אַז ס'וועט אויך אויף אונדז קומען די ריי, און דאָ פאָרן זיי גאָר אַוועק...

— און מיר, יתומים, בלייבן אָן שום הילף... — האָבן זיי אַלע אינאיינעם גערעדט.

דער גלח איז באַטריבט געוואָרן, שרעקלעך רויט ווערנ־דיק.

— וואָס קען איך ענק העלפן?... ס׳האָט נישט געקלעקט פאַר אַלעס וועגן... זיי האָבן אַזוי אויך גאַנצע צוויי טאָג ערלעך צוגעהאָפּן... נו, כ׳זאָג... — האָט ער געבאַלעגאַטשעט, בלאָנ־דזשענדיק איבער זיי מיט די אויגן.

— אוודאי! זיי האָבן געהאָלפן, אָבער די באַלע־באַטים, נאָר די רייכע... — האָט זיך די פיליפקין צעכלי־פעט.

— אײַנדז, האַלטנדיק פאַר נבלות, האָט זיך קײנער נישט גע־אײַלט צוצוהעלפן...

— קיינעם האָט דער קאָפּ נישט וויי געטון וועגן אונדז, יתומים...

— מ׳וואָלט אונדז כאָטש עטלעכע אַקעראַייזנס געוועזן גע־געבן צו די קאַרטאָפליעס, איז דאָס אויך נישט! — האָבן זיי מיט טרערן אין די אויגן געמורמלט.

— מײַנע טײַערע... זיי פאָרן שוין אַוועק... נו, מ׳וועט זיך שוין זען, ווי ס׳איז אַן עצה צו געבן... אמת, אַז ס׳איז ענק אויך שווער... אויך ענקערע מענער זיצן מיט די אַנ־דערע... נו, איך זאָג: אַז מ׳וועט זיך שוין, ווי ס׳איז אַן עצה געבן...

— און אויף וואָס וועלן מיר וואַרטן מיט דערדאַזיקער הילף? און אויב מען וועט נאָך דאָס ביסל קאַרטאָפליעס נישט פאַר־זעצן, איז קומט נאָר אויס אַ שטריקל צו זוכן! — האָט די גול־באַסאָווע זיך צעיאָמערט.

— נו, איך זאָג דאָך, אַז מ׳וועט זיך שוין אַן עצה געבן... איך וועל ענק געבן מײַנע פערד, כאָטשביק אויף אַ גאַנצן טאָג, נאָר צ׳זאָלט זיי מיר נישט צופיל איבעריאָגן... דעם מילנער וועל איך אויך אָנבעטן, דעם וואָיט, די באַריבעס וועלן אפשר געבן...

— אפשר! וואַרט אַזוי לאַנג ביז די קאַבילע וועלן די ווערף אויפעסן! קומטס ווייבער, סקאָמליעטס נישט בחנם!... ווען

צ'וואָלט ענק נישט באַדערפטיקן, איז וואָלטן ענק דער דאַבראַדזשעי געהאָלפן... פאַר די באַלעבאַטים איז אַלץ דאָ, און דו, אָריעמאַן, גרייזשע שטיינער און פאַרטרינק מיט טרערן! דער פּאַסטוך שטייט נאָר נאָך די שעפּסן, וואָרן ער שערט זיי, און פון וואָס וועט ער אונדז דאָס אָפּצופן, אַכיבע פון די לייז! — האָט די קאַזלאָווע אַ מויל אויפגעעפנט, אַז דער גלח האָט אַזש די אויערן פאַרשטאָפּט און אַוועקגעגאַנגען.

זיי האָבן זיך צוזאַמענגעשלאָגן אין אַ קופּע און מיט ביטערע טרערן זיך צעוויינט, באַקלאָגנדיק זיך אויפן הויכן קול, און ראָכאָ האָט זיי איינגענומען, ווי ר'האָט נאָר געקענט, צוזאָגנדיק זיי אויפן וואָרט, אַז ער וועט זיך שוין באַמיען פאַר זיי עפּעס אַ הילף. ר'האָט זיי צוגעפירט ערגעץ הינטער אַ פּלויט, וואָרן זיי האָבן זיך שוין אָנגעהויבן פונאַנדערצופאָרן אויף אַלע זייטן, די וועגן זענען שוואַרץ געוואָרן פון מענטשן און פערד, די פורן האָבן זיך צערוישט און פון אַלע שוועלן זענען געפלויגן הייסע ווערטער פון דאַנקבאַרקייט.

— זאָל ענק גאָט באַצאָלן!

— זייטס געזונט!

— מ'וועט זיך נאָך אָפּדינען באַ אַ געלעגנהייט!

— און קומטס שטענדיק צו פאָרן צו אונדז אין זונטיק, ווי צו קרובים!

— גריסטס די טאַטעס ענקערע! און ברענגטס אונדז ענקערע ווייבער!

— אויב עמעצער וועט זיך געפינען אין עפּעס אַ נויט, וועלן מיר פון גאַנצן האַרץ העלפן!

— בלייבטס געזינט און זאָל ענק געראָטן, האַרציקע מענטשן! — האָבן זיי געשריגן, מאַכנדיק צו זיך מיט די היטלען און שאָקלענדיק מיט די הענט.

די שיקסעס און וויפיל קינדער ס'זענען נאָר געווען, זענען מיטגעגאַנגען לעבן די פורן, באַגלייטנדיק זיי אַזש נאָכן דאָרף. די גרעסטע מחנה איז געגאַנגען אויפן טאָפּאָלן-וועג, וואָרן

דאָרט אַרומעט זענען זיי אַזש פון דריי דערפער געפאָרן. די פורן האָבן זיך פּאַמעלעך געשלעפּט, זיי האָבן פריילעך איינגעטענהט, אַרויסזעצנדיק אָפט מיט אַ געלעכטער און אַרומגעשטיפט.

דער בין־השמשות איז שוין צוגעפאַלן, די אונטערגאַנג־שטראַלן האָבן זיך געלאָשן, נאָר די וואַסערן האָבן ווי־בישט־ווי רויט געפּלאַקערט, בעפלען האָבן זיך איבער די לאָנקעס פונאַנדערגעוויקלט און אַ פאַרנאַכטיקע, פרילינגדיקע שטילקייט האָט זיך איבער דער ערד געוועבט. די זשאַבעס האָבן ערגעץ ווייט און מיט טאַקט אָנגעהויבן צו קוואַקען...

זיי האָבן זיך צוגעפירט ביז דעם שיידוועג, און דאָרט האָבן זיי זיך געזעגנט אונטער געשרייען און געלעכטערן, אָבער נאָך איידער די פערד האָבן זיך אַ לאָז געטון פון די קאָפּיטעס, ווי איינע פון די שיקסעס האָט אַ זינג אַרויס געטון נאָך זיי:

„שיק אַ שדכן, יאַש, מאָרגן גראָד שוין!
הער דיך צו נאָר, דער טאַטע פאָרט שוין,
פויקן הערט מען אויף די בריקן —

דאַ דאַנאַ

פויקן הערט מען אויף די בריקן!"

דערויף האָבן זיי די שקצים אָפּגעענטפערט, אויסדרייענדיק זיך צו זיי פון די וועגענער:

„אַ קעלט איז, מאַריש, אוי נאַראָנים —
ס'עלן פאַרפרירן די שדכנים;
אין גרויסן פאָסט וועל איך שיקן!...

דאַ דאַנאַ!

אין גרויסן פּאַסט װעל איך שיקן!..."

האָבן געקלונגען די יינגע קולות איבערן טוי און פריילעך [illegible] איבער דער גאַנצער װעלט געטראָגן.

# VII

די פויערן קומען צוריק!
ווי אַ דונער האָט דידאָזיקע בייעס אַ שלאָג אַריין געטאָן און ווי אַ פייער־פלאַקער האָט זי זיך איבער ליפּצע צע־טראָגן!

צי איז דאָס טאַקע אמת? און ווען? און ווי אַזוי...

קיינער האָט נאָך נישט געוווּסט.

דאָס איינס איז נאָר זיכער געווען, אַז דער וועכטער פון דער גמינע, וועלכער איז נאָך פאַר זון־אויפגאַנג געקומען צו לויפן צום וואָיט מיט עפּעס אַ פּאַפּיר, האָט געזאָגט דער קלאַ־באָווען, וועלכע האָט גראָד די געגנט צום ס׳זאָוו אַרויסגעטריבן, די ווידער האָט זיך אין איין אויגנבליק אַ לאָז געטאָן מיט דער בייעס צו די שכנים, די באַלצערקאָוועס ווידער האָבן עס צעפּויקט אין די גאַנצע כאַלופּעס, אַז ס׳איז נישט אויסגעגאַנגען קיין צוויי רגעס, און גאַנץ ליפּצע איז געשטאַנען אויף די פיס, טרייסלענדיק זיך פון געוואַלטיקער פרייד, אַז ס׳האָט אַזש אויפגעקאָכט אין די שטיבן.

ס'איז נאָך געווען פרי, קוים וואָס ס'האָט נאָר געהאַט אָנגעהויבן צו טאָגן און אַ פריִער מאַי־טאָג האָט זיך אויפגעהויבן, נאָר עפּעס אַזאַ שוואַרצלעכער און פייכטער; אַ רעגן האָט געטריפט ווי דורך אַ געדיכטער זיפּ און געפּלעסקעט איבער די צעבליטע סעדער.

— די פויערן קומען צוריק! די פויערן קומען צוריק! — האָט זיך געטראָגן אַ געשריי איבערן גאַנצן דאָרף, רוישנדיק איבער די סעדער זיך געקייקלט, פון יעדער כאַלופּע אַרויס האָט עס ווי אַ פרייִדנס־גלאָק געקלונגען, פון יעדער האַרץ האָט עס מיט אַ פלאַם אַרויסגעזעצט און פון יעדער האַלדז זיך אַרויסגעריסן.

דער טאָג האָט זיך נאָר וואָס געהאַט געשטעלט, און דאָס דאָרף האָט שוין געקאָכט ווי אויף אַן אַטפּוסט; די קינדער זענען אַרויסגעלאָפן מיט אַ געשריי אויף די וועגן, עס האָבן געזעצט די טירן, די פויערטעס האָבן זיך אויף די שוועלן אָנגעטון, שוין אויסקוקנדיק מיט בענקשאַפט דורך די צעבליטע ביימלעך און דורך דעם פאַרנעפּלטן וועטער, וואָס האָט די ווייטקייטן פאַרשטעלט.

— אַלע קומען צוריק! די באַלעבאַטים, די פּאַראָבקעס, די שקצים, אַלע! זיי גייען שוין! זיי זענען שוין אַרויסגעקומען פון וואַלד, זיי זענען שוין אויפן טאָפּאָלן־וועג! — האָט איינע נאָך דער אַנדערער אויסגערופן, און פון אַלע שוועלן האָבן זיך געריסן געשרייען, און די מער היציקערע זענען אַרויסגעלאָפן ווי די משוגעים; ווו־בישט־ווו האָט זיך שוין אַ ווייניק צעטראָגן און אַ געטופּ.רייַ פון די, וואָס זענען געלאָפן אַקעגן...

די טרעפּעס האָבן נאָר געצלאַפּעט און ס'האָט זיך געמאַכט אַזש אַ בלאָטע, אַזוי האָט מען זיך נאָכן קלויסטער אויפן טאָפּאָלן־ווּג אַרויסגעלאָזט — אָבער אויף דעם לאַנגן, פאַררעגנטן וועג זענען נאָר מוטנע קאַלוזשעס געשטאַנען און די לעכער, פון די טרעפּעס טיף אויסגעהאַקט. האָבן זיך געגרויט.

קיין לעבעדיק נפש האָט מען נישט אַרויסגעזען פון הינטער די רעגן־פאַרשוואַרצטע טאָפּאָלן.

באַטש זיי זענען שרעקלעך אַנטוישט געוואָרן, דאָך האָבן

זיי זיך נישט געטראַכט אַ לאַנג געטון אין איין אָטעם אויפן וועג פון אַנדערן עק דאָרף, נאָך דער מיל, אויפן וועג קיין וואָליע וואָרן זיי האָבן דאָרט אַרומעט אויך געקענט קומען.

נאָר וואָס קומט דערויס, אַז אויך דאָרטן איז געווען ליידיק! דער רעגן האָט איבערגעהאַקט, פאַרשטעלנדיק מיט אַ גרויסן נעפל־שטויב דעם ברייטן, צעלעכערטן פוילישן וועג; די ליימיקע וואַסערן האָבן זיך געגאָסן אין די ראָוועס, אין די אַקערגראָבנס האָט געשטורעמט דאָס וואַסער, און אויף די וועגן האָבן אויך די שוימיקע שטראָמען געשאָרוועט, און די צעבליטע דערנער, וואָס האָבן אַרומגעצוימט די גרינלעכע פעלדער, האָבן איינגעקאָרטשעט די געפרוירענע בלימעלעך.

— די קראָען קרייזלען אַרום אינדערהייך, איז וועט דער רעגן פאַריבערגיין! — האָט עמעץ אויסגערופן, אויסקוקנדיק בת״ם.

זיי האָבן זיך נאָך אַ קאַפּ אַ רוק געטון, וואָרן פון דעם פאַרברענטן פאָלוואַרק האָט עמעץ אַ שימער געטון אויפן וועג און צו זיי זיך דערנענטערט.

אַ בלינדער דזשאַד איז דאָס געווען און אַלע האָבן אים געקענט; דער הונט, וועלכן ר׳האָט געפירט אויף אַ שטריקל, האָט זיך סכנותדיק צעבילן און גענומען זיך רייסן צו זיי, דער בלינדער ווידער האָט זיך אויפמערקזאַם איינגעהאָרכט, אָנגרייטנדיק דעם שטעקן צו באַשיצן זיך, אָבער דערהערנדיק אַ געשפרעך, האָט ער איינגעשטילט דעם הונט, און לויבנדיק גאָט, האָט ער פריילעך אויסגערופן:

— דאַכט זיך מיר, אַז דאָס זענען ליפּצער מענטשן... הע? אין עפּעס אַ שפּאָרער עולם...

די שיקסעס האָבן אים אַרומגערינגלט און איינע איבער דער אַנדערער גענומען אים אויספרעגן.

— סראָקעס זענען מיך באַפאַלן און אַלע קראַקען מיט־אַמאָל! — האָט ער אַ מרוקע געטון, איינהאָרכנדיק זיך אויפמערקזאַם אויף אַלע זייטן, וואָרן זיי האָבן זיך נאָענט צו אים צוגעשטופּט.

אין אַ גאַנצער מחנה האָבן זיי זיך שוין אומגעקערט, דער דזשאַד האָט זיך געשלעפּט אינדערמיט, צוהינקענדיק אויף די קוּליעס און אויף די צעדרייטע פיס, אויסגעשטרעקט פאָרויס דאָס אומגעהייערע בלינדע פּנים.

באַקן האָט ער געהאַט רויטע און אויסגעפּאַשעטע, די אויגן מיט אַ בעלמע פאַרצויגן, גרויע און קוּשאַקעדיקע ברעמען, אַ נאָז ווי אַ טראָמפּייט, און אַ נישקשהדיקן אָנגעבלאָזענעם בויך.

ער האָט געדולדיק אויסגעהערט, ביז כאַפּנדיק אין וואָס דאָ גייט, האָט ער זיי איבערגעהאַקט דאָס גרעגערן.

— מיט דעם לויף איך דאָך טאַקע אין דאָרף אַריין. איין אומגעשמדטער האָט מיר געזאָגט בסוד, אַז די ליפּצער קומען היינט צוריק פון קרימינאַל! נעכטן האָט ער מיר דאָס געזאָגט, טראַכט איך מיר, מאָרגן מיטן טאָג צוגלייך וועל איך אַ לויף טון און כ׳וועל דער ערשטער געבן צו וויסן, ווי דען, מ׳דאַרף זוכן אַזאַ דאָרף ווי ליפּצע! און וועלכע דרעפּטשען דאָ אַלץ לעבן מיר? — וואָרן כ׳קען בשום אופן נישט לויטן קול נאָך דערקענען!

— מאַרישיאַ באַלצערקוווגאַ!... נאַסטקאַ גאַלענבווגאַ!... אָלישיאַ דעם סאַלטיסעס!... קאַשיאַ קלאַנבאַוואַ!... שיקאַרזשאַנקאַ האַנושיאַ! האָבן אַלע אויסגערופן.

— האָ! האָ! דאָס בעסטע פון די פּאַננעס איז אַרויסגעקומען! ס׳זעט מיר אויס, אַז צו די פּאַראָבקעס האָט עך ענק אַזוי געאיילט, און צ׳מוזט ענק לאָזן באַגגוגענען מיט אַ דזשאַד!... הע?

— און ס׳איז נישט אמת! נאָך די טאַטעס זענען מיר אַרויסגעגאַנגען, — האָבן זיי אַלע איניינעם געשריגן.

— אוּם גאָטעס ווילן, טאַטש בלינד בין איך, אָבער נישט טויב! — אַז ר׳האָט אזש דאָס פוטערנע היטל טיפער אַראָפּגערוקט.

— מ׳האָט געזאָגט אין דאָרף, אַז זיי גייען שוין, איז זענען מיר אַרויסגעלאָפן אַקעגן!

— און דאָ זעט מען קיינעם נישט אין ערגעץ!

— ס'איז נאָך צו פרי; גוט איז, אַז די באַלעבאַטים וועלן דאַנושען אויף מיטאָג, וואָרן די שקצים איז וועלן אפשר ביז פאַרנאַכט נישט אָנקומען...

— וואָס הייסט, מ'וועט זיי צוזאַמען אָפּלאָזן, איז וועלן זיי אויך צוזאַמען קומען!

— און אפשר וועלן זיי זיך אין שטאָט פאַרווײלן?... ווײניק פאַנבעס דאָרטן דאָ?... ווער בייט זיי דאָס צו ענק זיך אַזוי צו יאָגן?... הע! הע! — האָט ער זיך לאַכנדיק גערייצט מיט זיי.

— איז לאָזן זיי זיך ווײלן! קיינער ווײנט נישט נאָך זיי!

— אַוודאי, אין שטאָט פעלט נישט די סחורה. וואָס זענען פאַר אַמען געגאַנגען, אָדער הייצן באַ די ייִדן די אייוונס... אַזעלכע וועלן גאַנץ צופרידן זיין מיט זיי — האָט נאַסטקאַ פאַרכמורעט אַ שעפּטשע געטון.

— וועלכער ס'טוישט אויס אויף די שטאָטישע שמאַטעס, איז נאָך אַזעלכן שטייט נישט קיינס פון אונדז!

— צ'זענט שוין לאַנג, דזשאַדל, און ליפּצע נישט געווען? — האָט עמעץ פון זיי אָנגעהויבן.

— אַ לאַנג, דאַכט זיך יעשען! כ'האָב מיר געווינטערט באַ ברמהערציקע מענטשן, און הויף בין איך מיר איבערגעזעסן די שלעכטע צייט.

— אפשר אין וואָלקאַ? באַ אונדזערן? האַ?

— טאַקע אין וואָלקאַ! איך בין דיר שטענדיק אַ גוטער ברידער מיט די פּריצים און מיט די הויפישע הינטלעך: זיי קענען מיך און וועלן מיך נישט פאַרטשעפּען! זיי האָבן מיר געגעבן אַ וואַרעמען פּיעקעליק, געקעכץ וויפיל ס'איז נאָר אַריין, איז האָב איך די גאַנצע צייט שטרוי-גאַרטלען געדרייט און גאָט געדאַנקט. אַי דער מענטש האָט זיך אַ ביסל פאַפּראַוויעט און דעם הינט זענען אויך נשקשהדיק די זייטן גרעבער געוואָרן! האָ! האָ! דער פּריץ איז קלוג: ער האַלט מיט די דזשאַדעס און ווייסט, אַז אַ טאַרבע און לייז וועט ער האָבן בחנם... הע! הע! — ר'האָט

אַזש מיטן בויך זיך געטרייסלט און געהויבן מיט די ברעמען פֿון געלעכטער. און כסדר גערעדט.

— האָט פאַן יעזוס געגעבן וויאָסנע, זענען מיר פאַרמיאוסט געוואָרן די סאַלאָנען און די הויפֿישע חניפֿות, כ'האָב מיך פאַרבענקט נאָך די כאַלופּעס און מיט דערדאָזיקער ברייטער וועלט... העי, דאָס רעגנדל פּאַטשט דיר ווי מיט ריין גאָלד, אַ וואַרעמס און אַ געדיכטס, און אַ פּרוכטבאַרס, אַז די וועלט שמעקט אַזש פֿון דעם יינגן גראָז... װוּהין לויפֿט עץ דאָס? שיקסעס?!

ער האָט מיטאַמאָל דערהערט, אַז זיי האָבן זיך אַ טראָג אַוועק געגעבן פֿון אָרט, לאָזנדיק אים שטיין פאַר דער מיל.

— שיקסעס!

אָבער קיין איינע האָט אים שוין נישט געענטפֿערט: זיי האָבן דערזען אַ חברה פּויערטעס, וואָס האָבן זיך געצויגן לעבן סטאַוו צום וואַיטס כאַלופּע, און צו זיי האָבן זיי זיך דאָס אַזוי אַ לאָז געטון.

אפשר אַ האַלב דאָרף האָט זיך שוין דאָרט געהאַט צוזאַמענגענומען, כדי עפּעס געגויערס דאָרט געוויר צו ווערן.

דער וואָיט, ווייזט אויס, איז ערשט נישט לאַנג געהאַט אויפֿגעשטאַנען, וואָרן ער איז נאָר אין די בלויזע הויזן געזעסן אויף דער שוועל, אַרומוויקלענדיק די פֿיס מיט די אָניצעס, און וועגן די שטיוול האָט ער געשריגן אויפֿן ווייב.

— זיי זענען צוגעפאַלן צו אים מיט אַ געשריי, פאַרסאַפּעטע, פאַרבלאָטיקטע, טייל נאָך נישט אָפּגעוואַשענע, נישט צוגעקעמטע, און אַלע האָבן קוים געזשיפּעט פֿון אומגעדולדיקייט.

ער האָט זיי געלאָזט זיך אויסרעדן, אַרויפֿגעצויגן די שטיוול, וועלכע ער האָט נאָר וואָס מיט חזיר-שמאַלץ געהאַט אויסגעשמירט, ד'האָט זיך אָפּגעוואַשן אין פעדערהויז, און פאַרקעמענדיק די קודלעס אין אָפּענעם פענסטער, האָט ער מיט שפּאָט אַ וואָרף געטון:

— צ'זענט שוין אומגעדולדיק נאָך די פּויערן, האַ? האָטס נישט קיין מורא, זיי קומען זיכער היינט צוריק. מאַמע, גיב נאָר

דאָס פּאַפּיר, וואָס דער וועכטער האָט היינט געבראַנגט... הינטערן בילד ליגט עס.

ער האָט עס איבערגעדרייט אין דער גאַ־שטש, האָט דערין אַ קלאַפּ געטון מיטן פינגער און אויסגערופן;

— ס'שטייט בפירוש וועגן דעם ווי אַן אָקס... „אַזוי ווי די קריסטן פון דאָרף ליפּצע, טימאָוועד גמינע, אויעזד..." — ס'טייטש לייענטס ענק אַליין! דער וואָיט זאָגט ענק, אַז זיי קומען צוריק, איז דאַרף זיין אמת!

ר'האָט זיי אַ וואָרף געגעבן דאָס פּאַפּיר, וועלכעס איז אייבערגעגאַנגען פון האַנט צו האַנט, און כאָטש קיינער האָט קיין אות נישט פאַרשטאַנען, ווייל ס'איז געווען אַן אַמטלעך פּאַפּיר, און דאָך האָבן זיי זיך דיר צוגעשטופּט, אַריינגראָבנדיק די אויגן מיט אַ מין ציטערדיקער פרייד, ווי אין אַ בילד, ביז ס'איז אָנגעקומען צו האַנקען, וועלכע האָט דאָס גענומען דורכן פאַרטוך, און צוריק עס אָפּגעגעבן.

— קום, צי אַלע קומען צוריק? — האָט זי מיט שרעק אַ פרעג געטון

— ס'שטייט געשריבן, אַז זיי קומען צוריק, איז קומען זיי צוריק!

— מ'האָט צוזאַמען דאָס גאַנצע דאָרף גענומען, איז וועט מען זיי אויך צוזאַמען אָפּלאָזן! — האָט זיך אייבע אָנגערופן.

— קומטס אַריין, קומאַ, צ'זענט אַ ביסל דורכגענעצט! — האָט די וואָיטאָווע זי פאַרבעטן. אָבער האַנקאַ האָט נישט געוואָלט, זי האָט אַרויפגעצויגן די פאַטשיילע אויפן שטערן און די ערשטע זיך צוריק אַהיימגעלאָזט.

נאָר זי איז געגאַנגען פּאַמעלעכיטשקע, קוים וואָס זי האָט דעם אָטעם געכאַפּט פון פרייד מיט שרעק צוזאַמען.

„פאַרשטייט זיך, אַז זיי וועלן אַנטעקן אויך צוריקשיקן, פאַרשטייט זיך!" — האָט זי געטראַכט, אָנשפּאַרנדיק זיך מיטאַמאָל אויף אַ פּלויט, וואָרן ס'האָט זי אַזוי אונטערן לעפעלע אַ דריק געטון, אַז זי איז שיער נישט אַנידערגעפאַלן. זי האָט לאַנג די ליפּט

געשעפּט מיט די צעהיצטע ליפּן... ניין, זי האָט זיך נאָך נישט גוט געפילט, אויסטערליש שוואַך. „ער וועט צוריקקומען אַנטשק. ר'וועט צוריקקומען!“ — אַ פרייד האָט זי אַרומגעכאַפּט ביז צום אויסשרייען, און גלייכצייטיק האָבן זי אָנגעהויבן אַדורכצונעמען פאַרשידענע שרעק', גישטזיכערקייטן, נאָך נעפּלהאַפטע מוראות.

זי איז געגאַנגען וואָס אַמאָל פּאַמעלעכער און שווערער, אָפּ-רוקנדיק זיך אונטער די פּלויטן, וואָרן מיטן גאַנצן וועג האָבן זיך געשיט די פויערטעס, זיי זענען געלאָפן רוישיק, מיט געלעכטערן, צעשריגענע און לייכטנדיקע פון פרייד, און נישט קוקנדיק אויף דעם גאָס-רעגן, האָבן זיי זיך צונויפגעקליבן פאַר די כאַלופּעס, דאָ לעבן סטאַוו און אָן אַ שיעור איינגעטענהט.

די יאַגוסטינקע האָט זי אָנגעיאָגט.

— מסתמא ווייסט עך שוין! נע, דאָס הייסט אַ נייעס. מיר האָבן געוואַרט דערויף יעדן טאָג, און אַז זי איז אָנגעקומען, האָט עס מיר אַ זעץ געטון, ווי מיט אַ דראָנג איבערן קאָפּ. פון וואַנט גייט עך?

— ר'האָט דאָס באַשטעטיקט און אַפילו פון פּאַפּיר וועגן דעם אַרויסגעלייענט.

— אַז ער האָט איבערגעלייענט, איז עס פּעווגע אמת! אַ דאַנק דיר, גאָטעניו, זיי וועלן צוריקקומען די אָרימע נעבעך, זיי וועלן זיך אומקערן די באַלעבאַטים! — האָט זי הייס געשעפּטשעט, צעשפּרייטנדיק די הענט.

טרערן האָבן זיך איר אַ גאָס געטון פון די אָפּגעבליאַקע-וועטע אויגן, אַז האַנקאַ האָט זיך אַזש פאַרוואונדערט.

— כ'האָב געמיינט, אַז צ'וועט ענק פונאַנדערבאַבלען, און עך בעטשעט גאָר, נע, נע!..

— וואָס טוט זיך מיט ענק?! אין אַזאַ צייט צו באַבלען דער מענטש לאָזט אַמאָל פון צרות אָפּ די צונג, אָבער אין האַרץ זיצט עפּעס אַנדערש, אַז צי עס וויל יאָ, צי עס וויל נישט, און ס'מוז זיך פרייען גלייך מיט אַנדערע, אָדער אַפילו טרויערן... מען קען נישט לעבן אָפּגעזונדערט, ניין...

זיי זענען פאַרבייגעגאַנגען לעבן דער קוזשניצע: די אַנ-

מערס האָבן קנאַלנדיק געקלאַפּט, אַ רויט פייער האָט געזעצט פון אויחן, און דער קאָוואַל האָט אַרויסגעצויגן אַ רייף אויף אַ ראָד הינטער דער וואַנט. דערזעענדיק האַנקען, האָט ער זיך אויסגעגלייכט און איינגעגראָבן די אויגן אין איר צעהיצט פּנים.

— נו וואָס?... ליפּצע האָט זיך דערוואַרט אויף אַ יום־טוב!... אַפּנים אַז אַ טייל קומען צוריק.

— אַלע קומען צוריק, דער וואָיט האָט געלייענט וועגן דעם! — האָט אים יאַגוסטינקאַ פאַרראָכטן.

— אַלע?... קיין רוצחים וועט מען דאָך אַזוי גיך נישט אַרויסלאָזן, ניין...

האַנקען האָט זיך אַזש דער קאָפּ פאַרדרייט, און דאָס האַרץ האָט איר שיער נישט געפּלאַצט פון ווייטיק, אָבער זי האָט אײַבערגעהאַלטן דעם קלאַפּ און, אַוועקגייענדיק, האָט זי מיט אַ שרעקלעכער שׂנאה צו אים אויסגעריפן:

— ס׳זאָל דיר די הינטישע צונג צום גומען צוּוואַקסן!

זי האָט צוגעאײַלט דעם טריט, אַנטלויפנדיק פון זײַן געלעכטערל, וואָס וואָלט מיט די ציין באַם האַרץ אָנגעכאַפּט.

ערשט אויפן גאַניק האָט זי זיך אויפן דרויסן אומגעקוקט.

— כ׳טראַכט און טראַכט... ס׳וועט שווער זײַן מיטן אַקער־אײַזן אויפן פעלד אַרויסצופאָרן.

זי האָט געמאַכט דעם אָנשטעל פון רויִקייט.

— אַ פרימאָרגן־רעגן און אַן אַלטער באַבעס טאַנצן געדויערן נישט לאַנג.

— מ׳וואָלט געדאַרפט דערווײַל אַמעריקאַנער צו זעצן נאָך דער מאַטיקע.

— די ווײַבער דאַרפן באַר וואָס אָנצוקומען, זיי האָבן זיך פאַרשפּעטיקט צוליב דערדאָזיקער בייעס, אָבער זיי וועלן קומען... כ׳בין געווען באַ זיי אין אָוונט, אַלע האָבן צוגעזאָגט צו קומען אָפּאַרבעטן.

אין דער שטוב האָט שוין געפּלאַקערט אַ פייער; ס׳איז געווען וואַרעם און ליכטיקער ווי אין דרויסן. יוזקאַ האָט געשיילט

קאַרטאָפליעס, און דאָס קינד האָט געמאַכט קולות ביזן הימל, טראָץ דעם, וואָס די עלטערע קינדער האָבן עס פאַרשפּילט. האַנקאַ האָט, אַנידערקניענדיק פאַרן וויגל, געגומען עס אָנ־זייגן.

— יוזשיאַ, לאָז פּיעטרעק ציגרייטן די ברעטער, ער וועט אַרויספירן דאָס מיסט פון די פלאָרקען אויף די בייטן לעבן דער פּאַטשעשאָוועס קאָרן. איידער דער רעגן וועט אויפהערן, וועט ער אַרויספירן אַ פּאָר פורן... וואָס האָט ער זיך גלאָט בחנם אַרומצושלעפן!

— לעבן ענק קען מען נישט זיין קיין פוילער.

— וואָרן כ'זשאַלעווע אַליין אויך נישט מיינע פיס! — זי איז אויפגעשטאַנען, פאַרבאַהאַלטנדיק די ברוסט.

— יאָ, גלייך ווי כ'וואָלט אָן טויט פאַרגעסן, ס'טייטש מיר האָבן דאָך אַ שטיקל יום־טוב נאָך מיטאָג! דער גלח האָט באַשטימט די פּראָצעסיע, וואָס זי איז אָפּגעלייגט געוואָרן פון הייליקן מאַרעק אויפן אַכטטאָגיקן יום־טוב...

— ס'טייטש אין קרייץ־טעג קומען דאָך נאָר פאָר די פּראָצעסיעס!...

— דער גלח האָט פון דער אַמבאָנע אַראָפּ באַשטימט אויף הייַנט, איז ווייזט אויס, אַז אפילו נישט אין קרייץ־טעג מעג מען אויך גיין צו די פיגורן און די גרעניצן הייליקן.

— די שקצים וועט מען הייַנט נעמען אויף אַנידערצולייגן אויף די בערגלעך — האָט זיך יוזקאַ צעלאַכט צום אַריינקומענ־דיקן וויטעק.

— זיי גייען שוין, זיי גייען. גיטס אַ לויף מיט זיי, און הייסטס טון וואָס מען דאַרף. איך וועל איבערבלייבן אין כאַלופּע, כ'וועל צורוימען און דאָס אָנבייסן אָפּקאָכן. יוזקאַ מיט וויטעקן העלן צוטראָגן קאַרטאָפליעס אין פעלד אַריין! — האָט האַנקאַ באַפוילן, אַרויסבליקנדיק אויף די קאָמאָרניצעס, וועלכע זענען געווען אין פלאַכטעס און אין פּאַטשיילעס אַרומגעהילט, אַז מ'האָט זיי קוים די אויגן אַרויסגעזען; מיט די קיישלעך אין די הענט און

מיט מאַטיקעס זענען זיי זיך צונויפֿגעקומען הינטער דער האַנט, אַפּקלאַפּנדיק די טרעפּעס אָן די אונטערבאַלקנס.

יאַגוסטינקע האָט זיי באַלד אַוועקגעפֿירט דורך דער פֿלויטעפענונג איבערן פֿעלד־וועגל, ווי לעבן סטויג זענען געלעגן שוואַרצע, מיט וואַסער דורכגענעצטע בייטן.

זיי האָבן זיך גיך געשטעלט צו דער אַרבעט, צו צוויי אויף אַ בייט, מיט די קעפּ צו זיך. זיי האָבן מיט די מאַטיקעס אויסגעגראָבן גריבלעך, און אַרײַנוואַרפֿנדיק דערין אַ קאַרטאָפֿל, האָבן זיי עס צוריק פֿאַרשאַרט מיט ערד, ויסקאַפּענדיק גלייכצייטיק דערלעבן אין דער ברייט נאָך אַ שורה.

פיר האָבן זיי געאַרבעט, די אַלטע איז נאָר געווען צוגעשפּאַנט אויף אונטערצוטרייבן.

נאָר וואָס, אַז די אַרבעט איז נישט שפּאָר געגאַנגען!...

די הענט זענען פֿאַרשטאַרט געוואָרן פֿון קעלט און אין די ברוזדעס איז געווען נאַס, אין די טרעפּעס האָט זיך אָנגענומען וואַסער, און די קליידער האָבן זיך פֿולשטענדיק אין בלאָטע אײַנגעשמירט, וואָרן אַ רעגן, כאָטש אַ וואַרעמער און וואָס אַמאָל אַ דראָבנערער, האָט געטריפט נאָכאַנאַנד, צעשפּריצנדיק זיך איבער די אַקערשטיקער און פּאַטשנדיק איבער די סעדער, ווו ס'האָבן אַראָפּגעהאָנגען די באַבליטע צווייגן איבערן וועג און מיט עפּעס אַזאַ ליבלעכקייט אויף דעם רעגן זיך אַרויסגעגשטעלט.

אָבער ס'האָט שוין געהאַלטן באַ אַן ענדערונג: די הענער האָבן געקרייעט, דער הימל האָט זיך שוין ערטערווייז בישקשהדיק אויסגעלייטערט, שוואַלבן האָבן אָנגעהויבן אין דער לופֿט דורכצושוועבן, ווי אויף אויסצוקוקן, און די קראָען ווידער זענען אַנטלאָפֿן פֿון די דעכער אַראָפּ און זיי האָבן זיך שטילעטשקע און גרעדיק איבער די פֿעלדער געטראָגן.

די באַבעס האָבן זיך אײַנגעבויגענערהייט געגראַבלט איבער די בייטן, וואָס זענען ענלעך געווען צו קנוילן דורכגעווייקטע שמאַטעס, אײַנטעמהנדיק, אַרבעטנדיק פּאַמעלעכיטשקע, און מיט לאַנגע הפסקות, וואָרן זיי זענען דאָך בעקומען אָפּאַרבעטן, ביז ערשט די אַלטע, וועלכע האָט אַרומגעזעצט מיט די אײַנפּאַכע אַרבעס אי-

בער די ברודעס, האָט אָנגעהויבן אויפן הויכן קול, אומקוקנדיק זיך אַרום און אַרום:

— נישט קיין סך באַלעבאָסטעס זענען היינט דאָ אין פעלד, נישט אין די גערטנער.

— די פויערן קומען אַהיים, ליגט זיי נישט אין קאָפּ צו אַרבעטן!

— אוודאי זיי גרייטן צו פעט עסן און די איבערבעטן וואַרעמען זיי אָן...

— עך לאַכט, און אַליין דריגען ענק די ליטקעס נאָך זיי! — האָט די קאָזלאָוואַ אויסגערופן.

— כ׳וועל נישט אָפּלייקענען, אַז ליפּצע איז מיר שוין דערעסן געוואָרן אָן די פויערן. כ׳בין דאָך אַן אַלטע, אָבער כ׳וועל ענק פּראָסט פּשוט זאָגן, אַז כאָטש זיי זענען יוכעס, ליידאַקעס, שווינדלערס און רוצחים, נאָר לאָז זיך אַ באַווייז טון כאָטשביק די ערגסטע צרה, איז באַלד מיט אים פּריילעכער, אי מונטערער, אי גרינגער אויף דער וועלט. אויב וועלכע פון ענק וועט זאָגן עפּעס אַנדערש, איז זאָגט זי ליגנט ווי אַ הונט.

— זיי האָבן זיך אויסגעוואַרט אויף זיי די ווייבער, ווי אַ קאַניע אויף אַ רעגן! — האָט עמעץ פון זיי אָפּגעזיפצט.

— נישט אייבע וועט פאַר דעמדאָזיקן וואַרטן טייער באַצאָלן, און ס׳ערשטע די שיקסעס...

— אַז ס׳וועלן נישט אַדורך קיין דריי קוואַרטל, און דער דאָבראָדושעי וועט נישט דערדאָנושען...

— אַלטע, און באַטשקען איבער שטאָק, איבער שטיין: ס׳טייטש אויף דערויף האָט דאָך פאַן יעזוס דאָס ווייב באַשאַפן! ס׳איז נישט קיין עבירה צו האָבן אַ קינד! — האָט גושלאַ מיטן קרומען מוילס ווייב אויפן הויכן קול זיך אַקעגנגעשטעלט:

— און עך כסדר דאָס אייגענע, עך האַלט שטענדיק פאַר ממזרים!

— און שטענדיק, בין סאַמע טויט אַריין וועל איך יעדן אין די אויגן אַריין מיך אַוועקשטעלן און זאָגן: אַ ממזר, צי נישט — איז אַלציינס אַ מענטשלעכע זרע, ער האָט אויף דער

װעלט די זעלבע רעכט און פאַן יעזוס שאַצט זי אַלציינס אָפּ, לויט די פאַרדינסטן נאָך און לויט די עבירות...

זיי האָבן זי פאַרשריגן, אויסלאַכנדיק זי מיט פאַראַכ־טונג. זי האָט אַ פּאַטש געטון מיט די הענט און מיטן קאָפּ אַ שאָקל געטון.

— אַ גאָט העלף ענק אין דער אַרבעט! ווי אַזוי גייט עס? — האָט האַנקאַ פון דער פלויט־עפּענונג אויסגע־שריגן.

— לאָז גאָט באַצאָלן! גוט, נאָר ס'איז נאַס.

— ס'פעלן נישט קיין קאַרטאָפליעס.

זי האָט זיך אַנידערגעזעצט עטוואָס אויף דער לייסט.

— מ'טראָגט זיי וויפיל מ'דאַרף; נאָר ס'דאַכט זיך מיר, אַז זיי זענען צו גראָב געשניטן...

— צו גראָב, ס'טייטש, ס'איז דאָך נאָר אויף דער העלפט, באַם מילנער איז די דראָבנערע קאַרטאָפליעס זעצט מען גאַנצער־הייט. ראָכאָ האָט געזאָגט, אַז אַזעלכע גיבן צוויי מאָל אַזוי פיל אַרויס.

— ס'מוז זיין נאָך דער דייטשער מאָדע, וואָרן צייט ליפּצע אין ליפּצע, האָט מען שטענדיק די קאַרטאָפליעס צעשניטן אויף אַזוי פיל שטיקלעך, וויפיל אייגלעך זיי האָבן געהאַט — האָט די נולבאַסאָווע שפּאַרנדיק זיך געקווענקלט.

— מיינע טייערע, ס'טייטש די ״ייבטיטע מענטשן זענען דאָך נישט נאַרישער פון די בעכטיקע...

— ס'דען, דאָס איי וויל אַציגד קלוגער זיין פון דער הון און מיט דער סטאַדע אָנפירן...

— צ'האָט שוין אָפּגעזאָגט! אָבער אינדעראמתן אַריין גע־״נדט, איז דאָ אַ טייל, וואָס כאָטש זיי האָבן די יאָרן, אָבער קיין שכל האָבן זיי נישט! — האָט האַנקאַ פאַרענדיקט, צוריקטרעטנדיק פון דער פלויט־עפּענונג.

— זי האַלט דאָס פון זיך, גלייך ווי זי וואָלט שוין אויף יער גאַנצער באַלעבאַטישקייט באַרינעס געזעסן — האָט די קאָז־לאָווא אַ מרוקע געטון, אומקוקנדיק זיך נאָך איר.

— לאָזט זי געמאַך: ס'איז ריין גאָלד, נישט קיין נקבה! ס'ווייסט נישט, צי ס'וואָלט זיך געפונען אַ בעסערע און אַ קלוגערע פון איר. איך זיץ מיט איר יעדן טאָג, און כ'האָב דאָ אויגן און פאַרשטאַנד. זי האָט זיך גענוג אָנגעליטן און אַדורכגעגאַנגען געפּרוינטע לייד, אַז זאָל גאָט אָפּהיטן...

— נישט איין צרה וואָרט נאָך אויף איר... יאַגנאַ איז אין דער כאַלופּע, און קוים קומט אַנטעק צוריק, וועלן זיך דאָ אָנהייבן מעשיות און ספּעקטאַקלען, ס'וועט זיין וואָס צו הערן...

— אַז יאַגנאַ האָט זיך מיטן וואָיט אַריינגעלאָזט, האָט מען מיר עפּעס וועגן דעם אַריינגעבאָנקעט — ס'איז אמת?

זיי האָבן זיך פונאַנדערגעלאַכט פון דער פּיליפּקען, וואָס זי פרעגט אַזעלכעס, פון וואָס די פייגל פּישטשען שוין.

— צעלאָזט נישט די צונגען: טיילמאָל הערט דער ווינט און צעטראָגט דאָרט צהין, ווו מ'דאַרף נישט! — האָט די יאַגוסטינקאַ אָנגעזידלט.

זיי האָבן זיך צוגעבויגן צו דער ערד, די מאָטיקעס האָבן געשימערט, אַ קלונג טוענדיק נישט איינמאָל אָן אַ שטיין, און זיי האָבן כסדר נאָכאַנאַנד איינגעטענהט, באַרעדנדיק דאָס גאַנצע דאָרף.

האַנקאַ ווידער איז אַוועקגעגאַנגען פון דער פלויט־עפענונג איינגעבויגערנערהייט אונטער די קערשנביימלעך, וואָרן די אַראָפּגעהאָנגענע און די דורכגעווייקטע צווייגן, וועלכע זענען געווען אָנגעפּראָפּט מיט ווייסע פּאָנקעס און בלעטעלעך, האָבן זי באַם קאָפּ אָנגעכאַפּט.

זי איז געגאַנגען אין הויף אַריין כאַפּן אַ בליק אויפן באַלעבאַטישקייט.

פון די סאַמע הגאות אָן האָט זי זיך כמעט פון שטוב נישט אַרויסגעוויזן, ווייל נאָך דער ערשטער קימפּעטאָרין־תּפילה אין קלויסטער איז איר ערגער געוואָרן. די היינטיקע נייעס האָט זי פון בעט אַרויסגעריסן און אויף די פיס געהאַלטן, און כאָטש זי האָט באַ יעדן טריט זיך געוואַקלט, דאָך האָט זי אין אַלע ווינקעלעך אַריינגעבליקט, ווערנדיק וואָס אַמאָל מער אין כעס.

זײַנען די קי געווען צפּעס ווי די קעפּ אַראָפּגעלאָזט, בײַ אין די האַלבע זײַטן אין מײַט אויסגעשמירט, די חזירימלעך זעגען הײַני־וואָס צוגעוואַקסן, פּילו די געגרז האָבן זיך איר אויס־באַווײַזן אויסטערליש מאָגער און די אויסגעהונגערט.

— זאָלסט כאַטש דעם וואָלאַך מיט אַ וויִיכעטש אויסגע־ריבן! — איז זי אויפגעזיצן אויף פּיעטרעקן, ווײַלכער איז אַרויס־געפאָרן צום מיסט, אָבער דער פאַראָבעק האָט אַ ברום געטון עפּעס נישט קיין פײַן וואָרט און איז אוועקגעפאָרן.

אין שײַער אַ ניי גרימעניש: אין דער קופּע קאַרטאָפּליעס, וואָס זענען געלעגן אויף דער ליים־פּאָדלאָגע, האָט זיך יאַגושעס חזיר אויפן בעסטן אופן מיטן פּיסק געגראָבן, די הינער האָבן גע־גראַבלט אין די קלייען, וואָס האָט שוין פון לאַנג געזאָלט אַרויס־געטראָגן ווערן אויפן בוידעם. האָט זי דערפאַר אָנגעשריגן זיך אויף יוזקען און צו וויטעקס קודלעס איז זי צוגעשפּרונגען, קוים דאָס שגצל האָט זיך אַרויסגעגליטשט און דאָס שיקסל האָט זיך מיט אַ געבעטש און אַ יללה צעגאָסן:

— איך האָרעווע שטענדיק ווי אַ פערד און עך שרײַט נאָך, יאַגנען, וואָס שלעפּט זיך גאַנצע טעג אַרום, רעדט עך גאָר־נישט!

— נו, שטילער נאַר, שטילער! זעסט דאָך אַליין, וואָס דאָ טוט זיך אָפּ!...

— כ'האָב מיך דען געקענט מיט אַלעם אַן עצה געבן? האָ?

— נו, שטילער! טראָגטס די קאַרטאָפּליעס, וואָרן ס'וועט פאַרפּעלן די פּויערטעס!

זי האָט שוין געמאַך געלאָזט דאָס שרייען: „ס'איז דאָך אמת, דאָס שיקסל קען זיך דאָך אַליין נישט קיין עצה געבן, און די געדונגענע!... זאָל זיך איין גאָט דערבאַרעמען. פון דערפרי אָן קוקט מען שוין אויס דעם זון־אונטערגאַנג. און מיט די געדונגענע קען מען זיך דעראַרבעטן, אַלצהיי וואָלסט אַ וואָלף צוגענומען די שעפּסן צו פירן. אָן נאמנות זענען די מענטשן".

מיט ביטערקייט האָט זי זיך אַזוי אַריינגעטראַכט, אויסלאָזנדיק זיעם גאַנצן כעס צום חזיר, אַז עס איז אַוש מיט אַ געקוויטש אַנטלאָפן, דע"צו האָט עס נאָך לאַפּאַ אויף זיין שטייגער באַם אויער אָזעקגעפּירט...

דערנאָך האָט זי אין דער פּערדשטאַל אַריינגעקוקט, אָבער גלייך ווי אויף אַ ניי גרימעניש — וואָרן די קלאַטש האָט געגרייזשעט אַ ליידיקן זשלויב, און דער זשרעבאָק, איינגעגנאַרעט ווי אַ חזיר, האָט דאָס שטרוי, וואָס מ'האָט אים אונטערגעשפּרייט, אַפּערגעצויגן.

— קובען וואָלט דאָס האַרץ געפּלאַצט, ווען ער וואָלט דיך אַזוי געזען — האָט זי געשעפּטשעט, צוליינגנדיק זיי היי הינטער דער לייטער און גלעטנדיק זיי איבער די ווייכע און וואַרעמע נאָזלעכער.

אָבער זי איז שוין ווייטער נישט געגאַנגען: ס'האָט זי מיטאַמאָל אַ נעם אַרום געגעבן עפּעס אַ ווידערווילן און אַזאַ געוויין גאָט זי באַם האַלדז אָנגעכאַפּט, אַז זי האָט זיך, אָנשפּאַרנדיק אָן פּיעטריעקס געלעגער, צעריטשעט, אַליין נישט וויסנדיק פאַרוואָס.

אַזוי האָט איר כוחות פאַרפעלט, אַז זי איז צעראָפּגעפאַלן אין זיך, ווי אַ שווערער שטיין. זי האָט שוין נישט געקענט זיך אַנטקעגנשטעלן איר גורל, יעזוס מייגער, זי האָט נישט געקענט, און זי האָט זיך דערפּילט אַזאַ פאַרלאָזענע אויף דער וועלט, פּונקט ווי דער בוים, וואָס וואַקסט אויפן פרייען פעלד, איינזאַם און אויף יעדער שלעכטס אויסגעשטעלט! נישט פאַר קיינעם דאָס האַרץ זיך אויסצורעדן! און מ'זעט גאָר קיין סוף נישט צו דעם ביטערן מזל! גאָרנישט, נאָר שטענדיק זיך אָפּסמען דאָס לעבן מיט דעם גרימעניש און געוויין... גאָרנישט מער נאָר, אַ חוץ די אייביקע פּלאָג און דאָס וואַרטן אויף ערגערס...

דער זשרעבאָק האָט זי געלעקט איבערן פּנים, אַז נישט ווילנדיק האָט זי דעם קאָפּ צוגעטוליעט צו זיין קאַרק און וואָס אַמאָל שטערצלעכער זיך צעיאָמערט.

וואָס טויג איר דאָס באַלעבאָטישקייט, דאָס רייכקייט, דער

כבוד, וואָס מענטשן גיבן איר אָפּ, אַז פּאַר זיך האָט זי נישט געהאַט קיין איין רגע פון גליק אין גאַנצן לעבן, לחלוטין גאָר־נישט! זי האָט זיך אַזוי שמערצלעך באַקלאָגט אויף איר מזל, אַז די קלאַטש האָט אַוש צו איר, רייסנדיק זיך אויף דער קייט, אַ הירושע געטון.

זי האָט זיך אַריינגעשלעפּט אין שטוב אַריין און, צוזעצנדיק צו דער ברוסט דאָס פונאַנדערגעשריגענע קינד, האָט זי זיך, נישט טראַכטנדיק אָן גאָרנישט, פאַרקוקט אין די פאַרשוויצטע שויבן, וואָס זענען פון די רינענדיקע טראָפּנס געווען צעשניטן.

דאָס קינד האָט זיך עפּעס געמאַזשעט, סקאָמליענדיק און אַרויסווייזנדיק אַלעמאָל.

— שטילער, קליינטשיקס, שטילער!... דער טאַטעליו וועט אַהיימקומען, וועט ער דיר ברענגען אַ פערדעלע... ער וועט אַהיימקומען, וועט ער דאָס זינדעלע אויפן פערד אַרויפזעצן... שטילער, קליינטשיקס: אַ, אַ, אַ! קעצעלעך צוויי! גרויע זענען ביידע זיי!... ער וועט אַהיימקומען דער טאַטעליו, ר'וועט אַהיימקומען! — האָט זי צוגעזונגען, הושטענדיק עס און גייענדיק איבער דער שטוב.

— און אפשר וועט ער צוריקקומען! — האָט זי בײַ זיך פּעסט באַשטעטיקט, בלייבנדיק פלוצלינג שטיין.

אַ פּלאַם האָט זי אַרומגענומען, אַ קראַמפּ האָט אירע איינגעבויגענע פּלייצעס אויסגעשטײפט, און אַזאַ פרייד איז איר אין האַרץ אַריין אָנגעקומען, אַז זי האָט זיך שוין געריסן אין קאַמער אַריין, אָפּצושניידן אַ שטיק חזיר־פלייש פאַר זייגעטדעגן, אַז זי האָט שוין נאָך בראָנפן געוואָלט שיקן פאַר זייגעטוועגן, זי איז שוין אַפּיליק צום קופערט צוגעגאַנגען, כדי זיך יום־טובדיק איבערצוטון פאַר זייגעטוועגן — אָבער נאָך איידער זי האָט דאָס געטון, איז די דערינערונג פון קאָוואַלס רייד אויף איר אָנגעווייטיקט האַרץ געפאַלן, פּונקט ווי די שאַרפע נעגל פון אַ שפּאַרבער, זי איז אויפן אָרט ווי אָפּגעשטאָרבן, אומקוקנדיק זיך נאָר

איבער דער שטוב מיט אַ גלייַקן בליק, ווי נאָך רעטונג, נישט וויסנדיק ווייטער וואָס צו טראַכטן, וואָס צו טון...

— און אַז ער וועט זיך נישט אומקערן! יעזוס! יעזוס! — האָט זי אַ קרעכץ געטון, פאַרן קאָפּ זיך אָנכאַפּנדיק.

זי האָט מורא געהאַט דאָס אַרויסצורעדן, און דידאָזיקע שטימע האָט געדונערט אין איר, ווי אין אַ ברונעם; זי האָט געקאָכט, געזאָטן און אין דער ברוסט מיט אַ געשריי פון פחד זיך אויפגעהויבן.

די קינדער האָבן זיך אָנגעהויבן באַ די קעפּ אַרומצודרייסן און צו שרייַען, האָט זי זיי פאַר דער טיר אַרויסגעצויגן, פאַרבעמעדיק זיך צו צוגרייטן דאָס אָנבייסן, וואָרן יוזקאַ האָט שוין אין שטוב אַרייַנגעבליקט, צייַענדיק גיריק מיט דער נאָז, צי עס איז שוין צופּ:עקאָכט.

די טרערן האָבן געמוזט אויפהערן און די ווייטיקן אין דער נשמה זיך פאַרבאָרגן, וואָרן דער עול פון דער טאָג־טעגלעכער אַרבעט האָט זיך אין קאַרג אייַנגעזויגן, דערמאַנענדיק, אַז די אַרבעט קען נישט וואַרטן...

זי האָט זיך טאַקע צוגעאיילט, ווי זי האָט נאָר געקענט, כאָטש די פיס האָבן זיך אונטער איר געבראָכן, און אַלץ איז פון די הענט געפאַלן. נאָר זי האָט שמערצלעך אָפּגעזיפצט, לאָזנדיק נאָר כון צייט צו צייט אַ טרער, און מיט פאַרבענקטקייט אין דער פאַרנעפּלטער וועלט זיך פאַרקוקט...

— צי וועט יאַגוש נישט אַרויסגיין צום זעצן? — האָט יוזקאַ דורכן פענסטער אַרייַנגעשריגן.

האַנקאַ האָט אַוועקגעשטעלט אָן אַ זייַט דעם טאָפּ מיט באָרשטש און אויף דער צווייטער זייַט אַוועקגעלאָפן.

דער אַלטער איז געלעגן אויף אַ זייַט, מיטן פּנים צום פענסטער, ווי קוקנדיק אויף יאַגנען, וועלכע האָט זיך געקעמט די לאַנגע, העלע האָר פאַרן שפּיגעלע, וואָס איז אויפן קופערט געשטאַנען.

— צי איז הייַנט אַ יום־טוב, וואָס עך גייט נישט אַרויס צו דער אַרבעט?...

— מיט צעפלאָשעטע האָר וועל איך דאָך נישט לויפן...

— פון פאַרטאָג אָן האָסטו זיי דיר שוין געקענט האָבן צען מאָל פאַרפלאָכטן!

— כ'האָב געקענט, נאָר כ'האָב נישט פאַרפלאָכטן!

— יאַגנאַ, עך זאָלט ענק מיט מיר אַזוי נישט שפּילן!

— וואָס? צ'וועט מיך אפשר אָפּשאַצן, אָדער זָפּזאָגן פון דער דינסט? — האָט זי האַרט אַ וואָרטשע געטון, נישט איי־לענדיק זיך מיטן צוקעמען: — איך זיך נישט בײַ ענק און נישט אויף ענקער חסד!

— נאָר ווו? האַ?

— בײַ מיר בין איך, צ'זאָלט ענק דאָס גוט אין זינען האָבן...

— לאָז נאָר דער טאַטע שטאַרבן, וועט זיך שוין אַרויס־ווייזן, צי דו ביסט בײַ דיר!

— אָבער כל־זמן זיי לעבן, איז קען איך ענק די טיר ווייזן.

— מיר! מיר! — איז זי אַ שפּרונג געטון, ווי מיט אַ בייטש אונטערגעשמיסן.

— עך טשעפּעט ענק כסדר צו מיר, ווי אַ רעטעך צום ווײדל! כ'זאָג ענק נישט קיין שום שלעכט וואָרט, און עך זענט נאָר שטענדיק אויף מיר אש להבה ווי אויף אַ ליסע פערד...

— דאַרפסט דאַנקען גאָט, אַז האָסט עפּעס ערגערס נישט אַרייַנגעכאַפּט! — האָט זי דראָענדיק די נעגל אויסגע־שפּרייט.

— פּרוווּטס: כ'בין איין יתומה נאָר, מיך צו באַשיצן וועט זיך קיינער נישט איינשטעלן, אָבער צ'וועט זען, נער ס'וועט בלייבן פון אויבן!

זי האָט אָפּגעשאַרט די האָר פון פּנים, און אַ פּאָר גרוי־זאַמע אויגן פול מיט פאַרביסנקייט האָבן אַ שלאָג געטון ווי מיט אַ מעסער, אַז האַנקאָן האָט אַזש אויפן אָרט אַזאַ כּעס אָנגעכאַפּט, אַז זי האָט אָנגעהויבן מיט די פויסטן צו טרייסלען און זי

שרייען, וואָס די שליגע האָט איר נאָר אויף דער צונג גע־ברענגט.

— דו סטראַשעסט! הייב נאָר אָן, הייב! נעבעכדיקס, גאָט די נשמה שולדיק, אַ באַעוולהטע יתומה... אוודאי... גוטע מענטשן ווייסן, וואָס דו פאַראַרבעטסט! אין דער גאַנצער פאַ־אַפּיע ווייסט מען דיינע געשעפטלעך. נישט איינמאָל האָט מען דיך שוין גע־זען מיטן וואַיט אין דער קרעטשמע, נישט איין מאָל! און דאַ־מאָלס, וואָס כ׳האָב דיר נאָך האַלבער נאַכט די טיר געעפנט, האָסטו דיך אומגעקערט פון שיכורן, פון הולטאַיעס, ביסט געווען אָנגעטרונקען ווי אַ חזיר... ביז אַ געווויסער צייט טראָגט די קריג וואַסער, ביז אַ געוויסער צייט... האָב נישט קיין מורא, ווער עס לעבט רעשיק, וועגן דעם רעדט מען אין דער שטיל! ס׳וועט זיך ענדיקן דיין ממשלה, אַז נישט דער וואַיט, נישט דער קאָוואַל וועלן דיך באַשיצן, דו... דו!...

זי האָט זיך אַזש פאַרקרעקט פון דעם שרייען.

— איך טו דאָס, וואָס מיר געפעלט, און יעדן איינציקן אַ זאַשע צו מיר, ווי דעם הונט! — האָט זי פּלוצלינג אַ הוק גע־טון, אָפּוואַרפנדיק די האָר אויף די פּלייצעס, ווי אַ גאַרשטש פון דעם רייגסטן פלאַקס.

זי איז שוין געווען צעיושעט און איז גרייט געווען אפילו צו אַ געשלעג. וואָרן זי האָט זיך אַזש איבגאַבנצן געטרייסלט; די הענט זענען איר לעבן די זייטן געלאָפן און אַזוי שטרענג מיט די שליפּיעס געוואָרפן, אַז בײַ האַנקען איז דאָס האַרץ אָנטפאַלן, זי איז אַנטשוויגן געוואָרן און, אַ זעץ געבנדיק נאָר מיט דער טיר, איז זי פון שטוב אַרויסגעלאָפן.

אָבער נאָך דערדאָזיקער קריג האָט זי זיך נישט געקענט קיין ריר טון, זי האָט זיך אַנידערגעזעצט מיטן קינד אונטערן פענסטער, און יוזקאַ האָט זיך פאַרנומען מיטן אויפגעבן דאָס אָנבייסן.

ערשט דאַמאָלס, ווען זיי זענען זיך ווידער פונאַנדערגע־גאַנגען צו דער אַרבעט, האָט זי זיך ווי ס׳איז צונויפגענומען און, געמאַך לאָזנדיק די אַרבעטן, האָט זי זיך פאַרנומען צו גיין צום

פּאָטער, װעלכער איז שױן פֿון אַ פּאָר טאָג צוריק קראַנק געװאָרן, אָבער פֿון מיטן װעג האָט זי זיך אומגעקערט אין דער כאַלופּע אַרײַן.

זי איז אַזױ אױפֿגעטרײסלט געװאָרן, אַז ס'איז קײן אופֿן נישט געװען צו גײן.

און דערנאָך װידער, כאָטש זי איז געקומען אַבי־ס? צו די כוחות, האָט זי נאָר מיט די הענט געאַרבעט, כמעט װי נישט ־ילגדיק, און צום מײנסט האָט זי געטראַכט װעגן אַנטעקן, פֿאַרקיקנדיק זיך אין דער װײטער װעלט אַרײַן...

אַ שײן װעטער האָט זיך אױך געמאַכט, דער רעגן האָט אױפֿגעהערט, ס'האָט נאָר געטריפֿט פֿון די דעכער און פֿון די בײמער, װײל דער װינט האָט גענומען די צװײַגן אָפּשאָקלען, די װעגן האָבן זיך געגריט פֿון די קאַלוזשעס, דער דרױסן איז געװאָרן װאָס אַמאָל העלער.

מ'האָט גערעכנט, אַז אַרום מיטאָג־צו װעט זיך די זון אָן שום ספק באַװײַזן, װאָרן די שװאַלבן זענען שױן געפֿלױגן איבערהײך: װײסע, פֿאַרגאָלדעטע כמאַרעס זענען סטאַדעסװײַז איבערן הימל געשװומען, און פֿון די פֿעלדער האָט געזעצט אַ װאַרעמקײט, און אַ פֿױגל־געטשװיטשער האָט זיך אױפֿגעהױבן אין די סעדער, װאָס זענען מיט בלומען װי פֿאַרשנײעט געװען. דאָרף איז װי טומלדיקער געװאָרן; ס'האָט געריכט כמעט פֿון אַלע קוימענס, מ'האָט צונעגרײט געשמאַקע מאכלים, אַ פֿרײד האָט זיך פֿון די כאַלופּעס אַרױסגעריסן און דאָס חײבערישע גרעגערן האָט זיך געטראָגן פֿון כאַלופּע צו כאַלופּע, די שיקסעס האָבן זיך איבערגעטון יום־טובדיק, פֿאַרפֿלעכטנדיק סטענגעס אין די האָר, נישט אײנע איז אין אײן אָטעם נאָך בראָנפֿן געלאָפֿן, װאָרן דער ייִד האָט, דערפֿרײט פֿון דעם צוריקקומען פֿון די פּױערן, יעדן אײנציקן געבאָרגט, חיפֿיל ער האָט נאָר געװאָלט, און װאָס אַמאָל איז עמעץ אױף דער לײטער אַרױפֿגעקראָכן און פֿון די דעכער אױפֿמערקזאַם זיך אײַנגעקוקט אױף אַלע װעגן, װאָס ציִען זיך פֿון שטאָט...

זײ האָבן זיך אַזױ פֿאַרנומען מיטן צורױמען, אַז װײַביק

וועלכע ס'איז אין פעלד אריין געגאנגען; מ'האט אפילו די גענדז פארגעסן ארויסצוטרייבן אויף די ראוועס, אזוי, אז זיי האבן געוואלטיק געשריגן איבער די הייף, די קינדער ווידער, וואס מ'האט זיי היינט אויף דער פריי אפגעלאזט און מ'האט זיי נישט איינגעהאלטן, האבן אויף די וועגן אפגעטון אזעלכע שטיק, אז זאל גאט אפהיטן! די עלטערע האבן מיט לאנגע שטעקנס ארומגעפארעט זיך אויפן טאפאלן-וועג, גראבטשענדיק זיך אויף די ביימער און אראפשטופנדיק די קראען-נעסטן, אזוי, אז די איבערגעשראקענע פייגל האבן ווי וואלקנס סאדזע הויך ארומגעקרייזלט מיט א יעמערלעכן, שמערצלעכן קראקע; און אנדערע ווידער, די קלענערע, האבן ארומגעיאגט דעם גלחס בלינדע פערד, וואס איז געווען צוגעשפאנט צו א פאס אויף א שליטן, ווילנדיק אים מיט אימפעט אראפיאגן פון הויכן ברעג אין סטאוו אריין, נאר דאס קלוגע פערד האט זיך נישט געלאזט פארפירן פון זיי. נישט איין מאל, שוין באם סאמע ברעג, איז עס אויף להכעיס שטיין געבליבן, דעם קאפ אראפגעלאזט, טויב געווארן אויף די אלע געשרייען, געדולדיק זיך אפשאקלענדיק פון דער בלאטע און גרודעס ערד, וואס זיי האבן אים נישט געזשאלעוועט. אבער קוים האט עס דערפילט, אז מ'קריכט אים אויפן פאס ארויף און מ'דערלאנגט שוין צום ציימל, האט עס מוראדיק א הירושע געטון און זיך אוועקגעטראגן, א פארקירעווע טוענדיק זיך פלוצלינג אין דער גרעסטער מחנה ווייסע חברניקעס, אז זיי זענען זיך מיט א געשריי צעלאפן. א שיין שטיקל צייט האבן זיי זיך אזוי פארשפילט, ביז לסוף האבן זיי אים פארט פארנארט, אונטערשטופנדיק אים אונטער די נאזלעכער אן אנגעצונדענעם וויעכעטש, אז דאס פערד האט זיך א דערשראקנס א ווארף געגעבן אן א זייט, פונקט אקוראט קעגן באריגעס פארמאכטן טויער. ער האט ארויסגעזעצט דאס טויער און זיך אזוי אין דעם מיט די ארטשיקעס פארפלאנטערט, אז זיי זענען צוגעפאלן צו אים פון דער נאנט און גענומען שמירן מיט די בייטשן וויפיל ס'איז נאר אריין.

ס'וואלט די פיס געווען אין די לייסטן צעבראכן, ווען נישט

יאַגנאַ, וועלכע איז, דערהערנדיק די געשרייען, אַרויס מיט אַ שטעקן און צעטריבן די ווייסע חברהניקעס און דאָס פערד אויפן וועג אַרויסגעפירט, אָבער ווייל דאָס איבערגעשראָקענע פערד האָט דעם ווינט אָנגעווירן, בישט ווינסדיק אין וואָס פאַר אַ זייט אַריין זיך צו ווענדן, און די שקצים האָבן זיך אונטער די ביימער געצאַיעט, האָט זי עס אַוועקגעפירט אויף דער פּלעבאַניע.

מיטן וועגל צווישן גלחס און קלאָנבס גאָרטן האָט זי עס געפירט, ווי דעם אָרגאַניסטערס ברישקע איז גראָד פאַרפאָרן פאַר זייער הויז, וואָס איז אין דער טיף געשטאַנען. די אָרגאַניסטע־כע איז שוין געזעסן אויפן גאַנעס, און יאַשיאַ האָט זיך אויף דער שוועל מיט דער משפחה געקושט.

— דאָס פערד האָב איך געבראַכט צו פירן, וואָרן די קינדער האָבן עס אַרומגעיאָגט... — האָט זי בישט דרייסט אָנגעהויבן.

— טאַקע, גיב אַ געשריי אויף וואַלעקן, זאָל ער עס צו־נעמען! דע, חמור איינער, דאָס פערד לאָזסטו אַליין איבער, ס׳זאָל די פיס צעברעכן, האַ? — האָט זי אַ הויך געטון אויפן פאַ־ראַבעק.

יאַשיאַ האָט, דערזעענדיק יאַגנען, אַ וואָרף געטון באַר מיט די אויגן אויף די עלטערן און די האַנט צו איר אויסגע־צויגן.

— בלייבסט געזונט, יאַגוש!

— שוין אין די קלאַסן אַריין?

ס׳האָט זי באַם האַרץ עפּעס אַ דריק געטון, ווי אַ שטילע בענקשאַפט.

— אויף אַ גלח פיר איך אים אָפּ, באָריגאָווע מיינע! — האָט די זיך שטאָלץ אָנגעבלאָזן.

— אויף אַ גלח!

זי האָט אויף אים אויפגעהויבן אַ פאָר פאַרוואונדערטע אויגן. ער האָט זיך גזאָד געהאַט אַנידערגעזעצט אויפן פעדערשטן גע־זעס מיט די פלייצעס צו די פערד.

— וועל איך לעבנער קוקן אויף ליפּצע! — האָט ער אויסגערופֿן, אַרומנעמענדיק מיט אַ ליבלעכן בליק דעם פֿאַרשימלטן דאַך פֿון פֿאָטערס כאַלופּע און די סעדער, וואָס האָבן מיט טוי און באַשאָטענעם בליִעכץ געגלאַנצט.

די פֿערד האָבן אַ נעם געטון אין גאַלאָפּ.

יאַגנאַ איז נאָכגעגאַנגען נאָכן טריט פֿון דער בריטשקע, יאַשיאָ האָט נאָך עפּעס צו די שוועסטערן אַ געשריי געטון, וועלכע האָבן געבעטשעט פֿאַרן הויז, און געקוקט נאָר אויף איר אַליין, אין א רע בלויע פֿייכלעכע אויגן, וואָס זענען אַזוי ווי אַ מאַי־טאָג הערלעך געווען; אויף איר העלן קאָפּ, וואָס איז געווען אַרומגעפֿלאָכטן מיט די צעפּ, וואָס זענען ווי גראָבע שטריק געלעגן אין דרייען אַרומגעלייגט איבערן ווייסן שטערן, און אַראָפּגעהאָנגען נאָך האַלב רונדיק לעבן די אויערן; אויף איר ווייסעטשקן און הערלעכן פּנים, וואָס איז צו אַ פֿעלד־רויז ענלעך געווען.

זי ווידער איז געגאַנגען ווי נישט ווילנדיק, ווי פֿון זייַנע פֿלאַקערדיקע אויגן פֿאַרכּישופֿט, די ליפּן האָבן איר געציטערט, אַז זי האָט די ציין נישט געקענט שליסן, דאָס האַרץ האָט ליבלעך געפֿלאַטערט, און די אויגן זענען אים הכנעהדיק נאָכגעגאַנגען, אײַנגאַנצן ווי פֿאַרשטאַרט ווערנדיק פֿון אויסטערלישער זיסקייט...

גלייך ווי אַ פּלוצלינגער שלאָף וואָלט אויף איר אָנגעפֿאַלן און מיט דעם שמעקעדיקן בליִעכץ פֿון אומבאַוווסטזיין פֿאַרשיט... ערשט דאַמאָלס, ווען די בריקע האָט זיך אויפֿן טאָפּאָל־וועג אַראָפּגעקערעוועט, האָבן זיך זייערע אויגן פֿונאַנדערגעריסן, אָפּגעלאָזט די ברענדיקע בליקן און זיי זענען אַזוי גרונדלעך פֿונאַנדערגעשפּרייט געוואָרן, אַז זי האָט זיך אַוש מיטן בליק אָן דער לייריקער וועלט אָנגעשלאָגן און זי איז פּלוצלינג שטיין געבליבן.

יאַשיאָ האָט געמאַכט מיטן היטל, געזעגענענדיק זיך. זיי זענען אין דער טונקלקייט פֿון טאָפּאָלן־וועג אַרײַנגעפֿאָרן.

זי האָט זיך אומגעקוקט אַרום און אַרום, אויסרײַבנדיק די אויגן, ווי פֿון אַ שלאָף אויפֿגעכאַפּט.

— יעזוס, אַזעלכער וואָלט דאָך דיך מיט די שליפּיעס אין זאַמע גיהנום אַריין פאַרפירט...

זי האָט זיך אָפּגעשאָקלט ווי פון יאַשיאַס ברענענדיקע בליקן.

— דעם אָרגאַניסטערס זון, און ווי אַ פריץ זעט ער אויס... און ר׳וועט ווערן אַ גלח, אפשר וועט מען אים אַמאָל נאָך קיין ליפּצע געבן!...

זי האָט זיך אומגעקוקט: די בריקע איז שוין פאַרשווונדן געווען, דאָס געוויש האָט זיך נאָך דערטראָגן און די שטימען פון די באַגראָסונגען, וואָס מ׳האָט זיך מיט די פאַרבייגייענדיקע דורכגעטוישט.

— אַזאַ יונגער שנעק, נאָך אַ קינד כמעט, און לאָז ער אַ קוק טון, איז גלייך ווי אַן אַנדערער וואָלט אין דער העלפט אַרומגענומען. אַז ס׳כאַפּט אַזש אַ ציטעניש אָן און אין קאָפּ הייבט זיך אָן צו מישן...

זי האָט אויפגעציטערט, באַלעקנדיק זיך די רויטע ליפּן און שטייף זיך אויסציענדיק, מיט גלוסטיקייט...

אַ קעלט האָט זי פּלוצלינג אַרומגענומען. אַצינד האָט זי ערשט באַמערקט, אַז זי שטייט אין הוילן קאָפּ, באָרוועס און כמעט אין איין העמד, וואָרן זי האָט נאָר עפּעס אַ צעריסן טיכל אויף די אָרעמס געהאַט. זי איז רויט געוואָרן אַ פאַרשעמטע און זי האָט גענומען זיך זייטיק אַהיימכאַפּן.

— די פויערן קומען צוריק, צ׳ווייסט שוין? — האָבן געשריגן צו איר די שיקסעס פון די הייף, דאָ די פויערטעס, דאָ די קינדער אַפילו, און אַלע זענען געווען פאַרסאַפּעט און פון פרייד קוים געזשיפּעט.

— טאַ איז וואָס? — האָט זי שוין מיט כעס כמעט צו איינער אויסגעשריגן.

— זיי קומען צוריק!... דאָס איז ווייניק? — האָבן זיי זיך פאַרוואונדערט אויף איר קאַלטקייט.

— ס׳איז אַזוי פיל זאָ מיט זיי, ווי אָן זיי! נאַראָנים! —

האָט זי אַ מרוקע געטון, פילנדיק זיך שלעכט, וואָס יעדע איינציקע האָט ווי אַ משוגענע אירן אָפּגעוואָרט...

זי האָט אַריינגעכאַפּט אַ בליק צו דער מוטער. יענדרזשיק אַליין איז נאָר געווען, דאָס ערשטע מאָל האָט ער זיך ערשט פון געלעגער אַראָפּגעשלעפּט, דעם אונטערגעהאַקטן פוס האָט ער נאָך געהאַט מיט שמאַטעס אַרומגעוויקלט, ער האָט אַ קיישל אויף דער שוועל אויסגעפּלאָכטן און צוגעפּייפט צו די סראַקעס, וואָס זענען אויף די פּלויטן אַרומגעקראָכן.

— ווייסט שוין יאַגוש, אונדזערע לייט קומען צוריק!...

— ס'טייטש, ווי די סראַקעס, דערציילט שוין די גאַנצע וועלט דאָס אייגענע!

— ווייסט, און נאַסטושיאַ גייט פּשוט פון זינען צראָפּ, וואָס שימעק קומט אויף צוריק...

— פאַרוואָס עפּעס? — זי האָט שטרענג מיט די שליפּיעס אַ בלישטשע געטון, אויף דער מוטערס שטייגער.

— אי... גאָרנישט... אוי, דער פוס האָט מיר ווידער אָנגעהויבן ווי טון... — האָט ער כוראַדיק אַ קרעכץ געטון. — שטילערהייט, שטשערוועס — ער האָט אַ וואָרף געטון מיט אַ שטעקעלע אין פעדערהויז אַריין אויף די צעקוואָקעטע היינער.

ער האָט כלומרשט דעם שמאַרצנדיקן פוס פונאַנדערגעריבן, און הכנעהדיק אין איר פּנים געקוקט, וואָס איז אויסטערליש פאַרפינסטערט געוואָרן.

— וווּ איז די מאַמע?

— אין דער פּלעבאַניע איז זי געגאַנגען... יאַגוש, ווען נאַסטקען האָט זיך מיר נאָר גלאַט אַזוי אַרויסגעגליטשט...

— ביסט אַ נאַר, ר'מיינט, אַז קייבער ווייסט נישט דערפון! זיי וועלן חתונה האָבן און פאַרטיק...

— און די מאַמע וועט דען געבן אַ דערלויבעניש דערויף, אַז נאַסטוש האָט מער נישט ווי אַ מאָרגע?

— אַז ער וועט זיך פרעגן, וועט זי אים נישט דערלויבן. ס'דען, ר'האָט שוין אויף זיך יאָרן, דער בחור, איז דאַרף ער שוין אויף האָבן זיין שכל, כדי צו וויסן וואָס אין ווען...

— ער האָט טאַקע, יאַגוש, ר'האָט, אַז ער וועט זיך איינשפּאַרן און גיין אויף מעסער־שטעך, איז וועט ער אפילו דער מאַמען אויך נישט האָרכן, להכעיס וועט ער מיט איר חתונה האָבן, ער וועט אָפּנעמען זיין גרונט און אויף זיינס וועט ער באַשטיין.

— פּלעכט, אויב ס'איז דיר וואַרעם, פּלעכט, די מאַמע זאָל דיך נאָר נישט דערהערן!

אַן אומעטיקייט האָט זי אַרומגענומען. ווי דען! אַזאַ באַסטקע, און דאָס לויפט שוין אויף נאָך אַ פויער, און דאָס האָט זיך אויך איר פרייד, און אַנדערע שיקסעס אויך דאָסזעלבע. זיי וועלן פּשוט משוגע ווערן היינט, וואָרן צו יעדערער וועט עמעץ צוריקקומען, צו יעדערער.

— אמת, ס'טייטש אַלע קומען דאָך צוריק... — אַ פּלוצלינגע, אומגעדולדיקע פרייד האָט זי אויפגעריסן, אַז זי האָט געלאָזט זיצן דעם איבערגעשראָקענעם יענדרזשיקן און איילִיק זיך אין דער כאַלופּע אַריין אַוועקגעטראָגן צו צוגרייטן און מאַכן אַ רוים אויף אויפצונעמען, פּונקט ווי די אַנדערע, און פיבערהאַפט אָפּוואַרטן די צוריקקומענדיקע, פּונקט ווי דאָס גאַנצע דאָרף אין דער רגע.

זי האָט פעסט געפּאַרעט, צוזינגענדיק אַזש פון פרייד און מיט פאַרבענקטקייט און נישט איינמאָל איז זי אַרויסגעלאָפן קוקן אויפן וועג, ווו אַלע האָבן די אויגן אָנגעהאָנגען.

— וועמען קוקט עץ דאָס אויס? — האָט זי עמעץ אומגעריכט אַ פרעג געטון.

גלייך ווי עמעצער וואָלט איר איבערן קאָפּ דערלאַנגט, זי איז בלאַס געוואָרן, די הענט זענען איר אָפּגעפאַלן, פּונקט ווי די אונטערגעהאַקטע פליגל, און דאָס האַרץ האָט איר פון ווייטיק אויפגעפלאַטערט.

אמת טאַקע, אויף וועמען וואַרט זי דאָס? ס'איז דאָך נישטאָ קיינער, ווער ס'זאָל זיך איילן צו איר, זי איז דאָך איינע אַליין אויף דער גאַנצער וועלט, ווי אַ תילקאַלעק!... „אַזוי פיל נאָר, וואָס

אפשר אַנטעק!..." — האָט זי מיט שרעק צוגעגעבן. — „אַנטעק!" — האָט זי שטילעטשקע אַרויסגעפּליסטערט, זי האָט אַ טיפן זיפץ אָפּ געטון, און פֿאַרשידענע דערינערונגען זענען איר דורכן קאָפּ אַדורכגעפֿלויגן, פּונקט ווי די נישטיקע בעפֿלען און ווי אַ וווּנדערלעכער חלום, אָבער וואָס האָט זיך איר שוין לאַנג, לאַנג געהאַט געחלומט. — „און אפשר וועט ער צוריקקומען!" — האָט זי געטראַכט.

...כאָטש דער קאָוואַל האָט נאָך נעכטן פֿאַרזיכערט, אַז מ'וועט אים מיט די איבעריקע פֿון קרימינאַל נישט אַרויסלאָזן, אַז ער וועט אויף לאַנגע יאָרן דאָרטן איבערבלייבן.

„און אפשר וועט מען אים יאָ אַרויסלאָזן!" — האָט זי אויפֿן קול איבערגעחזרט, ווי זי וואָלט שוין מיטן געדאַנק און דערוואַרטונג אַרויסגעגאַנגען אים אַנטקעגן, אָבער אָן פֿרייד, אָן באַגייסטערונג אין מיט עפּעס אַ באַהאַלטענעם פּחדנותדיקן ווידערווילן אין האַרץ.

„און לאָז ער זיך צוריקקומען! וואָס פֿאַר אַן עסק האָב איך צו אים!" — האָט זי זיך אומגעדולדיק אַ וואָרף געגעבן.

דער אַלטער האָט עפּעס אָנגעהויבן צו קאָרקלען מיט דער צונג...

זי האָט זיך צו אים אויסגעדרייט מיטן הינטן פֿון מיאוסע־נישט געבנדיק אים קיין עסן, כאָטש זי האָט גאַנץ גוט געוווּסט, אַז ער בעט דאָס אויף זיין שטייגער.

„זאָלסט שוין איינמאָל אָפּפּגרן!" — האָט זי זיך פּלוצלינג צעכעסט, און כדי אים פֿון אויג אָנצוּווערן, איז זי ווידער אַרויסגעגאַנגען אויפֿן גאַניק.

די קיאָנקעס האָבן געקלאַפּט באַם סטאַוו, און ווי־נישט־ווי האָבן זיך צווישן די ביימער גערויטלט די פּויערטעס, וועלכע האָבן געוואַשן. אַ טרוקן, לייכט ווינטל האָט קוים די גרינע ווערבעס באַרירט, אַז זיי האָבן זיך טיילמאָל אַ טרייסל געטון. די זון האָט זיך געהאַלטן באַ קוים גאָר זיך אַרויסשיילן פֿון אונטער די חייכע וואָלקנס, אַזוי, אַז די קאַלוזשעס האָבן שוין

אויפגעגלאַנצט און איבער דער גלאַטיקייט פון סטאַוו האָבן שוין באַלדלעכע פעדים געטאַנצט. די רעגן־בעפלען זענען שוין אַראָפּ־געפאַלן, אַזוי, אַז פון די גרויע, שטיינערנע פלויטן האָבן זיך וואָס אַמאָל מער אויף דער העלקייט פון דער לופט די צעבליטע סעדער אַרויסגעוויזן, ווי די גרויסע בליענדיקע סנאָפּעס, וואָס האָבן פאַרשפּרייט אַרום זיך ריחות און זענען פול געווען מיט פייגל געטשוויטשער. די מיל האָט שאַרף געוישט, און פון דער קוזשניע זענען זיך צעפלויגן קלאַנגפולע דורכנעמענדיקע קלעפּ פון האַמערס, און די מענטשלעכע שטימען ווידער און דער גאַנ־צער גערודער פון די צוגרייטונגען האָט זיך אויסגעדאַכט ווי אַ בינען־געזום צווישן די ביימעלעך.

„און אפשר וועל איך אים זען!" — האָט זי געטראַכט, אַרויסשטעלנדיק דאָס פּנים אויפן ווינט און אויף דעם טוי, וואָס האָט פון די זיך טרוקנדיקע בלעטלעך און בלעטער אַראָפּגע־טריפט.

— יאַגוש, צ'וועט נישט אַרויסקומען שוין צו דער אַר־בעט? — האָט יוזקאַ פון הויף אַ געשריי געטון.

ס'איז איר אפילו אויפן געדאַנק נישט געקומען זיך אָנט־קעגנצושטעלן און זי איז באַלד אַרויסגעגאַנגען צו די ווייבער. ס'איז פון איר אָפּגעפאַלן די קראַפט און דער חשק פון אַנט־קעגנשטעלן זיך, און זי האָט זיך אפילו גאַנץ גערן אונטערגע־געבן דעם באַפעל, וואָס האָט זי אַרויסגעריסן פון די אַלע טראַכטעכצן און צווייפלעניש. ס'האָט זי נאָר אָנגענומען אַן אויסטערלישע בענקשאַפט, אַז טרערן זענען איר אַוש אין די אויגן אָנגעקומען, און די נשמה האָט זיך ערגעץ געריסן. זי האָט זיך אַזוי צוגעטון צו דער אַרבעט, אַז די קאַמאַרניצעס זע־נען חייט אָפּגעשטאַנען פון איר אויף די בייטן, אָבער זי איז נישט מיד געוואָרן, נישט לייגנדיק קיין אַכט אויף יאַגוסטינקעס שטעכווערטלעך, נישט זעענדיק די באַבישע שליפּיעס, וואָס האָבן זי פון אַלע זייטן אַדורכגענומען, פונקט ווי די צאַיענדי־קע הונט, וואָס גרייטן זיך אַ שפּרונג צו טון און אַ ביס צו געבן.

נאָר טיילמאָל האָט זי זיך פּלוצלינג אַ גלייך אויס געטאָן, פּונקט ווי אַ באַרנבוים, וואָס איז מיט בליִעכץ באַשווערט, גלייכט זי אויס אויף דער מיעדזע אונטערן דרוק פון ווינט און גיט זיך אַ קאַפּ אַ וואַקל, און קוקט אויף דער וועלט מיט טויזנטער אויגן, און ווייגט מיט אַ ווייס, שמעקעדיק בליִעכץ איבער די צעווינטע, גריבע תּבֿואות, און אפשר דערמאָנט ער זיך אָן דעם שרעקלעכן ווינטער...

יאַגוש האָט נאָר אַמאָל, אַמאָל ווען אַנטעקן געטראַכט, און אָפּטער זעגן יאַשיאָס גליִענדיקע אויגן און יאַשיאָס רויטע ליפּן אין זכּרון איר אויפגעשטאַנען, און יאַשיאָס ליבלעכע שטימע האָט זיך אין האַרץ אַזוי זיס אָנגערופן, אַז די אומעטיקייט איז צעשוווּמען געוואָרן, און ס'איז איר ליכטיקער געוואָרן, אַז ווען זי האָט זיך שטאַרקער צו דער בייט איינגעבויגן, האָט זי זיך מיט דער גאַנצער קראַפט פון פאַרבענקטקייט אַריינגעלאָזט אין דידאָזיקע דערינערונגען. וואָרן זי האָט שוין געהאַט אַזאַ טבע, פּונקט אַזוי ווי די בויגזאַמע טשמיעליבע אָדער ווילדע האָפּן, וועלכע מוזן זיך שטענדיק אָנטשעפּען אָן עפּעס אַ צווייג אָדער לעבן אַ דערהויבענעם שטאַם זיך אַרומוויקלען — כּדי זיי זאָלן קענען וואַקסן און בליִען, און לעבן — ווערן זיי אָבער אָפּגעריסן פון דערדאָזיקער אונטערשפּאַרונג און ווערן איבערגעלאָזט אייגנע אַליין, איז דער סוף זייערער, אַז זיי ווערן אויסגעשטעלט פון דעם בייזן צופאַל פאַרציקט צו ווערן.

און די קאָמאַרניצעס, אַנסודנדיק זיך שוין גענוג אויף איר חשבון, האָבן, ווייל ס'איז בישקשהדיק וואַרעם געוואָרן, אַראָפּגעוואָרפן פון די קעפּ די פלאַכטעס און די פאַטשיילעס, און לעבעדיקער אָנגעהויבן איינצוטענהן, אָפּטער זיך אויסצוִענדיק, און מיט בענקשאַפט דעם מיטאָג אויסקוקנדיק...

— קאָזלאָוואַ, עץ זעגט דאָך העכער — איז גיטס אַ קוק, צי מען זעט נישט די פויערן אויף דעם טאָפּאָלןוועג?

— מ'הערט נישט און מ'זעט נישט! — האָט זי אָפּגע-

ענטפערט, אומזיסט זיך שטעלנדיק אויף די שפּיץ פינ־גער.

— ווי איז דאָס מעגלעך אַזוי גיך!... זיי וועלן נישט דאָנזשען ביז ס'וועט פינסטער ווערן... ס'איז אַ מהלך וועג...

— און פינף קרעטשמעס אויף די שיידוועגן! — האָט יאַ־גוסטינקע אויף איר שטייגער חוזק געמאַכט.

— אָרימע נעבעך, אויסגעפייניקטע, ווו ליגט זיי דאָרטן קרעטשמעס אין זינען!

— אַזאַ לאַנגע צייט זיך אָפּגעצערט, זיי האָבן זיך דאָס אָנגעליטן...

— זיי האָבן זיך אַזוי פיל אָנגעליטן, וואָס זיי זענען גע־שלאָפן אין דער וואַרעם און געגעסן איבערן מויל אַריבער...

— ס'דען, זיי האָבן אַזוי פיל גוטסקייט געגאָסן, פונקט ווי די חזירים, וואָס מ'פּאַשעט זיי אויף פּאָקושיוועס מיט פּלע־וועס.

— בלויז אַ טרוקענע קאַרטאָפליע צו עסן און אויף דער פריי צו זיין — האָט גזשעלעס ווייב אויסגערופן.

— ס'האָט מיר שוין איינמאָל אַ טעם אַזאַ פרייקייט!... נע, דער אָרימאַן האָט אַזוי פיל דערפון, וואָס ער מעג זיך פּגרן פון הונגער, ווען עס געפעלט אים, וואָרן קיין שטראָף דערפאַר הייסט מען אים נישט צאָלן, נישט דער סטראַזשניק וועט אים דערפאַר אין קרימינאַל איינזעצן!... — האָט זי געהאַלטן אין איין חוזקן.

— אמת, מיין טייערע, אמת! אָבער וואָס גלות איז פאָרט גלות!...

— אָבער וואָס אַרבעס מיט פּעטס, איז נישט קיין יויך פון אָשינע־האָלץ! — האָט די יאַגוסטינקאַ זיך נאָכגעקרומט, אַז אַלע האָבן אַזש מיט אַ געלעכטער אַרויסגעזעצט.

זי האָט זיך מ'יש עפּעס אָפּגעטערט קעגן דער פיליפּקען, אָבער האָט זי זיך דען געקענט אויסגלייכן מיט אַזאַ פּיסקאַטער און אַזאַ פּליאַדער? יאַגוסטינקאַ האָט אָפּגעחוזקט פון איר חיפּיפ־ס'איז גאָר אַריין און זי האָט אָנגעהויבן דערציילן מעשיות וועגן מילנער

ווי אַזוי ער גיט אויף באָרג פּאַרדומפּענע קאַשע, און פּאָר געלט באַרט ער אויך אָפּ אויף דער וו. ג. דערנאָך ווידער, האָט זי שוין בשותּפות מיט דער קאָזלאָוועט אָפּגעחוזקט פון גאַנצן דאָרף, נישט אַדורכלאָזנדיק אַפילו דעם דאַבראַדזשעי, און יעדערן אַדורכגע־שלעפּט מיט די בייזע צונגען, ווי דורך די שטעכיקע דער־נער...

די גזשעלאָוואַ האָט געפּרוווט אַ טייל צו פאַרטיידיקן, אָבער די קאָזלאָוואַ האָט זי פאַרשריגן

— עך זענט גרייט אפילו צו פאַרטיידיקן אַזעלכע, וואָס ברעכן קלויסטערס אויף...

— וואָרן יעדער מענטש אָן אונטערשיד דאַרף האָבן מ'זאָל אים פאַרטיידיקן! — האָט זי ליבלעך אַ שעפּ...שע געטון.

— און צום מיינסטנס שוין גזשעלאַ פּאַר ענקער מאַגלאָוו־ניצע...

— נישט עך דאַרפט לערנען אָרנטלעכקייט, וואָס עך זענט באַרטעק קאָזשיאָלס ווייב!... — האָט זי צאָרניק אויסגערופן, שטאָלץ זיך אויסגלייכנדיק.

אַלע האָבן זיך איבערגעשראָקן, וואַרטנדיק, אַז זיי וועלן אַ שפּרונג טון איינע דער אַנדערער אין די קודלעס אַריין, אָבער זיי האָבן זיך נאָר אַ קוק איבער געגעבן מיט אַ פּאָר שרעקלעכע שליפּיעס. גוט — וואָס וויטעק איז אין דער רעכטער צייט אָנגע־קומען צו לויפן אויף מיטאָג רופן און די קוישן צוזאַמענעמען, וואָרן פון נאָך מיטאָג אָן האָט געזאָלט זיין אַ שטיקל יום־טוב.

זיי האָבן שוין ווייניק־וואָס גערעדט אַפילו באַם מיטאָג, וואָס האַנקאַ האָט געהייסן אויפן גאַניק דערלאַנגען, וואָרן די זון האָט זיך שוין איינגאַנצן געהאַט אַנטפּלעקט, די גאַנצע וועלט האָט אויפ־געשטראַלט, אין אַלע דעכער און בליענדיקע ביימער, וואָס האָבן אויסגעזען ווי מיט ווייסינקן שניי באַפּרישט — האָבן זיך אין דער דורכזיכטיקער, שמעקעדיקער לופט געבאָדן...

דער טאָג האָט זיך אויסגעשפּרייט אַ זוניקער און אַ שטילער, דער ווינט האָט צוואָס איבער די ביימלעך געשאַרט, אָבער אַזוי

לייכט, פונקט ווי מוטערלעכע הענט וואָלטן פּיעשטשענדיק אַ קינדס צבימל געגלעט.

ס'איז טאַקע געוואָרן אַן אמתער יום־טוב, וואָרן נאָך מיטאָג איז שוין קיינער נישט אין פעלד אַריין צו דער אַרבעט אַרויסגע־גאַנגען, אַפילו די בהמות האָט מען פון דער פּאַשע אַראָפּגעטריבן, אַזוי, אַז נאָר ווער־נישט־ווער פון די אָרימע האָט זיין מאָגערע שפּייזערין אַרויסגעפירט אויף אַ שטריקל, צו פּאַשען ערגעץ אויף די סטעזשקעס אָדער אין די ראָוועס.

און ווען די זון האָט זיך אויף עטלעכע פויערן אָפּגעקאָ־לערט פון מיטאָג, האָבן זיך די מענטשן אָנגעהויבן צונויפקלייבן פאַרן קלויסטער, זיי האָבן זיך אויסגעוואַרעמט הינטער די מויערן, איינטעהענדיק אין דער שטיל, פונקט ווי די פייגל, וואָס טשווי־טשערן אויף די קלאָנעס און אויף די ליפּעס, וואָס האָבן אין אַ הויכן קרייז אַזש ביזן דאַך פון קלויסטער געגרייכט מיט זייערע צווייגן, וואָס זענען קוים מיט גרינס געווען אָפּגעשיט. די זון האָט נישקשהדיק געבאַקן, ווי עס איז געווינטלעך נאָך אַ פרימאָרגן־רעגן. די פויערטעס זענען יום־טובדיק אויסגעשלייערטע געשטאַנען אין קופּקעלעך, און אַ טייל האָבן מיט פאַרבענקטקייט אָפּערגעקוקט פון הינטער דער מויער אויפן טאָפּאָלן־וועג אַרויס, און דער בלינדער דזשאַד ווידער איז צוזאַמען מיטן הינטל געזעסן אין טויער פון צווינטאַזש און פרומע לידער קרעכצנדיק אויסגעצויגן, מיט די אויערן געשפּיצט אויף אַלע זייטן און געקלומפּערט מיטן שיסעלע צו די אַריינגייענדיקע.

באַלד איז אויף אַרויסגעקומען דער דאָבראָדזשעי אין ווייסן גלחים־העמדל אָנגעטון און אין דער גלחים־באַנד, אין בלויזן קאָפּ, אַז די ליסינע האָט אים אַזש אויף דער זון גע־גלאַנצט.

פּיעטרעק באָרינעס האָט גענומען דעם צלם, וואָרן יאַם־בראָזש וואָלט נישט באַוויזן אַזאַ שטיק וועגס צו לויפן, דער וואָיט ווידער, דער סאָלטיס אין איינע פון די פעסטערע שיקסעס האָבן אַרויסגעטראָגן די פענער, וואָס האָבן זיך באַלד אָנגעהויבן אויפן ווינט אויפצוויקלען, צו פלאַטערן און צו בלישטשען מיט די קאָ־

ירן. מיכאַל דעם אָרגאַניסטערס האָט געטראָגן דאָס הייליקע וואַסער מיטן שפּריצער, יאַמבראָזשי האָט פֿונאַנדערגעטיילט די מיטהעלפֿער ליכט, און דער אָרגאַניסטער מיטן ביכל אין דער האַנט, האָט זיך אַנידערגעשטעלט לעבן דאַבּראָדושעי, וועלכער האָט געגעבן אַ צייכן. און זיי האָבן אָנגעהויבן גיין אין שטילשווייגן איבערן פֿונאַנדערגעבליטן דאָרף, לעבן סטאַוו, אַז אין שטילן וואַסער האָט זיך אַזש די גאַנצע פּראָצעסיע אָפּגעשלאָגן.

אַ שפּאָר ביסל פֿויערטעס און קינדער האָבן זיך נאָך פֿאַראייניקט אויפֿן וועג, גאָר צום סוף אָבער האָט זיך דער מילנער מיטן קאָוואַל צום גלח צו דורכגעשטופּט.

און גאָר אויף צום סוף, הינטער אַלע, האָט זיך באַכגעשלעפּט אַגאַטאַ, צוהיסנדיק אָפּט, און דער בלינדער דזשאַד האָט זיך אויף די קוליעס געוואַקלט, נאָר פֿון דער בריק האָט ער זיך צוריק אומגעקערט און ער איז אַפּנים אין קרעטשמע אַריין אַוועקגעגאַנגען.

ערשט נאָך דער מיל, וואָס איז אָפּגעשטעלט געוואָרן, וואָרן אויף דער פֿאַרמעליקטער מילנער־שגץ איז צוגעשטאַנען צו דער קאָמפּאַניע, האָט מען אָנגעצינדן די ליכט, דער גלח האָט אָנגעטון דאָס שוואַרצע, קאַנטיקע היטעלע, זיך איבערגעצלמט און אָנגעהויבן דעם ערשטן טאָן:

זיי האָבן אונטערגעהאַלטן פֿון גאַנצן האַרץ, וויפֿיל אייבער האָט נאָר געקענט, און געלאָזט זיך לענגויס דעם טייך, מיט די לאָנקעס, ווו ס'איז נאָך פֿול געווען מיט קאַלוזשעס, און ערטערווייז איז געווען אַזוי זומפּיק, אַז מ'איז ביז די קנעכלעך אַריינגעפֿאַלן. פֿאַרשטעלנדיק מיט דער האַנט די ליכט, זענען זיי דורכגעגאַנגען איבער אַ שמאָל וועגל, פּונקט ווי אַ בייטש קרעלן אָפּגעדרייט פֿון רויטע, געפּאַסעווטע וועלניאַקעס.

דער טייך האָט געשימערט אויף דער זון און שלענגלענדיק זיך געדרייט צווישן די גרינע לאָנקעס, וואָס זענען ווו־נישט־ווו אָנגעטשוועקעוועט געווען מיט קעמפּעס פֿון געלע און ווייסע בלימעלעך.

די פֿענער האָבן געווייעט איבער די קעפּ, פּונקט ווי די

גרויסע פייגל, מיט די געל־רויטע פליגל, דער צלם האָט זיך געוויגט פאָרויס, און די צעזונגענע שטימען האָבן זיך פאַמעלעך אין דער שטילער, דורכזיכטיקער לופט צעטראָגן, אַראָפּפאַלנדיק אויף די גראָזן, אויף די קעמפּעס העל־גרינע וואַסער־צווייגלעך, אויף די דערנער־קושאַקעס, וואָס זענען אינגאַנצן געווען איינגעטונקט אין ווייסן בלישטשענדיקן פּונקט ווי אין ווייסע הייליקע קיטלען.

דאָס וואַסער האָט געפּליעסקעט אָן די ברעגעס, וואָס איז פאַרבנרייך און געדיכט געווען באַזעצט מיט בלימעלעך, גלייך ווי עס וואָלט שטיל באַגלייט די געזאַנגען און די אויגן, וואָס האָבן זיך געטראָגן פאָרויס, אין די ווייטקייטן פון העלן הימל, אין דעם טייך, וואָס איז צעבלענדט פון גאָלדענע שטראַלן, אין די דערפער, וואָס האָבן זיך אויף די בערגיקע הויכקייטן אַרויסגעזען, און אין די ווייס בליענדיקע סעדער, וואָס האָבן זיך ווי אַ סטענגע קוים אין דער בלוילעכער לופט אָנגעזען.

דער גלח מיט זיינע באַהעלפערס זענען געגאַנגען האַרט לעבן צלם און געזונגען גלייך מיט אַלע.

— עפּעס אַ סך ווילדע קאַטשקעס פליען אַרויף! — האָט ער אַ שעפּטשע געטון, קוקנדיק זייטיק אויף רעכטס.

— דורכפליענדיקע קרייך־קאַטשקעס — האָט אָפּגעוועגדט דער מילנער, קוקנדיק אויף יענער זייט טייך, אויף דער פלאַך, וואָס איז פאַרוואַקסן געווען מיט געלע, פאַריעריקע ראָר־שטעקנס און מיט אָלכעס, פונוואַנען ס'האָבן זיך כסדר נאָכאַנאַנד גאַנצע כטאַדעס שווער צום פליען אויפגעהויבן.

— און באַטשאַנעס איז עפּעס מער דאָ ווי פאַראַיאָרן.

— זיי האָבן וואָס צו פרעסן אויף מיינע לאָנקעס, איז שלעפּן זיי זיך צוזאַמען פון דער גאַנצער וועלט.

— און איך האָב מיינעם אָנגעוווירן, איז די סאַמע תכלית איז ער מיר ערגעץ פאַרפאַלן געוואָרן.

— ר'האָט זיך געמוזט אוודאי צוטשעפּען צו אַ סטאַדע, וואָס איז דורכגעפלויגן.

— וואָס איז דאָס דאָ אויף די אַרומגעצוימטע בייטלעך?

— פערדס־גראָז האָב איך פאַרזייעט אַ גאַנצע מאָרגע... ס'איז אפילו אויף דעם אָרט אַביסל נאַס, אָבער מען זאָגט דאָך אַז עס גייט אויף אַ טרוקן יאָר, איז אפשר וועט עס געראָטן.

— אַבי נישט נאָר, ווי מיין פאַריעריקער: ס'איז נישט געווען נאָך וואָס זיך אַראָפּצובייגן.

— די קאָרנפּאַטוועס איז געראָטן: אַ שפּאָר ביסל האָבן זיך דאָרט אויסגעבריט — האָט ער שטיל זיך געוויצלט.

— אוודאי, איר האָט בעגעסן קאָראָפּאַטוועס, און מיינע פערדלעך האָבן מיט די ציין אין ליידיקן זשלויב געקלונגען...

— אַז ס'וועט מיר געראָטן, וועל איך שוין דעם גלח דאָבראָדזשעי דאָרט אויסבאָרגן עפּעס אַ פּירל.

— זאָל אייך גאָט באַצאָלן, וואָרן די פאַריעריקע קאָניטשינע איז אויך נישט ווי צום בעסטן; אויב ס'וועט זיין אַ טרוקעניש, וועט עס אַ תּל ווערן! — האָט ער מיט ווייטיק אָפּגעזיפצט און ווידער אָנגעהויבן צו זינגען.

זיי זענען גראָד צוגעקומען צום ערשטן בערגל, וועלכעס איז אַזוי באַדעקט געווען מיט קזשאַקעס צעבליטע דערנער, אַז עס האָט זיך אַרויסגעזען ווי אַ ווייסע קופּע, פאַרפלייצט מיט בלומען, וואָס זענען צעקלונגען געווען מיט אַ געזום פון בינען.

מ'האָט עס אַרומגערינגלט מיט אַ ראָד פון צעוויגטע ליכט, דער צלם האָט אויפגעשטייגט אין די קזשאַקעס פאַרשטעקט, די פּענער האָבן זיך נידעריק אַראָפּגעבויגן פונאַנדערגעוויקלט, און די מענטשן האָבן אין אַ ראָד אַנידערגעקניט, ווי פאַר אַן אָלטאַר, אויף וועלכן ס'האָט זיך דער הייליקער מאַיעסטאַט פון פרילינג אין די בלומען און אין דעם בינען־געזום באַוויזן...

גלייכצייטיק האָט אויך דער גלח איבערגעלייענט אַ תּפילה
קעגן האָגל און באַשפּריצט מיט הייליק וואַסער אַלע פיר זייטן
פון דער וועלט: אין די ביימעלעך, אין די ערד, אין דאָס וואַסער,
אין די קעפּ, וואָס בייגן זיך אַזוי הכנעהדיק, דידאָזיקע גאַנצע
וועלט, וואָס איז צעציטערט מיט אַ שטילער פרייד פון וואַקסן,
און די קראַפט, און דאָס גליק, אַלץ, וואָס האָט זיין מזל אָנ-
געהויבן און אַלץ, וואָס טוט ס'איז.
דער עולם האָט אַרויסגערעדט מיט אַ ביי געזאַנג און
פריילעכער און לעבעדיקער זיך אויפגעהויבן.
זיי האָבן זיך ווייטער געלאָזט גיין, גענעמענדיק זיך אויף
איינמאָל לינקס, אין דער ברייט פון די לאָנקעס, עטוואָס באַרג-
אויף. די קינדער האָבן זיך נאָך אַ ביסל לענגער פאַרהאַלטן,
וואָרן גולבאַסטעס חברה מיט וויטעקן האָבן, לויטן אַלטן מנהג,
אָפּגעאַרבעט אויף בערגל אַ טייל שקצים אַ פעסטע מקוה, אַז
ס'האָט זיך אויפגעהויבן אַזאַ געוואַלט, אַזש דער גלח האָט זיי
פון דערווייטנס בעג־אָזשעט.
און נאָך די לאָנקעס זענען זיי אַרויפגעקומען אויף דעם
ברייטן בהמות-וועג אויף דער גרענעץ, אין אַ געדיכטעניש פון
שלאַנקע יאַלאָווע-ביימלעך, וואָס זענען געוואַקסן אין עק, ווי אויף
דער וואַך פון די פרוכטבאַרע פעלדער. דער בהמות-וועג איז
געווען ברייט און געדרייט זיך דאָ אַהין, דאָ אַהער, פונקט ווי אַ
טייך, מיט אַ גרינע פאַליע גראָז, וואָס איז געדיכט אָנגעטשוויע-
קעוועט געווען מיט בלימעלעך, אַז אַ־ילו אין די אַלטע אויסגע-
פאָרענע צייכנס האָט געווימלט פון געלע מילכבלימלעך און ווייסע
מאַרגאַריטקעס. ווו-בישט-ווו האָבן זיך אויסגעשפּרייט גרויסע
באַרעזקע-קושאַקעס, וואָס זענען געווען באַוואַקסן מיט דערנער,
און ווו ווידער זענען איינזאַם געשטאַנען ווילדע פאַרנביימער,
איבגאַנצן אין בליעכץ אָפּגעטונקט און אין בינען-געזום צעזונגען
און אַזעלכע אָן אַ שיעור הערלעכע און הייליקע, ווי די האָסטיעס,
וואָס האָבן זיך איבער די פעלדער אויפגעהויבן, אַז ס'האָט זיך
געוואָלט אַזש קניען פאַר זיי און קושן די ערד, וואָס האָט זיי
אויף דער וועלט אַרויסגעגעבן.

און ווו ווידער האָט זיך אַ בזשאָזשע-ביימל איינגעבויגן אָנ־געטון אין אַ ווייסינקן קיטל און אינגאַנצן אין גרינס אַרומגעהילט, מיט פּוכאַנדערגעפּלאָכטענע צעפּ, און אַזוי ריין און ציטריק אין זיך, פּונקט ווי אַ מיידל, וואָס שטייט ס׳ערשטע מאָל צום מתוודה זיין זיך.

זיי האָבן זיך פּאַמעלעך אויפגעהויבן אויף דעם בערגיקן פעלד, אַרומגייענדיק די ליפּצער פעלדער פון צפון-זייט, לענגויס דעם מילנערס פעלדער, וואָס האָבן מיט קאָרן געדרויסט.

דער גלח איז געגאַנגען נאָכן צלם נאָך, נאָך אים האָבן זיך קופּקעסווייז געשטופּט די שיקסעס און פון די יינגערע פויערטעס, און גאָר צום סוף האָבן זיך איינציקווייז אָדער פּאָרנווייז אין אַ שורה, געשלעפּט די אַלטע באָבעס מיט אַגאַטען, וועלכע האָט גאָכגעהינקט ווייט הינטער אַלע. נאָר די קינדער האָבן זיך גע־פּלאָנטערט אויף די זייטן, היטנדיק זיך פאַרן גלחס אויגן, כדי צו קענען דרייסטער אַרומשטיפן.

ביז זיי זענען אַרויסגעקומען אויף דער פלאַך, ווי נאָך אַ גרעסערע שטילקייט האָט געהערשט, דער ווינט האָט אינגאַנצן אויפגעהערט, די פּענער זענען אַראָפּגעהאָנגען, און דער עולם האָט זיך צעשלעפּט אויף אַ מהלך, אַז די פויערטעס האָבן זיך ווי די בלומען צווישן גרינס אַרויסגעזען, און די פלעמלעך ווי־דער פון די ליכט האָבן געציטערט מיט די פונקען פונקט ווי די גאָלדענע זומער-פייגעלעך.

דער הימל איז געהאָנגען הויך און ריין, נאָר ווו-נישט-ווו איז עפּעס אַ ווייס וואָלקנדל געלעגן, פּונקט ווי אַ שעפּסל אויף די בלוילעכע, מיטן אויג אַרומנעמבאַרע פעלדער, איבער וועלכע עס האָט זיך געטראָגן אַן אומגעהייערע, צעפלאַקערטע זון, פאַרגיסנדיק די וועלט מיט ווארעמקייט און מיט שטראַלן.

נאָר דאָס געזאַנג האָט זיך געשטאַרקט: זיי האָבן געדונערט פון גאַנצן כוח און אַזוי הילכיק, אַז די פייגל זענען אַוש פון נידעריקע ביימער אַנטלאָפן; טייל מאָל איז אַן איבערגעשראָקענע קוויקאַ אַ פּאַסטווע כמעט פון אונטער די פיס אַפער אַוועקגעפלויגן;

דער גאָר אַ העזל האָט זיך ערגעץ פון אונטער אַ קושאַק אַפּער-געריסן און אויף בליַנד זיך אַוועקגעלאָזט.

— די ווינטער-תבואות גייען גוט אויף — האָט דער גלח אַ שעפּטשע געטון.

— באַ! כ'האָב שוין נעכטן געפּאַקט דאָרט אַ לעבעדיק פּיענטעלע.

— און ווער האָט דאָס אַזוי אָפּגעפּאַטשקעט?... האָלב מיסט איז דאָך אויפן אַקער!

— מוז זיין עפּעס אַ קאָמאָרניצעס קאַרטאָפליעס, גלייך זי וואָלט מיט אַ קו געאַקערט.

— די בראָגע וועט דאָך אַלץ אַרויסשלעפּן, פּאַטשקאַזשעס, יוכעס!

— ס'טייטש דאָס האָט דאָך דעם דאָבראָדזשעיס פּאַראָבעק פּאַראַקערט — האָט דער קאָוואַל שטיל אַריינגע-וואָרפן.

דער דאָבראָדזשעי האָט זיך אַ וואָרף געטון, אָבער אַנט-שוויגן געוואָרן און, צוזינגענדיק דעם עולם, איז ער געלאָפן מיט די אויגן איבער דעם אומגעהייערן אויסגוס פון די פרוכטבאַ-רע פעלדער, וואָס זענען אויסגעאַרבעט און ערטערווייז עט-וואָס אויפגעבלאָזן, פּונקט ווי די ברוסטן פון אַ זייגעדיקער מוטער, זיי האָבן אויסגעזען ווי צו אָטעמען אין זיסער אויפ-שוועלונג, כדי אַז וואָס עס וועט איר נאָר צו דער אָפּענער שויס צופאַלן, זאָל עס זיך קענען דערנערן און צוטוליען, און אינם שרעקלעכן גורל פאַרגעסן.

העי! ברייט, און ווייט, און גערוימיק האָבן זיך די אויגן געטראָגן, אַז די גאַנצע פּראָצעסיע האָט זיך נאָר אויסגעוויזן, ווי אַ צוג פון מאָרעווקעס צווישן די תבואות, און די שטימען פון די מענטשן האָבן אויף אַזוי פיל אויסגעמאַכט אין די פעל-דער, ווי דאָס טשווישערן פון די לערכעס.

די זון האָט זיך שוין צו מערב-זייט איבערגעקאָלערט, אַז

די תבואות זענען שוין אָפּגעגאָלדט געוואָרן, די באַליבטע ביימער האָבן שאָטנס געוואָרפן, דער ליפּצער סטאַוו ווידער האָט ווי אַ צעגליטע שויב אַרויסגעבלישטשעט פון די סעדער-בערגעס, וואָס זענען מיט אַ שוימעדיקער ווייסקייט פון בליִעכץ געווען אָפּגעשיט. דאָס דאָרף איז געלעגן נידעריקער, פּונקט ווי אויף דער דנאָ פון אַ גרויסער שיסל און זי איז אַזוי מיט ביימער פאַרשטעלט געווען, אַז נאָר ווו-נישט-ווו האָט מען אַ גרויען שייער געקענט דערזען; איין קלויסטער נאָר, וואָס האָט זיך מיט זיינע ווייסע מויערן איבער אַלץ אויפגעהויבן און מיטן גאָלדענעם צלם אויפן הימל געלויכטן.

אויף רעכטס ווידער פון די גייענדיקע האָבן זיך פלאַכע פעלדער פונאַנדערגעגאָסן, פּונקט ווי די נישט אַרומנעמבאַרע גרויגריבע וואַסערן, פון וועלכע ס'האָבן אַרויסגעשטאַרט דערפער, וואָס זענען מיט געדיכטע קעמפּעס ביימער פאַרבליט געווען, וועג-צלמים און ביימער, יואָס וואַקסן איינזאַם. די אויגן האָבן זיך געטראָגן אַהין ווי די פייגל, אָבער זיי האָבן נישט דערגרייכט אין דעם אומקרייזנדיקן פלי קיין אַנדערע גרענעצן, אַ חוץ די וועלדער, וואָס האָבן זיך געשוואַרצט אַרום.

— ס'איז עפּעס צו שטיל... ס'זאָל אַמאָל קיין רעגן נישט קומען באַנאַכט... — האָט דער גלח אָנגעהויבן.

— ס'וועט נישט זיין: ס'האָט זיך פיין אויסגעלייטערט און ס'בלאָזט אַ קילקייט.

— ס'האָט אינדערפרי געגאָסן, און אַצינד איז שוין פון וואַסער קיין סימן נישטאָ.

— ס'איז דאָך וויאָסנע, איז מיטן קוק טרוקנט זיך אויס — האָט דער קאָוואַל זיינס אַריינגעוואָרפן.

זיי זענען צוגעקומען צום צווייטן בערגל, אַ ווינקלדיקס. עס איז געווען גרויס, ווי אַן אָנגעשיטע קופּע; מ'האָט געזאָגט, אַז אונטער אים ליגן געהרגעטע אויף אַ מלחמה. אַ נידעריקער צלם איז אויף אים געשטאַנען אַ וואַקלדיקער אינגאַנצן, אַרומגעשלייערט נאָך מיט פאַריאָריקע קראַנצן און בילדלעך, פאַרצויגענע מיט פויערהענגלעך, פון דער זייט ווידער האָט זיך געטוליעט אַ צעפוילטע,

צעשפּאָלטענע ווערבע, וואָס האָט באַדעקט זיינע ווונדן מיט די יינגע צווייגעלעך. עפּעס שרעקלעך איז דאָ געווען אין פּוסט, אַז אפילו די שפּאַצן האָבן זיך דאָ קיין נעסטן אין די לעכער נישט געמאַכט; כאָטש אַרום זענען געלעגן פרוכטבאַרע פעלדער, און דאָס בערגל איז געווען כמעט נאַקעט, די אָפּגעריסענע זייטן האָבן זיך מיט זאַמד געגעלט, און נאָר די צעוואַקסענע באַדיליעס האָבן זיך ווו-נישט-ווו ווי די לישאַיעס צוגעטשעפּעט און ס'האָבן אַרויסגעשטאַרט די טרוקענע באַדיליעס פון די ליכט-פלאַנצן און פאַריעריקע ביעלינעס.

זיי האָבן אָפּגעריכט אַ תפילה קעגן מגפות און שטעלנדיק אַ גיכערן טריט, האָבן זיי זיך נאָך מער אויף לינקס פאַרנומען, דורכהאַקנדיק צום טאָפּאָלן-וועג, האָבנדיק בדעה צו גיין צום סאַמע וואַלד, ווי עס האָט געפירט דאָס שמאָלע און שטאַרק אויסגעפאָרענע וועגל.

ווי אַ צוזאַמענגעשלאָגענע מחנה האָבן זיי זיך אַ לאָז געטון, נאָר אַגאַטאַ איז באַם בערגל איבערגעבליבן, זי האָט פאַרבאָרגעבערהייט אָפּגעריסן אַ שטיקל שמאַטע פון צלם און, נאָכאיילנדיק פונדערווייטנס נאָך דער פּראָצעסיע, האָט זי עס צעטעפּעטערהייט באַגראָבן איבער די סטעזשקעס צוליב עפּעס אַן אַבערגלויבן.

דער אָרגאַניסטער האָט אָנגעהויבן זינגען די ליטאַניע, און דער עולם האָט שלעפעריק אונטערגעכאַפּט, אַזוי, אַז נאָר ווערנישט-ווער האָט מיטגעזונגען, אייגער אַליין, וואָרן די פויערטעס האָבן אין דער שטיל אייגנעטענהט, נאָר אויף דעם אָרט, ווו מ'האָט געדאָרפן האָבן זיי מיט אַ געשריי אַ וואָרף געטון: — זייַ מתפלל פאַר אונדז" — די קינדער ווידער האָבן זיך אַרויסגעשפּאַרט פאָרויס, און שטיפעריש אַרומגעלאָבוסעוועט, אַז פּיעטרעק די באָדינעס האָט, אומקוקנדיק זיך אויפן גלח, אַזש אַ מרוקע געטון, אויסער זיך פון כעס

— אָבידראַנצעס, יוכעס! אַכמאַנעס!... וואָרז כ'נעם אַראָפּ דעם פּאַסעק!

דער גלח, שוין זייענדיק שטאַרק מיד, האָט אָפּגעווישט

דעם שווייס פון דער ליסיבע, און אומקוקנדיק זיך אויף די שכנותדיקע פעלדער, האָט ער צום וואָיט אַ זאָג געטון.

— האָ, האָ! זיי איז שוין דער אַרבעס אויפגעגאַנגען...

— אמת טאַקע!... פריִער מוז ער זיין, דאָס פעלד איז באַמיסטיקט, איז גייט עס אויף ווי אַ וואַלד.

— איך האָב נאָך פאַרזעצט אין דער פאַלמען-וואָך, און ס'שפּראָצט ערשט קוים אַרויס.

— וואָרן באַם דאָבראָדושעי אין דעם טאָל איז קאַלט, און דאָ איז דער גרונט וואַרעמער.

— און דער גערשטן איז זיי שוין אויפגעגאַנגען, און אַזוי גלייך, ווי מיט אַ זייע-מאַשין פאַרזייעט.

— די מאָדליצער זענען גוטע גאָספּאָדאַזשעס, זיי אַרבעטן אין פעלד אויף דער הויפישער מאָדע.

— נאָר אויף אונדזערע פעלדער איז נאָך קיין צייכן נישטאָ פון קיין האָבער מיט קיין גערשטן.

— ס'איז אַלץ פאַרשפּעטיקט, די רעגנס האָבן אויף צוגעקלאַפּט, אַז נישט אַזוי גיך וועט זיך דאָס רירן.

און אָפּגעפּאַטשקעט, אַז זאָל גאָט אָפּהיטן! — האָט דער גלח שמערצלעך אָפּגעזיפצט.

— קיין געשעבקט פערד קוקט מען נישט אין די ציין אַריין — האָט זיך דער קאָוואַל צעלאַכט.

— דע, אַבּידראַנצעס, כ'וועל ענק די אויערן אָפּרייסן, אַז צ'וועט נישט אויפהערן! — האָט דער גלח אַ געשריי געטון אויף די שקצימלעך, וואָס האָבן געוואָרפן שטיינער אויף אַ סטאַדע קוראָפּאַטוועס, וואָס האָבן זיך דורך די בייטן דורכגעטראָגן.

פלוצלינג זענען די געשפּרעכן איינגעשטילט געוואָרן, די שקצימלעך האָבן זיך איבער די ברוזד עס צעלייגט, דער אָרגאַניסטער האָט ווידער אָנגעהויבן צו בעטשען, דער קאָוואַל האָט אונטערגעהאַלטן, אַז ס'האָט אַזש אין די אויערן אַ דריי געגעבן, און די דינעטשקע קולעכלעך פון די פויערטעס האָבן זיך אין אַ יעמערלעכן כאָר אויפגעהויבן, אַז די ליטאַניע האָט זיך איבער

די פעלדער צעטראָגן, פּונקט ווי אַ צוג פון פייגל, וואָס זענען שוין אָפּגעמאַטערט פון לאַנגן פליִען און לאָזן זיך שוין פּאַמעלעך און וואָס אַמאָל נידעריקער אַראָפּ.

זיי האָבן זיך געשפּאַרט אַזוי צווישן די גרינע פעלדער, מיט אַ לאַנגער און צעזונגענער בייט, אַז די מענטשן, וואָס האָבן געאַרבעט אויף די מאָדליצער פעלדער, און אפילו אויף די ווייטערע, האָבן זיך פון דער אַרבעט אויפגעשטעלט, אַראָפּגענומען די היטלען, דאָ אויף די בייטן אַנידערגעקניט, ווו ווידער האָבן זיך די בהמות צעריטשעט, אויפהייבנדיק די שווערע, האָרנדיקע קעפּ, און ווו ווידער איז אַן איבערגעשראָקענער זשרעבאַק פון דער מוטער אַוועקגעלאָפן, אין דער וועלט אַריין זיך לאָזנדיק.

זיי האָבן נאָך געהאַט אַ פיצל וועגס צום דריטן בערגל מיט דער הייליקער פיגור לעבן טאָפּאָלן-וועג, ווי עמעצער האָט מיטן גאַנצן כוח אַ געשריי געטון:

— עפּעס פויערן גייען אַרויס פון וואַלד!

— און אפשר זענען דאָס אונדזערע?

— טאַקע אונדזערע! אונדזערע! — האָט די גאַנצע מחנה אַ זעץ אַרויס געטון, און באַ אַ צענדליקער פויערטעס האָבן זיך אַ חאָרף געטון פאָרויס.

— שטייטס! פריִער די תפילה אָפּריכטן — האָט דער גלח שטרענג באַפוילן.

פאַרשטייט זיך, אַז זיי זענען שטיין געבליבן, איבערטרעטנדיק פון איין פוס אויפן אַנדערן פון אומגעדולדיקייט; זיי האָבן זיך נאָר שטאַרקער אין אַ קופּע צונויפגעשלאָגן, צונויפקאָמפּאַניענדיק זיך ווי ס'איז אויסגעקומען, וואָרן יעדן אייניקן איז אַ וווּנדער, וואָס ס'האָט אים פון אָרט נישט אונטערגעהויבן, אָבער דער גלח האָט נישט געלאָזט, פונדעסטוועגן האָט ער אָנגעהויבן שטעלן גרעסערע טריט.

אַ ווינט האָט פון ערגעץ אַ בלאָז געטון, אַז די ליכט האָבן זיך אויסגעלאָשן, די פענער האָבן זיך צעפלאַטערט, און דאָס קאָרן, די קזשאַקעס און די צעבליטע ביימער האָבן זיך אָנגעהויבן וויגן, ווי בוקנדיק זיך און צו די פיס פון דער פּראָצעסיע

זיך געלייגט. אָבער דער עולם, כאָטש ער האָט וואָס אַמאָל היל־ כיקער געזונגען, האָט זיך שוין אין איין אָטעם גערוקט פאָרויס און די אויגן אין דעם נישט ווייטן וואַלד איינגעראָבן, צווישן דיביימער באַם וועג, וווּ ס׳האָבן זיך שוין בפירוש די פויערישע קאַפּאָטעס געוויזן.

— שטופּטס ענק נישט באַראַנים: די פויערן וועלן ענק נישט אַנטלויפן! — האָט דער גלח אויף זיי אָנגעשריגן, וואָרן מ׳איז שוין אויף די פּיעטעס אָנגעטרעטן, פּאַקנדיק זיך איינע איבער דער אַנדערער.

האַנקאַ, וועלכע איז געהאַט געגאַנגען אין איין ריי מיט די ערשטע באַלעבאָסטעס, האָט אַזש אַ געשריי געטון, דערזעענ־ דיק די קאַפּאָטעס. זי האָט דאָך געוווּסט, אַז זי וועט אַנטעקן דאָרט נישט זען, און טראָץ דעם איז זי אויפגעטרייסלט געוואָרן פון פרייד, און אַ פאַרשיכורנדיקע האַפענונג האָט איר פשוט די נשמה צעזעצט, אַז זי איז אַראָפּגעגאַנגען אָן אַ זייט, אין אַ ברוזדע און זיך די אויגן אויסגעקוקט. . .

יאַגושאַ ווידער, וועלכע איז געגאַנגען לעבן דער מוטער, האָט זיך פון אָרט אויפגעריסן, ווי נאָר צום פליִען; פייערן האָבן זי אַדורכגענומען און אַזאַ פלאַטערניש, אַז זי האָט די ציין נישט געקענט צושליסן; און די אַנדערע פויערטעס האָבן זיך אויך חיונציק צו זייערע אויסגעבענקטע געריסן. נאָר אַ טייל שיקסעס און שקצימלעך האָבן נישט לאַנג אויסגעהאַלטן, וואָרן מיט אַמאָל האָבן זיי זיך אַ פּאַטש געטון פון דער קופּע אַוועק, ווי דאָס וואַסער פון אַ צעבער אויסגעגאָסן, און נישט קוקנדיק אויף דעם רופן, האָבן זיי זיך אַ לאָז געטון דורכן פעלד צום וועג צו, אַז די ליטקעס האָבן זיי זיך אַזש געוויזט.

די פּראָצעסיע איז גיך צוגעקומען צו די באָרינעס צלם, נאָך וועלכן ס׳איז באַלד געווען אַ בערגל, אויף דער גרענעץ פון די פעלדער פון די ליפּצער און דעם הו־פּישן וואַלד.

די פויערן זענען שוין דאָרט געשטאַנען אין אַ קופּע אין דעם שאָטן פון די הויכע בזשאָזעס, וואָס האָבן געוואַקסט לעבן צלם; פון דערווייטנס שוין האָבן זיי די קעפּ אָפּגעדעקט, און

פאַר די אויגן פון די פויערטעס האָבן זיך באַוויזן די ליבע אויסגעבענקטע פנימער פון זייערע מענער, טאַטעס, ברידער און זין, אויסגעמאָגערטע פנימער, אָפּגעצערטע, אָבער פול מיט פרייד, פול מיט צעשמייכלטקייט פון גליק.

— די פלאָשקעס! שיקאָרעס! מאַטעאושס! קלאָנבו! און גולבאַס! און דער אַלטער גזשעלאַ! און פיליפּ! טייערע, אויסגעדאַרטע געבעך! אָרימע! יעזוס מאַריאַ, אַלערהייליקסטע מוטער! — האָבן זיך געריסן פאַרשידענע אויסרופן און אויסגעשרייען און הייסע פליסטערן און די אויגן האָבן שוין געגליט פון פרייד, די הענט האָבן זיך שוין אויסגעצויגן, די פאַרשטיקטע געוויינען האָבן שוין אַרויסגעפּישטשעט און אַ געשריי האָט די העלדזער אויפגעשוואָלן, ס'האָט שוין אַלע אונטערגעטראָגן, אָבער דער גלח האָט מיט איין הויך וואָרט אַלע אויפגעהאַלטן און דעם עולם איינגעשטילט, און צופירנדיק ביזן צלם, האָט ער רויק געלייענט די תפילה „קענן פייער"; נאָר ער האָט געלייענט פּאַמעלעך, וואָרן אַן חשק און כסדר זיך אויף אַלע זייטן אומגעקוקט און מיט די ערלעכע אויגן אויף די אויסגעפּייניקטע פנימער געפירט.

אַלע האָבן אין אַ האַלבן קרייז אַנידערגעקניט און צוזאַמען מיט דער הייסער תפילה פון דאַנקבאַרקייט, זענען זיי געפלאָסן די טרערן פון די אויגן, וואָס זענען געווען איינגעקוקט אין דעם צוגעשלאָגענעם קריסטוסן. ערשט דעמאָלס, ווען ער האָט געענדיקט און מיט וואַסער די קעפּ, וואָס האָבן זיך צו דער ערד געבויגן, באַשפּריצט, האָט ער אַראָפּגענומען דאָס קאַנטיקע היטעלע און פריילעך מיטן גאַנצן קול אַ דונער אַרויס געטון:

— זאָל ער זיין געלויבט! וואָס מאַכט עך, האַרציקע מענטשן!

פאַרשטייט זיך, אַז זיי האָבן אים אין איין כאָר אָפּגעענטפערט, שטופּנדיק זיך צו אים ווי די שעפּסן צום פּאַסטוך, און געקושט אים אין די הענט אַריין, און באַ די פיס אַרומגעכאַפּט, און ער האָט דיר יעדן איינציקן צום האַרץ צוגעדריקט, אין די קעפּ געקושט, איבער די אויסגעדאַרטע פנימער געגלעט, ער האָט

זאַרגזאַם אויסגעפּרעגט און מיט אַ גוט וואָרט אָפּגעלאָזט, ביז ער האָט זיך אַ פאַרמאַטערטער אײַנגעשלאָפן צלם אָנידערגעזעצט, אין דעם שווייס און די ערלעכע טרערן אָפּגעווישט.

און דער עולם האָט זיך פּונקט ווי זידנדיק וואַסער אויפגעקאָכט.

ס'האָט אויסגעבראָכן אַ רעש, געלעכטערן, אַ טשמאַטשקערײַ, פרייד-געוויינען, קינדערישע פלאַפלערייען, הייסע ווערטער און פליסטערן, געשרייען, וואָס האָבן זיך ווי אַ געזאַנג פון די באַגליקטע הערצער אַרויסגעריסן, אויסרופן פון בענקשאַפט, וואָס איז פּלוצלינג פאַרגעסן געוואָרן; יעדע איינציקע האָט אירן אין אַ זייט אָוועקגעצויגן און יעדער איינציקער האָט זיך, פּונקט ווי אַ סאָסנע, צווישן די קיששקעס געוואַקלט אין דער קופּע ווײַבער און קינדער, אין פריידיקן רעש פון געשפּרעכן און געוויינען... ס'האָט אַ שײַנע ווײַלע אַזוי געדויערט די באַגריסונגען און ס'וואָלט זיך געוועט אַזוי אָוועקגעצויגן ביז אין דער נאַכט אַרײַן, ביז וואַנען דער גלח האָט זיך בעטאַפּט, אַז ס'איז שוין צײַט און געגעבן אַ צייכן.

זיי האָבן זיך געלאָזט גיין צום לעצטן בערגל, מיטן וועג לענגויס דעם וואַלד, מיט נידעריקע קושאַקעס און מיט יונגע סאָסנעלעך פאַרוואַקסן.

דער גלח האָט אויפגעזונגען: „הארציקע מוטער”, און אַלע האָבן, ווי איין מענטש אונטערגעהאַלטן מיט אַ הויך קול, אַז דער וואַלד האָט אױש אַ קרעכץ געטון און מיט אַ ווידערקול אָפּגעענטפערט, וואָרן אַ פרייד האָט די נשמה אָנגעפולט, געבנדיק אַזאַ קראַפט דער ברוסט, אַז דאָס געזאַנג האָט זיך אויפגעריסן ווי אַ פריילינגדיקער שטורם און געפּאַטשט אויף די וועלדער מיט אַ זייל פון צעפלאַמטע באַגײַסטערונגען...

און ווײַל ס'איז צוגעקומען אַ שפּאָרער עולם, איז האָבן זיי שוין דעם גאַנצן וועג פאַרפּאַקט, זיי זענען אויך אין וואַלד געגאַנגען צווישן די ביימער, זיי זענען אויך איבער די פעלדער געגאַנגען, אַז גאַנץ פּאָדלעשיע איז פאַרפולט געוואָרן מיט מענטשן און געדונערט מיט אַ הימל-גרייכנדיק געזאַנג.

נאָר באַלד אינדערגיך, איז אָפּגעפּאַ״ן דאָס געזאַנג, פּונקט ווי אַ וואַלקן, ווען ער לאָזט שוין פון זיך אַרויס דעם דונער, אַז נאָר די פון סאַמע פאָרנט האָבן נאָך געצויגן דעם טאָן, אַ סך אָבער איז וויכטיקער געווען צו כאַפּן אַ שמועס מיט זייגע אייגענע. דער צוג האָט זיך אויך איבערגעריסן און צעשווומען אויף אַלע זייטן, כאַלופּעסוויז זענען זיי געגאַנגען, אַ סך האָבן די קלענערע קינדער אויף די הענט גענומען, אַנדערע ווידער, וואָס מער ייִנגערע זענען געגאַנגען פּאָרבווייז, עפּעס דערציילנדיק זיך, און אַנדערע האָבן זיך שוין צווישן די געדיכטענישן פון מענטשנס אויגן, אָוועקגעפּירט, די שיקסעס ווידער פאַרפּלאָנטע ווי די קערשן, האָבן זיך צוגעקלעבט צו זייערע שקצים, נישט קוקנדיק אויף קיינעמען. און פון צייט צו צייט, ווייזט אויס, כדי צו לינדערן זייער צופרידנקייט, האָבן זיי אַ זעץ אַרויס געטון ווידער מיט אַ הילכיק געזאַנג, אַזש די קראָען זענען פון זייערע נעסטן אויף די פעלדער אַרויסגעפלויגן, אַזש די ליכט זענען פון אימפּעט פאַרלאָשן געוואָרן, און דער וואַלד האָט אָפּגעשאַלט פּאַמעלעך און געריזלט ווי פון אַ טיפן, נישט זעבאַרן האַלדז אַרויס.

דאָ האָט זיך נאָר אַ שטילקייט פונאַנדערגעשפּרייט, אַזוי, אַז נאָר דאָס געטופּעריי פון די פיס האָט זיך צעטראָגן און עס האָבן געשפּריצט די צעפלאַמטע געלעכטערן פון די געדיכטענישן אַרויס, די שטילע פליסטערן אָדער די תּפֿילות פון די אַלטע פויערטעס, וואָס זיי האָבן קרעכצנדיק צו עטלעכע מאָל איבערבעחזרט.

ס׳האָט זיך שוין דערנענטערט צו זון־פאַרגאַנג, דער הימל האָט זיך אויפגעהויבן, ווי אויפבלאָזנדיק זיך אין אַ צעגאָלדעטן גלעזערנעם קופּאָל, אַז נאָר עטלעכע וואָלקנס, וואָס זענען מיט אַ רויטקייט דורכגעזאַפּט געווען, זענען אין די הויכע בלויקייטן צעשווומען געוואָרן. די זון האָט זיך אַראָפּגערוקט אין סאַמע איינשניט און איז איבער די וועלדער געבליבן הענגען, און צווישן די אומגעהייערע שטאַמען, אויפן גרינעם פּאָן האָבן זיך גאָלדענע שטראַלן צעשיט ; אויף די אויסגעהאַקטע ערטער ווידער האָבן

זיך איינזאַמע ביימער, אויסגעדאַכט אין פייערן צו פלאַקערן; עס האָבן זיך צעפלאַקערט די וואַסערן, וואָס זענען אין די געדיכטעניש פאַרבאָרגן געווען און דער גאַנצער וואַלד איז ווי אין פלאַמען געשטאַנען און אין בלוטיקע רויכן, אַז נאָר ערטערווייז דאָרט, ווו די הויכע סאָסנעס זענען אין אַ צוזאַמענגעשלאָגענער געדיכטעניש געשטאַנען און ווי די פויערן אויף זיך מיט די אָרעמס אָנגעשפאַרט, — דאָרט איז אַ שוואַרצע פינסטערניש געלעגן, און אויך דאָרט האָט ווו־נישט־ווו ווי מיט אַ זוניקן רעגן דורכגעלויכטן.

דער וואַלד האָט זיך צום וועג־צו אַרויסגעבויגן און ס׳האָט זיך געדאַכט, ער קוקט אויף די פעלדער, אויסוואַרעמענדיק אין דעם זון־פאַרגאַנג די הויכע ביימער־שפּיצן, און ר׳איז געשטאַנען אַזוי שטיל, אַז דאָס דזשאָבען פון די דזשענטשאָלן האָט דורכדרינגלעך געקנאַקט, אַ קוקאווקע האָט ערגעץ פאַרביסן געקוקעט, און פון די פעלדער האָט זיך אַ פייגל־געטשוויטשער דערטראָגן.

דער וועג האָט זיך ערטערווייז געדרייט באַם סאַמע ראַנד פון די פעלדער, אַז די פויערן האָבן אויפגעהערט צו דערציילן און צו שטופּן זיך אין דער ברוזדע באַם וועג; זיי זענען געגאַנגען איינגעבויגן, אַרומנעמענדיק מיט די אויגן די גריבע פעלדער, ווו געדיכט־בליענדיקע ביימער האָבן געפלאַקערט אין דעם זון־אונטערגאַנג, די לאַנגע בעטן, וואָס האָבן זיך צו זיי הכנעהדיק אויסגעצויגן, די, ווי וואַסערן, עטוואָס צעוויגטע תבואה־פעלדער, וואָס האָבן ווי געבויקט זיך צו די פיס פון די באַלעבאַטים מיט אַ פריידיקן געגרילץ. זיי האָבן דאָס געפרעסן מיט די שליפּיעס דידאָזיקע מאַמע־שפּייזערין, אַז נישט איינער האָט זיך איבערגעצלמט, „זיי געלויבט״ געזאָגט, אַראָפּנעמענדיק דאָס היטל, און אין אַלעמען האָבן גלייך די נשמות געקניט אין אַ שטומער, הייסער ערפורכט פאַר דערדאָזיקער הייליקער און אויסגעבענקטער.

פאַרשטייט זיך, אַז נאָך דידאָזיקע ערשטע באַגריסונגען, האָבן זיך פרישע געשפּרעכן אָנגעהויבן און נייע פריידן האָבן די הערצער צענומען, אַז נישט איינעם האָט זיך אַזש געוואָלט אַ הו־

קע טון אַ בערן וואַלד, אָדער צופאַלן צו די בייטן און זיך צע־ווייגען.

נאָר האַנקאַ האָט זיך דערפילט ווי אויסער דער גאַנצער וועלט. וואָרן אָט זענען פאַר איר, און נאָך איר, און אומעטום, די פריערן געגאַנגען רוישיק, און לעבן יעדן אייגציקן טוליען זיך מיט פרייד די ווייבער און קינדער, פונקט ווי די שוואַכע קזשאַקעס, און אָט רעדן זיי, פרייען זיך, קוקן זיך אין די אויגן אַריין, דריקן זיך איינער צום אַנדערן, און זי איינע האָט נישט צו קיינעם קיין וואָרט אויסצורעדן! דער גאַנצער עולם קאָכט פון זידיקייט, פון נישט איינגעהאַלטענער פרייד, און זי, כאָטש זי גייט אינדערמיט, פילט זי זיך אַזוי פאַרלאָזן און אומגליקלעך, פונקט ווי דער בוים, וואָס טרוקנט אָפּ אין דער געדיכטעניש, אויף וועלכן אַפילו קיין קראָ מאַכט זיך קיין נעסט נישט, נישט קיין שום פויגל זעצט זיך אַוועק, ס'האָט זי אַפילו ווייניק ווער באַגריסט — ווי דען! יעדער האָט זיך געאיילט צו ס'זייניקע... וואָס קען זי זיי אָנגיין?... און אַזוי פיל זענען זיי צוריקגעקומען... אַפילו קאָזשיאָל, אַז מען וועט ווידער דאַרפן צו היטן די קאַמערן און די כליוועס צו פאַר־מאַכן... און אַפילו דידאָזיקע גרעסטע אונטערהעצער: גזשעלאָ דעם וואָיטס ברודער און מאַטעוש... נאָר אַנטעקן האָט מען נישט אַרויסגעלאָזט... אפשר וועט זי אים שוין קיינמאָל מער נישט זען...

ניין, זי האָט עס שוין נישט געקענט אויסהאַלטן, וואָרן די אַלע טראַכטעכישן האָבן זי ווי מיט שטיינער צוגעדריקט, אַז זי האָט קוים די פיס געשלעפּט, אָבער זי איז געגאַנגען מיט אַן אויפגעהויבענעם קאָפּ, שטאָלץ אויפן בליק און געבלאָזן פון זיך ווי שטענדיק. ווען מ'האָט אויפגעזונגען, האָט זי מיט אַלעמען גלייך מוטיק מיטגעזונגען; ווען דער גלח האָט די תּפילה אָנגע־הויבן, האָט זי די ערשטע נאָכגעזאָגט מיט די בלאַסע ליפּן, נאָר אין די לאַנגע הפסקות, ווען זי האָט דערהערט אַרום זיך די איינ־געשטילטע הייס־ליידנשאַפטלעכע שעפּטשען, האָט זי איינגעגראָבן אירע מידע אויגן אין דעם גלאַנציקן צלם און איז געגאַנגען,

היטנדיק זיך נאָר פאַר די פאַראַטנדיקע טרערן, וועלכע האָבן זיך איר ווי די גנבים צייטנווייז פון אונטער די אויגן־לעדלעך אַפּגעגליטשט... זי האָט נישט געוואַגט אַפילו אַ פרעג צו טון זיך וועגן אַנטעקן — זי וואָלט זיך נאָך געקענט אַמאָל אויסגעבן מיט איר פיין פאַר מענטשן!... ניין, ניין, זי האָט אַזוי פיל איבערגעטראָגן, איז וועט זי ווייטער אויך אויסהאַלטן, זי וועט דורכליידן... זי וועט עס איבערטראָגן... זי האָט זיך אַליין אָפּגעשטראָפט, פילנדיק איינצייטיק, ווי בריִענדיקע טרערן האָבן זיך איר אָנגעזאַמלט, ווי אַ ווייטיק שטיקט זי אין האַלדז, די אויגן פאַרציִען זיך מיט אַ פינסטערניש, און ווי די ליידן וואַקסן פון מינוט צו מינוט.

נישט זי איינע אַליין אָבער האָט אַזוי געביטערט, ניין, וואָרן אויך יאַגושיאַ האָט זיך נישט בעסער געפילט: זי איז געגאַנגען באַזונדער, דורכשלייכנדיק זיך מיט שרעק, פונקט ווי אַן איבערגעשראָקענע סאַרנע. אויך זי האָט די פרייד פאַרשיכורט, אַז זי איז געלאָפן אַקעגן און כמעט די ערשטע צו די טירן צוגעפאַלן, אָבער קיינער איז צו איר נישט אַרויסגעשפרונגען, קיינער האָט זי נישט צוגעטוליעט און נישט געקושט. נאָך פונדערווייטנס האָט זי מאַטעושס קאָפּ דערזען איבער אַנדערע אויפגעהויבן, איז האָבן זיך דעריבער צו אים אירע צעפלאַקערטע אויגן אַ וואָרף געטון, צו אים האָבן זי פלוצלינג אַ ריס געגעבן די לאַנג שוין פאַרגעסענע בענקעניש, אַז זי האָט זיך דורכגעשטופּט דורך דער ענגשאַפט מיט אַ פריידיקן רעש. אָבער ער האָט זי גלייך ווי נישט באַמערקט... איידער זי איז צוגעקומען צו אים, איז אים שוין די מוטער אויפן האַלדז געהאָנגען, באַסטושיאַ האָט אים אין דער העלפט געהאַלטן און די ייִנגערע קינדער האָבן זיך געהאָנגען אַרום אים, טערעסקאַ די זעלבערקע ווידער האָט, רויט ווי אַ באַריק, אַ צעבעטשעטע, אים בײַ דער האַנט געהאַלטן, נישט היטנדיק זיך שוין פאַר קיינעמס אויגן.

גלייך ווי ס'וואָלט זי עמעצער מיט קאַלט וואַסער אָפּגעגאָסן, אַז זי איז אַ פאַל אַרויס געטון פון דער קופּע און זיך אין וואַלד אַריין אַוועקגעלאָזט, אַליין נישט וויסנדיק, וואָס מיט איר טוט זיך. נאָר

ווי דעם, זי האָט געהאַט אַ שרעקלעכן חשק צו דערפילן זיך אין דער גאַנצער גראָמאַדע און אין דער ענגשאַפט, אין דעם דורכנעמענדיקן שטורם פון באַגריסונגען, זי האָט זיך געוואָלט פרייען, פונקט ווי אַנדערע; וואָרן פונקט ווי אַלע האָט זי דאָך געהאַט אַ האַרץ פול מיט פלאַם און גרייט באַגייסטערט צו ווערן און צו בליפען פון פרייד, און אָט מוז זי גיין אַליין, ווייט פון מענטשן, פונקט ווי אַ פאַרשיוואַטער הונט.

זי האָט אויפגעצאַפלט מיט אַ שרעקלעכער ווייטיק, קוים שוין די טרערן איינהאַלטנדיק און זיך נישט צו צעיאָמערן, און זי האָט זיך געשלעפט ווי אַ טויבער וואָלקן, וואָס אַ ליאַדע רגע קען ער זיך מיט אַ געדיכטן רעגן צו צעווייגען.

אַ פּאָר מאָל האָט זי געפרווט אַהיימלויפן, אָבער זי האָט נישט געקענט: ס'איז איר אַ שאָד געווען די פּראָצעסיע, איז האָט זי זיך נאָר געפּלאָנטערט דערנאָך צווישן די מענטשן, פונקט אָט ווי לאַפּא, וואָס האָט זייבע באַלעבאַטים געזוכט. עס האָט זי נישט געצויגן צו דער מוטער, נישט צום ברודער, וועלכער איז אומישנע פאַרפאַלן געוואָרן צווישן די יאַלאָווע-ביימלעך און לעבן נאָסטיפן זיך געדרייט, און עמעץ אַנדערש האָט זיך אויך מיט איר נישט צונויפגעחברט, וואָרן יעדער איז געווען פאַרנומען מיט זיינע. אַזש ענדלעך האָט זי אַ כעס אויפגעטרייסלט, אַז זי וואָלט מיט פאַרגעניגן אַ שטיין אַריינגעשליידערט אין דער גאַנצער קופּע אַריין און אין די דערפרייטע, לאַכנדיקע פּנימער אַריין.

אַ גליק, וואָס זיי זענען שוין פון וואַלד אַרויסגעגאַנגען.

דאָס לעצטע בערגל איז געשטאַנען אויפן שיידוועג, פונוואַנען איינער פון די וועגן האָט זיך גלייך צו דער מיל אַראָפּגעדרייט.

די זון איז פאַרגאַנגען און אַ קאַלטער ווינט האָט פון די פלאַכע פעלדער געבלאָזן, דער גלח האָט זיך צוגעאײַלט מיט דער תפילה-אָפּריכטן, וואָרן וואַלע האָט שוין אויף אים געוואַרט מיט דער בריטשקע.

זיי האָבן נאָך דאָרט עפּעס וואָס געזוכט, אָבער אַלץ איז שוין געגאַנגען, ווי אין אַ מיל, וואָרן זיי זענען געווען אָפּגעמאַטערט; די פויערן ווידער האָבן אויסגעפרעגט וועגן פּאָלוואַרק, וואָס איז אין יום־טוב אָפּגעברענט געוואָרן, וועלכנס חורבות האָבן נאָך פאַרקאָפּטשעטע נישט ווייט פונדאַנען אַרויסגעשטאַרט, און גלייכצייטיק האָבן זיך אויך אויף די הויפישע פעלדער טשיקאַווע זאַכן אָפּגעטון.

דער דזשעדזשיץ איז עפּעס אַרומגעשפּרונגען אויף זיין בולאַן איבער די בייטן נאָך עפּעס פרעמדע מענטשן, גלייך ווי זיי וואָלטן עפּעס געמאָסטן מיט לאַנגע פרענטן, און באָם צלם ווידער, דאָ וווּ די וועגן צענעמען זיך און לעבן די פאַרברענטע סטויגן האָבן זיך עפּעס געזען געל אָפּגעמאַליעוועטע בריקעס.

— וואָס קען דאָס זיין? — האָט עמעץ באַמערקט.

— עפּעס מעסט מען אויס דאָס פעלד, אָבער דאָס זענען נישט קיין אָמעטרעס.

— סוחרים פּעוונע, זיי זעען נישט אויס אויף קיין פויערן.

— זיי כאַפּן דעם אָנבליק פון דייטשן.

— פּעוונע: גראַנאַטע קאַפּאָטעס, ליולקעס אין די ציין און די הויזן איבער די כאָליעוועס.

— זיי זענען אַקוראַט ענלעך צו די אָלענדרעס פון גרינבאַך.

זיי האָבן געשעפּטשעט צווישן זיך, אויסטרעשטשענדיק די אויגן ביינצריק, באָר עפּעס אַ טויבע אומרויקייט האָט די גאַנצע גראָמאַדע אָנגעהויבן אַדורכצונעמען, אַז זיי האָבן אפילו נישט באַמערקט, ווי דער קאָוואַל האָט זיך שטילערהייט אָפּגעטראָגן און כמעט איינגעבויגענערהייט, האָט ער זיך מיט די ברוזדעס צום פריץ אַהיינגעכאַפּט.

— דעם פּאָדלעשיער פּאָלוואַרק קויפן זיי, צי וואָס?

— נאָך אין יום־טוב האָט מען שוין געזאָגט, אַז דער פּריץ קוקט אויס נאָך סוחרים.

— אָבער זאָל גאָט שומר ומציל זיין פון דייטשישע שכנים!

זיי האָבן אויפגעהערט אַריינצוקלערן אין דעם עסק, וואָרן די תפילה האָט זיך געענדיקט און דער גלח איז צוזאַמען מיטן אָרגאַניסטער אויף דער בריטשקע אויפגעזעסן.

דער עולם האָט זיך צעטיילט אויף קופּקעלעך און פּאַמע־לעך צום דאָרף אָוועקגעצויגן, זיי האָבן זיך צעשלעפּט אויפן וועג, דאָ זענען זיי מיט די סטעזשקעס געגאַנגען אין אַ שורה אין דער ברייט, ווי איינעם איז אין דער כאַלופּע אַריין בעטער געווען.

די זון איז שוין געהאַט אונטערגעגאַנגען און ס׳איז טונקל געוואָרן איבער דער ערד, אויפן גריגלעכן הימל ווידער האָט זיך אַ פייערדיקע רויטקייט צעפלאַקערט. פון די לאָנקעס, וואָס באַך דער מיל, האָבן זיך ווייסע נעפּלען אויפגעהויבן, צעשלענג־דיק זיך ווי אַ געוועב איבער דער גאַנצער פלאַך. אין דערדאָזי־קער שטילקייט, אין וועלכער די וועלט האָט זיך איינגעהילט, האָט נאָר ערגעץ אַ באַטשאַן הילכיק געקלעקאָטשעט.

וואָרן אפילו די מענטשלעכע שטימען זענען פאַרלאָשן געוואָרן און די גאַנצע פּראָצעסיע איז פּאַמעלעך אין די פעלדער איינגעזאַפּט געוואָרן, אז נאָר ווו־נישט־ווו האָט זיך אַ וועלניאַק געווייטלט, אָדער אַ פּאָר ווייסע קאָפּאָטעס׳ האָבן זיך אין די צו־פאַלנדיקע, בלוילעכע שאָטנס געגעפּלט.

און אין קורצן האָט זיך דאָס דאָרף געגומען אָנפילן און פונאַנדערצוש‌אָלן, וואָרן שוין פון אַלע זייטן האָט מען זיך רוי־שיק אָנגעהויבן צו שיטן, יעדער פויער האָט מיטן הייליקן צלם זיינע לאַנג נישט געזעענע שוועלן באַגריסט, און נישט איינער איז אַ פּאָל געטון פאַר די הייליקע בילדער, ריטשענדיק אויפן קול פון גליק.

ס׳האָבן זיך אויפסניי אָנגעהויבן די באַגריסונגען, און די־הייבערישע און קינדערישע פלאַפּלערייען און דערציילונגען, וואָס זענען איבערגעריסן געוואָרן מיט אויסברוכן פון הייסע קושן און געלעכטערן.

די ווייבער האָבן, צעפלאַמטע און ווי מאַנזיביקע פון דעם

רעש, אָנגעהויבן צו באַזעצן זייערע אָרימע נעבעך צו די שיסלען, וונטערדרוקנדיק זיי דאָס עסן און אונטערגעבנדיק זיי חשק מיטן גאַנצן האַרץ.

זיי האָבן אפילו אָן די אַלע עוולות פאַרגעסן און דאָס געדעכעניש פון די אַלע צרות און לאַנגע חדשים צושיידט זיין איז אויסגערונען, װאָרן יעדער האָט זיך מיטן גאַנצן האַרץ געפרייט מיטן דעם צוריקקומען און מיט די אייגענע, װעלכע ער האָט כסדר באַכאַנאַנד אַרומגעכאַפּט און צום האַרץ צוגעדריקט, און װעגן פאַרשידנס אויסגעפרעגט.

װען זיי האָבן זיך שוין געהאַט אָנגעגעסן צו דער זעט, האָבן זיי זיך געלאָזט גיין אָנקוקן די באַלעבאַטישקייט און פרייען זיך מיטן האָב און גוטס, אַז כאָטש ס'איז שוין געהאַט גוט פינסטער געװאָרן, און דאָך זענען זיי געקראָכן איבער די הייף און איבער די סעדער, אַ גלעט טוענדיק די בהמות, אָדער צורירנדיק זיך צו די אָראָפּגעהאָנגענע צװייגן אונטערן בלעכן, פּונקט װי די ליבהאַרציקע, קינדערישע קעפּעלעך.

אַז ס'איז געאַרבעט צום איבערגעבן, מיט װאָס פאַר אַ פרייד ליפּצע האָט אויפגעפלאַקערט.

נאָר בײַ די אייגענע באַרינעס איז לגמרי אַנדערש געװען.

דאָס הויז איז איבערגעבליבן כמעט ליידיק, יאַגוסטינקאַ איז אַװעקגעלאָפן צו איריקע, יוזקאַ מיט װיטעקן האָבן זיך אויך אַװעקגעטראָגן דאָרט אַהין, װו ס'איז געװען לעבעדיקער און פריילעכער, אַז נאָר איין האַנקאַ איז אַרומגעגאַנגען איבער דער ליידיקער שטוב, אונטערהוסטנדיק אויף דער האַנט דאָס קוויטשענדיקע קינד און שוין נאָכלאָזנדיק די לייצן די פאַרשידענע ליידן און די שמערצלעכע, ברענענדיקע טרערן.

נאָר אין דעם איז זי היינט נישט געבליבן איינע אַליין, װאָרן יאַגוש האָט זיך דעסגלייכן אַרומגעשלעפּט איבערן הויף, פּונקט פון דערזעלבער טרויער געקרענקט און דעסגלייכן געהאַרפּן זיך, פּונקט װי דער פויגל אָן די קראַטעלעך פון דער שטייג.

וואָרן אַזוי האָט עס זיך עפּעס אויסטערליש צונויפגע־פּלאָכטן.

יאַגנאַ איז נאָך פריִער געקומען צו לויפן פון די אַנדערע, און כאָטש זי איז פינסטער געווען ווי די נאַכט און אויפגערעגט, האָט זי זיך פונדעסטוועגן אַ וואָרף געטון צו דער אַרבעט, זי האָט געטון אַלץ, וואָס עס איז איר נאָר אונטער די אויגן גע־קומען, פאַר אַלע שוין; זי האָט אויסגעמאָלקן די בהמות, אָנ־געפּאָיעט דאָס קאַלב, אפילו די חזירים עסן אוועקגעטראָגן, אַז האַנקאַ האָט זיך אַזש פאַרוואונדערט, קוים גלייבנדיק איר אייגע־נע אויגן. און זי האָט, נישט קוקנדיק אויף קיינעמען, געאַרבעט, גלייך ווי זי וואָלט זיך געוואָלט פאַראַרבעטן און אַזוי פאַרמאַ־טערן, כדי צו פאַרגעסן אָן עפּעס אַ דריקעניש און די ליידן און די אומעטיקייט אין זיך צו דערהרגענען.

אָבער וואָס, כאָטש די הענט זענען איר אָפּגעשטאַנען פון פאַרמאַטערטקייט און דער רוקן האָט איר שיִער נישט געפּלאַצט, זענען איר דאָך די טרערן כסדר אין די אויגן געשטאַנען און אָפט מיט אַ ברענענדיק שנירל איבערן פּנים גערונען, און אין דער נשמה האָט זיך געשטאַרקט וואָס אַמאָל אַ מער שווערלדיקע און שרעקלעכע אומעטיקייט.

די פאַרוויינטע אויגן האָבן גאָרנישט געזען אַרום זיך, אפילו נישט פּיעטרעקן, וועלכער האָט זי פון סאַמע איר אָנ־קומען אויף קיין טריט נישט אָפּגעטרעטן און, העלפנדיק האָט ער צו איר שטיל אָנגעהויבן רעדן און מיט די צעגליטע שליפּיעס זי אַרומגענומען און זיך טיילמאָל צו איר אַזוי נאָענט צוגערוקט, אַז זי איז אַזש נישט ווילנדיק פון אים אָפּגעטרעטן. אָבער ס'איז געקומען דערצו, אַז ווען זי האָט אין שייער אָנגענומען אַ קיישל שעצקע, האָט ער זי אַ כאַפּ געטון אַרום דער טאַליע, צום תבואה־קאַסטן זי צוגעשפּאַרט, מורמלענדיק עפּעס און גיריק אירע ליפּן געזוכט...

זי האָט זיך נישט אַקעגנגעשטעלט, נישט מיאַרקירנדיק צו וואָס דאָס גייט און, ווי איבערגעבנדיק זיך אין ניין מאַכט, גלייך ווי זי וואָלט אפילו צופרידן געווען דערפון, וואָס עפּעס

אַ קראַפּט האָט זי אַ כאַפּ געטון און אָװעקגעטראָגן, אָבער קוים האָט ער זי אויפן שטרוי אַרויף אַ װאָרף געגעבן און דערפילט אויפן פּנים זײַנע פּייכטע ליפּן, האָט זי זיך אויפגעריסן גלײַך װי אַ שטורעם און אים אַ װאָרף אָפּ געגעבן װי אַ װיעכעטש, אַז ער איז אַזש אַ דזבענק געגעבן אָן דער ליים־פּאָדלאָגע...

אַ שרעקלעכער כּעס האָט זי אויפגעטרייסלט.

— דו פּאַרשטונקענע נבֿלה!... דו חזירניק!... דערװעג דיך נאָר װען עס איז נאָכאַמאָל מיך אָנצורירן, איז װעל איך דיר די פּיס אונטערהאַקן!... איך װעל דיר געבן אַ ליבלען זיך, אַז חעסט דיך מיט דער יוכע באַגיסן!... האָט זי געשריגן, אַ װאָרף טוענדיק זיך צו אים מיט דער גראַביע.

אָבער באַלד האָט זי אָן אַלעם פּאַרגעסן, און פּאַרענדיקנ־דיק די אַלע באַלעבאַטישע אַרבעטן, איז זי אַרײַנגעגאַנגען אין כּאַלופּע.

אויף דער שװעל האָט זי זיך אָנגעשטויסן אויף האַנקען: זיי האָבן זיך בײדע אַרײַנגעקוקט אין די אויגן, װעלכע זענען מיט טרערן פּאַרגלייזט געװען און מיט שרעקלעכער װײטיק, און זיי זענען זיך געשװינד פונאַנדערגעלאָפן.

פון בײדע שטובן זענען די טירן אָפן געשטאַנען אין פּע־דערהויז אַרײַן, און אין בײדע האָט שוין געברענט פּייער, און יעדע װײלע, גלײַך װי פון עפּעס אַן אומבאַשיידבאַרער נויטװענ־דיקייט, האָבן זיי זיך פונדערװייטנס מיט די בליקן איבערגע־װאָרפן.

דערנאָך װידער, צוגרייטנדיק בשותּפות די װעטשערע, האָבן זיי זיך געדרייט באָנט איינע לעבן די אַנדערע, אָבער קיין איינע פון זיי האָט די פּאַרע פון מויל נישט אַרויסגעלאָזט, קיין איינע האָט קיין װאָרט נישט אַרויסגערעדט, נאָר פּאַרבאָרגן, װי די גנבֿים, זענען זיי זיך מיט די שליפּיעס נאָכגעקראָכן. אוודאי האָבן זיי גאַנץ גוט געװוסט, װאָס יעדע פון זיי ליידט היינט אויס, אַז אָפּט זענען די בייזע און נקמהפולע אויגן צוגעשפּרונגען צו זיך,

הי די שאַרפע מעסערס, און די צוזאַמענגעדריקטע שטומע ליפּן
האָבן גיפטיק געזאָגט:

— גאַנץ גלייך אויף דיר אַזוי! גאַנץ גלייך!

אָבער ס'זענען אויך אָנגעקומען אַזעלכע מאָמענטן, אַז ביי-
דע האָבן אָנגעהויבן רחמנות צו האָבן אויף זיך, אַז זיי וואַלטן
פריינדלעך צוזאַמענגערעדט זיך, אַז יעדע האָט נאָר געוואַרט אויף
אַן אויסרייד, כדי אָפּצורופן זיך מיט אַ גוט וואָרט, אַז זיי זענען
אַפילו לעבן זיך שטיין געבליבן, קוקנדיק זייטיק אויף זיך און ווי-
אויסוואַרטנדיק, וואָרן די פאַרביסנקייט האָט אָפּגעטרעטן, דער
אַמאָליקער כעס איז אָפּגעשטאָרבן, און דער געמיינזאַמער גורל
און פאַרלאָזנקייט האָבן זיי גענייגט איינע צו דער אַנדערער וואָס
אַמאָל נענטער... נאָר פאַרוואָס איז דערצו נישט געקומען, וואָרן
כסדר האָט זיי עפּעס אויפגעהאַלטן: דאָ דעם קינדס וויינען, דאָ
עפּעס אַ בושה, דאָ אַ פּלוצלינגע אויפוואַכונג אין זכרון פון די
עוולות, אַז ס'האָט זיי אַזש לסוף ווייט איינע פון דער אַנדערער
פונאַנדערגעטראָגן, און אַ פאַרביסנקייט האָט זיי ווידער אין די
הערצער אויפגעקאָכט. אַ כעס האָט זייערע נשמות אויסגעשטייפט
און די אויגן האָבן אָנגעהויבן צו בליצן מיט פייערן פון שנאה.

— גאַנץ גלייך אויף דיר אַזוי! גאַנץ גלייך! — האָבן זיי
אינדערשטיל געשיפּעט, בריִענדיק זיך מיט די שליפּיעס, ווידער
גרייט צו קריגן זיך, צו געשלעג אַפילו, כדי דעם גאַנצן כעס איי-
בע אויף דער אַנדערער אויסצולאָזן.

צום גליק, איז דערצו נישט געקומען, וואָרן יאַגושיאַ איז
באַלד נאָך דער וועטשערע אַוועקגעלאָפן צו דער מוטער.

דער אָוונט איז געווען אַ פינסטערער, אָבער אַ שטילער און
וואַרעמער; די שטערן האָבן נאָר זעלטן-ווו אַ פינקל געטון איבער
די אָפּגעבליאַקעוועטע הויכקייטן; אויף די נאַסע לאָנקעס זענען
געלעגן ווייסע, דיקע פעלצן מיט דאַמף, די זשאַבעס האָבן אָנ-
געהויבן צו קוואַקען, און טיילמאָל האָט זיך אַ יעמערלעכער קוויטש
פון אַ טשייקע פאַרבלאָנקעט. די ערד האָט אַרומגעהילט אַ פינ-
סטערניש, אַז נאָר ווו-נישט-ווו האָבן אויף דער העלקייט פון הימל

פאַרשלאָפענעביימער אַרויסגעשטאַרט. די סעדער האָבן זיך געגרויט, ווי מיט קאַלך אָפּגעשפּריצט, און האָבן געשלאָגן מיט ריחות, פונקט ווי פון צעגליטע קטורת־פאַנען; דאָס קערשן־בליעכץ האָט געשמעקט, אין דער בעז, וואָס האָט קוים זיך געהאַט פונאַנדערגעבליט; עס האָבן געשמעקט די תבואות, די וואַסערן און די פייכטלעכע ערד, און יעדער מין בליעכץ האָט מען געפילט באַזונדער, און פון אַלע צוזאַמען האָט געוויייעט אַ פאַרשיכורנדיקער ריח, אַז אין קאָפּ האָט זיך אַזש פאַרדרייט.

דאָס דאָרף איז נאָך נישט געשלאָפן, שטילע געשפּרעכן האָבן אַראָפּגעציטערט פון די שוועל, און פון די פריזבעס, וואָס זענען פאַרזונקען געווען אין דער פינסטערניש, די וועגן ווידער, וואָס זענען פאַרשטעלט געווען מיט די שאָטנס פון די ביימער, און זענען נאָר ווי־נישט־ווי געווען דורכגעשניטן מיט ליכטיקע שטרייפן, וואָס האָבן פון די פענסטער געשלאָגן, האָבן געווימלט פון מענטשן.

יאַגוש האָט זיך פאַרנומען כלומרשט צו דער מוטער, אָבער זי האָט זיך אָנגעהויבן דרייען לעבן סטאַוו, אַרומקרייזן, וואָס אַמאָל אָפטער זיך אָפּשטעלנדיק, וואָרן וואָס אַ טריט כמעט האָט זי זיך אָנגעשטויסן אויף עפּעס אַ פּאַרל, וואָס איז פעסט צוזאַמענגעפלאָכטן געווען און שטיל איינגעטעגהט.

זי האָט אויך געטראָפן דעם ברודער מיט נאַסטושען; זיי האָבן זיך געהאַלטן אין דער העלפט, קושנדיק זיך אויף וואָס די וועלט שטייט

זי איז נישט ווילנדיק אויך אַרויפגעקראָכן אויף מאַרישאַ באַלצערקוווגען מיט וואַווזשיקן: ערגעץ אונטער אַ פּלויט, אין אַ דיקן שאָטן זענען זיי געשטאַנען צוגעטוליעט צו זיך און נישט וויסנדיק אויף וועלכע וועלט זיי זענען.

זי האָט לויט די שטימען אויך אַנדערע דערקענט, אַזוי, אַז פון יעדן שאָטן באַם וואַסער, פון אונטער די פּלויטן, פון אומעטום האָט זיך אַ פליסטערן פונאַנדערגעטראָגן, שטיקנדיקע ווערטער, פלאַמיקע זיפצן, עפּעס פלאַטערנישן און אַמפּערנישן. דאָס גאַנצע

דאַרף האָט אויסגעזען ווי צו קאָכן מיט דער זידיקייט פון ליבע און גלוסטיקייט, אַז אפילו אַזעלכע צוציקעס, וואָס זענען קוים אויפגעוואַקסן. האָבן זיך אויך אַרומגעפירט מיט שקצים, אַרומשטיפנדיק און אַרומיאָגנדיק זיך איבער די וועגן.

ס'איז איר פלוצלינג דאָס אַלץ פאַרמיאוסט געוואָרן, אַז זי האָט זיי געגומען אויסמיידן, פאַרנעמענדיק זיך גלייך צו דער מוטער, אָבער פאַרן הויז האָט זי זיך פנים אל פנים געטראָפן מיט מאַטעושן; ר'האָט אַפילו נישט קיין קוק געטון אויף איר, אויסמיידנדיק זי ווי אַ בוים; ער האָט זיך געפירט מיט טערעסקען, האַלטנדיק זי אַרום דער טאַליע און אַריינרעדנדיק עפּעס אין איר... זיי זענען פאַרבייגעגאַנגען, און זי האָט נאָך געהערט זייערע שטימען און פאַרשטיקטע געלעכטערן

האָט זי זיך פלוצלינג אַ דריי אויס געגעבן און אין איין אָטעם שוין, גלייך ווי זי וואָלט פון אַ מחנה הינט געיאָגט געוואָרן, אין דער כאַלופּע אַוועקגעלאָפן.

און דער אָוונט איז אַ שטילער, אַ פרייליגגדיקער, אַ שמעקעדיקער, אָנגעזאַפּט מיט דער פרייד פון די באַגריסונגען, דורכגענומען מיט דער הייליקער שטילקייט פון גליק, אומאָפּהאַלטבאַר געפלאָסן.

ערגעץ אין דער נאַכט, אין די פינאַנדערגעשמעקטע סעדער, צי אויפן פעלד, האָט זיך אַ פּישטשאַלקע מיט בענקענדיקע טענער צעפּישטשעט, גלייך ווי אַ באַגלייטונג צו די געפליסטערן, קושן און פרייד.

אויף די נאַסע לאָנקעס ווידער האָבן זיך די זשאַבעס אין אַ גרויסן כאָר צעקוואַקעט, טיילמאָל נאָר זיך איבעררייסנדיק, און די אַנדערע, אין סטאַוו, וואָס איז ווי אַ פאַרשלאָפן אויג פאַרנעפּלט געווען, האָבן זיי אָפּגעענטפערט מיט אַן אויסגעצויגענעם, שלעפעריקן, וואָס אַמאָל שטילערן קנאַקן... ביז אַז די קינדער, וואָס האָבן אויף די וועגן אַרומגעשטיפט, האָבן זיך אָנגעהויבן מיט זיי צו פאַרהערן און איבערצושרייען, נאָכשפּעטנדיק;

קווא! קווא! קווא!
דער באטשאן איז פארבא!
מיר איז גערן, דיר איז גערן, מ'זענען מיר ביידע
גערן!
גערן! גערן! גערן!...

. . . . . . . . . . . . . . . . . .

III

א הערלעכער טאָג איז אויפגעשטאַנען, אַ וואַרעמער און אַ קרעפטיקער, פונקט ווי אַ גוט אויסגעשלאָפענער פויער, וועלכער, קוים וואָס ער האָט זיך נאָר געדאַנושעט אויפצוכאַפן, שטייט ער שוין אויף די פיס און שעפטשענדיק דעם פאַטשערוש, אויסרייבנדיק זיך די אויגן און אָפגענעצנדיק א קאַפ, קוקט ער זיך שוין אַרום זיך צו עפעס אַן ארבעט צו נעמען.

די זון איז לויטער אויפגעגאַנגען; א רויטע אין אַן אומגעהייערע האָט זי זיך לאַנגזאַם אויפן הויכן הימל אַרויפגעקאָלערט, ווי אויף אַ פעלד מיטן אויג נישט אַרומצונעמען, ווו אין די בלויע נעפל-געוועבן זענען אומצייליקע סטאַדעס וואָלקנס געלעגן.

און דער ווינט האָט זיך שוין איבער דער וועלט אַרומגעבלאָנקעט, ווי אַ באַלעבאָס, אויפוועקנדיק אַלץ מיטן טאָג צוגלייך; ער האָט אַ שאַר געטון איבער די אָנמעכטיקע תבואות, אַ בלאָז געטון אין די נעפלען, אַז זיי זענען זיך צעשוווּמען אויף אַלע זייטן, אַ טרייסל געטון מיט די אַראָפגעהאָנגענע צווייגן, ערגעץ-ווו אויף די שיידוועגן האָט ער אַ קנאַל געטון, דאָ האָט ער זיך בגנבה

צו נאָך פאַרשלאָפענע סעדער אונטערגעכאַפּט און אַ זעץ געטון אין די געדיכטעניש, אַז פון די קערשן האָט זיך דאָס לעצטע ביסל בלימעלעך אַראָפגעשיט, און ווי אַ שניי זיך איבער דער ערד צעזייעט, ווי די טרערן אויף די וואַסערן פון סטאַוו געפאַלן.

די ערד האָט זיך אויפגעוועקט, די פייגל האָבן אין די געסטן אויפגעזונגען, דיביימער האָבן אויך אָנגעהויבן צו פליסטערן פונקט ווי מיט דער ערשטער תפילה; די בלומען האָבן זיך אויפגעעפנט, אויפהייבנדיק צו דער זון די שווערע, פייכטלעכע און שלעפעריקע אויגנלעדלעך, און דער בלישטשענדיקער טוי האָט זיך מיט אַ פערל־האָגל געשיט.

אַ לאַנגער און ליבלעכער ציטער האָט אויפגעטרייסלט מיט אַלץ, וואָס האָט זיך ווידער צום לעבן אויפגעוועקט; ערגעץ פון דער ערד, פון דער דנאָ פון יעדער באַשעפעניש, האָט אַרויסגעזעצט אַ שטום געשריי און ווי אַ טויבער בליץ איבער דער וועלט דורכגעלאָפן, פונקט ווי ווען אַ מענטשלעכע נשמה ווערט טיילמאָל אין שווערן שלאָף געשטיקט, אַז זי וואַרפט זיך, שרעקט זיך שטאַרבט אָפּ, ביז ער גיט ראַפּטום אַן עפן אויף די אויגן אויף דער זוניקער ליכטיקייט און מיט אַ געשריי פון גליקלעכער פאַרשטומטקייט באַגריסט ער דעם טאָג און אויך דאָס, אַז ער געפינט זיך נאָך צווישן לעבעדיקע, נישט האַלבנדיק אין זיבען דערביי, אַז עס גייט אויף אים אַ פרישער טאָג פון מי און ווייטיק, אַזוי ווי ס'איז נעכטן געווען, אַזוי ווי עס וועט מיטן מאָרגן קומען, אַזוי ווי עס וועט אייביק זיין...

איז דעריבער האָט אויך ליפּצע אָנגעהויבן זיך וועקן און מונטער אויף די פיס אויפגעשפרונגען; נישט איין צעשויבערטער קאָפּ האָט אַרויסגעבליקט, פירנדיק מיט די פאַרשלאָפענע אויגן איבער דער וועלט; ווו־נישט־ווו האָט מען זיך שוין געוואַשן פאַר די כאַלופּעס, דאָ זענען נאָך אויסגעטונענע פויערטעס אַ פּאַל אַרויס געגעבן צום סטאַוו וואַסער אָנשעפּ, עמעץ האָט האָלץ געהאַקט; מ'האָט אויך די פורן אויפן וועג אַרויסגעשלעפּט, רויכן האָבן ווו־נישט־ווו פון די קוימענס אַרויסגעבליט, און דאָ און דאָרט האָבן

זיך פונאַנדערגעטראָגן געשרייען אויף די פוילע, זיי זאָלן זיך אויפ=הייבן.

ס׳איז נאָך געווען פרי, די זון האָט זיך קוים אויף אַ פּאָר פויערן איבערן מזרח געהאַט אויפגעהויבן און פון דער זייט האָט זי, דורך די טונקעלע סעדער אַדורך, געבאָדשעט מיט די רויטע פלאַמען, און ס׳האָט זיך שוין אומעטום בישקשהדיק גערודערט.

דער ווינט איז ערגעץ פאַרפאַלן געוואָרן, אַז אַלץ האָט זיך געזעטיקט אין דערדאָזיקער ליבלעכער שטילקייט מיט דעם פרישן, שמעקעדיקן פרימאָרגן, די זון האָט געשפּילט אין די וואַסערן און דער טוי איז אַראָפּגערונען פון די דעכער אין פערלדיקע שנירע=לעך, די שוואַלבן האָבן אַרומגעשוועבט אין דער רייבער לופט, די באָטשאַנעס זענען פון די נעסטן נאָך פרעסן אַרויסגעפלויגן, העגער האָבן אויף די פלויטן געקרייעט, קלאַפנדיק פריילעך מיט די פליגל, און די גענדז האָבן מיט אַ גאַדערדיקן געשריי די יונגינקע גענ=דזעלעך צום פאַרויטלטן סטאַוו אַרויסגעפירט. די בהמות האָבן אין די שטאַלן געריטשעט, אומעטום האָט מען פאַר די שוועלן און פאַר די הייף אייליק די קי אויסגעמאָלקן און פון יעדן הויף האָט מען דעם לעבעדיקן אינווענטאַר אויפן וועג אַרויס=געטריבן, און ער איז געגאַנגען וואַקלדיק זיך, ריטשענדיק אויסגע=צויגן און רייבנדיק זיך אָן די פלויטן און אָן די ביימער; די שעפּסן האָבן זיך מיט פאַרריסענע קעפּ, בעטשענדיק, געשטופּט אין דער מיט וועג אַריין אין דעם נעפּל פון שטויב. מ׳האָט אַלץ צו=זאַמענגעטריבן אויפן פּלאַץ פאַרן קלויסטער, ווו עטלעכע שקצים אויף פערד האָבן, קנאַקנדיק מיט די בייטשן און שעלטנדיק מיט פעך און שוועבל, צוזאַמענגעטריבן די פונאַנדערגעשפּרייטע סטאַדע און האָבן געגוואַלטעוועט אויף די פאַרשפּעטיקטע.

און ווען זיי האָבן זיך פון אָרט גערירט, אַרויספּאַקנדיק זיך אויפן טאָפּאָלן=וועג, וואָרן די בשותפיתדיקע פּאַשעס זענען אַזש הינטערן וואַלד געלעגן, האָט זיי אַ באַטויעטער שטויב, וואָס האָט דויטלעך געשימערט אויף דער זון, צוגעדעקט, אַזוי, אַז נאָר דאָס בעטשען פון די שעפּסן און דאָס בילן פון די הינט האָט זיך פון

די שווערע געפֿלען אַרויסגעריסן, אָנצייכענענדיק דערמיט דעם וועג, ווו זיי זענען אַהינגעקומען.

באַלד נאָך זיי ווידער האָבן די געגנדז-פּאַסטושקעס די ווייסע, צעגאָדערטע סטאַדע אַרויסגעטריבן, דאָ האָט עמיץ אַ קעלביקע קו אויף דער סטעזשקע געפירט, אָדער אַ געפּענטעטע פערד פאַר דער גזשיווע אויפן נישט פאַראַקערטן פעלד אַרויסגעשלעפּט.

אָבער אויך דערנאָך איז נישט זייער שטיל געוואָרן, וואָרן דאָס דאָרף האָט זיך אָנגעהויבן גרייטן אויפן יאַריד. דאָס איז געווען אַזוי אַ וואָך נאָכן אַהיימקומען פון די פויערן פון קרימינאַל.

אַלץ האָט זיך אין ליפּצע ביסלעכווייז צוריקגעקערט צום אַלטן, ווי נאָך אַ שרעקלעכן שטורם. וואָס האָט נישט וויבציק שאָדן אָנגעמאַכט, אַזוי, אַז דאָס פאָלק האָט, אָפּקילנדיק זיך פון דעם פּחד, באַקלאָגנדיק זיך און אויסרעדנדיק זיך דאָס האַרץ אויפן ביטערן מזל, צוריק צו־ביסלעכווייז גענומען דאָס אַלץ אָפּצואַרבעטן.

פאַרשטייט זיך, אַז עס איז נאָך נישט געגאַנגען, ווי עס וואָלט געדאַרפט געווען צו גיין, כאָטשביק די פויערן האָבן שוין געהאַט איבערגענומען דאָס רעגירן אין זייערע פעסטע הענט אַריין, וואָרן זיי האָבן זיך נאָך אַ קאָפּ געפוילט פרי זיך אויפצוהייבן, אויסליגנדיק זיך טיילמאָל ביז שפּעט אונטער די איבערבעטן; נישט איינער האָט נאָך אָפטמאָל אַריינגעכאַפּט אַ בליק אין דער קרעטשמע אַריין, מכלומרשט וועגן בייס צו כאַפּן וועגן דער ספּראַווע; ס'האָט נאָך דאָרט דער און יענער אַ האַלבן טאָג זיך אַרומגעבלאָנקעט איבערן דאָרף און אייגגעטענהט מיט די קומעס, און אַנדערע האָבן די מער בייטיקערע אַרבעט נאָר אָפּגעטון, וואָרן ס'איז נישט לייכט געווען נאָך אַזאַ לאַנגע צייטליידיק אַרומגיין צו נעמען זיך אויף פעסט — אָבער וואָס אַ טאָג שוין האָט עס זיך פאַרענדערט צום גוטן, וואָס אַ טאָג איז ליידיקער געוואָרן אין דער קרעטשמע און אויף די וועגן און וואָס אַ טאָג האָט אָפטער דער צוואַנג בא די קעפּ אָנגעכאַפּט און צו

דער ערד צוגעבויגן, איינשפּאַרנדיק זיי צו דער שווערער, שוויסיקער אַרבעט.

און ווייל היינט איז גראָד אויסגעפֿאַלן דער יאַריד אין טימאָוו, איז ווייניק ווער צו דער אַרבעט אַרויסגעגאַנגען, גרייטנדיק זיך אויף אים.

די אַלטע תּבֿואה האָט זיך היי־יאָר פֿריִער אויסגעלאָזט און ס'האָט אַזוי שווער געטראָפֿן יעדן, אַז עס האָט אַזש געפּטשטשעט אין די כאַלופּעס, איז דעריבער האָט יעדער, וואָס ער האָט נאָך געהאַט עפּעס צו פֿאַרקויפֿן, שנעל דאָס אַרויסגעפֿירט, אַנדערע ווידער זענען געגאַנגען, פּדי מיט די שכנים איינצוטעבהן, די וועלט אָנצוקוקן, און כאָטש אַ גלעזעלע אויסטרינקען.

יעדער איינציקער האָט געהאַט זיינע זאָרג, און ווו קען זיך דער עולם פֿרייען, אויסרעדן זיך דאָס האַרץ, קרעפּטיקן זיך, און נייעס זיך דערוויסן, אויב נישט אויפֿן יאַריד אָדער אויף אַן אָטפּוּסט?...

איז דעריבער, אַזוי ווי מ'האָט נאָך דעם איגווענטאַר אויף דער פּאַשע אַרויסגעטריבן, האָט מען זיך אָנגעהויבן צוזאַמענצונעמען, אויסלאַדעווען פֿורן, און אַרויסגיין, ווער ס'האָט געמוזט גיין צופֿיס.

ס'ערשטע האָט זיך אָוועקגעלאָזט ס'ביסל אָרימוואַרג, וואָרן די פּיליפּקין האָט מיט אַ געוויין אַוועקגעטריבן זעקס עלטערע בענדז, וואָס מ'האָט אָפּגעריסן פֿון די יונגערע, וואָס זענען קוים ערשט געהאַט אונטערגעוואַקסן, ווייל דער מאַן איז נאָכן צוריקקומען קראַנק געוואָרן און אין טאָפּ איז נישט געווען וואָס צו צושטעלן.

אַן אַנדערע ווידער פֿון די קאָמאָרניקעס האָט בײַ די הערבער געצויגן אַ יאַלוווקע, וועלכע האָט זיך ערשט וויאָסנע געהאַט בײַיאָגט... און ווייל די נויט האָט לאַנגע פֿיס און שאַרפֿע בייגל, איז האָט גזשעלאַ מיטן קרומען מויל, כאָטשיק ר'איז געזיצן אויף אַכט מאָרגנס, און פֿונדעסטוועגן האָט ער אַ מעלקעדיקע קו אויף אַ שטריק אַוועקגעפֿירט, זיין שכן ווידער, יוזעק

וואכנ־יק האָט אַ מאַטשאַרע מיט קליינע חזירימלעך אַוועקגע־טריבן.

זיי האָבן זיך געראַטעוועט די אָרימע נעבעך ווי זיי האָבן געקענט, וואָרן נישט איינציקע האָט עס שוין אַזוי צוגעדריקט, אַז ער האָט דאָס לעצטע פערדלטשינע געמוזט אַוועקפירן, אָט אַ שטייגער ווי גולבאַס איז געגייט געזען, וואָרן די באַלצערקאָוואַ האָט אים איינגעגעבן אין סאָנד אַריין אויף פופצען רובל, וואָס ר׳האָט געהאַט אַמאָל געבאָרגט באַ איר אויף אַ קו און זי האָט אים אַצינד מיט אַ גרייטן וויראָק געסטראַשעט, אַז דער אָרימער נעבעך האָט זיך געמוזט, באַם געוויין און קלאָגן און דראָונגען פון דער גאַנצער פאַמיליע, אויפזעצן אויפן קאַשטאַן און אַוועקפאָרן אים פאַרקויפן.

די חעגעגער האָבן ביסלעכווייז אַרויסגערוקט אייגער נאָכן אַנדערן, וואָרן אויך די באַלעבאַטים האָבן אַרויסגעפירט וואָס איינער האָט נאָר געהאַט, וואָרן דער וואָיט האָט זיך געמ׳גט פאַדאַטקעס און מיט שטראָף געסטראַשעט, די באַלעבאָסטעס ווי־דער האָבן זיך אויך אַרויסגעלאָזט מיט זייער גוטס, אַז אָפט האָט אַ קאָקעסקעלע פון אונטער דער פאַטשיילע אָפּער זיך צעקוואָ־קעט אָדער אַ פעטער גאָנער האָט פון אַ וואָגן אַראָפּ אַ סיקע גע־טון, און די אַנדערע, וואָס זענען געגאַנגען צופיס, האָבן גע־טראָגן אייער אין די טיכלעך, דאָ פוטער, וואָס מ׳האָט געהיים פון די קינדערס מויל אָפּגעשפּאָרט, און טייל האָבן די יום־טוב־דיקע וועלניאַקעס אָדער אַ שטיקל איבעריקע לייוונט אויף די פלייצעס געטראָגן.

וואָרן די נויט האָט צוגעטריבן, און צו שניט, צום נייעם איז נאָך ווייט געווען.

אַלע האָבן זיך אַזוי צוגעאיילט, אַז אפילו דאָס מאָרגן־געבעט האָט מען היינט אַ סך פריִער אָפּגעריכט. אַ פּאָר פויערטעס נאָר האָבן געקניט פאַרן אָלטאַר, נישט קענענדיק נאָכדאָנדזשען דעם גלח, וואָרן קוים זיי האָבן נאָר געהאַט אָפּגעזאָגט די תּפילה, האָט שוין יאַמבראָזשי די ליכט אויסגעלאָשן און מיט די שליס־לען געקלונגען.

טערעסקאַ די זעלבערקע, וועלכע איז געקומען צו לויפן צום גלח מיט עפּעס אַן ענין, האָט אים אַקוראַט געטראָפן, ווען ער איז געגאַנגען אויף אָנבייסן. זי האָט זיך נישט דערוועגט, פאַרשטייט זיך, אים צו פאַרטשעפּען, און האָט זיך נאָר אַנידערגעשטעלט הינטער די שטאַכייטן, אויסקוקנדיק, ווען ער וועט זיך באַווייזן אויפן גאַניק. אָבער נאָך איידער זי האָט זיך פאַרנומען צוצוגיין צו אים, האָט ער זיך געהאַט אַרויפגעזעצט אויף דער בריטשקע און שאַרף באַפוילן צו לאָזן זיך קיין טימאָוו.

זי האָט אומעטיק צעגעזיפצט, לאַנג נאָכקוקנדיק אויפן טאָפּאָלן-וועג, ווו אַ שטויב איז געהאָנגען און מיט אַ גרויען וואָלקן זיך אויף די פעלדער געלייגט; די וועגענער האָבן וואָס אַמאָל מער פון דערווייטנס געטוישט, און נאָר אַ רויטקייט פון די פויערטעס, וואָס זענען אין דער ברייט פון וועג געגאַנגען, האָט פון צייט צו צייט צווישן די ביימער אַ שימער געטון.

ליפּצע איז אין קורצן אַנטשוויגן געוואָרן, די מיל האָט נישט געקלאַפּט, די קוזשניע איז געשטאַנען פאַרמאַכט און די וועגן זענען ביזן גרונט פוסט געוואָרן, וואָרן ווער ס'איז איבערגעבליבן, האָט געדלובעט עפּעס אין הויף און אין גאָרטן הינטער דער כאַלופּע.

טערעסקאַ האָט זיך זייער אַ באַטריבטע אומגעקערט אַהיים.

זי האָט געוווינט נאָכן קלויסטער, לעבן מאַטעושן אין כאַלופּע, וואָס איז באַשטאַנען פון איין שטוב מיט אַ האַלב פעדערהויז, וואָרן די אַנדערע העלפט האָט דער ברודער בשעתן טיילן זיך אָפּגעשניטן און איבערגעטראָגן אויף זיין גרונט, אַז די דורכגעזעגטע וואַנט און דער דאַך, וואָס זענען צוגעשטאַנען האַרט צום פאַרקאָפּטשעטן קוימען, האָבן ווי די אין דער ברייט איבערגעשניטענע זשעברעס אַרויסגעשטאַרט.

פון דער שוועל אַראָפּ האָט זי באַסטקאַ דערזען, ווייל אַ שמאָל סעדל האָט זיי נאָר אָפּגעטיילט.

— נו וואָס? וואָס האָט ער דיר אַרויסגעלייענט? — האָט זי צולויפנדיק צו איר אויסגערופן.

טערעסקאַ האָט איר דורך דער פּלויט-עפענונג דערציילט, וואָס עס האָט זי געטראָפן.

— און אפשר וואָלט דער אָרגאַניסטער איבערגעלייענט?... מסתמא קען ער געשריבנס.

— אוודאי קען ער, אָבער ווי אַזוי גייט מען דאָס צו אים מיט ליידיקע הענט?

— נעם אַ פּאָר אייער.

— די מאַמע האָט אַלץ אין שטאָט אַריין אוועקגעטראָגן; קאַטשענע אייער זענען נאָר איבערגעבליבן.

— זאָרג דיך נישט: ער וועט קאַטשענע אויך נעמען.

— כ׳וואָלט געגאַנגען, נאָר כ׳האָב עפּעס מורא! ווען כ׳זאָל וויסן, וואָס איז דאָ אָנגעשריבן! — זי האָט אַרויסגענומען פון אונטערן בוזעם דעם בריוו פון מאַן, וואָס דער וואַיט האָט איר נעכטן אין אָוונט געהאַט געבראַכט פון קאַנצעלאַריע. — וואָס קען דאָרטן שטיין?

נאַסטקאַ האָט איר פון דער האַנט אַרויסגענומען דאָס שוואַרצלעכע פּאַפּיר און אַראָפּזעצנדיק זיך הינטערן פּלויט, האָט זי עס צעשפּרייט אויף די קני און ווידער נישט מיט ווייניק מי געפּרוווט איבערלייענען. טערעסקאַ האָט זיך אַנידערגעזעצט אויף דער לייסט און אָנשפּאַרנדיק אויף דער פויסט די גאָמבע, האָט זי מיט שרעק געקוקט אויף די פינטעלעך עפּעס, פון וועלכע נאַסטקאַ האָט נאָר אותיותווייז אַרויסגעבראַכט, אַז אין אָנהייב שטייט: „זאָל זיין געלויבט".

— כ׳קען מיך נישט פונאַנדערברייען מער, ט׳איז אומזיסט, מאַטעוש וואָלט זיכער געקענט.

— ניין, ניין! — איז זי שרעקלעך רויט געוואָרן און שטיל אָנגעהויבן צו בעטן: — דערצייל אים נישט וועגן בריוו, נאַסטוש, זאָג אים נישט...

— ס׳זאָל זיין געדרוקט, איז וועל איך אין יעדן ביכל איבערלייענען, די אותיות קען איך נאָר גוט און כ׳געדענק, ווי אַזוי יעדעס הייסט, אָבער דאָ קען איך גאָרנישט צוזאַמענלייגן: עפּעס בלויז מאַטשענעס מיט לאַפּעטעס, גלייך ווי ס׳וואָלט עמע-

צער אַן איינגעשמירטע פליג מיט טינט אויפן פּאַפּיר אַרויסגעצ־
לאָזט

— וועסט נישט זאָגן, באַסטוש, וואָס?

— סטייטש כ'האָב דאָך דיר שוין בעכטן געזאָגט, אַז עס
גייט מיך גאָרנישט אָן. דיינער וועט צוריקקומען פון די זעלבער,
אין מוז זיך סיי ווי אַלץ אויסגעבן! — האָט זי אויפשטייענדיק
אויסגערופן.

טערעסקאַ האָט זיך ווי פאַרכלישניעט מיטן געוויין, אַז זי
האָט נאָר מיטן האַלדז געאַרבעט, נישט קענענדיק קיין וואָרט
אַרויסברענגען.

באַסטקאַ איז עפּעס אַוועקגעגאַנגען אין כעס, צונויפרופנדיק
די הינער אויפן וועג, און טערעסקאַ האָט, איינבינדנדיק פינף
קאַטשקעס אייער אין אַ טיכל, זיך אַוועקגעשלעפּט צום אָרגאַ־
ניסטער.

אָבער ס'האָט איר געמוזט נישט לייכט זיין דאָס, זי איז
וואָס אַ ווײַלע שטיין געבליבן און זיך באַהאַלטן אין די שאָטנס,
מיט מורא זיך איינקוקנדיק אין די אומפאַרשטענדלעכע אותיות
פון בריוו.

— און אפשר לאָזט מען אים שוין גאָר אָפּ?...

אַ פּחד האָט זי באַם האַלדז אָנגעכאַפּט, די פיס האָבן זיך
אונטער איר געבויגן, דאָס הארץ האָט אַזוי פאַרצווייפלט אין איר
געקלאַפּט, אַז זי האָט זיך צו די ביימער צוגעדריקט און מיט די
פאַרוויינטע אויגן, ווי נאָך הילף געבענטשעט.

און אפשר גאָר שרייבט ער נאָר וועגן געלט!

זי איז געגאַנגען וואָס אַמאָל פּאַמעלעכער, דעם מאַנס בריוו
איז איר אַזוי שווער געווען און געבריט, אַז זי האָט אים כסדר
איבערגעלייגט פון אונטערן בוזעם אין דער האַנט אַריין, ביז
ענדלעך זי האָט אים אין עק פון טיכל איינגעוויקלט.

באַם אָרגאַניסטער איז גלייך ווי ס'וואָלט קיינער נישט גע־
ווען: די טיר איז געשטאַנען אויפגעפּראַלט אין די ליידיקע
שטובן אַריין, אַז נאָר אין איינער, וווּ דאָס פענסטער איז געווען
מיט אַ ספּודניצע פאַרשטעלט, האָט עמעץ הילכיק געכראַפּעט פון

אונטערן איבערבעט אַפּער. זי האָט זיך מיט אַן אומדרייסטקייט דורך דעם פעדערהויז דורכגערוקט, אומקוקנדיק זיך איבערן הויף, נאָר די שיקסע איז פאַר דער קיך געזעסן מיט אַ פּוטערניצע צווישן די קני און פּוטער אויסגעשלאָגן, אָפּטרייבנדיק זיך מיט אַ צווייג פון די פליגן.

— און ווו איז די פּריצה?

— אין גאָרטן, צ'וועט זי דאָ באַלד דערהערן...

טערעסקאַ האָט זיך אוועקגעשטעלט אַן אַ זייט, קנייטשענדיק דעם בריוו אין דער האַנט און דאָס טיכל מער אַראָפּציענדיק איבערן שטערן, וואָרן די זון איז פון אונטער די בעביידעס אַפּערגעקראָכן.

פון גלחס הויף, וואָס איז נאָר מיט אַ פּלויט געווען אָפּגעצוימט, האָבן זיך רעשיק דערטראָגן די קולות פון דעם דרויב. די קאַטשקעס האָבן זיך געפּלושקעט אין די קאַלוזשעס, די יונגע אינדיטשקעס האָבן געפּישטשעט ערגעץ הינטערן פּלויט; די אינדיקעס ווידער האָבן, האַלדערנדיק, די פליגל אויסגעשפּיצט, נאַרביסן צושפּרינגענדיק צו די חזירימלעך, וואָס זענען אין דער בלאָטע געלעגן. די טויבן האָבן זיך פון פאַר דעם שייער אויפגעריסן, אַרומגעקרייזט אין דער לופט און וואָס אַ ווײַלע אויף דעם רויטן דאַך פון דער פּלעבאַניע, פּונקט ווי אַ שנייִקער וואָלקן אַראָפּגעפאַלן. אַ פייכטע און פרישע וואַרעמקייט האָט פון די פעלדער געוועצט, די צוויבליטע סעדער האָבן זיך געבאָדן אין דער זון, די עפּל-ביימער, וואָס זענען מיט בליִעכך געווען באַשיט, האָבן פון גרינס אַרויסגעשטאַרט פּונקט, ווי די ווײַסע וואָלקנס, מיט רויטע שטראַלן אָפּגעשטויבט; די בינען זענען מיט אַ שטילעטשקן געזום צו זייער אַרבעט געפלויגן, ווי-בישט-ווי האָט שוין אויך אַ זומער-פייגעלע ווי אַ בלומען-בלעטעלע אַ שימער געטון, דאָ איז אַ טשאַטע שפּאַצן מיט נישט קיין קליינעם רעש פון די ביימער אויף די פּלויטן אַראָפּגעפאַלן.

טערעסקען האָבן זיך מיטאַמאָל טרערן פון די אויגן געלאָזט און שטראָמענווייז אַראָפּגערונען.

— דער אָרגאַניסטער איז דאָ אינדערהיים? — האָט זי אָפּקערנדיק דאָס פּנים, אַ פרעג געטון.

— נאָר ווו דען. דער דאַבראָדזשעי איז אַוועקגעפאָרן, איז ליגט ער זיך אויס, ווי אַ חזיר.

— דער דאַבראָדזשעי איז פעווגע אויפן יאַריד?

— יאָ, אַ ביק האַלטן זיי בײַ קויפן.

— ס'הייסט ר'האָט נאָך תייניק האָב און גוטס? האַ?

— ווער ס'האָט גענוג, וואָלט געוואָלט האָבן נאָך מער — האָט די שיקסע אַ מרוקע געטון.

טערעסקאַ איז אַנטשוויגן געוואָרן. ס'איז איר שרעקלעך אומעטיק געוואָרן; אַנדערע מענטשן האָבן אַלדינג אַזש איבערן האַלדז אַריבער, און זי קוים, וואָס זי דערנערט זיך, אָפּט נאָך צוהונגערנדיק.

— די באַלעבאָסטע גייט! — האָט די שיקסע אויסגערופן, פעסט אַרבעטנדיק מיטן שטעקעלע אין דער פוטערניצע, אַז די סמעטענע האָט אַזש אַרום אַרויסגעשפריצט.

— דאָס איז דײַן מלאכה, דו ליידיקגייער!... האָסט אין אַמישנע אַרויפגעלאָזט די פערד אויף דער קאָניטשינע! — האָט זיך אין סאָד דער אָרגאַניסטעכעס גאָדערדיק קול צעטראָגן. — ס'האָט זיך דיר נישט געגלוסט אויף דער פּאַשע אַרויסצוטרייבן. יעזוס, אַז מ'זאָל זיך דאָס אויף קיינעמען נישט קענען פאַרלאָזן! אפשר צוויי כּרענט קאָניטשינע אויסגעפּאַשעט! וואַרט, כ'וועל באַלד דערציילן, ווען דיר דער פעטער אַזאַ צורה צעפּראַסקען, דו בחנבּדיקער פרעסער אײנער, אַז ד'וועסט האָבן צו געדענקען.

— כ'האָב אויף דער פּאַשע אַרויסגעטריבן, כ'האָב זיי אַליין געפּענטעט און אויף אַ שטריק זיי צו אַ פּלאָקן צוגעבונדן!

— זאָג נישט קיין ליגנס. וואַרט, דער פעטער וועט זיך שוין מיט די אויסשמועסן, נע...

— איך האָב נישט אַרויסגעטריבן, זאָג איך דער מומען.

— נאָר ווער? דער גלח אפשר? — האָט זי שפּאָטיש אַ געשריי געטון.

— די מומע האָט געטראָפן: דער גלח האָט מיט זיינע פערד אויסגעפּאַשעט — האָט ער העכער אויפגעהויבן זיין קול.

— ר'איז משוגע געוואָרן!... מאַ' צו ס'פּיסק, אַז ס'זאָל זיך נישט פונאַנדערטראָגן.

— כ'וועל נישט צומאַכן, אין די אויגן אַריין וועל איך אים זאָגן, וואָרן כ'האָב געזען. די מומע שרייט אויף מיר, און דאָס האָט דער גלח גאָר אויסגעפּאַשעט. כ'בין פאַרטאָג געגאַנגען נאָך די פערד, איז דער ברוינער געלעגן, און די קלאַטשע האָט זיך געפּאַשעט; זיי זענען דאָרט געווען, ווי כ'האָב זיי איבערגעלאָזט אויף באַנאַכט. זיי האָבן גענוג סמנים נאָך זיך איבערגעלאָזט, מ'קען באַכזען, זיי זענען נאָך ה״ט. כ'האָב זיי אויפגעפּענטעט און כ'בין אויפגעזעסן אויפן ברוינעם, און דאָ דערזע איך, אַז אין אונדזער קאָניטשינע געפינען זיך עפּעס פערד. ס'האָט ערשט דאַמאָלס געטאָגט. כ'האָב מיך מיטן וועגל פון דער פּאַשע צוגע-קריגן ביז אונטערן גלחס גאָרטן, כדי זיי דעם וועג צו פאַרשטעלן, כ'קריך אַרויס אויף קלאָנבס וועגל, און דאָ שטייט זיך דער גלח מיטן תפילה-ביכל, ר'קוקט זיך אַרום אין אַלע זייטן און ר'טרייבט זיי כסדר וואָס אַמאָל טיפער אַריין מיט דער בייטש אין דער קאָניטשינע, איז...

— שטילער, מיכאַל! ס'איז שוין געהערט געוואָרן אַזאַ זאַך, אַז דער גלח אַליין... כ'האָב שוין לאַנג געזאָגט, אַז דאָס היי פון פאַריאָרן... שטילער, עפּעס אַ פריערדיקע שטייט דאָרט.

זי האָט זיך איילִיק אַ וואַקל געטון פאַרויס, גראָד האָט אויך דער אָרגאַניסטער פון אונטערן איבערבעט אָפּער אויף מיכאַלן געשריגן.

טערעסקאַ האָט איר אַוועקגעגעבן דאָס טיכל מיט די אייער און אַרומגעמענדיק זי באַ די פיס, האָט זי נישט דרייסט געבעטן, מ'זאָל איר איבערלייענען דעם בריוו פון מאַן.

זי האָט איר געהייסן צוואַרטן.

און ערשט אין אַ שפּאָר שטיק צייט אַרום האָט מען זי אַרייַנגערופן אין שטוב אַריין. דער אָרגאַניסטער, אַן אויסגעטוענער אינגאַנצן, נאָר אין די גאַטקעס, האָט, טרינקענדיק די קאַווע, אָנגעהויבן צו לייענען.

זי האָט אויסגעהערט מיט אַן אַנטפּאַלן האַרץ, וואָרן דער מאַן האָט איר טאַקע אָנגעזאָגט די בשורה וועגן זיין צוריקקומען אויף שניט-צייט, צוזאַמען מיט קובאַ יאַרטשיקן פון וואָלקאַ און מיט גזשעלאַ באַרינען. דער בריוו איז געווען אַן ערלעכער, ר'האָט זיך געזאָרגט וועגן איר, זיך אויסגעפרעגט וועגן אַלצדינג, וואָס עס הערט זיך אינדערהיים, ר'האָט געלאָזט גריסן אַלע זיינע באַקאַנטע און ס'האָט געזעצט פון אים אַ פרייד צוליב זיין אַהיימקומען, און צום סוף האָט גזשעלאַ צוגעשריבן, בעטנדיק, אַז זי זאָל צוויסן טון זיין פאָטער וועגן זיין צוריקקומען. דער אָרימער האָט נעבעך נישט געוווּסט וואָס מיט מאַטשעיבן איז געשען.

טערעסקען אָבער האָבן דידאָזיקע וואַרעמע, ערלעכע ווערטער געבריט, ווי מיט ביטשן געשמיסן, און זי צו דער ערד אַראָפּגעבויגן. זי האָט זיך באַמיט, מען זאָל נישט דערקענען אויף איר, כדי אויסצוהאַלטן רויִק דידאָזיקע שרעקלעכע נייעס, אָבער די פאַרגאַטנדיקע טרערן זענען איר עפּעס אַליין, ווי די צעגליטע פאַטשערקעס גערונען.

— ווי דאָס פרייט זיך פון מאַנס אַהיימקומען! — האָט די אָרגאַניסטעכע מיט שפּאָט אַ מורמל געטון.

טערעסקען האָט זיך נאָך אַ געדיכטערער האָגל פון די אויגן אַ שיט געטון. זי איז נעבעך אַנטלאָפן די אָרימע, כדי זי זאָל מיט קיין געשריי נישט אַרויספּלאַצן און זי האָט לאַנג ערגעץ אין אַ הויף געהעשעט.

— וואָס טוט מען אַצינד'ל איך, אָרימע יתומה נעבעך? וואָס? — האָט זי, נישט קענענדיק זיך קיין עצה געבן, יעמערלעך געקלאָגט.

פאַרשטייט זיך, דער פויער וועט אַהיימקומען, וועט ער זיך וועגן אַלעם דערוויסן! אַ פחד האָט זי אַרומגעכאַפּט, פּינקט ווי אַ בייזער, גרויזאַמער שטורעמווינט. יאַשעק איז געווען אַן ער־

לעכער, אָבער אַ פֿאַרביסענער, פּונקט ווי אַלע פּלאַשקעס: ער וועט נישט שענקען קיין עוולה, ער וועט אים נאָך דערהרגענען! יעזוס, ראַטעווע, יעזוס! וועגן זיך האָט זי אַפילו קיין טראַכט נישט געטון. ווייַנענדיק אַזוי און גריזשענדיק זיך, האָט זי זיך מיטאַמאָל געפֿינען בײַ די באַרינעס. האַנקאַ איז נישט געווען: זי איז אַוועקגעפֿאָרן אין שטאָט אַריין נאָך גאַר פֿרי; יאַגנאַ האָט אויך בײַ דער מוטער געאַרבעט, אַז אין שטוב זענען נאָר געווען יאַגוסטינקאַ מיט יוזקען: אײַנגעווייקטע לײַוונט האָבן זיי אין סאָד אויסגעשפּרייט.

זי האָט איבערגעגעבן וועגן גזשעלאַן, וועלנדיק זיך וואָס גיכער אַרויסטראָגן, אָבער די אַלטע האָט זי אָפּגעפֿירט אַ: אַ זײַט און אויסטערליש גוטמוטיק אַ שעפּטשע געטון:

— טערעסקאַ, קוק דיך אַרום, האָב-זשע שׂכל, די צונגען וועסטו בײַ די בייזע מענטשן נישט אָפּשנײַדן... יאַשעק וועט אַהיימקומען, איז וועט ער זיך סײַ ווי סײַ דערוויסן. מיאַרקיר דיר, אַ פֿאַראָבעק איז אויף אַ חודש, און אַ מאַן אויפֿן גאַנצן לעבן! כ'עצה דיר גאַנץ גוט.

— וואָס רעדט עץ? וואָס? — האָט זי געקאָרקלט מיט דער צונג, ווי כּלומרשט נישט פֿאַרשטייענדיק גאָרנישט.

— מאַך דיך נישט ווי כּלא ידעו, אַלע ווייסן וועגן ענק, מאַטעושן פּטר אַזוועק כּל זמן ס'איז נאָך צײַט, וועט יאַשעק נישט וועלן גלייבן, ר'וועט זיך האָבן פֿאַרבענקט צו דיר, וועסטו גרינג אין אים קענען אײַנרעדן, וואָס וועסט נאָר וועלן. מאַטעוש האָט זיך טאַקע צוגעווינט צו דײַן איבערבעט, אָבער ער איז דאָך נישט צוגעוואַקסן, טרייב אים אַרויס, כּל זמן ס'איז צײַט. האָב נישט קיין מורא, יאַשעק איז אויך נישט קיין שברי כּלי... און די ליבע וועט אַדורך פּונקט ווי דער בעכטיקער טאָג, וועסט זי נישט אויפֿהאַלטן, זאָלסט אַפילו מיטן לעבן באַצאָלן; ליבע איז נאָר אַ זעטיק געשמילץ אויף זונטיק; פּרווו נאָר, עס דאָס אַלע טאָג, איז וועט עס דיר אײַנגיכן פֿאַרמיאוסט ווערן און חעסט עס אָפּבעקען. ליבע איז טעג טריבע, און חופּה האָבן איז ווי באַגראָבן — זאָגט מען אַפילו. און אפשר איז עס טאַ-

קע אמת, נאָר דאָסדאָזיקע זיין באַגראָבן מיט אַ מאַן און מיט קינדערלעך איז אַ סך בעסער, ווי די פרייקייט אייגנע אַליין. בעטשע נישט, נאָר ראַטעווע דיך, פּל-זמן ס'איז נאָך צייט. אַז דייבער וועט דיך צוליב דערדאָזיקער ליבע אוועקוואַרפן און פון דער כאַלופּע אַרויסטרייבן, וווהין וועסטו דאַמאָלס גיין? אין דער וועלט אַריין אויף אונטערצוגיין און אויף לייטיש געלעכטער! אוודאי, ס'האָט זיך אויסגעטוישט דער טאַטע, גענומען פאַר אַ מלבוש אַ לאַטע! וועסט אַראָפּפליען פון וואָגן, איז דערנאָך לויף דיר נאָך דער פור מיט אַן אַרויסגעשטעקטער צונג! אויפן ווינט וועסטו גיך דעם אָטעם אָנווערן און וועסט פאַרלירן די כוחות און מ'וועט פון דיר גיך אוועקפאָרן! נאָר דו, יעדער פויער האָט אַ פּאָר חזיר, צי מאַטעוש גייט אין זיי, צו קובאַ, יעדער שווערט נאָר צו אַזוי לאַנג, ביז ס'טוט אים נישט באַנג, יעדער איז ווי האָניג, פּל-זמן ביזט אים ליב. פּיאַרקיר דיר, און נעם דיר גוט אין קאָפּ אַריין, וואָס כ'זאָג דיר, כ'בין דאָך דיינס אַ מומע און וויל נאָר זען גוטס אָן דיר.

אָבער טערעסקאַ האָט שוין מער נישט געקענט אויסהאַלטן, זי איז אַנטלאָפן אין פעלד אַריין און אַריינוואַרפנדיק זיך ערגעץ אין קאָרן אַריין, האָט זי זיך ערשט דאָרט צעלאָזט מיט אירע ווייטיקן און געוויינען.

פּהנם האָט זי געפּרוווט אַריינצוטראַכטן זיך אין דער אַלטערס רייד, וואָרן יעדער ווײַלע האָט זי אַזאַ בענקעניש צו מאַטעושן אָנגעכאַפּט, אַז זי האָט מיט אַ געריטש געוואָרפן זיך איבער דער ברוזדע, ווי אַ פאַרוווּנדעטע חיה.

ערשט עפּעס נישט ווייטע געוואָלטן האָבן זי אויף די פיס אויפגעשטעלט.

אַזוי ווי אַן ערך פאַר דער וואָיטאָוועס כאַלופּע האָט זיך צעטראָגן אַ שרעקלעך קריגערײַ.

ס'איז טאַקע אַזוי געווען: דאָס האָבן זיך די וואָיטאָווע מיט דער קאָזלאָווען מיט די נידעריקסטע נעמען זיך אָנגערופן.

זיי זענען געשטאַנען קעגן איבער זיך, נאָר מיט די פלויטן און מ'טן וועג אָפּגעטיילט פון זיך, אין די העמדער און אין די

וועלביאַקעס באַר, און קוים שוין אָטעמענדיק פון כעס, האָבן זיי זיך געזידלט מיטן גאַנצן כוח, דראָענדיק זיך מיט די פויסטן.

דער וואָיט האָט די פערד איינגעשפּאַנט אין וואָגן, אויס־רעדנדיק פון צייט־צו־צייט צום מאָדליצער פויער, וואָס איז געזעסן אויפן גאַניק, וועלכער האָט אַזש געטופּעט פון נחת, אונטערהעצנדיק אויפן קול די בײדע ווייבער.

די געשרייען האָבן זיך ווייט צעטראָגן, אַז ווי אויף אַ וווּנ־דער זענען זיך מענטשן צוזאַמענגעלאָפן: שוין אַ שפּאַרער עולם איז אויפן וועג געשטאַנען, און פון אונטער אַלע שכנותדיקע פלויטן און ווינקלען־הייזער האָבן זיך קעפּ אַרויסגערוקט.

וואָרן געקריגט האָט מען זיך, אַז גאָט זאָל אָפּהיטן! די וואָיטאָווע, אַ שטילע און אַ רויִקע פויערטע געוויינטלעך, איז ווי משוגע געוואָרן היינט, זי איז וואָס אַמאָל מער אַריין אין כעס, די קאָזלאָווע ווידער איז בכיוון אַ ביסל שטילער געוואָרן און גאָר־נישט אַדורכלאָזנדיק, האָט זי פּאַמעלעכיטשקע זי מיט חוזקדיקע ווערטעלעך געשטאָכן.

— נאַבל דיר, פּאַני וואָיטאָווע, נאַבל, די הינט וועלן דיך נישט איבערבילן! — האָט זי אויסגערופן

— ס'ערשטע מאָל איז דען דאָס, צי דאָס צווייטע! ס'איז נישטאָ די וואָך, אַז ס'זאָל מיר עפּעס פון שטוב נישט פאַרפאַלן ווערן! לייגנדיקע קאָקעסקעס, הינדלעך, קאַטשקעס, און אפילו אַן אַלטע גאַנדז, אַז ס'איז שוין איבעריק צו דערציילן די אַלע שאָ־דענס אין גאָרטן און אין סאָד! אַז אָפּסמיִען זאָלסטו דיך מיט מיינע צרות! אַז ס'זאָל דיך באַ די קישקעס דורייען! זאָלסט די פיס אויסציִען אונטערן פלויט..

— רייס דיך אָפּ, שוואַרצע קראָ, שריי, איז וועט דיר גרינ־גער ווערן, פּאַני וואָיטאָווע...

— אָט האָב איך היינט! — האָט זי זיך אַ ווענד געגעבן צו טערעסקען, וועלכע איז אויפן וועג אַרויסגעקראָכן — אָט האָב איך אינדערפרי פינף שטיקלעך לייוונט אַרויסגעטראָגן צום ווייסן. גיי איך אַרויס באַכן אָנבייסן, כדי זיי צו באַנעצן. פעלט איינס! ב'זוך! גלייך ווי ס'וואָלט אין דער ערד פאַרפאַלן געוואָרן! ס'טייטש

כ'האָב דאָך מיט שטיינער צוגעלייגט, און קיין וויגט איז דאָך נישט געווען! דיבע לייוונט, אויסגעקעמטע, אַז געקויפטע וואָלט נישט געקענט זיין בעסער און ס'איז פאַרלוירן געוואָרן!

— אַז ס'חזירישע שמאַלץ פאַרגיסט דיר די שליפּיעס, האָסטו נישט דערזען!...

— וואָרן דו האָסט מיר דאָס שטיקל צוגעגנבעט! — האָט זי אַ געשריי געטון.

— איך האָב עס דיר צוגעגנבעט, חזר נאָר דאָס נאָכאַמאָל איבער, חזר איבער!

— דו גנב איינער! פאַר דער גאַנצער וועלט וועל איך עס באַשטעטיקן. וועסט דיך שוין מודה זיין, ווען מען וועט דיך אין קייטן אין קרימינאַל אַריין אוועקטרייבן.

— גנבטע רופט זי מיך אָן! עץ הערט, מענטשן! אין סאָנד אַריין וועל איך אייגעבן, ווי גאָט איז אין הימל, אַלע האָבן גע-הערט. איך האָב דיר צוגעגנבעט, האָסט עדות, דו מאַרבע, דו?...

די וואַיטאָווע איז, כאַפּנדיק עפּעס אַ דראָנג, אויפן וועג אַרויסגעפאַלן און צורייסנדיק זיך ווי אַ משוגענער הונט, האָט זי פאַרביסן געשוימט:

— איך וועל דיר מיטן שטעקן באַשטעטיקן! איך וועל דיר שוין עדות זאָגן! אַז כ'וועל דיר...

— קום נאָר אונטער, פּאַני וואַיטאָווע! ריר מיך נאָר אָן, חזירישע קומע! ריר מיך אָן, דו הינטישע פּאַקראַקע — האָט זי זיך צעשריגן, אַרויסלויפנדיק אַקעגן.

זי האָט אָפּגעשטופּט דעם מאַן, וועלכער האָט זי איינגע-האַלטן און פונאַנדערשפּרייטנדיק זיך, האָט זי זיך אונטער די זייטן אָנגענומען, שרייענדיק מיט שפּאָט:

— שלאָג מיך, שלאָג, וועט דיך דאָס קרימינאַל נישט מיידן, פּאַני וואַיטאָווע!...

— פאַרמאַך דאָס פּיסק, כדי כ'זאָל דיך אַמאָל פריִער נישט אין קאָזע אַריין אַריינפּאַקן! — האָט דער וואָיט אַ געשריי גע-טון.

— די משוגענע היגט זעץ איין, וואָרן דיערייף ביסטו, דייך האבע נעט בעסער אויף אַ שטריקל, כדי זי זאָל זיך צו קיין מענטשן נישט צוטשעפּען! — האָט זי אַ הוקע געטון, נישט קענענדיק זיך שוין איינהאַלטן.

— אַ באַאַמטער רעדט צו דיר, מיאַרקיר דיר, פּרוי! — האָט עַר צאָרנדיק אויסגערופן.

— כ'האָב ווי דיין אַמט — פּאַרשטייסט! ר'ווערט מיך סטראַשען, קוקסט אים אָן, האָסט אַפשר אַליין גענומען דאָס שטיקל לייוונט פּאַר עפּעס אַ קאָכאַנקע אויף אַ הזמר. פון דעם גראַמאַדע־געלט האָט דיר שוין נישט געקלעקט, וואָרן האָסט עס פּאַרזויפן, די שיכור. האָב נישט קיין מורא, מ'ווייסט וואָס די פּאַראַרבעטעסט. עסט נאָך אויף גיין זיצן, פּאַגיע באַאַמטער, וועסט גיין זיצן!

אָבער דאָס איז שוין געווען צו פיל פּאַר ביידע, אַז זיי זענען ווי די ווערלף אַ שפּרונג אַרויף געטון אויף איר; די ערשטע האָט זי די וואַיטאָווע אַ פּראַסק געטון מיטן שטעקן איבערן פּיסק און מיט אַ ווילדן קוויטש זיך אין די קודלעס מיט די גענ:ל איינגעפּלאָנטערט, דער וואַיט ווידער האָט גענומען קיילן מיט די פויסטן ווי ר'האָט נאָר געטראָפן.

באַרטעק איז אין איין אויגנבליק אַ שפּרונג געטון זיינער צו הילף.

זיי האָבן זיך צוזאַמענגעקוילט ווי די הינט אין אַ נישט פונאַנדערגעפּלאָכטענער קופּע, אַז מ'האָט נישט געקענט דערקענען ווער וועמענס, פויסטן עס דרעשען פּונקט ווי מיט צעפּעס, וועמענס קעפּ עס וואַקלען זיך און וועמענס געשרייען דאָס זענען. זיי האָבן זיך צוגעשפּאַרט צום פּלויט און ווידעראַמאָל זיך אויפן וועג אַרויסגעקאָלערט, פּונקט ווי די סנאָפּעס, וואָס דער ווינט האָט מיט זיי אַ שלידער געטון, ביז ענדלעך, זיי זענען אַלץ פּאַרביסענ:ר זיך ראַנגלענדיק, אַ פאַל געטון אויף דער ערד, אין זאַמד אַריין.

אַ שטויב האָט זיי פּאַרדעקט, אַז עס האָבן זיך נאָר צע:ראָגן

די געשרייען און זידלערייען: זיי האָבן זיך געטאָרגלט איבערן וועג, שלאָגנדיק און קוויטשענדיק מיט הימלשרייענדיקע קולות.

טיילמאָל האָט זיך עמעץ אַרויסגעריסן פון דער קופּע, טיילמאָל האָבן זיי זיך אויף אַלע מיטאַמאָל אַ שטעל אויף געטון אויף די פיס, און כאַפּנדיק אין די גאָרשטש אַריין, וואָס ס'איז אונטערגעקומען, האָט מען זיך ווידער איינע די אַנדערע געקיילט, אַרומפּירנדיק זיך באַ די קעפּ, פאַר די באַרקעס, פאַר די קערגער.

דאָס געוואַלט האָט זיך איבערן גאַנצן דאָרף צעטראָגן, די איבערגעשראָקענע הינער האָבן געקוואָקעט איבער די סעדער, די הינט האָבן אָנגעהויבן צו בילן, די באַבעס האָבן אויפגעהויבן אַ יללה, ראַטלאָז זיך שטופּנדיק אַרום זיי, ביז ערשט די אָנגעלאָפענע פויערן האָבן די שלעגערס פונאַנדערגעריסן.

וואָס דאָרט האָט זיך נאָך אָפּגעטון קללות, געוויינען, און דראָונגען, איז נישט איבערצוגעבן דאָס. די שכנים זענען זיך באַלד פונאַנדערגעלאָפן, כדי מען זאָל זיי פאַר קיין עדות נישט אויפנעמען; אָבער אומעטום האָט מען צעפּויקט, כלומרשט פאַר אַ סוד, אַז די וואָיטעס האָבן די קאָזלעס שרעקלעך צעהרגעט.

און ס'איז נישט אַוועק קיין פאַר מינוט, איז דער וואָיט מיט אַ געשוואָלענער מאָרדע, צוזאַמען מיט דעם ווייב אויך נישקשהדיק אַ צעבײַלטע און אַ צעדראַפּעטע, די ערשטע אַוועקגעפאָרן אײַנגעבן אַן אָנקלאַגע. ערשט אין אַ שעה אַרום ווידער זענען די קאָזלעס געפאָרן.

דער אַלטער פלאָשקאַ איז אפילו מיט גרויס חשק באַשטאַנען זיי אָפּצופירן אין שטאָט אַריין, װאָרן ר'האָט עס געטון בחנם, אַבי דעם וואָיט אין גוט-פרײַנטשאַפט צו צודייבען.

זיי זענען געפאָרן אײַנגעבן די אָנקלאַגע. אַזוי ווי זיי האָבן זיך נאָר פון דעם געשלעג אויפגעהויבן, קיין קאָפּ נישט אפילו זיך איבערטוענדיק, אָט אַזוי זענען זיי געפאָרן.

זיי זענען בכיוון געפאָרן איבערן דאָרף טריט באַ טריט,

כדי צו קענען פונאנדערצייילן די גרויסע עולה זייערע, און די וונדן צו באווייזן יעדן אייניקל, ווער ס׳האט באר געוואלט קוקן.

קאזשיאל האט געהאט א צעהאקטן קאפ ביזן ביין, אז דאס בלוט האט אים אזש פארגאסן דאס גאנצע פנים, דעם האלז און די ברוסט, וואס מ׳האט ארויסגעזען פון אונטערן צעריסענעם העמד אפער. עס האט אים שוין נישט זייער וויי געטון, אבער וואס א ווײַלע האט ער זיך בא די זייטן אנגעכאפט און מוראדיק געשריגן:

— אוי גאטעס ווילן, כ׳וועל עס נישט אויסהאלטן! אלע זשעבערעס האט ער מיר איבערגעהאקט! ראטעוועטס, מענטשן, ראטעוועטס, וואַרן כ׳וועל שטארבן!...

און מאגדע האט אים יעמערלעך אונטערגעהאלטן:

— מיט א קלאביצע האט ער אים געקיילט! שטילער, אַריִ־מער נעבעך! ר׳האט דיך צעטראטעוועט ווי א הונט, אבער ס׳איז באך דא א גערעכטיקייט און א שטראף פאר רוצחים, ס׳איז דא! שטילער, געפייניקטער נעבעך! ער וועט דיר גוט באצאלן דער־פאר! אויף טויט האט ער אים געוואלט דערהרגענען, מענטשן האבן געזען, זיי האבן אים קוים מציל געווען, זיי וועלן ערלעך עדות זאגן אין סאנד! — האט זי זיך געריסן, ארויסזעצנדיק כסדר איין מאל נאכן אנדערן מיט א שרעקלעכן געריטש, און זי איז אזוי צעהרגעט געווען, אז מ׳האט זי קוים דערקענט. מיט א גאלן קאפ איז זי געפארן, די האר זענען איר געווען מיט דער הויט אויסגעריסן, איינגעריסענע אויערן, די אויגן זע־נען איר געווען פארבלוטיקט, און דאס גאנצע פנים מיט די בעגל צעדראפעט, ווי ס׳וואלט איבער איר עמעצער געבראנעוועט. אז באטש מ׳האט געוווסט, וואס פאר א כלי דאס איז, און פונדעסט־וועגן האט נישט אייגער רחמנות געהאט אויף איר.

— מ׳זאל אזוי מענטשן צעהרגענען, בעו!

— א חרפה און א גאטס־לעסטערונג, ס׳טייטש, זיי פארן דאך קוים לעבעדיקע.

— זיי זענען נישקשהדיק צעקיילט, וואס? א קיילער וואלט

עס בעסער נישט געמאַכט... אָבער דעם פּאַן וואַיט איז דאָך אַלץ דערלויבט, ר'איז דען נישט קיין באַאַמטער, אַ וואַזשנע פּי־גור? — האָט פלאַשקאַ מיט שפּאָז צוגעוואָרפן, ווענדנדיק זיך צום עולם.

זיי זענען זייער באַטריבט געווען דערפון, וואָרן כאָטש די קאַזלעס זענען שוין געהאַט לאַנג אַדורכגעפאָרן, פונדעסטוועגן האָט דאָס גאַנצע דאָרף נאָך לאַנג זיך נישט געקענט באַ־רויקן.

טערעסקאַ, וועלכע האָט פאַר מורא זיך געהאַט באַהאַלטן איבער דער גאַנצער צייט פון געשלעג, איז ערשט דאַמאָלס פון ערגעץ אַרויסגעקראָכן, ווען ביידע צדדים זענען שוין געהאַט אַוועקגעפאָרן אין די סאָנדעס אַריין.

זי האָט באַלד אַריינגעכאַפּט אַ בליק צו די קאַזלעס, וואָרן באַרטעק איז געווען אירס אַ קרוב פון דער מוטערס צד. אין דער כאַלופּע איז קיינער נישט געווען, נאָר אויפן הויף, הינטער דער וואַנט, זענען געזעסן די דריי קינדער, וואָס זי האָט זיי געהאַט געבראַנגט פון וואַרשע.

זיי האָבן זיך געטוליעט איינס צו ס'אַנדערע, אַרומגריי־זשענדיק גיריק די נישט דערקאָכטע קאַרטאָפליעס און פּאַרטיי־דיקנדיק זיך מיט אַ געקוויטש און מיט די לעפל פאַר די חזירים־לעך. און זיי זענען געווען אַזוי אויסגעמאָגערט, אָפּגעצערט און באַוואַקסן מיט שמוץ, אַז אַ רחמנות האָט זי אַרומגענומען. זי האָט זיי אַריבערגעטראָגן אין פּעדערהויז אַריין, און פאַרמאַכנדיק די טיר, איז זי שוין אין איין אָטעם אַוועקגעלאָפן מיט די נייעס.

באַ די גאַלאָנבס איז נאָר געווען נאַזטקאַ.

מאַטעוש איז נאָך געהאַט פאַרן אָנבייסן אַוועקגעגאַנגען צו סטאַכן, בּיליצעס איידעם. ר'האָט טאַקע צוזאַמען מיט אים אַרום־געגישטערט די איינגעלייגטע כאַלופּע, צי וואָלט זי זיך נישט געלאָזט אונטערהייבן. בּיליצאַ איז זיי נאָכגעגאַנגען, אַרויסשטאַמ־לענדיק פון צייט צו צייט זיינס אַ מיינונג.

פּאַן יאַצעק ווידער איז ווי שטענדיק געזעסן אויף דער

שוועל, געדרייכערט אַ פּאַפּיראָס און צוגעפּייפט אויף די טויבן, וואָס האָבן איבער די קערשנביימלעך אַרומגעקרייזט.

די זון האָט זיך שוין געהאַט אונטערגעהויבן צו מיטאָג־צו, ס'איז געווען נישקשהדיק וואַרעם.

די אַנגעוואַרעמטע לופט האָט געשימערט אויפן פעלד, פּונקט ווי וואַסער, די תבואות און סעדער זענען געשטאַנען גלייך, ווי אין דער זון פאַרקוקט, אַז באַר טיילמאָל איז פון ביליצעס קערשנביימלעך אַראָפּגעפאַלן דאָס בלעכל, שוועבנדיק איבערן גראָז, פּונקט ווי אַ ווייס זומער-פייגעלע.

ס'האָט זיך דערנענטערט צו מיטאָג, ווי מאַטעוש האָט פאַרענדיקט דאָס באַקוקן, און אַ דזשאָבע טוענדיק נאָך מיט דער האַק דאָ און דאָרט איבער די זייטן, האָט ער אַנטשידן אויסגע־רופן:

— זי איז אויסגעפוילט ביזן גרונט, ס'איז בלויז פּראָכנע, װעסט גאָרנישט פון דעם אויפשטעלן, ס'איז אומזיסט...

— כ'וואָלט צוגעקויפט עפּעס נייס, אפשר וואָלט... — האָט סטאַכאָ, ווי בעטנדיק, געשעפּטשעט.

— קויפסט צו אויף אַ גאַנצע כאַלופּע, פון דעם מיסט װעסט זיך קיין איין באַלקן נישט לאָזן אַרויסנעמען.

— גאָט איז מיט ענק!

— סטייטש די אונטערבאַלקנס וואָלטן נאָך אויסגעהאַלטן, נאָר טלופּעס וואָלט מען גאָר געדאַרפט געבן נייע... די װענט אויך אונטערצושפּאַרן... מיט קלאַמרעס צוזאַמענציִען... סטייטש... — האָט דער אַלטער ביליצאַ געשטאַמלט.

— אַז צ'זענט אַזאַ מייסטער, איז שטעלט ענק אויף, פון קיין פּראָכנע קען איך נישט — האָט ער מיט כעס אַ וואָרף גע־געבן, אַרויפּציִענדיק אויף זיך דאָס שפּענצערל.

דערויף איז אָנגעקומען װעראָנקאַ מיט אַ קינד אויף דער־האַנט און אָנגעהויבן צו קלאָגן:

— און וואָס װעלן מיר אַצינד טון, האַ?

— מ'דאַרף אפשר צוויי טוינגט אויף אַ נייע! — האָט סטאַכאָ פאַרזאָרגט אָפּגעזיפצט.

— ס'דעך, אַביבע פֿון איין שטוב מיט אַ פֿעדערהייזל.

— עפּעס האָלץ וואָלט מען דאָך געקריגן פֿון אונדזער וואַלד... אוודאי, אַבי נאָר עפּעס... און די רעשט וועל איך צו־קויפֿן... אוודאי... ס'וואָלט גענוג געווען... מ'זאָל בעטן אין אמת...

— זיי וועלן דען געבן אַצינד, אַז דער וואַלד שטייט אין אַ פּראָצעס!... מ'האָט דאָך אפֿילו דאָס קלויבן פֿאַרבאָטן. וואַרטס צו מיט דער כאַלופּע ביזן סוף פֿון דער ספּראַווע! — האָט מאַטעוש געראָטן.

— גיי, וואַרט אַזוי לאַנג, און ווו וועלן מיר זיך דאָס אויפֿן ווינטער אַהינטון? ווו? — האָט וועראָנקאַ אַרויסגעפּלאַצט און ביטער זיך צעוויינט.

זיי זענען אַנטשוויגן געוואָרן. מאַטעוש האָט צוזאַמענגענו־מען זיינע טשעסלער מכשירים, סטאַכאַ האָט זיך אין קאָפּ גע־דראַפּעט, און ביליצאַ האָט זיך הינטערן ווינקל הויז די באַז אויס־געשנייצט, אַז אין דערדאָזיקער אומעטיקער שטילקייט האָט זיך נאָר אַרויסגעהערט וועראָנקעס כליפּענדיק געוויין.

מיטאַמאָל האָט זיך דער פֿאַן יאַצעק אַ הייב אויף געגעבן און הויך אויסגערופֿן:

— וויינטס נישט, וועראָנקאַ, האָלץ אויף אַ כאַלופּע וועט זיך שוין געפֿינען.

זיי זענען אַלע פֿאַרשטאַרט געוואָרן, שטייענדיק מיט אָפֿע־נע מיילער, ביז ערשט מאַטעוש האָט זיך דער ערשטער געכאַפּט און אַרויסגעזעצט מיט אַ געלעכטער:

— דער קלוגער זאָגט צו, פֿאַרשטייט זיך, און דער נאַר שוין פֿרייט זיך! דאָס האָט אַליין נישט דעם קאָפּ ווו אַוועקצו־לייגן און אַנדערע וועט ער כאַלופּעס גאָר צעטיילן! — האָט ער שאַרף אַ זאָג געטון, קוקנדיק אויף אים פֿון אויבן אַראָפּ, אָבער דער פֿאַן יאַצעק האָט זיך שוין מער נישט אָנגערופֿן, ער האָט זיך ווידער אַנידערגעזעצט אויף דער שוועל, פֿאַררייכערט אַ פּאַ־פּיראָס און אַזוי ווי פֿריִער, האָט ער קראַצנדיק זיך אין בערדל איבערן הימל מיט די אויגן געבלאָנדזשעט.

— ווארטס באַר אונטער, און נישט לאַנג, וועט ער ענק אפילו אַ גאַנץ פאַלווארקל צוזאָגן.

האָט מאַטעוש זיך פונאַנדערגעלאַכט און אַ הייב טוענדיק מיט די אָרעמס, איז ער אַוועקגעגאַנגען.

ר'האָט זיך באַלד אויפן אָרט גענומען אויף לינקס מיט דער סטעזשקע, וואָס פירט הינטער די שייערס.

ווייניק מענטשן האָבן היינט געאַרבעט אין די גערטענער, ווארן דאָ און דאָרט בלויז האָט זיך אַ פויערטע גערייטלט, אָדער עפּעס אַ פויער האָט דעם דאַך פאַרמאַכטן, דאָ האָט ער עפּעס גע־מאַנדרעוועט באַ די מויערן פון שייער, וואָס זענען אין פעלד אַריין אויפגעפראַלט געווען.

ס'איז אים נישט געווען געאײַלציק מאַטעושן, ווארן ר'האָט זיך גערן יעדעס מאָל אָפּגעשטעלט, אײַגטענהנדיק מיט די פויערן ועגן וואָיטס געשלעג, צו די שיקסעס האָט ער מיט די ציין געשטשירעט און פריילעך מיט זיי גערעדט, און ערגעץ אַנ־דערש ווידער האָט ער די באַבעס אַזוי טרעפלעך אַרייַנגעזאָלצן, אַז אַ געלעכטער האָט זיך איבער די גערטענער צעשיט, אַז נישט אײַנע איז אים, אָפּזיפצנדיק, מיט די אויגן נאָכגעקראָכן.

ווי דען, ר'איז געווען אַ שייבער און אַ געוויקסיקער ווי אַ דאָמב, און ווי דער קיניג פון אַלע פאַראַבקעס אין דאָרף, ווארן אַ גבור איז ער דער ערשטער געווען נאָך אַנטעק באָרינען און אַ טענצער גלייך מיט סטאַכאַ פּלאָשקען, און אַ חכם. דערצו נאָך איז ער געשיקט געווען צו יעדער מלאכה, ווארן ר'האָט געקענט אי אַ וואָגן מאַכן, אי אַ קוימען אויפשטעלן, אי אַ כאַלופּע אויסלאַדע־ווען, אי אויף אַ פליימל שיין שפּילן, איז כאָטשיק ער האָט כמעט קיין גרונט נישט געהאַט, און קיין גראָשן האָט זיך באַ אים נישט דערהאַלטן, ווארן ער האָט געהאַט אַ ברייטע האַנט פאַר אַנדערע, און פונדעסטוועגן וואָלט נישט איין מאַמע גערן מיט אים פאַר־טרונקען אַפּילו אַ גאַנץ קאַלב, אַבי אים פאַר אַן איידעם אַרייַנ־צוקריגן, נישט איין שיקסע ווידער האָט אים שוין נאָנט צוגעלאָזט צו זיך, רעכענענדיק, אַז דערנאָך וועט ער גיכער אײַנצאָלן אין קלויסטער אויף אויסצורופן. אָבער די אַלע הינטערפּיסלעך האָבן

גאָרנישט געהאָלפן, מיט די מאַמעס האָט ער געטרונקען, מיט די טעכטער זיך געליבט, און פון חתונה האָבן האָט ער זיך ווי א שלאַנג אַרויסגעדרייט.

— ס'איז נישט לייכט אַזוי אויסצוקלויבן, וואָרן יעדע איי-ציקע איז גוט, און נאָך בעסערע וואַקסן אונטער, כ'וועל צו-וואַרטן... — פלעגט ער ענטפערן די שדכנים, וואָס האָבן אים פאַרשידענע שיקסעס געשדכנט.

און ווינטער איז ער זיך צונויפגעגאַנגען מיט טערעסקען און געלעבט מיט איר כמעט אין די אויגן פון גאַנצן דאָרף, נישט לייגנדיק קיין אַכט אויף די גערעדערייען און דראָנ-גען.

— יאַשעק וועט אַהיימקומען, וועל איך זי אים אָפּגעבן, ר'וועט נאָך אַנידערשטעלן בראַנפן, וואָס כ'האָב אים דאָס ווייב אָפּגעהיטן — האָט ער זיך אויסגעלאַכט פון זיינע גוטע פריינט, דאָס איז געווען אַ קורצע צייט נאָך זיין אַהיימקומען, וואָרן זי איז אים שוין דערעסן געוואָרן און ר'איז ביסלעכווייז פון איר אָפּ-געשטאַנען.

און אַצינד, גייענדיק אויף מיטאָג, האָט ער זיך אויסגע-קליבן אַ לענגערן וועג, כדי זיך צו ווינצלען אויפן וועג מיט די שיקסעס און אַ ציפּ צו טון, ווען ס'וועט זיך לאָזן.

און גאָר אומגעריכט האָט ער זיך אָנגעשטויסן אויף יאַג-נען: זי האָט עפּעס געפּיעלעט אין דער מוטערס גאָרטן.

— יאַגושיאַ! — האָט ער פריילעך אויסגעשריגן.

יאַגושיאַ האָט זיך אונטערגעהויבן און אַ שאָס אויף געטון איבער דער בייט ווי אַ שלאַנקע מאַלווע.

— אַז ד'האָסט מיך אַזוי דערזען? טה, וואָס פאַר אַ גיכער, שוין אַ וואָך אין דאָרף, און ערשט...

— ס'טייטש ביסט דאָך נאָך הערלעכער געוואָרן! — האָט ער מיט באַוווּנדערונג אַ שעפּטשע געטון.

זי איז איינגעבויגן געשטאַנען ביז צו די קניען, פון אונטער דעם רויטן טיכל אָפּער, וואָס איז אונטער דער גאָמבע פאַרבונדן

געווען, האָבן אַרויסגעבליט די אומגעהייערע, זיסע אויגן, די ווייסע ציין האָבן געשפּילט אין די קערשן-ליפּן און דאָס גאַנצע פּנימל איז געווען פאַרייטלט ווי אַן עפּעלע און אַזוי הערלעך, אַז ס'האָט זיך אַזש געבעטן מ'זאָל עס אַ קוש טון. זי האָט זיך שטאָלץ אָנגענומען אונטער די זייטן און אַ שלאָג געטון אין אים מיט די פונקלדיקע אויגן מיט אַזאַ קראַפט, אַז אַ ציטער איז דורך אים אַדורך. ער האָט זיך אומגעקוקט אויף אַלע זייטן און בענטער זיך צוגערוקט.

— שוין אַ וואָך ווי איך זוך דיך אַרום און קוק דיך אויס און אומזיסט.

— דעם הונט דערצייל, איז אפשר וועט ער דיר גלייבן. וואָס אַן אָוונט ברעכט ער זיך די ציין פאַר די הייף, וואָס אַן אָוונט באַסעוועט ער אַן אַנדערער אונטער, און אַצינד וועט ער מיר גאָר קומען עפּעס אַנדערש איינרעדן!

— אַזוי באַגריסטו מיך, יאַגוש? האַ? אַזוי?...

— נאָר ווי דען זאָל איך אַנדערש? אפשר באַ די קניען דיך אַרומנעמען און דאַנקען דיר, וואָס דו האָסט אַן מיר נישט פאַרגעסן?

— כ'געדענק, ווי אַזוי דו האָסט מיך פאַריאָרן אויפגענומען.

— וואָס ס'איז געווען פאַריאָרן, איז נישט אַצינד — האָט זי זיך איבערגעדרייט, באַהאַלטנדיק דאָס פּנים, און ער האָט זיך פּלוצלינג אַ רוק צו געגעבן, אַרומנעמענדיק זי גיריק מיט די הענט.

זי האָט זיך מיט כּעס פון אים אַרויסגעריסן.

— לאָז אָפּ, וואָרן טערעסקא וועט מיר די אויגן אויסדראַפּען איבער דיר!

— יאַגושיאַ! — האָט ער קוים אַרויסגעשטאַמלט.

— צו דיין זעלנערקע גיי דיר צוריק מיט די ליבעס... דין איר צו, כּל-זמן יענער קומט נישט צוריק. זי האָט דיך אויסגעפּאַשעט אין קרימינאַל, זי האָט זיך אויסגעבערענגט צוליב דיר, איז אַרבעט איר אָפּ אַצינדערט! — האָט זי אים ווי מיט אַ בייטש

אַ שמיר געגעבן און מיט אַזאַ פּאַראַכטונג, אַז מאַטעוש האָט די צונג אין מויל פאַרגעסן.

אַ בושה האָט אים אַרומגענומען, ר׳איז רויט געוואָרן ווי אַ בוראַק, ר׳האָט זיך איינגעבויגן און פשוט אַנטלאָפן.

און יאַגנדע, כאָטש זי האָט אַרויסגעזאָגט דאָס, וואָס זי האָט געפילט און מיט וועלכן זי האָט זיך שוין אַ גאַנצע וואָך אַרומגעטראָגן, האָט אַ רחמנות אַ־ציגד אַרומגענומען: ס׳איז איר נישט איינגעפאַלן, אַז ער וועט זיך דערבייזערן און אַוועקגיין.

„אַ נאַר, כ׳האָב עס דאָך נאָר גלאַט אַזוי געזאָגט, פון כעס! — האָט זי געטראַכט, אומעטיק אים נאָכקוקנדיק. — און מ׳זאָל זיך אַזוי באַלד דערבייזערן!... מאַטעוש!

אָבער ר׳האָט נישט דערהערט, לויפנדיק איבערן סאָד, ווי אַ פאַרסמטער.

— אַ בייזע בין, אַ שטשערווע! — האָט ער געמורמלט, לויפנדיק שוין גלייך אַהיים. אַ כעס האָט אים גלייכצייטיק מיט אַ דערשטוינונג און סדר נאָכאַנאַנד געוואָרפן. וואָס קען דאָס זיין, זי איז שטענדיק געווען אַזאַ אומשולדיק שעפעלע, ס׳מויל האָט זי נישט געקענט עפענען. זי האָט דאָך אים ווי אַ הונט אָנגעזידלט! אַ בושה האָט מיט אים אויפגעטרייסלט, אַז ער האָט זיך אַזש אומגעקוקט, צי ס׳האָט נישט ווער געהערט איר מויל עפענען.

— טערעסקען האַלט זי אים פאַר! אַ נאַר!... וואָס גייט אים דאָרט אָן די זעלנערקע?... אַ שפּילעכל און מער נישט! און ווי זי האָט דאָס אים מיט די שליפּיעס דורכגענומען! ווי שטאָלץ זי האָט זיך אונטער די באָקעס אָנגענומען! מיט וואָס פאַר אַ ליבלעכקייט עס האָט פון איר געזעצט!... יעזוס, אַפילו אין פּיסק אַריין פון אַזעלכער צו קריגן איז קיין חרפה נישט, אַבי נאָר צום האָניג זיך צוצוקריגן... — אַ ציטעניש האָט אים אָנגעכאַפּט, ר׳האָט אָנגעהויבן פאַמעלעכער צו שפּרייזן פאַר דער כאַלופּע.

— עס האָט זי פֿאַרדראָסן, וואָס כ׳האָב אָן איר פֿאַרגעסן... כ׳בין דען עפּעס שולדיק... און חעגן טערעסקען... — ער האָט זיך פֿאַרקרומט ווי נאָך עסיג. ר׳האָט שוין גענוג געהאַט מיט דער ווייבערין, ס׳איז אים שוין פֿאַרמיאוסט געוואָרן דאָס כּסדרדיקע פּישטשען. ר׳האָט דאָך נישט גענומען קיין שלוב, וואָס ער זאָל זיך מוזן האַלטן מיט איר, ווי דער ווייזל בײַ דער קו! זי האָט דאָך אַ מאַן! און דער גלח איז נאָך אים גרייט פֿון דער אַמבאָנע אַראָפּ פֿאַרצוהאַלטן! מיט אַזעלכע ווערט דיר דער מענטש באַפּליאַקעוועט. אַ הונטיש עסק מיט די באַבעס — האָט ער אין זיך געכעסט.

דאָס מיטאָג האָט זיך ערשט צוגעקאָכט, האָט ער אָנגעשריגן דעריבער אויף נאַסטקען, פֿאַרוואָס זי באַלאַמוטשעט און אַרײַנגעכאַפּט אַ בליק צו טערעסקען. זי האָט גראָד די קו געמאָלקן אין סאָד; זי האָט אויף אים גלייך אויפגעהויבן אַ פּאָר אויסטערלישע אומעטיקע אויגן, וואָס האָבן זיך קוים ערשט געהאַט פֿון וויינען אָפּגעטרוקנט.

— וואָס האָסטו דאָס געבעטשעט?

זי האָט זיך שטיל פֿאַרענטפֿערט, אַרומגעמענדיק זיין פּנים מיט פֿאַרליבטע אויגן.

— וואָלסט בעסער דאָס אייטער אָפּגעהיטן, וואָרן דו באַשפּריצסט דעם וועלניאַק מיט מילך!

ר׳איז געווען האַרט הייגט אָן אַ פּיצל גוטסקייט, אַז זי האָט זיך דעם קאָפּ געבראָכן, וואָס אים האָט געקענט געשען? זי האָט זיך שוין אויפגעכאַפּט ווי אַ לעמעלע, וואָרן אויף יעדער אָנרופֿן זיך, האָט ער מיט כּעס געשפּריצט און מיט די שליפּ׳עס אָפּגעמאָסטן.

ער האָט מכּלומרשט עפּעס געזוכט אין סאָד און אַרום הויז, אָבער צום מייגסט האָט ער זיך צו איר פֿאַרבאָרגן צוגעקוקט, וואָס אַמאָל זיך מער אַלץ וווּנדערנדיק:

— ס׳טייטש ווו האָב איך דאָס געהאַט די אויגן? אַזאַ קרעבעלעכע און אויסגעווייקטע... נישט פֿון קיין פּעדערן, נישט פֿון

קיין פלייש! אַ צעזשיערטער ביין. אַ פּשוטע ציגייבערין. נישט קיין פיגור, נישט...

אמת איז, אַז אויגן האָט זי געהאַט שיינע, זיי גלייכן זיך אפשר אויס מיט יאַגודעס, גרויסע, העלע ווי דער הימל און מיט שוואַרצע ברעמען אַרומגערעמט, און וויפיל מאָל ער זאָל זיך נישט מיט זיי טרעפן, האָט ער דעם קאָפּ אָפּגעדרייט און געשאָלטן אין דער שטיל:

— גלאָצט אויס די שליפּיעס ווי אַ קאַלב, ווען עס הייבט דעם חיידל אויף!

ער האָט נישט געקענט ליידן דאָס קוקן און ס'האָט אים אין אַ גרעסערן כעס אַריינגעבראַכט.

— אויף צו להכעיס וועל איך אויף דיר נישט קיין קוק טון, שליפּיע דיר דעם הונט אין חיידל אַריין! וועסט מיך נישט בייקומען.

זיי האָבן צוזאַמען געגעסן מיטאָג, אָבער ר'האָט זיך צו איר קיין איין מאָל נישט אָנגערופן, נישט אפילו קיין קוק געטון אין איר זייט אַריין. באַסטקען האָט ער נאָר יעדע ווײַלע צוגעחאַרפן:

— דער הונט וואָלט זיך צו אַזאַ קאַשע נישט צוגערירט: חי פּאַררויכערט!...

— אוודאי, זי איז נאָר אַ קאָפּ צוגעברענט און ווי עס שטעכט דיך שוין אין די ציין.

— שפּאַר דיך נישט! האָסט זי מער מיט פליגן, ווי מיט בריחן אויסגעשמירט.

— פליגן שאַדן אים שוין! ווי איבערקלויבעריש ער איז! מעסט דיך נישט אָפּסמען!

באַם קרויט ווידער האָט ער אויסגערעדט, אַז ס'איז אַלט פּעטס.

— מיט וואָגן-שמירעכטס צו באַשמילצן וואָלט עס נישט ערגער געווען.

— גיב אַ לעק צו דער אַקס, וועסטו זען, איך בין נישט קיין מבינטע! — האָט זי האַרט אָפּגעענטפערט.

ער האָט זיך צוגעטשעפּעט צו אַ ליאַדע וואָס, און אַ גיהנום אָנגעמאַכט. און ווייל טערעסקאַ האָט זיך צו אים איבער דער גאַנצער צייט גאָרנישט אָנגערופן, איז האָט ער זיך באַלד נאָכן מיטאָג אויך צו איר גענומען, וואָרן ר'האָט באַמערקט איר קאַ, וואָס האָט זיך אָן דער וואַנט אָפּגעריבן.

— זי איז באַוואַקסן מיט מיסט ווי מיט אַ שאָל: צ'קענט זי נישט אָפּרייניקן, האַ?

— ס'איז נאַס אין שטאַל, איז ריכט זי זיך איין.

— נאַס! ס'איז דאָ בּרדלען אין וואַלד, ס'איז דאָ; וואַרפט נאָר צו, ס'זאָל ענק עמעצער אָנשאַרן און אין כאַלופּע אַריינברענגען. סטייטש זי וועט זיך דאָך די וואָרצלען אָפּבריען אין דעם מיסט, פאַרפוילט ווערן! אַזוי פיל באַבעס אין דער כאַלופּע, און קיין אָרדנונג איז פאַר קיין גראָשן נישטאָ! — האָט ער געוואָלטעוועט, אָבער טערעסקאַ האָט אים הכנעהדיק אָפּגעטרעטן, נישט דערוועגנדיק זיך אַפילו צו פאַרענטפערן, נאָר מיט די אויגן האָט זי זיך געבעטן, ער זאָל אויף איר רחמנות האָבן.

זי איז דאָך שטענדיק געווען אַזאַ שטילע, אַ נאָכגיביקע און אַן אַרבעטסזאַמע, ווי אַ מאָרעווקע, זי איז אַפילו צופרידן געווען, וואָס ער האָט אויף איר גענומען די איבערהאַנט און געוועלטיקט איבער איר האַרט. און טאַקע דעריבער האָט ער זיך וואָס אַמאָל מער געכעסט. ס'האָבן דערצערנט אירע ליבנדיקע, שרעקעוודיקע אויגן, ס'האָט אים געאַרט איר שטילער גאַנג, איר הכנעהדיק פּנים, ס'האָט אים אויך געאַרט, וואָס זי האָט זיך כסדר געפּלאָנטערט לעבן אים. ר'האָט שוין געהאַט חשק אַ געשריי צו טון, אַז זי זאָל אים פון די אויגן אָפּטרעטן.

— אַ דבר זאָל עס נעמען, אין דער הינטישער יוכע אַריין! — האָט ער ענדלעך אַרויסגעפּלאַצט און צוזאַמענגעמענדיק זיינע טשעשלער־כּלים, נישט אָפּרועענדיק זיך אַפילו נאָכן מיטאָג, איז ער אַוועקגעגאַנגען צו די קלאָנבעס, וווּ ר'האָט געהאַט אַ שטיקל אַרבעט באַ דער כאַלופּע.

מ'איז נאָך דאָרט געזעסן באַ די שיסלען אין דרויס,

ר'האָט פאַררייכערט אַ פּאַפּיראָס, זיצנדיק אונטער דער וואַגאָן.

די קלאָנבעס האָבן געערדט וועגן גזשעלאַ באַרינעס צוריקקומען פון די זעלנער.

— ער קומט שוין טאַקע צוריק? — האָט ער רויִק אַ פרעג געטון.

— צ'ווייסט דען נישט? סטייטש ער קומט דאָך צוזאַמען מיט יאַשעק טערעסקעס און מיט יאַרטשיקן פון וואָליע.

— זיי זאָגן, אַז אויף שניט. טערעסקאַ איז געלאָפן היינט מיט אַ בריוו צום אָרגאַניסטער, אַז ער זאָל איבערלייענען. ר'האָט מיר דאָס דערציילט.

— דאָס איז דיר אַ נייעס! יאַשעק קומט צוריק! — האָט ער נישט ווילנדיק אויסגערופן.

אַלע זענען אַנטשוויגן געוואָרן, נאָר מיט די שליפּיעס זיך איבערגעוואָרפן, און די ווייבער זענען רויט געוואָרן, איינהאַלטנדיק דאָס געלעכטער. ער האָט זיך נישט אָנגעשטויסן און גלייך ווי ער וואָלט צופרידן געווען פון דער ידיעה, האָט ער רויִק געזאָגט:

— גוט, וואָס ער קומט צוריק; אפשר וועט מען אויפהערן טערעסקען צו באַרעדן.

די לעפל זענען אַזש איבער די שיסלען געבליבן הענגען, אַזוי זענען זיי אַלע דערשטוינט געוואָרן, און ער האָט, פירנדיק מיט די הוצפהדיקע שליפּיעס איבער אַלע, נאָך צוגעגעבן:

— צ'ווייסט דאָך, ווי מ'שאַנעוועט זי נישט. ס'איז נישט מיין עסק צו איר, כאָטש זי איז מיינס אַ קרובהטע פון טאַטנס צד, נאָר ווען עס טרעפט אַזוי אויף מיר, וואָלט איך די פּליאָטקאַרזשעס גוט די פּיסקעס פאַרשטאָפּט. זיי וואָלטן געהאַט צו געדענקען! און ווייבער זענען איינע אויף דער אַנדערער נאָך ערגער: זאָל זיין די ריינסטע, מעגן ייי זי נישט אַדורכלאָזן און נישט בלאָטע באַוואַרפן.

— אוודאי איז אַזוי, אוודאי! — האָבן זיי צוגעבאַסעוועט, איינשלאָגנדיק די אויגן אין דער שיסל.

— צ'זענט שוין געווען בא באַריגען ? — האָט ער אומרויק אָנגעהויבן.

— ס'טייטש כ'פאַרגעם מיך און כ'פאַרגעם מיך, און וואָס אַ טאָג האָב איך עפּעס אַ שטערונג.

— ער ליידט פאַר אַלע, און קיינער געדענקט נישט אָן אים.

— דו האָסט אַריינגעכאַפּט אַ בליק צו אים? האַ?

— ס'דען, כ'וועל אַליין גיין, וועט מען זאָגן, אַז צו יאָגנען ציט עס מיך.

— טה! ער היט זיך, ווי אַ שיקסע נאָך אַ צופאַל מיט איר — האָט אַ מרוקע געטון די אַלטע אַגאַטע, וועלכע איז געזעסן הינטערן פּלויט מיט אַ שיסעלע אויף די קניען.

— וואָרן ס'איז מיר שוין דערעסן געוואָרן דאָס בילן.

— אפילו אַ וואָלף ווערט אויך רויקער, ווען די ציין קרישלען זיך אים — האָט קלאַנב געלאַכט.

— אָדער ווען ער קוקט זיך אום וועגן אַ געלעגער — האָט מאַטעוש אונטערגעזאָגט.

— האָ, האָ, דאַרף מען נאַר, הייסט עס, אויסקוקן די מינוט, ווען דו וועסט צו וועלכער מיט בראָנפן שיקן! — האָט קלאַנבס און זיך געוויצלט.

— טאַקע, כ'טראַכט שוין כסדר אַריין, צו וועלכער מען טרינקט דאָ.

— גיכער קלויב אויס, און בעט מיך פאַר אַ דרוכנע, מאַטעוש! — האָט קאַשיאַ, די עלטסטע, אַ פּישטשע געטון.

— וואָס זאָל מען טון, אַז ס'איז נישט פון די לייכטע זאַכן: אַלע זענען אַלציינס געקליבענע און איינס אין איינס די בעסטע. מאַגדושיאַ איז די רייכסטע, אָבער שוין אָן ציין און עס ריינט איר פון די שליפיעס; אולישיאַ, איז פונקט ווי אַ בלום, נאָר זי האָט איין זייט אַ העכערע און אַ פעסל קרויט אין נדן; פראַנקאַ האָט אַ קליינס; מאַרישיאַ האָט אַ צו ברייטע האַנט פאַר די מאַראָבקעס; יעווקאַ, כאָטשיק זי האָט גאַנצע הונדערט גילדן

בלויז קופּערגעלט, איז אָבער אַ פּוילאַס, ליגט זיך אויס כּסדר־
אונטערן איבערבעט. און אַלע וואָלטן פּעט געגעסן, זיס געטרונ־
קען און גאָרנישט געאַרבעט. ריין גאָלד זענען אַזעלכע שיקסעס!
און אַנדערע ווידער נאָך האָבן צו סורצע איבערבעטן פּאַר מיינעס־
ווען.

זיי האָבן אַ שיט אַרויס געטון מיט אַ געלעכטער, אַז די
טויבן זענען אַוש פון דאַך אונטערגעפלויגן.

— כ'זאָג דעם רייבעם אמת. כ'האָב שוין צוגעמאָסטן נישט
באַ איינער, קוים וואָס ביז די האַלבע ליטקעס סטייען זיי מיר,
ווי אַזוי־זשע וואָלט איך ווינטער איבערגעשלאָפן? אַכיבע אין די
שטיוול, וואָס?...

די קלאָנבאָווע האָט אים אָנגעזידלט, פאַרוואָס ער רעדט גע־
מיינע רייד פאַר שיקסעס.

— כ'מאַך מיר נאָר אַ געלעכטער. מ'זאָגט דאָך, אַז אַן אָרנט־
לעך געלעכטער שאַדט נישט אַפילו אונטערן איבערבעט אויך.

אָבער די שיקסעס האָבן זיך פונאַנדערגעבלאָזן ווי די אינ־
דיטשקעס.

— זעטס נאָר, ווי אַן איבערקלויבער ער איז!... ער וועט זיך
דאָ חוזק מאַכן פון אַלע! אַז ס'איז דיר ווייניק אין ליפּצע, איז ביי
זוך דיר אין אַנדערע דערפער! — האָבן זיי געבאַבלט.

— ס'איז דאָ גענוג אין ליפּצע, סאיז דאָ: ס'איז נאָך גרינ־
גער אַ צייטיקע כלה, ווי אַ גאַנצן גילדן צו קריגן. פאַר אַ דרייער
קויפסטו זיי אָפּ שוין מיטן שדכנות געלט. ס'זאָלן זיך נאָר מאַכן
סוחרים! ס'איז אַזוי פיל דאָ דידאָזיקע סחורה, אַז דאָס דאַרף
טרייסלט זיך אַוש פון זייער געגאָדעריי, אַלע זענען גרייט אונטערן
קניפּעק, אַז וואָס אַ שבת פּוצט מען זיך שוין אויף ריין אין יעדער
כאַלופּע פון פאַרטאָג אָן, די צעפּ פלעכטן זיי איין אין סטענגעס
און די קאָקעסקעס יאָגט מען אַרום איבער די סעדער, כדי זיי
דעם ייִד אַוועקצוטראָגן אויף בראָנפן, און פון סאַמע פרימאָרגן אָן
קוקט מען נאָר פון די ווינקלען אַפער, צי ס'גייען נישט פון ער־
געץ קיין שדכנים. כ'האָב געזען, ווי אַ טייל האָבן פון די דעכער
מיט די פאַטשיילעס געפאָכעט, שרייענדיק: „צו מיר, מאַטעוש, צו

מיר!״ די מוטערס ווידער האָבן אונטערגעהאַלטן: „צו קאַשיען פריצער, מאַטעוש, צו קאַשיען! כ׳וועל אַ קעזל מיט אַ מענדל אייער צום נדן צולייגן! צו קאַשיען!״

ר׳האָט זיך וויציק פונאַנדערצײלט, אַז די שקצים האָבן זיך אַזש געקאַטשעט פון געלעכטער, נאָר די קלאָנביאַנקעס האָבן אויפגעהויבן אַ געוואַלט אויף אים, אַז דער אַלטער האָט אַזש אַ געשריי געטון:

— שטילערטס! זיי קראַקען ווי די סראָקעס אויף אַ רעגן.

זיי האָבן זיך נישט אויף אַמאָל באַרויִקט, איז כּדי איבער צורייסן דידאָזיקע וויצן, האָט ער אַ פרעג געטון:

— ביסט געווען, מאַטעוש, באַם וואָיטס מלחמה?

— ניין. מ׳האָט מיר געזאָגט, אַז די קאָזלעס האָבן נישקשהדיק אַריינגעכאַפּט.

— אַז בעסער קען מען שוין נישט. אַ מורא איז געווען צו קוקן, ווי זיי האָבן אויסגעזען! דער וואָיט האָט זיך דאָס פּאָזוואָליעט, נע!...

— דאָס גראָמאַדע-ברויט צעטראָגט אים אַזוי, איז בריקעוועט ער.

— די הויפּטזאַך איז, אַז ער האָט פאַר קיינעם קיין מורא נישט. ווער וועט זיך אים דאָס אַקעגנשטעלן? אַן אַנדערער וואָלט פאַר אַזאַ מעשה טייער באַצאָלט, אָבער אים וועט קיין האָר פון קאָפּ נישט געמינערט ווערן. מיט אַלע באַאַמטע קען ער זיך, איז ער אין פּאָוויאַט אַלץ בכּוח צו טון, וואָס אים פאַרגלוסט זיך נאָר...

— וואָרן צ׳זענט אַ חברה שעפּסן, אַז צ׳לאָזט ענק פון אַזוינעם אַרומפירן! ער פאַראַכטעט ענק און האַלט זיך גרויס איבער אַלע, און זיי איז טאַקע אַ וווּנדער, וואָס זיי קושן אים נישט אין די פּיס אַריין!

— מ׳האָט אים אַליין אויסגעקליבן, איז מוז מען אים שאַ- געווען.

— ווער ס'האָט אים אַרויפגעזעצט, דער קען אים אויך אַראָפּ־זעצן.

— נאָר שריי נישט אַזוי, מאַטעוש: ס'וועט זיך נאָך צע־טראָגן.

— אַז מ'וועט אים דערטראָגן, איז וועט ער וויסן. זאָל ער מיך נאָר פּאַרטשעפּען!

— מאַטשעי איז קראַנק, איז ווער וועט זיך מיט אים אַן עצה געבן? קיינער דערוועגט זיך נישט צו גיין אויף דעם ערשטן אין דאָרף, וואָרן יעדער קומט קוים אויס מיט זיינע צרות — האָט דער אַלטער אַ שעפּטשע געטון, אויפהייבנדיק זיך פון דער באַנק.

די איבעריקע האָבן זיך אויך גלייכצייטיק אויפגעהויבן. ווער ס'האָט זיך נאָכן עסן אַנידערגעלייגט אָפּרוען, ווער ס'איז אויפן וועג אַרויסגעגאַנגען די ביינער זיך אויסציִען און דעם פּאַסעק באַקלאָגן, און ווער, למשל די שיקסעס, זענען צום סטאַוו אוועקגעגאַנגען די טעפּ וואַשן און אָפּקילן זיך און איינטעבהן. מאַטעיש האָט זיך באַלד געגומען אַרומצוטשעשען סלופּעקלעך צו דער כאַלופּע אונטערשפּאַרן, קלאַנב ווידער האָט פאַרייכערט די ליולקע און אויף דער שוועל זיך אַנידערגעזעצט.

— ווער ס'האָט נאָר אַנדערע אין זינען, דער ווערט פון צרות אויסגעריבען! — האָט ער אַ מרוקע געטון, פּיפּקענדיק גע־שמאַק.

די זון איז געהאַנגען איבער דער סאָמער כאַלופּע, דער באַכמיטאָג האָט זיך געמאַכט אַ הייסער, אַ וואַרעמקייט האָט פון די פעלדער געווייעט. די סעדער זענען געשטאַנען אין שטיל־שווייגן, צווישן די ביימלעך האָט געשימערט פון דער זון, דאָס אַפּבליעכץ האָט זיך איבערן גראָז אויסגעשפּרייט, די בינען האָבן געזומט אויף די עפּלביימער, דער סטאַוו האָט אַדורכגעגלאַנצט צווישן די צווייגן, אַפילו די פייגל זענען אַנטשוויגן געוואָרן. אַ נאָכמיטאָגדיקע, זיסע שלעפעריקייט האָט זיך איבער דער וועלט אויסגעשפּרייט

אַז קלאָגט האָט זיך, כּדי נישט אַנדערימלט צו ווערן, אַוועקגעשלעפּט זיך צום גרוב מיט קאַרטאָפליעס.

דערנאָך ווידער האָט ער עפּעס שטאַרק געפּיפּקעט דאָס אויסגעלאָשענע ליולקעלע און אַלע מאָל אויסגעשפּיגן, אָפּוואַרפנדיק מיטן קאָפּ די האָר, וואָס זענען אים אויפן פּנים אַראָפּגעפאַלן.

— האָסט באַקוקט, האַ? — האָט דאָס ווייב, אַרויסבייגנדיק זיך פון פעדערהויז, אַ פרעג געטון.

— יאָ... מ׳זאָל אַזוי איין מאָל אין טאָג קאָכן, וואָלט געקלעקט קאַרטאָפליעס ביז די ביינע!

— אוודאי, איין מאָל אין טאָג! די זענען יונג און געזונט, איז דאַרפן זיי טאַקע פרעסן.

— מיר וועלן נישט דערציִען. אַזאַ עולם. צען מיילער, און ביכער האָבן זיי ווי די פערטלען. מ׳מוז זיך עפּעס אַן עצה געבן.

— וועגן דער יאַלעוועקע מיינסטו, האַ? איז זאָג איך דיר פאָרויס, אַז כ׳וועל נישט לאָזן פאַרקויפן. טו דיר וואָס דו ווילסט, און דאָס בהמהלע וועל איך נישט געבן. זאָלסטו געדענקען.

ער האָט אַ קלאַפּ געטון מיט דער האַנט, ווי אָפּזאָגנדיק זיך פון אַ צושטייענדיקער בין און ווען זי איז אַוועקגעגאַנגען, האָט ער ווידער אָנגעהויבן צו פאַרייכערן דאָס ליולקעלע.

— אין דער היגטישער מאַמען אַריין אַ באַבע... אַז מ׳דאַרף, איז אפילו קיין יאַלעוועקע נישט קיין אַלטאַר!

די זון האָט געבריט גלייך אין די אויגן אַריין, דער שאָטן איז נאָך געווען קליין, איז האָט ער זיך נאָר אויסגעדרייט מיט די פּלייצעס און וואָס אַמאָל פאַמעלעכער און זעלטענער געפּיפּקעט. ער האָט נאָכגעלאָזט דעם פּאַסיק, וואָרן די קאַרטאָפליעס האָבן אים עפּעס געבאָדזשעט, די זון האָט געבאַקן, די טויבן האָבן געוואָרקעט אויפן דאַך און דאָס שטילינקע געריש פון די בלעטער האָט אַזוי צעגומען, אַז ער האָט זיך ווי אַ ייִד געמען שאָקלען איבער דער וואַנט.

— טאָמאַש! טאָמאַש!

ער האָט אויפגעעפנט די אויגן. אַגאַטאַ איז געזיצן דער־לעבן, קוקנדיק מיט שרעק.

— אַ שווערן פאַר־שניט־צייט האָט עך — האָט זי שטיל גיזאָגט. — ווען צ׳וואָלט געוואָלט, איז האָב איך אַ פּאָר גראָשן, וואָלט איך זיי ענק אַנטליען. אויפן באַגרעבעניש האָב איך עס מיר אָנגעזאַמלט, אָבער אַז צ׳זעגט אין אַזאַ נויטבאַדערפטיקייט, וועל איך ענק לייען. די יאַלעווקע איז אַ שאָד. פאַר מיר אין די אויגן איז זי פאַריאָרן אָפּגעקעלבט געוואָרן... פון מילך־גאַטונעק. אפשר וועט מיך דער פאַן יעזוס לאָזן לעבן, איז וועט עך מיר פון בייעם אָפּגעבן. צו נעמען פון אַן אייגענעם בשעת אַ נויט איז נישט קיין בושה אפילו פאַר קיין באַלעבאָס, נעמטס — זי האָט אים אַרייננגערוקט אין דער האַנט אַריין מיט בלויז גילדנס, עפּעס באַ אַ דריי רובל.

— באַהאַלטס עס ענק! כ׳וועל מיר ווי ס׳איז אַן עצה געבן.

— נעמטס, סטייטש כ׳וועל ענק נאָר אַ האַלבן רובל צולייגן, נעמטס — האָט זי שטילישקע געבעטן.

— זאָל ענק גאָט באַצאָלן דערפאַר. טה, וואָס פאַר אַן אָרנטלעכע עך זענט!

— איז נעמטס שוין גאַנצע דרייסיק גילדן, אויף אַ גלייכן חשבון — האָט זי אַרויסגעקראַצט פון קניפּל, צוגעבנדיק צו צע־נערלעך — נעמטס — האָט זי געסקאָמליעט, די טרערן איינ־האַלטנדיק: דאָס האַרץ האָט איר געשניטן, גלייך ווי זי וואָלט זיך יעדעס גראָשנדל פון די געדערים אַרויסגעטרענט.

דאָס געלט האָט עפּעס אויסטערליש רייצנדיק געגלאַנצט אויף דער זון. ער האָט צוגעמרוזשעט די אויגן פון גלוסטיקייט גראַבלענדיק דערין; זיי זענען געווען בייע און רייגע. ער האָט שווער אָפּגעזיפצט, אַמפּערנדיק זיך מיטן שרעקלעכן חשק, אַז ער האָט זיך אַזש אָנגעדרייט און אַ שעפּטשע געטון:

— באַהאַלטס עס גוט, וואָרן מ׳וועט נאָך אונטערקוקן און מ׳קען עס נאָך ענק צוגנבענען.

זי האָט אים נאָך שטילישקע געבעטן, אָבער נאָר אַזוי,

לפנים, וואָרן אַז ער האָט זיך נישט אָנגערופן, האָט זי עס אייליק גענומען איינוויקלען און באַהאַלטן אירע אוצרות.

— פאַרוואָס זיצט עך נישט באַ אונדז? — האָט ער נאָך אַ לאַנגער ווײַלע אָנגעהויבן.

— וואָס דען, צו קיין שום אַרבעט טויג איך נישט, אפילו מיט די גענדזעלעך קען איך מיר נישט קיין עצה געבן. אומזיסט וועל איך עסן, האַ?... כ׳בין שוואַך, כ׳וואַרט שוין פון טאָג צו טאָג אויף מײַן סוף. אַודאי, אַז באַ קרובים וואָלט ליבער געווען צו שטאַרבן, ליבער... כאָטשביק אפילו אין דעם קומערל נאָך דער יאַלעווקע... ס׳דען, נאָר ווו איז פאַר ענק אַזאַ קאָפּ־פאַרדרייעניש און דאגות! גאַנצע פערציק גילדן האָב איך אויפן באַגרעבעניש... כדי ס׳זאָל שוין מיט אַ תפילה־אָפּריכטן... באַלעבאַטיש־מעסיק... האַ?... כ׳וואָלט נאָך דאָס איבערבעט צוגעלייגט... האָטס נישט קיין מורא, כ׳וועל ענק שטיליטשקע איינשלאָפן, צ׳וועט ענק אפילו נישט ריכטן... גאָר אין קורצן... — האָט זי נישט דרייסט געשטאַמלט, מיט אַ קלאַפנדיק האַרץ פון דערוואַרטונג, אַז ער וועט זי צונעמען און זאָגן: „בלײַבטס!"

אָבער ער האָט זיך נישט אָנגערופן, ווי נישט פאַרשטייענדיק דאָס סקאַמליען, ער האָט זיך נאָר אויסגעצויגן, אויסגעגענעצט זיך און גענומען זיך בגנבה רוקן לעבן דער כאַלופּע, צום שייערל, אויפן היי אַרויף...

— אַזאַ באַלעבאָס... אַודאי... ווי אַזוי וואָלט עס אויסגעזען... כ׳בין דאָך נאָר אַ בעטלערין... — זי האָט געשלוכצט אין זיך מיט אַ שטילינקן, ווייטיקלעכן קרעכץ, אויפהייבנדיק צו אים די פאַרוויינטע אויגן.

זי האָט זיך פאַמעלעכיטשקע אַוועקגעשלעפּט, הוסנדיק אָפּט, און וואָס אַ ווײַלע זיך באַם סטאַוו אַנידערגעזעצט. זי איז ווידער געגאַנגען, ווי יעדן טאָג, אויסקוקן איבערן דאָרף, ווו זי וואָלט געקענט אָפּשטאַרבן באַלעבאַטיש־מעסיק, אָן שום אָפּנאַרעכץ.

און זי האָט זיך געשלעפּט, צו זוכן ערלעכע מענטשן. זי האָט זיך געשלעפּט איבערן דאָרף, פונקט ווי אַ נישטיק שפּינ-

וועבס, וואָס פליט, נישט ווייסנדיק אַליין ווו עס וועט זיך פאַר־טשעפּען.

און דער עולם האָט אָפּגעלאַכט און גלאַט אַזוי פאַר נחת וועגן האָבן זיי דער צרימער נעבעך געעצהט, אַז זי איז מחוייב איבערצובלייבן בײַ די קרובים, די קלאַנבעס ווידער פלעגן זיי, אויך מכלומרשט פון גוטפרייַנטשאַפט, זאָגן:

— ס'איז דאָך אַ קרובהטע, געלט האָט זי איר אייגנס אויפן באַגרעבעניש און לאַנג וועט זי בײַ ענק אין שטוב קיין גאַסט נישט זיין... ווי דען זאָל זי זיך אַהינטון?

דאָס אַלץ איז דער קלאַנבאָיען געקומען אויפן געדאַנק, ווען דער מאַן האָט איר דערציילט וועגן הייַנטיקן שמועס מיט אַגאַטען, זיי האָבן זיך שוין געלייגט שלאָפן, און ווען די קינדער האָבן אָנגעהויבן צו כראַפּען, האָט זי אים שטילערהייט אָנגעהויבן צו־צורעדן:

— אַן אָרט וועט זיך שוין געפינען... אין פּעדערהייזל קען זי זיך ליגן... די געבדז וועט מען אַרונטערטרייבן אונטער דער שאָפע... מיט אַ ליאַדע וואָס וועט זי אַדורכלעבן... לאַנג וועט זי נישט אָנציען... אויפן באַגרעבעניש האָט זי... מענטשן וואָלטן נישט געגלייבט... און דאָס איבערבעט וואָלט מען נישט געדאַרפן אַוועקצוגעבן... אוודאי, וועכט עס אויפן וועג נישט גע־ווינען — האָט זי הייס געגעבן צו פאַרשטיין.

אָבער קלאָנב האָט נאָר אַלס ענטפער זיך צעכראַפּעט. און ערשט צומאָרגנס אינדערפרי האָט ער געזאָגט:

— ווען יאַגאַטע זאָל אײַנגאַנצן זיין אָן אַ גראָשן געלט וואָלט איך זי צוגענומען, פאַרפאַלן, ס'איז גאָטס ווילן, אָבער אַזוי, איז וועט מען זאָגן, אַז איבער די פאָר גילדן ווייזן מיר, איר אַרויס אַזאַ גוטסקייט. מ'פּיסקעוועט שוין אַזוי אויך, אַז פאַר אונדזערטוועגן איז זי געגאַנגען אויפן בעטל... מטאָר נישט.

די קלאַנבאָווע, ווייל זי האָט זיך אין אַלעם בעהאָרכט דעם מאַן, האָט נאָר שמערצלעך אָפּגעזיפצט צוליב דעם איבערבעט

און זי איז אַוועקגעגאַנגען צוזאָגן די שיקסעס, זיי זאָלן זיך צואײַלן.

קרויט האָט מען געדאַרפֿן הײַנט זעצן.

דער טאָג האָט זיך געהאַט געשטעלט אַזעלכער, ווי געכטן, אַ העללעכער, אַ זוניקער און אַן אמתער מאַי־טאָג. אַ שטייענדיקער חיבט איז נאָר אָנגעקומען און אויף די פעלדער אַרומגעווילדעוועט, אַז די תבואות האָבן געפּאַטשט איבער די בייטן, ווי די צעוויגטע וואַסערן. די סעדער האָבן זיך געוואַקלט מיט אַ גערויש, געדיכט אָפּשאָקלענדיק זיך פֿון דעם בלישטש, און די פולע, שווערע פּענקעס בעז און טשערעמכעס האָבן זיך צעווייעט מיט אַ ריח. די לופט איז געווען אַ פרישע, אַדורכגענומען מיט ערד און מיט בלומען. פֿון די פּאַשעס אונטער די וועלדער האָבן זיך געזאַנגען מיטן ווינט דערטראָגן. אין דער קוזשניע האָבן געקלונגען די האַמערס. פֿון סאַמע אינדערפֿרי אָן איז אויף די וועגן שוין פֿול געווען מיט מענטשן און געשפּרעכן. די פּויערטעס האָבן זיך אויף די קרויטפעלדער געצויגן, טראָגנדיק אין זיפּן און אין קוישן די פלאַנצן, און דערציילנדיק אויפן קול וועגן נעכטיקן יאַריד און וועגן דעם וואָיטס מעשה.

אַז ס'האָט נישט לאַנג געדויערט, נאָך איידער דער טוי האָט זיך אָפּגעטרוקנט, האָט זיך אויף די שוואַרצע קרויטפעלדער, וואָס זענען נאָר געווען דורכגעשניטן מיט ברוזדעס, אָנגעפולט מיט וואַסער און געגלאַנצט אויף דער זון, אָנגעהויבן ווימלען פֿון רויטקייט.

די קלאָגבאָווע מיט די טעכטער האָבן אויך דאָרט אַהינגעצויגן, קלאָגב ווידער מיט מאַטעאושן און מיט די שקצים האָבן זיך גענומען אונטערשפּאַרן די כאַלופּע.

אָבער קוים האָט די זון אָנגעהויבן צו באַקן, האָט דער אַלטער איבערגעלאָזט די אַרבעט אויף די זין און, אַרויסרופנדיק באַלצערעקן, זענען זיי אַוועקגעגאַנגען באַזוכן בערינגען.

— אַ שיינע צײַט, קומיע — האָט קלאָגב אויסגערופן, צונעמענדיק דעם שמעק טאַבאַק.

— פֿיין. ס'זאָל נאָר צו לאַנג אַזוי נישט באַקן.

— אין די זייטן טראָגט זיך דורך רעגנס, איז מסתמא וועלן זיי אונדז אויך נישט אויסמיידן.

— עס ווימלט אַזש פון ווערם אויף די ביימער, דאָס האָט זיך אויף אַ טרוקענ·יש.

— און דאָס גרינוואַרג איז פאַרשפּעטיקט, וואָלט עס געקענט נאָך פאַרברענט ווערן. אפשר וועט דער פאָן יעזוס נישט דערלאָזן... וואָס האָט עך געמאַכט דאָרט אויפן יאַריד? צ׳זענט עפּעס געוווּיר געוואָרן וועגן פערד?

— אי... כ׳האָב דעם עלטסטן געגעבן דריי רובל, האָט ער מיר צוגעזאָגט.

— אַז ס׳איז גאָרנישטאָ קיין שום זיכערקייט!... דער מענטש לעבט דיר כסדר אין אַ מורא, פּונקט ווי דער האָז, און קיינער קען נישט העלפן.

— און דער וואָיט איז ווי אַן אָפּגעמאַלעוועטער — האָט באַלצערעק פאַרזיכטיק אַ שעפּטשע געטון.

— מ׳וועט דאַרפן אַ קלער טון וועגן אַ נייעם — האָט קלאָנב צוגעוואָרפן.

באַלצערעק האָט אויף אים אַ קוק געטון, אָבער דער אַלטער האָט היציק צוגעגעבן:

— ס׳איז שוין אַ חרפּה און אַ בושה צוליב אים פאַרן דאָרף. צ׳האָט געהערט וועגן דעם נעכטיקן?

— אי... אַ געשלעג קען זיך יעדן אייניציקן טרעפן, ס׳איז אַ געוויינטלעכע זאַך... איך מיאַרקיר מיר עפּעס אַנדערש — מיר זאָלן נישט אַמאָל פאַרן רעגירן זיינעם צוצאָלן.

— אַליין האָט ער דאָך נישט צו באַפעלן: ס׳טייטש אי דער קאַסירער היט, אי דער שרייבער, אי דער אַמט...

— די הינט היטן דאָס פלייש! זיי היטן, און צום סוף דו פויער, צאָל צו, ווייל זיי האָבן נישט דערהיטן.

— ס׳איז דען אַנדערש! צ׳ווייסט דען עפּעס נייעס?

באַלצערעק האָט נאָר אויסגעשפּיגן און מיט דער האַנט אַ מאַך געגעבן; ר׳האָט נישט געוואָלט רעדן, ר׳איז געווען אַ פוילנ־

אַ מרזק און די באָבע האָט אים נאָך פאַרגלושעט, האָט ער זיך נאָך מער די צונג געהיטן.

זיי זענען אַקוראַט צוגעקומען צו די באַרינעס.

יוזקאַ האָט געשיילט קאַרטאָפליעס אויפן גאַניק.

— גייטס אַריין, דער טאַטע ליגט אַליין. האַנושקאַ איז אויפן קרויט-פעלד, און יאַגנאַ אַרבעט בײַ דער מוטער.

אין דער שטוב איז געווען ליידיק, דורכן אָפענעם פענסטער האָבן אַרייַנגעקוקט גאַנצע פענקעס בעז און די זון האָט זיך דורכן גרינס דורכגעשייגן.

דער אַלטער איז געזעסן אויפן בעט. ר'איז געווען אויסגעדאַרט, די גרויע באָרד האָט אים דאָס געלע פנים ווי מיט אַ שטעכיקע באַרשט פון חזיר-האָר אַרומגענומען, דעם קאָפּ האָט ער נאָך געהאַט אַרומגעבונדן, ר'האָט באַוועגט מיט די בלויע ליפּן.

זיי האָבן גאָט געלויבט, ר'האָט נישט אָפּגעענטפערט, נישט קיין ריר זיך געטון.

— צ'דערקענט אונדז גאָרנישט? — האָט זיך קלאָנב אָנגערופן, אָנגעמענדיק אים בײַ דער האַנט.

גלייך ער וואָלט גאָרנישט געזען, ר'האָט זיך ווי כלומרשט איינגעהאָרכט אין דעם טשירישערן פון די שוואַלבן, וואָס האָבן געקלעבט אַ נעסט אונטערן דאַך, אָדער צו דעם גערויש פון די צוויגן, וואָס האָבן זיך געריבן אָן דער וואַנט און אין פענסטער פון צײַט צו צײַט אַרייַנגעבליקט.

— מאַטשעי! — האָט ווידער קלאָנב אויסגערופן, אַ טרייסלענדיק אים אַ קאָפּ.

דער קראַנקער האָט אַ ציטער געגעבן, די אויגן האָבן זיך אים אַ טרייסל געטון, ר'האָט זיך אומגעקוקט צו זיי.

— עץ הערט? טאַטש איך בין דאָך קלאָנב, און דאָס איז באַלצערעק, ענקער קום; צ'דערקענט, האַ?

זיי האָבן געוואַרט, קוקנדיק אים אין די אויגן אַריין.

— אַליין בין איך דאָ, פויערן! צו מיר! קיילטס די

הינטישע זרעס! קיילטס! — האָט ער פּלוצלינג אַ געשריי גע־געבן מיט אַן אומגעהייערער שטימע, ר׳האָט אויפגעהויבן די הענט, ווי ער וואָלט זיך געוואָלט פאַרטיידיקן און אַ מאָל צוריק געטון אויף אַ הינטער.

יוזקאַ איז אַ מאָל אַריין געגעבן אויף דעם געשריי און זי האָט אים אָנגעהויבן דעם קאָפּ מיט נאַסע טיכער אַרומצולייגן, אָבער ער איז שוין געלעגן שטיל, און אין די ברייט געעפנטע אויגן האָט געגלאַנצט עפּעס אַ שטערבלעכער פּחד.

זיי זענען באַלד נאָכדעם אַרויסגעגאַנגען, באַטריבט און פול מיט שרעק.

— אַ מת ליגט דיר דאָרטן, און נישט קיין לעבעדיקער מענטש! — האָט קלאַנב אויסגערופן, אומקוקנדיק זיך צו דער כאַלופּע.

יוזקאַ האָט ווידער געשיילט קאַרטאָפליעס אויפן גאַניק, די קינדער האָבן זיך געשפּילט הינטער דער וואַנט, און אין סאָד האָט אַרומגעשפּאַצירט וויטעק באַטשאַן, דער ווינט האָט מיט די צווייגן דאָס אָפענע פענסטער פאַרשטעלט.

זיי זענען אַ לאַנגע ווײַלע געגאַנגען אין שטילשווייגן פון שרעק, גלייך זיי וואָלטן פון אַ קבר אַרויסגעגאַנגען.

— יעדערנס סוף איז אַזעלכער, יעדערנס — האָט קלאַנב מיט טרערן אַ שעפּטשע געטון.

— יאָ, יעדערנס.. גאָטס ווילן... וואָס זאָל מען טון, וועסט גאָרנישט העלפן... ס׳ידען, ר׳וואָלט נאָך געקענט לעבן אַ שטיק צייט, ווען נישט דער וואַלד...

— זיכער. ער איז אומגעקומען, און אַנדערע וועלן געניסן — האָט ער אָפּגעזיפצט.

— איין מאָל שטאַרבט מען... ר׳האָט זיך ווייניק דערן אָנגעהאָרעוועט?

— און אונדז וועט אפשר אויך שוין נישט לאַנג אויסקומען אים נאָכצוגיין.

זיי האָבן ערנסט געקוקט אויף דער וועלט, אויף די צע־וויגטע פעלדער, אויף די וועלדער, וואָס מ׳האָט זיי ווי אויף דער

האַנט אַרויסגעזען, אויף די גרינענדיקע פעלדער, אויף דעם לוי־
טערן, וואַרעמען און פרילינגדיקן טאָג. און די הערצער זענען זיי
פאַרשטיינערט געוואָרן פון רעזיגנאַציע און אין איבערגעבן זיך
אויף גאָטס באַראָט.

— דער מענטש וועט שוין נישט איבעראַנדערשן דאָס, וואָס
ס'איז אים אָנגעצייכנט, ניין...

און מיט דעם זענען זיי זיך פונאַנדערגעגאַנגען.

אַנדערע האָבן אויף דעמזעלבן טאָג און אין די קומענדיקע
טעג אָנגעהויבן צו באַזוכן דעם קראַנקן, נאָר ער האָט ווידער קיי־
נעמען דעסגלייכן נישט דערקענט, ביז ענדלעך מען האָט אויפגע־
הערט צו קומען.

— ער דאַרף נאָר האָבן מען זאָל תפילה טון, ער זאָל וואָס
גיכער שטאַרבן — האָט דער גלח געזאָגט.

און ווייל יעדער האָט געהאַט גענוג זיינע צרות און דאגות,
איז אפילו קיין וווּנדער נישט, וואָס מ'האָט אָן אים גיך פאַרגעסן,
אויב ס'האָט זיך שוין יאָ געטראָפן, אַז עמעצער האָט זיך אָן אים
דערמאַנט, איז ווי אָן אַ טויטן.

וואָס אָן אמת, איז דער אָרימער נעבעך געלעגן אין אַזאַ
פאַרלאָזנקייט, פונקט אַזוי ווי אייבער, וואָס מ'האָט אים שוין אין
קבר אַריינגעלייגט און עס וואַקסט שוין גראָז אויף אים.

ווען איז ער געלעגן אין זיבען?

ס'האָט זיך געטראָפן טיילמאָל, אַז ער איז גאַנצע טעג אָן
אַ טראָפּן וואַסער געלעגן, ער וואָלט אפשר פשוט פון הונגער גע־
ווען געשטאָרבן, ווען נישט וויטעקס גוט האַרץ; ער האָט
אָפּגעריסן וואָס עס האָט זיך נאָר געלאָזט און דעם באַלעבאָס צו־
געטראָגן, אפילו די קי האָט ער געהיים אָפּגעמעלקט און מיט
מילך אים געפּאָיעט. וואָרן דער קראַנקער האָט אים אַדורכגענומען
מיט אַ באַטריבטער זאָרג, אַזש איינמאָל האָט ער זיך געוואַגט אַ
פרעג צו טון:

— פיעטרעק, ס'איז אמת דאָס, אַז ווער עס שטאַרבט אָן
ווידוי, גייט גלייך אין גיהנום אַריין?

— אמת, סטייטש דער גלח זאָגט דאָך דאָס אַלע מאָל אין קלויסטער.

— איז וואָלט דער באַלעבאָס, הייסט עס, אויך געגאַנגען אין גיהנום אַריין? — האָט ער זיך מיט שרעק איבערגעצלמט...

— ר'איז אַזאַ מענטש גלייך ווי אַלע אַנדערע!

— אוודאי! דער באַלעבאָס איז אַזאַ מענטש, ווי אַלע אַנדערע! אוודאי!

— ביסט אַ נאַר, ווי אַ גלאָמב פון אַ הייפּטל קרויט — האָט זיך פּיעטרעק אָנגעצונדן, געבנדיק אים לאַנג צו פאַרשטיין, אָבער וויטעק האָט נישט געגלייבט; ער האָט זיך געהאַלטן בא זיינס און נישט געגלייבט אין עפּעס אַנדערש.

אָט אַזוי זענען פאַרביי די טעג אין באָרינעס כאַלופּע...

אין דאָרף ווידער האָט זיך געקאָכט ווי אין אַ קעסל.

דאָס האָט דעם וואָיטס געשלעג אָנגעמאַכט, וואָרן ביידע צדדים האָבן געזוכט עדות, אַריבערציִענדיק דעם עולם אויף זייער זייט.

כאָטשיק דאָס איז דאָך נאָר געווען אַן עסק מיט די קאָזעס, אָבער דער וואָיט איז נישט פאַרשלאָפן און פעסט זיך געפּאָרעט. ער האָט באַלד אויפן אָרט גענומען די אויבערהאַנט, וואָרן מער ווי אַ האַלב דאָרף האָט זיך אַרויסגעזאָגט אויף זיין זייט. מ'האָט אים אפילו געקענט פאַר אַ ביין שילינגער, אָבער ר'איז דאָך געווען וואָיט, ר'האָט זיך געקענט נישט מיט איין זאַך אַן עצה טון, ער האָט אָבער אויך גוט געקענט מיט שמאַלץ אונטער דער הויט פאַרגיסן, האָט ער מיט אָנרעדן, מיט תּפיסה און מיט אַ ביסל בראָנפן געשאַפן זיך עדות, אַזעלכע ווי ער האָט געדאַרפן.

קאָזשיאָל איז געלעגן שווער קראַנק און מ'האָט דעם גלח מיט פאַן יעזוסן אַראָפּגעבראַכט צו אים. מ'האָט דערציילט פאַרשידנס וועגן דערדאָזיקער קרענק, מ'האָט געמורמלט בסוד, אַז ער מאַכט זיך נאָר אַזוי, כּדי דער וואָיט זאָל האָבן אַ גרעסערן סוף אויפן סאָנד. אָבער גאָט ווייסט, ווי אַזוי דאָרט איז געווען. מ'האָט

נאָר געוווּסט גאַנץ גוט, אַז די קאָזלאָווע אַליין איז גאַנצע טעג אַרומגעלאָפן צווישן מענטשן, זידלענדיק און יאָמערנדיק. זי האָט דערציילט, אַז זי האָט שוין פאַרקויפט דאָס חזיר מיט די חזירים־לעך אויף צו היילן דעם מאַן און כמעט אַלע טאָג איז זי בכיוון אַרויסגעלאָפן פאַרן וואָיטס כאַלופּע, געוואַלטעווענדיק מיט הימל־שרייענדע קולות, אַז כלומרשט באַרטעק שטאַרבט שוין אָפּ, אַרויס־רופנדיק גאָט און ערלעכע מענטשן, אַז זיי זאָלן עדות זאָגן און העלפן.

דאָס אָרימוואַרג און די מער זאָרגנדיקע ווייבער האָבן זיך געשטעלט אויף זייער זייט, און אפילו אויך אייבער פון די קלע־נערע באַלעבאַטים, קאָבוס, וואָס דאָס איז געווען אַ מענטש, אַן אומרויִקער און ליב געהאַט זיך אַרומצוקריגן. אָבער די איבעריקע האָבן נישט געוואָלט אפילו הערן, אָפּלייקענענדיק אין די אויגן אַריין, אַז זיי האָבן כלומרשט גאָר עטוואָס געזען; נישט איינער ווידער האָט נאָך געעצהט, אַז זיי זאָלן זיך נישט איינרייסן מיטן וואָיט. זיי וועלן גאָרנישט אויפטון.

זענען פאַרשידענע געשיכטעס דערפון אַרויסגעקומען, וואָרן קאָבוס האָט געהאַט אַ לאַנגע צונג, באַלד זיך מיט דער פויסט געוואָרפן, און די באַבעס זענען אויך נישט געווען איבערקלויביק אין ווערטער.

זענען דעריבער נאָר אַרויסגעקומען דערפון געוואַלטן און ברוגזן. וואָרן וואָס? האָבן זיי זיך דען געקענט אַן עצה געבן קעגן באַלעבאַטים און קעגן וואָיט?

אַפילו דער ייִד האָט שוין פון זיי ס׳געלעכטער געמאַכט און נישט געוואָלט זיי געבן אויף באָרג.

און ס׳איז נישט אַדורך אַפילו קיין וואָך, האָבן אַלע שוין געהאַט געגנוג פון דער גאַנצער מעשה און די ילדהדיקע נאַבלע־רייען, אַז מ׳האָט זיך שוין אויפגעהערט צו צוהערן.

ביז ס׳איז זיי אַ נייע הילף אונטערגעקומען און אין דאָרף האָט זיך ווידער אויפגעקאָכט.

אָט האָט זיך פלאַשקאַ אָפּגערעדט מיטן מילנער און צונויפ־מען זיך אָפּן געשטעלט אויף די קאָזלאָס זייט...

פאַרשטייט זיך, אַז זיי זענען זיי אַזוי פיל אָנגעגאַנגען, פונקט ווי דער פאַריאָריקער שניי — זיי האָבן געהאַט זייערע מחשבות דערין און פאַר זיך לטובה עפּעס געלאַדעוועט.

פלאַשקאַ איז געווען אַ פויער זייער אַן אַמביציעזער, אַ באַהאַלטענער און זיך פאַרלאָזט אויף זיין שכל און רייכקייט, מילא דער מילנער ווידער, ווייסט מען דאָך, אַז פאַר אַ גראָשן וואָלט ער זיך געלאָזט אויפהענגען. אַ קניקער און אַ הויטשינדער.

איז טאַקע אינגיכן אויסגעבראָכן צווישן די צדדים אַ שטילע און אַ פאַרביסענע מלחמה, וואָרן פאַר מענטשן אין די אויגן האָבן זיי אַרויסגעוויזן גוטפריינטשאַפט, זיי האָבן זיך באַגריסט פונקט ווי פריער און אַפילו נישט איינמאָל זיך אין קרעטשמע אַריין אונטער די הענט געפירט.

די מער קלוגערע האָבן זיך באַלד געכאַפּט, אַז דידאָזיקע שותפים גייט נישט אין קיין גערעכטיקייט, נאָר אין עפּעס אַנדערש, אפשר גאָר אין וואָיטשאַפט.

— ס'האָט איינער הנאה געהאַט, זאָלן אַנדערע אויך הנאה האָבן! — האָבן די עלטערע געזאָגט, שאָקלענדיק מיט די קעפּ.

און אַזוי איז זיך די צייט דורכגעגאַנגען, אַז אין דאָרף איז וואָס אַמאָל אַ גרעסערער מישמאַש געווען.

ביז עפּעס אין אַ געוויסן טאָג האָט זיך איבער די כאַלופּעס אַ צעטראָג געגעבן:

— דייטשן האָבן זיך אָפּגעשטעלט אין דער קרעטשמע.

— קיין פאָדלאַשיע ציִען זיי אוודאי — האָט עמעצער געפּרוווט טרעפן.

— לאָזן זיי זיך פאָרן געזונטערהייט!... וואָס פאַר אַ בעשעפּטס האָט עך מיט זיי? — האָט אַן אַנדערער זיך אָנגערופן.

אָבער עפּעס אַן אומרויִקע, שרעקנדיקע נייגעריקייט האָט די מענטשן באַהערשט. דורך די סדער האָט מען זיך דידאָזיקע ידיעה איבערגעגעבן, פאַר די הייף האָט מען זיך אַרויסגעשטעלט

שמועס, וועגן דעם, און אַנדערע ווידער האָבן זיך שוין אין דער קרעטשמע אַריין אַוועקגעלאָזט עפּעס געוויר צו ווערן.

ס'האָט זיך אַרויסגעוויזן, אַז ס'איז אמת, פינף בריקעס זענען געשטאַנען באַם אײַנפאָר, און אַלע מיט אײַזערנע אַקסן, אויף געל מיט בלוי געמאַליעוועט, מיט לײַוונטענע ביידלעך איבערגעדעקט, פון אונטער וועלכע עס האָבן אַרויסגעקוקט ווײַבער און פאַרשידענע באַלעבאַטישע כלים, אין דער קרעטשמע ווידער, פאַרן שענקפאַס, האָבן באַ אַ צען דײַטשן געטרונקען.

און פעסט זענען זיי געווען די יונגעס, צעוואַקסענע און מיט בערד, אין גראַנאַטענע קאַפּאָטעס אָנגעטאָן, מיט זילבערנע קייטלעך אויף די אויסגעפּאַשעטע בײַכער, און פּיסקעס, אַז זיי האָבן זיך אַזש זיי געלויכטן פון די גוטע עסנס. זיי האָבן עפּעס געפּלאַפּלט מיטן ייִד.

די פויערן האָבן זיך אין אַ גאַנצער קופּע אַוועקגעשטעלט דערלעבן, שרײַענדיק מען זאָל געבן בראָנפן, און זיך צוגעקוקט און אויפמערקזאַם אײַנגעהאָרכט זיך, אָבער ס'איז שווער געווען כאָטש איין וואָרט אפילו אויפצוכאַפּן. ערשט מאַטעוש, וועלכער האָט זיך געקענט מיט די ייִדן אויספּלאַפּלען, האָט צו זיי אַזאַ שפּרעך געטאָן, אַז דער קרעטשמער האָט זיך אַזש אַ פאַרווונדערטער אויסגעדרייט. די דײַטשן האָבן גאָר צווישן זיך אַ גלאָץ איבערגעטאָן מיט די שליפּיעס, און זיי האָבן נישט אָפּגעענטפערט, דערנאָך ווידער האָט זיי אויך גזשעלאַ, דעם וואָיטס ברודער, אַ זאָג אַרײַן געטאָן עפּעס אַ דײַטשיש וואָרט. זיי האָבן זיך אויסגעדרייט מיט די הינטערשטע חלקים צו די פויערן, מרוטשענדיק צווישן זיך, פּונקט ווי די חזירים באַ דער קאָריטע.

— אויספּראַסקען דאַרף מען גאָר די דאָזיקע חזירישע מאָרדעס! — האָט מאַטעוש מיט כעס אויסגערופן.

— מיט אַ שטעקן וואָלט מען זיי געדאַרפט די זײַטן אָנמאַפן, וואָלטן זיי באַלד אָנגעהויבן צו געבן לשון.

און אַדאַם קלאַנבס האָט מיט פייער אַ מורמל געטאָן:

— כ'גיב אים אַ קאָפּ אין קאַלדן אַרײַן דעם פון עק, אויב ער וועט מיך אומלייגן, קיילטס אויף צוריק.

זיי האָבן אים אָפּגעהאַלטן, וואָרן אויך די דייטשן, ווי זיי וואָלטן דערפילט די געפאַר, האָבן גענומען אַ פעסל ביער און געשווינד זיך פון קרעטשמע אַרויסגעטראָגן.

— דע פּלוידערזעק, נישט אַזוי געאײַלט זיך, צ'וועט די הויזן פאַרלירן!

— חזירישע קרובים! — האָבן זיי די שקצים נאָכגעשריגן.

אָבער באַלד נאָך זייער אַוועקפאָרן, האָט דער ייִד אויסגעגעבן פאַר די פּאַראָבקעס, אַז די דייטשן זאָלן שוין האָבן כמעט געקויפט פּאָדלעשיע, אַז זיי זענען שוין געפאָרן אויסמעסטן די קאָלאָניע, אַז גאַנצע פופצן פאַמיליעס וועלן זיך אויפן פאָלוואַרק באַזעצן.

— מיר שטיקן זיך אויף די בײַטן, און די דייטשן וועלן זיך אויף וואָלוקעס פונאַנדערלייגן.

— איז קויף זיי אויס און לאָז נישט! גיב דיך אַ ריר מיטן שכל, אַז דו האַלטסט דיך פאַר אַ חכם!... — האָט סטאַכאָ פלאָשקאָ אויף גזשעלען אָנגעשריגן.

— אין דער הינטישער יוכע אַרײַן מיט אַזאַ עסק! — האָט מאַטעוש אַ שעלט געטון, קלאַפּנדיק מיט דער פויסט אין שענקפּאָס. — אַז זיי וועלן זיך באַזעצן אין פּאָדלעשיע, איז וועט שווער זײַן אין ליפּצע אויסצוהאַלטן — האָט ער פאַרזיכערט, וואָרן ער איז שוין געווען אויף דער וועלט און די דייטשן גוט געקענט.

מ'האָט אים באַלד אויף אַמאָל נישט געגלייבט, אָבער טראָץ דעם, האָט זיך דאָס גאַנצע דאָרף פאַרדאַגהט; מ'האָט אָנגעהויבן אַרײַנצוטראַכטן און איבערצוקלערן: וואָס פאַר אַ שלעכטס וואָלט געקענט, למשל, פון אַזאַ שכנותשאַפט פאַר ליפּצע אַרויסקומען?

און דאָ האָבן יעדן טאָג די פּאַסטוכעס און דורכגייער דערטראָגן, אַז אין פּאָדלעשיע זאָל מען שוין דעם גרונט מעסטן, מען פירט שוין אָן שטיינער און ברוגעס קאָפּעט מען.

אָבער ווי די זאַך האַלט, איז קיין אופן נישט געווען זיך צו דערוויסן.

זיי האָבן דעם קאָוואַל צוגעשפּאַרט, וואָרן ר׳האָט זיך שוין געהאַט מיט די דייטשן פאַרשטענדיקט און די פערד זיי אָפּגע־קאָוועט, אָבער ער האָט זיך אַרויסגעדרייט און נישט אַהין, נישט אַהער גאָרנישט געזאָגט.

ערשט גזשעלאַ, דעם וואַיטס ברודער, איז אַוועקגעגאַנגען אויספאָרשן די מעשה און אַרויסגעלייגט דעם אמת.

ס׳איז גאָר אַזוי געווען: דער דזשעדזשיק איז איין דייטש שולדיק געווען פופציק טויזנט רובל. אָפּצוגעבן האָט ער נישט געהאַט, און דער האָט אים געוואָלט פאַרן חוב צונעמען פּאָדלע־שיע און דאָס איבעריקע מיט באַרעס געלט צוצאָלן. דער דזשע־דזשיק איז מכּלומרשט באַשטאַנען, און באַזונדער געשיקט נאָך סוחרים, וואָרן דער דייטש האָט גאָר געגעבן צו זעכציק רובל פאַר אַ מאָרגע. דער דזשעדזשיק שלעפּט אָפּ ווי ער קען נאָר.

— אָבער באַשטיין וועט ער מוזן! אין הויף איז פול מיט ייִדן, יעדער מאָנט זיינס! דער גאַיאָווע האָט מיר געזאָגט, אַז מ׳האָט שוין די קי פאַרנומען פאַר פּאָדאַטעק. ווו־זשע וועט ער בעמען צו באַצאָלן? ס׳גאַנצע נאָך נישט אויסגעהאַקטע האָלץ איז פאַרקויפט! דעם וואַלד וועט מען דאָך אים אַצינד, כל זמן ער שטייט מיט אונדז אין אַ פּראָצעס, נישט דערלויבן צו האַקן. ער וועט זיך אַנדערש נישט קיין עצה געבן און פאַרקויפן מוז ער אפילו פאַר אַ עבוש — האָט גזשעלאַ זיך בײַ זיינס געהאַלטן.

— אַזאַ ערד, צו הונדערט רובל פאַר אַ מאָרגע איז נישט קיין סך.

— קויפטס, ר׳וועט פאַרקויפן און ער וועט נאָך עבק אַ קוש טון אין דער האַנט אַריין.

— אוודאי, ר׳איז טייער דער גראַשן, אַז ר׳איז נישטאָ!

— די דייטשן וועלן זיך געביסן און דו, פויער, שלינג דאָס שפּייַזכן!

זיי האָבן נאָך גערעדט, טרויעריק אָפּזיפצנדיק. אָן אומע־

טיקייט האָט זיי צעגומען. אוודאי, ס'איז אַ שאָד געווען אַזאַ ערד, וואָרן זי ליגט דערלעבן און איז פרוכטבאַר. יעדן אייַנציקן וואָלט צוגיין געקומען אַ פּאָר מאָרגעס, יעדן אייבציקן. ס'טייטש זיי האָבן זיך דאָך שוין קוים וואָס דערבערט פון איין שניט צום אַנדערן. אַזאַ אויסגעצייכנט שטיק ערד, פונקט ווי אָפּגעמאָסטן פאַר די זין און פאַר די איידעמעס. אַ ביי דאָרף וואָלט מען אויפגעשטעלט און זיי וואָלטן געהאַט נישקשהדיקע לאָנקעס און וואַסער דערלעבן... אָבער וואָס, ווּעסט דיר נישט קיין עצה געבן! די דייטשן וועלן זיך באַזעצן, וועלן זיך דאָ פונאַנדער-געוועלטיקן, און דו, מענטש פגר.

— ווּ וועט זיך דאָס אַלץ אַהינטון? — האָבן די עלטע-רע אָפּגעזיפצט, קוקנדיק אויפן ייִנגוואַרג, וואָס שטיפן אַלע אָוונט אַרום אויף די וועגן, און ס'האָט נישט געפעלט די סחורה, ס'האָט נישט געפעלט, אַז די וועגט האָבן זיך אַזש פונאַנדערגעשפּאַרט! און פאַרוואָס האָט דען ווער געהאַט גרונט צוצוקויפן, ווען ס'האָט קוים אויפן לעבן געקלעקט

זיי האָבן זיך נישט וויבציק דעם קאָפּ געבראָכן, זיי זענען אפילו צום גלח געגאַנגען נאָך אַן עצה. ר'האָט גאָרנישט גע-האָלפן: פון קיין לייַדיקס ווּעסטו נישט אָנגיסן.

— ווער ס'האָט נישט קיין געלט, דער האָט נישט די וועלט. דעם אָרימאַן איז שטענדיק דער ווינט אין די אויגן!...

אָבער דאָס קלאָגן און יאָכצן האָט אויך גאָרנישט גע-האָלפן.

און אויף אַ צולאָג נאָך, האָט זיך געמאַכט וואָס אַמאָל גרעסערע היצן. דער מאַי האָט ערשט געהאַלטן באַם סוף, און געבאַקן האָט שוין ווי אין תמוז. די טעג זענען אויפגעשטאַנען שטילע און שטיקנדיקע, די זון האָט זיך פון סאַמע אויפגאַנג אָן אַ הייב אויף געטון אַ צעגליטע איבערן רייַנעם הימל און אַזוי געבאַקן, אַז אויף די העכערע גרטע, און אויף די זאַמדן האָט זיך דאָס גרינוואַרג שוין געגעלט, דאָס גראָז איז ביזן גרונט אויף ... נישט פאַראַקערטע פעלדער אויסגעברענט געוואָרן די טייכלעך זענען אויסגעטרוקנט געוואָרן, די קאַרטאָפּליעס ווידער,

כאָטש פֿון אָנפֿאַנג האָבן זיי זיך אַ בישקשהדיקן הייב געטאָן, האָבן די ערד מיט מאָגערע סטראָנקעס באַדעקט. נאָר וואָס די ווינטער־תבואות האָט נישט אַזוי געשאַדט, פֿולע זאַנגען, שיין אויסגעוואַקסן, האָבן זיי זיך נאָך בישקשהדיק אויפֿגעהויבן, אַז די כאַלופּעס זענען אונדז פֿאַרדעקט געוואָרן און צו דער ערד זיך צוגעדריקט, נאָר וואָס די דעכער מ'האָט אַרויסגעזען פֿון דעם וואַלד מיט זאַנגען.

די נעכט זענען אויך געווען שטיקנדיקע און אַזעלכע הייסע, אַז מ'איז אין די סעדער שוין געשלאָפֿן, וואָרן ס'איז נישט קיין אופֿן געווען אין די כאַלופּעס אויסצוהאַלטן.

איבער דידאָזיקע היצן ווידער, איבער די דאגות און צרות, איבער פּלאַשקעס העצן אויפֿן וואַיט, איבער דער פֿאַר־שניט־צייט, וואָס איז היי יאָר געווען אַ שווערערע, ווי אין אַנדערע יאָרן, גענוג איז, אַז אויך ליפּצע איז אָנגעקומען אַן אויסטערליש קריגערישע און אומרויִקע צייט.

זיי זענען אַרומגעגאַנגען אויפֿגעטרייסלט אין זיך, אָפּקוקנדיק נאָר, וועמען אַ שטאָך צו טאָן מיט אַ שמערצלעך וואָרט, אָדער פֿאַר די באַרקעס יענעם אָנכאַפּן. יעדער האָט זיך גערן דעם צווייטן אַנטקעגנגעשטעלט, גלייך ווי אַ גיהנום וואָלט זיך אין דאָרף געמאַכט. וואָרן וואָס אַ טאָג, פֿון פֿאַרטאָג אָן שוין, האָט זיך שוין געטרייסלט פֿון קריגערייען און פֿון אַרויסרופֿן, וואָרן יעדן טאָג איז עפּעס אַ נייעס פֿאָרגעקומען; דאָ האָבן זיך די קאָבוסעס צעהרגעט, אַז דער גלח האָט אונדז געמוזט צווישן זיי שלום מאַכן און פֿאַרהאַלטן, און דאָ האָט זיך די באַלצערקאָווא מיט גולבאַסן פֿאַר די קודלעס געריסן איבערן חזיר, וואָס האָט די מייערן צעבאָרעט, דאָ האָט זיך די פּלאַשקאָווא מיטן סאָלטיס צעביסן צוליב איבערגעטוישטע גענדזלעך; דאָ איז געגאַנגען אַ קריגערײַ צוליב די קינדער, דאָ וועגן פֿאַרשידענע שכנישע היזקות, דאָ וועגן אַ ליאַדע לאָבזע, אַבי זיך נאָר צו צוטשעפּען און זיך צו יאַדען, און צו געוואַלטעווען און יענעם אויפֿן הויכן קול באַ אַלע נעמען אויסצורופֿן — אַז גלייך ווי אַ מגפֿה וואָלט אויפֿן דאָרף

געפאַלן, אַזוי פיל מחלוקתן איז אויפגעשטאַנען, געשלעגעריי: ז און פראָצעסן.

אפילו יאַמבראָזשי האָט פאַר פרעמדע אָפגעלאַכט:

— אַ נישקשהדיקע פאַר־שניט־צייט האָט מיר פאַן יעזוס הייאָר געשאָנקען! קיין געשטאָרבענע זענען נישטאָ, קיינער וועט נישט געבוירן, קיינער האָט נישט חתונה, און מיר שטעלט טאָג באַ טאָג עמעץ אַנדערש בראָנפן, מען גיט מיר אָפּ כבוד, און מ׳בעט מיך, כ׳זאָל זיין עדות. ווען זיי זאָלן זיך נאָך אַזוי אַ פּאָר יאָר אַרומקריגן, איז וואָלט דער מענטש איינגאַנצן זיך פונאַנדערגעטרונקען...

אינדעראמתן טאַקע האָט זיך קיין גוטס נישט געטון אין ליפּצע.

אָבער, דאַכט זיך, אַז אין דער דאָמיניקאָוועס כאַלופּע האָט זיך צום ערגסטן געטון.

שימעק איז צוזאַמען אַהיימגעקומען מיט די אַנדערע, יענדרזשיק איז געזינט געוואָרן, די בויט האָט זיך נישט אַזוי אָנגעזעצט אויף זיי, ווי ערגעץ אַנדערש, איז האָט אַלץ געדאָרפן גיין ווי אַמאָל. נאָר ווו איז דאָרט געגאַנגען, אַז די שקצים האָבן זיך אויפגעהערט די מוטער צו האָרכן! האָבן זיך עזותדיק אַקעגנגעשטעלט, פאַר יעדער פּיצל זיך אַרומגעקריגט, שלאָגן האָבן זיי זיך נישט געלאָזט, און צו קיין שום ווייבערישער אַרבעט, ווי אַמאָל, האָבן זיי זיך נישט צוגערירט.

— נעמטס ענק צו אַ שיקסע, אָדער אַרבעטס אַליין — האָבן זיי עזותדיק אָפּגעענטפערט.

די פּאַטשעשאָווע האָט געהאַט אייזערנע הענט און אַ האַרטע נשמה — ווי דען! אַזוי פיל יאָרן האָט זי מיט אַלץ געהערשט, אַזוי פיל יאָרן האָט זיך איר קיינער נישט דערוועגט אַקעגנצושטעלן און אַקעגנצורעדן. און דאָ האָט זיך ווער אַקעגנגעשטעלט? ווער האָט זיך דערוועגט אַקעגנצורעדן? — אירע אייגענע קינדער!

— יעזוס דערבאַרעמדיקער! — האָט זי מיט פייער און מיט כעס אויסגערופן, באַ אַ ליאַדער געלעגנהייט זיך כאַפּנדיק צום שטעקן איף די זין, זי האָט זיי געוואָלט בייקומען און צוינגען

זיי צו האָרכן זיך. זיי האָבן זיך אָבער נישט געלאָזט, זיי האָבן זיך פאַרביסן, פּינקט ווי די מוטער און געגאַנגען אויף מעסערשטעך. איז זעגען כמעט אַלע טאָג אַנטשטאַנען אַזעלכע געוואַלטן און צרומיאַגערייע׳ לעבן דער כאַלופּע, אַז מענטשן זענען זיך אַזש צוזאַמענגעלאָפן זיי איינצושטילן.

אַפילו דער גלח, ווייזט אויס, זי האָט אים אָנגערעדט. האָט זיי צו זיך אַרויסגערופן, און געסוסרט, זיי זאָלן זיך האָרכן און מאַכן שלום. זיי האָבן געדולדיק אויסגעהאָרכט, אין די הענט אַריין אים אַ קוש געטון, און באַ די פיס אים, ווי עס קומט, אַרומגעכאַפּט, אָבער זיי האָבן זיך גאָרנישט איבערגעאַדערשט.

— מיר זענען נישט קיין קינדער, מיר ווייסן וואָס מיר האָבן צו טון. זאָל די מאַמע פריִער אָפּטרעטן! — האָבן זיי זיך פאַר מענטשן פאַרענטפערט. — דאָס גאַנצע דאָרף האָט דאָך פון אונדז אָפּגעלאַכט...

און די דאָמיניקאָוואַ איז אַזש געל געוואָרן פון כעס און עגמת נפש, וואָרן זיי האָבן זיך בשום אופן נישט געלאָזט גובר זיין, און דערביי האָט זי, אָנשטאָט ווי פריִער אין קלויסטער אָפּצוזיצן און צו די קומעס אַרומגיין, געמוזט אַרבעטן אַרום באַלעבאַטישקייט. זי האָט כסדר יאַגושען צו זיך גערופן צו הילף. אָבער אויך די טאָכטער האָט איר נישט געזשאַלעוועט קיין גרימעניש און קיין חרפה. די פאַטשעשאָווע האָט געהאַלטן אין וואָיטס זייט, זי האָט אַפילו עדות געזאָגט קעגן די קאָזלעס, וואָרן זי איז געווען באַם געשלעג און באַם באַנדאַזשירן דעם וואָיט מיט דער וואָיטאָווע.

פּיעטער פלעגט אויך צו איר אָפט אין די אָוונטן אַריינבליקן, מכלומרשט זיך אַן עצה צו האַלטן, אָבער צום מייגסט, כדי יאַגושען אַרויסצורופן און זיך מיט איר איבער די גערטנער אַרומצופירן.

פאַרן דאָרף איז גאָרנישט פאַרבאָרגן, מען ווייסט גאַנץ גוט, פון וואָס און ווו עס גייט דער רויך, איז אַ פאַרביטערונג צוליב דידאָזיקע זינדיקע ליבעכצן וואָס אַמאָל מער געוואַקסן, און גוטע מענטשן האָבן שוין נישט איינמאָל די אַלטע געוואָרנט.

האָט זי דען געקענט דערצו עפּעס העלפֿן, אַז יאַנגאַ האָט טראָגן אַלע בקשות און געבעטן געטון ווי אויף צו להכעיס. זי האָט שוין גלייכער געוואָלט די שווערסטע זינד און פֿון מענטשן באַרעדט צו ווערן, ווי אָפּצוזיצן אין דערדאָזיקער דערעסענער שטוב באַם מאַן. דאָס בייזע האָט זי מיטגעריסן און אַוועקגעטראָגן, און קיינער איז ניטט בכוח געווען זי איינצוהאַלטן.

האַנקען איז דאָס איינגעטלעך ווי אויף דער האַנט געווען און זי האָט עס אפילו פֿאַר מענטשן אַרויסגערעדט.

— לאָז זי זיך פֿאַרשפּילן, כּל-זמן מ'לאָזט אַזוי דעם וואָיט גראָמאַדע-געלט פֿאַרשפּאַנדירן. ס'טייטש ער זשאַלעוועט איר דאָך גאָרנישט און ברענגט איר צו פֿירן פֿון שטאָט, וואָס ער קען נאָר, אין גאָלד וואָלט ער זי איינגעפּאַסט. זאָלן זיי הנאה האָבן און קוקן אויפֿן סוף. וואָס גייען זיי מיך אָן!

אינדעראמתן, ווייניק האָבן זי די אייגענע עגמת-נפש געפּרעסן! זי האָט נישט געזשאַלעוועט קיין געלט פֿאַרן אַדוואָקאַט, און ס'איז נאָך נישט באַוווסט געווען, ווען אַנטעקס ספּראַווע וועט פֿאָרקומען און וואָס עס וואַרט אים? און ער, דער אָרימער נעבעך, האָט דערווייל געטרוקנט אין קרימינאַל און אויף אַ ישועה פֿון גאָט אויסגעקוקט. אין דער כאַלופּע האָט זיך אויך בּיסלעכווייז פּונאַנדערגעשפּאַנט, האָט זי דען געקענט אַלץ דערהיטן? דער פֿאַראָבעק איז וואָס אַמאָל מער חוצפּהדיקער געוואָרן, ווייזט אויס, אָנגערעדט דורכן קאָוואַל, אַז ער האָט דאָס געטון, וואָס אים איז געפֿעלן, און נישט איינמאָל, ווען זי איז אין שטאָט אַריין געפֿאָרן, האָט ער זיך אַ גאַנצן טאָג אַרומגעבלאָנקעט איבערן דאָרף. זי האָט אים דערנאָך געדראָט, אַז לאָז נאָר אַנטעק אַהיימקומען, וועט ער זיך שוין מיט אים אָפּרעכענען.

— ער וועט אַהיימקומען! ס'איז נאָך נישט געקומען דערצו, אַז מ'זאָל רוצחים אָפּלאָזן! — האָט ער חוצפּהדיק אָפּגעענטפֿערט.

זי האָט זיך אַזש אַ וואָרף געטון פֿאַר כּעס, נאָר אויסגעראַסקען אַזאַ פֿאַסקודנעם פּיסק, אָבער קען זי זיך דען מיט אים אָן עצה טון? ער וועט זי נאָך באַליידיקן, און ווער וועט זי

פאַר איר אָנגעמען, חער וועט זי אונטערשטיצן? מ'האָט אַלץ געדאַרפֿן איבערצוטראָגן און אין זיך באַהאַלטן אויף שפּעטער, אויף אַ בעסערער בעלעגנהייט, וואָרן ער קען נאָך אַוועקגיין און אַלץ וועט אויף אירע אייגענע הענט פֿאַלן; זי האָט שוין אַזוי אויך קוים געקענט אויסקומען מיט דער אַרבעט. איז זי דעריבער וואָס אַמאָל מער פֿון געזונט אָפּגעפֿאַלן. ווי דען, אפֿילו אייזן פֿרעסט אויך דער זשאַווער דורך און אַ שטיין האַלט אויך נאָר אויס ביז אַ געוויסע צייט, און מכּל שכּן אַ שוואַכע נקבֿה!

עפּעס וועלכן ס'איז טאָג אין סוף מאַי, איז דער גלח מיטן אָרגאַניסטער אַוועקגעפֿאָרן אויף אַן אַטעוּסט, יאַמבראָזשי ווידער האָט זיך אַזוי אָנגעשיכּורט מיט די דייטשן, וועלכע האָבן אָפּט אין דער קרעטשמע אַריינגעבליקט, אַז ס'איז נישט געווען, ווער ס'זאָל צו דער אָוונט-תּפֿילה קלינגען, נישט דאָס קלויסטער אויפֿצועפֿענען.

איז האָט מען זיך דעריבער צוזאַמענגעקליבן אָפּצוריכטן די תּפֿילה הינטערן צמענטאַזש, וווּ לעבן טויער איז געשטאַנען אַ קליינע קאַפּליצע מיט דער פֿיגור פֿון דער הייליקער מוטער. יעדן מאַי האָבן זי די שיקסעס אויסגעשלייערט אין פּאַפּירענע סטענגעס און אין אַ גאָלדקאָלירענער קרוין און מיט פֿעלדבלימלעך באַוואָרפֿן, אָפּהיטנדיק אַזוי אַרומעט פֿון אַ פֿולשטענדיקן חורבן, וואָרן די קאַפּליצע איז שוין געווען זייער אַן אַלטע, אַ געפּלאַצטע און ס'האָט זיך שוין געשיט פֿון איר, אַז אפֿילו פֿייגל האָבן זיך שוין אין איר קיין נעסטן נישט געמאַכט, נאָר טיילמאָל, אין דער צייט פֿון די פּאַסקודנע האַרבסט-ווערטערן, האָט אַ פּאַסטוך דאָרט אַ באַהעלטעניש זיך געזוכט. די צמענטאַר-ביימער, די אַלטע ליפּעס, די שלאַנקע בזשאָזעס און די איינגעבויגענע צלמים האָבן זי פֿון די ווינטערדיקע שטורמען און ווינטן פֿאַרשטעלט.

ס'איז זיך צוזאַמענגעקומען אַ שפּאָרער עולם און ווי ס'האָט זיך געלאָזט אויף אינדערגיך, האָט מען די קאַפּליצע אויסגעשלייערט מיט גרינס און מיט בלומען, עמעץ האָט דאָס מיסט

אַרויסגעשאַרט, עמעץ האָט מיט געלן זאַמד אויסגעשיט, און אָנגעשטעקנדיק אין דער ערד בײַ די פֿיס פֿון דער פֿיגור, ליכטלעך און אָנגעצונדענע לעמפּלעך, האָבן אַלע מיטאַמאָל פֿרום אָנגעהויבן אַנידערצוקניִען.

דער קאָוואַל האָט אַנידערגעקניט אויבנאָן. פֿאַר דער שול, וואָס איז געווען באַשיט מיט טולפּאַנען און מיט ראָזע יאַגאָדעבלימעלעך און דער ערשטער אָנגעהויבן צו זינגען.

ס'איז שוין געווען אַ שטיק נאָך דער זון, ס'האָט שוין אָנגעהויבן טונקל ווערן, דער הימל אויף מערב האָט נאָך געברענט אײַנגאַנצן אין גאָלד און מיט אַ בלייכיטשקער גרינקייט געזען דורכגעשיט, די צייט איז געווען אַ שטילע, די אַראָפּהענגענדיקע צעפּ פֿון די בזשאָזעס האָבן זיך ווי צו דער ערד געגאָסן, די תּבֿואה איז געשטאַנען אײַנגעבויגן, ווי אײַנגעהאָרכט אין דעם קלאַנגפֿולן ריזלען פֿון טײַכל און אין דעם שטיליטשקן גרילצן פֿון די פֿעלד-גרילן.

די לעצטע סטאַדעס האָבן אין די שטאַלן אַרײַן געצויגן; פֿון דאָרף, פֿון די פֿעלדער, פֿון די סטעזשקעס, וואָס מ'האָט שוין נישט אַרויסגעזען, האָבן פֿון צייט צו צייט אַרויסגעפּלאַצט גרילצנדיקע און לאַנגע פּאַסטוך-לידלעך, אויסגעצויגענע ריטשן. דער עולם ווידער האָט געזונגען, אײַנגעקוקט אין דעם העלן פּנים פֿון דער הייליקער מוטער, וואָס האָט בענטשנדיק די הענט איבער דער גאַנצער וועלט אויסגעצויגן:

„אַ גוטע נאַכט, שמעקעדיקע ליליע,
אַ גוטע נאַכט!"

אַ ריח פֿון יונגע בזשאָזעס האָט פֿון צמענטאַזש אַראָפּגעוויעט, און גלײַכצײַטיק האָבן די נאַכטיגאַלן אָנגעהויבן, ווי דעם האַלדז אויסצופּרוּוון, אויסצוציִען אָפּגעהאַקטע טענער, אָננעמען זיך מיט כּוח, ביז צום סוף האָבן זיי אַרויסגעפּלאַצט מיט גאָלדענע, שוימיקע שטראָמען, אַז ס'האָבן זיך אַזש צעגאָסן די פּערלדיקע טרעלן, די וווּנדערלעכע און די ליבלעכע טשמאָקערייען, די יאָמערלעכע פּישטשען, ווידער נישט ווײַט, פֿון דע-

תבואה אַרויס, האָט זיך אָנגערופן אויך פֿאַן יאַצעקס פידעלע, באַגלייטנדיק די מענטשן אַזוי זיס, שטיליטשקע און אַדורכגעמענדיק, גלייך ווי דאָ האַלטן די קאָרן־זשאַווערדיקע זאַנגען געקלונגען אָן זיך, אָדער דער גאָלדענער הימל, צי די צוגעטרוקנטע ערד האַלטן אַזאַ מאַי־ליד אויפגעשפילט.

און אַלע צוזאַמען האָבן שוין אַזוי געזונגען, אי דער עולם, אי די פייגל, אי דאָס פידעלע, און ווען זיי האָבן אויף איין אויגנבליק אויפגעהערט, ווען די נאַכטיגאַלן האָבן זיך אַזוי צעשפּילט, אַז ס׳איז אַזש שטיל געוואָרן, און די סטרונעס ווי זיי וואָלטן דעם אָטעם געכאַפּט, דאַמאָלס האָט איין אומצייליקער זשאַבע־כאָר אויפגעהויבן זייערע שרייענדיקע שטימען און מיט אַ האַרמאָנירנדן קוואַקען און אויסגעצויגענעם קנאַקן געשפּילט.

און אַזוי איז עס שוין געגאַנגען איינס נאָכן אַנדערן.

לאַנג האָט זיך דאָסדאָזיקע תפילה־אָפּריכטן געצויגן, אַז דער קאַהאַל האָט אַזש אָנגעהויבן צוצואיילן, ער האָט זיך שטאַרק געריסן, אַריבערשטייגנדיק איבער אַלע, און אָפּט האָט ער אויף הינטער זיך אויסגערופן:

— איילטס ענק צו, מענטשן... — וואָרן אַ טייל האָבן זיך פאַרשפּעטיקט מיטן טאָן.

און אפילו איינמאָל האָט ער אַ הוקע געטון אויף מאַטעוש קלצנבן:

— רייס דיך נישט, יוכע, וואָרן דו טרייבסט נישט קיין בהמות.

אַזוי, אַז ס׳איז שוין געגאַנגען שטימענדיק איין קול מיטן אַנדערן און די קולות האָבן זיך צוזאַמען אַרויסגעריסן, פּונקט ווי אַ טשאַטע טויבן און קרייזלענדיק, האָבן זיי זיך פּאַמעלעך צום טונקל־ווערנדיקן הימל אַרויפגעטראָגן.

„אַ גוטע נאַכט, שמעקעדיקע ליליע!
אַ גוטע נאַכט!
אומבאַפלעקטע מאַריע!
אַ גוטע נאַכט!“

ס'איז שוין געווען אַ געדיכטע פינסטערניש און אַ מאַרעמע און שטילע נאַכט האָט די וועלט איינגעהילט, אויפן הימל זענען שטערן אַרויסגעקומען מיט טוי צעפונקלט, ווען זיי האָבן זיך אָנגעהויבן פונאַנדערצוגיין.

די שיקסעס האָבן, אַרומגעמענדיק זיך אין דער העלפט, אויף די וועגן זיך צעזונגען.

האַנקאַ האָט זיך אומגעקערט מיטן קינד נאָר אויף דער האַנט און שרעקלעך עפּעס פאַרקלערט, ווי דער קאַוואַל האָט זיך צו איר צוגערוקט און בעגאַנגען דערלעבן.

זי האָט זיך נישט אָנגערופן; ערשט פאַרן הויז, זעענדיק, אַז ער שטייט נישט אָפּ, האָט זי אויסגערופן:

— צ'טרעט אָפּ, מיכאַ?

— כ'וועל מיך צוזעצן אויפן גאַניק און כ'וועל ענק עפּעס זאָגן — האָט ער שטיל אַ שעפּטשע געטון.

זי האָט עטוואָס אַ צאַפּל געטון, גרייטנדיק זיך עפּעס אַ נייע צרה צו הערן.

— צ'זענט געווען אפּנים באַ אַנטעקן? — האָט ער דער ערשטער אָנגעהויבן.

— כ'בין געווען, אָבער מ'האָט מיך נישט צוגעלאָזט צו אים.

— פאַר דערפאַר האָב איך טאַקע מורא געהאַט.

— זאָגטס, וואָס צ'ווייסט! — אַ פראָסט איז איר דורך די פינגער אַדורך.

— וואָס איך ווייס דאָרט?... אַזוי פיל נאָר, וואָס ס'איז מיר געלונגען פון עלטסטן אַרויסצוציען.

— און וואָס? — האָט זי זיך צוגעשפּאַרט צום סלופּעקל און דאָס קינד פעסטער צו זיך צוגעדריקט.

— ער האָט געזאָגט, אַז פאַר דער ספּראַווע וועט מען אַנטעקן נישט אַרויסלאָזן.

— פאַרוואָס! — האָט זי קוים אַרויסגעשטאַמלט, אַ ציטערניש האָט מיט איר איבערגעטרייסלט און זי געבראָכן. — סטייטש...

דער אַדוואָקאַט האָט דאָך געזאָגט, אַז ס'קען זײַן מ'וועט אים אַרויסלאָזן.

אַוודאי, ער זאָל זײַ אַנטלויפן! אַזוי אַן גאַרנישט וועט מען אים נישט אַרויסלאָזן! צ'ווייסט, כ'בין געקומען צו ענק הײַנט נאָר ווי אַ גוטער פרײַנט. וואָס צווישן אונדז איז געווען, איז געווען; צ'וועט אַמאָל זען, אַז כ'בין געווען גערעכט... צ'האָט מיר נישט געגלייבט... די ברירה איז בײַ ענק... אָבער אַצינד הערט אויס, וואָס כ'וועל ענק זאָגן, און פּונקט ווי דעם גלח בײַם מתוודה זײַן זיך, אַזוי וועל איך אמת זאָגן... מיט אַנטלויפן איז נישט גוט! מ'וועט אים פּעווּנע שווער אָפּפּסקענען, אפשר אויף צען יאָר. ענק הערט?...

— כ'הער, אָבער כ'גלייב ענק גאָרנישט — האָט זי זיך פּלוצלינג באַרויִקט.

— גלייבן וויל נישט קיינער, ביז ער דערפילט נישט אויף די ביינער; כ'האָב ענק געזאָגט דעם ריכטיקן אמת.

— צ'זאָגט שטענדיק אַזאַ אמת — האָט זי מיט פאַראַכטונג זיך צעלאַכט.

ער האָט זיך אַ וואָרף געגעבן און גענומען זי הייס פאַרזיכערן, אַז אַצינד איז ער געקומען פון פּשוטער גוטפרײַנטשאַפט, כדי אַן עצה צו געבן. זי האָט אויסגעהערט פײַנדיק מיט די אויגן איבערן הויף, זי האָט זיך שוין עטלעכע מאָל אומגעדולדיק אויפגעהויבן: וואָרן די קי האָבן נישט אויסגעמאָלקענע נאָך אין דער שטאַל געריטשעט, די געגנדז זענען נישט פאַרטריבן געוואָרן אויף באַנאַכט און דער זשרעבאָק האָט זיך אַרומגעיאָגט פאַרן הויף מיט לאַפּעס, און די שקצים האָבן אײַנגעטענהט אין שייער. זי האָט אים נישט געגלייבט קיין וואָרט אפילו. „זאָל ער זיך אַרויסכאַפּן, מיט וואָס ער איז געקומען" — האָט זי געטראַכט, האַלטנדיק זיך אויף דער וואַך.

— וואָס־זשע טוט מען זיך פאַר אַן עצה? האַ? — האָט זי אים אָפּגעענטפערט, אַבי עפּעס צו זאָגן.

— אַן עצה וואָלט זיך געפונען — האָט ער גאַנץ שטילער אַרויסגעזאָגט.

זי האָט זיך אומגעדרייט צו אים.

— צו געבן אויסלייז-געלט, איז וועט מען אים אַרויסלאָזן נאָך פֿאַר דער ספּראַווע און דערנאָך וועט ער זיך שוין אָן עצה געבן, כאַטשביק אפילו קיין האַמעריקע... זיי וועלן אים נישט כאַפּן...

— יעזוס מאַריאַ! קיין האַמעריקע! — האָט זי נישט ווילנדיק אַ געשריי געגעבן.

— שטילערטס, ווי אונטער אַ שבועה זאָג איך ענק, אַזוי האָט דער פּריץ געעצהט. „זאָל ער אַנטלויפן — זאָגט ער: — צום ווינציקסטן איז צען יאָר... ס'וועט אַ תּל ווערן פֿון אַ פּויער...“ בעכטן האָט ער מיר דאָס געזאָגט.

— אַנטלויפן פֿון דאָרף... פֿון גרונט... פֿון די קינדער... יעזוס... — דאָס האָט זי נאָר פֿאַרשטאַנען.

— גיטס נאָר אויסלייז-געלט, און דאָס איבעריקע וועט שוין אַנטעק באַשליסן, גיטס...

— פֿונוואַנען זאָל איך זשע דאָס נעמען?... גאָט מייַנער, אין אַזאַ ווייטע וועלט אַריין... פֿון אַלעם

— פֿינף הונדערט רובל וויל מען! צ'האָט דאָך דעם טאַטנס... נעמטס עס אויף אויסצולייזן אים... מ'וועט זיך שוין דערנאָך אָפּרעכענען... אַבי נאָר צו ראַטעווען...

זי איז אויפֿגעשפּרונגען פֿון אָרט.

— ווי אַ הינט, בילט ער פּסדר דאָס אייגענע! — זי האָט געוואָלט אַוועקגיין.

— צ'טשעפעט שנק צא ווי אַ נאַר — האָט ער זיך פֿונאַנדערגעבייזערט. — כ'האָב נאָר גלאַט אַזוי געזאָגט... קוקט זי נאָר אָן, ז'וועט זיך דאָ באַליידיקן פֿון אַ ליאַדע וואָרט, און דאָרט ווערט דער מאַן פֿאַרפֿוילט אין קרימינאַל. כ'וועל אים זאָגן, ווי אַזוי ער באַמיט ענק, כּדי אים צו פֿאַרגרינגערן.

זי האָט זיך ווידער אַנידערגעזעצט, נישט ווייסנדיק שוין וואָס צו טראַכטן.

ער האָט איר ברייט דערציילט וועגן דערדאָזיקער אַמעריקע, וועגן באַקאַנטע מענטשן, וועלכע זענען דאָרט אַהין אַוועקגעפאָרן, אַז זיי שרייבן בריוו, און זיי שיקן אפילו געלט פאַר זייערע קרובים. ווי דאָרטן איז גוט, וואָס פאַר אַ מאַכט יעדער האָט דאָרט, וואָס פאַר אַ רייכטימער מען קלויבט דאָרט צוזאַמען. אַנטעק וואָלט געקענט דאָרט אַהין באַלד אַנטלויפן: ער קען אַ ייִד, וועלכער האָט שוין נישט איינעם אַרויסגעפירט. ווייניק זענען שוין אַזעלכע אַנטלאָפן! האַנקאַ וואָלט דערנאָך אויך געקענט אַהינפאָרן. גושעלאַ וועט אַהיימקומען פון די זעלנער, איז וואָלט ער אָפּגעצאָלט פון טאַטנס ירושה, און אַז נישט, וואָלט זיך אַ סוחר אויך באַלד געפונען.

— האַלטס ענק אָן עצה מיטן גלח, צ׳וועט זען, אַז ער וועט באַשטעטיקן מיינע רייד. צ׳וועט דערקענען, אַז כ׳בין גערעכט און כ׳רעד ענק פון גאַנצן האַרץ אָן, נישט פאַר מיין טובה וועגן. נאָר פאַר קיינעם לאָזטס די פאַרע פון מויל נישט אַרויס, כדי די סטראַזשניקעס זאָלן זיך נישט אָנשטויסן, וואָרן דאַמאָלס וועט מען אים אפילו פאַר קיין טויזנטער נישט אָפּלאָזן, און מ׳וועט אים נאָך אין קייטן שמידן — האָט ער ערנסט פאַרענדיקט.

— ווי נעמט מען אויף אויסצולייזן! אַזוי פיל געלט! — האָט זי אַ קרעכץ געטון.

— כ׳קען עמעצן פון מאַדליין, וואָס וואָלט געגעבן אויף אַ גוטן פראָצענט... כ׳קען אויך אַנדערע... געלט וואָלט זיך געפונען... דאָס איז שוין מיין קאָפּ דערין... כ׳וואָלט צוגעהאָלפן.

און נאָך לאַנג האָט ער אַזוי געעצהט און צוגערעדט.

— רעכנטס ענק איבער, דאָס דאַרף מען גיך באַשליסן.

ער איז שטיל אַוועקגעגאַנגען, אַז זי האָט אפילו נישט באַמערקט, ווי ער איז פאַרפאַלן געוואָרן אין דער נאַכט אַריין.

ס׳איז שוין געווען שפּעט, אין דער כאַלופּע איז מען שוין געשלאָפן, נאָר ווייטעק איז געזעסן אונטער דער וואַנט, ווי אָפּ-

היטנדיק די באַלעבאָסטע, אין דאָרף זענען שוין אויך אַלע געשלאָפן, אַפילו די הינט האָבן נישט געבילט, דאָס וואַסער האָט נאָר געראַשט און די פייגל האָבן אין די סעדער געפּישטשעט. די לבנה האָט זיך איבערן הימל אַרויפגעקייקלט און איז מיט אַ זילבערנעם שערף איבער די שרעקלעכע, פינסטערע הויכקייטן געשוומען. ווייסע און נידעריקע נעפּלען האָבן די לאַנקעס באַדעקט, איבער די קאַרנס ווידער איז געהאָנגען אַ געלבלעכער נעפּל פון בלומען־שטויב; דער סטאַוו האָט דורך די ביימער אַדורך, ווי אַן איין־טאָוול געגלאַנצט, אַז ס'האָט אַזש אין די אויערן געקלונגען פון דער שטילקייט און פון די נאַכטיגאַלס טשמאָקערייען און טרעלן.

האַנקאַ איז כסדר נאָך אַלץ געזעסן אויף איין אָרט, ווי צוגעשמידט.

— יעזוס, אַנטלויפן פון דאָרף, פון גרונט, פון אַלץ! — האָט זי געהאַלטן אין איין טראַכטן וועגן דעם.

אַ מורא האָט זי אַרומגענומען, און איז געוואַקסן פון מינוט צו מינוט, און דאָס האַרץ צוגעדריקט מיט אַ שרעקלעכער ווייטיק און פּחד.

לאַפּאַ האָט אָנגעהויבן צו וואָיען אויפן הויף, די נאַכטיגאַלן זענען שטיל געוואָרן, אַ ווינט האָט אָנגעהויבן בלאָזן, אַז שאָטנס האָבן זיך אַ וויג געטון און אַ קרעכצנדיק, טרויעריק געריש איז דורכגעלאָפן

— קובעס נשמה האָט ער דערזען! — האָט וויטעק אַ שעפּטשע געטון, איבערצלמענדיק זיך אין שרעק.

— ביסט אַ נאַר! — האָט זי אים אָפּגעזידלט, טרייבנדיק אים שלאָפן.

— אַז ער קומט פּאָרט, ער קוקט אַריין צו די פערד, שיט זיי אָבריק... איינמאָל דען?..

זי האָט נישט געהאָרכט, אַ שטילקייט איז ווידער אויף דער וועלט אַראָפּגעפאַלן, די נאַכטיגאַלן האָבן זיך צעזונגען, און

זי איז געזעסן ווי אַ טויטע, איבערחזרנדיק פון צייט צו צייט מיט ווייטיק און מיט שרעק.

— אין דער וועלט אריין צו אַנטלויפן! אויף שטענדיק! יעזוס דערבאַרמדיקער! אויף שטענדיק...

## IX

דאָס גרינס, וואָס מ׳האָט אויף יום-טוב די שטובן אויסגע־ייערט, איז נאָך נישט געהאַט איינגאַנצן אָפּגעדאַרט געוואָרן, ווי אין וועלכן ס׳איז טאָג באַלד אינדערפרי איז אומגעריכטער־הייט ראָכאָ דערשינען.

ערשט נאָר וואָס נאָך דער מאָרגן-תּפילה און נאָך אַ לאַנג געשפּרעך מיטן גלח האָט ער זיך אויפן דאָרף באַוויזן. נישט זייער קיין סך מענטשן האָבן זיך איבער די הייף געפּאָרעט, וואָרן דאָס איז גראָד געווען די צייט פון באַשיטן די קאַרטאָפליעס, נאָר אַזוי ווי עס האָט זיך צעטראָגן, אַז ראָכאָ גייט איבערן דאָרף, האָט זיך גיך דער און יענער אויפן וועג אַרויסגעאײַלט, דעם לאַנג שוין נישט געזעענעם צו באַגריסן.

און ער איז זיך געגאַנגען, ווי שטענדיק אויפן שטעקן אָנגעשפּאַרט, לאַנגזאַם, מיט אַן אויפגעהויבענעם קאָפּ, פּונקט אין דערזעלבער גרויער קאַפּאָטע, און דאָסזעלבע מיט די שוואַרצע בײַטשן קרעלן מיטן צלמל אויפן האַלדז; דער ווינט האָט אים

די גרויע האָר צעשאָרט, און דאָס אויסגעמאָגערטע פּנים האָט מיט אַן אויסטערלישער ביטסקייט און פרייליכקייט געשײַנט.

ער האָט מיט די אויגן געפירט איבער די כאַלופּעס און סעדער, שמייכלענדיק מיט פרייד צו אַלדינג, באַגריסט זיך מיט יעדן אייגציקן באַזונדער, אַז אפילו די קינדער, וואָס האָבן זיך צו אים צוגעשאַרט, האָט ער איבער די קעפּלעך פרום געגלעט, צו די ווייבער ווידער האָט ער דער ערשטער אָנגעהויבן רעדן, ר'איז אַזוי צופרידן געווען, וואָס אַלץ בלייבט, ווי פריִער ס'איז געווען.

— אין משעגסטאָכאָוו בין איך געווען אויפן אָסטפּוסט — האָט ער דערציילט, ווען מ'איז צו אים נײַגעריק צוגעשטאַנען, ווו ער האָט זיך אַהינגעטון איבער דעראַזיקער גאַנצער צייט.

אָבער מ'האָט זיך אַזוי אָפנהערציק געפרייט מיט זײַן צוריקקומען, אַז באַלד אויפן וועג האָט מען אים אָנגעהויבן אויסצודערציילן די לעצטע נײַעס, און עמעץ האָט זיך שוין אַן עצה געפרעגט, אַן אַנדערער ווידער האָט זיך געוואָלט דאָס האַרץ אויסרעדן, אָװעקפירנדיק אים אַן אַ זייט און אויסשיטנדיק פאַר אים אַלע צרות, פונקט ווי דעם גראַשן, וואָס איז אויף דער לעצטער נויט באַהאַלטן געווען.

— כ'בין געוואַלטיק פאַרמאַטערט, כ'וועל מיך אָפּרוען אַ טאָג — האָט ער אָפּפּערנדיק זיך פאַרענטפערט.

מ'האָט אים אָנגעהויבן, ווי וועלנדיק איינער דעם אַנדערן אויסכאַפּן, אין די כאַלופּעס אַרײַן צו פאַרבעטן.

— אויף דערווײַלע וועל איך מיך אײַנקוואַטירן בײַ מאַטשעיען, כ'האָב שוין האַנקען דאָס צוגעזאָגט; און ווערט מיך שער דערנאָך צונעמען, וועל איך בײַ דעם אַ לענגערע צייט פאַרבלײַבן.

און ר'האָט זיך פלינק אָוועקגעלאָזט צו די באַ־ײנעס.

פאַרשטייט זיך, אַז האַנקע האָט אים מיט פרייד אויפגענומען און פון גאַנצן האַרץ אים געוואָלט מכבד זײַן, אָבער אַזוי

ווי ער האָט נאָר די טאָרבעס אַוועקגעלייגט און עטוואָס דעם אָטעם געכאַפּט, האָט ער זיך אַריינגעכאַפּט צום אַלטן.

— קוקסט אים טאַקע צו, אין סאַד ליגן זיי, וואָרן ס׳איז אַ היץ אין שטוב. איבער דער צייט וועל איך ענק אָפּוועלן אַ ביסל מילך און אפשר וואָלט עץ געגעסן אַ פּאָר אייער? האַ?

אָבער ראָך איז שוין געווען אין סאַד און איינגעבויגענערהייט האָט ער זיך אונטער די צווייגן צודערקליבן צום קראַנקן, וועלכער איז געלעגן אין אַ פּולקאָשיק, אויסגעבעט מיט בעטגעוואַנט, און מיט אַ פּעלץ איבערגעדעקט. לאַפּאַ, צוזאַמענגעוויקלט אין אַ קנויל, האָט אים געוואַכט בײַ די פּיס, און וויטעקס באַטשאַן האָט זיך פרײַלעך צווישן די ביימער הין און צוריק אַרומגעשפּאַצירט, ווי אויף דער וואַך.

דער סאַד איז געווען אַן אַלטער און אַ טונקעלער; די צעוואַקסענע ביימער האָבן אַזוי דעם הימל פֿאַרשטעלט, אַז אונטן, אויפן גראָז האָבן זיך נאָר ווי-בישט-ווי זונען-שטרייפן געגראַבלט, וואָס זענען צו גאָלדענע שפּינען ענלעך געווען.

מאַטשעי איז געלעגן אויפן רוקן. די פונאַנדערבאַוועגטע צווייגן האָבן זיך מיט אַ שטילן גערויש איבער אים ווי מיט פלאַכטעס שאָטנס געוויגט, אַז נאָר טיילמאָל, ווען דער ווינט האָט זיי אַ ריס אַוועק געגעבן, האָט אים די זון אַ גאָס געטון אין די אויגן אַריין, און וואָס אַמאָל האָט זיך אַ שטיקל בלוי-הימל אָפּגעדעקט.

ראָכאָ האָט זיך אַנידערגעזעצט.

די ביימער האָבן גערוישט, טיילמאָל האָט דער הונט אַ וואָרטשע געגעבן אויף די פליגן, און טיילמאָל זענען די צעטשוויטשערטע שוואַלבן אַ שוועב אַדורך געטון צווישן די שוואַרצע שטאַמען אויף די גרינע און צעוויגטע פעלדער אַרויס.

דער קראַנקער האָט זיך מיטאַמאָל אַ דריי אויס געגעבן צו אים.

— צ׳דערקענט מיך, מאַטשעי, האַ? צ׳דערקענט מיך?

באַרינען האָט אַ לייכטיטשקער שמייכל איבערן פּנים דורכ-

געשוועבט, די אויגן האָבן אַ פלאַטער געטאָן, און ער האָט אָנ־געהויבן צו באַוועגן מיט די בלויע ליפּן, אָבער אַרויסרעדן האָט ער נישט געקענט.

— אַז דער פּאַן יעזוס וועט איבערענדערן, איז קענט ער נאָך געזונט ווערן.

ווייזט אויס, ער האָט פאַרשטאַנען, וואָרן ער האָט אַ שאָקל געטאָן מיטן קאָפּ און, ווי נישט גערן, האָט ער זיך אָפּגעדרייט פון אים. ער האָט זיך ווידער פאַרקוקט אויף די צעוויגטע צווייגן און אויף די זונען־שפּריצן, וואָס האָבן אים כסדר איין מאָל נאָכן אַנדערן די אויגן פאַרגאָסן.

ראַכאָ האָט נאָר אָפּגעזיפצט, אים איבערגעצלמט און אַוועקגעגאַנגען.

— אמת, אַז דעם טאַטן איז ווי שוין בעסער? — האָט האַנקאַ זיך אַ פרעג געטאָן.

ער האָט לאַנג עפּעס געטראַכט, ביז ער האָט מיט אַ שטיל, ערנסט קול אויסגערופן:

— וואָרן אויך אַ לעמפּל פאַרן אויסלעשן זיך שיסט מיט אַ לעבעדיקער פלעמל אַרויס, צום סוף. מיר דאַכט זיך, אַז מאַטשעי גייט שוין אויס... אַזש ס'איז מיר אַ ווונדער אפילו, אַז ער לעבט נאָך: ווי אַ שפּאָן איז ער דאָך אויסגעדאַרט...

— ס'טייטש ער וויל גאָרנישט עסן, אפילו מילך וויל ער נישט שטענדיק טרינקען.

— צ'מוזט זיין גרייט, אַז ער וועט אַ ליאַדע טאָג ענ־דיקן.

— זיכער אַזוי, גאָט מיינער, זיכער. דאָס אייגענע האָט מיר נעכטן יאַמבראָזשי געזאָגט, און ר'האָט מיר אפילו געעצהט, אַז כ'זאָל שוין נישט וואַרטן און באַשטעלן אַ טרומנע.

— הייססט מאַכן, זי וועט נישט לאַנג דאַרפן וואַרטן, ניין... אַז די נשמה דאַרף פון דער וועלט אַוועקגיין, וועסטו זי מיט גאָרנישט אָפּהאַלטן, אפילו מיט וויינען, וואָרן אויב אַזוי, וואָלטן אַ טייל גאַנצע דורות שוין צווישן אונדז געבליבן — האָט ער טרויעריק גערעדט, נעמענדיק זיך צו דער מילך, וואָס זי האָט

אים צוגעגרייט, און סריבקעבדיק געלאָסן, האָט ער זיך אויסגעפּרעגט, וואָס אין דאָרף האָט זיך אַלץ געטון.

זי האָט איבערגעחזרט דאָס, וואָס ער האָט שוין געהאַט געהערט אויפן וועג פון אַנדערע, און וועגן אירע דאגות האָט זי אים גיך און ברייט געגומען אויסדערציילן.

— ווו איז יוזקאַ? — האָט ער איר אומגעדולדיק איבערגעריסן.

— אין פעלד, די קאַרטאָפל באַשיט זי צוזאַמען מיט די קאָמאָרניצעס און מיט יאַגוסטינקען, פּיעטרעק ווידער איז געפאָרן אין וואַלד אַריין: ער פירט אָפּ סטאַכאָן האָלץ אויף אַ כאַלופּע.

— ער בויט דען שוין?

— דער פאַן יאַצעק האָט דאָך אים געגעבן צען סאָסנעס.

— ר׳האָט אים געגעבן? מ׳האָט מיר עפּעס דערציילט וועגן דעם, אָבער כ׳האָב נישט געוואָלט גלייבן.

— וואָרן ס׳איז טאַקע נישט צום גלייבן! פון אָנפאַנגס האָט קיינער נישט געגלייבט. ער האָט צוגעזאָגט, אָבער נישט איינער זאָגט דאָך צו. צוזאָגן און ליב האָבן קאָסט קיין געלט נישט — זאָגט מען. און דער פאַן יאַצעק האָט געגעבן סטאַכאָן אַ בריוו, און געהייסן אים גיין מיט דעם צום דזשעדזשיץ. אפילו וועראָנקאַ איז געווען דאַקעגן, אַז ער זאָל גיין, וואָרן, זאָגט זי, ער וועט בחנם די שטיוול רייסן?... מ׳וועט זיך נאָך פון אים אויסלאַכן, אַז ער האָט געגלייבט, וואָס אַ נאַר האָט אים געזאָגט...

אָבער סטאַכאָ האָט זיך איינגעשפּאַרט און איז געגאַנגען. און ר׳האָט דערציילט, אַז אפשר אַ רגע נאָכן איבערגעבן דעם בריוו, האָט אים דער דזשעדזשיץ געהייסן אַריינרופן אין די סאַלאָנען אַריין, ר׳האָט אים מכבד געווען מיט בראָנפן און אויסגערופן: „קום צו פאָרן מיט פורן, איז וועט דיר דער גאַיאָווע אָפּציילענען צען שטיק בוידעלעס...״ קלאָנב האָט אים געגעבן די פערד, דער סאָלטיס האָט געגעבן, איך האָב אויך געגעבן פּיעטרעקן. דער דזשעדזשיץ האָט שוין אויף זיי געוואַרט אין וואַלד, ווו מען

האָקט און באַלד אַליין אויסגעקליבן די שענסטע פון די, וואָס מ'האָט ווינטער פאַר די ייִדן אויסגעהאַקט. נו, איז פירט מען אָפּ, וואָרן ס'וועט זיין גוטע דרייסיק פורן מיט צווייגן. סטאַכאַ וועט זיך אַ פיינע כאַלופּע אויסבויען! מ'דאַרף שוין נישט צו דערציילן, ווי אַזוי ער האָט דעם פאַן יאַצעק געדאַנקט און איבערגעבעטן, וואָרן, איבדעראמתן, האָבן אים אַלע געהאַלטן פאַר אַ בעטלער און פאַר אַ גאַרישעוואַטן, וואָס מען ווייסט נישט פון וואַנען ער לעבט אין אונטער די הייליקע פיגורן, צי אין דער תבואה שפּילט ער אויפן פידעלע, און טיילמאָל גיט ער דיר גלאַט אַזוי און אָן שום טעם אַ זאָג אַרויס אַ וואָרט, פּונקט ווי איינער, וואָס איז נישט באַם קלאָרן פאַרשטאַנד... און צום סוף איז ער דיר גאָר אַזאַ פריץ, אַז דער דזשעדזשיץ אַליין האָרכט זיך אים!... ווער וואָלט עס פריִער געוואָלט גלייבן?...

— קוקסט נישט אויפן מענטש, נאָר אויף זיינע מעשים.

— אָבער צו געבן אַזוי פיל האָלץ, וואָס, ווי מאַטעוש רעכנט אויס, ס'איז ווערט אפשר טויזנט גילדן, און דאָס נאָר פאַר אַ שיינעם דאַנק, דאָס איז נאָך נישט געשען!

— מ'האָט מיר געזאָגט, אַז דערפאַר נעמט ער די אַלטע כאַלופּע אויף כל־זמן ער וועט לעבן...

— ס'דען, זי איז אַזוי פיל ווערט, וואָס דער צעשפּאַלטענער טרעפּ! מיר האָבן שוין אפילו געמיינט, צי איז נישט אַמאָל אין דערדאָזיקער גוטסקייט פאַרהאַן עפּעס אַן אונטערפּיסל, אַז ווערצאָנקאַ איז אַזש צום דאָבראָדזשעי געגאַנגען פרעגן אַן עצה. האָט ער אָנגעשריגן אויף איר, אַז זי איז אַ נאַר.

— וואָרן ס'איז טאַקע אמת. מ'גיט — נעמט מען און גאָט פאַר דעם חסד דאַרף מען דאַנקען.

— דער מענטש איז אָבער דאָך נישט געוווינט צו נעמען גלאַט בחנם און נאָך דערצו פון דזשעדזשיצעס! ס'זענען שוין דען געהערט געוואָרן אַזעלכע זאַכן! וואָס הייסט, ווער האָט דאָס שוין אַמאָל דעם פריער געגעבן עפּעס פון גוטסקייט? לאָז מען נאָר גיין נאָך דער קלענסטער עצה, איז קוקן זיי באַלד אין די הענט אַריין, קומסט ווידער צו אַ באַאַמטן, איז אָן אַ גראָשן

ווייז דיך ניש׳, וואָרן מ׳וועט דיך הייסן קומען מאָרגן, אָדער אין אַ וואָך אַרום.. דורך אַנטעקס ספּראַווע בין איך שוין גוט געוווּיר געוואָרן, וואָס פאַר אַן אָרדנונג עס איז אויף דער וועלט, און נישט ווינציק געלט האָב איך שוין אַוועקגעטראָגן...

— גוט, וואָס צ׳האָט מיך דערמאָנט אָן אַנטעקן. כ׳האָב אָפּגעטרעטן אין שטאָט.

— איז האָט עך אים אפשר געזען?

— ס׳איז נישט געווען קיין צייט.

— כ׳בין דאָ נישט לאַנג געפאָרן, האָט מען מיך נישט אַריינגעלאָזט צו אים. גאָט ווייסט, ווען כ׳וועל אים אָנקוקן.

— אפשר באַלד גיכער ווי עך שטעלסט ענק פאָר — האָט ער מיט אַ שמייכל אויסגערופן.

— יעזוס, וואָס רעדט עך!

— אמתדיק! אין דעם הויפּט-אַמט האָט מען מיר געזאָגט, אַז מ׳קען אַרויסלאָזן אַנטעקן פאַר דער ספּראַווע אויף דער פריי, ווען עמעץ וועט פאַר אים האַפטן, אַז ער וועט נישט אַנטלויפן, אָדער ער וועט געבן אַ משכון דעם סאַנד פונף הונדערט רובל.

— אַקוראַט דאָס אייגענע האָט מיר אויך דער קאָוואַל געזאָגט! — זי האָט אים באַלד אָנגעהויבן צו דערציילן זיינע עצות וואָרט בײַ וואָרט.

— די עצה איז אַ גוטע. אָבער, ווייל זי שטאַמט פון מי-כאַלן, איז זי געפערלעך: ער האָט דאָ עפּעס אַ מיין דערביי, האָט ער... מיטן פאַרקויפן נישט געאײַלט זיך: פון גרונט פאָרט מען אַוועק מיט אַן אָגער, און צוריק קומט מען ווי אַ ראָז, אויף אַלע פיר... מ׳דאַרף עפּעס אַנדערש אויסטראַכטן... אפשר וואָלט עמעצער געהאָלפן?... מ׳דאַרף געוווּיר ווערן צווישן מענטשן... פאַרשטייט זיך, ווען ס׳וואָלט געווען געלט...

— און אפשר וואָלט זיך געפונען — האָט זי שטילער אַ שעפּטשע געטון. — כ׳האָב אַביסל אַ באַרעסן גראָשן, נאָר כ׳האָב נישט בעקענט איבעררעכענען, אָבער אפשר וואָלט עס גענוג גע-ווען...

— ווייזמס, ווען מיר צוזאַמען איבערציילן.

זי איז ערגעץ פֿאַרשווּנדן געוואָרן אין הויף, און צוריק־קומענדיק נאָך עפּעס אַ ווײַלע, האָט זי צוגעמאַכט די טיר אויפֿן ריגל און זי האָט אים אַנידערגעלייגט דאָס זעקעלע אויף די קניִען.

ס׳איז געווען דערין פּאַפּירן געלט, ס׳איז געווען זילבער־געלט, און ס׳איז אַפֿילו געווען אַ פּאָר גאָלדשטיקלעך און זעקס בייטשן קרעלן.

— דאָס איז נאָך דער מאַמען, ר׳האָט דאָס אָוועקגעגעבן יאַגנען, און דערנאָך, ווײַזט אויס, האָט ער עס אָפּגענומען — האָט זי געשעפּטשעט, אַראָפּזעצנדיק זיך פֿאַר דער באַנק, אויף וועלכער ראָכאָ האָט געציילט.

— פֿיר הונדערט מיט צוויי און דרײַסיק רובל און פֿינף גילדן! פֿון מאַטשעיען, האַ?

— יאָ... אַזוי איז עס... ר׳האָט דאָס מיר געגעבן נאָך די ימים־טובים... — האָט זי געשטאַמלט, ווערנדיק רויט.

— אויף אַ משכּון וועט ניִשט סטאַיען, אָבער צ׳וואָלט גע־קענט עפּעס פֿאַרקויפֿן פֿון אײַנוועגטאַר!

— טאַקע, כ׳וואָלט געקענט פֿאַרקויפֿן דאָס חזיר... די קעלביקע קו וואָלט מען אויך געקענט, זי איז ניִשט נייטיק, דער ייִד האָט זיך שוין געפֿרעגט אויף איר... צי אַ פּאָר קערצלעך תּבֿואה...

— צ׳זעט שוין, אַ ביסל צו אַ ביסל, וועט זײַן אַ פֿולע שיסל... אָן קיינעמס הילף וועלן מיר אַנטעקן אויסלייזן. ס׳ווייסט עמעצער וועגן ענקער געלט?

— דער טאַטע האָט מיר געגעבן אויף צו ראַטעווען אַנטעקן, אַבֿזאָגנדיק, אַז כ׳זאָל קיינעם קיין וואָרט דערפֿון ניִשט דערמאָ־נען. ענק פֿאַרטרוי איך מיך דעם ערשטן. ווען מיכאַל זאָל...

— כ׳וועל ניִשט צעפּלוישן, גייטס רויִק. אַז מען וועט געבן צו וויסן, אַז ס׳איז צײַט, וועל איך מיט ענק פֿאָרן נאָך אַנטעקן. ס׳וועט שוין ווי ס׳איז מוזן זײַן גוט, ס׳וועט גוט זײַן, מײַן טײַ־ערע — האָט ער געשעפּטשעט, אַ קוש טוענדיק איר אין קאָפּ

אַריין, וואָרן זי האָט זיך צו אים אַ וואָרף געטון צו די פיס און אים געדאַנקט.

— אַן אייגענער טאַטע וואָלט נישט בעסער געווען — האָט זי מיט אַ געוויין אויסגערופן.

— ר'וועט זיך אומקערן דער מאַן, גאָט דאַרפט עך דאַנקען. ווו איז דאָס יאַגושיאַ?

— זי איז נאָך פאַרטאָג מיט דער מוטער און מיטן וואָיט אין שטאָט אַריין אַוועקגעפאָרן. מ'האָט געזאָגט, אַז צום ראַ־יענט, די אַלטע שרייבט אַפּנים אָפּ דעם גרונט אויף דער טאָכ־טער.

— אַליין יאַגנען? אין די שקצים.

— ווייל זי איז אויף זיי אין כעס, וואָס זיי זיינען זייערע הלקים. אַ גיהנום איז בײַ זיי, קיין טאָג גייט נישט אַדורך אָן קיין מחלוקה, דער וואָיט ווידער נעמט זיך אָן פאַר דער דאָמיניקאָוועס, ער איז געווען אפטרופוס איבער די יתומים נאָך נאָכן טויט פון דאָמיניקן.

— און איך האָב געמיינט, אַז ס'איז עפּעס אַנדערש, וואָרן מ'האָט מיר פאַרשידענס דערציילט.

— איז האָבן זיי טאַקע דעם ריינסטן אמת דערציילט. מיט יאַגנען גאָר פאַרנעמט ער זיך, אָבער אַזוי, אַז ס'איז מיר אַ חרפה דאָס מיט אַלע פּיטשעווקעס צו דערציילן. דער אַלטער כאָרכלט ב ך, און זי ווי אַ צויג... איך וואָלט דאָרט נאָך קיינעם נישט גע־באַגעגן באַכרעדן, אָבער כ'האָב זיי אַליין געפּאַקט אין סאָד־בע...

— גיטס מיר זיך ערגיטש אויסצורוען — האָט ער איר איבערגעריסן, אויפשטייענדיק פון דער באַנק.

זי האָט אים געוואָלט אויסבעטן יוזקעס געלעגער, אָבער ער האָט גלייכער געוואָלט גיין אין שייער אַריין.

— באַהאַלטס גוט דאָס געלט — האָט ער זי נאָך געוואָרנט און איז אַוועקגעגאַנגען.

ערשט נאָך מיטאָג אַזש האָט ער זיך באַוויזן, ער האָט אָפּ־געגעסן דאָס מיטאָג־עסן און זיך געקליבן צו גיין אין דאָרף אַריין.

ווי האַנקאַ האָט זיך מיט גרויס אומדערייסטקייט צו אים אָפּגע-רופן:

— צ׳וואָלט מיר אפשר, ראַכאַ, דעם אָלטאַר געהאָלפן אויסשלייערן...

— אמת, מאָרגן איז דער גרינער דאָנערשטיק. ווי-זשע שטעלט עך אים?

— ווו אָלע יאָר, פאַרן גאַניק. פיעטרעק קומט אַ ליאַדע-יגע אָן פון וואַלד, ער וועט ברענגען יעדלינע-צווייגן און כאַיבע-קעס, יאַגוסטינקען ווידער מיט יוזקען האָב איך באַלד נאָכן מי-טאָג אַ שיק געטון נאָך גרינס אויף קראַנצן.

— און ליכט, לייכטערס איז האָט עך שוין?

— יאַמבראַזשי האָט צוגעזאָגט צו ברענגען פון קלויסטער באַלד פון אינדערפרי.

— באַ וועמען נאָך וועט מען דאָס אָלטאַרן אויפשטעלן?

— אויף אונדזער זייט, איז באַם וואָיט, אויף דער אַנדע-רער זייט ווידער — באַם מילנער און פאַר די פלאָשקעס.

— כ׳וועל ענק צוהעלפן, כ׳וועל נאָר אָפּצרעטן צו פאַן יאַ-צעקן און פאַר בין השמשות וועל איך קומען.

— הייסט ווראַנקען, אַז זי זאָל באַלד אינדערפרי קומען העלפן!

ער האָט אַ שאָקל געטון מיטן קאָפּ און איז שוין אַוועק-געגאַנגען גלייך צו סטאַכאָס חורבה.

פאַן יאַצעק איז געזעסן פאַר דער שוועל, ווי שטענדיק, ר׳האָט געריייכערט אַ פּאַפּיראָס, געציפּט זיך דאָס בערדל און מיט די אויגן איבער די צעוויגטע תבואות געבלאָנדזשעט און אויף די פייגל געקוקט.

פאַר דער כאַלופּע ווידער און אונטער די קערשן-ביימער זיינען שוין געלעגן אַ פאַר פעסטע סאָסנעס און אַ קופּע ביימער-שפּיצן מיט צווייגן, דער אַלטער בילינאַ איז לעבן זיי אַרומגע-קראָכן, מיט דער האַק זיי אויסגעמאָסטן, ווו ס׳איז געווען אַ סענק האָט ער אָפּגעהאַקט און פסדר געמרוקעט:

— און דו ביסט אויף אונדזער הייפל געקומען... אודאי...

ביסט אַ פיין שטיקל... לאָז דיר גאָט באַצאָלן... מאַטעוש וועט דיך באַלד אויף אַ שאַרפן קאַנט אויסלאַדעווען... אויף אונטער־באַלקנס וועסטו טויגן... ס'וועט דיר זיין טרוקן, האָב נישט קיין מורא...

— ווי צו אַ לעבעדיקן מענטש רעדט ער — האָט ראַכאָ אַ פאַרוווּנדערטער אַ שעפּטשע געטון.

— זיצטס. פון פרייד האָט זיך אים דער קאָפּ צעמישט, גאַנצע טעג זיצט ער אַזוי אָפּ באַם האָלץ, הערטס נאָר אויס.

— און דו, אָרימענקער נעבעך, ביסט דיך אויך אויסגע־שטאַנען אין וואַלד, איז וועסטו דיך אַצינד אָפּרוען... אוודאי, קיינער וועט דיך שוין נישט טשעפּען!... — האָט דער אַלטער גערעדט, גלעטנדיק מיט די ליבנדיקע הענט די געלע, אָפּגעשייל־טע קאָרע פון דער סאָסנע.

ער איז צוגעקראָכן צו דער גרעבסטער, וואָס איז אָפּגע־וואָרפן געווען אויפן וועגל, ער האָט זיך אַראָפּגעזעצט פאַר דעם איבערשניט און קוקנדיק מיט ליבלעכקייט אויף די געלע, מיט זשיוויצע אָנגעשוואָלענע סלאָיען, האָט ער געמורמלט:

— אַזאַ כלי ביסטו, און מ'האָט זיך מיט דיר אַן עצה געגעבן! האַ? די ייִדן וואָלטן דיך אין שטאָט אַריין אַוועקגעפירט, און אַזוי האָט דיר פאַן יעזוס דערלויבט, און וועסט דיר באַ אייגענע אי־בערבלייבן, באַ באַלעבאַטים, הייליקע בילדער וועט מען אויף דיר אויפהענגען, דער גלח וועט דיך מיט הייליק וואַסער באַשפּריצן, אוודאי... האַ?...

פאַן יאַצעק האָט נאָר נישט באַדייטנד אַ שמייכל געטון דע־רויף און אָפּשמועסנדיק עפּעס מיט ראַכאָן, האָט ער גענומען דאָס פידעלע אונטערן אָרעם און מיט די סטעזשקעס זיך אין וואַלד אַריין געלאָזט גיין.

ראַכאָ ווידער איז דערבאָך געזעסן באַ ווראָנקען, אויסהע־רנדיק פאַרשידענע מעשיות.

אין דרויסן האָט שוין געהאַלטן באַ פאַרנאַכט, די היץ איז פאַרביי און פון די לאָבקעס אפילו האָט שוין אַ קילער צוג גע־ווייעט. פון סאַמע מיטאָג אָן האָט אויך אַ ווינט נישקשהדיק אָנגע־

הויבן צו בלאָזן, אַז די קאָרנפעלדער, זיך זשאַווערנדיקע פון די ייִנגע זאַנגען, האָבן זיך קנוילנדיק געכוואַליעט פונקט ווי די וואַסערן, יעדעס מאָל האָבן זיי זיך געוואַלטיק אַ וואָרף געטאָן, אין אַ ווירבלווינט זיך אַ דריי געטאָן און האָבן אַ פּאַטש געגעבן צום וועג-צו און צו די סטעזשקעס. גלייך ווי זיי וואָלטן שוין נאָר-נאָר געהאַלטן זיך בײַ אויסגיסן, אָבער זיי האָבן זיך נאָר אָנגעקלאַפּט מיט די געלבלעכע גזשיוועס אָן דער ערד און אַ פאַל געטאָן אויף צוריק, פונקט ווי אַ סטאַדע זשרעבאָקעס, וואָס וואָלטן זיך אויף די הינטערשטע פיס געשטעלט. דער ווינט האָט פון פאַרשיידענע זייטן זיך געשטאַרט אויף זיי און געוואָרפן ווי אַ שפּילעכל, אַז זיי האָבן אויפגעשטורעמטע ווידער געהוליעט איבער די בייטן, וואָס זענען פיל געווען מיט געלבלעכע גאַרדן, גרינע אויסגוסן, זשאַווערנדיקע פּאַסן, און מיט אַ געגרילצערײַ, און מיט פּלאַטערנדיקע שאָרכן. די לערכעס האָבן זיך פונאַנדערגעקלונגען איבערהויך, טיילמאָל האָט אַ טשאַטשע קראָען דורכגעצויגן, וואַקלענדיק זיך אויפן ווינט און אַראָפּלאָזנדיק זיך אויף די צעוויגטע ביימלעך אָפּצורוען. די זון איז שוין רויט געוואָרן, אַראָפּלאָזנדיק זיך וואָס אַמאָל נידעריקער, און איבער דער גאַנצער וועלט, איבער די צעוויגטע פעלדער און איבער די סעדער, וואָס האָבן זיך ווי אויף קייטן געריסן, האָט זיך ביסלעכווייַז אַ רויטע שייַן פון אָפּשטאַרבנדיקן טאָג צעגאָסן.

צוליב דעם מאָרגנדיקן יום טוב זענען די מענטשן באַצייטנס פון די פעלדער אַראָפּגעגאַנגען, די פויערטעס האָבן קראַנצן געפלאָכטן פאַר די כאַלופּעס, די קינדער האָבן צונויפגעטראָגן אָרעמס מיט לעפּיעך, פאַר די פלאַשקעס און פאַרן מילנער האָבן זיך געבערגלט גאַנצע קופּעס מיט בערעזקעס און כאַינקעס, וואָס מ׳האָט איינגעגראָבן, ווו מ׳האָט געזאָלט די אַלטאַרן אויפשטעלן. ווי-בישט-ווי האָבן שוין די שיקסעס די ווענט מיט גרינס באַשלייערט, דעם וועג האָט מען אויך ערטערווייַז אויסגעגלייכט, פאַרשיטנדיק די אויסגעהאַקטע לעכער; וועלכע ס׳האָט נאָך גאָר געוואַשן לעבן סטאַוו, אַז נאָר די קיאָנקעס האָט געקלאַפּט און די געגנדן האָבן שרעקעוודיק געגאָדערט.

ראָכאָ האָט גראָד זיך דאַמאָלס פאַרנומען אַרויסצוגיין פון װעראָנקען, װי אויפן טאַפּאָלן-װעג האָט זיך אין אַ שרעקלעכן שטויב עמעץ באַװיזן אויף אַ גאַלאָפּירנדיק פערד. סטאַכאָס פורן מיט האָלץ האָבן אים נאָר עטװאָס אויפגעהאַלטן, אַז ער האָט מיטן פעלד געװאָלט אַרומקרייזן.

— דע! װעסט דאָס פערד אַנידערלייגן, װוהין איילסטו דיך דאָס אַזוי! — האָט מען געשריגן.

ער האָט זיי װי ס'איז אויסגעמיטן און מיט אַלע כּוחות אין דאָרף אַריין זיך אַװעקגעלאָזט, אַז דעם פערד האָט זיך אַזש די לעבער צעשפּילט.

— העי! אַדאַם, װאַרט נאָר! — האָט ראָכאָ אויסגערופן.

דער יינגער קלאָנב האָט זיך עטװאָס איינגעהאַלטן און אָנגעהויבן מיט אַלע כּוחות צו שרייען:

— צ'ווייסט נישט, עפּעס געהרגעטע ליגן אין װאַלד! יעזוס, כ'קען נישט רעדן. כ'האָב געפּאַשעט דאָס פערד אויף דער פּאַשע, און מיר זענען שוין אויך מיט גולבאַשיקן געפאָרן אַהיים אַזש דאָ פאַר באָרינעס צלם האָט זיך דאָס פערד אַ װאָרף געגעבן אָן אַ זייט, אַז כ'בין אַזש אַ דזובענק אַראָפּ געטון אויף דער ערד. כ'גיב אַ קוק: װאָס פאַר אַ טייװל האָט עס דאָס פערד דערשראָקן? און ידאַ אין די יאַלאָװע-ביימלעך ליגן עפּעס מענטשן... מיר האָבן גערופן צו זיי, און זיי גאָרנישט, זיי ליגן װי געשטאָרבענע...

— אַ נאַר, נייע מעשיות װעט ער דאָ דערציילן! — האָט מען זיך צעשריגן אויף אים.

— גייטס, גיטס אַליין אַ קוק: זיי ליגן דאָרט! גולבאַשיאַק האָט אויך געזען, נאָר אויס מורא איז ער אַנטלאָפן צו די קאָמאָרניצעס, װאָס האָבן טרוקענע צװייגן צוזאַמענגעקליבן. זיי ליגן טוים.

— אין נאָמען פון פאָטער און זון, איז רייט-זשע צו אונזיב צו זיס דעם װאָיט!

— דער וואָיט איז נאָך נישט געקומען צו פאָרן פון שטאָט — האָט עמעץ זיך אָנגערופן.

— איז דעם סאָלטיס צו חיסן געבן!... לעבן קאָוואַל־פאַריכט ער מיט די שקצים דעם וועג!... — האָט מען אים נאָכגעשריגן, וואָרן ר'האָט זיך שוין געהאַט אַ לאָז געטון אין אַ פעסטן גאַלאָפ.

איבערן דאָרף, פאַרשטייט זיך, האָט זיך מיטן קוק צעטראָגן די ידיעה וועגן די דערהרגעטע, ס'האָט זיך געמאַכט אַ געוואַלט פול מיט פחד, און אַ געלויפעריי, מענטשן האָבן זיך אַוש איבערגעצלמט פון מורא. און נאָך איידער די זון איז פאַרגאַנגען, איז אפשר אַ האַלב דאָרף אַרויס אויפן וועג. עמעצער האָט צו חיסן געגעבן דעם גלח, אַז ער איז אַרויסגעגאַנגען פאַר דער פּלעבאַניע זיך אויספרעגן; נישט קיין קליינע מחנה איז שוין דאָרט אַהינגעגאַנגען, איינטעהנדיק אין דער שטיל, די יונגערע האָבן זיך געלאָזט אַ ביסל פאָרויס מיטן טאָפּאָלן וועג, און אַלע האָבן מיט גרויס אומגעדולד געוואַרט אויפן סאָלטיס, וועלכער איז מיטן וואָגן אַהינגעפאָרן, פאַרנעמענדיק מיט זיך קלאָגבן און אַ פּאָר פּאַראָבקעס.

זיי האָבן לאַנג געוואַרט, וואָרן ערשט אַרום אָוונט זענען זיי צוריקגעקומען, אָבער צו אַלעמענס נישט קליינע פאַרווונדערונג, מיטן וואָיטס פערד און ברישקע. ער איז עפּעס ביין געווען, וואָרן ר'האָט שרעקלעך געשאָלטן און געשמיסן די שקאַפּעס נישט טראַכטנדיק אפילו שטיין צובלייבן פאַר דעמדאָזיקן צוזאַמענגעלויף, אָבער עמעצער האָט די פערד פאָרן ציימל אָנגעכאַפּט, אַז ער האָט זיך געמוזט אָפּשטעלן און האָט אויסגערופן:

— דאָס זענען יוכעס די שקצים, זיי האָבן זיך גלאַט אין דער וועלט אויסגעטראַכט אויף אַ שפּאַס. קיין שום געהרגעטע זענען נישט געווען אין וואַלד, עפּעס מענטשן זענען זיך געשלאָפן אונטער די קזשאַקעס. כ'וועל כאַפּן דעם קלאָגביאַק, איז וועל איך אים געבן אַ, איבערשרעקן. אויפן וועג האָב איך געטראָפן דעם וואָיט

און כ'האָב מיך מיט אים אויפגעכאַפּט, דאָס איז די גאַנצע מעשה. חיאַ! קלײנשיקע!

— און װאָס, דער װאָס איז קראַנק, װאָס ער ליגט אַזױ װי אַ שעפּס? — האָט זיך װער געפרעגט, אַרײנקוקנדיק אין װאָגן אַרײן.

— אַ שלאָף האָט אים אָנגעכאַפּט און דאָס איז עס אינגאַנצן! — ער האָט אַ שמיר געטון די פערד און געשװינד זיך אַ טראָג געגעבן.

— שטשערוועס, אַזעלכע לאַבוסעס, מ'זאָל אַזאַ זאַך אויסטראַכטן!

— דאָס איז גולבאַשיקס אַ שטיקל אַרבעט, ער איז דער ערשטער צו אַזעלכע הינטישע שטיק!

— מ'דאַרף זײ אַרײנצימבלען מיט אַ פּאַסיק, װאָס האָבן זײ בחנם מענטשן אָפּצושרעקן!

זײ האָבן געשריגן מיט אױפרעגונג, פונאַנדערגײענדיק זיך ביסלעכװײַז איבער די כאַלופּעס.

װי-בײַשט-װי איז מען נאָך געשטאַנען אין קופּקעלעך לעבן סטאַװ, װאָס איז פאַרױטלט געװען פון זון-פאַרגאַנג, װי די קאָמאַרגיצעס האָבן זיך באַװיזן מיט די שװערע משאות האָלץ אויף די פּלײצעס. די קאָזלאָװאַ איז געגאַנגען פאָרויס, אַזש אין דער העמפּט אײַנגעבױגן אונטער דער שװערע משא, און דערזעענדיק מענטשן, האָט זי זיך אָנגעשפּאַרט מיט דעם פּאַק אָן אַ בױם.

— דער סאָלטיס האָט ענק גוט אָפּגעפּרײערט! — האָט זי געזאָגט, קוים זשיפּענדיק פון פאַרמאַטערטקײט. — קײן געהערגעטע זענען אין װאַלד טאַקע נישט געװען, דאָס איז אמת, אָבער אפשר עפּעס ערגערס.

און װען עס האָבן זיך צוזאַמענגענומען מער מענטשן, װאָס זענען צוגעלאָפן געװאָרן דורך איר קול, האָט זי אַ לאָז געטון די צונג:

— מיר האָבן זיך אומגעקערט מיטן פאָדלעשער װעג צום צלם-צו, אינדעם לױפט אונדז אַקעגן גולבאַשיק און שרײַט אַ דערשראָקענער: „אונטער די יאַלאָװע-בײמער, ליגן עפּעס גע-

הרגעטע!"געהרגעטע איז געהרגעטע, טראַכט איך מיר, אָבער פונדעסטוועגן לוינט אַ קוק צו געבן. זענען מיר געגאַנגען... זעען מיר פונדערווייטנס, אמת, ס'ליגן עפּעס מענטשן, פונקט ווי טויטע... נאָר די פיס שטאַרן זיי אַפער פון אונטער די יאַלאָוועץ־ביימער. פיליפּקאַ ציט מיך, מ'זאָל אַנטלויפן... גזשעלאָוואַ שעפּטשעט שוין אַ תפילה, און מיר איז אַ פראָסט דורך די פּלייצעס אַדורך, אָבער כ'האָב מיך איבערגעצלמט, כ'גיי צו נעענטער... כ'גיב אַ קוק... און דאָ ליגט זיך גאָר דער פּאַן וואָיט אָן דער קאַפּאָטע, און דערלעבן יאַגושיאַ באָרינאָוואַ... און שלאָפן זיך אויף וואָס די וועלט שטייט. זיי האָבן זיך אָנגעשיכורט אין שטאָט, הייס איז געווען, איז האָבן זיי זיך געוואָלט אויסרוען אין דער קיל און אַ ביסל זיך ליבלען. ס'האָט אַזש געזעצט פון זיי אַ ריח פון בראָנפן! מיר האָבן זיי נישט אויפגעוועקט: זאָלן קומען עדות, זאָל דאָס גאַנצע דאָרף זען, וואָס עס טוט זיך אָפּ! ס'איז אַ חרפה צו דערציילן, ווי אַזוי זי איז געווען אויסגעטון, אַז די פיליפּקען האָט זי אַזש פון רחמנות מיט דער פּאַטשיילע איבערגעדעקט. ריין סדום. כ'בין שוין אַן אַלטע, נאָר וועגן אַזאַ אויסגעלאַסנקייט האָב איך נאָך נישט געהאָרכט. דער סאָלטיס איז באַלד געקומען צו פאָרן און זיי אויפגעוועקט, יאַגנאַ איז אַנטלאָפן אין פעלד אַריין, דעם פּאַן וואָיט אָבער האָט מען קוים אויפן וואָגן אַרויפגעשלעפּט, אָנגעטרונקען איז ער געווען ווי אַ חזיר!

— יעזוס, אַזאַ מעשה איז נאָך אין ליפּצע נישט געהערט געוואָרן! — האָט עמעץ אַ קרעכץ געטון.

— מאַ, ווען דאָס איז אַ פּאַראָבעק מיט אַ שיקסע כאָטש, אָבער אַ באַלעבאָס, אַ טאַטע פון קינדער און אַ וואָיט!

— און באָרינע אַמפּערט זיך מיטן טויט, ס'איז נישטאָ ווער ס'זאָל אים אַ ביסל וואַסער דערלאַנגען, און זי...

— איך וואָלט זי פון דאָרף אַרויסגעמשלחט! איך וואָלט זי, די שטשערווע, מיט ריטער אונטערן קלויסטער געקאַטעוועט! — האָט ווידער די קאָזלאָוואַ אָנגעהויבן צו קוויטשען.

— די אויסגעלאַסנקייט אַליין שרייט! וואָס דאַרף מען

נאָך צוגעבן? — האָבן זי באַרויִקט די ווייבער, פאַרברעכנדיק די הענט.

— און ווו איז די דאָמיניקאָווא?

— זיי האָבן זי בכיוון אין שטאָט איבערגעלאָזט, כדי זי זאָל זיי נישט שטערן...

— יעזוס, ס'איז אַ מורא פשוט צו טראַכטן, וואָס עס טוט זיך איצט אָפּ אויף דער וועלט!

— אַזאַ זינד, אַזאַ אויסגעלאַסנקייט, ס'טייטש ס'פאַלט דאָך די חרפּה אויפן גאַנצן דאָרף!

— יאַגנאַ האָט נישט קיין מורא פאַר איר שם, זי איז מאָרגן גרייט דאָס אייגענע צו טון.

זיי האָבן אין די כאַלופּעס נאָך אויסגערעדט, פאַרברעכנדיק די הענט, אַז פאַר שרעק און אויפרעגונג האָבן שוין די מער ווייכערע פויערטעס געוויינט, ריכטנדיק זיך אויף אַ שרעקלעכער שטראָף פון גאָט אויף אַלע מענטשן. דאָס גאַנצע דאָרף האָט אויפגעטרייסלט פון די אַלע גערעדערייען און יללות.

נאָר בלויז די שקצים, וואָס האָבן זיך געהאַט צוזאַמענגענומען אויף דער בריק, האָבן גענומען גולבאַשיקן אויספרעגן מיט אַלע פּיטשעווקעס און האָבן אָפּגעלאַכט פון דערדאָזיקער גאַנצער געשיכטע.

— דאָס איז דיר אַ האָן, דער וואָיט, נע! דאָס איז אַ כוואַט! — האָט וואַכניק אַדאַם געלאַכט.

— ער וועט נאָך אָפּקומען זיינס פאַר די ליבעכצן: דאָס ווייב וועט אים דעם קאָפּ אָפּפּליקן!

— אין אפשר אַ האַלב יאָר אים נישט צולאָזן צו זיך.

— נאָך יאַגושען וועט אים נישט זיין אַזוי גענייליציק צו זיינער.

— אין דער היגטישער מאַמען אַריין, צוליב יאַגנען וואָלט זיך יעדער אויף אַלץ געוואַגט...

— נאָך ווי אַזוי! אַ נקבה ווי אַ הירש, אַז כ'ווייס נישט, צי מען וועט נאָך אַזעלכע ערגעץ אין אַ הויף געפינען: זי גיט נאָר אַ קוק אויף אַ מענטש, איז הייבט אים באַלד אָן צ:ען.

— האָניג איז דאָס, נישט קיין נקבה, ס׳איז מיר טאַקע נישט קיין ווונדער, וואָס אַנטעק באַרינאַ...

— לאָזטס געמאַך, חברה! גולבאַשיק זאָגט איין ליגנט, די קאָזלאָוואַ די צווייטע, און די באַבעס, צוליב קנאה לייגן נאָך צו. אינדערדאָמתן גאַר, איז ווייסט מע נישט, ווי אַזוי עס איז געווען... נישט אויף אייגער פּיסקעוועט מען, כאָטשיק זי איז די ערלעכס־טע — האָט מאַטעוש אָנגעהויבן צו רעדן מיט עפּעס אַן אומעטי־קער און זייער באַטריבטער שטימע, אָבער ער האָט נישט געענ־דיקט, וואָרן גזשעלאַ, דעם וואַיטס ברודער, האָט זיך צווישן זיי באַוויזן.

— נו וואָס? פּיעטער שלאָפט נאָך? — האָבן די מער נייַ־געריקע אַ פרעג געטון.

— ר׳איז דאָך מיינס אַן אייגענער ברודער, אָבער ווער עס טוט אַזוי, איז פאַר מיר פון היינט אַן אַ הונט! אָבער די שטשער־ווע איז אין אַלעם שולדיק! — האָט ער מיט כעס אַרויסגעי־פּלאַצט.

— ס׳איז נישט אמת! — האָט מיטאַמאָל פּיעטרעק, באַרי־נעס פאַראָבעק, אַ געשריי געטון, דורכרייסנדיק זיך מיט די פויסטן צו גזשעלען: — ווער עס בילט אַזוי, זאָגט ליגנט ווי אַ הונט!

אַלע האָבן זיך פאַרוווּנדערט אויף דערדאָזיקער אַ מגעריכ־טער פאַרטיידיקונג, און ער האָט טרייסלענדיק מיט די פויסטן, ווייטער געשריגן:

— נאָר דער וואַיט איז שולדיק! זי האָט אים קרעלן גע־בראַנגט צו פירן? זי האָט אים אין קרעטשמע אַריין געצויגן? זי האָט דורך די גאַנצע נעכט אין סאָד געהיטן, האַ? כ׳ווייס גאַנץ גוט, ווי אַזוי ער האָט זי געצווונגען און אָנגערעדט! און אפשר האָט ער איר אַזעלכע טראָפּנס איינגעגעבן, אַז זי זאָל זיך אים נישט אָנטקעגנשטעלן!

— דו פאַרשטונקענער פאַרטיידיקער! וואַרף דיך נישט אַזוי, וואָרן וועסט נאָך די הויזן פאַרלירן!

— זי וועט געוויר ווערן, אַז דו פאַרטיידיקסט זי, וועט זי אויפהייבן דיינע פאַרדינסטן.

— אָדער נאָך מאַטשעיען עפּעס אַ פּאָר הויזן דיר שענקען!

זיי האָבן זיך אַזש געקאַטשעט פון געלעכטער און פון אָפּחוזקן.

— דער מאַן וועט זיך נישט אָוועקשטעלן אַנטקעגן פאַר איר, און נישט קיין שום אַנדערער, וועל איך זי פאַרטיידיקן... און כ'וועל עס טון, אין דער היגטישער יזכע אַריין, און לאָמיך נאָך הערן כאָטש איין שלעכט וואָרט, וועל איך נישט זשאַלעווען קיין פויסטן... אַזעלכע פּיסקאַטע יזכעס, ווען דאָס וואָלט זיך געווען טרעפן מיט ווע'לכנס ס'איז אַ שוועסטער אָדער אַ ווייב, וואָלטן זיי געהאַלטן די מאָרדעס!

— פאַרמאַך דו אויך דאָס פּיסק, דו פּאַראָבעק אייגער, נישט דיין עסק, היט דיר אָפּ די פערדס ווידלען! — האָט סטאַכאָ כלאָשקאָ אַ געשריי געטון אויף אים.

— און זע, זאָלסט אַמאָל פריער עפּעס נישט אַריינכאַפּן! — האָט וואַכניק צוגעגעבן.

— און אַ זאַשע דיר צו באַלעבאַטים, דו קאָלטון אייגער! — האָט נאָך עמעצער אַוועקגייענדיק צוגעוואָרפן.

— פאַרשיווע גאָספּאָדאַזשעס, דזשעדזשיצעס שטשערוועס! איך דין, אָבער כ'טראָג נישט אַוועק אין געהיים קיין פערטעלעך צום ייִד, נישט איך בעם פון דער קאַמער עפּעס אַרויס! עץ קענט מיך נאָך נישט! — האָט ער געשריגן נאָך די אין איילעניש אַוועקגייענדיקע, וואָרן ס'איז זיי געוואָרן עפּעס נישט אַזוי דאָסיק, אַז שוין גאָרנישט זיך אָפּרופנדיק אויף זיינע געוואַלטן, זעגען זיי זיך פונאַנדערגעגאַנגען איבער די כאַלופּעס.

ס'איז געוואָרן אָוונט, נאָר עפּעס אַ ווינטל האָט געבלאָזן און אויסטערליש העל איז געווען, כאָטש ס'איז שוין לאַנג געווען נאָך זון-אונטערגאַנג; אויפן הימל זענען נאָך געלעגן ברייטע אויסגוסן פון בלוטיקע הימל-רויטקייטן, ווי אַן אויפגעריסענער געווימל פון מאָרעווקעס, און ס'האָבן זיך ביסלעכווייז אָנגעקליבן גרויסע וואָלקנס. עפּעס אַן אומרויקייט האָט זיך איבער דער וועלט צעוויעט, דער ווינט האָט הויך געקנאַלט, אַז נאָר די מער הויכע

ביימער-שפּיצן האָבן זיך געוואָרפן, עפּעס אומגעזעענע פֿייגל זענען מיט אַ געשריי דורכגעפֿלויגן, די גענדז האָבן אויך, נישט וויסנדיק פאַרוואָס, איבער די הייף זיך צעשריגן, און די הינט האָבן געבילן ווי די משוגעים, אויף די פעלדער אַזש אַרויסלויפנדיק, און די כאַלופּעס ווידער האָט אויך אַזוי אויסגעזען, וואָרן נאָך דער וועטשערע איז קיינער אין די שטובן נישט איבערגעבליבן, נישט אויף די שוועלן זיך אויסגעזעצט, ווי געוויינטלעך אַלע זענען צו די שכנים געגאַנגען, צונויפזאַמלענדיק זיך פאַר די הייף און שטיל עפּעס אײַנטענהנדיק.

דאָס דאָרף איז געווען ווי אויסגעשטאָרבן, ס'האָבן זיך נישט געהערט קיין געלעכטערן, נישט קיין לידלעך, ווי שטענדיק אין אַ וואַרעמען אָוונט, וואָרן אַלע האָבן נאָר פליסטערנדיק איינגעטענהט, היטנדיק זיך פאַר די קינדער און פאַר די שיקסעס, און אַלעמען האָט אַדורכגענומען איינע און די זעלבע אויפרעגונג און אויפברויז.

בײַ האַנקען האָבן זיך אויך צוזאַמענגענומען אויפן גאַניק עטלעכע קומעס: זיי זענען געקומען צו לויפן צו באַדויערן זי און עפּעס בייעס זיך צו דערוויסן וועגן יאַגנען. פון פאַרשידענע זייטן האָבן זיי אָנגעהויבן, אָבער האַנקאַ האָט זיי טרויעריק אָפּגעענטפערט:

— ס'איז אַ חרפּה און אַ גאַנץ לעסטערונג, אָבער אויך נישט קיין קליין אומגליק.

— אוודאי, מאָרגן וועט די גאַנצע פּאַראַפיע דערוויסן.

— און מ'וועט באַלד זאָגן, אַז וואָס נאָר עפּעס שלעכטס, איז געשעט עס אין ליפּצע.

— און אויף אַלע ליפּצער ווייבער וועט פאַלן די בושה.

— וואָרן אַלע זענען אַזעלכע הייליקע, אַז זאָל זיי נאָר ווער אַזוי צווינגען, וואָלטן זיי דאָס אייגענע געטון! — האָט יאַגוסטינקע מיט שפּאָט זיך אָנגערופן.

— שווייגסט שטיל, ס'איז נישט די צייט אַצינד פון קיין

געלעכטער־לעך! — האָט זי האַנקאַ הויך אָפּגעזידלט און זי האָט זיך שוין מיט קיין וואָרט נישט מער אָנגערופן.

עס האָט זי נאָך געשטיקט די בושה, אָבער דער כעס, וואָס האָט זי אין אָנפאַנגס אויף יאַגנען אָנגעכאַפּט, איז שוין ערגעץ פאַרפאַלן געוואָרן, אַז אַזוי ווי נאָר די קומעס זענען זיך פונאַנדערגעגאַנגען, האָט זי אַריינגעבליקט אויף דער צווייטער זייט, מכלומרשט ווי צו מאַטעושן, אָבער דערזעענדיק יאַגושען, וועלכע איז געשלאָפן אין אַנטון, האָט זי צוגעלעגט די טיר און אין דער פינסטער זי זאָרגפעלטיק אויסגעטון.

— זאָל גאָט אָפּהיטן פון אַזאַ גורל! — האָט זי געטראַכט דערנאָך מיט אַן אויסטערליש רחמנות, און זי האָט נאָך עטלעכע מאָל דעמדאָזיקן אָוונט צו איר אַריינגעבליקט.

יאַגוסטינקאַ, ווייזט אויס, האָט געמוזט עפּעס באַמערקן, וואָרן זי האָט, ווי נישט ווילנדיק, אויסגערופן:

— יאַגנאַ איז נישט ריין פון קיין זינד, אָבער דער וואָיט איז צום מיינסטן שולדיק.

— אמת. אויך אים דאַרף מען פאַר אַלץ צו באַצאָלן, אויך אים! — האָט האַנקע אַזוי פאַרביסן צוגעבאַסעוועט, אַז פּיעטרעק האָט אַזש מיט דאַנקבאַרקייט אַ קוק געטון אויף איר.

און זיי האָבן גוט אַריינגעטראָפן, וואָרן ביז שפּעט אין דער נאַכט אַריין, איז דער אַלטער פלאָשקאַ מיט די קאָזלעס אַרומגעלאָפן איבערן דאָרף, אונטערהעצנדיק די מענטשן קעגן אים. פלאָשקאַ איז אפילו אין די כאַלופּעס אַריינגעגאַנגען און מכלומרשט ווי אין געלעכטער געזאָגט:

— האָבן מיר געפּאַקט אַ וואָיט, אַז אין גאַנצן פּאָוויאַט וועט מען קיין גרעסערן כוואַט נישט געפינען!

אָבער ווייל מ'האָט אים עפּעס נישט אַזוי זייער צוגעבאַסעוועט, איז ער אַוועק אין קרעטשמע אַריין. ס'זענען שוין דאָרטן געווען עטלעכע פון די קלענערע באַלעבאַטים. ער האָט זיי געשטעלט בראָנפן איין מאָל און ס'צווייטע מאָל, און אַז זיי האָבן זיך שוין געהאַט אונטערגעכוסהט, האָט ער אָנגעהויבן זיינס צו פּרעדיקן:

— דער וואָיט פירט זיך אונדז אויף אָרנטלעך, האַ?

— ס'איז אים דאָך נישט ס'ערשטע מאָל דאָס! — האָט קאָבוס פאַרזיכטיק צוגעוואָרפן.

— איך האָב מיר מיין מיינונג וועגן אים און כ'וועל עס פון מויל נישט אַרויסברענגען, כ'האָב! — האָט דער עטוואָס בגילופנדיקער שיקאָראַ אַ מרוקע געטון, אָנשפּאַרנדיק זיך שווער אויפן שענקפּאַס.

— האַלט דיר אפילו עפּעס אַנדערש אויך אין די ציין: קיינער רייסט דיר נישט אַרויס! — האָט פלאָשקאַ אַרויסגעפּלאַצט און ר'האָט שוין אינדערשטיל אָנגעהויבן אינטערצוהעצן אויפן וואָיט, פריידיקנדיק, אַז ער גיט אַ שלעכטןביישפּיל פאַר מענטשן, וואָס פאַר אַ חרפּות און בושות ס'איז דאָ צוליב אים, און נאָך פאַרשידענע מעשיות.

— כ'האָב מיר וועגן דיר אויך מיין מיינונג, נאָר כ'וועל דיר נישט זאָגן — האָט שיקאָראַ געוואָרטשעט.

— אַראָפּוואַרפן אים פון אַמט, דאָס איז די איינציקע עצה, וועט אים באַלד די טראָמבע ווייכער ווערן! — האָט ער געפריי־דיקט, שטעלנדיק אַ פריש קוואָרטירל. — מיר האָבן אים אויפן וואָיטשאַפט אַרויפגעזעצט, זענען מיר אויך בכוח אים אַראָפּצו־זעצן! דאָס, וואָס ער האָט היינט אָפּגעטון, איז אַ חרפּה פאַרן גאַנצן דאָרף, אָבער ער האָט נאָך ערגערס געטון: ר'האָט שטענ־דיק געהאַלטן מיטן דזשעדזשיץ צום שאָדן פון דאָרף, ער וויל אַ שקאָלע אין ליפּצע אויפשטעלן, די דייטשן אין פּאָדלעשיע האָט ער דאָס אַפּנים דעם דזשעדזשיץ דעראַיעט. און ער הוליעט כסדר, טרינקט, אַ שייער זיך אויפגעשטעלט, אַ פערד צוגעקויפט, עסט אַלע וואָך פלייש און טרינקט טיי — פאַר וועמענס געלט איז דאָס? האַ? פאַרשטייט זיך, אַז נישט פאַר זיינעם, נאָר פאַרן גראָמאַדע־געלט. . .

— דאָס האַלט איך, אַז דער וואָיט איז אַ חזיר, אָבער דו וואָלסט אויך געוואָלט דיין פּיסק אין דער קאָריטע אַריינשטעקן! — האָט אים שיקאָרעס געמירמל איבערגעריסן.

— ר'האָט זיך אָנגעשיכורט און פלאַפּלט גלאַט אין דער וועלט אַריין.

— כ'האָב מיר מיין מיגונג, אַז פאַר קיין וואַיט וועט מען דיך נישט אויסקלויבן!

זיי האָבן זיך אָפּגערוקט פון אים און עפּעס לאַנג אין דער נאַכט אַריין זיך באַראַטן.

צומאָרגנס ווידער האָט מען נאָך העכער געגומען צו צע־פלוישן די גאַנצע געשיכטע, וואָרן דער גלח האָט פאַרבאָטן צו שטעלן דעם אָלטאַר פאַרן וואָיט, אַזוי ווי עס פלעגט אַלע יאָר זיין. פאַרשטייט זיך, אַז ער האָט זיך וועגן אַלעמען דערוווּסט און באַלד אינדערפרי האָט ער זיך געהייסן רופן די דאָמיניקאָ־וואַ, וועלכע איז ערשט אַרום האַלבע נאַכט געקומען צו פאָרן, און איז אַזוי בייז געווען, אַז ער האָט דעם אָרגאַניסטער אויס־געזידלט און יאַמבראַזשין מיטן ציביק אַ שמיר געטון.

דערדאָזיקער טאָג פון „גרינעם דאָנערשטיק" איז אויפגע־שטאַנען פּונקט ווי די פריערדיקע טעג, זייער אַ לויטערער, נאָר אַן אויסטערליש שטיקנדער און שטילער; ס'קלענסטע ווינטעלע האָט נישט קיין בלאָז געגעבן איבער דער ערד, די זון האָט באַלד פון אויפגיין אָן אָנגעהויבן אומברחמנותדיק צו פרעגלען, אַז אין דער צעגליטער און טרוקענער לופט זענען די בלעטער אָפּגעוועלגלטערהייט פאַרחלשט געוואָרן און די תבואות האָבן זיך אָנמעכטיק געבויגן, דאָס זאַמד האָט געברינט אין די פיס, פּונקט ווי אָנגעגליטע קוילן, פון די ווענט איז געריגען די זשיוויצע, וואָס איז אין דער היץ צעלאָזט געוואָרן.

פאַן יעזוס האָט זיך געלאָזט ווילגיין און געפרעגלט וואָס אַמאָל שטאַרקער, אָבער דער עולם האָט גלייך ווי נישט געקוקט דערויף, וואָרן פון סאַמע פאַרטאָג אָן האָט זיך געמאַכט אין דאָרף אַ גערודער און אַ געדרייעריי: מ'האָט זיך צוגעגרייט אין קלויס־טער אַריין, און די שיקסעס, וואָס האָבן געזאָלט טראָגן די חופּות אין שיטן בלומען פאַרן דאַבראָדזשעי בשעת דער פּראָצעסיע, זענען אַרומגעלאָפן ווי די פאַרסמטע איינע צו דער אַנדערער, צוצומעסטן זיך די פאַרש־דענע שלייערן, און קעמען זיך און

פֿאַרשידענע מעשיות צווישן זיך אויסצורעדן, די עלטערע ווידער האָבן בהצנעדיק די אַלטאַרן אויסגעשלייערט; מ'האָט געשמעלצט פֿאַרן מילגער, פֿאַר דער פֿלעבאַניע אָנשטאָט באַם וואַיט, און פֿאַר די באַרינעס, אַז האַנקאַ צוזאַמען מיט די שטוב־מענטשן האָבן שוין פֿון פֿאַרטאָג אָן ראַכאָן צוגעהאָלפֿן.

זיי האָבן טאַקע די ערשטע כמעט געענדיקט, און זיי האָבן אַזוי שיין אויסגעשלייערט, אַז מענטשן האָבן זיך אַזש פֿאַרוווּנדערט, זאָגנדיק, אַז עס איז אַפֿילו שענער, ווי באַם מילגער.

און זיי האָבן אמת געזאָגט: פֿאַרן גאַניק איז עס געשטאַנען פּונקט ווי אַ קאַפּליצע, אויסגעפֿלאָכטן פֿון בזשאָזע־צווייגן און גרינס, אַרומגעדעקט זי מיט וועלניאַקעס, אַז ס'האָט אַזש געבלענדט אין די אויגן פֿון די קאָלירן, אין דער מיט ווידער, איז אויף אַ העכער אָרט געשטאַנען דער אַלטאַר, באַדעקט מיט אַ ווייסינקער, דינער פּלאַכטע און אַרומגעשטעלט מיט ליכט און מיט בלומען אין דזאַניציקעלעך, וועלכע יוזקע האָט אַרומגעקלעבט מיט אויסגעשוירן גאָלדפּאַפּיר.

אַ גרויס בילד פֿון דער הייליקער מוטער איז געהאָנגען איבערן אַלטאַר, און לעבן דעם האָבן זיי אָנגעהאָנגען מיט קלענערע בילדלעך, וויפֿיל ס'איז נאָר געווען אָרט. כדי נאָך מער צו פֿאַרצירן, האָט מען איבערן סאַמע אַלטאַר צוגעטשעפּעט אַ שטייג מיט אַ שפּילפֿייגעלע, וואָס נאַסטקע האָט געבראַכט צו טראָגן: דער פֿויגל האָט זיך צעלאָזט אויף זיין שטייגער, ווייל וויטעק האָט אים שטילערהייט צוגעפּייפֿט.

און דער גאַנצער הויף־איינגאַנג פֿון וועג אָן איז געווען אויסגעזעצט מיט כאָינע־ביימלעך, געמישט מיט בזשאָזעס, מיט געלן זאַמד גראָב אָנגעשיט און באַוואָרפֿן מיט לעפּיעך.

יוזקאַ האָט אָנגעטראָגן גאַנצע אָרעמס מיט קאָרנבלימלעך, שפּאָרן־בלימלעך, פֿעלד־וויקע און דערמיט אויסגעשלייערט די ווענט פֿון דער קאַפּליצע; זי האָט אַרומגעוויקלט אויך דערמיט די בילדער, די לייכטערס און וואָס ס'האָט זיך נאָר געלאָזט, אַז אַפֿילו די ערד פֿאַרן אַלטאַר האָט זי מיט בלומען אויסגעשיט; זי האָט די כוואַליעס אויך נישט פֿאַרגעסן, וואָרן די גאַנצע ווענט און די

פענסטער זענען פארזונקען געוואָרן אין גרינס, אין די סנאָפּעס־שטרוי פון דאַך ווידער האָט זי לעפּיעך אַרייַנגעשטעקט.

און אַלע גלייך האָבן זיך צו דער אַרבעט צוגעטון, א חוץ איין יאַגושיאַ, וועלכע האָט זיך גאַנץ פרי פון דער כאַלופּע אַרויסגעכאַפּט און זיך שוין מער נישט געוויזן.

אינדערראַמתן האָבן זיי געענדיקט די ערשטע, אָבער די זון האָט זיך שוין געהאַט איבערן דאָרף אויפגעהויבן און וואָס אַמאָל מער האָבן געררישט די פורן, וואָס זענען פון די אַנדערע דערפער געפאָרן.

האָט מען זיך געאיילציק גענומען גרייטן אין קלויסטער אַריין.

וויטעק איז נאָך איבערגעבליבן היטן פאַרן הויף, וואָרן א גאַנצע כמאַרע מיט קינדער האָבן זיך געפּאַקט אַנצוקוקן דעם אַלטאַר און דעם שפּילפייגעלע צו צו פייפן, אַז ער האָט מיט א צווייג זיי כסדר אָפּגעיאָגט, און נישט קענענדיק זיך קיין עצה געבן, האָט ער אַלאַז געטון, אויף זיי זיין באַטשאַן, וועלכער איז שוין ווייזט אויס דערויף אויסגעלערנט געווען, ער האָט זיך צאַיענדיק אַרויסגערוקט און געדראָט מיט זיין שאַרפן שנאָבל אין די באָר־זעסע פיס אַריין, אַז זיי זענען אַזש מיט א געוואַלט וואָס אַ ווייל־אין אַלע זייטן זיך צעפלויגן.

דאָס קליינע קלויסטער־גלעקל האָט זיך אַקוראַט געלאָזט הערן, ווען דאָס גאַנצע הויזגעזינט איז אַרויסגעגאַנגען. יוזקאַ איז געלאָפן פאָרויס, איינגאַנצן אין ווייסן, מיט שיך, פאַרשנורעוועט מיט רויטע טאַשמעס, מיט א תפילה־ביכל אין דער האַנט.

— וויטעק, ווי אַזוי זע איך דיר אויס? האַ? — האָט זי געפרעגט, אויסדרייענדיק זיך צו אים אויף די אָפּצאַסן.

— פיין, ווי א ווייס גענדזל! — האָט ער מיט פאַרוווּנדערונג אויסגערופן.

— ביסט אַזאַ מבין דערויף, פונקט ווי דיין באַטשאַן.

האַנקאַ האָט געזאָגט, אַז קיין שומס אין דאָרף וועט זיך נישט אַזוי אויסשלייערן — האָט זי געקלאַפּט, אַראָפּצוענדיק די צו קורצע מלבושים.

— טה!... און די קניִען רויטלען זיך דיר דורך דער ספּודניצע, פּונקט ווי בײַ אַ גאַנדז פֿון אונטער די פֿעדערן.

— ביסט אַ נאַר! לאַפּען אויפֿן ווײַדל קוק דיר! יאָ, באַהאַלט דעס באַטשאַן: דער גלח וועט קומען מיט דער פּראָצעסיע, איז וועט ער אים נאָך דערזען און דערקענען — האָט זי אים שטילער געוואָרנט.

— אמת, אַז זי איז אָפּגעטאָקט און שיין, און די באַלעבאָסטע בלאָזט זיך אויכעט ווי אַן אינדיק! — האָט ער געמורמלט, נאָכקוקנדיק זיי אויפֿן וועג אַרויס, אָבער דערמאַנענדיק זיך אָן דער וואָרנונג, האָט ער אַרײַנגעצויגן דעם באַטשאַן אין דעם גרוב אַרײַן נאָך די קאַרטאָפּליעס, און כּדי זיך פּאַר די קינדער צו פּאַרטיידיקן, האָט ער לאַפּען באַפּוילן צו וואַכן פּאַרן אַלטאַרזש, און אַליין איז ער אַרײַנגעלאָפּן צו מאַטשעיען, וועלכער איז, ווי אַלע טאָג, געלעגן אין סאַד.

אין דאָרף איז שוין פֿולקום שטיל געוואָרן, אַלע וועגענער זענען שוין געהאַט דורכגעפֿאָרן און די מענטשן דורכגעגאַנגען; די וועגן זענען פּוסט געוואָרן, נאָר וווּ-נישט-וווּ פּאָר די הייף האָבן זיך קינדער געשפּילט. די הינט האָבן זיך אויף דער זון אויסגעלייגט און שוואַלבן האָבן אין דער צעגליטער לופֿט איבערן סטאַוו געשוועבט, אין קלויסטער האָט זיך באַלד נאָכן קליינעם גלעקל אָנגעהויבן די גאָטעסדינסט, דער דאָבראָדזשעי איז אַרויסגעטרעטן מיט אַ תּפֿילה און דער אָרגל האָט אויפֿגעשפּילט, אָבער איינגיכן, ווײַזט אויס, נאָך דער דרשה, האָבן אַלע גלאָקן אויפֿגעקלונגען, און ס׳האָט אַ זעץ אַרויס געטון מיט אַזאַ געזאַנג, אַז די טויבן האָבן זיך אַזש פֿון די דעכער אויפֿגעריסן. דער עולם האָט זיך אָנגעהויבן אַרויסשיטן פֿון דער גרויסער טיר, און איבער זיי זענען אַרויסגעגאַנגען איינגעבויגענע פֿענער, ברענענדיקע ליכט און בילדער, וועלכע די שיקסעס, אין ווײַסן אָנגעטון, האָבן געטראָגן, די צום סוף האָט מען אַרויסגעטראָגן די רויטע חופּה, און אונטער איר האָט דער גלח מיט דעם גאָלדענעם ארון אין דער האַנט פּאַמעלעכיטשקע פֿון די שטיגן אַראָפּגענידערט.

און ווען זיי האָבן זיך ווי ס׳איז איינגעשטעלט אין דער פּראָצעסיע, בילדנדיק צווישן דעם המון אַזוי ווי אַ גאַס, וואָס איז אַרומגעצוימט געווען מיט אָנגעצונדענע ליכט, האָט דער ראַבראַדזשעי ווייטער אויפגעזונגען:

„באַ דיין טיר שטיי איך גאָט!...

און דער גאַנצער עולם האָט אים מיט איין ריזיקער, הימל־גרייכנדער שטימע אָפּגעהילכט:

— כ׳וואַרט אויף דיין גענאָד...״

און זינגענדיק, האָבן זיי גערירט פון אָרט, שטופּנדיק זיך אין די טויערן פון צמענטאַזש און פּאַקענדיק זיך, ווייל ס׳איז געווען אַן אומגעהייערער צונויפפאָר, די גאַנצע פּאַראַפּיע האָט זיך צוגעשטעלט, און אפילו אַלע הייף, אַז די פּריצים האָבן דעם דאַבראַדזשעי געפירט און דערלעבן נאָך אַסיסטירנדיק מיט די ליכט געגאַנגען; די חופּה ווידער האָבן געטראָגן די באַלעבאַטים, נאָר ווי אויף להכעיס די ליפּצער, זענען דאָס געווען בלויז פרעמדע, פון אַנדערע דערפער.

די גאַנצע פּראָצעסיע האָט זיך אַרויסגעשיט פון די שאָטנס פון צמענטאַזש אויפן פּלאַץ אַרויס, וואָס איז געווען ווייס און זידנדיק פון דעם גליען, די זון האָט געפּלייצט אין די אויגן אַריין, פרעגלענדיק מיט פלאַקערדיק פייער, אַז זיי האָבן זיך שוין פּאַמעלעך גערוקט צווישן גלאָקן־געקלאַנג, געזאַנגען, אין די שמעקעדיקע קטורת־רויכן און אין די קנוילן שטויב, וואָס האָט זיך אויפגעהויבן צווישן די ברענענדיקע ליכט און בלישטשען, וואָס מ׳האָט אונטערן גלחס פיס געשיט.

זיי האָבן זיך אַוועקגעלאָזט צום ערשטן אַלטאַר פון דער רעכטער זייט צו די באַריגעס; דער וועג איז מיטן קוק פּאַרפּאַקט געוואָרן, אַז די פּלויטן האָבן אַזש געקנאַקט, און נישט איינער איז אין סטאַוו אַריין פון הויכן ברעג אַראָפּגעפאַלן, און דיביימער באַם וועג האָבן זיך פון דעם שפּאַרעניש געטרייסלט. זיי האָבן זיך געשיט מיט אַ שווערער, צעזונגענער ענגשאַפט פון קעפּ, פּונקט ווי אַ טייך, וואָס בייט זיך מיט די פאַרבן און אינדערמיט איז, פּונקט ווי אַ שיפל אויף די כוואַליעס, געשווומען די רויטע חופּה

און ס'האָבן זיך בעוועגט די פענער, די בילדער און די הייליקע פיגורן, אינגאַנצן אין טיול און אין בלומען איינגעהילט.

זיי האָבן זיך בעשפאַרט אין דעם גרויסן המון, קעפ איף קעפ, קוים שוין אָטעמענדיק פון היץ און ענגשאַפט, אָבער זינגענדיק פון גאַנצן האַרץ, מיט דער גאַנצער קראַפט, מיט אַלע העלדער, אַז ס'האָט זיך אויסגעזען, גלייך ווי צוזאַמען מיט זיי האָט די גאַנצע וועלט געזונגען אַ לויב צו גאָט — גלייך ווי די דערהויבענע ליפּעס, די שוואַרצע אַלכעס, די אויף דער זון צעפלאַקערטע וואַסערן, די שלאַנקע בזשאַזעלער, די נידעריקע סאַדער און די גריבע פעלדער, די ווייטקייטן מיטן אויג נישט אַרומצונעמען און די כאַלופּעס, מיט אַלץ, וואָס איז נאָר געווען — האָבן צוגעגעבן זייער האַרציקע באַגלייטונג, אָנגעפילטע מיט פרייד און אָן אומגעהייערע שירה האָט זיך מיט אַ צוזאַמענגעקוילטן דונער אין דער צעגליטער לופט צעגאָסן און צום בלאָסן הימל, צו דער זון זיך אויפגעהויבן.

די בלעטער האָבן זיך אַוש פון די קולות געטרייסלט און דאָס לעצטע בליעכץ איז פון די ביימער אַראָפּגעפאַלן.

פאַר די באַרינגעס האָט דער גלח אָפּגעלייענט די ערשטע עוואַנגעליע און, אָפּרוענדיק זיך אַ קאַפּ, האָט ער דעם עולם צום מילנערס אַלטאַר אַוועקגעפירט.

די היץ איז נאָך גרעסער געוואָרן, אַז עס איז שוין לחלוטין קיין אופן נישט געווען אויסצוהאַלטן, און דער שטויב האָט אין די העלדזער געשטיקט, די זון איז ווייס געוואָרן, און איבערן לויטערן הימל האָבן זיך אָנגעהויבן פאַרציִען ווייסלעכע, לאַנגע שטרייפן, און די צעגליטע לופט האָט געציטערט און געבלענדט אין די אויגן, ווי זידנדיק וואַסער — ס'האָט זיך פאַרנומען איף אַ שטורם.

שוין באַ אַ גוטע שעה ווי די פּראָצעס'יע האָט זיך געצויגן, און כאָטש זיי זענען שוין פאַרמאַטערט געווען פון דער היץ, און כאָטש דער גלח אַליין איז געווען דערשוויצט און רויט ווי אַ בוראַק, אָבער זיי זענען אַרומגעגאַנגען פאַמעלעך, געלאַסן, אַלע

אַלטאַרן, אויסהערנדיק פאַר יעדן די עוואַנגעליעס און זינגענדיק אַלץ נייע לידער.

און טיילמאָל, ווען דער עולם איז, אַ קאָפּ אָפּשטייענדיק, אַנטשוויגן געוואָרן, אַז נאָר אַ געטופּעריי פון די פיס האָט זיך צעטראָגן, האָט מען אין דערדאָזיקער פלוצלינגער שטילקייט די לערכעס אויף די פעלדער געהערט, אַ קוקו האָט ערגעץ עקשנותדיק געקוקעט, די שוואַלבן האָבן אונטער די דעכער געטשוויטשערט און די גלאָקן האָבן געבאָמקעט אומאויפהערלעך; זיי האָבן געקלונגען פאַמעלעך, מיט אַ שטאַרקער און הייסער שטימע.

און כאָטש דער עולם האָט ווידער געזונגען, כאָטשיק די פויערן האָבן בישט געזשאַלעוועט די העלדזער, די ווייבער האָבן זי מיט אַ דיניטשקן טאָן געריסן, די קינדער האָבן אויף זייער שטייגער געפּישטשעט און די קליינע גלעקלעך האָבן געגרילצט, און פון דעם שווערן געטופּעריי האָט די טרוקענע ערד געפּויקט — האָבן דאָך די שטימען פון די גלאָקן אַלץ איבערגעשטיגן, זיי האָבן געקלונגען ריין און דערהויבן, זיי האָבן געקלונגען הימל-ברייכנד מיט עפּעס אַ גאָלדענער, טיפער שטימע, וואָס איז געווען דורכגענומען מיט פרייד און חדווה, און אַזוי שטאַרק און הילכיק, גלייך ווי עמעצער וואָלט געזעצט מיט האַמערס אין דער זון, אַז די גאַנצע וועלט האָט זיך אויסגעוויזן ווי צעוויגט און צעקלונגען.

און קוים ווי זיי האָבן זיך נאָר-וואָס געהאַט אַרויסגעשיט פאַרן קלויסטער, כדי זיך עטוואָס אָפּצוקילן אונטער די ביימער, עפּעס אַ גראָשן די דזשאַדעס פון קניפּל אַרויסצונעמען און מיט די באַקאַנטע איינטענהן, ווי ס'איז פלוצלינג פינסטער געוואָרן, אַ ווייטער דונער האָט אַ קנאַל געטון, און אַ טרוקענער, גרעניקער ווינט האָט אַ דריי געטון, אַז די ביימער האָבן זיך צעשאָקלט, און אַ שטויב האָט זיך אויף די וועגן אויפגעהויבן.

די מענטשן פון די נענטערע דערפער האָבן גענומען געשווינד צאַפּאַרן.

אָבער פון אָנפאַנג האָט נאָר אַ דראָבנע, הייס און שיטער רעגנדל אַ טריף געטון, אַז ס׳איז נאָך פאַרגער און שטיקנדיקער געוואָרן, די זון ווידער האָט נאָך אומבארחמנותדיקער געברענט, און די זשאַבעס האָבן געגוקעט שטילער און שלעפעריקער, אָבער ווי נאָר ס׳איז פינסטער געוואָרן, די חייטקייטן זענען פאַרטונקלט געוואָרן, האָבן זיך ווידער צעקנאַלט אַ פאָר דונערן, און אויף דעם בלוי געוואָרענעם מזרח האָבן אָנגעהויבן שימערן בלאַסע, קורצע בליצן.

דער שטורם האָט זיך געטראָגן פון מזרח־זייט; אין דער פאָרם פון אַ שערף האָבן אָנגעצויגן שווערע, גראַנאַטע פלאַכטעס וואָלקנס, אָנגעטרונקען מיט אַ רעגן, צי מיט האָגל; אַ קורצער און אַ קוועלנדיקער ווינט האָט זיך אַרויסגעריסן פאָרויס, פייפנ־דיק איבער די ביימער־שפּיצן און כמעט רייסנדיק די תבואות, די פייגל זענען מיט אַ געשריי אונטער די דעכער אַרונטערגע־לאָפן, אפילו די הינט האָבן זיך צו די כאַלופּעס אַוועקגעלאָזט, די בהמות זענען פון די פעלדער אַראָפּגעלאָפן, און אויף די וועגן האָבן זיך שוין געדרייט זיילן שטויב און די דונערן האָבן זיך וואָס אַמאָל אַלץ נענטער דערטראָגן.

און ס׳איז נישט אויסגעגאַנגען קיין צוויי רגעס, ווי די זון האָט אָנגעהויבן פאַרזינקען אין רויטלעכע, פאַסקודנע נעפּלען און אַדורכגעלויכטן ווי פון הינטער אַן איבערגעבּרענטער שויב, די דונערן האָבן זיך שוין צעקנאַלט איבערן דאָרף, און אַזאַ שטורם־ווינט האָט אַ זעץ געטון, אַז ס׳איז אַ וואונדער ר׳האָט די ביימער נישט אויסגעריסן, אַז ער האָט נישט די צווייגן און די בינטן שטרוי פון די דעכער אין דער וועלט אַריין אַוועקגעריסן, און די ערשטע דונערן האָבן אַ זעץ אַריין געטון אין די וועלדער, דער גאַנצער הימל איז מיטן קוק בלוי געוואָרן, ווי אַ לעבער, די זון איז פאַרלאָשן געוואָרן, די ווינטן האָבן זיך צעהאָיעט און די דונערן האָבן אָנגעהויבן שלאָגן איינער נאָכן אַנדערן און מיט די ערד אויפגעטרייסלט; די פייערן פון די בליצן האָבן דעם פאַרוואָלקנטן הימל פונאַנדערגעריסן, אויספרעסנדיק די אויגן מיט די בלאַסקן.

די הייזער האָבן געדריגעט פון די קנאַלן און יעדעס באַשעפעניש האָט זיך פון פחד באַהאַלטן.

אַ גליק איז, וואָס דער שטורם האָט געברויזט בלויז פון די זייטן, האָבן די דונערן אַריינגעשלאָגן ערגעץ ווייט, דער ווינט איז פאַרבייגעגאַנגען, נישט אָנמאַכנדיק קיין שום היזקות, דער הימל האָט זיך שוין אָנגעהויבן אויסלייטערן, ווי פאַר דער אָוונט-תפילה האָט אַ גאָס אַראָפּ געטון אַ געדיכטער רעגן, און ס'איז אַוועק אַזאַ מבול, אַז ר'האָט מיטן קוק די תבואות אַנידערגעלייגט, דער טייך האָט צוגענומען און פון אַלע ראָוועס, מיעדזעס און ברוזדעס האָט אַ שוימיק וואַסער געפליצט.

אַרום פאַרנאַכט=צו איז ערשט רו:קער געוואָרן, דער רעגן האָט אויפגעהערט און אויף מערב-זייט האָט זיך די זון פון אונטער די וואָלקנס אַפּערגערוקט, אַ רויטע און שטראַלנדיקע קויל...

ליפּצע האָט ווידער אויפגעלעבט, די מענטשן האָבן אָנגעהויבן די טירן אויפצועפענען און אויף דער וועלט אַרויסצוקריכן און מיט גלוסטיקייט איינצואָטעמען די אָפּגעקילטע לופט, אַלץ האָט געשמעקט נאָך דעם רעגן, און צום מייגסט די יונגע בזשאָזעלעך און די מיענטע אין די גערטנדלעך; די דורכגעווייקטע ערד האָט זיך ווי צעברענט אויף דער זון; עס האָבן געפלאַקערט די קאַלוזשעס אויף די וועגן, עס האָבן געבלישטשעט די בלעטלעך און די גראָזן, עס האָבן געברענט די שוימיקע וואַסערן, וואָס זענען מיט אַ פריידיקן ריזלען אין סטאַוו אַריין אָפּגעפלאָסן.

אַ לייכטיטשקע ווינטעלע האָט איבער די אײנגעבויגענע תבואות אַ שאַר געטון און אַ שאַרפע און פריידיקע פרישקייט האָט פון די וועלדער און פעלדער געשלאָגן און די נשמה דורכגעדרונגען, אַז די קינדער זענען שוין מיט אַ געשריי איבער די ראָוועס און קאַלוזשעס אַרומגעקראָכן, די פייגל האָבן געטשווירשערט אין די געדיכטענישן, די הינט האָבן שטאַרק געבילן, דעם גלחס פּערל-היבער האָבן אויף די פּלויטן געריסן, און אַלע הייף-איינגענג, וועג, כאַלופּעס און פּאַדוואָרשעס האָבן זיך צעקלונ-

גען מיט אויסרופן און מיט געשפּרעכן, אפילו דאָרט ער עץ לעבן דער מיל האָט שוין ווער אַ לידל אויפגעזונגען:

טריפט אַ רעגנדל, טריפט אויף מיר, טריפט אויף מיר —
מאַריש מייבע, אַך שלאָף מיט מיר, שלאָף מיט מיר!

פון דעם פעלד ווידער, האָבן זיך צוזאַמען מיט דעם געריטש פון די אַראָפּגעטריבענע סטאַדעס, געריסן די גרילצנדיקע, שנעלע לידלעך פון די פּאַסטושקעס:

האָסט געזאָגט מיר, וועסט מיך נעמען
נאָכן קאָרנשניט — מעגסט דיך שעמען:
פירסט שוין האָבער ס'לעצטע בינטל —
איצטער בילסטו ווי אַ הינטל —
אוי דאַנאַ, דאַ דאַנאַ!...

ס'האָבן אויך אָנגעהויבן אַרויספאָרן די פורן פון די מענטשן, וועלכע זענען דאָ איבערגעבליבן, איבערוואַרטנדיק דעם שטורם, אָבער אַ סך באַלעבאַטים פון די שכנישע דערפער זענען איבערגעבליבן צו געסט באַ די ליפּצער: דאָס זענען געווען די יעניקע, וואָס זענען אַזוי ערלעך אַראָפּגעקומען די פויערטעס צוצוהעלפן. די רייכערע האָבן זיי אויפגענומען באַ זיך אין די שטובן, נישט וואַלצווענדיק קיין עסן און נישט קיין געטראַנקען, די אָרימערע ווידער האָבן אַוועקגעפירט זייערע בעל־טובות אויף אַ פונדע צום ייִד, וואָרן סוף־כל־סוף איז אין אַ קופּע צוזאַמען לעבעדיקער און אין אַ קרעטשמע איז פריילעכער.

די שקצים האָבן אַראָפּגעבראַנגט די מוזיקע, אַזוי, אַז פון דער אָוונט־תפילה אָן האָבן זיך געטראָגן פון דער קרעטשמע די טענער פון די פידלען, דאָס דודלען פון די באַסן און דאָס ברו־מעבדיקע וואָרטשעריי פון דער פויק.

אויף אַנדערע האָבן געדיכט געצויגן אויף דער פאַרוויילונג, וואָרן פון אַזאַ לאַנגער צייט, פון סאַמע פאַסט אָן, האָבן זיי זיך אויף קיין שום הוליאַנקע נישט פאַרזאַמלט.

אַן עולם איז זיך אָנגעקומען אָן אַ צאָל, ס'האָט ערטער פאַרפעלט, און אַ שפּאָרער עולם האָט זיך געמוזט לאָזן באַגנוגענען מיט זיצן אויף די בעלקעס, וואָס זענען געלעגן הינטער דער קרעטשמע, נאָר דאָס וועטער איז געווען אַ שיינס און אויפן הימל האָבן געלויכטן גאָלדענע שטערן, איז האָבן זיי זיך געדיכט אויסגעזעצט הינטער דער וואַנט, שרייענדיק כּסדר צום ייִד, אַז ער זאָל זיי געטראַנקען אַרויסטראָגן.

כמעט בלויז ייִנגוואַרג האָט די קרעטשמע פאַרפולט און זענען באַלד טאַקע פון אָנהייב אַוועק מיט אַן אָבערעק, אַז די ווענט אין די דילן האָבן אַזש אונטערגעקרעכצט, און אָנגעפירט מיט די טענץ האָט, צו נישט קיין קלייבער פאַרוואונדערונג, שימעק דער דאָמיניקאָוועס מיט באַסטושען. אומזיסט האָט אים דער ייִנגערער, יעבדזשיק, אין אַ זייט אַוועקגעפירט, חלשנדיק פאַר אים אין דער שטיל, אָבער ר'האָט גאָרנישט געהאָלפן, וואָרן דער שגץ האָט זיך אַזוי שטאַרק צעיושעט, אַז ער האָט אפילו נישט געוואָלט הערן און געדענקען, ר'האָט געטרונקען בראָנפן און 'איינגעלאַדן אויך באַסטושען מיט די קאַמראַטן צום טרינקען, און וואָס די מוזיק האָט נאָר אַ האַק אָפּ געטון, האָט ער די שפּילערס צו צעבערלעך צוגעוואָרפן, נאַסטקען אין דער העלפט אַ כאַפּ געטון און מיטן גאַנצן כּוח אויסגעשריגן:

— נאָר פעסט, חברה, פון דער קאָפּיטע אַוועק, אויף אונדזער שטייגער!

— און ער האָט זיך ווי אַ צעווילדעוועטער זשרעבאָק איבער דער שטוב געטראָגן, אויסשרייענדיק מוראדיק און פייערדיק מיט די אָפּצאַסן צוגעקלאַפּט.

— ר'וועט די וויעכטשעס, יוכע, פון די שטיוול אויסשאָקלען! — האָט 'אַמבראָזשי געשעפּטשעט, מאַכנדיק 'גיריק מיט האַלדז־קנאַפּ צו די טרינקענדע דערלעבן — און ער לייגט מיט ד

דיגלים ווי מיט אַ פּאָר צעפּעס: זיי וועלן זיך נאָך צעפליִען! — האָט ער העכער צוגעגעבן, אונטערדרוקנדיק זיך בענטער.

— גיטס נאָר אַכטונג, אַז צ׳זאָלט אַליין עפּעס נישט אָנווערן — האָט מאַטעוש, וועלכער איז געשטאַנען מיט זיינע קאַמראַטן אַ מרוקע געטון.

— כ׳וואָלט אויף שלום אַ ביסל בראָנפן מיט ענק אויסגעטרונקען — האָט יאַמבראָזשי לאַכנדיק אויסגערופן.

— נאַדיר, נאָר דאָס גלאָז כלאָיע נישט איין, שיכור אייבער! — ר׳האָט אים דערלאַנגט אַ פּול גלעזל און אויסגעדרייט זיך צו אים מיט די פּלייצעס, וואָרן גזשעלאַ, דעם וואָיטס ברודער, האָט מיט זיי אָנגעהויבן עפּעס שטיל איינצוטענהן, אַזוי, אַז זיי האָבן, אָנשפּאַרנדיק זיך אויפן שענקפּאַס, אים אויפמערקזאַם אויסגעהערט, נישט לייגנדיק קיין אַכט אויף די טענץ און אויך נישט אויף דעם בראָנפן, וואָס איז פאַר זיי געשטאַנען. זעקס האָבן זיי זיך געהאַט צונויפגענומען, אַלע די בכבודסטע פּאַראָבקעס פון דאָרף, די סאַמע מיוחסדיקע, באַלעבאַטישע זין, זיי האָבן זיך איילִיק באַראטן, אָבער ווייל ס׳איז וואָס אַ מאָל געוואָרן אַ גרעסערער טומל און אַן ענגשאַפט, האָבן זיי זיך אַריבערגעטראָגן אין יידס דירה אַריין, וואָרן דער אַלקער איז געווען פאַרנומען דורך די באַלעבאַטים מיט זייערע געסט.

די שטוב איז געווען ענג, פאַרפאַקט מיט צעבאָברעוועטע געלעגערס, אין וועלכע יידישע יינגלעך זענען געשלאָפן, אַזוי, אַז זיי האָבן זיך קוים באַם טיש אויסגעזעצט. איין חלבן ליכטל האָט אין אַ מעשענעם הענגלייכטער געצאַנקט. גזשעלאַ האָט געלאָזט גיין אַ פלעשל בראָנפן אין דער קאָליע, מ׳האָט אויסגעטרונקען איינמאָל, ס׳צווייטע מאָל, אָבער קיינער האָט עפּעס נישט אָנגעהויבן וועגן דעם, וואָס מ׳איז געקומען, ביז מאַטעוש האָט אַזש מיט שפּאַט אַ וואָרף געטון:

— הייב אָן, גזשעלאַ, וואָרן פּונקט ווי קראָען אויף אַ רעגן, אַזוי זיצט עך!

גזשעלאַ האָט נאָך נישט געהאַט באַוויזן אָנצוהייבן, ווי דער

קאָוואַל איז אַרייַנגעקומען און באַגריסט זיך, זוכנדיק ווו זיך אָנ-רערצוזעצן.

— אַ סמאָלעפּיסק, יוכע. ווו מ׳זייעט אים נישט, דאָ וואַקסט ער! — האָט מאַטעוש אַרויסגעזעצט. — קלאַפּ איין, מיכאַל! — האָט ער באַלד צוגעגעבן, שטיקנדיק אין זיך דעם כעס.

דער קאָוואַל האָט אויסגעטרונקען און, מאַכנדיק אַ מינע, האָט ער זיך מיט אַ געלעכטערל אָנגערופן:

— כ׳בין נישט קיין בעל-עסקן אויף קיין פרעמדע סודות, און ווי כ׳זע דאַרף מען מיך דאָ בייטיק נישט האָבן...

— האָסט וווּיל געזאָגט! אַז ענק איז גוט מיט די דייטשן אַלע פרייטיק באַ אַ גלעזל קאַווע מיט שינקע, איז ווען הייבט, אין יום-טוב נאָך בעסער זיין...

— רעדסט פלאַשקאַ, גלאַט אין דער וועלט אַריין, ווי דען וואָלסט זיך אָנגעשיכורט... — האָט ער אָפּגעבורטשעט.

— כ׳רעד דאָס, וואָס מ׳ווייסט, אַז אַלע טאָג האַנדעליעסט דו מיט זיי אַרום.

— ווער ס׳גיט מיר אַרבעט, דעם מאַך איך, כ׳קלויב נישט איבער.

אַרבעט! אַרבעטסט אָפּ מיט זיי אַנדערע מיני עסקימלעך — האָט חאַכניק שטילער אויסגערופן.

— ווי דו האָסט מיטן דזשעדזשיק אונדזער וואַלד אָפּגעאַר-בעט — האָט פּריטש דראָענדיק צוגעגעבן.

— ווי מיר ווייזט זיך אויס, האָב איך אָנגעטראָפן אויף אַ סאָנד... טה! ווי זיי ווייסן אַזוי אַלצדינג.

— לאָזטס אים צורו, ער טוט זיך זיינס און אונדז, וועלן מיר זיך אַניך צו אונדזערס נעמען אָן אים — האָט גזשעלאַ גע-זאָגט, אַרייַנקוקנדיק אים שאַרף אין די פונאַנדערגעלאָפענע שלי-פיעס.

— ווען אַ סטראַזשניק זאָל ענק דורכן פענסטער דערזען, וואָלט ער נאָך געקענט מיינען, אַז צ׳רערט ענק דאָ אָפּ אויף ווע-מענען! — ר׳האָט עס מכלומרשט געזאָגט אין אַ געלעכטער, אָבער די ליפּן האָבן אים פון כעס געצזטערט.

— ס'קען גאַנץ מעגלעך זיין, אַז עס איז אַזוי, נאָר בישט אויף דיר: ביסט אַ צו קליינער פאַרשוין, מיכאל.

ר'האָט אַראָפּגערוקט דאָס היטל און אַרויסגעגאַנגען, אַ קנאַק געבנדיק מיט דער טיר.

— ר'האָט עפּעס דערשמעקט און ר'איז געקומען צו לויפן אויסשפּירן.

— ער איז איצט גרייט צו גיין היבטערן פענסטער אויסוואַרכן.

— ער וועט נאָך פון זיך אַליין עפּעס אַזעלכעס דערהערן, אַז ס'וועט אים אָפּגענומען ווערן דער חשק.

— שטילערטס נאָר, חברה! — האָט גזשעלאַ פייערלעך אָנגעהויבן. — ווי כ'האָב ענק שוין געזאָגט, איז פאָדלעשיע די דייטשן נאָך נישט פאַרקויפט געוואָרן, אָבער אַ ליאַדע טאָג קענען זיי שוין פאָרן צום אַקט אָפּשרייבן, מ'האָט אפילו געשמועסט, אַז דעם קומענדיקן דאָנערשטיק.

— מיר ווייסן, און מ'דאַרף זיך טאַקע וועגן דעם מתיעץ זיין! — האָט מאַטעוש אומגעדולדיק אויסגערופן.

— גיב אַן עצה, גזשעלאַ: קענסט אין די ביכער, אַ גאַזעט לייענסטו — איז דיר גרינגער.

— וואָרן אַז די דייטשן וועלן קויפן און זיך באַזעצן אויף דער אַנדערער זייט מיעדזע, וועט זיין פּונקט ווי אין גורקע: ס'וועט פּשוט פאַרפעלן לופט צו אָטעמען אין ליפּצע און מיט טאָרבעס וועלן מיר אַרומגיין, אָדער קיין אַמעריקע.

— און די טאַטעס קראַצן זיך נאָך אין די קעפּ, זיפצן אָפּ און קענען זיך נישט קיין עצה געבן.

— און פון די באַלעבאַטעשאַפטן וועלן זיי אונדז נישט אָפּטרעטן! — האָט איינער נאָכן אַנדערן צוגעוואָרפן.

— אַ וואַזשנע זאַך מיר דייטשן! זיי זענען פּונקט אַזוי אויף געזעסן אין לישקע, און אונדזערע האָבן בײַ זיי אויסגעקויפט ביז אייבעם; אין גורקע איז געווען אַנדערש. זענען זיך טאַקע די פויערן אַליין שולדיק: זיי האָבן געשיכורט, כסדר

זיך פראָצעסירט, און זיי האָבן אויסגעשפּילט אויף טאָר-בעס.

— איז אויך פון פאָדלעשיע קענען מיר באַ זיי אויסקויפן און פאַריאָגן! — האָט יענדרעק באָרינע, אַנטעקס ברודערזון, אויסגערופן.

— ס'איז גרינג צו זאָגן: איצט איז נישטאָ פאַרוואָס צו קויפן, כאָטשיק מ'פאַרקויפט באַר צו זעכציק רובל פאַר אַ מאָר-גע, וועט זיך דערנאָך באַ דיר געפינען באַ טויזנט גילדן פאַר דעם זעלבן?...

— ווען די טאַטעס זאָלן יעדן איינציקן וועלן אָפּטיילן, וואָס אים קומט, איז וואָלט מען זיך גיכער אַן עצה גע-געבן.

— ס'איז זיכער אַזוי, אוודאי! כ'וואָלט באַלד געוווּסט, וואָס כ'האָב צו טון! — האָבן זיי אַלע אויסגעשריגן.

— אוי נאַראָנים, נאַראָנים! קוים וואָס די אַלטע קענען זיך פון דעם גאַנצן דערנערן דערפון, איז ווילט עך אויף חלקימלעך אַנקלויבן געלט! — האָט זיי גזשעלאַ איבערגע-ריסן.

זיי זענען תיכּף אַנטשוויגן געוואָרן, וואָרן ר'האָט ווירקלעך אַזאַ אמת אַרויסגעזאָגט, אַז גלייך ער וואָלט זיי מיט אַ האַמער אַ בערן מוח דערלאַנגט.

— די צרה איז נישט דערפון, וואָס די טאַטעס ווילן ענק נישט די באַלע אָפּשאַפּן צעפאָזן, — האָט ער ווייטער גע-רעדט — נאָר דערפון, וואָס ליפּצע האָט צו ווייניק ערד, וואָס דער עולם וואַקסט וואָס אַמאָל צו, וואָרן דאָס, וואָס איז געווען פאַר די זיידעס פאַר דרייען, מוז זיך איצט פונאַנדערטיילן אויף צען.

— ס'איז הייליקער אמת! אוודאי איז אַזוי! אוודאי! — האָבן זיי באַטריבט געשעפּטשעט.

— איז דאַרף מען קויפן און צוצעטיילן! — האָט זיך עמעץ אַרויסגעכאַפּט.

— קויף אַ דאָרף דיר דאָ, אַז ס׳איז קיין געלט ניטאָ! — האָט מאַטעוש אַ כרוקע געטון.

— וואַרטס נאָר, אפשר וועט זיך נאָך אויף דעם אויך געפינען עפּעס אַן עצה.

מאַטעוש האָט זיך מיטאַמאָל אַ ריס אויף געטון, אַ זעץ געטון מיט דער פויסט אין טיש און אויסגעשריגן:

— איז וואַרטס ענק און טוטס זיך, וואָס איר ווילט, איך האָב שוין גענוג, און אַז כ׳וועל מיך דערביינזערן, גיב איך אַ וואָרף אַוועק דאָס דאָרף און גיי מיר אין שטאָט אַריין, דאָרט לעבן מענטשן בעסער.

— ס׳איז דיין ברירה, אָבער אַנדערע מוזן דאָ איבערבלייבן און ווי ס׳איז זיך אַן עצה געבן.

— ווייל כ׳קען שוין ניט מער אויסהאַלטן, אַז דער טייוול נעמט דעם מענטש אַזש: אומעטום אַן ענגשאַפט, אַז ס׳איז אַ וואונדער די כאַלופּעס צעלייגן זיך ניט, אַזוי פיל זיצט דאָרט, דער דלות פּייפט אַריין, און דאָ דערלעבן ליגט פרייע ערד און בעט זיך, מען זאָל זי נעמען... און וועסט דאָך ניט אָפּגריזשען, זאָלסט אַפילו פון הונגער פגרן, נישטאָ פאַרוואָס זי צו קויפן און צו באָרגן איז אויך נישטאָ בא וועמען. אַז דער טייוול זאָל עס נעמען מיט אַזאַ אָרדנונג!

גזשעלאַ האָט דערציילט, ווי אַזוי עס איז אַנדערש-ווו, אין אַנדערע לענדער.

זיי האָבן אויסגעהערט, מיט ווייטיק אָפּגעזיפצט, נאָר מאַטעוש האָט אים איבערגעריסן:

— וואָס קומט אונדז אַרויס דערפון, אַז אַנדערע האָבן זיך גוט! ווייז אַ הונגעריקן אַ פולע שיסל און באַהאַלט זי, לאָז ער זיך אָנכלאַפּען מיטן בלויזן קוקן: זיי האָבן זיך גוט: אַנדערשווו איז דאָ אַ השגחה אויפן פאָלק, ניט אַזוי, ווי בא אונדז, וווּ יעדער פויער וואַקסט זיך, פונקט ווי דער ווילדער קושאַק אין ריינעם פעלד, וואָס צי עס וועט אַ תל ווערן, צי עס וועט אויפוואַקסן — וואָס אַרט דאָס וועמען?... אַבי נאָר ער זאָל צאָלן פּאָדאַטקעס, גיין פאַר רעקרוטן און ניט אָקעגנשטעלן זיך

דער מאַכט! ס׳איז מיר שוין דערעסן אַזאַ מין לעבן און ס׳קריכט מיר שוין פון האַלדז אַרויס...

גזשעלאַ האָט, אויסהערנדיק מיט געדולד, ווידער זײַנס אָנגעהויבן:

— ס׳איז נאָר דאָ איין פּלאַן, אַז פֿאַדלעשיע זאָל ווערן אונדזער.

זיי האָבן זיך נאָך נענטער צוגערוקט, כּדי זיי זאָלן קיין וואָרט נישט פֿאַרלירן, וואָרן מיט מאָל האָט אַזאַ געשריי מיט דער גאַנצער קרעטשמע אויפגעטרייסלט, אַז די שויבן האָבן אַזש אויפגעקלונגען, און די מוזיק האָט אויפגעהערט צו שפּילן. איינער פון זיי איז אַוועקגעלאָפן דאָרט געוויר ווערן און דערנאָך האָט ער מיט אַ שמייכל דערציילט, וואָס עס איז געשען: די דאָמיניקאָווא האָט דאָס אַזאַ גיהנום אָנגעמאַכט, וואָרן זי איז מיט אַ שטעקן צו די זין געקומען צו לויפן, זי האָט זיי געוואָלט שלאָגן און מיט געוואַלט זיי פֿאַרנעמען אַהיים, נאָר זיי האָבן זיך פֿאַרעקשנט, די מוטער פון דער קרעטשמע אַרויסגעטריבן, און אַצינד האָט שימעק אָנגעהויבן טרינקען אויף וואָס די וועלט שטייט, פֿענדזשיק ווידער האָט אַ טויט-שיכּורער געריטשעט באַם קוימען.

זיי האָבן זיך שוין מער נישט אויסגעפֿרעגט, וואָרן גזשעלאַ האָט אָנגעהויבן פֿאַרצולייגן זײַן פּלאַן, וואָס איז געווען אַזעלכער: אויסגלײַכן זיך מיטן דזשעדזשין און אַלס נויש פֿאַר אַ מאָרגע וואַלד צו פֿאַרלאַנגען צו פֿיר מאָרגעס פֿעלד אויף פֿאַדלעשיע!

זיי זײַנען אָן אַ שיעור פֿאַרוווּנדערט געוואָרן און שרעקלעך דערפֿרייט פון אַזאַ מין מעגלעכקייט, און גזשעלאַ האָט נאָך ווײַטער דערציילט, אַז אַני האָט זיך אויך אויסגעגלײַכט איין דאָרף לעבן פּלאָצק, וועגן וועלכן ער האָט טאַקע געלייענט אין גאַזעט.

— גוט אַזוי, חברה! ייד, בראַנפֿן! — האָט פֿלאַשקאַ אין דער טיר אַרײַן אַ געשריי געטון.

— פאַר דריי מאַרגעס וואַלד וואָלט אונדז פונקטלעך אויסגעפאַלן צוועלף — פעלד!

— און אונדז באַ צען, אַ גאַנץ באַלעבאַטישאַפט!

— ווען ער וואָלט כאָטשיק צוגעגעבן אַ פּאָר קושאַקעס אויף צו הייצן.

— און פאַר די פּאַשעס וואָלט ער געקענט געבן צו מאָרגעס לאָנקע.

— און אַ ביסל קלעצער אויף כאַלופּעס! — האָט אייבער איבערן אַגדערן אויסגערופן.

— האַרטס, נאָך אַ ביסל — וועט עך שוין וועלן, אַז ער זאָל ענק צו געבן צו פערד־און־וואָגן און צו קו, האַ? — האָט מאַטעאוש אָפּגעחוזקט.

— שטילערטס נאָר!... מ'דאַרף אַצינד צוצורעדן, אַז די באַלעבאַטים זאָלן זיך צוזאַמענעמען, זאָלן גיין צום דזשעדזשיק און פאָרלייגן וואָס זיי ווילן: אפשר וועט ער טאָקע איינגיין.

מאַטעאוש האָט אים איבערגעריס:

— אַז ער וועט נישט פילן דעם חלף אויפן האַלדז, וועט ער נישט איינגיין. ער דאַרף באַלד האָבן געלט, און די דייטשן וועלן עס אים געבן, כאָטשביק מאָרגן, זאָל ער נאָר אַדורכקומען... און איידער אונדזערע וועלן זיך איבער די קעפּ אויסקראַצן, איידער זיי וועלן זיך באַראָטן, איידער זיי וועלן זיך צווישן זיך אויסגלייכן, איידער זיי וועלן די באַבעס אויף זייער זייט אַריבערציען, וועלן פאַרבייגיין חדשים, דער דזשעדזשיק וועט די ערד פאַרקויפן, און וועט זיך אויסגלייכן די פּלייצעס: ער וועט האָבן צייט צו וואַרטן ווי אַזוי די ספּראַווע מיטן וואַלד וועט אויספאַלן. גזשעלאַס פּלאַן איז אַ גאַנץ קלוגער, נאָר ווי עס ווייזט זיך מיר אויס, דאַרף מען דעם שפּיץ פון דער זאַך אַנדערש אָוועקשטעלן.

— איז רעד, מאַטעוש, גיב אַן עצה!

— מ'דאַרף נישט רעדן, נישט זיך מתיעץ זיין, נאָר מ'דאַרף טון דאָס אייגענע ווי מיטן וואַלד.

— טיילמאָל קען מען אַזוי, און טיילמאָל נישט! — האָט גזשעלאַ אַ מרוק געגעבן.

— און איך זאָג דיר, אַז מ'קען יאָ, נאָר אויף אַן אַנדערן אופן אַ ביסל, און ס'וועט אויף דעם אייגענעם אַרויסקומען...
מ'דאַרף אַוועקגיין צו די דייטשן מיט דער גאַנצער עדה, און רויק זיי מתרה זיין, אַז זיי זאָלן זיך נישט דערוועגן צו קויפן פּאַדלעשיע...

— און זיי זענען, הייסט עס, אַזעלכע נאַראָנים, אַז זיי וועלן זיך באַלד דערשרעקן פאַר אונדז און זיך האָרכן!

— וועט מען זיי טאַקע מתרה זיין, אַז אויב זיי וועלן זיך נישט האָרכן אין יאָ קויפן, וועט מען זיי נישט לאָזן פאַרזייען, מ'וועט זיי נישט לאָזן זיך אויפבויען, מ'וועט זיי נישט לאָזן מיט קיין טריט זיך רירן אויף די פעלדער. צ'וועט זען, צי זיי וועלן זיך נישט איבערשרעקן! מ'וועט זיי אויסרייכערן ווי די פיקסן פון די גריבער אַרויס.

— ס'דען, הייסט זיי וועלן זיך נישט קענען קיין עצה געבן!... — ווי גאָט איז אין הימל, ווי מ'וועט אונדז ווידעראַמאָל פאַר אַזעלכע דראָונגען אין קרימינאַל אַריינפּאַקן! — האָט גזשעלאַ אַרויסגעזיפצט.

— מ'וועט איינזעצן, וועט מען אַרויסלאָזן אויך, אַוודאי [illegible]... דערט וועט מען נישט, אָבער ווען מען וועט אונדז אַרויסלאָזן, וועט פאַר די דייטשן נאָך ערגער זיין... קיין נאַראָנים זענען זיי נישט און זיי וועלן זיך פריער גוט מיישב זיין, צי ס'וועט זיי אַ מלחמה מיט אונדז זיין צו געזונט... דער דזשעדזשיץ וועט אויך אַנדערש זינגען, אַז מיר וועלן אים די סוחרים פונאַנדערטרייבן, אויב נישט...

אָבער גזשעלאַ האָט שוין נישט געקענט מער אויסהאַלטן, אַ שפרונג אויף געטון פון טיש אַפער און מיטן גאַנצן כוח אָנגעהויבן אָפּצוּווענדן פון דידאָזיקע ריזיקאַלישע שריט. ר'האָט אויפגעוויזן, וואָס פאַר אַ פּראָצעסן עס קענען פון דעם אַרויסקומען, בייזע היזקות פאַר אַלע, נייע פאַרניכטונגען, אַז ס'קען גאַנץ מעגלעך זיין, מען זאָל זיי פאַר דידאָזיקע פסדרדיקע בונטן אויף אַ פּאָר יאָר אין

קרימינאַל אַריין איינזעצן... אַז דאָס אַלץ וועט זיך לאָזן אויף אַ רוזיקן אויפן מאַכן מיטן דזשעדזשיך אַליין... ר׳האָט זיי אויף אַלץ אין דער וועלט באַשווירן און געבעטן, אַז זיי זאָלן קיין פריש אומגליק אויפן פאָלק נישט אַראָפּברענגען. ר׳האָט אַזוי געפּריידיקט אַ שפּאָרע ווײַלע און ר׳איז אַזש רויט געפאָרן, ר׳האָט זיי אַזש אָנגעהויבן נאָכאַנאַנד צו קושן, חלשנדיק פאַר זיי און בעטנדיק, אַז זיי זאָלן געמאַך לאָזן, אָבער דאָס אַלץ איז געווען בחנם, ווי אַרבעס אָן דער וואַנט, אַז מאַטעוש האָט ענדלעך אויסגערופן:

— פריידיקסט, ווי אין אַ קלויסטער, גלייך וואָלסט פון אַ ביכל אַרויסגעלייענט, און מיר דאַרפן גאָר עפּעס אַנדערש!

אַלע האָבן מיטאַמאָל אָנגעהויבן צו רעדן, אויפשפּרינגען, קלאַפּן מיט דער פויסט אין טיש אַריין, און געוואָלטעוועט פון גרויס פרייד:

— גוט אַזוי, אויף די דייטשן גיין, צעטרייבן די פּלודערן! מאַטעוש עצהט קלוג, אים וועלן מיר האָרכן, און ווער עס האָט מורא, לאָז זיך אונטערן איבערבעט באַהאַלטן!

ס׳איז שוין נישט קיין אופן געווען צו זיי צו רעדן, אַזוי האָט עס זיי אונטערגעהויבן.

דער ייִד האָט גראָד אַרייַנגעברענגט אַ פלאַש, ר׳האָט אויסגעהאָרכט און, אָפּווישנדיק דעם טיש פון דעם אויסגעגאָסענעם בראָנפן, האָט ער נישט דרייסט זיך אָנגערופן:

— מאַטעוש האָט אַ קעפּעלע: ער גיט אַ קלוגע עצה.

— הע, יאַנקעל אויך קעגן די דייטשן, נע! — האָבן זיי פאַרוווּנדערט אויסגעשריגן.

— ווײַל ס׳איז מיר ליבער מיט אייגענע צו האַלטן, קיין גרות פעלט מיר טאַקע נישט, פונקט ווי אַלע אַנדערע, אָבער ווי ס׳איז מיט גאָטס הילף לעבט מען... גאָר דאָ ווו דייטשן קומען אָן, איז וועט זיך שוין דאָרט נישט גאָר קיין אָרים ייִדל נישט קענען דערנערן, דאָרט וועט קיין הונט נישט האָבן וואָס צו עסן... לאָזן זיי פגרן, לאָז זיי דאָרט... טפו... די נבֿפה אויסקלײַקען!..

אַז מיט מאַטעושן איז נישט קיין חכמות, ער צאָלט טאַקע, אָבער ער איז גרייט אויך צו קיילן.

די קרעטשמע האָט זיך פונאַנדערגעטאַנצט, אַזוי אויף גוט, ס'האָט זיי שוין נישקשהדיק געפּאַרעט פון די גזשיוועס, אַזוי, אַז די געוואַלטן, מוזיק, געטופּעריי און פּלאַם-פייערדיקע אויסגעשרייען האָבן די שטוב ווי מיט אַ זידיקייט איבערגעפּולט און דורך די אָפענע טירן-פענסטער זיך אויף דער וועלט צעגאָסן. הינטער די ווענט ווידער אין דרויסן איז אויך געגאַנגען אַ נישקשהדיקע פאַר-ווייַלונג, די גלעזלעך האָבן געקלונגען, די באַלעבאַטים האָבן אָפּט צו זיך געטרונקען לחיים, און וואָס אַמאָל העכער און וואָס אַמאָל רוישיקער געגאָדערט.

ס'איז שוין געוואָרן נאַכט, די שטערן האָבן זיך שנעל אָנ-געצונדן, די ביימלעך האָבן שטיל גערוישט, און פון די פייכטע ערטער האָט זיך דאָס קוואַקען פון די זשאַבעס דערטראָגן און פון צייט צו צייט האָבן די שטימען פון די באַנקעס אויפגעשאַלט, אין די סעדער האָבן זיך די נאַכטיגאַלן צעזונגען, ס'איז געווען וואַ-רעם און ס'האָט געשמעקט. די מענטשן האָבן געשעפּט תענוג פון דעם אויסרוען זיך אויף דער פרישער, קילער לופט, און פון צייט צו צייט האָט זיך עפּעס אַ פאַרל, האַלטנדיק זיך אין דער העלפט, פון דער קרעטשמע אַרויסגערוקט און אין די שאָטנס פאַרפאַלן געוואָרן... הינטער דער וואַנט ווידער איז שוין געוואָרן וואָס אַמאָל רעשיקער, אַלע האָבן געגאָדערט איבעינעם, אַז ס'איז שווער געווען אַ וואָרט צו כאַפּן.

— ...כ'האָב נאָר וואָס געהאַט דאָס חזיר אַרויסגעלאָזט, אַז ס'האָט נאָך נישט געהאַט באַוויזן די מאָרדע אין די קאַרטאָפליעס אַריינצושטעקן, און יענע איז שוין אַרויס מיט אַ פּיסק אויף מיר...

— אַרויסטרייבן זי פון דאַרף אַרויס!... אַרויסטרייבן!...

— כ'געדענק, בשעת כ'בין נאָך יונג געווען, האָט מען פּונקט דאָס אייגענע מיט אייגער אַזוי געטון!... מ'האָט איר פאַרן קלויס-טער ביז בלוט מקיים פסק געווען, מיט בהמות נאָך די קאַפּצעס די אַרויסגעפירט, און ס'איז געוואָרן רויק...

אַז מיט מאַטעושן איז נישט קיין חכמות, ער צאַלט טאַקע, אָבער ער איז גרייט אויך צו קיילן.

די קרעטשמע האָט זיך פונאַנדערגעטאַנצט, אַזוי אויף גוט. ס'האָט זיי שוין נישקשהדיק געפּאַרעט פון די גזשיוועס, אַזוי, אַז די געוואַלטן, מוזיק, געטופּעריי און פלאַם-פייערדיקע איסגעשרייען האָבן די שטוב ווי מיט אַ זידיקייט איבערגעפולט און דורך די אָפענע טירן-פענסטער זיך אויף דער וועלט צעגאָסן. הינטער די ווענט ווידער אין דרויסן איז אויך געגאַנגען אַ נישקשהדיקע פאַר-ווײַלונג, די גלעזלעך האָבן געקלונגען, די באַלעבאַטים האָבן אָפּט צו זיך געטרונקען לחיים, און וואָס אַמאָל העכער און וואָס אַמאָל רוישיקער געגאָדערט.

ס'איז שוין געוואָרן נאַכט, די שטערן האָבן זיך שבעל אָנ-געצונדן, די ביימלעך האָבן שטיל געזשעט, און פון די פייכטע ערטער האָט זיך דאָס קוואַקען פון די זשאַבעס דערטראָגן און פון צייט צו צייט האָבן די שטימען פון די באַנקעס אויפגעשאַלט, אין די סעדער האָבן זיך די נאַכטיגאַלן צעזונגען, ס'איז געווען וואַ-רעם אין ס'האָט געשמעקט. די מענטשן האָבן געשעפּט תענוג פון דעם אויסרוען זיך אויף דער פרישער, קילער לופט, און פון צייט צו צייט האָט זיך עפּעס אַ פּאָרל, האַלטנדיק זיך אין דער העלפט, פון דער קרעטשמע אַרויסגערוקט און אין די שאָטנס פאַרפאַלן געוואָרן... הינטער דער וואַנט ווידער איז שוין געוואָרן וואָס אַמאָל רעשיקער, אַלע האָבן געגאָדערט איבייבעם, אַז ס'איז שווער געווען אַ וואָרט צו כאַפּן.

— ...כ'האָב נאָר וואָס געהאַט דאָס חזיר אַרויסגעלאָזט, אַז ס'האָט נאָך נישט געהאַט באַוויזן די מאָרדע אין די קאַרטאָפליעס אַרייַנצושטעקן, און יענע איז שוין אַרויס מיט אַ פּיסק אויף מיר...

— אַרויסטרייבן זי פון דאָרף אַרויס!... אַרויסטרייבן!...

— כ'געדענק, בשעת כ'בין נאָך יונג געווען, האָט מײַן פונקט דאָס אייגענע מיט אייגער אַזוי געטון!... מ'האָט איר פאַרן קלויס-טער ביז בלוט מקיים פּסק געווען, מיט בהמות נאָך די קאָפּצעס זי אַרויסגעפירט, און ס'איז געוואָרן רויק...

— ייד, אַ גאַנץ קוואַרטירל שטאַרקן !

זי האָט צוגענומען די מילך בײַ מײַן גרויער, צוגעני־
מען !...

— אויסקלויבן אַ ניײַעם, ס'וועט זיך יעדער אײַבציקער פּונקט
אַזוי אָן עצה געבן...

— מ'דאַרף אויסרייסן דאָס שלעכטע, כּל־זמן ס'האָט נאָך
קיין טיפערע וואָרצלען נישט פאַרלאָזט...

— מ'דאַרף אַזוי לאַנג די תּבואה פּיעלען, כּל־זמן דאָס ווילד־
גראָז איז נישט אויסגעראָט...

— טרינקט נאָר צו מיר לחיים, איז וועל איך ענק עפּעס
זאָגן...

— נעמסט אַ ביק בײַ די הערנער אָן, איז לאָז נישט אָפּ,
ביז ער וועט זיך אָנידערלייגן...

— צוויי מאָרגעס און איינע — איז דריי מאָרגעס ; דריי
מאָרגעס און איינע — איז פיר מאָרגעס.

— טרינק, ברודער, אפילו אײַגענע וואָלטן עס נישט אָרנט־
לעכער געמאַכט...

האָבן זיך פון דער פינסטערניש אָפּגעהאַקטע געשפּרעכן גע־
ריסן, אַז מ'האָט אפילו נישט דערקענט, ווער עס האָט גערעדט און
צו וועמענען ; נאָר איין יאַמבראָזשיס גרעבלעכע שטימע האָט זיך
אין פאַרשידענע ערטער שאַרף איבער אַלע אַנדערע געטראָגן,
וואָרן ער האָט געהאַלטן אין איין אַריבערגיין פון איין קופּע צו
דער אַנדערער, דאָ האָט ער אין דער קרעטשמע אַרײַנגעבליקט,
און אומעטום האָט ער אַרײַנגעכאַפּט אַ קאָפּעלע, ער איז שוין גע־
ווען טויט־שיכּור, און שטאַרק זיך געוואַקלט, אָבער באַם שענקפּאַס
האָט ער עמעצן אָנגעכאַפּט בײַ די באַרקעס און ווײנענדיק גענגע־
הויבן צו חלשן פאַר אים :

— איך האָב דיך אָפּגעשמדט, וואָיטעק, און דײַן ווײַב האָב
איך אַזוי צוגעקלונגען, אַז די הענט זענען מיר אַזש געשוואָלן גע־
וואָרן ; שטעל אַ גלעזעלע, ברודער, און אַז דו וועסט שטעלן אַ
גאַנץ האַלב־קוואַרטירל, וועל איך אויך אײַביקער רו איר צוקלינ־
גען און כ'וועל דיר אָן אַנדערע באָבע נאַראַיען... אַ יינגע, אַ

קערנדיקע ווי אַ רעטעך: שטעל, ברו... האַלב קוואַרטירל...

דאָס יינגוואַרג האָט פאַרב...ן געהוליעט, אַזוי, אַז די גאַנצע שטוב האָט זיך אָנגעפולט מיט אַ געטומל, מיט פּאַכנדיקע ספּודני-צעס און מיט קאַפּאָטעס, מ'האָט ...ין לידלעך צוגעזונגען צו דער מוזיק און וואָס אַמאָל ווילדער געטאַנצט, אַז אַפילו די עלטערע פויערטעס האָבן זיך צוגעשאָקלט און פּישטשענדיק געשריגן, און יאַגוסטינקאַ האָט, אַריינרייסנדיק זיך אין דער מיטן, זיך אָנגעצוי-מען אין דער העלפט אויך, זעצנדיק מיט די פיס אין דער פּאָדלאָגע, האָט זי כריפּנדיק אויסגעזונגען:

כ'האָב נישט מורא פאַר קיין בער, מעג זיין וויפיל
מער!...

כ'האָב נישט מורא פאַר קיין פויער, מעג ער זיין ווי
אַ מויער!...

. . . . . . . . . . . . . . . . . . .

X

און אַט אַזוי זענען די פּאָר טעג פֿון גרינעם דאָנערשטיק ביז זונטיק נישט אַדורך אַזוי לייכט פאַר מאַטעוש, גושעלאַן און זייערע קאַמראַטן; וואָרן מאַטעוש האָט איבערגעריסן די אַרבעט בײַ סטאַכאָס כאַלופּע, די איבעריקע ווידער האָבן אויך פאַרלאָזט זייערע עסקים, און נאָר גאַנצע טעג און אָוונטן זענען זיי איינציקווייז אַרומגעגאַנגען איבער די כאַלופּעס און אונטערגעהעצט דעם עולם קעגן די דײַטשן, און אויפגעפּאָדערט צו פאַרטרייבן זיי פֿון פּאָדלעשיע.

דער קרעטשמער פֿון זײַן זייט האָט אויך נישט געקאַרגט קיין רייד, און אַז ס'איז נייטיק געווען פאַר די איינגעשפּאַרטע, האָט ער אויך נישט געזשאַלעוועט קיין כּיבודים אָדער געגעבן אויף באָרג, אָבער ס'איז נישט צוגעגאַנגען אַזוי גלאַטיק; די עלטערע האָבן זיך איבער די קעפּ געדראַפּעט, שווער געזיפצט און, נישט איבערנייענדיק אויף קיין שום צד, האָבן זיי זיך איינער איבערן אַנדערן פאַרקוקט און אויף די ווײַבער, וועלכע האָבן, אַלע

ווי אײנע, נישט געוואָלט הערן און געדענקען ווען אַרויסטרעטן קעגן די דײַטשן.

— ס'דען! וואָס זײ פֿאַלט אײַן! מיר האָבן נאָך ווייניק געהאַט צוליבן וואַלד?... זײ זענען נאָך פֿאַר אײנס נישט אָפּגעזעסן און ווילן שוין אַ נײַע צרה אויפֿן דאָרף אַראָפּברענגען! — האָבן זײ געטענהט, און די סאָלטיסאָווע, געווײנטלעך אַ שטילע, האָט אַ ש אַ שאַר־אײַזן אויף גזשעלאַן געכאַפּט.

— אַז די וועסט ז אַ נײַעם בונט דאָ אָנרעדן, וועל איך דיך די סטראַזשניקעס אַרויסגעבן! פּויליאַ עס, שטשערוועס, ס'גלוסט זיך זײ נישט צו אַרבעטן, איז וואָס טן זײ גאָר רומגעשפּאַצירט! — האָט זי זיך פֿאַר דער כאַלופּע פֿונאַנדערגעשריגן.

די באַלצערקאָווע ווידער האָט אַ דונער געטאָן אויף מאַטושן:

— ד הינט וועל איך אויף ענק אָנלאָזן, לײדיקגײערס! קאַכעדיק וואַסער וועל איך ענק אָנגרייטן!

און אַלע האָבן די טיר פֿאַרהאַקט פֿאַר די אָנרעדעכצן, טויב געווען צו די אַלע אויפֿקלערונגען און געבעטן, אַז ס'איז קײן אויגן נישט געווען מיט זײ דורכצוקומען; זײ האָבן פֿאַרשריגן יעדן אײַנציקן, און נישט אײנע האָט שוין מיט אַ יעמערלעך געוויין אַרויסגעזעצט.

— כ'וועל נישט לאָזן מײַנעם גײן! כ'וועל מיך אָן דער קאַפּאָט אָנהענגען, און מ'זאָל מיר אַפּילו די הענט אָפּהאַקן, וועל איך אויך נישט לאָזן!... מיר האָבן זיך שוין גענוג אָנגעליטן!...

— אַז ס'זאָל ענק, גלעמבער אײנע, אַ דונער דערשלאָגן! — האָט מאַטעוש געשאָלטן. — ווי די סראָקעס אויף אַ רעגן, אַזוי שרײַען זײ און שרײַען. ס'טײַטש אַ קאַלב ווײַט דאָך שוין גיכער די מענטשלעכע שפּראַך פֿאַרשטײן, אײדער אַ נקבה אַ קלוג וואָרט! — האָט ער זיך פֿאַרקלאָגט, אָנוואָרנדיק דעם גאַנצן חשק.

— לאָז געמאַך, גזשעלאַ, וועסט נישט מיט זײ אויסקו-

מען: מ'וואָלט געדאַרפֿט יעדן איינציקע אָנקיילן, אָדער ווען זי זאָל זײַן דײַנע, איז אפֿשר וואָלט זי דיך ערשט דאַמאָלס געהאָרכט — האָט ער זיך טרויעריק געזשאַלעוועט.

— אַזעלכע זענען זיי שוין, אַז מיט כּוח וועסטו זיי נישט איבערמאַכן: צו זיי דאַרף מען אַן אַנדער מיטל האָבן; אָט וואָס, נישט אַנטקעגנשטעלן זיך זיי, צופּאַטאַקעווען, און פּאַמעלעכיטשקע אויף אונדזער זייט זיי אַריבערציִען.

אַזוי האָט גזשעלאַ געגעבן צו פֿאַרשטיין, נישט אָפּטרעטנדיק פֿון דער זאַך, וואָרן כאָטש ער איז תּחילת געווען דערקעגן, אָבער קוים האָט ער זיך איבערצייגט, אַז מ'קען נישט אַנדערש, האָט ער זיך מיט דער גאַנצער נשמה צו דער זאַך אָפּגעגעבן.

אַ פּויער איז דאָס געווען אַ האַרטער און אַן עקשנותדיקער און אַז ער האָט זיך נאָר פֿאַרגומען אויף עפּעס, האָט ער עס, כ'ווייס דאָרט וואָס עס זאָל אים נישט שטערן, געמוזט אַדורכפֿירן; איז האָט ער אויך איצט אויף גאָרנישט געלייגט קיין אַכט: מ'האָט אים פֿאַר דער נאָז די טירן פֿאַרקלאַפּט — האָט ער גערעדט דורך די פֿענסטער; האָבן אים די פּויערטעס געסטראַשעט — האָט ער זיך נישט געבייזערט, ר'האָט נאָר צוגעשאָקלט מיטן קאָפּ, און ווי ס'איז בייטיק געווען — האָט ער צוגעבאַסעוועט, נישט מיט איינער ווידער האָט ער וועגן די קינדער אָנגעהויבן אײַנצוטענהן און די אָרדנונג אָפּגעלויבט, ביז ער האָט צום סוף זײַנס אַרויסגעזאָגט, און האָט זיך אים נישט אײַנגעגעבן — איז ער ווייטער געגאַנגען. גאַנצע צוויי טאָג איז מיט אים פֿול געווען דאָס דאָרף, די כאַלופּעס, די גערטענער, אַפֿילו אויף די פֿעלדער אַרויף איז ער געגאַנגען און מאַ[illegible]יק אַ שמועס מיט מענטשן וועגן דעם און וועגן יענעם, האָט ער זיי זײַנס געפּרייִדיקט, פֿאַר די ווידער, וועלכע האָבן זיך נישט געכאַפּט מיט איינמאָל, האָט ער מיטן שטעקעלע די פּאָדלעשיער פֿעלדער אויף דער ערד בעצייכנט, געוויזן די חלקים און געדולדיק געגעבן צו פֿאַרשטיין דעם נוצן פֿאַר יעדן איינציקן. אָבער טראָץ די אַלע באַמיִונגען, וואָלטן בחנם געווען די אַלע אונטערוועגלעך, ווען נישט ראָבאָס הילף. עפּעס אַרום שבת נאָכמיטאָג, האָבן זיי,

מיארקירנדיק, אַז זיי וועלן דאָס דאָרף פון אָרט נישט ריין, ארויסגערופן ראָכאָן הינטער באַריבעס סטאָדאָלעס און זיך פאַרשרויט פאַר אים: זיי האָבן מורא געהאַט, אַז ער וועט זיין דערגעגן.

אָבער ראָכאָ האָט נישט לאַנג געטראַכט און געזאָגט:

— דער פלאַן איז אַ רוצחישער, אָבער ווייל אויף קיין אַנדערן איז שוין נישטאָ קיין צייט, וועל איך ענק געבן צוהעלפן.

און ער איז באַלד אַוועקגעגאַנגען אין גאָרטן אריין צום גלח, וואָס איז געזעסן לעבן פּאַראָבעק, וואָס האָט די קאָניטשיגע געקאָסעט, וועלכער האָט דערנאָך דערציילט, אַז תחילת האָט זיך דער דאָבראָדזשעי אָנגעבייזערט אויף ראָכאָן, געשריגן, פאַרשטאָפּט די אויערן און ר'האָט אפילו נישט געוואָלט הערן, נאָר דערנאָך האָבן זיי זיך ביידע אַנידערגעזעצט אויף דער מיעדזע און לאַנג צווישן זיך עפּעס איינגעטענהט. ווייזט אויס, ראָכאָ האָט אים איבערצייגט, וואָרן אַרום בין השמשות, ווען די מענטשן האָבן אָנגעהויבן פון די פעלדער אַהיימצוציען, איז דער גלח געגאַנגען אין דאָרף אַריין, און מכלומרשט נאָר געשעפט תענוג פון דער קילקייט, און דערעיקרשט אָבער האָט ער זיך מיט די פויערטעס פונאַנדערגעשמועסט און צום סוף יעדער אייניקער באַזונדער שטילערהייט אַ זאָג געטאָן:

— די חברה מיינען גאַנץ גוט. מען דאַרף זיך טאַקע צואיילן, כל-זמן ס'איז נאָך צייט. איך וועט ענקערס אָפּטון, וועל איך אוועקפאָרן צום דזשעדזשיץ און וועל אים צורעדן.

און ער האָט אַזוי פיל אויפגעטון, אַז די ווייבער האָבן זיך שוין נישט אַנטקעגנגעשטעלט, די באַלעבאַטים ווידער האָבן אָנגעהויבן אַרויסדרינגען, אַז ווי באַלד דער גלח רעדט צו, איז אַ יושר טאַקע אַזוי צו טון.

מ'האָט זיך נאָך אַ גאַנצן אָוונט באַראָטן, אָבער באַלד אינדערפרי שוין, זונטיק, זענען אַלע אויף איינס דעצידירט געווען.

זיי האָבן געזאָלט גיין נאָך דער אָוונט-תפילה און מיט ראָ-

באַן אָן דער שפּיץ, ווייל ער האָט זיך געקענט אויסטעהן מיט די דייטשן אויף זייער לשון.

גראָד איצט טאַקע האָט דאָס ראָכאָ די שקצים צוגעזאָגט; זיי זענען אַוועקגעגאַנגען, רוישנדיק פאַר פרייד; ער איז געזעסן אויף באָרינעס גאַניק, איבערקוקנדיק די פּאַטשערקעס פון דער בייטש קרעלן און איבערלייגנדיק זיך עפּעס.

ס'איז נאָך געווען פרי, מ'האָט נאָר וואָס די שיסלען נאָכן אָנבייסן געהאַט צוגערוימט, אַזוי, אַז דער ריח פון דער גריץ און געשמילץ האָט אין די נאַזלעכער געדרייט, און פּיעטרעק האָט זיך נאָכן עסן אויסגעצויגן.

דאָס וועטער האָט זיך געשטעלט אַ וואַרעמס, אָבער נישט צו הייס; די שוואַלבן האָבן פּונקט ווי די קוילן די לופט דורכגעשניטן. די זון האָט זיך ערשט פון הינטער דער כאַלופּע אויפגעהויבן, אַזוי, אַז אין די שאָטנס האָבן נאָך געגלאַנצט די אָפּגעזמרוקנטע, שווערע גראָזן און פון די פעלדער האָט אַ צי געטון אַ ווינטל, וואָס האָט מיט תבואות געשמעקט.

אין דער כאַלופּע איז געווען שטיל, ווי געוויינטלעך זונטיק, די ווייבער האָבן זיך געפּאָרעט אַרום צורוימען, די קינדער האָבן, אַרומזעצנדיק זיך בײַ די שיסל אויפן גאַניק, געגעסן פּאַגעלעך, באַשיצנדיק זיך מיט די לעפל און מיט אַ קוויטשען פאַר לאַפּאַן, וועלכער האָט זיך אין-לי בעריסן צום שותפות, די מאַטשאָרע האָט געסטעבקעט הינטער דער וואַנט אויף דער זון, אַזוי האָבן זי די חזירימלעך מיט די קעפּ געלייגט, צובאַקומענדיק זיך צו דער מילך; דאָ האָט דער באָטשאַן די הינער צעטריבן און זיך נאָכגעקאַטשעט נאָכן זשרעבאָק, וואָס האָט אין פּאָדוואַזש אַרומגעשטיפט; טיילמאָל האָבן די ביימער אַ רויש געטון און דער סאָד האָט זיך צעוויגט, פון פעלד ווידער האָט זיך דערטראָגן אַ געזום פון בינען, וואָס זענען אַרויס צו דער אַרבעט, און דאָס קלינגען פון די לערכעס.

אין אויפן דאָרף האָט צראָפּגעגידערט אַ זונטיקדיקע שטיל. קיים, אַז נאָר טיילמאָל האָט מען אַ שטימע דערהערט, עפּעס אַ הון האָט זיך צעקוואָקעט. דאָ האָבן זיך ערגעץ בײַם סטאַוו מיט

אַ געלעכטער און געכאַפּטע שקצימלעך געפּליעסקעט אָדער קאַטשקעס האָבן זיך צעקוואַקעט.

די וועגן זענען געשטאַנען פּוסט און געשווינדלט אויף דער זון, ס'איז וויניק וועמער פאַרבייגעגאַנגען, נאָר ווי-ניט-ווו האָבן זיך אויף די שוועלן שיקסעלעך צוגעקעצט און עמעץ האָט אינדערשטיל אויף אַ פּאַסטעך-פייפל געשפּילט.

ראָכאָ האָט איבערגעקליבן איבער דער בייטש קרעלן, טיילמאָל זיך עפּעס איינגעהאָרכט און דער עיקר האָט ער געטראַכט וועגן יאַגושען, ער האָט געהערט, ווי זי פאָרעט זיך איבער דער שטוב, טיילמאָל איז זי געבליבן שטיין הינטער אים, דאָ איז זי אין פּאָדוואַרזש אַריין געגאַנגען, און אומקערנדיק זיך האָט זי פּאַר אים די אויגן אַראָפּגעלאָזט, און אַ בלוטיקער רויטקייט האָט איר דאָס אָפּגעצערטע פּנים באַגאָסן, אַז ס'האָט אים אַזש אָנגענומען אַ רחמנות.

— יאַגוש! — האָט ער גוטמוטיק אַ שעפּטשע געטון, אויפהייבנדיק אויף איר די אויגן.

זי איז געבליבן שטיין מיט אַ פאַרשפּאַרטן אָטעם, וואַרטנדיק וואָס ער וועט איר זאָגן, אָבער ער האָט, ווי נישט ווינסנדיק וואָס אָנצוהייבן, אַ ברום געטון נאָר עפּעס אונטער דער נאָז און אַנטשוויגן געוואָרן.

זי איז ווידער אויף איר זייט אַוועקגעגאַנגען, זיך אַנידערגעזעצט באַם אָפענעם פענסטער און, אָנשפּאַרנדיק זיך אויף דער פּיטריגע, האָט זי מיט טרויעריקע אויגן אויף דער צעשטראַלטער וועלט אַרויסגעקוקט, אויף די ווייסע וואָלקנדלעך, וואָס האָבן זיך ווי געגדז איבערן לויטערן הימל אַרומגעבלאָנקעט, און שווערע זיפצן האָבן זיך איר פון דער ברוסט אַרויסגעריסן, און טיילמאָל האָבן איר טרערן פון די פאַרייטלטע אויגן אַראָפּגעקאַפּעט און לאַנגזאַם איבער דעם אויסגעמאַגערטן, אָפּגעצערטן פּנים געפלאָסן.

ווי דען, זי איז ווייניק אויסגעשטאַנען איבער די פּאָר טעג? ס'טייטש ס'גאַנצע דאָרף האָט געהעצט אויף איר, ווי אויף אַ פאַרשייטע הונט; פויערטעס האָבן זיך צו איר מיט די פלייצעס אויסגעדרייט, ווען זי איז פאַרבייגעגאַנגען, און אַ טייל האָבן

אויסגעשפּיגן הינטער איר, די חבֿרטאָרינס האָבן זי נישט באַמערקט, די פּויערן האָבן פֿון איר געלאַכט מיט פֿאַראַכטונג, און נעכטן האָט איר שוין אַפֿילו דער קליינער קולבאַשיאַק אַ שיב געטון אַ שטיקל בלאָטע און אויסגעשריגן:

— דעם וואָיטס געליבטע!

אָ, דאָס איז פּונקט ווי מ׳וואָלט זי מיט מעסערס דורכגעשטאָכן און אַ בושה האָט זי אויסטערליש געשטיקט!

גאָט מייבער, צי איז זי דען שולדיק געווען?... ער האָט זי דאָך אָנגעשיכורט, אַז זי האָט נישט געוווּסט, אויף וועלכער וועלט זי איז... האָט זי זיך דען געקענט אַקעגנשטעלן?... און אַצינד זענען אַלע אויף איר, איצט אַנטלויפֿט פֿון איר דאָס גאַנצע דאָרף, ווי פֿון אַ נבֿלה, און קיינער נעמט זיך נישט אָן פֿאַר איר.

וווהין וועט זי גיין אַצינד? מ׳האַקט דאָך די טירן פֿאַר איר צו און מ׳איז נאָך גרייט אויף איר די הינט אָנצורייצן!... אַפֿילו צו דער מוטער האָט זי נישט נאָך וואָס צו גיין: זי האָט זי כמעט אַרויסגעטריבן טראָץ אַלע בקשות און געוויינען... ווען נישט האַנקאַ, וואָלט זי זיך שוין געווען אַ מעשה אָנגעטון... און טאַקע, איין אַנטקאָווע וואָס האָט זיך מיט איר ערלעך פֿאַרנומען, נישט אַוועקנעמענדיק די האַנט פֿון צו העלפֿן און נאָך באַשיצנדיק זי פֿאַר מענטשן...

וואָרן זי איז דאָך טאַקע נישט שולדיק, ניין, דער וואָיט איז שולדיק, וואָס ער האָט זי אָנגערעדט און זי געצוווּנגען צו אַן עבֿירה, און גאָר צום מייסטן איז שולדיק אין דעם אַלעם דער אַלטער באָנק! זי האָט מיטאַמאָל אָנגעהויבן טראַכטן וועגן מאַן. „דאָס גאַנצע לעבן האָט ער מיר פֿאַרזונדן! כ׳וואָלט מיר געווען אַ מיידל, איז וואָלט מען מיר נישט געלאָזט קיין עוולה טון, ניין... און וואָס האָב איך דאָס, מ׳שטיינס געזאָגט, באַ אים געגאָסן? נישט קיין לעבן, נישט קיין וועלט!"

זי האָט פֿיבערדיק געטראַכט, די ווייטיקן זענען איר ערגעץ פֿאַרפֿאַלן געוואָרן, און אָנשטאָט דעם איז אין איר אַנטשטאַנען אַ שרעקלעכער כעס און ער האָט זי אַזוי אויפֿגערעגט, אַז זי האָט אַזש אָנגעהויבן אַרומצולויפֿן איבער דער שטוב. „אוודאי,

אַז דאָס גאַנצע שלעכטס איז דורך אים... און מיט אַנטעקן וואָלט דאָס בישט געשען... אי דער וואָיס וואָלט זיך בישט דערוועגט... און... — האָט זי זיך אויסגערעדט. — זי וואָלט זיך געלעבט רויק, ווי פריער, ווי אַלעטשקע לעבן... האָט אים דער טייוול אין וועג אַריין געשטעלט און די מאַמען מיט די מאָרגעס געפאַנגען, און איצט מוז זי ליידן... מוז... אַז די ווערים זאָלן דיך פרעסן!"

זי האָט געפייערט, צונויפדריקנדיק נקמהדיק די פויסטן, און דערזעענדיק דורך דעם פאָדערשטן פענסטער דעם וואָגן מיטן קראַנקן אונטער די ביימער, איז זי געוואַלטיק צו אים צוגעלאָפן און אַריבערבייגנדיק זיך איבער אים, האָט זי מיט שנאה אַרויסגעשיפעט:

— אַז זאָלסט מיר שוין פגרן ווי צום גיכסטן, דו אַלטער כלב!...

דער אַלטער האָט אויף איר אויסגעגלאָצט די אויגן און עפּעס אַ קאָרקל געטון, אָבער זי איז שוין געהאַט אוועקגעלאָפן: ס'איז איר אַ סך לייכטער געוואָרן, זי האָט שוין געהאַט אויף וועמען דעם כעס אויסצולאָזן פאַר אירע צוות.

דער קאָוואַל איז געשטאַנען אויפן גאַניק, ווען זי האָט זיך צוריק אומגעקערט, אָבער ער האָט זיך געמאַכט, אַז ער זעט זי נישט. ער האָט מיט אַ העכער קול צו ראָכאָן זיך אָפּגערופן:

— מאַטעוש דערציילט פאַר יעדן, אַז עך פירט זיי אויף די דייטשן...

— זיי האָבן געבעטן, איז גיי איך מיט זיי מיט צו די שכנים — האָט ער באַטאָנענדיק געזאָגט.

— בייע קיינן גרייטן זיי זיך צו. די פויערן האָבן זיך דאָס צעווילדעוועט אויפן דזשעדזשיץ און מיינען, אַז אויב זיי וועלן ווידער גיין מיט אַ גאַנצער מחנה, מיט שטעקנס און מיט אַ געשריי, וועלן זיך די דייטשן דערשרעקן און וועלן פּאָזלעשיע נישט קויפן.

ער האָט זיך פון כעס איינגעהאַלטן.

— און אפשר וועלן זיי זיך טאקע אָפּזאָגן פונעם קיף, ווער ווייסט?...

— ס'דען! דעם גרונט האָבן זיי שוין פונאַנדערגעמאָסטן, אַלע פּאַמיליעס האָבן זיי שוין אַראָפּגעבראַנגט, ברוגעס גראָבן זיי, שטיינער אויף פונדאַמענטן פירן זיי אָן...

— כ'ווייס גאַנץ גוט, אַז זיי האָבן נאָך באַם ראַיענט דעם אַקט נישט אונטערגעשריבן.

— פאַר מיר האָבן זיי זיך געשווירן, אַז ס'איז שוין נאָך אַלעם.

— כ'זאָג דאָס, וואָס כ'ווייס, און ווען דער דזשעדזשיץ װאָלט געפונען בעסערע קונים...

— איז וועט דאָך ליפּצע נישט קויפן, קיינער האָט דאָך נישט קיין גראָשן באַם דאָס...

— בזשעלאַ קאַלקולירט דאָ עפּעס, און מיר דאַכט זיך...

— גושעלאַ! — האָט ער געוואַלטיק איבערגעריסן — גושעלאַ שטופּט זיך אויבנאָן, און ר'איז אַ נאַר, ר'פאַרדרייט דעם עולם אַ מוח און פירט זיי באַר אויף אַלדאָס בייז...

— וועלן מיר זען, וואָס וועט אַרויסקומען, וועלן מיר זען! — האָט ראָכאָ געזאָגט, אַ שמייכל טוענדיק עטוואָס, דער קאָהאַל ווידער האָט זיך שיער נישט די וואָנצעס פון כעס אויסגע־צופּט.

— יאַצעק פון קאַנצעליאַריע! — האָט ער אויסגערופן, דערזעענדיק דעם פּאָסט־טרעגער אין הויף אייגנאַנג.

— פאַר „אַגאַ מאַטשעיוונאַ באָרינאָן" אַ פּאַפּיר פון קאַנ־צעלאַריע! — האָט יאַצעק אַרויסגעלייגט, אַרויסציענדיק עפּעס אַ קאָנווערט פון דער טאָרבע.

האַנקאַ איז צוגעלאָפן און אומרויק איבערגעדרייט דאָס פּאַפּיר, נישט וויסנדיק וואָס מ'טוט דערמיט.

— איך וועל איבערלייענען — האָט ראָכאָ אויסגע־רופן.

דער קאָוואַל האָט אים געוואָלט איבערן אָרעם אַרייַנבליקן,

אָבער ראָכאָ האָט געשווינד פאַרמאַכט דעם בריוו און ווי צום רויקסטן געזאָגט:

— דער סאָנד גיט ענק צו וויסן, האַנקאַ, אַז איר קענט ענק זען מיט אַנטעקן איין מאָל אין דער וואָך.

האַנקאַ האָט, אָפּפּאַרטיקנדיק דעם פּאָסט־טרעגער, זיך אומגעקערט אין שטוב אַריין, ראָכאָ ווידער איז איר ערשט נאָכן קאָוואַלס אַוועקגיין נאָכגעגאַנגען, פרייליך אויסרופנדיק:

— עפּעס אַנדערש שטייט אין פּאַפּיר געשריבן, כ'האָב נאָר נישט געוואָלט זאָגן פאַרן קאָוואַל! דער סאָנד איז מודיע, אַז צ'זאָלסט ברענגען צו פירן פינף הונדערט רובל אַ משכון, אָדער מ'זאָל פאַר אים האַפטן, וועט מען אַנטעקן תיכף אַרויסלאָזן... וואָס איז דאָס ענק?...

זי האָט נישט געענטפערט, דאָס לשון איז איר אָפּגענומען געוואָרן, זי איז געבליבן שטיין ווי איינגעגראָבן, אַ רויטקייט האָט דאָס פּנים באַדעקט, דערנאָך איז זי בלאַס געוואָרן ווי די וואַנט, די אויגן זענען איר טונקל געוואָרן פון די טרערן, זי האָט צעשפּרייט די הענט און מיט אַ שווערן זיפץ, איז זי פאַר די בילדער ווי גרויס זי איז מיטן פּנים אַ פאַל געטון.

ראָכאָ האָט זיך שטילערהייט אָפּגעטראָגן, ער איז געזעסן אויפן גאַניק און איבערלייענדיק נאָכאַמאָל דאָס פּאַפּיר, האָט ער זיך דערסגלייכן אַ דערפרייטער צעשמייכלט, נאָך אַ ווײַלע האָט ער ווידער אין שטוב אַריינגעבליקט.

האַנקאַ האָט געקניט אין דער מיט, מתפּלל זייענדיק מיט דער גאַנצער נשמה, אַז ס'איז אַ וווּנדער, דאָס האַרץ האָט איר פון פרייד און פון דעם הייסן דאַנקען נישט געפּלאַצט; קורצע, אָפּגעריסענע זיפצן און הייסע שעפּטשען, האָבן זיך אויסגעדראַכט, פילן די גאַנצע שטוב מיט בליצן אָן, זיי האָבן ווי זיילן הארציקע פלאַמען צו די פיס פון דער טשענסטאָכאָווער אויפגעשלאָגן, מיט קוועלענדיק בלוט געפלאָסן. זי איז כמעט אָפּגעשטאָרבן פון גליק, די טרערן זענען איר שטראָמענווייז גערונען, און צוזאַמען מיט זיי איז אויך דאָס געדעכעניש פון אַלע אַמאָליקע יסורים, דאָס געדעכעניש פון יעדער מין עוולה אַוועקגערונען.

זי האָט זיך ענדלעך אויפגעהויבן און, אויסווישנדיק די טרערן, האָט זי ראַכאָן געזאָגט:

— איצט בין איך שוין גרייט אויפסניי, וואָרן ווי ס'זאָל דאָס ערגסטע נישט אָנקומען, וועט שוין אַזוי שלעכט נישט זיין.

ער איז אַזש דערשטוינט געוואָרן, אַזוי האָט זי זיך ראַפּטום איבערגעענדערט: די אויגן האָבן זיך איר צעפינקלט, דאָס בלוט האָט זיך צעשפּילט אין די בלאַסע באַקן, זי האָט זיך אויסגע-גלייכט, ווי ס'וואָלטן איר צען יאָר אָפּגעקומען.

— איילטס ענק צו מיטן פאַרקויפן, מאַכטס אַזוי פיל געלט וויפיל מ'דאַרף, און מיר וועלן גיין צו אַנטעקן, כאָטש אפילו מאָרגן אָדער דינסטיק.

— אַנטעק קומט אַהיים! אַנטעק קומט אַהיים! — האָט זי נישט ווילנדיק איבערגעחזרט.

— צעפלוישטס נישט! ער וועט אַהיימקומען, וועט מען זיך אַזוי אויך דערוויסן, נאָר דערנאָך דאַרף מען טענהן, אַז מ'האָט אים אָן אַ משכון אַרויסגעלאָזט; וועט זיך דער קאָוואַל צו ענק נישט טשעפּען.

ער האָט זי שטילערהייט געלערנט. זי האָט אים פּייערלעך צוגעזאָגט, נאָר איין יוזקען האָט זי דידאָזיקע געהיימניש פאַר-טרויט, זי האָט קוים, קוים איינגעהאַלטן אין זיך די דאָזיקע שרעק-לעכע פרייד; זי איז אַרומגעגאַנגען ווי פאַרשיכורט, זי האָט כסדר געקושט די קינדער, גערעדט צום זשרעבאָק, גערעדט צו דער מאַטשאָרע, נאָכגעשפּעט דעם באָטשאַן און לאַפּאַן, וואָס איז איר נאָכגעגאַנגען מיט אַ סקאַמלעריי און אין די אויגן אַריינגעקוקט, ווי אַנשטוינסנדיק זיך עפּעס, האָט זי אים אין פּאַמע אויער איינגע-רוימט ווי עפּעס אַ מענטש:

— שטילער, נאַר, דער באַלעבאָס קומט דאָך אַהיים!

און זי האָט געלאַכט און געוויינט נאָכאַנאַנדער, זי האָט מאַטשעיען לאַנג וועגן דעם דערציילט, אַז ער האָט אַזש די צע-שראָקענע אויגן אויסגעטרעשטשעט און עפּעס געפּאַפּליעט מיט דער צונג. זי האָט שוין אָן דער גאַנצער וועלט געהאַט פאַרגעסן, אַז

יוזקא האָט זי געמוזט דערמאָנען, אַז ס'איז שוין צייט אין קלויס־טער אַריין זיך צו גרייטן. העי, ווי דאָס גליק האָט זי באַגייסטערט, באַגייסטערט, אַז ס'האָט זיך איר געגלוסט צי זינגען, ס'האָט זיך איר געוואָלט אין דער וועלט אַריין לויפן און צו די תבואות, וואָס האָבן זיך מיט אַ געגרילץ צו די פּיס געלייגט, אויסשרייען, צו די בוימעלעך, צו דער גאַנצער ערד.

— דער באַלעבאָס קומט אַהיים! אַנטאָק קומט אַהיים!

זי האָט אַזש פֿאַר פֿרייד יאַגנען אָנגעהויבן צו פֿאַרבעטן, אַז זיי זאָלן צוזאַמען גיין, אָבער יאַגנע האָט נישט געוואָלט, זי האָט ליבערשט געוואָלט איבערבלייבן.

קיינער האָט איר וועגן אַנטעקן נישט דערציילט, אָבער זי האָט זיך לייכט אַליין אָנגעשטויסן פֿון די האַלבע רייד און פֿון דעם, וואָס האַנקאַ האָט פֿאַראַרבעט. אויך זי האָט דידאָזיקע ידיעה באַרוישט און צעוויגט מיט עפּעס אַ פֿריידפֿולער, שטילער האָפֿ־נונג, אַזוי, אַז זי איז נישט קוקנדיק אויף גאָרנישט, צו דער מו־טער אַוועקגעלאָפֿן.

זי איז נישט געקומען אין דער ריכטיקער צייט, זי האָט אַקוראַט געטראָפֿן אויף אַ שרעקלעכער מחלוקה.

ווייל שימעק האָט זיך עפּעס באַלד נאָך אָנבייסן אַנידער־געזעצט אונטער, פֿענסטער מיט אַ פֿאַפּיראָס אין די ציין, געשפּריצט מיט שפּייעכץ אויף דער שטוב, לאַנג זיך מיישב געווען, לאַנג זיך איבערגעלייגט, געבנדיק אַלע מאָל אַ בליק אויפֿן ברודער, ביז ער האָט ענדלעך אויסגערופֿן:

— נו מאַמע, צ'וועט מיר געבן געלט, וואָרן כ'מוז פֿאָרן אויפֿרופֿן אַוועקטראָגן. דער גלח האָט געזאָגט, אַז כ'זאָל פֿאַר דער אָונט־תּפֿילה קומען אויף פּאַנשע זש.

— מיט וועמענען האָסטו דאָס חתונה? — האָט זי מיט אַ גיפֿטיק שמייכעלע אַ פֿרעג געטאָן.

— מיט נאַסטושען גאָלאָנביאַנקע.

זי האָט זיך נישט אָנגערופֿן, פֿאָרנדיק זיך פֿאַרטון בײַ די טעפּ און לעבן קוימען. יענדרעק האָט אונטערגעלייגט הײַלצלעך און, כאָטש דאָס פֿייער האָט געפֿלאַקערט, האָט ער פֿאַר שרעק

אַזש געבלאָזן דערויף, שימעק ווידער האָט, אָפּוואַרטנדיק אַ ווײַלע, ווידער זיך אָפּגערופן, נאָר ווי עפּעס מער זיכערער:

— פינף גאַנצע רובל גיטס מיר, וואָרן מ'דאַרף אײַך אַ תנאים פּראַווען...

— האָסט שוין געשיקט דאָרט מיט בראָנפן, האַ? — האָט זי אויפן זעלביקן אופן געפרעגט.

— קלאָגנב מיט פלאַשקען זענען געגאַנגען.

— און זי האָט דיך צוגענומען, האַ? — און די גאַמבע האָט זיך איר אַזש פון געלעכטער געטרייסלט.

— וואָס הייסט!... אוודאי האָט זי מיך צוגענומען.

— געפּאַקט אַ מציאה: נאָר וואָס דען, זי זאָל נאָך נישט באַשטיין, אַזאַ שלעפּערין!

שימעק האָט זיך אָנגעכמורעט, אָבער ר'האָט געוואַרט, וואָס זי וועט ווײַטער זאָגן.

— ברענג וואַסער פון סטאַוו, און דו, יענדרעק, לאָז אַרויס דאָס חזיר, וואָרן ס'קוויטשעט..

זיי האָבן כמעט נישט ווילנדיק געפאָלגט, און ווען שימעק האָט זיך ווידער אויף דער באַנק צעלייגט און דער יינגערער האָט עפּעס אָנגעהויבן צו מאַנדרעווען אונטער דער בלעך, האָט די אַלטע מיט אַ שטרענג קול באַפוילן:

— שימעק, טראָג אַרויס די יאַלאָווקע אַ טרונק.

— טראָגטס אַליין אַרויס, פאַר קיין דינסט וועל איך באַ ענק נישט דינען! — האָט ער האַרט אָפּגעבורטשעט, נאָך ברייטער זיך צעשפּרייטנדיק אויף דער באַנק.

— האָסט געהערט?!... ברענג מיך נישט אין כעס אַרײַן אין הייליקן זונטיק...

— ענק האָט אויך געהערט, וואָס כ'האָב געזאָגט: גיטס מיר געלט, נאָר גיכער!...

— כ'וועל נישט געבן און כ'דערלויב דיר נישט חתונה צו האָבן אויך! — האָט זי אַרויסגעזעצט.

— כ'וועל מיך אָן ענקער דערלויבניש אויך באַגיין!

— שימעק, געדענק און רייס דיך נישט אײַן מיט מיר!

ער האָט זיך מיטאַמאָל אַ בייג איין געטון פאַר איר און באַ די פיס זי הכנעהדיק אַרומגענומען.

— ס'טייטש כ'בעט ענק, מאַמע, ס'טייטש, כ'סקאַמליע, ווי אַ הונט...

די טרערן האָבן אים דעם האַלדז פאַרגאָסן.

יענדרעק האָט אויף אַ ריטש אַרויס געטון און גענומען קושן דער מוטער איבער די הענט, אַרומכאַפּן באַ די פיס און צוזאַמען מיטן ברודער גענומען חלשן פאַר איר.

זי האָט זיי מיט כעס פון זיך אָפּגעשטופּט.

— זאָלסט דיך מיר נישט דערוועגן אַטקעגנצושטעלן, װאָרן כ'וועל דיך אַרויסיאָגן, אַז דו וועסט נישט וויסן, וווּ וועסט אַהינ-קומען!... — האָט זי געשריגן, טרייסלענדיק צו אים מיט די פויסטן.

אָבער שימעק האָט זיך שוין נישט אָפּגעשראָקן, דער מוטערס הערטער האָבן אים געשמיסן ווי מיט בייטשן, אַז ער האָט אויפ-געקאָכט, שטרענג זיך אויסגעגלייכט, און די איינגעבוירענע עקשנות פון די פּאַטשעשעס האָט אים אַ זעץ געטון אין קאָפּ אַריין; ער האָט געמאַכט אַ טריט אין שטוב אַריין און, דורכשטעכנדיק זי מיט די צעפלאַקערטע שליפּיעס, האָט ער אומגערגעוויליק רויק אויסגערופן:

— גיטס מיר געלט, נאָר גיך!... מער וואַרטן און בעטן וועל איך נישט!...

— כ'וועל נישט געבן! — האָט זי אַ צעי-שעטע אַ קוויטש געטון, אומקוקנדיק זיך נאָך עפּעס אין דער האַנט אַריין צו כאַפּן.

— איז וועל איך אַליין געפינען!

ער איז אַ שפּרונג-צו געטון צום קעסטל, פּונקט ווי אַ קאַץ, מיט איין פּליק האָט ער אָפּגעריסן דאָס דעקל און אָנגעהויבן אַרויסוואַרפן פון דאָרט די מלבושים אויף דער פּאָדלאָגע. זי האָט זיך מיט אַ געקוויטש אַ וואָרף געטון באַשיצן, זי האָט אים מתחילת געפּרוווט אָוועקשלעפּן, אָבער ווייל ער האָט אויף קיין טריט נישט

אָפּגעטרעטן, האָט זי זיך אים אַריינגעפּלאָנטערט מיט דער האַנט אין די קינדלעס, און מיט דער צווייטער האָט זי אים אָנגעהויבן צו ליאַפּען איבערן פּנים און איבערן קאָפּ, קאַפּען אין הינטן אַריין און מיט מוראדיקע קולות צו שרייען. ער האָט זיך נאָך אַלץ אָפּגעיאָגט, ווי פון אַ לעסטיקער פליג, נישט אויפהערנדיק צו זוכן דאָס געלט, ביז וואַנען ער האָט אַריינגעכאַפּט ערגעץ אויף אַ גוט אָרט; ער האָט זיך אַ טרייסל אָפּ געגעבן מיט אַזאַ כעס, אַז זי איז אַ פאַל געטון איבער דער שטוב, ווי גרויס זי איז, אָבער אין איין אויגנבליק האָט זי זיך אויפגעכאַפּט און, כאַפּנדיק דאָס שאַר-אײַזן, זיך ווידער אויף אים אַ וואָרף געגעבן. ער האָט נישט געוואָלט האָבן דאָס געשלעג מיט דער מוטער, איז האָט ער זיך נאָר פאַרטיידיקט, ווי ר'האָט נאָר געקענט, זיך באַמיִענדיק אַרויסצוקריגן פון איר דאָס אײַזן. אַ געשריי האָט די שטוב אָנגעפילט. יענדרעק איז, פאַר ייִענדיק אין אַ געוויין, אַרומגעלאָפן אַרום זיי און רחמנותדיק געבעטן:

— מאַמעליו,, אום גאָטעס ווילן!... מאַמעליו!...

יאַגנאַ איז גראָד דערויף אַריינגעקומען, זי האָט זיך אַ וואָרף געטון זיי פונאַנדערצונעמען, אָבער אומזיסט, וואָרן וואָס שימעק האָט זיך אָפּגעבויגן און אין אַ זייט אָפּגעשפּרונגען, איז די מוטער צו אים ווידער צוגעפאַלן, ווי אַ צעיוּשעטע צויג, און געקיילט ווי זי האָט געטראָפן, אַזוי, אַז ער האָט שוין, אַ צעווילדעוועטער פון ווייטיק, אָנגעהויבן צוריקצוגעבן. זיי האָבן זיך צונויפגעפּלאָנטערט, ווי די הינט און, אַרומפירנדיק זיך איבער דער שטוב, האָבן זיי זיך געהאַקט אָן די ווענט און שטוב-זאַכן מיט אַ שרעקלעך געשריי.

מענטשן האָבן זיך שוין אָנגעהויבן צוזאַמענצולויפן פון אַלע זייטן, פּרוּווּנדיק פונאַנדערצונעמען — נאָר וואָס, אַז זי האָט זיך צוגעטשעפּעט צו אים ווי אַ פּיאַווקע, און געשלאָגן מיט אַ ווילדע רציחה.

ביז ר'האָט איר אַ זעץ געגעבן מיט דער פויסט צווישן די אויגן, אַ כאַפּ געטון זי בײַ די זייטן און ווי אַ שפּענדל זי אויף-

דער שטוב אַ וואָרף געגעבן; זי האָט זיך אַ וואַקל געטון און פּונקט ווי אַ קלאָץ איז זי מיט דער גאַנצער שווערקייט אַרויפגעפאַלן אויף דער צעגליטער בלעך צווישן די טעפּ פול מיט קאָכעדיק וואַסער, דער קוימען האָט זיך צעלייגט, און אַלץ איז איינגעפאַלן...

פאַרשטייט זיך, אַז מ'האָט זי באַלד אַרויסגעשלעפּט פון דעם איינגעשיטן הויפן, אָבער כאָטש זי איז געווען שרעקלעך אָפּגעבריט, האָט זי נישט קוקנדיק אויף די יסורים, נישט אויף דער טליענדיקער ספּודניצע, זיך ווידעראַמאָל צו אים געוואָרפן.

— טראָג דיך מיר אַרויס, פאַרשאָלטענער אויסוואָרף!.. טראָג דיך אַרויס!... — האָט זי אומבאַוווסטזיניק געריטשעט.

מ'האָט געמוזט מיט געוואַלט לעשן אויף איר דאָס פייער און צוהאַלטן, מ'זאָל איר כאָטשיק קענען דאָס אָפּגעברענטע פּנים מיט איינגענעצטע טיכער אַרומלייגן, אָבער זי האָט זיך סיי ווי אַרויסגעריסן.

— אַז זאָלן דיך מיינע אויגן מער נישט אָנקוקן... אַז זאָל דיך...

שימעק ווידער, האָט שוין קוים אַן אָטעמדיקער, אַ צעהרגעטער, געקוקט באַר אויף דער מוטער מיט אַ פּאָר אַרויסגעזעצטע שלייפיעס, אַ פּחד האָט אים באַם האַלדז אָנגעכאַפּט, ער האָט זיך איינגאַנצן געוואָרפן, נישט קענענדיק קיין וואָרט אַרויסברענגען נישט ווייסנדיק, וואָס עס טוט זיך.

און קוים ווי עס האָט זיך געהאַט עטוואָס איינגעשטילט, ווי די אַלטע האָט זיך מיט מאָל אַ ריס אַרויס געטון פון די ווייבערישע הענט, אַרונטערגעשפּרונגען הינטערן קוימען צום דראָנג מיט די מלבושים, און אַראָפּרייסנדיק פון אים שימעקס זאַכן, האָט זי זיי גענומען אַרויסוואַרפן דורכן פענסטער אין סאָד אַריין...

— אַוועק פון מיינע אויגן! ס'איז דאָ גאָרנישט דיין, ס'איז אַלץ מיין. קיין איין בייט וועל איך דיר נישט געבן, קיין לעפל קעכצן נישט, זאָלסט אפילו פּגרן פון הונגער! — האָט זי מיט די לעצטע כּוחות געליאַרעמט און, באַזיגט ווערנדיק ענדלעך פון די שרעקלעכע יסורים, איז זי מיט האַרצרייסנדיקע קרעכצן אַנידערגעפאַלן.

מ׳האָט זי אָוועקגעטראָגן אויף אַ בעטל.

ס׳זענען זיך אָנגעקומען מענטשן, אַז זיי האָבן די שטוב צעראַפּאַקט, מ׳האָט זיך שוין אין פֿעדערהויז געקוונטשעט, און אויף דורך די פֿענסטער האָט מען די קעפּ אַריינגעשטעקט.

יאַגנאַ האָט שוין דעם קאָפּ אָנגעוווירן, נישט וויסנדיק וואָס מען טוט, וואָרן די גאַלטע האָט שוין פּשוט געריטשעט פֿון יסורים... ווי הייסט, ס׳טייטש זי האָט דאָך דאָס גאַנצע פּנים און דעם האַלדז מיט קאָכעדיק וואַסער געהאַט זיך אָפּגעגאָסן, די הענט אָפּגעשרפֿט, די האָר פֿאַרברענט און די אויגן, קוים וואָס זי האָט אויף זיי געזען.

שימעק האָט זיך אַנידערגעזעצט אין סעדל הינטער דער וואַנט פֿון דער כאַלופּע, די גאַמבע האָט ער אָנגעשפּאַרט אויף דער פֿויסט און ווי ער וואָלט פֿאַרשטאַרט געוואָרן; אַ פֿאַרבלוטיקטער, איינגאַנצן מיט בלויע צייכנס באַדעקט און מיט שטיקלעך שוין פֿאַרגליווערט בלוט אויפֿן פּנים, האָט ער זיך נאָר איינגעהאָרכט צו דער מוטערס קרעכצן.

מאַטעוש איז באַלד נאָכדעם געקומען צו לויפֿן און ציענדיק אים באַ דער האַנט, האָט ער אויסגעגרופֿן:

— קום צו מיר. איצט האָסטו נישט דאָ וואָס צו טון...

— כ׳וועל נישט גיין! דער גרונט געהערט צו מיר נאָכן טאַטן, איז וועל איך אויף מיינעם בלייבן, כ׳וועל נישט אָפּטרעטן! — האָט ער מיט אַן אָנגעכמורעטער עקשנות געטענהט, זיך אָנכאַפּנדיק נישט ווילנדיק מיט די נעגל באַם ווינקל פֿון דער כאַלופּע.

ס׳האָבן נישט געהאָלפֿן קיין שום געבעטן, נישט דאָס חלשן פֿאַר אים, ר׳האָט זיך נישט גערירט פֿון אָרט און ר׳האָט אויפֿגעהערט איינגאַנצן צו ענטפֿערן.

מאַטעוש האָט זיך לעבן אים אַנידערגעזעצט, נישט וויסנדיק וואָס מען טוט מיט אים, יעדנדרעק ווידער האָט, צוזאַמענגענומענדיק די אַרויסגעוואָרפֿענע קאַפּאָטעס, הויזנס און העמדער, זיי צוזאַמענגעבונדן אין אַ פֿלאַכטע און נישט דרייסט פֿאַרן ברודער אַנידערגעלייגט.

— כ'וועל מיטגיין מיט דיר, שימעק, אין דער וועלט אַריין, כ'וועל מיטגיין! — האָט ער געהיילט, גיסנדיק מיט ביטערע טרערן.

— אין דער הינטישער מאַמען אַריין!... כ'האָב געזאָגט, כ'דריר מיך נישט פונדאַנען, איז וועל איך מיך נישט רירן!... — האָט ער אַ ריטש געטון, קלאַפּנדיק מיט דער פויסט אין דער וואַנט, אַז יענדזשיק האָט זיך אַזש אַראָפּגעזעצט פאַר שרעק.

זיי זענען אַנטשוויגן געוואָרן, ווייל פרישע, שרעקלעכע קרעכצן האָבן זיך אין דער שטוב צעטראָגן: דאָס האָט יאַמבראָזש באַנדאַזשירט די קראַנקע, ער האָט אַרומגעלייגט די אָפּגעבריטע ערטער מיט פרישער־אומגעזאַלצענער פוטער, אַרומגעדעקט מיט אַזעלכע מיני בלעטער, אויף וועלכע ער האָט ווידער אָנגעוואַליעט מיט זויערע מילך און דאָס אַלץ האָט ער אַרומגעוויקלט מיט נאַסע טיכער. נאָכדעם ווי ער האָט אָנגעזאָגט יאַנושען, אַז זי זאָל אַלע פאַר מינוט באַגיסן מיט קאַלט וואַסער, איז ער געשווינד אַוועקגעלאָפן אין קלויסטער אַריין, וואָרן דאָס גלעקל האָט זי צעקלונגען.

ס'איז שוין צייט געווען צו דער סומע, מענטשן האָבן זיך איבערן גאַנצן וועג געשיט, די וועגענער האָבן געגרעגערט, און אָן אַ שיעור באַקאַנטע האָבן אויפן וועג אַריינגעבליקט צו דער קראַנקער, אַז יאַגנאַ האָט אַזש געמוזט די טיר פאַרקלאַפּן פאַר די בייגעריקע, נאָר וואָס איין שיקאָרעכע איז מיט איר איבערגעבליבן.

ס'האָט נישט לאַנג געדויערט און ס'האָט זיך אינגאַנצן באַרויקט. די דאָמיניקאָווע איז אַנטשוויגן געוואָרן, פון קלויסטער האָט זיך צעטראָגן דאָס שטילע, באַסנדיקע שפילן פון אָרגל, און די שטימען פון די געזאַנגען האָבן אַ בלאָז געטון צווישן די סעדער מיט אַ שלוכצנדיקן, גלעטנדיקן געפלאַטער.

די זון האָט גאַנץ פיין געגלעט, אין דער פאַרמיטאָגדיקע־שטילקייט זענען די ביימער געשטאַנען אָן באַוועגונג, נאָר טייל־מאָל האָט זיך עפעס אַ צווייגעלע אַ טרייסל געגעבן און שאָטנדלעך האָבן זיך צעוויגט, די פייגל זענען אַנטשוויגן געוואָרן,

טייַלמאָל האָבן זיך די תבואות אַ באַוועג געטון, און אויפקלינ־געגדיק מיט אַ שטילעטשקן געגריילץ, האָבן זיי זיך מיט די געלבלעכע גריוועס צעשימערט.

די שקצים זענען נאָך אַלץ געזעסן הינטער דער כאַלופּע. מאַטעוש האָט שטילערהייט עפּעס געפּריידיקט. שימעק האָט נאָר צוגעשאָקלט מיטן קאָפּ, יענדזשיק ווידער, וועלכער איז געלעגן פּאַר זיי, האָט זיך פאַרקוקט אין דעם רויך פון מאַטעושעס פּאַפּיראָס, וואָס האָט זיך פּונקט ווי אַ בלוי שפּינוועבס איבערן שטרוי דאַך אויפגעהויבן.

יאַגנאַ איז אַרויסגעגאַנגען מיט אַ קובעל נאָך וואַסער צום סטאַוו.

דאַמאָלס האָט זיך מאַטעוש אויפגעהויבן. צוזאָגנדיק נאָך צו קומען נאָך מיטאָג, ער האָט זיך מתחשב געווען צו גיין אין קלויסטער אַריין, אָבער דערזעענדיק, אַז יאַגושיאַ זיצט באַם וואַסער, איז ער צו איר צוגעגאַנגען.

דער קובעל איז געשטאַנען אָנגעשעפּט, די פיס האָט זי געהאַלטן אין וואַסער.

— יאַגושיאַ!... — האָט ער שטיל אַ שעפּטש געטון, אַנידערשטעלנדיק זיך דערלעבן, אונטער אַן אָלכע.

זי האָט געשווינד דעם וועלניאַק איבער די קני אַראָפּגעלאָזט און אַ קוק געטון אויף אים. אָבער זי האָט געהאַט אַזעלכע פאַרווייַנטע אויגן מיט טרויער און אומעט אָנגעפולטע, אַז ס'האָט אים אין האַרץ אַ קלאַפּ געטון.

— וואָס איז דיר דאָס, יאַגוש? ביסט קראַנק?...

די ביימער האָבן זיך אַ וויג געטון אָן גערויש, אָפּשיטנדיק איר העלן קאָפּ מיט אַ מבול פון שימערירנדיקע שטראַלן און שאָטנס, פּונקט ווי מיט אַ גרין־גאָלדענעם רעגן.

— ניין... נאָר ס'איז מיר נישט גוט אויף דער וועלט... ניין... — זי האָט די אויגן אַוועקגעדרייט.

— מען כ'זאָל דיר קענען מיט עפּעס העלפן, אַן עצה געבן... — האָט ער האַרציק אויסגערופן

— אַזוי? דאַמאָלס אין גאָרטן ביסטו אַנטלאָפן און האָסט דיך שוין מער נישט געוויזן...

— וואָרן האָסט מיך באַוואָלהט!... האָב איך דען געקענט וואַגן? יאַגוש!... — ער איז געוואָרן הכנעהדיק און גוט.

— אָבער כ'האָב דאָך דיר נאָכדעם נאָכגערופן, האָסטו נישט געהערט...

— האָסט מיך טאַקע גערופן, יאַגוש? ס'איז אמת?!...

— כ'האָב שוין, געוואָגט!... אָפּרייסן וואָלט איך מיך געקענט, און קיינער וואָלט צו מיר מיט קיין הילף נישט געאיילט!... ווער שטייט דען דאָרט נאָך אַ יתומה?... באַוואָלהען און פייניקן איז יעדערער גרייט!...

אַ רויטקייט האָט איר פּנים אָפּגעגאָסן, זי האָט אָוועקגעדרייט דעם קאָפּ און אין פאַרלעגנהייט אָנגעהויבן צו צעשאַרן דאָס וואַסער מיט די פיס. מאַטעוש האָט זיך אויך עפּעס פאַרטראַכט.

אַ שטילקייט האָט זיך ווידער געוועבט; דאָס שפּילן פון אָרגל האָט געטריפט מיט אַ באַרויִקנדיקן, שטילעטשקן שטראָם, דער סטאַוו האָט געגלאַנצט און קיילעכדיקע רעדער האָבן זיך ווי די געשטרייפטע שלאַנגען פון יאַגושעס פיס אַוועק אויסגעשפּרייט, שאָטנס הייבן איבער דער בריגיקער גלאַטקייט געגעטערט; צווישן זיי ביידע האָבן שוין אָנגעהויבן בליקן צו פליען און זיי פאַרבינדן צווישן זיך...

מאַטעושן האָט עס וואָס אַמאָל שטאַרקער געצויגן צו איר, אַז ער וואָלט זי אַ נעם געטון אויף די הענט, פּונקט ווי אַ קליין קינד, און מיט אַן אומבאַשרייבלעכער גוטסקייט וואָלט ער זי געגלעט און באַרויִקט...

— כ'האָב געמיינט, אַז ביסט מיר אַ שונא... — האָט זי זיך שטילעטשקע אָפּגערופן.

— כ'האָב קיינמאָל נישט געקוקט אויף דיר קרום... געדענקסט דען נישט?...

— אוודאי, קען זיין פאַריאָרן, ווען ביסט... אַצינד ביסטו

ווי די איבעריקע... ווי... — האָט זי אומבאַ־אַכט געשעפּ־טשעט.

אַ פלוצלינגדיקע דערינערונג האָט מיט אים אויפגעטרייסלט, אַ כעס און אייפערזוכט האָט זיך אין אים אויפגעוועקט.

— ווייל האָסט... ווייל האָסט...

ניין, ר'האָט בשום אופן נישט געקענט אַרויסברענגען דאָס, וואָס ס'האָט אים געוואָרגן, ער האָט זיך נאָך איינגעהאַלטן, און ער האָט נאָר קורץ און שאַרף אַ זאָג געטון:

— זיי געזונט!...

ער האָט געמוזט אַנטלויפן, כדי איר דעם וואָיס נישט פאַר־צוּוואַרפן.

— אַנטלויפסט, וואָס האָב איך דיר ווידער געטון פאַר אַן עוולה?...

זי איז געווען איבערגעשראָקן אין צעווייטיקט.

— גאָרנישט... גאָרנישט... נאָר... — האָט ער גיך גע־רעדט, אַרייבקוקנדיק איר אין די בלויע, פאַרווייגטע אויגן. און אַ רחמנות, געדירטקייט און צאָרן האָבן מיט אים געוואָרפן — נאָר פאַרטרייב די פּאַקראַקע פון דיר, פאַרטרייב, יאַגוש!... — האָט ער הייס געבעטן.

— יעך האָב אים דען צוגעצויגן? צי האַלט איך אים דען צו! — האָט זי צאָרניק אויסגעשריגן.

מאַטעוש איז געבליבן שטיין ווי אומזיכער און זייער פאַר־לעגן.

אַ געוויין האָט זי אָנגעכאַפּט, טרערן האָבן זיך איר ווי אַרבעס אַ שיט געטון איבערן צעפלאַמטן פּנים.

— ער האָט מיר אַזוי פיל שלעכטס געטון... ר'האָט מיך אַזוי אָנגעשיכורט... און קיינער נעמט זיך פאַר מיר נישט אָן... קיינער דערבאַרעמט זיך נישט, און אַלע זענען אויף מיר אַש־להבה! וואָס־זשע בין איך דאָ שולדיק?... האַ? — האָט זי מיט ווייטיק זיך באַקלאָגט.

— איך וועל אים דער שטשערווע באַצאָלן! — האָט ער איפהייבנדיק די פויסטן אַרויסגעפייערט.

— באַצאָל אים, מאַטעוש! באַצאָל, און איך וועל דיר זײַן... — האָט זי עקשנותדיק איבערגעחזרט.

ער האָט זיך שוין נישט אָפּגערופן, נאָר צום קלויסטער אַוועקגעלאָפן.

זי איז נאָך לאַנג בײַם סטאַוו געזעסן, טראַכטנדיק וועגן מאַטעושן, אַז ס׳קען זײַן ער וועט זיך פֿאַר איר אָננעמען, און נישט לאָזן זי פּײַניקן.

— און אפשר גאָר אַנטעק — איז איר מיטאַמאָל אויפֿן געדאַנק געקומען.

זי האָט זיך אומגעקערט אַהיים, פֿול מיט שטילע און פֿרײַדיקע געפֿילן.

די גלאָקן האָבן אָנגעהויבן קלינגען, דער עולם איז אַרויסגעגאַנגען פֿון קלויסטער, באַלד האָבן די וועגן אָנגעהויבן ווימלען און פֿאַרהילכט צו ווערן מיט די געדרישן פֿון די פֿורן און געשפּרעכן, געלעכטערן האָבן אין דער לופֿט געקלונגען, מ׳איז געגאַנגען אין גאַנצע מחנות, אָפּשטעלנדיק זיך פֿון צײַט צו צײַט פֿאַר די הויף־אײַנגענג, נאָר פֿאַר דער דאָמיניקאָוועס כאַלופּע זענען די מענטשן עפּעס אַנטשוויגן געוואָרן, איבערגעקוקט זיך מיטאַנאַנדער און פֿאַרבײַגעגאַנגען מיט באַטריבטע פּנימער; קיינער האָט אפֿילו צו דער קראַנקער נישט אַרײַנגעבליקט.

ס׳האָט נישט לאַנג געדויערט האָט דאָס גאַנצע דאָרף זיך צעטומלט, מ׳האָט געטומלט אין די שטובן, אין די פֿעדערהײַזער און אויף די שוועלן; אין די סעדער איז אויך געווען הילכיק און געדיכט, וואָרן מ׳האָט זיך באַזעצט צו די מיטאָגן אונטער די ביימער, אין די שאָטנס און קילקייט, אַזוי, אַז אומעטום האָט מען געקענט זען עסן. דאָס געקראַץ מיט די לעפֿל, געקלאַנג פֿון די שיסלען, און ריחות פֿון די מאכלים און דאָס סקאַמליען פֿון די הינט האָט זיך אין דער הייציקער שטילקייט צעטראָגן.

נאָר בײַ דער דאָמיניקאָווען איז געווען שטיל און פּוסט: קיינער האָט זיך נישט געאײַלט אַהין מיט קיין באַזוכן. די אַלטע האָט געקרעכצט אין היץ, יאַגוש האָט שוין נישט געקענט מער אײַנזיצן, האָט זי זיך אַנידערגעשטעלט אויף דער שוועל, דאָ איז

זי אַזש אויפן וועג אַרויסגעגאַנגען, דאָ האָט זי ווידער לאַנגע שעהן דורכן פענסטער פֿאַרבענקט געקוקט, שימעק ווידער, איז פונקט ווי פריער, געזעסן הינטער דער כאַלופּע, נאָר וואָס איין יענדרעק האָט דעם קאָפּ נישט אָנגעווירן און גענומען זיך אויף דער אַנדערער זייט צום אָפּקאָכן דאָס עסן.

ערשט עפּעס אין אַ שעה אַרום נאָכן מיטאָג האָט האַנקאַ צו זיי אַריינגעבליקט, נאָר זי איז עפּעס געווען אויסטערליש, זי האָט זיך וועגן אַלץ אויסגעפרעגט, אַ סך געדאַגהט זיך וועגן דער קראַנ-קער, און בגנבה, מיט פֿאַרבאָרגענע בליקן נאָכגעקוקט יאַגנען, אָפּ-זיפצנדיק פֿאַרזאָרגט.

אין קורצן איז אויך מאַטעוש געקומען צו לויפן צו שי-מענקן.

— וועסט מיטגיין מיט אונדז צו די דייטשן? — האָט ער געפרעגט.

— דער גרונט איז מיין נאָכן טאַטן, כ'וועל נישט אָפּ-טרעטן פון אָרט — האָט דער שגץ זיינס געטענהט.

— נאַסטושיאַ וואַרט אויף דיר, דו דאַרפסט דאָך אַוועקטראָגן פאַר'ן אויפרופן.

— כ'וועל אין ערגעץ נישט גיין... דער גרונט איז מיין נאָכן טאַטן...

— נאַרישער אייזל! קיינער ציט דיך נישט באַם ווידל... אין זיץ דיר כאָטשביק ביז מאָרגן! — האָט ער זיך צעבייזערט, און ווייל יאַגנאַ האָט אַקוראַט אַרויסבאַגלייט האַנקען פון הויף, האָט ער זיך פֿאַרייניקט צו איר, נישט געבנדיק אַפילו קיין קוק אויף יענער.

זיי זענען געגאַנגען אינאיינעם מיטן וועג באַם סטאַוו.

— ראָכאָ איז שוין געקומען פון קלויסטער? — האָט ער אָנגעהויבן.

— ר'איז געקומען; און ס'וואַרטן שוין דאָרט אַ שפּאָר ביסל פויערן.

ער האָט זיך אַ דריי אום געגעבן. יאַגנאַ האָט זיי באַכגע-

קוקט, איז דעריבער האָט ער, געשווייד זיך אויסדרייענדיק, שטיל, נישט קוקנדיק איר אין די אויגן אריין, אַ פרעג געטון.

— ס'איז אמת, אַז דער גלח האָט פון דער אַמבאַגע=אַראָפּ עמעצן פאַרגעהאַלטן?...

— האָסט געהערט, און דו ציסט נאָך באַ דער צונג.

— כ'בין שוין געקומען נאָך דעם פריידיקן, מ'האָט מיר טאַקע וועגן דעם דערציילט, אָבער כ'האָב געמיינט, אַז מ'נאַרט מיך אָפּ אַזוי אין געלעכטער.

— און נישט איינע האָט ער פאַרגעהאַלטן... ער האָט אַזש מיט די פויסטן געטרייסלט... בקול רם יענעם שטראָפן און מיט שטיינער באַוואַרפן קען יעדער אייגציקער... נאָר דאָס שלעכטס צו פאַרהיטן איז נישטאָ ווער — זי איז זייער באַטריבט געווען און בייז. — אָבער דעם וואָיט האָט ער מיט קיין וואָרט נישט אָנגערירט, און ער איז דאָ דער הויפט=שולדיקער — האָט זי שטילער צוגעגעבן.

מאַטעוש האָט גאַליק אַ שעלט געטון און כאָטש ער האָט נאָך געוואָלט וועגן עפעס זיך פרעגן, האָט אים אָבער דרייסטקייט פאַרפעלט. זיי זענען געגאַנגען אין שטיל=שווייגן. הגבקאַ האָט זיך געפילט זייער געטראָפן פון דעם גאַנצן עסק. „אַזת טאַקע, אַז יאַגנאַ האָט געזינדיקט, אמת, אַז מ'האָט זי געדאַרפן אָנשטראָפן, נאָר מ'זאָל איר אַזוי באַלד, כמעט באַם נאָמען, פון דער אַמבאַגע אַראָפּ פאַרוואַרפן... דאָס איז שוין צו פיל... זי איז דאָך פונדעסטוועגן באַרינעס ווייב, נישט קיין ליאַדע אַרומלויפערין...“ — האָט זי אַ צעווייטיקטע געטראַכט. וואָס צווישן זיי איז פאָרגעקומען, דאָס איז זייער עסק, און אַנדערע — אַ זאַש דערצו.

— מאַגדען און דעם מילנערס שיקסעס האָלט ער נישט נאָר: ס'איז דאָך אַלעמען באַוווסט וואָס פאַר אַ מעשים זיי פאַראַרבעטן! און אויף די הויף=דאַמעס פון וואָליע דראָט ער אויך נישט מיט די פויסטן, וועגן דער פריצהטע ווידער פון גלאַכווו, כאָטש די גאַנצע וועלט ווייסט, ווי זי שלעפט זיך אַרום מיט די פּאַראַבקעס, וועט ער אויף דאָס מויל נישט עפענען! — האָט זי מיט דער טיפסטער אויפגעבראַזטקייט גערעדט.

— דאָס איז אמת, און טערעסקען האָט ער דערמאָנט? האַ? — האָט זי קוים די פראַגע דערהערט.

— ר'האָט זיי ביידע פאַרגעוואָרפן; אַלע האָבן זיך אָנגע־שטויסן וועגן וועמען ער רעדט.

— ס'האָט איר עמעצער געמוזט דאָס אונטערזאָגן — האָט ער קוים דעם צאָרן איינגעהאַלטן.

— מ'האָט געזאָגט, אַז דאָס איז דער דאָמיניקאָוועס אַ שמיקל אַרבעט, אָדער גאָר די באַלצערקאָוועס; איינע געמט בקמה אָן דיר פאַר שימעקן מיט גאַסטקען, די צווייטע ווידער וואָלט דיך געוואָלט פאַר איר מאַרישען אָפּציִען.

— איז דאָ ליגט דער הונט באַגראָבן! אַז ס'איז מיר גאָר אַפילו אויפן געדאַנק נישט געקומען...

— מאַנספערשוינען זעען גאָר דאָס, וואָס זיי האָבן עס שטיין פאַר די אויגן, ווי אַן אָקס.

— בחנם באַמיט זי זיך די באַלצערקאָווע, בחנם!... זי קען נאָך אַמאָל רייסן אַ פסק פון טערעסקאָן... און אויף צולהכעיס דער דאָמיניקאָוועס, מוז שימעק חתונה האָבן מיט גאַסטקען: דאָס וועל איך שוין זיין דערין! שטשערוועס, ווייבער!

— זיי פירן צווישן זיך זייערע עסקים, און צוליב דעם ליידן אומשולדיקע — האָט זי אומעטיק אויסגערופן.

— און אַזוי העצן זיי איינע אויף דער אַנדערער, אַז ס'איז שוין קיין אופן נישט אין דאָרף אויסצוהאַלטן.

— אַז מאַטשעי איז געווען, איז טאַקע געווען, ווער ס'זאָל אויסגלייכן, מ'האָט געהאַט וועמען צו האָרכן.

— נו טאַקע, דער וואָיט איז אַ טראָמבע, ר'האָט נישט קיין פאַרשטאַנד צו גאָרנישט און פאַראַרבעט אַזעלכע מעשים, אַז דאָס פאָלק קען נישט האָבן קיין דרך ארץ פאַר אַזעלכן. וואָלט כאָטשיק אַנטעק אַהיימגעקומען!...

— ר'וועט אַהיימקומען אינגיכן, ר'וועט אַהיימקומען! אָבער ווער וועט אים דען האָרכן? — די אויגן האָבן בא איר אויפגע־גלאַנצט.

— מיר האָבן שוין גערעדט וועגן דעם מיט בושעלאַן אין מיט די שקצים, אַז ווען ער וועט אַהיימקומען, איז וועלן מיר שוין צוזאַמען מיט אים מאַכן אַן אָרדנונג אין דאָרף. צ'וועט זײַן!

— ס'וואָלט שוין צײַט געווען: ס'טײַטש אַלץ בעפאָרט זיך דאָך, פונקט ווי די רעדער אָן אַקס-נעגל.

זיי זענען פונקט צונעקומען צו דער כאַלופּע; אויפן גאַניק איז שוין די גראָמאַדע געזעסן.

ס'האָבן זיך געזאָלט אַוועקלאָזן בײַ אַ צענדלינג באַלעבאַטים און עטלעכע פון די בכבודיקסטע פּאַראָבקעס, כאָטש תחילת האָט זיך דאָס גאַנצע דאָרף אײַנגעשפּאַרט צו גיין, פונקט ווי דאַמאָלס אויפן וואַלד.

זיי האָבן זיך צוזאַמענגענומען און מיט אומגעדולד געוואַרט אויף די איבעריקע.

— דער וואָיט איז אויך מחויב מיט אונדז מיטצוגיין! — האָט עמעצער, אָפּשניצנדיק אַ שטעקן באַמערקט.

— דער נאַטשאַלניק האָט אים אין פּאָוויאַט אַרײַן אַרויסגערופן; דער שרײַבער האָט געזאָגט, אַז כּדי מ'זאָל צוזאַמענרופן אַ פאַרזאַמלונג און באַשליסן וועגן אַ שקאָלע אין ליפּצע און אין מאָדליצע.

— לאָזן זיי צוזאַמענרופן; סײַ ווי וועלן מיר נישט באַשטעטיקן! — האָט זיך קלאָנב צעלאַכט.

— ס'וואָלט באַלד דערפון אַרויסגעקומען אַ פרישער פּאָדאַטעק פון דער מאָרגע, ווי אין דאָלאַ.

— זיכער; אָבער אַז דער נאַטשאַלניק וועט באַפעלן, איז מוז מען האָרכן — האָט דער סאָלטיס באַמערקט.

— וואָס האָט ער אונדז דאָ צו באַפעלן? די סטראַזשניקעס לאָז ער זיך באַפעלן, אַז זיי זאָלן בשותפות מיט די גנבים נישט גנבענען.

— צו עזותדיק הייבסטו אָן, בושעלאַ! — האָט אים דער סאָלטיס געוואָרנט. — נישט אײַנעם האָט שוין די צונג ווײַטער, ווי איב האָט זיך געוואָלט, אַוועקגעפירט.

— כ׳וועל יאָ רעדן, וואָרן איך ווייס אונדזער רעבע אין כ׳האָב נישט קיין מורא פאַר קיין שום נאַטשאַלסטוואָ, נאָר ענק, פינסטערע לעמער, ציטערן די ליטקעס פאַר אַ ליאַדע לאַטיקטשי-בע פון אַמט.

ער האָט געליאַרעמט, אַז זיי האָבן זיך דערשראָקן פאַר אַזאַ דרייסטקייט, און נישט איינעם איז די הויט געריבצלט גע-וואָרן פאַר שרעק; קלאָגנב האָט אָנגעהויבן:

— אינדעראמתן טאַקע, איז אַזאַ שקאָלע גאָרנישט ווערט... מיין אַדאַם איז גאַנצע צוויי יאָר געגאַנגען קיין וואָליע, דעם לערער האָב איך צוגעפירט צו קערצלעך קאַרטאָפליעס, ס׳ווייב האָט אים אויך געגעבן צו ביסלעך פוטער מיט אייער אויף די חגאות, און דערפון איז אַזוי פיל צרויסגעקומען, אַז ער קען נישט אין תפילה-ביכל איין וואָרט איבערלייענען, אין רוסיש ווי-דער איז ער אויך ני בע, ני מע... די יינגערע אָבער, וועלכע האָבן זיך איבערן ווינטער געלערנט בא ראַכאָן, קענ זיך אפילו אין געשריבענעם פונאַנדערקלויבן און קענען אויך אין די פרי-צשע ביכלעך לייענען...

— איז לאָז מען ראַכאָן באַדינגען און זאָל ער ווייטער לערנען; פאַר די קינדער איז אַ שקאָלע מער נייטיק ווי אַ פאָר שטיוול — האָט זיך גושלאַ ווידער אָנגערופן.

אויף די רייד האָט זיך דער סאָלטיס צרייבגערוקט צווישן דער גראָמאַדע און מיט אַ האַלב קול אָנגעהויבן רעדן:

— ראַכאָ וואָלט געווען דער בעסטער, דאָס ווייס איך... ר׳האָט מיינע שקצימלעך אויך אויסגעלערנט... אָבער מ׳קען נישט. די מאַכט האָט שוין געמוזט עפעס דערשמעקן און האָט אויף אים אַן אויג... דער עלטסטער האָט מיך געטראָפן אין קאַנצעלאַריע, האָט ער מיך זייער שטאַרק וועגן אים אויסגע-פרעגט... כ׳האָב מיט אים לאַנג נישט געברייעט, אַזוי, אַז ער איז אויף מיר אין כעס געוואָרן און אָנגעהויבן מיר אויפצווייזן, אַז ער ווייסט גאַנץ גוט, אַז ראַכאָ לערנט די קינדער און טיילט פוילישע ביכלעך און גאַזעטן צווישן מענטשן... מ׳דאַרף אים וואָרנען, אַז ער זאָל זיין פאָרזיכטיק.

— אַ מיאוס עסק! אַ גוטער מענטש, אַ פרומער, אָבער צוליב אים קען אַמאָל קומען אַ צרה אויפן גאַנצן דאָרף... מדאַרף עפּעס אַ טראַכט געבן... און טאַקע באַלד — האָט דער אַלטער פלאָשקאַ דערקלערט.

— פאַר מורא וואָלט עך אים אַרויסגעגעבן אויך... וואָס? — האָט בזשעלאַ ניפּטיק אַ שעפּטשע געטון.

— ווען ער זאָל בונטעווען דאָס פאָלק קעגן דער מאַכט, און צום שאָדן פון כּלל, וואָלט יעדערער דאָס אייגענע געטון. ביסט נאָך יונג, אָבער איך געדענק גאַנץ גוט, וואָס עס האָט זיך אָפּגעטון בשעת דער מלחמה פון די פּאַנעס, ווי מ'האָט פאַר אַ ליאַדע וואָס די פויערן מיט בייטשן געקאַטעוועט. נישט אונדזער עסק דאָס.

— צ'ווילט ווערן וואָיט, און באַריש זענט עך ווי אַן אייזל! — האָט אים גזשעלאַ צוגעוואָרפן.

זיי האָבן איבערגעהאַקט, וואָרן ראָכאַ איז אַרויסגעקומען פון שטוב, אַ פיר געטון מיט די אויגן איבער די מענטשן, זיך איבערגעצלמט און אויסגערופן:

— שוין צייט! לאָמיר גיין אין נאָמען פון גאָט!

ער האָט זיך געלאָזט פאָרויס, און נאָך אים האָבן זיך די פויערן אַ שיט אַרויס געטון אויפן מיט וועג, פון הינטן ווידער האָבן זיך נאָכגעשלעפּט אַ ביסל ווייבער און קינדער.

די היץ איז שוין געהאַט פאַרבײַ, מ'האָט גראָד טאַקע געקלונגען צו דער אָוונט-תפילה, די זון האָט זיך אַריבערגעקאָלערט צו די וועלדער-צו, דער הימל איז געהאָנגען אַ לויטערער און אַ העלער; די ראַנדן זענען אַזוי דורכזיכטיק געווען, אַז אַפילו די ווייסטע דערפער האָבן זיך פאַר די אויגן אויפגעהויבן פּונקט ווי אויף דער האַנט, און אין דער גרינקייט פון די וועלדער האָט מען די געלע שטאַמען פון די סאָסנעס, די ווייסע העמדער פון די בזשאָזעס און די גרויע, ריזיקע דעמבעס מיטן אויג געקענט אונטערשיידן.

די ווייבער זענען איבערגעבליבן הינטער דער מיל, און די מאַנספּערשוינען זענען געגאַנגען פּאַמעלעך באַרג-אויף. אַ

שטויב האָט זיך נאָך זיי אויפגעהויבן, אַז גאָר פון צייט צו צייט האָט זיך עפּעס אַ קאַפּאָטע אַ ווייס געטון.

זיי זענען געגאַנגען אין שטילשווייגן. די פּנימער זענען געווען שטרענג און די אויגן האָבן אַנגעשלאָסן און עקשנותדיק געקוקט.

פאַר הנאה וועגן האָבן זיי גאָר פון צייט צו צייט גע-קלאַפּט אָן דער ערד מיט דעמבאָווע שטעקנס, און טיילמאָל האָט אויך ווער אין דער גאַרשטש זיך אָנגעשפּיגן און אויסגע-שטייפט זיך, ווי צום שפּרינגען.

זיי זענען געגאַנגען אין אַ ווירדיקער אָרדנונג. ווי נאָך אַ פּראָצעסיע, וואָרן קוים האָט זיך באַ עמעצן יאָ אַ וואָרט אַרויס-געריסן, איז ער באַלד אונטער די שטרענגע בליקן אַנטשוויגן גע-וואָרן: ס׳איז נישט די צייט געווען אויף אייבצוטענהן, יעדער איינציקער האָט זיך איינגעטוליעט און אָנגענומען אין זיך כוחות.

אויף די גרענעץ-בערגלעך אונטערן צלם האָבן זיי זיך אָני-דערגעזעצט אַ קאַפּ אָפּרוען, אָבער אויך אַציגד האָט זיך קיינער מיט קיין וואָרט נישט אָנגערופן; זיי האָבן נאָר מיט שטילע בליקן איבער דער וועלט געבלאָנדזשעט. די ליפּצער כאַלופּעס האָט מען קוים פון הינטער די סעדער אַרויסגעזען, דער גאָלדענער קופּאָל אויפן קלויסטער-טורם האָט געגלאַנצט אויף דער זון, ווו ס׳אויב האָט גאָר געקענט אַרומנעמען, האָבן זיך די פעלדער געגרינט; אויף די פּאַשעס הינטערן וואַלד זענען פונאַנדערגעשיטע סטאַדעס אַרומגעקראָכן, אַ בלוי שנירל רויך האָט זיך פון הינטערן וואַלד פון עפּעס אַ פייערל אויפגעהייבן און קינדערישע געזאַנגען האָבן זיך צעקלונגען, און דאָס שפּילן אויף די פּאַסטוך-פייפעלעך האָט זיך צעטראָגן איבער דער גאַנצער ערד, וואָס איז געווען אויס-געשלייערט מיט פרילינג, מיט פרייד, מיט וווּנדערלעכער רויִקייט; און נישט איינעם איז דאָס האַרץ איבערגעגאַנגען פון שטילער בענקשאַפט און פון מורא, נישט איינער האָט שווער אָפּגעזיפצט און מיט אַנגסט געקוקט אויף פּאַדלעשיע. . ,

— לאָמיר גיין, דאָ בייט דאָך עפּעס נישט אין קיין פעלע-

וועס! — האָט ראָכאַ אונטערגעיאָגט, באַמערקנדיק גאַנץ גוט, אַז דער עולם הייבט עפּעס אָן צופֿיל געלאָסן צו ווערן.

זיי האָבן זיך אַראָפּגעדרייט גלייך צו די פּאָלוואַרק־געביידן מיט אַן אָפּגעלעגן, פֿאַרוואַקסן וועגל, וואָס איז ווי אַ בלומען־סטעזשקע צווישן די גרינע תבֿואות געלעגן; די געמיינע קאָרנס האָבן זיך געבלויט פֿון די קאָרן־בלימלעך, דער פֿאַרשפּעטיקטער האָבער האָט זיך אינגאַנצן געגעלט פֿון די פֿייער־בלימלעך, דער ווייכער און צוגעברענטער ווייץ האָט זיך פֿון מאָן גערייטלט, די קאַרטאָפֿל ווידער האָבן נאָר־וואָס אָנגעהויבן אויפֿצוגיין. אַ פֿאַרלאָזנקייט האָט מען אויף שריט און טריט געקענט באַמערקן און אָפּגעלאָזנקייט.

— אַ ייִדישע באַלעבאַטישקייט פּשוט, אַז ס'איז אַזש אַ ווייטיק צו קוקן! — האָט עמעץ אַ מרוק געגעבן.

— מעג עס זײַן דער ערגסטער פּאַראָבעק, איז אַרבעט ער נאָך פֿונדעסטוועגן אַלץ בעסער אויפֿן גרונט!

— וואָרן אַן אַנדערער, מעג ער זײַן אַ דזשעדזשיק, איז שאַנעוועט ער אַפֿילו נישט די הייליקע ערד!

— ער מעלקט זי און מעלקט פּונקט ווי אַ הונגעריקע קו, איז שוין טאַקע קיין וואונדער נישט, וואָס זי איז אומפֿרוכטבאַר געוואָרן.

זיי זענען אַרויסגעקומען אויף די אומפּאַרקערטע פֿעלדער. די פֿאַרקאָפּטשעטע און רוינירטע דאַך־בעלקעס פֿון די געביידן האָבן זיך שוין פֿון נישט ווייט אַרויסגעזען, דער פֿאַרברענטער סאַד האָט מיט די שוואַרצע ביימער־סקעלעטן, וואָס האָבן זיך שמערצלעך צום הימל אויסגעצויגן, אַרומגערינגלט די הויפּישע הײַזלעך מיט די אײַנגעפֿאַלענע דעכער און מיט אַרויסשטאַרנדיקע קוימענס. הינטער די ווענט ווידער, אין די מאָגערע שאָטנס פֿון די אָפּגעשטאָרבענע צווײַגן האָט מען געזען אַ קופּקעלע מענטשן. דאָס זענען געווען די דײַטשן. אַ פֿעסל ביר איז געשטאַנען אויף די שטייבער, אויף דער שוועל האָט עמעץ צוגעשפּילט אויף אַ פֿלייטל, און זיי זענען געזעסן צעלייגט אויף די בענק און אויפֿן גראָז, אין די בלויזע העמדער, מיט די פּייקעס

צווישן די ציין, און האָבן געטרונקען פון ליימענע טעפּלעך; די קינדער האָבן אַרומגעשטיפט לעבן דער שטוב, און נישט ווייט פונדאַנען האָבן זיך געפּאַשעט אומגעהייערע קי מיט פערד.

ווייזט אויס, זיי האָבן געמוזט באַמערקן די גייענדיקע, וואָרן זיי האָבן זיך אָנגעהויבן אויפצורייסן איינער נאָכן אַנדערן, מיט די הענט די אויגן זיך פאַרשטעלט און געקוקט צו זיי און עפּעס געשריגן; אָבער עפּעס איינער אַן אַלטער שוואַב האָט שטרענג אַ פּלאַפּל געטון, און זיי האָבן זיך באַלד צוריק רויק צונידערגעזעצט אויף זייערע ערטער, טרינקענדיק פון זייערע קופּליעס; דאָס פלייטל האָט זיך צעפּייפט מיט נאָך אַ זיסערן טאָן, די לערכעס האָבן זיך כמעט איבער די קעפּ צעזונגען, און פון די תּבֿיאות אַרויס האָבן זיך גרילן געדיכט און אומאויפהערלעך צעשפּילט און ווו-נישט-ווו האָט זיך אַ שטימע פון אַ וואַכטל אַרויסגעריסן.

און כאָטש די אָפּגעבאַקענע ערד האָט געפּויקט אונטער די פויערן, און די פּאַדקאָוועס האָבן וואָס אַמאָל נענטער אָפּגעקלונגען אָן די שטיינער האָבן זיך די דייטשן אפילו קיין ריר נישט געטון, גלייך ווי זיי וואָלטן גאָרנישט געהערט און געזען, באַר געשעפּט תּענוג פון דעם ביער און פון דער זיסקייט, מיט וואָס די פאַרבאַכגלופּט האָט געשמעקט.

און די פויערן האָבן זיך שוין דערנענטערט, זיי זענען געגאַנגען וואָס אַמאָל שווערער, אָבער אויך פּאַמעלעכער, איינהאַלטנדיק דאָס אָטעמען און צודריקנדיק די שטעקנס; די הערצער האָבן געקלאַפּט, אַ הייסער צאַפּל האָט זיך מיט אַ היץ אין די ביינער צעגאָסן, די העלדזער זענען טרוקן געוואָרן, אָבער די רוקנס האָבן זיך בא זיי אויסגעשטייפט און די צעגליטע שטיפּיעס האָבן זיך שטרענג איינגעפּרעסן אין די דייטשן, און פון די פּנימער, גלייך ווי זיי וואָלטן פאַרגליווערט געוואָרן, האָט אַ שטרענגע עקשנות און אַ נישט אָפּטרעטנדיקע קראַפט געשלאָגן.

— זאָל זיין געלויבט! — האָט ראָכאַ אויף דייטש אויס-

גערופן, אָפּשטעלנדיק זיך, און נאָך אים האָט זיך די גאַנצע חברה אין אַ האַלב ראָד אַנידערגעשטעלט, צושטופּנדיק זיך אײ-נער צום אַנדערן און צודריקנדיק זיך מיט די אָרעמס.

די דײַטשן האָבן אַלע מיט אַ כאָר אָפּגעענטפערט, נישט רירנדיק זיך פון די ערטער. נאָר דער דאָזיקער אַלטער, מיט דער גרויער באָרד, האָט זיך אונטערגעהויבן, און אַ בלאַסער מיט די אויגן איבער דער חברה געפירט.

— מיר זענען געקומען צו ענק מיט אַן ענין — האָט ראַכאַ אָנגעהויבן.

— איז זעצטס ענק, גאָספּאָדאַזשעס, פון ליפּצע, זע איך, זענט עך, נו טאָ װעלן מיר זיך װי עס פּאַסט פאַר שכנים אויס-שמועסן! יאָהאַן, פריץ, בענק פאַר די שכנים!

— אַ שײנעם דאַנק, ס'איז אַ קורצער ענין, װעלן מיר צו-שטײן.

— דאָס מוז נישט זײַן קײן קורצער, װי באַלד עך זענט מיטן גאַנצן דאָרף געקומען! — האָט ער אויף פּויליש אויסגע-רופן.

— װאָרן ס'גײט אַלעמען אַלצײַנס אָן.

— ס'איז נאָך דרײַ מאָל אַזױ פיל אינדערהײם זיבערגע-בליבן! — האָט גזשעלאַ באַטאָנענדיק אַ זאָג געטאָן.

— מיר נעמען ענק גאַנץ גערן אויף, און אַז עך זענט שוין יאָ די ערשטע געקומען, איז אפשר װעט עך מיט אונדז אַ גלעזל ביער אויסטרינקען... לכּבוד דעם שכנותדיקן צוזאַמענלעב... גיסטס נאָר אָן חברה...

— כלאַיע דיר אַלײן אויס! װי ברײט ער איז זיך! מיר זענען נישט געקומען קײן ביער טרינקען! — האָבן די היציקע-רע אויסגערופן.

רצכאַ האָט זײ מיט די אויגן אײַנגעשטילט, און דער אַל-טער דײַטש האָט שטרענג אויסגערופן:

— נו, איז הערן מיר!

ס'איז אָנגעפאַלן אַ שטילקײט, אַ סאַפּען און קורצע אָטעמען האָבן זיך צעטראָגן, די ליפּצער האָבן זיך נאָכמער צונױפגעגנ...

דריקט, אַ ציטער האָט אַלע דורכגענומען. די דייטשן האָבן זיך דערשראָקן ווי איין מענטש אַ שטעל אויף געטון, אַקעגנגעשטעלט זיך אין אַ געשלאָסענער גרופּע און מיט בייזע אויגן אָנגעהויבן אין די פויערן זיך איינצוזויגן, מיט די בערד צו וואָרפן, צו באַרכלען און עפּעס אין דער שטיל צו מורמלען.

די ווייבער האָבן מיט שרעק דורך די פענסטער אַרויסגעקוקט, די קינדער האָבן זיך אין די פעדערהייזער באַהאַלטן, און עפּעס אַזעלכע אומגעהייער רויטע הינט האָבן הינטער די ווענט אָנגעהויבן צו וואָרטשען, און זיי ווידער זענען אַזוי אַ גוטע ווײַלע געשטאַנען אַנטקעגן אין אַ טיפער שטילקייט, פּונקט ווי אַ סטאַדע ציגן, וואָס פירן שוין אַרום זיך מיט די בלוטיקע שליפּיעס, טרעטן איבער פון איין אָרט אויפן צווייטן מיט די קאָפּעטעס, שטייפן אויס די רוקנס, בייגן אַראָפּ די קעפּ, און אַ ליאַדע מינוט וועלן זיי זיך אַ וואָרף טון איינע אויף די אַנדערע מיט די הערנער, ביז ראָכאָ האָט איבערגעריסן:

— מיר זענען געקומען אין נאָמען פון גאַנצן דאָרף צוליב דעם — האָט ער געזאָגט אויף פּויליש, הויך און שאַרף — כּדי ענק צו בעטן מיט גוטן, אַז ציזאָלט פּאָדלעשיע נישט קויפן...

— יאָ! אַזוי איז עס! צוליב דעם טאַקע, — האָבן זיי נאָך אים איבערגעחזרט, קלאַפּנדיק מיט די שטעקנס.

יענע זענען מיטאַמאָל ווי פאַרשטיינערט געוואָרן.

— וואָס רעדט איר? וואָס וויל ער? מיר פאַרשטייען נישט! — האָבן זיי מיט די צונגען געקאָרקלט, נישט וועלנדיק זיך צוגלייבן.

האָט זיי דעריבער ראָכאָ נאָכאַמאָל און אויף דייטש איבערגעחזרט, און קוים ער האָט פאַרענדיקט, האָט מאַטעוש מיט הייך אויסגעשאָסן:

— און עץ, פלודערן, זאָלט ענק גיין צו אַלדי טייוול!

זיי זענען מיטאַמאָל אויפגעשרפּונגען, ווי מיט קאָכעדיק וואַסער אָפּגעבריט, ס'איז אויסגעבראָכן אַ טומל, זיי האָבן זיך צואַמענגעקנוילט און מיט גרימצאָרן געפּלאָפּלט, שאָקלענדיק מיט די

הענט, טופּענדיק פון כּעס, אַזוי, אַז נישט איינער האָט זיך שוין מיט די פויסטן צו די פויערן געריסן און געדראָעט, אָבער זיי זענען געשטאַנען אומבאַוועגלעך, ווי אַ מויער, דורכגליִענדיק מיט די צאָרנדיקע אויגן, די הענט האָבן זיך נאָר זיי געטרייסלט, און די ציין פאַרהאַקט.

— צי זענט עך אַלע חסר דעה געוואָרן? — האָט דער אַלטער אויסגערופן, אויפהייבנדיק די הענט. — צ'פאַרוועט אונדז צו קויפן ערד! פאַרוואָס? מיט וואָס פאַר אַ רעכט?...

האָט אים ווידער ראָכאַ אַלצדינג רויק, ברייט און ווי עס געהער צו זיין דערקלערט, אָבער דער דייטש האָט, רויט ווערנדיק פון כּעס, אַ ריטש געטאָן:

— די ערד איז יענעמס, ווער עס באַצאָלט פאַר איר!

— אַזוי זעט עס אויס לויט ענקער שכל, אָבער לויט אונדזערן איז איינגאַנצן אַנדערש, אַז זי באַדאַרף זיין יענעמס, וועמען זי איז נויטיק — האָט ער פייערלעך אויסגערופן!

— אויף וואָס פאַר אַן אופן אייגנטלעך, אפשר גאָר בחנם, אויפן וועג פון גזלה? — האָט ער גיפטיק חוזק געמאַכט.

— אָט פאַר דידאָזיקע צען פינגער, ס'איז גענוג באַצאָלט! — האָט אויפן זעלבן אופן ראָכאָ אָפּגעענטפערט.

— נאַרישע דבורים! וואָס ווען מיר דאָ צייט אָנווערן אויף וויצן, פאָדלעשיע האָבן מיר געקויפט, ס'איז אונדזער און ס'וועט בלייבן אונדזער, און וועמען עס געפעלט נישט, זאָל זיך זיין געזונטערהייט און ר'האָט אַ ברירה אונדז פונדערווייטנס אויסצומיידן. נו, און וואָס נאָך וואַרט עך?...

— אויף וואָס? כּדי ענק צו זאָגן: אַ זאַשע ענק צו אונדזער ערד! — האָט גזשעלאַ אַרויסגעשאָסן.

— טראָגטס ענק אַליין אָפּ, כּל זמן מ'הייבט ענק נישט אָן צו יאָגן.

— כּל זמן מיר בעטן נאָך ווי שכנים! — האָבן אַנדערע אויסגערופן.

— עך סטראַשעט. ווען מיר אייַנבעבן אין סאָנד אַריין! זיר וועלן בעפיגען אויף ענק אַ מיטל, צ'זענט נאָך פאַרן וואַלד

נישט אָפּגעזעסן, וועט מען ענק צולייגן און צ'וועט אײַנײַבעם אָפּ־אַרבעטן! — האָט דער אַלטער אָפּגעהוזקט, אָבער ער האָט זיך שוין געטרייסלט פון כעס, און די איבעריקע האָבן זיך שוין אויך קוים אײַנגעהאַלטן.

— לויזערס פאַרשאָלטענע!

— רוצחים! פאַרשטינקענע הינט! — האָבן זיי געוואַלטע־וועט אויף זייער לשון, אײַנדרייענדיק זיך אין אַ קופּע, ווי די צעטרעטענע שלאַנגען.

— שטילערס, הינטישע צורות, ווען מענטשן רעדן צו ענק! — האָט מאַטעוש אַ שעלט געטאָן, נאָר זיי האָבן זיך אָבער נישט דערשראָקן, און וואָס אַמאָל העכער געשריגן און מיט דער גאַנצער חברה זיך צוגערוקט.

ראַכאָ האָט, מורא קריגנדיק פאַר אַ געשלעג, אָנגעהויבן די פויערן אײַנצונעמען, אײַנצושטילן און זיי געצוווּנגען צו זײַן רויק. אָבער זיי האָבן זיך אים אויסגעריסן, שרייענדיק איינער העכער פון אַנדערן.

— מעסטס ווער אָפּ דעם ערשטן פון עך אַ כאַפּ אין קאָפּ אַרײַן!

— אַ קאַפּ רויטע יוכע זיי אַרויסלאָזן!

— מ'וועט זיך אַזוי לאָזן, חברה? פון גאַנצן עולם מאַכן זיי דאָך חוזק!

— און מ'וועט זיך נישט האַלטן באַם אונדזעריקן? — האָבן אַנדערע אויסגערופן, צוגעבנדיק זיך חשק און צושטופּנדיק זיך וואָס אַמאָל בענטער און דראָענדיקער, ביז מאַטעוש האָט ראַכאָן אָפּגעשאַרט אָן אַ זײַט און זיך אַרויסגערוקט פאָרויס פאַר די דײַטשן, ווי אַ וואָלף מיט די ציין געבליצט.

— הערטס אויס, דײַטשן! — האָט ער אַ ריטש געטון, אויסציִענדיק די פויסטן. — מיר האָבן גערעדט צו ענק מענטש־לעך, אָרנטלעך, און עך סטראַשעט מיט קרעמינאַל און צ'מאַכט חוזק פון אונדז! גוט, נאָר אַצינד וועלן מיר אויף אַן אַנדערן אופן מיט ענק אויפשפּילן! צ'ווילט נישט קיין שלום, זענען מיר ענק מחרה פאַר גאָט און מענטשן, ווי אונטער אַ שבועה, אַז צ'וועט

אויף פאָדלעשיע נישט איינזיצן! מיר זענען געקומען מיט שלום און עך ווילט מלחמה! גוט, אַז מלחמה איז מלחמה! עך האָט הינטער זיך די סאָנדזעס, עך האָט די רעגירונג, עך האָט געלט, און מיר — בלויז די גאָלע פויסטן... וועלן מיר זען, ווער עס וועט זיין פון אויבן! און נאָך דאָס קען איך ענק צוגעבן, כדי צ'זאָלט דאָס גוט אין זכרון אַריין געמען... אַז פייער כאַפּט זיך אָן אין שטרוי, אָבער עס פאַרברענט אויך מויערן, און עס פאַרכאַפּט אויך די תבואה אפילו, וואָס שטייט נאָך אין די זאַנגען... בהמות דעסגלייכן פאַלן אויף די פאַשעס... און קיין שום מענטש קען נישט אַנטרינען פון קיין בייז אומגליק... צ'זאָלט געדענקען, וואָס כ'האָב געזאָגט: אַ מלחמה סיי באַטאָג, און סיי באַנאַכט, און סיי אויף שריט און טריט...

— מלחמה! מלחמה! זאָל אונדז אַזוי דער אייבערשטער העלפן! — האָבן אַלע צוזאַמען אַ הויקע געטון.

די דייטשן זענען אַ שפרונג־צו געגעבן צו די דרענגער, וואָס זענען געלעגן אונטער דער וואַנט, עטלעכע האָבן ביקסן אַרויסגעברענגט, טייל האָבן זיך צו שטיינער געכאַפּט, די ווייבער האָבן אויפגעהויבן אַ געוואַלט.

— זאָל זיך איינער דערוועגן צו שיסן, וועלן זיך דאָ באַלד אַלע דערפער צוזאַמענלויפן.

— וועסט דאָ דערשיסן, נבלה, איינעם, וועלן דיך די אַנדערע מיט אַ שטעקן, ווי אַ פאַרשיווע הונט דערדורסן.

— הייבטס בעסער נישט אָן, שוואָבן, וואָרן צ'וועט קיין פויערן נישט בייקומען.

— און צו ענקער פלייש וועט זיך אפילו קיין הונגעריקער הונט נישט צורירן.

— ריר מיך נאָר אָן, נבלה איינע, ריר נאָר אָן! — האָבן זיי חוצפהדיק און אַרויסרופנדיק געדראָעט.

זיי זענען שוין געשטאַנען נאָנט פון זיך, באַדזשענדיק זיך נאָר מיט די שליפּיעס, איבערטרעטנדיק פון איין פוס אויפן אַנדערן, קלאַפּנדיק מיט די שטעקנס און שרייענדיק מיט גרימצאָרן,

אַזוי, אַז די פאַרשידענע אויסרופן און דראָונגען זענען ווי די שטיינער איבער די קעפּ געפלויגן, עס האָבן זיך שוין אויסגעצויגן די בעגל, און נישט איינער האָט פון גרייטקייט אַזש געציטערט. בּיז ראָכאָ האָט זיינע לייט צוזאַמענגענומען און זיי אָפּגעפירט אָן אַ זייט. די פּויערן האָבן יאָ געוואָלט נישט גערן זיך אָפּגעטריט פון זיי האַלב זייטיק, און פאַרזיכטיק, אָפּהיטנדיק די היגטנס, זענען די אַוועקגעגאַנגען, און הינטער זיך וואָס אַמאָל מער שפּאָטישער אויסגעשריגן.

— זייטס געזונט, חזירישע מאָרדעס!

— און וואַרטס, בּיז דער רויטער האָן וועט ענק אויפקרייען!

— מיר וועלן דאָ אַרייגבּליקן צו כאַפּן אַ טאַנץ מיט ענקערע פאַננעס!

בּיז ראָכאָ האָט זיי אַזש געמוזט איינשטילן, אַזוי שרעקלעך האָבן זיי געפּיסקעוועט.

דער בּין השמשות איז אויף דער ערד שוין צוגעפאַלן, די זון איז פאַרגאַנגען, אַ קיל ווינטל האָט איבער די תבואות אַ שאַר געטון, אַז זיי האָבן זיך איינגעבויגן, קלינגענדיק מיט די זאַנגען, די גראָזן זענען פייכט געוואָרן פון די גרויע טויען, טענער פון פאַסטוך-פייפלעך און קינדערישע קוויטשערייען האָבן זיך פון דאָרף געטראָגן, אַ קוואַקען פון זשאַבעס האָבן זיך אין די זומפּן צעשפּילט, און אַ שטילער, שמעקעדיקער אָוונט האָט די גאַנצע וועלט איינגעהילט.

די פּויערן האָבן זיך פּאַמעלעך צוריקגעקערט, די צעקנעפּלטע קאַפּאָטעס האָבן פּונקט ווי ווייסע פליגל געפלאַטערט; זיי זענען געגאַנגען רוישיק, וואָס אַ ווײַלע זיך אָפּשטעלנדיק, עמעץ האָט אויפגעזונגען, אַז די וועלדער האָבן אַזש אָפּגעהילכט, אַנדערע האָבן געפּייפט פאַר נחת, דאָ האָבן זיי, איינטענהנדיק, מיט די גליִעדיקע שליפּיעס די פאָדלעשיער ערד אַרומגענומען.

— דער גרונט איז לייכט צום איינטיילן! — האָט דער אַלטער קלאָמבּ אויסגערופן.

— באמת, גאָספּאָדאַרקעס וואָלט מען בעקענט אויסשניידן, פּונקט ווי די האָניג-פּלאַסטערן, איינס אין איינס, און איטלעכער מיט אַ שטיקל לאָנקע און מיט אַ פּאַשע.

— אַבי די דייטשן זאָאַן נאָר אָפּטרעטן! — האָט דער סאָלטיס אָפּגעזיפצט.

— זאָרגטס ענק נישט, דאָס זענען מיר שוין דערין, אַז זיי זאָלן אָפּטרעטן — האָט מאַטעוש פאַרזיכערט.

— איך וואָלט גענומען די ערד דאָ פון עק, לעבן וועג — האָט פריטשעק אַדאַם אַ שעפּטשע געטון.

— און מיר וואָלט גאָר געפעלן אינדערמיט, די מיט דער פיגור — האָט אַן אַנדערער פּאַראָבעק אויסגערופן.

— איך וואָלט מיך פּשוט געריסן צוליב דער, צו וואָליצע.

— טה, ווען מען זאָל אַזוי קריגן דאָרט אין די גערטנער נאָכן פאָלוואַרק!

— וואָס פאַר אַ חכם, ס'בעסטע וואָלט ער געוואָלט!

— ס'וועט פאַר איטלעכן אויסקומען צו שטיקלעך — האָט גושעלאַ באַרויקט, וואָרן זיי האָבן זיך שוין געהאַט אָנגעהויבן צו אַמפּערן.

— אויב דער דזשעדזשיק וועט באַשטיין, און וועט ענק אָוועקגעבן פאָדלעשיע, איז וואָרט אויף ענק נישט קיין קליינע אַרבעט, נישט קיין ווייניק מי — האָט זיך ראָכאַ אָנגערופן.

— מ'וועט זיך אַן עצה געבן! מ'וועט זיך מיט אַלעם אַן עצה געבן — האָבן זיי פריילעך אויסגערופן.

— אָהאַ! ס'איז נישט אַזוי שרעקלעך צו אַרבעטן אויף ס'דייניקע!

— מ'וואָלט זיך אפילו מיט דער גאַנצער ערד דעם דזשעדזשיצס אַן עצה געגעבן.

— זאָל מען נאָר געבן, וועט עץ זען.

— דער מענטש וואָלט זיך אַריינגעשפּאַרט אין דער ערד

אַריין, ווי אַ בוים, און זאָל זיך ווער אַן עצה געבן, זאָל ווער פ־רוון אים אַרויסרייסן.

זיי האָבן זיך פונאַנדערגעטענהט צווישן זיך, גייענדיק וואָס אַמאָל שנעלער, וואָרן פון דאָרף האָט זיך שוין געטונקלט אַ גרו־פּע ווייבער, וואָס זענען אַרויסגעלאָפן אַנטקעגן,

## XI

ס'איז שוין אויף אַזוי פיל טאָג געווען, אַז די גאַנציטשקע וועלט האָט זיך געהאַט באַדעקט מיט אַ טונקעלע בלוילעכקייט, פונקט ווי אַ צייטיקע פלוים. גראָד דאַמאָלס איז האַנקאַ פאַרפאָרן פאַר דער שטוב, וואָס איז נאָך אין טיפן שלאָף געלעגן. אויף דעם שאַרפן גערויש אָבער פון דער בריקע זענען די קינדער אַרויס־געפאַלן מיט אַ געשריי און לאַפּאַ האָט מיט פרייד אָנגעהויבן צו בילן און פאַר די פערד צו שפּרינגען.

— און ווו איז אַנטעק? — האָט יוזקאַ פון דער שוועל אַראָפּ אויסגעשריגן, אָנטועענדיק דעם וועלניאַק איבערן קאָפּ.

— מ'וועט אים ערשט אין דריי טעג אַרום אָפּלאָזן, אָבער ער וועט שוין אָן שום ספק אַהיימקומען — האָט זי רויִק אָפּגע־ענטפערט, קושנדיק די קינדער, און איינטיילנדיק זיי צו חלה־לעך.

וויטעק איז אויך פון דער פערד־שטאַל אַרויסגעלאָפן, און נאָך אים דער זשרעבאַק, וועלכער האָט מיט אַ ציטערניש אָנגעהויבן

זיך צוכאַפּן צו דער קלאַטשע. פּיעטרעק האָט פון וואָגן אַרויסגעצויגן די איינגעקויפטע זאַכן.

— מ'קאָסעט שוין? — האָט זי זיך געפרעגט, אַנידערזעצנדיק זיך באַלד אויף דער שוועל, כדי דעם יינגסטן די ברוסט צו געבן.

— פינף מאַן האָבן זיי נעכטן נאָך מיטאָג אָנגעהויבן, פּיליפּ, ראַפאַל און קאָבוס אַרבעטן אָפּ פאַר אַ חוב, און אַדאַם קלאָנג און מאַטעוש זענען געוואָרן צוגעדונגען.

— מאַטעוש גאָלאָנב? נע, נע?...

— אינדעראמתן טאַקע, מיר איז אויך אַ וווּנדער געווען, אָבער ער האָט אַליין געוואָלט. ר'זאָגט, אַז ער וויל נישט אינגאַנצן שוין דעם גאַרב קריגן באַם טשעשען, איז מוז ער זיך דעם רוקן אַ ביסל באַם קאָסען אויסגלייכן.

יאַגנאַ האָט אויף איר זייט דאָס פענסטער אויפגעפּראַלט און אין דרויסן אַרויסגעקוקט.

— דער טאַטע שלאָפט נאָך?

— אין סאַד ליגט ער, מיר האָבן אים נישט אַרייַנגעטראָגן אויף באַנאַכט, וואָרן אין שטוב איז שרעקלעך הייס.

— וואָס-זשע הערט זיך דאָרט מיט דער מאַמען?

— אַזוי ווי ס'איז געווען, כאָטש ס'איז איר אפשר אַ קאַפּ בעסער, יאַמבראָזשי היילט זי, ס'איז אויך געקומען נעכטן דער אָווצאַרזש פון וואָליע, ר'האָט זי אויסגערייכערט, עפּעס שמירעכצן געגעבן און געזאָגט, אַז ביז צו ניין וואָכן וועלן זיי געזונט ווערן, נאָר זיי זאָלן חלילה אויף דער ליכטיקער שיין נישט אַרויסגיין.

— דאָס איז אַפּנים דאָס בעסטע מיטל צו אַ ברי! — האָט זי אָפּגעענטפערט, דערנאָך האָט זי, געבנדיק דעם קינד פון דער צווייטער ברוסט צו זייגן, אָנגעהויבן אויספרעגן אין איילעניש וועגן די נעכטיקע נייעסן, נאָר דאָס האָט גאָר קנאַפּ געדויערט, וואָרן ס'איז שוין ווייסער געוואָרן, די שטראַלן האָבן דעם הימל באַרייטלט און צעשפּילט זיך מיט פאַרבן אין דער לופט, דער טוי איז פון די ביימער אַראָפּגערונען,

די פֿייגל האָבן זיך צעטשוויטשערט אין די נעסטן און אויפֿן דאָרף האָט זיך דאָ און דאָרט אַ בעטשען פֿון שעפּסן צעטראָגן און אַ ריטשען פֿון די סטאַדעס, וואָס מ'האָט אויף די פּאַשעס אַרויסגעטריבן, עמעץ ווידער האָט אַ קאָסע אָנגעהויבן צו שאַרפֿן, אַזוי, אַז אַ דינענקער, שאַרפֿער קלאַנג האָט זיך דורכדרינגענדיק צעטראָגן.

האַנקאַ, וועלכע האָט זיך נאָר-וואָס פֿון וועג געהאַט איבערגעטון, איז אַוועקגעלאָפֿן צו באָרינען. ער איז געלעגן אין אַ פּולקאָשעק אונטער אַ בוים, צוגעדעקט מיט אַן איבערבעט און געשלאָפֿן.

— עך ווייסט! — האָט זי אַ שעפּטשע געטון, טרייסלענדיק אים בײַ דער האַנט — אַנטעק קומט שוין אַהיים אין דריי טעג אַרום. מ'האָט אים אָפּגעשטעלט אין דער גובערניע אַריין, ראָכאָ איז נאָך אים אַהינגעפֿאָרן מיט געלט, ר'וועט דאָרט באַצאָלן די אויסלייז-סומע און זיי וועלן שוין צוזאַמען אַהיימקומען!

דער אַלטער האָט זיך ראַפּטום אַ זעץ אויף געטון, זיך אויסגעריבן די אויגן און ווי איינגעהאָרכט זיך, אָבער באַלד איז ער אַ פֿאַל צוריק געטון אויפֿן געלעגער, און אַרויפֿציענדיק דאָס איבערבעט איבערן קאָפּ, איז ער ווידער ווי איינגעשלאָפֿן.

ס'איז נישט קיין אופֿן געווען מיט אים אַ וואָרט צו רעדן און אַקוראַט זענען אויך די קאָסאַרעס אין הויף אַרײַנגעקומען.

— מיר האָבן נעכטן לעבן קרויט-פֿעלד די לאָנקע אומגעלייגט — האָט פֿיליפּ דערקלערט.

— טאָ גייטס-זשע היינט פֿון יענער זייט טײַך, לעבן די קאַפּצעס, יוזקאַ וועט ענק שוין ווײַזן.

— דאָס איז יענץ אָרט אויפֿן קאַטשקע-גרוב, אַ שפּאַר שטיק פֿעלד.

— און גראָז ביזן גאַרטל, ווי אַ וואַלד, נישט אַזוי ווי דאָס נעכטיקע.

— אַזוי געמיין איז עס, האַ?

— אידאי, ס׳איז כמעט ווי אָפּגעטרוקנט, גלייך מ׳וואָלט אַ באַרשט בעקאָסעט.

— דער טוי וועט זיך איבערטריקענען, וואָלט מען עס שוין געקענט היינט איבערוואַרפן.

זיי זענען באַלד אַוועקגעגאַנגען, נאָר מאַטעוש, וואָס האָט עפּעס צו לאַנג באַ יאַגנען דעם פּאַפּיראָס פאַררייכערט, האָט זיך דער לעצטער פון אַרט געריהרט, און ר׳האָט זיך נאָך גיריק היננער זיך אומגעקוקט, פּונקט ווי אַ קאָטער, וואָס מ׳טרייבט פון די מילך אַוועק.

און אויך פון אַנדערע הייזער האָט מען געדיכט אָנגעהויבן אַרויסצוגיין צום קאָסען.

די זון האָט זיך גראָד נאָר־וואָס געהאַט באַוויזן, אַ ריזיקע און אַ צעטיילטע, ס׳האָט זיך געמאַכט אַ וואַרעמער טאָג, ס׳האָט זיך ווידער געוויזן אויף אַ היץ.

די קאָסאַרעס האָבן זיך געלאָזט גיין אין דער ברייט פון וועג, פאָרויס זיי איז געגאַנגען יוזקאַ, וועלכע האָט געשלעפּט אַ לאַנגן שטעקן. ווער ס׳האָט פּאַטשעוזש געמורמלט, ווער ס׳האָט זיך נאָך אויסגעצויגן און די שליפעס פון שלאָף אויסגעווישט, און ווער ווידער ס׳האָט עפּעס אַן איבעריק וואָרט אַרויסגעוואָרפן. אַזוי זענען זיי פאַרבײַגעגאַנגען די מיל; אויף די לאָנקעס זענען געלעגן בידעריקע, שיטערע נעפּלען, די קעמפּעס אָלכעס האָבן אויסגעזען ווי די רויכעדיקע קושאַקעס, דער טייך האָט טיילמאָל אַ גלאַנץ געטון פון הינטער די בלויע הילעס אָפּער, די באַטויעטע גראָזן זענען געשטאַנען איינגעבויגן, די מצוועס האָבן זיך שוין ווי־נישט־ווי צעפּישטשעט, און די לופט, וואָס האָט זיך געגליט פון דעם זון־אויפגאַנג, האָט מיט פייכט בלעכן געשמעקט.

יוזקאַ האָט, צופירנדיק זיי ביז די קאָפּצעס, אָפּגעמאָסטן דעם פאָטערס לאָנקע, אַרײַנגעשטעקט אויף דער גרענעץ דעם שטעקן, און צוריק אַהיימגעלאָפן.

זיי האָבן פון זיך אַראָפּגעוואָרפן די שפּענצערס, פאַר־

שאַרצט די הויזן ביז איבער די קני, אויסגעשטעלט זיך איינער לעבן אַנדער, און אָנשפּאַרנדיק די הענטלעך אָן דער ערד האָבן זיי גענומען שלייפן די קאָסעס מיט די שטיינדלעך.

— היפּש גראָז, ווי אַ פעלץ, נישט איינער, וועט זיך דאָ גוט דערשוויצן — האָט מאַטעוש אויסגערופן, אַנידערשטעלנדיק זיך דער ערשטער און פּרוּווּנדיק דעם אימפּעט.

— הויך און געדיכט, זיי וועלן אַראָפּנעמען אַ שיין ביסל היי, נע! — האָט דער צווייטער אויסגערופן, שטעלנדיק זיך דערלעבן.

— ס'זאָל נאָר באַם אַראָפּנעמען זיין אַ שיין וועטער — האָט אַ דריטער זיך אָנגערופן, אומקוקנדיק זיך איבערן הימל.

— „זאָל ווער נאָר צו דער לאַנקע קאָסען בּאַטרעטן, וועט שוין אַ ליאַדע באַבע דעם רעגן אָפּבעטן” — האָט זיך אַ פערטער צעלאַכט.

— אַזוי פלעגט זיך אמתדיק טרעפן אין אַנדערע יאָרן, אָבער נישט היי יאָר! — הייב אָן, מאַטעוש.

זיי האָבן זיך אַלע מיטאַמאָל איבערגעצלמט, מאַטעוש האָט צוגעצויגן דעם פּאַסעק, עטוואָס זיך פונאַנדערגעשפּרייט, אַראָפּגעבויגן די אַקסלען, אָנגעשפּיגן זיך אין די גאָרשטשעס אַריין, אָנגענומען אָטעם און מיט אַ ברייטן פּאַרמעסט האָט ער אַראָפּגעלאָזט די קאָסע, שניידנדיק שוין כסדר נאָכאַנאַנד, און נאָך אים די איבעריקע, אַנידערשטעלנדיק זיך נאָר אַ ביסל אין דער קרום, כּדי די סיס זיך נישט איינצושניידן, די איבעריקע האָבן אויך דאָסזעלבע געטון, אַריינשניידנדיק זיך אַזוי אין דער פאַרנעפּלטער לאַנק; און כלעסטענדיק מיט אַ גלייכן, רויִקן וואַרף מיט די קאָסעס; די קאַלטע שאַרפן האָבן נאָר מיט אַ סווישטש יעדעס מאָל אויפגעגלאַנצט און די גראָזן האָבן זיך שורער אַנידערגעלייגט, באַשפּריצנדיק זיי נאָר מיט טוי, פּונקט ווי מיט טרערן.

אַ ווינט האָט אָנגעהויבן מיט די גראָזן צו באַוועגן און די מעוועס האָבן וואָס אַמאָל יעמערלעך געשריגן איבער זיי,

טיילמאָל איז אַ קוראָפּאַטווע פון אונטער די פיס אַ פלי געטון. אָבער זיי האָבן, וויגנדיק זיך פון דער רעכטער זייט אויף דער לינקער, אומדערמידלעך געשניטן, אַריינשפּאַנענדיק זיך אין דער לאַנקע טריט בײַ טריט, נאָר פון צייט צו צייט האָט זיך עמעץ אָפּגעשטעלט די קאָסע אָנצושאַרפן, אָדער דעם רוקן אויסצוגלייכן און ווײַטער עקשנותדיק געשניטן, איבערלאָזנדיק הינטער זיך וואָס א אָל לענגערע אָפּגעשניטענע פּאַסן און אײַנגעטרעטענע צייכנס פון טריט.

נאָך איידער די זון האָט זיך איבערן דאָרף אויפגעהויבן, האָבן שוין אַלע לאַנקעס אַוש געקרעכצט אונטער די קאָסעס, אומעטום האָט מען געקאָסעט. אומעטום האָבן די שאַרפן גע-בלאַנקט, עס האָט זיך פונאַנדערגעטראָגן דאָס גרילצענדיקע שלײַפן און פון אומעטום האָט אַ שטאַרקער ריח פון וועלקנדע גראָזן געשלאָגן.

דאָס וועטער איז געווען ווי אָפּגעמאָסטן פאַר דעם היי-שניט, וואָרן כאָטש ס'איז פאַראַן אַן אַלט ווערטל: „הייב נאָר אָן היי צו שנײַדן, וועט עס שוין קיין רעגן נישט מײַדן“, אָבער היי-יאָר איז עפּעס געשען ווי להכעיס. אָנשטאָט רעגנס איז גאָר געקומען אַ טרוקעניש.

די טעג זענען אויפגעשטאַנען מיט טוי באַגאָסענע און צע-גליטע, פּונקט ווי אַ מענטש ווען ר'האָט היץ און געלייגט זיך אין די אָוונטן אָטעמענדיקע מיט פײַער, אַזוי, אַז די ברונעמס און די טײַכלעך זענען אויסגעטרוקנט געוואָרן, די תּבֿואות האָבן זיך געגעלט, די אויפגעגראָבענע ערד איז פאַרדאַרט געוואָרן, חערים האָבן זיך אויף די ביימער אַ שיט געטון, די פרוכטן זע-נען אַראָפּגעפאַלן, די קי האָבן אויפגעהערט מילך צו געבן, ווײַל זיי האָבן זיך הונגעריקע פון אויסגעברענטע פּאַשעס אומגעקערט. וואָרן דער דזשעדזשיץ האָט גאָר יענע דערלויבט אויף די פאַרעמבעס צו פּאַשען, וועלכע האָבן צו פינף רובל פון שטיקל באַצאָלט.

פאַרשטייט זיך, אַז נישט אַלע זענען אין שטאַנד געווען אַזוי פיל באַרעס געלט אַרויסצולייגן.

און אַט איבער דידאָזיקע אַלע פאַרשידענע געשעענישן איז די פּאַר שנים־צייט געוואָרן וואָס אַמאָל שווערער, צום מיינסטנס פאַר די קאָמאַנדיקעס און פאַר די איבעריקע אָרימעלייט.

מ'האָט נאָר גערעכנט, אַז אויפן הייליקן יאַן מוזן קומען רעגנס און אַז אויף די פעלדער וועט זיך נאָך אַלץ פאַרבעסערן, מ'האָט שוין אפילו צוליב דעם מנדר געווען אויף תפילות אָפּצוריכטן. ס'האָט אָבער גאָרנישט געהאָלפן, די טרוקעניש האָט ווייטער אָנגעהאַלטן.

נישט בײַ איינעם איז נישט געווען וואָס אין טאָפּ אַריין צוצושטעלן, אָבער פאַר דאָס האָבן נישט געפעלט קיין קריגערייען, נישט קיין אַרומרייסענישן און באַקלאָגערייען. ס'איז נאָך אַפּטער קיינמאָל נישט, ווי ווייט די אַלטע לייט קענען דאָס געדענקען, פאָרגעקומען אין ליפּצע אַזוי פיל פאַרשידענע ספּראַוועס; דאָ האָט מען זיך געפּאָרעט וועגן די סאָגדעס צוליבן וואַלד, און דאָ האָבן דעם וואָיטס ספּראַוועס צווישן מענטשן מחלוקתן אָנגעמאַכט, אין דאָ די סיכסוכים צווישן דער דאָמיניקאָווע און דעם זון, און דאָ די דייטשן, און דאָ קלענערע, שכנישע אַמפּערייען, ס'איז אַזוי פיל געווען, אַז זיי האָבן כמעט פאַרגעסן אָן די צרות, לעבנדיק פּונקט ווי אין אַ קעסל־גרוב, אין כסדרדיקע רכילותן און אַרומרייסענישן.

ס'איז טאַקע קיין וווּנדער נישט, וואָס אַזוי ווי ס'איז אָנגעקומען דער היי־שניט, האָבן אַלע פרייער אָפּגעעטעמט, דאָס אָרימוואַרג איז זיך איבער די הייף פונאַנדערגעלאָפן אויפן פאַרדינסט, און די באַלעבאַטים האָבן, פאַרשטאָפּנדיק זיך די אויערן אויף כלערליי בייעסלעך, צו די קאָסעס מיט פרייד זיך צוגעכאַפּט.

נאָר וועגן די דייטשן האָט קיינער נישט פאַרגעסן, וואָרן יעדן טאָג איז עמעץ געלאָפן קיין פּאָדלעשיע אויסקוקן, וואָס זיי טוען דאָרטן.

זיי זענען נאָך געזעסן, זיי האָבן נאָר אויפגעהערט צו קאָפּען די ברונעמס און צוצופירן שטיינער צו די פונדאַמענטן; דער קאָוואַל ווידער האָט עפּעס אין אַ געוויסן טאָג דערציילט, אַז די

דייטשן זאָלן האָבן איינגעקלאָגט דעם דזשעדזשיק וועגן געלט און די ליפּפּער וועגן באַנוצן געוואַלט.

די פויערן האָבן זיך דאָס שוין אייגמאָל דערפון אָנגעלאַכט.

טאַקע היינט בשעתן מיטאָג האָט מען וועגן דעם אויף די לאָבקעס ברייט אַרומגערעדט.

דער מיטאָג איז געווען זייער אַן אָנגעגליטער, די זון איז געשטאַנען איבער די קעפּ, אַ צעפלאַמטע ביז ווייסקייט, דער הימל איז געהאָנגען, מיט אַ ווייסלעכן געפל פאַרצויגן פון דער ברענענדיקער היץ, ס'האָט פּשוט געזעצט מיט פייער, ווי פון אַ שרעקלעכן אויוון, ס'מינדסטע ווינטעלע האָט נישט קיין בלאָז געטון, די בלעטער זענען אַראָפּגעהאָנגען פאַרחלשט, די פייגל זענען אַנטשוויגן געוואָרן, מאָגערע און קורצע שאָטנס זענען געלעגן, און האָבן גאָר ווייניק פון דער היץ אָפּגעהיטן, ס'האָט געשמעקט, באַר פון די אָפּגעשניטענע לאָנקעס האָט געשלאָגן אַ שאַרפער ריח פון צעגליט גראָז. די תבואות, סעדער און הייזער זענען געשטאַנען, ווי מיט ווייסע פלאַמען אַרומגענומען; אַלץ האָט זיך אויסגעוויזן ווערט צעשמאָלצן אין דער צעגליטער לופט, וואָס האָט געציטערט, פּינקט ווי זידיק וואַסער אויף אַ פּאַמעלעך פייער, אפילו דער טייך איז פּאַמעלעכער געפלאָסן, אָן גערויש, דאָס וואַסער האָט געגלאַנצט ווי צעשמאָלצן גלאָז, און אַזוי דורכזיכטיק, אַז מ'האָט יעדעס פּישעלע אונטער דער פּעדימדיקער אויבערפלאַך אַרויסגעזען, יעדעס שטיינדעלע אויף דעם זאַמדיקן דנאָ און יעדער ראַק, וואָס האָט זיך געגראַבלט אין די דורכגעלויכטענע שאָטנס, וואָס זענען פון ברעג געפאַלן. אַ שטילקייט האָט זיך איבער דער ערד געשלעפּט מיט אַ זוניקן, איינשלעפנדיקן געוועב, בלויז די פליגן, וואָס האָבן לעבן די מענטשן געזומעט.

די קאָסאַרעס זענען געזעסן לעבן סאַמע טייך, אונטער אַ קעמפּע פון הויכע אָלכעס און געגעסן פון די צווילינג־טעפּ. מאַטעוש האָט באַסטקע געבראַכט עסן, פאַר די געדונגענע אַרבעטער האָט האַנקאַ מיט יאַגוסטינקען געבראַכט. זיי האָבן זיך אַני־

דערגעזעצט אויפן גראָז קעגן דער זון און איבערדעקנדיק זיך מיט טיכער די קעפּ, האָבן זיי מיט בייגיריקייט אויסגעהערט.

— איך האָב מיך כסדר פון אָנהייב אָן געהאַלטן בּאַ איינס, אַז נישט היינט, איז מאָרגן מוזן זיך די דייטשן אָפּטראָגן! — האָט מאַטעוש געזאָגט, אויסקראַצנדיק דאָס טעפּל.

— דער גלח זאָגט אויך ס'אייגענע! — האָט האַנקאַ פּאָ־טאַקעווען.

— און אַזוי וועט זיין, ווי דעם דזשעדזשיק וועט געפעלן — האָט קאָבוס רוגזהדיק אַ וואָרטשע געטון, אויסציִענדיק זיך אונ־טער אַ בוים.

— וואָס הייסט, איז האָבן זיי זיך גאָרנישט דערשראָקן פאַר ענקערע געשרייען און זענען נישט אַנטלאָפן? — האָט זיך יאַ־גוסטינקאַ אויף איר שטייגער אַריינגעמישט, אָבער עמעץ האָט אַריינגעוואָרפן:

— דער קאָוואַל האָט בעכטן דערציילט, אַז דער דזשעדזיק זאָל מכלומרשט זיך וועלן מיט אונדז פאַרגלייכן.

— נאָר ס'איז מיר עפּעס אַ וואונדער, וואָס מיכאַל האַלט איצט מיטן דאָרף.

— ער מוז דאָ עפּעס פילן אַ גוט חלקל פאַר זייבעטוועגן — האָט די אַלטע אַ שיפּע געטון.

— און דער מילנער האָט אויך אפנים אין הויף אויף דער זייט פון דאָרף געהאַלטן.

— אַלע זענען זיי פאַר אונדז, די בעלי־טובות, די יוכעס — האָט מאַטעוש זיך אָנגערופן. — כ'וועל ענק דערציילן פאַרוואָס זיי האַלטן אַזוי אין אונדזער זייט: דעם קאָוואַל האָט דער דזשע־דזשיק צוגעזאָגט עפּעס אין דער יד אַריין פאַר שלום מאַכן מיט ליפּצע, דער מילנער האָט זיך דערשראָקן, אַז די דייטשן קענען אַמאָל אויפשטעלן אַ ווינטמיל אויפן בערגל לעבן דער פיגור, דער קרעטשמער ווידער העלפט אויך צו דעם פאָלק צוליב דער מורא פאַר זיך, ער ווייסט גאַנץ גוט, אַז דאָ ווו די דייטשן וועלן זיך באַזעצן, דאָרט וועט זיך שוין קיין שום יידל נישט דערנערן.

— איז, הייסט עס, אַז דער דזשעדזשיק האָט אַיך מוראַ פֿאַר די פּויערן, אַז ער באַמיט זיך אַזוי שלום צו מאַכן?...

— צ'האָט טאַקיש געטראָפֿן, מאַמע לעבן, דערדאַזיקער בחור האָט טאַקע צום מיינסטנס מורא, כ'וועל ענק באַלד דער־קלערן.

מאַטעוש האָט פּלוצלינג אָפּגעהאַקט, וואָרן פֿון דאָרף האָט זיך באַוויזן וויטעק, וועלכער איז אין איין אימפּעט געלאָפֿן.

— באַלעבאָסטע, קומטס נאָר גיכער! — האָט ער נאָך פֿונ־דערווייטנס געמאַכט געוואַלטן.

— וואָס איז געשען? ס'ברענט, צי וואָס? — זי איז מיט שרעק אויפֿגעשפּרונגען.

— עפּעס דער באַלעבאָס שרייט אַזוי!

זי איז פֿייַל פֿון בויגן אַהיימגעלאָפֿן, נישט פֿאַרשטייענדיק לחלוטין, וואָס דאָס האָט געקענט געשען.

און אָט וואָס ס'איז געווען. מאַטשעי איז שוין פֿון דערפֿרי אָן געווען עפּעס מאָדנע, ער האָט זיך געדרייט, כּסדר געפּלאָפּלט, פֿון געלעגער אַלעמאָל זיך אויפֿגעריסן, דאָ האָט ער עפּעס געזוכט לעבן זיך, אַזוי, אַז האַנקאַ האָט, אוועקגייענדיק אויף די לאָנקעס, באַפֿוילן יוזקאַן, זי זאָל אויף אים בעסער אַכטונג געבן. ער איז געלעגן גאַנץ רויִק, ביז ערשט אַרום מיטאָג־צייט האָט ער אָנגע־הויבן צו יעלהן מיט מוראדיקע קולות.

ווען האַנקאַ איז געקומען צו לויפֿן, איז ער נאָר געזעסן אויפֿן ראַנד פֿון בעט און געשריגן:

— ווו האָט עך מיר די שטיוול פֿאַרטאַכליעוועט! — גיטס אַהער גיכער!

— מ'וועט זיי באַלד ברענגען פֿון דער קאַמער, באַלד... — האָט זי אַ דערשראָקענע אים באַרויִקט, וואָרן ער האָט אויס־געזען צו זיין באַם פֿולן באַוווּסטזיין און גרויזאַם מיט די אויגן געפֿירט.

— כ'בין פֿאַרשלאָפֿן, אין דער הונטישער מאַמען אַריין — האָט ער זיך בריים פֿונאַנדערגעגעבעצט. — ס'איז שוין ווייסער

טאָג און עץ שלאָפט נאָך. זאָל קובאַ צוגרייטן די בראָנעס, מיר װעלן פאָרן פאַרזייען — האָט ער באַפוילן.

זיי זענען געבליבן שטיין לעבן אים, נישט װיסנדיק װאָס ס'הייבט אָן צו טון, װי מיטאַמאָל האָט ער זיך אַ בויג איבער געטון און איז אין אָנמאַכט אויף דער ערד אַראָפּגעפאַלן.

— האָב נישט קיין מורא, האַנוש... ס'איז מיר אַ ביסל נישט גוט געװאָרן... אַנטעק איז אין פעלד, האַ? אין פעלד? — האָט ער איבערגעחזרט, װען מ'האָט אים צוריק אויפן בעטגעװאַנט אַנידערגעלייגט.

— יאָ... פון פאַרטאָג אָן... — האָט זי געשטאַמלט, מורא האָבנדיק זיך אים אַקעגנצושטעלן.

ער האָט זיך שאַרף אַרומגעקוקט און כסדר גערעדט, אָבער אויף איין װאָרט, װאָס ער האָט גערעדט צו דער זאַך, האָט ער צען גערעדט פון היץ און זיך װידער אָנגעהויבן ערגעץ צו רייסן געװאָלט זיך אָנטון און די שטיװל פאַרלאַנגט. דאָ האָט ער זיך באַם קאָפּ אָנגעכאַפּט און אַזױ אימהדיק געקרעכצט, אַז מ'האָט אַזש אויפן װעג געהערט. האַנקאַ האָט, פאַרשטייענדיק, אַז עס האַלט שוין באַם סוף, געהייסן אים איבערטראָגן אין דער כאַלופּע אַריין און פאַרנאַכט האָט זי געשיקט נאָכן גלח.

ער איז תיכּף געקומען מיטן פּאַן יעזוס, אָבער ער האָט אים נאָר מיט דעם הייליקן אייל באַשמירט.

— מער דאַרף ער שוין נישט, אַ ליאַדע שעה װעט ער איינשלאָפן... — האָט ער געזאָגט.

אַרום אָװנט-צו איז זיך צונױפגעקומען אַן עולם, װאָרן ס'האָט אויסגעזען שוין װי ער גוססט, אַז האַנקאַ האָט אים שוין אַ ליכט צוקאָפּנס אַריינגעשטעלט, אָבער ער האָט זיך װי ס'איז באַרויִקט און איינגעשלאָפן.

צומאָרגנס איז אויך דאָסזעלבע געװען, ער האָט דערקענט מענטשן, איינגעטענהט אין פּולן באַװוסטזיין, דאָ איז ער גאַנצע שעהן אָפּגעלעגן, װי אַ מת. די קאָװאַלאָװע איז נישט אָפּגעטרעטן פון אים. און די יאַגוסטינקע האָט אים געװאָלט מיט װיירויך באַרויכן.

— לאָזט צורו, צ'וועט נאָך פּייער פאַרלאָזן.

פלוצלינג האָט ער זיך גאָר צעמדוטשעט, און ווען דער קאַזאַל איז אין מיטן טאָג געקומען צולויפן און אים אין די פאַרמאַכטע אויגן אַרייַנגעקוקט, האָט ער זיך ווידער מיט אַן אויסטערליש שמייכלע אָנגערופן:

— זאָרג דיך נישט, מיכאַל... אַצינד וועל איך ענק שוין אַנטגיין... נישט לאַנג נאָך וועל איך אַנטגיין...

ער האָט זיך אויסגעדרייט צו דער וואַנט און ער האָט שוין מער גאָרנישט גערעדט, אָבער מ'האָט געקענט באַמערקן, ווי ער ווערט אָפּגעשוואַכט און פאַלט וואָס אַמאָל מער איין, האָט מען אים שוין אָפּגעהיטן, און צום מיינסטנס יאַגושיאַ, מיט וועלכער ס'זענען איך עפּעס אויסטערלישע זאַכן פאָרגעקומען.

זי האָט ראַפּטום אויפגעהערט צו דאגהן וועגן דער מוטער, זי האָט זי פולשטענדיק איבערגעלאָזט אויף יענדרעקס אחריות און ווי אַ שטיין לעבן מאַן זיך אוועקגעלייגט.

— איך וועל זיי שוין אַליין אָפּהיטן, דאָס איז מיין פליכט! — האָט זי צו האַנקען און מאַגדען מיט אַזאַ קראַפט אויסגערופן, אַז זיי האָבן זיך איר נישט אַנטקעגנגעשטעלט, וואָרן יעדע האָט געהאַט גענוג איר אייגענע אַרבעט.

און זי האָט זיך שוין מער פון דער כאַלופּע נישט אַרויסגערירט, עפּעס אַ שטומער פּחד האָט זי צוגעהאַלטן, ווי אויף אַ קייט, אַז זי האָט בשום אופן נישט געקענט, פּונקט ווי פריִער, אַוועקגיין פון קראַנקן.

און דאָס גאַנצע דאָרף איז אויף די לאַנקעס געווען, דאָס ווייקאָסען האָט זיך געצויגן אומאויפהערלעך. פון סאַמע פאַרטאָג אָן, אַזוי ווי נאָר דער ערשטער שטראַל האָט דעם הימל באַרייטלט, האָט זיך דער עולם דאָרט אַהין געצויגן; שורות פויערן, ביזן העמד אויסגעטון, האָבן ווי די באַטשאַנעס די לאַנקעס פאַרלייגט, מ'האָט געשליפן די שערפן, און גלאַנצנדיק מיט די קאָסעס, האָבן זיי גאַנצע טעג אומדערמידלעך געשניטן, גאַנצע טעג האָט מען אויך געהערט, נאָר דאָס קלינגען פון די געקאָוועטע

קאָסעס און די לידלעך פון די שיקסעס, וואָס האָבן דאָס היי צונויפגעגראַבלט.

די גרינע, גראָז-געדיכטע לאָנקעס האָבן געווימלט פון מענטשן, פון קלאַנגען און געשפּרעכן. עס האָבן געשימערט די געפּאַטשטשטע הויזן, די רויטע וועלניאַקעס, פּונקט ווי די מאָן-בלומען, האָבן געפלאַקערט אויף דער זון, רעשיקע לידלעך האָבן זיך פונאַנדערגעטראָגן, ס׳האָבן געקלונגען די קאָסעס, עס האָבן אַרויסגעזעצט פריילעכע געלעכטערן און אומעטום איז געגאַנגען אַ לוסטיקע, פיבערהאַפטע אַרבעט. און יעדן פאַרנאַכט, ווען די צערייטלטע זון האָט זיך איבער די וועלדער געבויגט, און די לופט האָט אויפגעזאַפּט פון דעם געשריי פון די פאַרשידענע פייגל, ווען אַלע תבואות און גראָזן האָבן זיך אַזש אויפגעטרייסלט פון דער גרילן-מוזיק, און די פייכטע לאָנקעס האָבן אויפגעשפּילט מיט אַ געקוואַקעריי פון זשאַבעס, ווען פאַרשידענע ריחות האָבן אַ שלאָג געטון, גלייך ווי די גאַנצע ערד וואָלט איין קטורת-פאַן געווען, האָבן זיך שווערע, אָנגעפּראַקטע וועגענער מיט היי אויף די וועגן געקייקלט, די קאָסאַרעס האָבן זיך מיט געזאַנג פון פעלד אומגעקערט, און אויף די פּאַרגעלטע, אויסגעטרעטענע, אָפּגעשניטענע שטחים האָבן זיך געדיכט פונאַנדערגעזעצט קופּעס און כטויגן, פּונקט ווי די ברייטע מחותנתטעס, וואָס האָבן זיך אַנידערגעזעצט אַ סוד זיך איינצורוימען, און צווישן זיי האָבן זיך באַטשאַנעס אַרומגעשלעפּט, טשייקעס האָבן מיט אַ יעמערלעך פּיטשען אַרומגעקרייזט און ווייסע בעפּלען זענען פון די זומפּן אויפגעשטיגן.

דורך די אָפענע פענסטער פון באַרינעס כאַלופּע זענען אַריינגעדרונגען אַט די אַלע שטימען פון מענטשן און פעלדער, די פריילעכע שטימען פון לעבן און מיט צוזאַמען מיט די קטורת-ריחות פון די תבואות, פון די לאָנקעס און זון, באַר יאַגושיאַ איז טויב געווען אויף דעם אַלעם.

אין שטוב איז געווען שטיל און טויט, דורך די קושאַקעס, וואָס האָבן פאַרשטעלט פאַר דער היץ, האָט זיך דורכגעזיגן אַ גריגלעכע, שלעפעריקע טונקלקייט, די פליגן האָבן געזומט און

לאַפּאַ, וואָס האָט געוואַקסט לעבן באַלעבאָס, האָט פֿון צייט־צו־צייט אַ גנבֿעק געטון און זיך צוגעלעקט צו יאַגושען, וועלכע איז גאַנצע שעהן צאַפּגעזעסן אָן שום באַוועגונג און געדאַנק, פּונקט ווי אַ פֿול־שטענדיקער סלופּ.

מאַכשעי האָט שוין נישט גערעדט, נישט געקרעכצט, ער איז געלעגן רויק און כּסדר נאָר געפֿירט מיט די אויגן; דידאָזיקע העלע שליפּיעס, וואָס האָבן געגלאַנצט ווי צוויי גלעזערנע צאַפּלען, זיי האָבן איר נאָכגעשפּירט מיט אַזאַ עקשנות און אַזוי דורכגעבויערט דורך און דורך, פּונקט ווי מיט קאַלטע מעסערס.

אומזיסט האָט זי זיך אָפּגעקערט, אומזיסט האָט זי בצ־יאָלט פֿאַרגעסן, זיי האָבן געקוקט פֿון יעדן ווינקל, זיי האָבן זיך אין דער לופֿט אויפֿגעהויבן און געלויכטן אַלצייגס שרעקלעך און אַזוי אומבאַזיגבאַר געצויגן, אַז זי האָט זיך געמוזט אונטערגעבן זייער ווילן, אַרײַנקוקנדיק אין זיי, פּונקט ווי אין אַ נישט דורכזעבאַרן תּהום.

און טייל מאָל האָט זי, ווי אַרויסרײַסנדיק זיך פֿון אַ שרעקלעכן חלום, יעמערלעך געבעטן...

— קוקס נישט אַזוי, וואָרן צ׳וועט דאָך מיר די נשמה אַרויסשלעפּן, קוקס נישט אַזוי!

ווייזט אויס, ר׳האָט געמוזט דערהערן, וואָרן ר׳האָט עטוואָס אַ ציטער געטון, דאָס פּנים האָט זיך אים אײַנגעקאָרטשעט אין עפּעס אַ שטומען אויסגעשריי, די אויגן האָבן נאָך שרעקלעכער געקוקט און איבער די בלייכע באַקן האָבן זיך אים אין שווערע טראָפּן טרערן אַראָפּגעקײַקלט.

איז זי דעמאָלט אינדרויסן אַרויסגעלאָפֿן, אַ פּחד האָט זי אַרויסגעיאָגט.

זי האָט פֿון הינטער די ביימער געקוקט אויף די לאָנקעס, וואָס זענען פֿול געווען מיט מענטשן און פֿריילעכן טומל.

און זי איז אַוועקגעגאַנגען מיט אַ געוויין.

זי איז געגאַנגען צו דער מוטער, אָבער ווי נאָר זי האָט דעם קאָפּ אין דער טונקעלער שטוב אַרײַנגעשטעקט, ווי נאָר זי־

האָט די ריחות פון די רפואות דערפילט, איז זי איילִיק צוריקגע־שפרונגען.

און זי האָט ווידער געוויינט.

דאָ איז זי פון דער שטוב אַרויס און מיט בענקענדיקע אויגן איבער ד׳ר וועלט זיך געטראָגן. און דעמאָלס האָט זי נאָך יעמער־לעכער געוויינט, טרויעריקער און ווייטיקלעכער, פונקט ווי אַ פייגעלע מיט איבערגעבראָכענע פליגעלעך, וואָס איז פון דער טשאַטע פאַרלאָזט געוואָרן, אַזוי האָט זי ביטערלעך געקלאָגט.

און אַזוי זענען אָן שום ענדערונג טעג נאָך טעג פאַר־גאַנגען, האַנקאַ איז כסדר נאָך אַלץ פאַרנומען געווען מיטן היי־שניידן גלייך מיט דעם גאַנצן דאָרף, ערשט אויפן דריטן טאָג איז זי פונדערפרי אָן אין שטוב געבליבן.

— ס׳איז שבת, איז וועט שוין הייַנט אַנטעק פעווגע קו־מען! — האָט זי מיט פרייד אויסגערופן, צוגרייטנדיק די שטוב כדי דעם מאַן אויפצונעמען.

ס׳איז שוין לאַנג געווען נאָך מיטאָג, און ער איז נאָך אַלץ נישט געווען; האַנקאַ האָט אַזש נאָכן קלויסטער אַ בליק געוואָרפן, זי איז אפילו אויפן טאָפּאָלן־וועג אַרויסגעגאַנגען קוקן, אָבער פוסט איז געווען אַרום און שטיל.

די מענטשן האָבן געשווינדער אָנגעהויבן דאָס היי אָפּצו־פירן, וואָרן ס׳האָט זיך געוויזן אויף אַן ענדערונג, די היצער האָבן געקרייעט, די זון האָט שטאַרקער געבאַקן, אויף טייל ער־טער זענען שווערע האָגל־וואָלקנס געהאַנגען און אַ ווירבלענדיקער ווינט האָט זיך אָפּגעריסן.

מ׳האָט זיך גערִיכט אויף אַ שטורמווינט מיט אַ פלייץ־רעגן, און צום סוף איז גאָר אַראָפּגעפאַלן אַ קורצער כאַטש אפילו אַ געדיכטער רעגן, וואָס איז מיטן קוק פאַרשלונגען געוואָרן דורך דער אויסגעטרוקנטער ערד, אַזוי פיל נחת האָט מען נאָר פון אים געהאַט, וואָס ער האָט אַ ביסל די לופט אָפּגעפרישט.

אָבער דער אָוונט איז געווען עטוואָס אַ קילבלעכער, ס׳האָט געשמעקט מיט היי און מיט דורכגענעצטער ערד, די וועגן זענען געווען איינגעהילט אין אַ געדיכטער טונקלקייט, די לבנה איז נאָך

נישט געהאַט אויפגעגאַנגען, דער הימל איז געהאָנגען אַ פינסטערער, נאָר זעלטן־ווו מיט שטערן באַזעצט, דורך די סעדער האָבן אַרויסגעבלישטשעט די פייערלעך פון די כאַלופּעס, און ווי די לייכטווערימלעך האָבן זיי אין סטאַוו געווימלט. וועטשערע האָט מען אומעטום פאַר די שוועלן געגעסן, עמעץ האָט אויף אַ פאַסטעך־פייפל געשפילט און געלעכטערן האָבן זיך פון ווו־נישט־ווו צעקלונגען, די פייגל האָבן שוין אָנגעהויבן זינגען און די פעלדער האָבן זיך צעפליסטערט מיט אַ שטיל גרילצן פון די פעלד־גרילן און מיט די שטימען פון די וואַכטלען און אַנדערע מיני פייגל.

באַ די בערינצעס האָט מען דעסגלייכן געגעסן פאַר דער כאַלופּע, אונטערן פענסטער האָט זיך געטומלט און ס'איז געווען פול מיט מענטשן, וואָרן האַנקאַ האָט, פאַרענדיקנדיק דאָס קאָסען, אַלע פאַרבעטן, צוגרייטנדיק אַ זאַטע וועטשערע, ס'האָט געשמעקט דאָס געפרעגלטס מיט שטשיפּאַרקעס, די לעפל האָבן מונטער געקראַצט, און דאָס קראַקעדיקע קול פון יאַגוסטינקען האָט זיך יעדע ווײַלע געלאָזט הערן, וואָס האָט אויפגעוועקט אַ שטאַרק געלעכטער. האַנקאַ האָט וואָס אַמאָל צוגעלייגט צו די טעפּ, פאַרבעטנדיק מען זאָל עסן, מען זאָל זיך נישט זשאַלעווען, אָבער מיט דער גאַנצער נשמה האָט זי זיך איינגעהאָרכט צו יעדער שאָרך פון וועג, און יעדע ווײַלע איז זי אַרויסגעלאָפן קוקן.

ס'איז אָבער קיין סימן נישט געווען פון אַנטעקן, זי האָט זיך נאָר אָנגעשטויסן איינמאָל אויף טערעסקען, וועלכע איז געשטאַנען צוגעדריקט צו אַ פלויט און ווי אויסקוקנדיק עמעצן.

מאַטעוש ווידער, נישט קענענדיק זיך צונויפרעדן מיט יאַגושען, וועלכע איז הײַנט אַרומגעגאַנגען אַ פאַרמרה־שחורהטע און ווי אָן חשק, האָט זיך אָנגעהויבן פאַר כעס מיט פיעטרעקן צו אַמפערן, דערווײַל איז יענדרעק געקומען צו לויפן נאָך דער שוועסטער און געזאָגט איר, אַז די מאַמע רופט זי.

אין קורצן זענען זיך אַלע פונאַנדערגעגאַנגען, נאָר אײַן מאַטעוש האָט זיך עפּעס לאַנג געזוימט, אַזוי, אַז ער איז ערשט אין אַ שפאַר שטיקל צײַט אַרום אַוועקגעגאַנגען.

עפּעס אין אַ ווײַלע אַרום איז אויך האַנקאַ אַרויסגעגאַנגען,

בהגב. אויסקוקנדיק אין דער פינסטערניש, ווי ס'האָט זיך דערטראָגן צו איר פון סטאַוו זיין וואָרטשענדיק, צאָרנדיק קול:

— וואָס קריכסטו מיר נאָך, פונקט ווי אַ הונט... כ'וועל דיר נישט אַנטלויפן... מ'טראָגט אונדז שוין אַזוי אויך געגוג אַרום אויף די צונגען... — און נאָך עפּעס דאָרט אַן ערגער וואָרט, און אַלס ענ:פער האָבן זיך אַ שיט געטון שלוכצנדיקע ווערטער און אַ שטאַרק וויינען.

אָבער האַנקען האָט דאָס גאָרנישט באַרירט, זי האָט געוואַרט אויפן מאַן, איז וואָס האָבן איר די רט געקענט אָנגיין פרעמדע עסקים? יאַגוסטינקאַ האָט זיך געפּערעט אַרום דעם באַנאַכטיקן צורוימען, און ווייל דאָס קינד האָט זיך עפּעס אָנגעהויבן צו מאַזשען, האָט זי עס גענומען אויף דער האַנט און הושטענדיק עס, איז זי אַריינגעגאַנגען כאַפּן אַ בליק צום קראַנקן.

— אַנטעק דאַרף אַ ליאַדע מינוט אָנקומען! — האָט זי פון דער שוועל אַראָפּ אויסגערופן.

באָרינאַ איז געלעגן פאַרקוקט אין דעם לעמפּל, וואָס האָט געקאָפּטשעט איבערן קוימען.

— מ'האָט אים היינט פריי געלאָזט, ראָכאָ וואַרט אויף אים — האָט זי אים אין סאַמע אויער אַריין עטלעכע מאָל איבערגעחזרט, אויפפּאַסנדיק מיט פריידיקע אויגן זיינע אַפּלען, צי ער האָט פאַרשטאַנען, אָבער ווי ס'ווייזט אויס, האָט זיך אַפילו די דאָזיקע נייעס צו זיין מוח נישט דורכגעריסן, וואָרן ר'האָט זיך אַפילו קיין ריר נישט געטון, נישט געקוקט אַפילו אויף איר.

— אפשר גייט ער שוין אין דאָרף אַריין... אפשר גייט ער שוין... — האָט זי געטראַכט, אַרויסלויפנדיק יעדער ווילע פאַר דער שטוב, און זי איז אַזוי זיכער געווען אין זיין צוריקקומען און אַזוי אויפגעטרייסלט צוליב דעם אָפּוואַרטן, אַז זי האָט דאָס באַוווסטזיין פאַרלוירן, פון אַ ליאַדע עפּעס האָט זי מיט אַ געלעכטער אַרויסגעזעצט, מיט זיך זעלבער איינגעטענהט און ווי אַ שיכּורע זיך געוואַקלט. דער פינסטערניש האָט זי וועגן אירע האָפנונגען אויסדערציילט, אַפילו פאַר די בהמהלעך האָט זי זיך בשעתן

מעלקן פאַרטרויט, אַז זיי זאָלן וויסן זיין, דאָס זייער באַלעבאָס קומט צו היים.

און אַזוי האָט זי געוואַרט פון מינוט אויף מינוט, אָבער שוין מיט די לעצטע כּוחות און געדולדיקייט.

ס'איז שוין געוואָרן נאַכט, דאָס דאָרף האָט זיך געלייגט שלאָפן. יאַגושאַ, וועלכע איז געקומען צו גיין צו דער מוטער, האָט זיך באַלד אויפן געלעגער אַנידערגעלייגט, דאָס גאַנצע הויז איז באַלד נאָכדעם איינגעשלאָפן, און האַנקאַ האָט נאָך אַ שטיק אין דער נאַכט אַריין געוואַרט פאַר דער שטוב, ביז וואַנען זי האָט, אַ מאַכטלאָזע און שרעקלעך אויסגעוויינטע, די לאָמפּן אויסגעלאָשן און אויך זיך געלייגט שלאָפן.

די גאַנצע וועלט איז אין אַ טיפער שטילקייט פון אָפּרו פאַרזונקען.

אין דאָרף האָבן זיך די פייערלעך איינס נאָכן אַנדערן אויסגעלאָשן, פּונקט ווי די אויגן, וואָס ווערן פון שלאָף פאַרמאַכט.

די לבנה האָט זיך אַרויפגעקלערט אויפן טונקל-בלויען הויכן הימל, וואָס איז מיט שטערן-שימער באַזייט געווען און וואָס אַמאָל העכער זיך אויפגעהויבן, זי איז געפלויגן, ווי אַ פויגל, וואָס שלעפּט נאָך נאָך זיך אין דער ליידיקייט די זילבערנע פליגל, אויף טייל ערטער זענען געשלאָפן וואָלקנדלעך, מיט צעפלאָשעטע ווייסלעכע קנוילן אַרומגעהילט.

אויף דער ערד אָבער זענען אַלע באַשעפענישן, פאַרמאַטערטע, געלעגן אין אַ שטילן און זיסן שלאָף, נאָר עפּעס אַ פויגל האָט דאָ און דאָרט זיך פּלוצלינג צעזונגען, נאָר די וואַסערן האָבן עפּעס געמורמלט ווי אין אַ חלום, און די ביימעלעך, וואָס האָבן זיך אין לבנה-שיין געבאָדן, האָבן טיילמאָל אויפגעציטערט, ווי ס'וואָלט זיך זיי וועגן טאָג געחלומט. טיילמאָל האָט אַ הונט אַ וואָרטשע געטון, אָדער אַ דורכפליִענדיקע פלעדערמויז האָט מיט די פליגל אַ קלאַפּ געגעבן, און די נידעריקע דאַמפן האָבן פּאַמעלעך און זאָרגזאַם אָנגעהויבן די פעלדער, פּונקט ווי אַ פאַרמאַטערטע קימפּעטאָרין אַרומצוהילן.

פון הינטער די קוים אַרויסגעזעענע ווענט און פון די שטיבער האָבן זיך צעטראָגן שטילע אָטעמען, מענטשן זענען אויף דער לופט געשלאָפן, איבערגעבנדיק זיך מיט צוזרויען דער נאַכט.

אויך אין באַריבּס שטוב איז געלעגן אַ שלעפעריקע שטילקייט, אַ גריל האָט נאָר אינטערן קוימען געשפּילט און יאַגושעס אָטעמען האָט אָפּגעקלאַפּט, פּונקט ווי די פליגעלעך פון אַ שמעטערלינג.

ס'האָט שוין געמוזט זיין שפּעט אין דער נאַכט, ס'האָט זיך דערהערט דאָס ערשטע הענער-קרייען, ווי באַריבּאַ האָט זיך אַ ריר געטון אויפן בעט, ווי אויפקומענדיק, גלייכצייטיק האָט זיך אויך די לבנה אין די שויבן באַוויזן און אַ שלאָג געטאָן, בּאַגיסנדיק אים דאָס פּנים מיט אַ זידיקייט פון זילבערשיין.

ער האָט זיך אויפגעזעצט אין בעט און שאָקלענדיק מיטן קאָפּ און אַרבעטנדיק אָנגעשטרענגט מיטן האַלדז-קנאָפּ, האָט ער געוואָלט עפּעס זאָגן, נאָר ס'איז אים כאַרכלענדיק אין האַלדז געבליבן שטעקן.

ער איז גאַנץ לאַנג אַזוי געזעסן. אַרומקוקנדיק זיך אין אומבאַוואוסטזיין, און טיילמאָל האָט ער מיט די פינגער אין דער ליכט געגראַבּלט, ווי וועלנדיק צוזאַמענעמען אין דער גאָרשטש דעמדאָזיקן צעשימערטן טייך פון די לבנה-שטראַלן, וואָס האָט אים אין די אויגן געשלאָגן.

— ס'טאָגט... ס'איז שוין צייט... — האָט ער ענדלעך אַרויסגעמורמלט, שטעלנדיק זיך אויף דער פּאָדלאָגע.

ער האָט אַרויסגעקוקט דורכן פענסטער, און גלייך ווי ער וואָלט פון אַ שווערן שלאָף זיך אויפגעכאַפּט, עס האָט זיך אים געדאַכט, אַז ס'איז שוין גרויסער טאָג, אַז ער איז פאַרשלאָפן, און עפּעס וויכטיקע אַרבעטן וואַרטן אויף אים...

— ס'איז צייט אויפצושטיין, ס'איז צייט... — האָט ער איבערגעחזרט, אָפּצלמענדיק זיך עטלעכע מאָל און אָנהייבנדיק האַסטיק, איינצייטיק האָט ער אָנגעהויבן זוכן דאָס אָנטון, נ ך

דעם צו די שטיוול די האַנט, ווו זיי פלעגן געווייִנטלעך שטיין, אויס־
געשטרעקט, אָבער נישט געפינענדיק גאָרנישט אונטער דער האַנט
האָט ער אַן אַלעם פאַרגעסן און ראַטל אַז מיט די הענט אַרום
זיך געבלאָנדזשעט, דער פּאַטשערזש האָט זיך אים איבערגעריסן
אַזוי, אַז ער האָט נאָר מייל ווערטער אַן שום קלאַנג אַרויסגע־
פּלאַפּלט.

מיטאַמאָל האָבן זיך אים אין מוח צונויפגעפּלאָנטערט דער־
רינערונגען וועגן עפּעס פאַרשידענע אַרבעטן, דאָ וועגן לאַנגסטי־
קע ענינים, דאָ עפּעס ווי ווידערקולות דערפון, וואָס עס האָט זיך
אָפּגעזון אַרום אים דורך דערדאָזיקער גאַנצער צייט פון דער־
קרענק, דאָס אַלץ האָט זיך אין אים אײַנגעזאַפּט ווי שוואַכינקע
פעדים, בלאַסע דערינערונגען, פאַרווישטע באַוועגונגען, און אַצינד
האָט דאָס פּלוצלינג אויפגעוואַכט, אין מוח זיך געקנוילט און אויף
דער וועלט אַרויסגעשפּאַרט, אַזוי, אַז יעדע ווײַלע האָט ער זיך
אַ ריס געטון נאָך עפּעס אַן אויסגעדולכטענע זאַך, אָבער אײדער
ער האָט זיך דערין אָנגעכאַפּט, איז עס אים שוין אין געדעכע־
ניש צעקראָכן, פּונקט ווי די פאַרפוילטע פעדים און די בשמה
האָ זיך אים אַ וואַקל געטון, פּונקט ווי אַ פלאַם, וואָס האָט זיך
נישט מיט וואָס צו שטאַרקן.

ער האָט נאָר איצט אַזוי פיל געוווּסט, וואָס עס קען זיך
נאָר אין אָנפאַנג פרילינג, אָפּגעדאַרטע ביימער חלומען, אַז ס'איז
צייט שוין אויפצוּוואַכן פון דער ווינטערדיקער פאַרשטאַרטקייט,
ס'איז צייט שוין אַרויסצולאָזן פון זיך די גרינע צווייגעלעך,
ס'איז צייט שוין פונאַנדערצורוישן זיך מיט די ווינטן אין אַ
פרײלעך געזאַנג פון לעבן, און זיי ווייסן נאָך נישט, אַז אומ־
פרוכטבאַר איז זייער חלומען און דאָס בתּמדיקע וועלן וואַקסן...

דערנאָך האָט ער עפּעס געאַרבעט, געטון, פּונקט ווי דאָס
פערד נאָך גאַנצע יאָרן דרייען מיטן ראָד טוט דאָס זעלבע אויך
דער פריי, אַז כּסדר דרייט עס זיך נאָר אַזוי שוין פון געוווינ־
הייט.

מ טשעי האָט געעפנט אַ פענסטער און אינדרויסן אַרויס־
געקוקט, געכאַפּט אַ בליק צו דער קאַמער און נאָך אַ לאַנגן ישוב

הרעת האָט ער עפּעס אַ גראַבל געטון אין קוימען, דערנאָך ווי־דער, איז ער ווי ר'איז געשטאַנען און געגאַנגען, באָרוועס און אין איין העכד, אויפן הויף אַ־ויסגעגאַנגען.

די טיר איז געשטאַנען אויפגעפּראַלט, דאָס גאַנצע פּע־ער־דוויז איז פאַרגאָסן געווען מיט לבנה־ליכט, פאַר דער שוועל איז געשלאָפן לאַפּאַ, איינגעדרייט אין אַ קנוילעכל, אָבער אויפן געריש פון טריט האָט ער זיך איבערגעוועקט. אַ וואָרטשע געטון, און דערקענענדיק אַן אייגענעם, איז ער אים נאָכגעגאַנגען.

מאַטשעי איז געבליבן שטיין פאַרן הויז און קראַצנדיק זיך אונטערן אויער, האָט ער זיך שטאַרק געבראָכן דעם קאָפּ, וואָס פאַר אַ וויכטיקע אַרבעטן עס וואַרטן דאָ אויף אים?...

דער הונט איז אים מיט פרייד אויף דער ברוסט געשפּרונגען, האָט ער אים ווי אַמאָל אַ גלעט געטון, אומקוקנדיק זיך פאַרדאגהט איבער דער וועלט.

ליכטיק איז געווען ווי באַטאָג, די לבנה האָט זיך שוין געהאַט אויפגעהויבן איבער דער כאַלופּע, אַזוי, אַז אַ בלויער שאָטן האָט זיך פון די ווייסע ווענט אַראָפּגעגל טשט, דאָס וואַסער פון סטאַוו האָט געגלאַנצט, ווי אַ שפּיגל, דאָס דאָרף איז געלעגן אין אַ טיף שטילשווייגן, נ ר, וואָס די פייגל האָבן צווישן געדיכטעניש שטאַרק זיך צעטשוויטשערט.

פלוצלינג האָט ער זיך אָן עפּעס דערמאָנט, וואָרן ער איז איילִיק אַוועק אין הויף אַריין, אַלע טירן זענען ג שטאַנען אָפן, י שקצים האָבן געכראַפּעט הינטער די ווענט פון שייער, ר'האָט אַריינגעבליקט אין דער פערד־שטאַל, אַ גלעט וענדיק די פערה, אַז זיי האָבן זיך אַזש צעהירזשעט, דערנאָך האָט ער צו די בהמות דעם קאָפּ אַריינגעשטעקט, זיי זענען געלעגן אין אַ שורה איסגעלייג, אַזוי, אַז נאָר די הינטנס האָט מען אויף דער ליכט אַרויסגעזען; דאָ האָט ער פון אונטער דער שאָפּע אָפּער דעם וואָגן געוואָלט אַרויסציִען, ר'האָט שוין געהאַט אפילו באַם אַרויסשטאַרנדיקן ד שטל אָנ עכאַפּט, אָבער דער עענדיק דאָס בלישטש נדיקע אַקעראייזן הינטער די כליהעס, האָט ער זיך

אײליק אַהינגעלאָזט, און נישט דערגײענדיק נאָך, האָט ער דערװײל אײנגאַנצן דערין פֿאַרגעסן.

ער איז געבליבן שטײן אין מיטן הויף, אומקערנדיק זיך אויף אַלע זײַטן, װאָרן ס'האָט זיך אים אויסגעדאַכט, אַז מען רופֿט אים פֿון ערגעץ.

דער ברוגזן־דראָנג האָט זיך האַרט פֿאַר אים אויפֿגעהויבן, אַפּלײגנדיק אַ לאַנגן שאָטן.

— װאָס איז? — האָט ער זיך אַ פֿרעג געטון, אײַנהאָרכנדיק זיך נאָך אַן ענטפֿער.

דער סאָד, װאָס איז געװען דורכגעשניטן מיט דער לבֿנה־שײַן, האָט אים װי דעם װעג פֿאַרשטעלט, די זילבערנדיקע בלעטלעך האָבן שטילעטשקע עפּעס געפֿליסטערט.

— װער רופֿט מיך? — האָט ער געטראַכט, צורירנדיק זיך צו די בײמער.

לאַפּאַ, װאָס איז כּסדר אים נאָכגעקראָכן, האָט עפּעסטשיס אַ סקאָמליע געטון, האָט ער זיך אָפּגעשטעלט, טיף אָפּגעזיפֿצט און פֿרײלעך אויסגערופֿן:

— אמת, הינטל, ס'איז צײַט צו פֿאַרזײַען...

אָבער מיטן קוק האָט ער אויך אָן דעם פֿאַרגעסן; ס'האָט זיך אים צַלדינג אין געדעכעניש פֿונאַנדערגעשיט, פּונקט װי טרוקענער זאַמד אין דער גאָרשט, נאָר עפּעס כּסדר נײַע דעריבערונגען האָבן אים װידער עדגעץ פֿאַרויס געשטופּט. ער האָט זיך געפּלאָנטערט אין די אילוזיעס, פּונקט װי דאָס שפּינדל אין דעם פֿאָדים, װאָס האַלט אין אײן װײַטער אַנטלויפֿן, און שטענדיק איז עס אויפֿן זעלבן אָרט.

— באמת, ס'איז שוין צײַט צו פֿאַרזײַען... — האָט ער װידער אַ זאָג געטון און מונטער זיך אַװעקגעלאָזט לעבן דער שאָפּע מיטן װעגל, װאָס פֿירט אויפֿן פֿעלד אַרויף. ער האָט זיך אָנגעשטויסן אויף יענעם שלימזלדיקן סטויג, װאָס איז נאָך װינטער געהאַט פֿאַרבערענט געװאָרן און װאָס איז שוין איצט אויפֿסנײַ געװען אויפֿגעשטעלט.

אין דער ערשטער מינוט האָט ער אים געװאָלט אויסמײַדן

אַבער פלוצלינג איז ער אָפּגעשפּרונגען, ס'האָט אים אויף אַן אויגנבליק אַ לייכט אויף געטון, בליק-שנעל איז ער צוריק געשליידערט געוואָרן אין דער פאַרגאַנגענהייט, אויסגעריסן פון פלויט אַ דרענגל, און אָנגעמענדיק עס מיט ביידע הענט, ווי אַ ווידלע, מיט אַ צעווילדעוועט פנים זיך אַ וואָרף געטון אויף די סלופּעס, גרייט צו שלאָגן און צו דערממיתן, אַבער נאָך איידער ער האָט באַוויזן אַ קלאַפּ צו טון, האָט ער אָנמעכטיק דאָס דרענגל פון דער האַנט אַרויסגעלאָזט.

נאָכן סטויג, פון סאָמע וועג אַן לעבן די קאַרטאָפליעס, האָט זיך געצויגן אַ לאַנגער פאַראַקערטער שטח, ער האָט זיך אָפּגעשטעלט דערביי, פירנדיק אַרום זיך מיט דערשטוינטע אויגן.

די לבנה איז שוין געווען אין דער מיט הימל, די ערד האָט זיך געבאָדן אין דער עטוואָס פאַרנעפּלטער שיין און איז געלעגן מיט טוי באַפּערלט, ווי איינגעהאָרכט אין דעם שטילשווייגן.

אַ נישט דורכדרינגלעכע שטילקייט האָט פון די פעלדער געשלאָגן, די פאַרנעפּלטע ווייטקייטן האָבן הימל און ערד באַהאַפטן, פון די לאָנקעס זענען געקראָכן ווייסלעכע טומאַנען און איבער די תבואות זיך געשלעפּט, פונקט ווי די פעדימנע שפּינוועבס, אַרומהילנדיק זיי, ווי מיט אַ וואַרעמען, פייכטן פעלץ.

די אויסגעוואַקסענע, גרינלעכע וועגט פון קאָרן האָבן זיך אַריבערגעבויגן איבער די מיעדזעס אונטער דער שווערקייט פון די זאַנגען, וואָס זענען אַראָפּגעהאָנגען, פונקט ווי די געלבלעכע פייגל-שנאָבלען, דער ווייץ איז שיין געוואַקסן, גלייך ווי אַ זייל געשטאַנען שטייף, גלאַנצנדיק מיט די שוואַרצלעכע פעדערן, דער האָבער און דער גערשטן ווידער, וואָס האָבן זיך קוים ערשט געהאַט פונאַנדערגעשפּרייט, האָבן געגריגט, פונקט ווי לאָנקעס אין די געלבלעכע הילעס פון נעפּל און לבנה-שיין.

די הענער האָבן שוין ס'צווייטע מאָל געקרייעט ס'איז געווען שפּעט באַנאַכט, די פעלדער האָבן טיילמאָל, זייענדיק פאַרזונקען אין אַ טיפן שלאָף אַן אָפּרו, ווי געאָטעמט מיט אַ שטי-

לעטשקן געגרילץ און מיט עפּעס אַ ווידערקיל פון די באַטאָגיקע דאגות און זאָרגן — פּונקט ווי עס עטעמט אַ מוטער, ווען זי לייגט זיך אַנידער צווישן די קינדערלעך, וואָס שלאָפן מיט זי מערקייט איין אויף איר שויס...

באַרינאַ האָט מיטאַמאָל אַנידערגעקניט אויף דער בייט און אָנגעהויבן אין דעם אונטערגעשטעלטן העמד אַריין אָנצונעמען ערד, גלייך ווי פון אַ זאַק אַרויס תבואה, וואָס איז אָנגעגרייט געוואָרן צום זייען, ביז ער האָט אָנגענומען אַזוי פיל, אַז ער האָט דאָס קוים געקענט דערטראָגן. ר'האָט זיך איבערגעצלמט, אַ פּויג געטון דעם אימפּעט און אָנגעהויבן צו פאַרזייען...

ער האָט זיך איינגעבויגן אונטער דער משא און פּאַמעלעך טריט בײַ טריט איז ער געגאַנגען און מיט דעם בענקשנדיקן, האַלב־רונדיקן וואָרף האָט ער די בייטן מיט ערד פאַרזייעט.

אַפּאַ איז אים נאָכגעגאַנגען, און ווען עפּעס אַן איבער־געשראָקענער פויגל האָט זיך פון אונטער די פיס אויפגעריסן, האָט ער אים אַ ווילע נאָכגעיאָגט און ווידער אויף דאָס נסט צום באַלעבאָס זיך אומגעקערט.

און באַרינאַ, פאַרקוקט פאַר זיך אין דער ווייטקייט, אין דער דאָזיקער צויבערלעכער וועלט פון פרילינגס־נאַכט, איז געגאַנגען איבער די בייטן שטיל, ווי אַ געשפּענסט, וואָס בענטשט יעדעס קרישעלע ערד, יעדער שטרויעלע און געזייעט — כסדר געזייעט, אומדערמידלעך געזייעט.

ער האָט זיך געשטרויכלט איבער קופּקעלעך ערד, געפּלאָנ־טערט זיך אין גריבלעך, טיילמאָל האָט ער זיך אפילו איבער־געקערט, נאָר ער האָט וועגן דעם קיין שום אַנונג נישט געהאַט און גאָרנישט געפילט, אַחוץ דער דאָזיקער טעמפּער און איינגע־עקשנטער באַדערפעניש צו זייען.

ער איז געגאַנגען אַזש ביזן סוף פון די פעלדער, און ווען ס'האָט אים אונטער דער האַנט ערד פאַרפעלט, האָט ער פרישע אָנגענומען און געזייעט און ווען ס'האָבן אים קאַשאַקעס און שטעכיקע דערנער דעם וועג פאַרשטעלט האָט ער זיך אומגע־קערט.

ער איז ווייט אָפּגעגאַנגען, אַז מ'האָט שוין די פייגל-שטימען נישט געהערט און ערטערווייז איז אין דער פאַרנעפּלטער פינסטערניש דאָס גאַנצע דאָרף פאַרפאַלן געוואָרן, ס'האָט אים באַר אַרומגענומען אַ געלבלעכער, מיטן אויגן נישט אַרומנעמבאַרער ים פון פעלדער, ער איז אין זיי פאַרלוירן געוואָרן, ווי אַ פאַרבלאָנקעטער פויגל, אָדער ווי אַ נשמה, וואָס פליט אָפּ פון דער ערד — און דאָ האָט ער זיך ווידער באַוויזן נענטער פון די הייזער, אין דעם קרייז פון די פייגל-טשוויטשערייען זיך אומגעקערט און אין דעם קרייז פון אויך אַ ווילדע פאַרשוויגענער מענטשלעכער מי, ווי הערנדיק אַרויפגעהויבן צוריק אויפן ראַנד פון דער לעבעדיקער וועלט דורך אַ גרילצנדיקער פאַליע פון די תבואות...

— לאָז אַראָפּ, קובאַ, די בראָנע, נאָר לייכט! — האָט ער טיילמאָל, ווי מכלומרשט אויפן פאַראָבעק, אויסגערופן.

און אַזוי איז פאַרביי אַ שטיק צייט, און ער האָט אַלץ אומדערמידלעך געזייעט, אָפּשטעלנדיק זיך נאָר פון צייט צו צייט, כדי אָפּצורוען און אויסצוציען די ביינער און זיך ווידער נעמען צו דער דאָזיקער אומפרוכטבאַרער אַרבעט, צו דער דאָזיקער בחנמדיקער מי, צו דער דאָזיקער אומזיסטער טירחה.

און דערנאָך, ווען די נאַכט האָט זיך שוין אָנגעהויבן עטוואָס צו מישן, די שטערן זענען בלאַס געוואָרן און די העכער האָבן אָנגעהויבן קרייען אויף טאָג, האָט ער לאַנגזאַמער אָנגעהויבן צו אַרבעטן, זיך אָפטער אָפּגעשטעלט, און פאַרגעסנדיק אָנצונעמען ערד, האָט ער מיט דער ליידיקער גאָרשטש געזייט — גלייך ער וואָלט שוין בלויז דאָס לעצטע ביסל פון זיך אַליין פונאַנדערגעזייט אויף די דאָזיקע עלטער-זיידעס פעלדער, די אַלע דורכגעלעבטע טעג, דאָס גאַנצע מענטשלעכע לעבן, וואָס ער האָט אַמאָל געהאַט גענומען און איצינד האָט ער עס די הייליקע פעלדער און דעם אַלמעכטיקן גאָט אומגעקערט.

און אָט איז אין די לעצטע מינוטן פון זיין לעבן עפּעס וואונדערלעכס געשען: דער הימל איז גרוי געוואָרן, ווי אַ גראָבע

לייוונטענע פלאַכטע, די לבנה איז פאַרגאַנגען, אַלע מיני ליכטי־קייטן זענען פאַרלאָשן געוואָרן, אַזוי, אַז די גאַנצע וועלט איז פלוצלינג ווי בלינד געוואָרן, און פאַרטרונקען אין אַ גרויען צו־זאַמענגעפּלאָנטערטן מבול, און עפּעס אַ מין לגמרי אומבאַגרייפ־לעכע איז ערגעץ אויפגעשטאַנען און מיט שווערע טריט דורך דער טונקלקייט געגאַנגען, אַז די ערד, האָט זיך געדאַכט, וויגט זיך אויס.

אַ צעצויגן, ביז אַנזאָגנדיק געוויש האָט פון די וועלדער אַ צי געטאָן.

איינזאַם: ביימער האָבן זיך פונאַנדערגעטרייסלט. אַ רעגן פון אָפּגעטרוקנטע בלעטער האָט זיך איבער די זאַנגען צעפּליס־טערט, די תבואות און גראָזן האָבן זיך צעוויגט, און פון די ני־דעריקע, צעציטערטע פעלדער איז אויפגעשטיגן אַ שטילע, שרעקנ־דיקע, קרעכצנדיקע שטימע:

— באַלעבאָס־לעבן! באַלעבאָס!

די גרינגע פעדערן פון געראַשטן האָבן געציטערט, ווי אין געוויין אין מיט הייסע קושן זענען זיי צו זייבע פאַרשטאַרטע פיס צוגעפאַלן.

— באַלעבאָס־לעבן! — האָט זיך געדאַכט ווי עס כליפּעט דאָס קאָרן, וואָס האָט אים דעם וועג פאַרשטעלט אין מיט אַ טויטקן האָגל פון טרערן געטריפט. עפּעס פייגל האָבן זיך טרוי־עריק פונאַנדערגעשריגן. דער ווינט האָט זיך איבער זיין קאָפּ צעיאָמערט, געפּלעפן האָבן אים ווי מיט אַ נאַס שפּינוועבס אַרומ־גענומען, און די שטימען זענען זיך אַלץ פונאַנדערגעוואַקסן, רייזיקער געוואָרן, פון אַלע זייטן האָבן זיי זיך קרעכצנדיק און אומאויפהערלעך געטראָגן:

— באַלעבאָס־לעבן! באַלעבאָס!

ענדלעך האָט ער דערהערט און ער האָט, אומקוקנדיק זיך שטיל אויסגערופן:

— טאַטש כ'בין דאָך דאָ, וואָס ווילט עך? וואָס?...

אַלץ איז מיטאַמאָל ווי פאַרשטומט געוואָרן, ווען ער האָט זיך ווידער גענומען צום זייגן מיט דער שוין שווערער און ליי־

דיקער האַנט, האָט די ערד ווי מיט איין ריזיקן כאָר צו אים אויסגערופן:

— בלייבטס! בלייבטס מיט אונדז! בלייבטס!...

ער איז געבליבן שטיין אַ דערשטוינטער ס׳האָט זיך אים געדאַכט, אַז אַלץ האָט זיך אים געלאָזט גיין אַקעגן, די גראָזן זענען געקראָכן, עס זענען געפלאָסן די צעוויגטע תבואות, די בייטן האָבן אים אַרומגערינגלט, די גאַנצע וועלט האָט זיך אויפגעהויבן און אויף אים זיך געטראָגן, אַז אַ פּחד האָט אים אַזש אַרומגעכאַפּט, ר׳האָט געוואָלט שרייען, אָבער ר׳האָט שוין קיין שום קול פון זיין צוזאַמענגעדריקטן האַלדז נישט געקענט אַרויסברענגען, ר׳האָט געוואָלט אַנטלויפן, האָבן אים כּוחות פאַרפעלט און די ערד האָט אים בײַ די פיס געשלעפּט, די תבואות האָבן אים פאַרפלאָנטערט, די ברוזדעס האָבן אים אויפגעהאַלטן, די האַרטע שטיקער ערד האָבן אים אָנגעכאַפּט, די ביימער, וואָס האָבן דעם וועג פאַרשטעלט, געדראָט, דאָס שטעכעכץ האָט געריסן, די שטיינער האָבן פאַרוווּנדעט, אַ בייזער ווינט האָט אים נאָכגעיאָגט, די נאַכט האָט אַרומגעבלאָנקעט און די שטימען, וואָס האָבן איבער דער גאַנצער וועלט זיך געטראָגן:

— בלייבטס! בלייבטס!

ער איז מיטאַמאָל ווי אָפּגעשטאָרבן, אַלץ איז אַנטשוויגן געוואָרן און געבליבן שטיין אויף אַן אָרט, אַ בליק האָט אים די אויגן געעפנט פון דער שטערבלעכער פינסטערניש, דער הימל האָט זיך פאַר אים אויפגעפּראַלט, און דאָרט אין דער בלענדנדיקער העלקייט האָט דער רבונו של עולם, וועלכער איז געזעסן אויף אַ טראָן פון סנאַפּעס, אויסגעצויגן צו אים די הענט און גוטמוטיק אויסגערופן:

— גי קום-זשע, מענטשלעכע נשמה, צו מיר, קום-זשע, דו פאַרמאַטערטער פאַר׳ן בעק...

האָט זיך באַריבאַ אַ וואַקל געטון, די הענט פונאַנדערגעעפנט, פּונקט ווי בשעת דעם אויפהייבן די האָסטיע:

— זיי געלויבט, רבונו של עולם! — האָט ער געענ-

פערט און אַ פֿאַל געטון אויפֿן פּנים פֿאַר דער דאָזיקער אַלע-הייליקסטער מאַיעסטעטישקייט.

ער איז אַנידערגעפֿאַלן און געשטאָרבן, אין דער דאָזיקער שעה פֿון גאָטס חסד.

. . . . . . . . . . . . . . . . . . .

ס'האָט אָנגעהויבן טאָגן איבער אים, און לאַפּאַ האָט לאַנג-און יעמערלעך געוואָיעט.

## סוף פֿון דער דריטער טייל